# יפתח און זיין טאָכטער

ביבלישער ראָמאן פון די צייטען פון די שופטים

פון

## שאול ספיר

מחבר פון: „קאליף פון קארדאווא", „צווישען רוים און ירושלים", „דוד המלך", „שלמה המלך", „אברהם'ס אייניקלעך", „פרינץ פון מצרים", „אסתר המלכה", „קאָלאָמבוס דער איד", „די טאָכטער פון מדבר", פערציג יאָהר אין מדבר", „משה רבנו'ס נאָכפאָלגער", „רמב"ם", „שמשון הגבור", „רות", „דבורה" א. ז. וו.

# JEPTAH AND HIS DAUGHTER

*Biblical Romance*

by

## SAUL SAPHIRE

Author of Caliph of Cordova, Between Rome and Jerusalem, King David, King Solomon, Abraham's Grandchildren, Prince of Egypt, Queen Esther, Columbus the Cryptic Jew, The Daughter of the Desert, Forty Years in the Desert, Joshua, Samson and Delilah, Rambam, Ruth, Deborah, etc.

**UNITED PUBLISHING CO.**

225 Centre Street

New York, N. Y.

מיין הארציגען חבר דר. ה. ל. גאָרדאָן געווידמעט



אנדערע ביכער ביי שאול ספיר:

„רמב"ם".
„משה רבנו'ס נאָכפאָלגער".
„צווישען רוים און ירושלים".
„פערציק יאָהר אין מדבר".
„טאָכטער פון מדבר".
„דוד המלך".
„קאָלאָמבוס דער איד".
פרינץ פון מצרים".
„שמשון הגבור".
„דברה".
„רות"

# ערשטער קאַפּיטען

## א געהײמנים

די זון איז נאָר וואָס אויפגעגאַנגען אויף דעם קריסטאַל לויטערען הימעל און בעשאָטען די בערג פון גלעד מיט איהרע גאָלדענע שטראַהלען... ביסלעכווייז האָט זיך די נאַטור ענטפּלעקט מיט איהר גאַנצע פּראַכט און רייץ... די נעפּלען וואָס האָבען ווי א דורכזיכטיגער פאָרהאַנג פערשטעלט דעם ווייטען האָריזאָנט, האָבען אָנגעהויבען פערשווינדען; בלויז אויף די בלומען און גראָזען איז נאָך פערבליבען דער ביינאַכטיגער טוי, וואָס איז דורך די זונען־שטראַלען פערוואַנדעלט געוואָרען אין מיליאָנען פינקעלדיגע בריליאַנטען...

עס איז געווען א וואַרימער מחיה׳דיגער פריהמאָרגען און די איינוואָהנער פון דער שטאָדט מצפה, אין דעם לאַנד גלעד, וואָס איז געלעגען אויף דער צווייטער זייט פון דעם ירדן, צו מזרח צו, זיינען נאָך געווען פערזונקען אין טיעפען שלאָף. א פער׳כשופ׳טע שטילקייט און רוהיגקייט האָט געהערשט אין שטאָדט. קיין גרעזעלע האָט זיך נישט בעוועגט. די גרינע בלעטער פון די ביימער האָבען זיך קיין ריהר נישט געטהאָן...

פּלוצלונג האָט א שטאַרקער שאַלען פון א שופר דורכגעבראָכען די שטילקייט און דער עכאָ האָט אָפּגעהילכט איבער דער שטאָדט מצפה.

האָבען די איינוואָהנער זיך פון זייער געשמאַקען שלאָף אויפגעכאַפּט, מיט א געניץ זיך פון זייערע בעטען אויפגעשטעלט... זייערע זיסע חלומות זיינען איבערגעריסען געוואָרען... מיט פוילע טריט זיינען זיי צו די פענסטער צוגעגאַנגען און די קעפּ אַרויסגעשטעקט...

״טו, טו... טואוטו... טוטוטו״...

האָט זיך דאָס שאַלען פון שופר געשטאַרקט... עפּעס האָט זיי יעדען אין האַרץ א צאַפּעל געטהאָן... מען האָט איף גיך די קליידער אויף זיך אַרויפגעטהאָן און מען איז אַרויס אין דרויסען.

מיט שנעלע טריט איז מען געלאָפען צו דעם פּלאַץ פון וואַנען די שאַלען פון דעם שופר האָבען זיך דערטראָגען... יעדער איז אָנגעפילט געוואָרען מיט פּחד און זאָרג: דאָס בלאָזען פון דעם שופר אַזוי פריה, איז אַן אָנזאָג אויף עפּעס נישט פרעהליכעס...

אויף די צושראָקענע בליקען פון די האַלב פערשלאָפענע אויגען איז ביי יעדען געלעגען די פראַגע:

— וואָס האָט פּאַסירט?...

א קוועטש מיט די פּלייצעס, א שאָקעל מיט׳ן קאָפּ איז דער ענטפער געווען... מען האָט זיך געלאָזט שנעל לויפען צו דעם ברייטען אָפענעם פּלאַץ פון מיטען שטאָדט. דאָרטען האָט מען דערזעהן א הויכען מאַן וואָס קוקט אויס צו זיין אַריבער די מיטעלע יאָהרען. ער איז געווען פעסט געבויט און א לאַנגע שוואַרץ־גרויליך באָרד האָט בעצירט זיין בלאַסען צושראָקענעם פּנים.

מיט זיין רעכטער האַנט האָט ער געהאַלטען דעם שופר, און האָט נישט אויפגעהערט צו בלאָזען...

— דאָס איז דאָך גלעד, דער רייכסטער מאַן פון מצפה! — האָט אימיצער א זאָג געטהאָן צו די לויפענדע מענשען.

— ווי קומט גלעד צו שאַלען דעם שופר?! — האָט מען איינער דעם צווייטען געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— די זקנים שטעהען נעבען איהם, נעווים איז עפּעס אין זיין משפּחה פּאַר־געקומען!

— אָבער אַזוי פריה? וואָס בעדייט עס אַלעס? — מיר וועלען שוין באַלד אויסגעפינען!

דער המון אַרום גלעד'ן איז געוואַקּסען. און מיט שטוינענדע בליקען גע־קוקט אויף איהם.

אַלע האָבען זיך איינגעשטילט... גלעד האָט אַרויסגענומען דעם שופר פון צווישען זיינע ליפּען, און נאָך אַ קליינע פּויזע אויסגעשריען.

— מיינע ברידער! אַ מאָרד אַ מאָרד! מיין פּלגש (קעבסווייב) איז ער־מאָרדעט געוואָרען!!

אַ מאָרד אַ מאָרד! האָבען שטימען דורכגעלעכערט די לופט.

— אַ מאָרד?!...

— ווען?!

— וואו?!...

די זקנים זיינען צוגעקומען נעהענטער צו גלעד'ן.

— דערצעהל אונז וואָס האָט פּאַ־סירט!

— איך בין געלעגען אויף מיין געלע־גער און רוהיג געשלאָפען. — האָט גלעד מיט אַ ציטערנדע שטימע אָנגע־פאַנגען, פּלוצלונג האָב איך דערהערט אַ קלאַפּ אין מיין פענסטער. איך בין שנעל אַרונטער פון מיין בעט און דער־זעהן מיין פּאַסטוך שטעהנדיג אין דרוי־סען נעבען מיין פענסטער. זיין פּנים איז בלאַס און ציטערט פון גרויס שרעק.

— וואָס האָט פּאַסירט, פאַרוואָס האָסטו מיין שלאָף געשטערט?! — האָב איך זיך אויף איהם אָנגעבייזערט.

— אַה, מיין האַר... עפּעס שרעקלי־כעס... אַה — האָט ער געשטאַמעלט.

— איך האָב בעת מעשה געמיינט, פי־לייכט האָט אַ חיה פערצוקט איינעגע שעפּסען.

— נו, זאָג שוין שנעל וואָס האָט פּאַסירט. — בין איך אומגעדולדיג גע־וואָרען.

— אַ מאָרד! — האָט דער פּאַסטוך קוים אַרויסגערעדט און זיך פאַר זיין קאָפּ געכאַפּט.

— אַ מאָרד? — האָב איך איהם גע־נומען טרייסלען — וואו איז דער מאָרד געשעהן? און ווער איז עס ערמאָרדעט?

— איך האָב נאָר וואָס מיינע שאָף אין פעלד געטריבען — האָט מיין פּאַסטוך געזאָגט מיט אַ ציטערנדע שטימע — און אויף דעם שטעג וואָס פיהרט צו דעם פעלד, האָב איך פון ווייטען בעמערקט אימיצען ליגענדיג... איך בין צוגעקו־מען נאָהענט און דערזעהן אַ פרוי... זי איז געלעגען באַוועגלאָז... איך האָב געמיינט אַז זי האָט גע'חלש'ט... איך האָב איהר אָנגעהויבען צו מינטערען, אָבער זי האָט נישט אויפגעוואַכט, און ווען איך האָב איהר גוט באַטראַכט האָב איך זי דערקענט אַלס מיין האַר'ס פּלגש.

גלעד האָט אַ ווײַלע אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און נאָכהער פאָרטגעזעצט:

—איך בין שנעל מיט מיין פּאַסטוך אוועק צו יענעם פּלאַץ און דערזעהן דאָרט מיין פּלגש, די מוטער פון מיין זוהן יפתח... איך האָב גלייך דערקענט אַז אַ מאָרד איז בעגאַנגען... ווילדע איהרע האָר זיינען געווען צושויבערט, און די טיכעל פון איהר קאָפּ איז געווען אויף איהר האַלז אַרומגעוויקעלט, איהרע קליידער זיינען געווען אין עטליכע ער־טער צוריסען, דאָס איז געווען אַ בע־ווייז אַז זי האָט זיך געראַנגעלט... איך בין שנעל צוריק אַהיים געלאָפען און אויפגעוועקט אַלע מיינע זיהן און זייער מוטער און אויך יפתח'ן, מיין עלטסטען זוהן האָב איך אויפגעוועקט, איך האָב דעם שופר גענומען און מיט מיין גאַנ־צען כוח גענומען שאַלען צו לאַזען ווי־סען אַלע איינוואָהנער פון שטאָדט אַז אַ שווידערליכער פערברעכען איז אין מיצפּה בעגאַנגען געוואָרען... אַ מאָרד איז בעגאַנגען געוואָרען און אויב דער מערדער וועט נישט געפונען ווערען, וועט אַ אומגליק אויף אונזער שטאָדט אָנקומען.

— פיהר אונז צו דעם פּלאַץ וואו דיין

טויטע פּלגש געפינט זיך! — האָט זיך דער עלטסטער פון שטאָדט אָפּגערופען צו גלעד״ן.

— זאָל מען געהן אָנזאָגען די איבעריגע זקנים און שופטים פון מצפה — האָט א צווייטער עלטסטער אויסגערופען — זאָלען זיי וואָס שנעלער צוקומען צו דעם פּלאַץ וואו די ערמאָרדעטע געפינט זיך.

אלע איינוואָהנער פון שטאָדט מצפה, פון גרויס ביז קליין, האָבען געשטראָמט אהין ,וואו די טויטע פּלגש איז געלעגען. ווען מען האָט זיך דערנעהענטערט צום פּלאַץ, האָט מען דערזעהען אלע זיהן פון גלעד'ן מיט זייער מוטער שטעהענדיג, און יפתח איז אויף די קניע געזעסען נעבען זיין טויטער מוטער, און האָט געוויינט...

— מיין הארץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אז זי וועט א ביטערען סוף האָבען! — האָט זיך די מוטער צו איהרע זיהן אָפּגערופען — ווער ווייס וועלכער פון איהרע "ליעבהאָבער" האָט איהר ערמאָרדעט?

— ווי וואגסטו צו ריידען אזוי וועגען מיין מוטער! — האָט זיך יפתח אויפדריקט.

— און ווי וואגסטו אויפצוהויבען דיין שטימע אויף אונזער מוטער! — האָט איהר עלטערער זוהן, אלדד, זיך געשטעלט צווישען זיין מוטער און יפתח"ן.

— איך וועל נישט דערלאָזען אז מען זאָל בעשמוצען מיין מוטערס נאָמען!

— האָט יפתח א געשריי געטהאָן.

— דיין מוטער האָט איהר נאָמען אליין בעשמוצט! — האָט אלדד זיך א קרים געטהאָן — נישט אומזיסט האָט מען איהר גערופען די זו...

יפתח האָט אויפגעהויבען זיין האנט... די איבעריגע ברידער האָבען זיך א וואָרף געטהאָן. עס איז געוואָרען א געשלעג און טומעל. די מוטער האָט געשריען. זי האָט געוואוסט אז יפתח איז אויסערגעוועהנליך שטארק און ווען ער וועט א קלאפּ טהאָן איינעם פון איהרע זיהן, וועט נישט אזוי שנעל פערהיילט ווערען; זי האָט דעריבער זיך געשטעלט צווישען יפתח'ן און זיי. די איינגערע זיהן האָבען זייער עלטערען ברודער געהאָלפען. און א גרויס געשלעג האָט אויסגעבראָכען...

באלד אָבער האָט דער געשלעג אויפגעהערט... די טריט און די שטימען פון די אָנקומענדע מענגע האָט זיך דערהערט...

יפתח איז געבליבען שטעהן מיט ארונטערגעבויגענעם קאָפּ... צו זיינע אויערען האָט דערגרייכט זיין פאָטער'ס שטימע:

— אָט דאָ ליגט זי, מיין... פּלגש!...

יפתח און זיינע איבעריגע ברידער האָבען זיך עטוואָס דערווייטערט און די זקנים מיט די שופטים פון שטאָדט זייַנען צוגעקומען גאנץ נאָהענט און בעטראכט די טויטע פרוי...

— אין אונזער שטאָדט זאָל אזא זאך פּאסירען! — האָט דער הויפּט פון די זקנים א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ — א שוידערליכער פערברעכען איז בעגאנגען געוואָרען. ווער איז שולדיג אין איהר פערגאָסענעם בלוט?

אלע זיינען געבליבען שטעהן שטיל און מיט טרויעריגע בליקען בעטראכט די טויטע... אויף איהר פּנים וואָס איז געווען צושלאָגען האָט מען געקענט זעהן אז זי איז א גאנץ שעהנע געווען... זי איז געווען נאָהעַנט צו פערציג יאָהר, און איז געווען בעקאנט אלס א קרעפּטיגע געזונטע פרוי.

— איז זי לעצטע נאכט געווען אין דיין הויז? — האָט דער הויפּט פון די זקנים געפרעגט גלעד'ן.

— יע, זי איז געווען, זי האָט נאָך דעם אָווענד ברויט צוגעגרייט. און נאָכדעם איז זי אין איהר צימער שלאָפען געגאנגען.

איז זי געווען געוואוינט יעדען טאָג אזוי פריה אויפצושטעהן? — האָט ער איהם ווייטער געפרעגט.

— יע, זי פלעגט אויפשטעהן יעדען טאָג זעהר פריה, ווען אלע פון מיין הויז

האָבען נאָך געשלאָפען, איז שוין אין דרויסען געווען, און די קיה געמאָלקען — האָט גלעד געזאָגט.

— און האָט ווער עס איז געהערט ווען זי איז היינט פאַרטאָג אויפגעשטאַנען?

— ניין! — האָט גלעד געענטפערט — איך האָב נישט געהערט.

— יפתח׳ס צימער איז נעבען דעם צימער פון זיין מוטער! — האָט אלדד זיך אריינגעמישט.

— האָסטו געהערט ווען דיין מוטער איז היינט אין דער פריה אויפגעשטאַנען? — האָט דער עלטסטער זיך געווענדעט צו יפתח׳ן.

— ניין, אָבער איך האָב געהערט ווי זי האָט לעצטע נאַכט זיך געקריגט מיט מיין מוטער — האָט יפתח אָנגעצייגט אויף גלעד׳ס פרוי.

— ער זוכט צו מאַכען א בלבול אויף אונזער מוטער! — האָט אלדד אויסגעשריען — ער אליין איז דער מערדער פון זיין מוטער! איך ווייס אז ער האָט געזוכט פון איהר פטור צו ווערען... ווייל... ווייל ער האָט זיך מיט איהר געשעהמט... יע, אלע אין שטאָדט רופען יפתח׳ן: "דער זוהן פון דער זו...

— שווייג! — האָט גלעד אויף איהם א געשריי געטהאָן — דו ביזט פון זינען געריהרט! דו ווייסט נישט וואָס דו רעדסט! יפתח האָט זיין מוטער ליעב געהאַט!

— דאָס איז א חוצפה אַזוי צו רעדען! האָט א צווייטער זקן אויסגערופען. א זוהן וועט ערמאָרדען זיין אייגענע מוטער?!

— אָבער ווער האָט איהם געגעבען דאָס רעכט צו וואַרפען די שולד אויף מיין מוטער?! האָט אלדד מיט כעס געזאָגט.

— עס איז מעהר גלויבליך און מעהר מעגליך ווי דיין בעשולדיגונג! — האָט איינער פון די שופטים זיך אריינגעמישט.

— און דו מיינסט צו גלויבען אַט דעם זוהן פון א... האָט אלדד געקריצט מיט די צייהן.

— זאָג מיר, דו פרוי פון גלעד! — האָט זיך דער הויפט פון די עלטסטע געווענדעט צו איהר — האָסטו זיך מיט איהר געקריעגט לעצטען אבענד?

— המ... יע, אָבער דאָס איז ניט געווען קיין נאָווינע — האָט זי געענטפערט.

— און ווי פריה ביזטו היינט פאַרטאָג אויפגעשטאַנען? — האָט ער איהר ווייטער געפרעגט.

גלעד איז צוגעגאַנגען צום הויפט פון די עלטסטע און איהם עפּעס איינגערוימט אין אויער.

דער הויפט האָט זיך גלייך אומגעקעהרט און געווענדעט צו גלעד׳ס פרוי:

— דו ביזט ניט מעהר אונטער פערדאַכט.

— אָבער ווער האָט דיעזען פערברעכען בעגאַנגען? האָט דער ראש פון די שופטים א ציה געטהאָן מיט די אקסלען בעטראַכטענדיג נאָך אַמאָל די טויטע פרוי.

— עס איז דער:ווייזע א געהיימניס! —האָט דער עלטסטער געזאָגט—פיליכט וועט גאָט געבען און מיר וועלען דעם מערדער געפינען.

— אויב ניט זיין מוטער, האָט ער דאָס געטהאָן! — האָט יפתח אָנגעצייגט מיט זיין פינגער אויף אלדד׳ן. — ער האָט אויף מיין מוטער א שנאה געטראָגען.

— עס איז זעהר ניט פיין פאַר ברידער אַזוי צו רעדען איינער אויף דעם צווייטען! — האָט גלעד זיך גענומען בייזערען. דיעזער שוידערליכער טהאַט איז בעגאַנגען געוואָרען דורך מיינעם א שונא און די שופטים וועלען מאַכען א שטאַרקע חקירה ודרישה וועגען דעם. אָבער איהר קינדער, זאָלט מעהר אַזעלכע נאַרישקייטען ניט רעדען.

— וואו איז דיין פאַסטוך, וועלכער האָט איהר אויף דעם וועג געפונען? — האָט א זקן איהם געפרעגט.

— איך האָב איהם מיט די שאָף

אוועקגעשיקט, האָט גלעד געענטפערט, די שאָף זיינען געווען צושפּרייט איבער דעם גאַנצן פעלד. זאָל איך נאָך איהם שיקען?

— עס איז יעצט ניט נויטיג, ווען מיר ווילען די אויספאָרשונג אָנפאַנגען ווילען מיר פיליכט דאַרפען פרעגען איהם איינינע פראַגען — האָט א שופט געזאָגט.

— און יעצט דאַרף מען דעם טויטען קערפּער ברענגען אין שטאָדט — האָט נאָך איינער א זאָג געטהאָן.

— ניין, דער קערפּער וועט דאַרפען דאָ בלייבען ביז מיר ווילען דורכפיהרען דעם פאַרזאָג פון אונזער היילינער תורה! האָט דער ראש פון די שופטים געזאָגט.

אלע האָבען איהם אָנגעקוקט. עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס אזא זאַך פּאַסירט אין מצפּה, אז מען זאָל געפינען א טויטען קערפּער און ניט וויסען ווער עס האָט דעם מאָרד בעגאַנגען. עס איז א געהיימניס! און קיינעם איז ניט געווען בעקאַנט וואָס די צערעמאָניע איז אין א פאַל וואו דער מאָרד איז א געהיימניס.

צווייטער קאַפּיטעל

## די עגלה ערופה

דער ראש פון די שופטים האָט זיך דורכגערעדט מיט די זקנים און זיי האָבען אוועקגעשיקט איינינע משרתים, וועלכע האָבען זיך באַלד צוריקגעקעהרט מיט א קאַלב.

— אין אונזער היילינער תורה שטעהט געשריבען — האָט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען צו דעם פערזאַמעלטען המון — אויב מען געפינט א דער'הרג'עטע פערזאָן אין פעלד און עס איז ניט בעוואוסט ווער עס האָט די פערזאָן ערמאָרדעט, דאַרפען די עלטסטע און די שופטים אַרויסגעהן און אויסמעסטען פון דעם פּלאַץ וואו דער טויטער איז געפונען געוואָרען, ביז די אַרומיגע שטעדט, און וועלכע שטאָדט עס איז די נאָהענטסטע, דאַרפען די זקנים פון יענער שטאָדט ברענגען א קאַלב, מיט וואָס מ'האָט זיך נאָך נישט בענוצט, און די זקנים דאַרפען אוועקפיהרען די קאַלב צו א טייך און דאָרטען אַראָפּהאַקען די קאָפּ פון קאַלב אַלס א סימן אז אזא שטראָף ערוואַרטעט דעם ריכטיגען מערדער.

— עס איז דאָך אונז בעוואוסט אז מצפּה איז די נאָהענטסטע שטאָדט צו דעם טויטען פערזאָן — האָט איינער פון די זקנים געזאָגט — דאַרפען מיר דען מעסטען?

— יע, אזוי שטעהט געשריבען אין דער תורה — האָט דער ראש פון די שופטים געזאָגט — און כאָטש מיר ווייסען אז אונזער שטאָדט איז די נאָהענטסטע וועלען מיר אלץ איינס דאַרפען מעסטען.

גלייך נאָך דעם זיינען די זקנים און די איבעריגע אוועק צום טייך יבוק, וואָס איז געווען ניט ווייט פון מצפּה. מען האָט אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון דעם קאַלב, און אלע זקנים האָבען געוואַשען זייערע הענד אויף דער עגלה ערופה (עגלאָ ארופאָ) און זיי האָבען אויסגערופען:

"אונזערע הענד האָבען ניט פערגאָסען דיעזע בלוט און אונזערע אויגען האָבען ניט צוגעזעהען דיעזען מאָרד. פערגיב, אָ, גאָט, דיין פאָלק ישראל, און זאָל די ריינע בלוט פון דיעזער אונשולדיגער פּרוי ניט פאַלען אויף די קעפּ פון די איינוואָהנער פון אונזער שטאָדט. גיעב גאָט, אז מיר זאָלען געפינען דעם רוצח און איהם בעשטראָפען כדי דער גייסט פון דער טויטער זאָל איינגעשטילט ווערען און ניט ברענגען קיין אונגליק אויף אונזער שטאָדט".

דעם זעלבען טאָג האָט מען געבראַכט יפתח'ס מוטער צו דער קבורה. די גאַנצע שטאָדט איז צו דער לויה געגאַנגען.

גלעד איז געווען ערשיטערט פון דעם טויט פון זיין פּלגש. ער האָט איהר גאַנץ ליעב געהאַט, און כאָטש אין שטאָדט פלעגט מען אויף איהר רעדען ניט קיין שעהנע זאַכען, און אויך זיין ריכטיגע

פרוי האָט מיט איהר ניט געלעבט בשלום פון דעסטוועגען האָט איהר טויט אויף איהם געמאכט זעהר א שווערען איינדרוק.

עטליכע וואָכען האָבען די שופטים חוקר ודורש געווען וועגען דיזען מאָרד וואָס איז בעגאנגען געוואָרען אין מצפה, אָבער די געהיימנים איז ניט אויפגעדעקט געוואָרען. פערשיעדענע השערות זיינען געמאכט געוואָרען, אייניגע פערדעכטיגע זיינען פאָרגעבראכט געוואָרען פאַר די שופטים, אָבער עס איז געגען קיינעם פון די בעשולדיגטע ניט געבראכט געוואָרען גענוג בעווייזע אז מען זאָל זאָגען מיט זיכערהייט אז ער איז דער רוצח.

גלעד און די איבעריגע איינוואָהנער פון שטאָדט האָבען אָבער ניט גערוהט: ״דער רוצח מוז געפונען ווערען, אז ניט וועט אן אונגליק אויף אונזער שטאָדט קומען — האָבען זיי צווישען זיך גערעדט.

— איך שווער ביי גאָט! — האָט יפתח אויסגערופען ווען ער איז געשטאַנען פאר די שופטים, וועלכע האָבען אויסגעפרעגט זיינע ברידער און די בעדיענער פון גלעד׳ס הויז — איך שווער אז דער מערדער פון מיין מוטער וועט בעצאָהלען פאר דעם.

— איך וואָלט וועלען עפּעס רעדען, האָט זיך גלעד׳ס פרוי, וועמעס נאָמען איז געווען מרה, אָבגערופען צו דעם שופט, אָבער — זי האָט אָנגעצייגט אויף יפתח׳ן.

דער שופט האָט געהייסען יפתח׳ן ארויסגעהן און זי האָט זיך אָבגערופען:

— מיין מאַן׳ס פלגש האָט געהאט זעהר א דונקעלע פערגאנגענהייט. ער האָט איהר געטראָפען אין רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון, און דאָרטען האָט זי געהאט עטליכע ליעבהאָבער. יע, זי איז דאָרטען געווען בעוואוסט פאר א זונה. און עס איז גאנץ מעגליך אז דאָס וואָס זי פלעגט די לעצטע צייט אויפשטעהן גאנץ פריה פלעגט זי געהן באַגעגנען איהר ליעבהאבער און דור־

דעם קען זיין האָט זי דעם טויט געטראָפען.

— פון וואַנען ווייסטו אז זי האָט געהאט ליעבהאָבער, נאָך דעם ווי זי איז געוואָרען די קעבסווייב פון דיין מאַן? — האָט איהר דער שופט געפרעגט — ווען גלעד וואָלט דערפון געוואוסט וואָלט ער איהר דען נישט פון זיין הויז פערטריבען?

— איינמאָל איז א סוחר פון עמון אין אונזער שטאָדט אָנגעקומען — האָט מרה, גלעד׳ס פרוי מיט א נידעריגע שטימע געזאָגט — און ער האָט זיך אין אונזער הויז אָפּגעשטעלט. און ווען די פלגש האָט איהם עסען דערלאַנגט, האָב איך באמערקט, אז זיי בייטען זיך איבער מיט זייערע בליקען... און איך בין זיכער אז יענער עמוני איז געווען איינער פון איהרע ליעבהאָבער. און מעגליך אז צוליב זיין אייפערזוכט האָט ער איהר געטויטעט.

— און פאַרוואָס האָסטו עס אונז באַלד נישט געזאָגט? — האָט דער שופט איהר געפרעגט. דיין יעצטיגע ערקלעהרונג וועט וואַרפען פיעל ליכט אויף דיזען גאנצען ענין.

— ווייל מיין מאַן גלעד וואָלט אויף מיר אין כעס געוואָרען, ווען ער וואָלט געהערט מיר ריידענדיג אזוי וועגען זיין פלגש.. יע, האָט זי נאָך מעהר ליעב געהאט ווי מיך! אָבער איך האָב געוואוסט אז זי וועט האָבען א ביטערען סוף.

— ווען נישט דיין מאַנ׳ס פאַרזיכערונג, אז דו ביזט יענע נאכט פון בעט נישט ארויס ביז וואַנען דער פאַסטוך האָט אָנגעקלאַפּט אין פענסטער און אָנגעזאָגט גלעד׳ן וועגען מאָרד, וואָלטען דיינע יעצטיגע רייד געווען גענוג אויף דיר דעם חשד צו וואַרפען — האָט דער ראש פון די שופטים זיך צו איהר אָפּגערופען.

— נישט נאָר איך, נאָר אויך מיינע זיהן האָבען יענע נאכט פון הויז נישט ארויס, — האָט מרה געענטפערט.

— ווייסטו נישט פאַרוואָס האָט די פלגש געהאט אזא געוואוינהייט אויפ־

צושטעהן פריהער פון אַלעמען ? — האָט דער שופט געפרעגט.

— פון וואנען זאָל איך וויסען ! — האָט מרה א קוועטש געטאָהן מיט די פּלייצעם — געהייסען האָט עס, אז זי שטעהט אויף פריה צו טהאָן איהרע אר־בייט, און דורך דעם נושא־הן זיין אין די אויגען פון מיין מאַן, אָבער איך האָב דאָך שוין געזאָגט מיין האר, אז איך בין איהר חושד, אז דאָס פלעגט זי געהן בעגעגענען איהר ליעבהאָבער פון עמון, אין פעלד !

— אויף וואָס בעגרינדעסטו דיזען חשד ? — האָט דער שופט איהר וויי־טער געפרעגט.

— אויף דעם וואָס ערשטענס פלעגט זי אויפשטעהן אזוי פריה, אז עס איז נאָך גאָר פינסטער געווען...

— אָבער דו האָסט דאָך אליין צוגע־געבען, אז זי פלעגט אויפשטעהן פריה כדי צו טאָהן איהר ארבייט.

— יע, אזוי פלעגט זי זאָגען, אָבער איך צווייפעל נישט, אז דאָס איז געווען צוליעב אן אנדער אורזאכע. יע, דאָס איז געווען צוליעב דעם וואָס זי פלעגט דאָרטען בעגעגענען איהר ליעבהאָבער.

— דו האָסט קיין רעכט נישט אזוי צו ריידען אויף א טויטער פרוי, — כל־זמן דו האָסט נישט קיין בעוויזע.

— ווער וויים דאָס נישט, אז זי איז געווען נישט גוט.. האָט זי דען איהר נאָמען זונה אומזיסט געקראָגען ?

— דעם נאָמען האָט זי געקראָגען צוליעב איהר פערגאנגענהייט. אָבער זינט גלעד האָט איהר פאר זיין פלגש געמאכט, פארזיכערט ער אונז אלעמען, אז זי איז איהם געטריי געבליבען.

— און פאר וואָס האָט איהר יפתח, איהר אייגענער זוהן — האָט מרה נישט פערענדיגט.

— וואָס האָט יפתח געטאָהן. דער־צעהל וואָס ווייסטו ?

— איך האָב מורא, אז ווען יפתח וועט זיך דערוויסען פון דעם וועט ער מיין עלטערען זוהן צום טויט דערשלאָ־גען ! ער איז אזוי שטארק.. און יעצט איז ער נאָך שטארק פערביטערט, און איך האָב מורא, אז ער וועט אונז שלעכ־טעס טאָהן.

— ווען ער זאָל נור מאכען א פערזוך דאָס צו טאָהן, וואָלטען מיר אלע איהם פון שטאָדט פעריאָגט. דערצעהל, שרעק זיך נישט פאר איהם.

— מיין זוהן אלדד האָט איינמאָל אונטערגעהערט וואָס יפתח האָט מיט זיין מוטער גערעדט אין איהר צימער...

אלע שופטים, וועלכע זיינען געזעסען צוזאמען האָבען צוגענייגט זייערע אויע־רען כדי זיי זאָלען קענען בעסער הערען.

— איך וויים נישט אויב דאָס איז אזוי וויכטיג ! — האָט מרה זיך געזוכ־ ארויסצודרעהען — אָבער זאָל מיין זו־ דערצעהלען דאָס איבעריגע.

מען האָט געשיקט רופען אלדד'ן ז. זיין מוטער האָט צו איהם געזאָגט :

— דערצעהל, אלדד, וואָס דו האָסט זיך אונטערגעהערט ביי דער טיהר פון יפתח'ס מוטער !

אלדד'ס פנים איז רויט געוואָרען און ער האָט א קוק געטהאָן אויף זיין מו־טער מיט הילפלאָזע בליקען.

— דו האָסט זיך נישט וואָס צו שרע־קען, מיין זוהן, אויב יפתח וועט נאָר מאכען א פערזוך דיך שלעכטעס צו טאָהן וועט ער נישט נאָר ארויסגעטרי־בען ווערען פון זיין פאָטער'ס הויז, נור די זקנים און שופטים וועלען איהם אין גאנצען פון שטאָדט פעריאָגען.

— אָבער מוטער, דו ווייסט דאָך, אז איך האָב קיין וויכטיגע זאך נישט גע־הערט ? — האָט אלדד זיך געבעטען.

— דערצעהל אלעס וואָס דו האָסט געהערט, און וואָס האָט דיר בעוואויגען זיך אונטערצוהערען. דורך דעם וועט פיליכט גרינגער זיין צו געפינען דעם ריכטיגען מערדער, כדי דאמיט אָפּצו־ווישען דעם שאנד־פלעק פון אונזער שטאָדט מצפה, וויל ווען מיר זיינען געשטאנען ביי דעם טייך יבוק מיט דער עגלה ערופה האָבען מיר אונזערע הענט געוואשען און מתפלל געווען צו גאָט ער זאָל אונז העלפען געפינען דעם רוצח,

אז נישט וועט דער גייסט פון דער ער־מאָרדעטער שטענדיג שוועבען איבער אונזער שטאָדט און ברייגגען אויף אונז אלעמען פערשיעדענע אומגליקען.

— גאַנץ אָפט פלעג איך הערען ווי יפתח און זיין מוטער ריידען צווישען זיך און נאכדעם פלעג איך בעמערקען ווי יפתח געהט ארויס פון איהר צימער אויפגערודערט און ערשיטערט.. איך בין זעהר נייגיריג געווען צו וויסען וואס עס קומט פאָר צווישען זיי. איך האָב זיך איינינע מאָל געשטעלט נעבען איהר טיר זיך צוצוהערען צו זייער געשפרעך, אָבער איך פלעג גאָר נישט קענען הע־רען. די זאכען וואס האָט געשיינט זעהר וויכטיג צו זיין, פלעגען זיי ריידען גאַנץ שטיל.. אָבער דעם לעצטען מאָל האָבען זיך צו מיינע אויערען דערטראָגען עט־ליכע ווערטער. דאָך אָבער קען מען דערפון גאָר נישט דרינגען.

— איך זעה, מיין זוהן, אז דו שרעקסט זיך, דו דארפסט גאָרנישט פון זיי פארבאָרגען. דערצעהל די שופטים אלעס וואס דו האָסט מיר דערצעהלט.

— איך האָב געהערט ווי יפתח מוסר'ט זיין מוטער, ער האָט גערעדט וועגען דעם, אז זי דארף זיין געטריי צום פאָטער, ווייל דער פאָטער איז זעהר גוט צו איהר...

— און פאר וואס דערצעהלסטו נישט וועגען דעם ליעבהאָבער פון עמון, וואס דו האָסט מיר דערצעהלט.

— נו, מוטער, איך בין זיך מודה, אז ווען איך האָב דיר דערצעהלט וועגען דעם עמון, האָב איך אביסעל איבער־טריבען. איך האָב יע עפּעס געהערט, אז זיי ריידען וועגען אן עמוני, זיי האָ־בען זיך אָבער וועגען דעם געשושקעט... און איך האָב זיך מיר פאָרגעשטעלט, אז דאָס מוז ער מיט איהר ריידען ווע־גען דעם געליעבטען פון עמון, ווי די קלאַנגען האָבען זיך ארומגעטראָגען, און דעריבער האָב איך דערצעהלט מיין מוטער און עטוואָס איבערטריבען...

— און פארוואס האָסטו דאָן, ווען מיר האָבען זיך פארזאַמעלט ארום איהר טויטען קערפער, באשולדיגט דיין ברוד־דער יפתח'ן, אז ער האָט דעם מאָרד באגאַנגען געגען זיין אייגענער מוטער, ווייל ער האָט זיך מיט איהר געשעהמט און געזוכט פון איהר פּטור צו ווערען...

— ווייל אלע ווייסען, אז יפתח האָט נישט געקענט פארליידען וואס זיין מוט־טער פיהרט זיך שלעכט אויף...

— און דו מיינסט, אז צוליעב דעם וועט ער זיין מוטער, וועמען ער האָט אזוי ליעב געהאט, ערמאָרדען.

— איך בין דאָך נישט געווען זי־כער! האָט אלדד געזאָגט, איך וויים אז ווען זי וואָלט מיין מוטער געווען וואָלט איך איהר...

— אלדד! האָט מרה א געשריי געטהאָן, וואס רעדסטו אזעלכע רייד!

— אויב דו האָסט ניט קיין גרונד גע־האט אויף וואס דיינע רייד צו בויען האָסטו עס נישט געדארפט טהאָן... וואס הייסט דו באשולדיגסט אן אומשולדיגען מענשען אין א מאָרד! בפרט נאָך א מאָרד אויף אן אייגענער מוטער!

איך בין אויף איהם אין כעס גע־וואָרען, ווייל מיר האָט זיך געדוכט, אז ער וויל וואָרפען דעם בלבול אויף מיין מוטער. און פון גרויס אויפרעגונג האָב איך אזוי גערעדט.

— אָבער יעצט ביזטו איבערצייגט, אז נישט יפתח איז דעם מאָרד באגאַנ־גען, האָט דער שופט איהם געפרעגט.

— אזוי ווי איך בין נישט זיכער, אז ער איז דעם מאָרד באגאַנגען, אזוי בין איך נישט זיכער, אז ער איז איהם נישט באגאַנגען... ווייל יענעם פריה־מאָרגען האָב איך גאָרנישט געהערט, און ווען דער פאָטער האָט אונז אלע־מען אויפגעוועקט, איז יפתח אויך אין זיין צימער געווען.

די שופטים האָבען געשיקט רופען דעם פאסטוך, וועלכער האָט דער ערש־טער דעם טויטען קערפער דערזעהן, און אויך גלעד'ן און מען האָט ווידער אמאָל אָנגעפאַנגען צו מאכען די חקירה און דרישה.

— קיינער קען מיר נישט זאָגען, אז

מיין פלגש האָט מיר פאַרראַטען! — האָט גלעד געשטורעמט — איך ווייס, אז כאָטש אין דער צייט, וואָס איך האָב איהר פאַר מיין פלגש גענומען, איז זי געווען א זונה אין די גאַסען פון עמון, אָבער פון דער צייט, ווען איך האָב זי צו זיך גענומען און אלס מיין קעבסווייב געמאַכט, איז זי מיר געווען געטריי און עהרליך, בפרט נאָכדעם ווען זי האָט מיר געבאָרען מיין ערשטען זוהן, יפתח... און אָט האָט איהר א סימן, אז אזוי איז געווען דער רצון פון גאָט, איך זאָל זי נעמען פאַר מיין פלגש, ווייל איידער איך האָב זי גענומען, איז מיין פרוי מרה, געווען אן עקרה, און דריי יאָהר מיר קיין קינדער נישט געבוירען, און קירצליך נאָכדעם ווי מיין פלגש האָט צו מיר יפתח'ן געבאָרען, איז אויך מיין פרוי דורך איהר געבענשט געוואָרען, און זי האָט מיר געבאָרען אלדד'ן און נאכהער האָט זי מיר יעדען יאָהר א זוהן געבאָרען. און אויב מיין פלגש וואָלט צו מיר נישט עהרליך געווען, וואָלט דען גאָט צוליעב איהר געבענשט מיין פרוי?

די שופטים האָבען צוגעשאָקעלט מיט די קעפּ אלץ א צייכען, אז זיי שטימען איין מיט גלעד'ן.

— אָבער ווער האָט איהר פאָרט ערמאָרדעט? — און וואָס זיינען די מאָטיווען געווען? — האָבען די שופטים איינע די אנדערע געפרעגט. — עס איז א געהיימניס! — האָט דער ראש פון די שופטים געזאָגט — און איך האָב מורא, אז דיזער מאָרד וועט קיינמאָל נישט אויפגעלייזט ווערען.

— אויב מיר וועלען נישט געפינען דעם רוצח וועט א קללה ליגען אויף אונזער שטאָדט, אויף שטענדיג! — האָט גלעד געזאָגט — מיר טאָרען אין דעם נישט שווייגען.

— דער איינציגער באשלוס, צו וואָס מיר זיינען געקומען נאָך דער אויספאָרשונג, אז זי איז פיליכט ערמאָרדעט געוואָרען דורך א פרעמדען, נישט פון אונזער שטאָדט — האָט דער ראש פון די שופטי געזאָגט.

—אזא באשלוס וועט באשמוצען איהר נאָמען, און איך ווייס, אז זי איז געווען אומשולדיג און ריין. איך וואָלט אפילו פאַר איהר שווערען...

— דאַן איז אפר אונז שווער צו פאַרשטעהן ווי אזוי די זאַך איז פאָרגעקומען... דו אליין ווילסט גאָרנישט דערלאָזען צו דעם געדאנק, אז אימיצער פון דיין הויז־געזינט האָט אין דעם א האנט, כאָטש עס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט, אז עס פלעגט פאָרקומען קריגערייען און צאנקערייען צווישען דיין ווייב און דיין פלגש...

— איך שווער, אז קיינער פון מיין הויז־געזינד איז ניט שולדיג אין איהר בלוט! — האָט גלעד אויסגערופען.

— אויב אזוי, האָבען מיר מעהר גאָרנישט וואָס צו זאָגען וועגען דעם מאָרד! — האָט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען — די איינציגע זאַך וואָס אונז איז פאַרבליבען, איז נאָך אמאָל מתפלל זיין צו גאָט, פיליכט וועט ער זיך צו אונזערע תפלות צוהערען און אונזערע אויגען עפענען. מיר זאָלען קענען ריינוואשען אלע איינוואוינער פון מצפה.

— א פרוי וויל דאָ אריינקומען און עפּעס זאָגען, איז איינער פון המון צוגעגאנגען צו דעם ראש פון די שופטים.

— זאָל זי צוקומען! — האָט דער שופט אויסגערופען.

באַלד איז אריינגעקומען א יונגע פרוי פון עטליכע און צוואנציג יאָהר, און איז צוגעקומען צו די שופטים.

— ווער ביזטו? — האָט דער הויפּט פון די שופטים איהר געפרעגט.

— מיין נאָמען איז רצפּה, און איך בין די טאָכטער פון זבד — האָט זי שטיל געענטפערט.

— וואָס האָסטו צו זאָגען, וואָס עס זאָל וואַרפען ליכט אויף דיזען שענדליכען מאָרד? — האָט איהר דער שופט געפרעגט.

איך האָב דעם מאָרד נישט צוגעזעהן!

— האָט רצפה געענטפערט — אָבער

איך בין יענעם פריהמאָרגען גאַנץ פריה אויפגעשטאַנען... יע, עס האָט נאָר וואָס אָנגעפאַנגען צו טאָגען, און איך האָב דורכ'ן פענסטער ארויסגעקוקט און איך האָב באַמערקט...

— וועמען האָסטו באַמערקט? — האָט דער שופט געפרעגט.

— הם... איך האָב באַמערקט יפתח'ן, דעם זוהן פון גלעד, לויפענדיג מיט גרויס אימפעט אין דער ריכטונג פון...

די פרוי האָט זיך ארומגעקוקט ווי זי וואָלט אימיצען זוכען, און ווען זי האָט געזעהן, אַז יפתח געפינט זיך נישט דער־ביי, האָט זי מיט א גאַנץ נידעריגע שטימע אויסגערופען:

— איך האָב איהם געזעהן געהענדיג אויף דעם וועג וואו זיין מוטער איז ער־מאָרדעט געוואָרען.

— עס איז אונמעגליך! האָט גלעד אויסגערופען — איך האָב איהם געפו־נען אין זיין צימער שלאָפענדיג, אזוי ווי מיינע איבעריגע זיהן... יע, ווען איך בין אריינגעקומען אין זיין צימער און האָב איהם אויפגעוועקט און געזאָגט, אַז זיין מוטער איז ערמאָרדעט געוואָרען און וואו זי געפינט זיך, איז ער אויפ־געשפרונגען מיט גרויס שרעק און זיך שנעל געלאָזט לויפען אהין... דיזע פרוי זאָגט א ליגען!

— אָ, איך שווער ביי גאָט, אַז איך האָב איהם געזעהן לויפענדיג! — האָט רצפה אויסגערופען.

— זי איז געוויס פון זינען געריהרט!

— האָט גלעד א ברום געטהאָן.

— מעגליך, אַז דאָס וואָס דו האָסט איהם געזעהן לויפענדיג, א'ז עס געווען נאָכדעם ווי זיין פאָטער האָט איהם אָנ־געזאָגט — האָט איינער פון די שופטים זיך אָפגערופען.

— ווען איך וואָלט אין דעם געצוויי־פעלט, וואָלט איך דען יעצט אהערגע־קומען! — האָט רצפה אויסגערופען — איך האָב די גאַנצע צייט פון פענסטער נישט אָפגעטראָטען... איך האָב באַ־מערקט ווי יפתח לויפט אהין און א ווילע שפעטער האָב איך געזעהן ווי ער לויפט צוריק נאָך מיט א גרעסערען אימפעט... באַלד נאָכדעם, האָב איך געזעהן, ווי גלעד מיט זיין פאָטער לויפען אין דער זעלבער ריכטונג, און אין א קורצע ווילע ארום האָב איך געזעהן ווי גלעד'ס גאַנצע משפחה געהען אהין, און באַלד האָב איך געהערט דעם שאַלען פון דעם שופר...

די שופטים האָבען זיך איינע די אַנ־דערע אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איז עס מעגליך? — האָט דער ראש פון די שופטים א ציה געטהאָן מיט זיינע אקסלען — איז עס מעגליך, אַז יפתח...

— ניין! איך שווער ביי דעם אַל־מעכטיגען גאָט, אַז יפתח האָט דיזען פאַרברעכען נישט באַגאַנגען! איך וויים ווי שטאַרק ליעב ער האָט זיין מו־טער געהאַט! עס איז דאָך שוידערליך אפילו צו טראַכטען וועגען דעם... ער איז איהר איינציגער זוהן געווען און נישט איינמאָל האָב איך אפילו אויפ־מערקזאַם געמאַכט מיין פרוי ווי איבער־געגעבען יפתח איז צו זיין מוטער! עס איז א בלבול! זי איז א ליגנערין! — האָט גלעד מיט צאָרן אויסגערופען.

— פיליכט מאַכסטו פאָרט א טעות, רצפה — האָט אַן אַנדער שופט צו איהר געזאָגט.

— איך בין גרייט צו שווערען מיט די האַרבסטע שבועות, אַז איך מאַך קיין טעות נישט... איך האָב איהם גוט באַ־מערקט, ביידע מאָל, ווען ער איז אהין געלאָפען און צוריק...

— און פאַרוואָס ביזטו גלייך נישט געקומען און אונז וועגען דעם געמאָל־דען. דו האָסט דאָך געוואוסט, אַז מיר מאַכען אַן אויספאָרשונג שוין עטליכע וואָכען, און מיר קענען דעם רוצח נישט געפינען.

— ווײלע הם... ווייל איך האָב נישט געוואָלט יפתח'ן אריינברייגען אין א צרה! — האָט רצפה געזאָגט — איך האָב ביי זיך נישט געקענט באַשליסען צו געהן דערצעהלען אויף יפתח'ן אזא זאַך... אָבער איך האָב נישט געקענט רוהען... איך האָב גענומען מורא האָ־

בען, אז דער גייסט פון זיין מוטער וועט מיך פאַרפאָלגען, אויב איך וועל נישט דערצעהלען אלעס וואָס איך ווייס... איך האָב אָבער נאָך אלץ געהאָפט, אז יפתח וועט אליין קומען און זיך מודה זיין.. אָבער ווען איך האָב געזעהן, אז ער קומט נישט, און אז מען וויל שוין אויפגעבען די אויספאָרשונג, בין איך אהער געקומען און איבערגעגעבען אלעס ...אָס איך האָב געזעהן.

— איך האָב אָבער גלייך פאַרשטאַנען, אז יפתח איז שולדיג! — האָט אלדד זיך נישט געקענט באהערשען. מעגליך, אז ער האָט איהר ליעב געהאַט, אָבער ער האָט געוויס נישט געקענט פאַרטראָגען די שאַנדע... ווייל אין שטאָדט פלעגען איהם אלע רופען "דער זוהן פון א זונה", און דעריבער האָט ער דאָס געטהאָן!...

— דאַרף מען דען א בעסערען באַוויז, אז יפתח איז שולדיג! — האָט מרה צוגעגעבען — אז ער איז געזעהן געוואָרען נאָך איידער דער פאסטוך איז געקומען אנזאָגען?

— אָבער דו האָסט דאָך יפתח'ן נישט געזעהן לויפענדיג צוזאמען מיט זיין מוטער! — האָט א שופט זיך ווידער געווענדעט צו רצפה'ן...

— ניין, איהר האָב איך נישט געזעהן! — האָט רצפה געענטפערט.

— דאַרף מען דען א בעסערען באַוויז, אז זי איז דאָרטען געווען, ווען מען האָט איהר דאָרטען געפונען! — האָט אלדד געזאָגט — און איהר אלע ווייסט דאָך אויך, אז ווען מיר זיינען צו איהר צוגעקומען, איז נאָך איהר קערפער געווען וואַרעם, א סימן, אז דער מאָרד איז נאָר־וואָס באַגאַנגען געוואָרען!

— זאָל מען שיקען רופען יפתח'ן נאָך אמאָל און זאָל רצפה איהם זאָגען אין די אויגען, אז זי האָט איהם געזעהן געהענדיג היין און צוריק איידער זי האָט דעם פאסטוך געזעהן... וועלען מיר זעהן, אויב ער וועט מאכען א פאַרזוך אָפּצולייקענען.

מען האָט געשיקט רופען יפתח'ן און ער איז גאַנץ שנעל געקומען.

— זאָג מיר יפתח! — האָט דער ראש פון די שופטים זיך צו איהם געווענדעט — פאַרלייקען נישט פון אונז, ווען דו ביזט ארויס צוזאמען מיט דיינע ברידער פון הויז יענעם פריהמאָרגען, איז עס געווען דאָס ערשטע מאָל, אדער דו ביזט שוין יענעם פריהמאָרגען געווען איינמאָל אין דרויסען.

יפתח האָט געשוויגען.

— פאַרוואָס ענטפערסטו נישט מיין פראַגע? — האָט דער שופט אויסגערופען.

— המ... ער, איך... — האָט יפתח גענומען שטאמלען — מיין פאָטער האָט מיך אויפגעוועקט און איך בין גלייך אויפגעשטאַנען.

— נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט!

— האָט גלעד מיט נצחון אויסגערופען

— איך געדענק גאַנץ דייטליך, אז ווען איך בין אין זיין צימער אריינגעקומען, האָט ער גאַנץ געשמאק געשלאָפען.

— אויב ער האָט געוואָלט פאַרבאָרגען פון דיר זיין גרויזאמען טהאט, האָט ער זיך דאָך געקענט מאכען שלאָפענדיג — האָט דער שופט געזאָגט.

— קענסטו שווערען ביי גאָט, דעם גאָט פון אונזערע אבות, וועלכער האָט אונזערע עלטערען פון מצרים ארויסגענומען און אונז אין דיזען לאַנד געבראַכט, אז דו זאָגסט אמת, אז דו ביזט יענעם פריהמאָרגען בלויז איינמאָל אויפגעשטאַנען און ארויס אין דרויסען?

— האָט דער ראש פון די שופטים זיך צו איהם אָפּגערופען.

יפתח האָט ארונטערגעלאָזען זיינע אויגען און געשוויגען.

— רצפה זאָג פאַר יפתח'ן אין די אויגען וואָס דו האָסט אונז נאָר־וואָס דערצעהלט. האָט דער שופט איהר באַפוילען.

— איך האָב יענעם פריהמאָרגען דיך געזעהן לויפענדיג מיט גרויס האסט אין יענער ריכטונג און צוריק, נאָך איידער דו ביזט מיט דיינע ברידער געגאנגען

אהין! — האָט זי מיט איהר פינגער אויף איהם געטייטעלט.. דו קענסט נישט אָפּלייקענען אזא זאך! איך האָב דיך גוט באמערקט.. ווען איך האָב דיך געזעהן צוריקלויפענדיג, האָסטו אויסגעקוקט גאנץ צושראָקען און זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען צו זעהן, אויב מען באמערקט דיך נישט.

— נו, וואָס זאָגסטו אויף דעם! — האָט דער שופט זיך צו איהם אָפּגערופען — ווּעסטו שווערען, אז זי זאָגט א ליגען, און אז דו זאָגסט דעם אמת!

יפתח האָט געשוויגען, זיינע אויגען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען און ער האָט ארונטערגעבויגען זיין קאָפּ.

— דארף מען א בעסערען באווייז, אז יפתח איז שולדיג! — האָט א שופט אויסגערופען. ער וואגט נישט אָפּצולייקענען רצפּה׳ס רייד!

— פארוואָס האָסטו ערמאָרדעט דיין מוטער!! — האָט דער ראש פון די שופטים אויסגערופען מיט א דונערנדע שטימע...

— אָ, ניין, איך האָב מיין מוטער נישט ערמאָרדעט האָט יפתח געענטפערט, און זיין קערפּער האָט געציטערט.

— פארוואָס שווערסטו נישט, אז דיזע פרוי זאָגט א ליגען! — האָט דער שופט א געשריי געטהאָן אויף איהם.

— איך שווער ביי דעם אלמעכטיגען גאָט פון ישראל, אז איך האָב נישט פארגאָסען די בלוט פון מיין מוטער! — האָט יפתח אויפגעהויבען זיין רעכטע האנט.

אלע האָבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פּלעצער און געקוקט אויף יפתח׳ן מיט ערשטוינענדע בליקען...

— דען לייקענסטו אָפּ, אז דו ביזט יענעם פריהמאָרגען צוויי מאָל ארוים פון זיין פאָטער׳ס הויז?!... — האָט דער שופט זיך אָפּגערופען.

— אָ, איך וועל שווערען נאָך אמאָל, אז איך האָב קיין ליגען נישט געזאָגט! — האָט רצפּה אויסגערופען, איך האָב איהם געזעהן צוויי מאָל, איינער אליין!

— ווער זאָגט ליגען, דו צו דיזע פרוי? — האָט דער ראש נאָך אמאָל צו איהם זיך אָפּגערופען.

— די פרוי זאָגט דעם אמת! — האָט יפתח געענטפערט מיט א נידעריגע שטימע.

— דען ביזטו זיך מודה, אז דו ביזט ארוים יענעם פריהמאָרגען פון דיין הויז צוויי מאָל?

יפתח האָט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ אויף יע.

— הייסט עס, אז דו האָסט דיין מוטער ערמאָרדעט און דו האָסט נאָר וואָס געשוואָרען מיט אזא הארבע שבועה, אז דו האָסט דיין מוטער׳ס בלוט נישט פארגאָסען!

—איך האָב מיין מוטער נישט גע־טויטעט! ——האָט יפתח אויסגערופען — און איך וועל שווערען נאָך אמאָל אויף דעם.

— אויב אזוי טו פאר וואָס ביזטו יענעם פריהמאָרגען ארויסגעגאנגען צו יענעם פּלאץ וואו דיין מוטער איז געפונען געוואָרען א טויטע, און נאכהער זיך צוריקגעקעהרט און זיך געמאכט שלאָפענדיג ביז וואנען דיין פאָטער איז אריינגעקומען און דיך אויפגעוועקט.

יפתח האָט א קוועטש געטאָן מיט זיינע פּלייצעס און נישט געענטפערט.

— עס איז פאר אונז קיין צווייפעל נישט אז דו ביזט שולדיג, סיידען דו וועסט אונז געבען צו ערקלעהרען פאר וואָס דו האָסט פון אָנפאנג געלייקענט אז דו ביזט נישט ארויסגעגאנגען פון דיין פאָטער׳ס הויז, איידער דיין פאָטער האָט דיך אויפגעוועקט, — האָט א צווייטער שופט געזאָגט.

— איך קען אויף דעם נישט ענטפערען! — האָט יפתח געזאָגט מיט א נידעריגע שטימע.

— הייסט דאָס אז דו ביזט זיך מודה אז דו האָסט דיין מוטער ערמאָרדעט! — האָט גלעד אויסגערופען און זיין שטימע האָט געציטערט.

— פאָטער, האָב איך דען נישט גע־

שוואַרען אַז מיינע הענט האָבען נישט פאַרגאָסען מיין מוטער׳ס בלוט! — האָט יפתח זיך אָפּגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— פאַר וואָס־זשע ביזטו איהר נאָכגעגאַנגען יענעם פריהמאָרגען, און גלייך נאָכדעם ווי זי איז געטויטעט געוואָרען האָסטו זיך אומגעקעהרט און זיך געמאַכט שלאָפענדיג?

— איך קען מעהר נישט זאָגען!

— האָט יפתח אויסגערופען — איך וויל נאָר פאַרזיכערען אַז איך בין אונשולדיג.

— מעגליך אַז ער אַליין האָט איהר מיט זיינע הענט נישט געטויטעט — האָט נאָך אַ שופט אויסגערופען — אָבער ער האָט פאַראורזאַכט איהר טויט דורך אַ צווייטען...

— וואָס מיינסטו? — האָט דער ראש פון די שופטים איהם געפרעגט.

— אלדד און זייו מוטער האָבען דאָך אָנגעדייטעט אַז יפתח טראָגט אויף זיין מוטער אַ האַס צוליעב דער שאַנדע וואָס ער שטעהט אויס צוליעב איהר — און עס איז מעגליך אַז כדי אָראָפּצוּנעהמען פון זיך די שאַנדע האָט ער בעשלאָסען זי אין גאַנצען אַראָפּצוראַמען פון וועג, און אַזוי ווי ער האָט עס נישט געוואָלט טהאָן אַליין, האָט ער שוין געזעהן אַז אימיצער אַנדערש זאָל עס פאַר איהם טאָן!

— איז עס ריכטיג? — האָט גלעד אָנגענומען יפתח׳ן פאַר דער האַנט — זאָג מיר, מיין זוהן האָסטו פאַראורזאַכט דעם טויט פון מיין פּלגש?

—איך בין ריין און אומשולדיג פון דיעזען זינד! — האָט יפתח געענטפערט, נישט איך אַליין האָב עס געטהאָן און נישט איך האָב פאַראורזאַכט אַז אימיצער אַנדערש זאָל עס טהאָן... מיין מוטער איז צו מיר זעהר טייער געווען. איך האָב איהר ליעב געהאַט און ווי אַזוי קען דיר גאָר, אַ פאָטער, איינפאַלען, אַז איך זאָל האָבען אַזאַ פערברעכען בעגאַנגען.

— ביז יעצט האָב איך נישט געצווייפעלט אין דיין אומשולד! — האָט גלעד געזאָגט — אָבער ווען רצפה איז געקומען און דערצעהלט אַז זי האָט דיר געזעהן לויפענדיג אין דער זעלבער ריכטונג וואו דיין מוטער איז געפונען געוואָרען נאָך איידער איך האָב זיך דערוואוסט וועגען דעם, און אַז דו האָסט געקענט זיך אומקעהרען און מאַכען זיך שלאָפענדיג דאָן — און ער אַליין האָט זיך נאָך מודה געווען אַז רצפה זאָגט דעם אמת — האָט מרה, גלעד׳ס ווייב צוגעגעבען.

יע, אויב דו וועסט נישט אָנגעבען די ריכטיגע אורזאַכע וואָס דיר האָט באַוואויגען נאָכצופאָלגען דיין מוטער און פאַר וואָס, וויסענדיג, אַז זי איז טויט, האָסטו מיר פון דעם נישט געזאָגט נאָר געגאַנגען צוריק אין דיין צימער, און זיך געלעגט שלאָפען... אויב דו וועסט נישט געבען אַן ערקלעהרונג פאַר דעם, דאַן וועל איך אָנהויבען צו צווייפלען, ווי די אַנדערע, אין דיין אומשולד.

— און דאַן וועסטו זיין אונטער פערדאַכט און וועסט גע׳משפט ווערען אַלס דער מערדער פון דיין מוטער, און ווען דו וועסט געפונען ווערען שולדיג, וועסטו מיט דיין לעבען בעצאָהלען!— האָט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען צו יפתח׳ן.

— איך קען בלויז ווידערהאָלען אַז איך בין אומשולדיג! — האָט יפתח אויסגערופען. מיין מוטער איז מיר געווען דאָס טייערסטע אין דער וועלט און איהר טויט האָט מיר פיעל שמערצען פערשאַפט... און מיר איז אַ וואונדער ווי עס קען אימיצען פון אייך איינפאַלען אַז איך זאָל האָבען דיעזען מאָרד באַגאַנגען! און בפרט נאָך מיין אייגענעם פאָטער, וועלכער וויים ווי שטאַרק מיין ליעבע איז געווען צו מיין מוטער!

— דו האָסט זיך דאָך אַליין מודה געווען, אַז דו ביסט נאָכגעגאַנגען דיין מוטער, און שנעל געקומען צוריק, זיך שלאָפענדיג געמאַכט כדי מען זאָל דיר נישט חושד זיין... איך וויים אַז דו

האָסט געוואָלט וואַרפן דעם חשד אויף מיר, אָדער אויף מיין זוהן, אָבער קיינער האָט מיך אָדער מיין זוהן נישט געזעהן געהענדיג אין פעלד אַזוי פריה און קומענדיג צוריק... און דיין פאָטער איז אויף דעם אַן עדות — האָט מרה געזאָגט ווענדענדיג זיך צו גלעד'ן.

—דאָס איז ריכטיג! — האָט גלעד צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— וואָס מיר פאַרדריסט — האָט זיך אלדד אָפּגערופן — אַז יפתח האָט נאָך געהאַט די חוצפה צו בעשולדיגען מיך אָדער מיין מוטער אין דיעזען גרויזאַמען מאָרד, אין דער צייט וואָס ער אליין איז איהם בעגאַנגען.

— ביזטו זיי נאָר אלי. חושד אַז זיי האָבען אַ טייל אין דעם מאָרד פון דיין מוטער? — האָט דער ראש פון די שופטים זיך צו איהם געווענדעט.

— איך האָב זיי קיינמאָל נישט חושד געווען! — האָט יפתח געענטפערט.

— אָבער האָסטו דען נישט געזאָגט אין אונזער געגענוואַרט אַז אויב נישט זיין מוטער האָט עס אלדד געטהאָן, ווייל ער האָט אויף דיין מוטער אַ שנאה געטראָגען.

— איך האָב עס געזאָגט אין אַ צייט פון אויפרעגונג יוּן ערשיטערונג! — האָט יפתח זיך פערענטפערט.

— און איצט ביסטו זיכער, אַז נישט אלדד און נישט זיין מוטער האָבען דיעזען מאָרד בעגאַנגען? — האָט אַ שופט איהם געפרעגט.

יפתח האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

— ביסטו אימיצען פון דיין משפחה חושד?

— ניין!

— אויב אַזוי ביסטו דער איינציגער אויף וועמען דער חשד פאַלט, און דאָס וואָס רצפה האָט אונז נאָר וואָס דערצעהלט, מאַכט נאָך גרעסער דעם חשד. בפרט ווען דו אליין האָסט צוגעגעבען, אַז זי איז גערעכט... יאָ, דו וועסט פערהאַלטען ווערען אין געפענגנים ביז דעם משפט... סיידען דו וועסט פאַר אונז אַלעמען קענען ערקלעהרען די אורזאַכע פאַר וואָס דו האָסט נאָכגעפאָלגט דיין מוטער און פאַר וואָס דו האָסט געזוכט אָפּצונאַרען דיין פאָטער, ער זאָל מיינען אַז דו ביסט יענעם פריהמאָרגען גאָר פון הויז נישט ארויסגעגאַנגען...

— נו, פאַר וואָס רעדסטו נישט?— האָט גלעד אויף איהם אַ געשריי געטהאָן. אויב דו ביזט ווירקליך אומשולדיג, דאַרפסטו נישט מורא האָבען צו ערקלעהרען פאַר אלעמען דיין אומשולד, און אָנגעבען די אורזאַכען וואָס דיר האָט באַוואויגען אַזוי צו האַנדלען יענעם פריהמאָרגען. רייד, זאָג איך דיר.

— דו וועסט מיר מוחל זיין, פאָטער, — האָט יפתח זיך אָפּגערופען — דו ווייסט דאָך ווי שטאַרק איך שעץ און עהר דיך. איך האָב קיינמאָל דיין מויל נישט ווידערשפּעניגט. אָבער דיעזען מאָל קען איך דיין בעפעהל נישט טאָהן. איך וועל מעהר קיין וואָרט נישט זאָגען וועגען דעם, אויסער אַז איך בין אומשולדיג, און אונזער גאָט, איז דער איינציגער וועלכער וויים פון מיין אומשולד...

— די איינציגע זאַך וואָס וועט דיר קענען ריינוואַשען פון יעדען חשד, איז ווען דו ערקלעהרסט אלע דיינע בעוועגונגען יענעם פריהמאָרגען, אויב נישט, דאַן האָבען מיר קיין אנדער ברירה נישט ווי דיר צו פערשפּאַרען אין געפענגענים און משפּט'ן דיר פאַר דעם מאָרד פון דיין מוטער! — האָט דער ראש פון די שופטים אויסגערופען.

יפתח האָט גאָר נישט געענטפערט.

— די חוצפה פון דעם זוהן פון אַ...

— האָט מרה אויסגערופען מיט פערביטערונג, אליין ערמאָרדעט ער זיין מוטער און זוכט נאָך צו מאַכען אַ בלבול אויף מיר און אויף מיין זוהן!... ווען נישט דו, מיין ליעבער מאַן, האָט זי זיך געווענדעט צו גלעד'ן. יאָ, ווען נישט דו וואָלט מען דאָך נאָך מיר געמשפּט פאַר יפתח'ס פערברעכען.

— ווען דו ביסט אַזוי זיכער... — ווערסטו עפענען דעם מויל און ריידען? — האָט גלעד אויף יפתח'ן געשטאַרעט, אַז נישט ווערסטו ערגער מאַכען.

— איך האָב מעהר גאָר נישט וואָס צו זאָגען. איך וועל מעהר נישט ריידען ־וועגען דעם, מען קען טאָהן מיט מיר וואָס מען וויל...

— אויב אַזוי זאָל מען איהם איינשפּאַרען אין געפענגעניס און זיין משפּט וועט פאָרקומען דעם צווייטען טאָג פון קומענדען חודש! — האָט דער ראש פון די שופטים געזאָגט.

— עטליכע שוטרים האָבען יפתח'ן אָנגענומען און איהם גענומען פיהרען אין געפענגעניס.

— זאָל דיר גאָט שטראָפען פאַר דעם וואָס דו האָסט מיר ערנידעריגט פאַר די אויגען פון דיעזע מענשען — האָט גלעד א זאָג געטאָהן.

— איך בין אומשולדיג, איך האָב קיין פערברעכען נישט בעגאַנגען! — האָט יפתח אויסגערופען, ווען מען האָט איהם געפיהרט אין געפענגניס.

— דאָס וועט בעוויעזען ווערען אויף דעם משפּט. מיר וועלען שוין אַלעס אויספאָרשען ביז דעם טאָג פון משפּט, — האָט א שופט געזאָגט — מעגליך אַז ביז דאַן וועלען זיך געפינען נאָך עדות וועלכע וועלען עדות זאָגען אַז זיי האָבען געזעהן ווי דו האָסט דעם מאָרד בעגאַנגען.

— און דאַן וועט אונזער שטאָדט מצפּה רייןגעוואַשען ווערען, אַזוי ווי מיר האָבען מתפּלל געוועזן ביי דער עגלה ערופה — האָט א צווייטער שופט געזאָגט.

— עס פערדריסט מיר זעהר אַז איך זאָל פערשאַכען יפתח'ס אַרעסט — האָט רצפּה זיך אָפּגערופען צו מרה'ן נאָכדעם ווי אַלע זיינען זיך צוגאַנגען.

— אויב ער איז שולדיג אין דעם טויט פון זיין מוטער וועט ער מוזען בעשטראָפט ווערען — האָט מרה געזאָגט — פאַר וואָס זאָל שטענדיג זיין דער חשד אויף אומשולדיגע מענשען? אפילו ווען זיין מוטער איז נישט געווען קיין עהרליכע, האָט ער קיין רעכט נישט געהאַט איהר צו טויטען.

— וואָס מיינסטו נישט קיין עהרליכע? — האָט רצפּה מיט נייגעריגקייט געפרעגט.

— מען פלעגט אויף איהר זאָגען, זעהר נישט קיין שעהנע זאַכען — האָט מרה איהר שטילערהייט געזאָגט. און ווייסטו דען אַליין נישט וואָס פאַר א נאָמען זי האָט אין מצפּה געהאַט.

— אָה, דאָס וואָס מען האָט איהר דאָ גערופען זונה איז דאָס נאָך צוליעב דעם, וואָס איידער זי איז געוואָרען גלעד'ס פּלגש, יאָ, עס איז פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען אַז זי איז געווען א זונה אין רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון, אָבער אַזוי שנעל ווי דיין מאַן האָט איהר פאַר זיין קעבס־ווייב גענומען, איז זי איהם געבליבען געטריי...

— דאָס דוכט זיך דיר אַזוי... אָבער... נאָר פאַר וואָס זאָל איך ריידען שלעכטעס אויף א טויטע פּערזאָן!

— אויב עס איז אמת, דאַרפסטו קיין מורא נישט האָבען! — האָט רצפּה געוואָלט פון איהר הערצען מעהרערע איינצעלהייטען — ווען עס וואָלט קיין אמת נישט זיין, וואָלט איהר דער אייגענער זוהן נישט ערמאָרדעט! — האָט מרה א שאָקעל געטאָהן מיט איהר קאָפּ.

— אָבער ער האָט דאָך געשוואָרען אַז ער איז אומשולדיג — האָט רצפּה געזאָגט — און איך גלויב אַז יפתח וועט פאַלש נישט שווערען.

— אויב א זוהן קען באַגעהן אַזאַ פערברעכען געגען זיין אייגענער מוטער, קען ער אויך פאַלש שווערען. וואָס דען וואָלסטו געוואָלט אַז ער זאָל צוגעבען אַז ער האָט דעם מאָרד בעגאַנגען... געוויס זוכט ער עס צו לייקענען.

— און איך בין כמעט זיכער אַז יפתח איז אומשולדיג — האָט רצפּה געזאָגט צו מרה'ן.

— האָסטו איהם דען אַליין מיט דיינע אויגען נישט געזעהן? **פאַר וואָס**

מיינסטו איז ער נאָכגעגאנגען זיין מוטער? עס איז דאָך זעלבסטפערשטענדליך אז ער האָט עס געטאָהן. און גלייך נאָך דעם מאָרד איז ער אהיים געלאָפען, זיך אין בעט געלעגט און זיך שלאָפענדיג געמאכט... ווען דו וואָלסט איהם נישט דערזעהן דורך דעם פענסטער וואָלט ער זיך גאנץ זיכער ארויסגעדרעהט... אלע וואָלטען דאָך געמיינט אז ער איז פון זיין צימער יענעם פריהמאָרגען נישט ארויסגעגאנגען... אזא ליגנער! ער האָט נאָך געזוכט דעם שולד אויף אימיצען אנדערש צו וואַרפען... און מיין מאן גלעד האָט אפילו שוין געוואָלט שווערען פאר איהם אז יפתח איז אומשולדיג...

— אָבער ווי איז עס מעגליך אז אן אייגען קינד זאָל אזא זאך טאָהן? — האָט רצפה געפרעגט.

— האָב איך און מיין זוהן אלדד דאָס נישט ערקלערט?... ער פלעגט זיך שעהמען מיט דעם נאָמען וואָס אין שטאָדט פלעגט מען איהם רופען... דו ווייסט דאָך, אז קיין אנדער נאָמען, ווי "דער זוהן פון דער זונה" האָט מען איהם נישט גערופען, און כדי איינמאָל פאר אלע מאָל אָפּצואוואשען פון זיך די שאנדע פון זיין מוטער, האָט ער איהר געטויטעט — האָט מרה געזאָגט צו רצפה'ן.

זאָל זיך גאָט מרחם זיין איבער אונז אלעמען. ווען איך האָב צוגעזעהן די צערעמאָניע פון דער עגלה ערופה האָט מיך א שרעק אָנגענומען, און איך האָב שוין גלייך געוואָלט געהן צו די שופטים און זאָגען וועגען דעם, אָבער איך האָב זיך בעת מעשה נישט געקענט פאָרשטעלען, אז אן אייגענער זוהן זאָל זיין פעהיג צו ערמאָרדען זיין מוטער... דאָס איז דאָך שוידערליך, ווען מען גיט נאָר א טראכט פון דעם.

— דאָס וועט אויך אָנלערנען גלעד'ן מעהר נישט צו נעמען א זונה פאר זיין פלגש... ווי ער האָט איהר געבראכט אין הויז, מיט פיעלע יאָהרען צוריק, האָב איך איהם גלייך געהייסען איהר ארויסטרייבען — ער האָט אָבער מיך דאן נישט געפאָלגט... יעצט האָט ער.

— נו, דאן האָסטו דאָך קיין קינדער נישט געהאט — האָט רצפה א זאָג געטאָן — מעגליך, אז ווען דו וואָלסט געהאט א זוהן, וואָלט ער זיך צו דיר צוגעהערט.

— זי האָט איהם בעצויבערט מיט איהר שעהנקייט, זי האָט געטראָגען די שעהנע קליידער, ווי די טעכטער פון עמון קליידען זיך, און ער האָט זיך פון איהר שיידען נישט געוואָלט... און ווען זי האָט איהם נאָך דערצו געבאָרען יפתח'ן, האָט זי געמיינט, אז זי איז די אמת'ע פרוי. און איך בין זיין פלגש, זי האָט מיך אויפגעהערט צו פאָלגען, און נאָך אָנגעפאנגען צו הערשען איבער מיר... אָבער געלויבט איז גאָט, לאנג האָט עס נישט אָנגעהאלטען, איך האָב קירצליך נאָך דעם געבאָרען אלדד'ן צו גלעד'ן, און ער האָט איהר געוויזען איהר פלאץ... דאן האָב איך זיך צו איהר גענומען... איך האָב זיך אָן איהר נוקם געווען פאר אלעם. זי איז געוואָרען צו מיר א דינסט. און גלעד האָט מיר נישט געשטערט, ווייל איך האָב איהם געבאָרען נאָך זיהן... איך לייקען נישט, אז איך האָב איהר געהאסט, און איך פלעג זיך מיט איהר קריגען יעדען טאָג, אָבער טויטען איהר! בלויז יפתח האָט געקענט אויף מיר אזא בלבול מאַכען, כדי זיך זעלבסט ריינצואוואשען.

— דאָך גלויבט זיך מיר נישט, אז יפתח זאָל ערמאָרדען זיין מוטער צוליעב דער שאנדע וואָס ער איז פון איהר אויסגעשטאנען — האָט רצפה זיך אָפּגערופען צו מרה'ן — נאָך אלעמען איז ער דאָך שוין דערצו צוגעוואוינט געוואָרען.

— אז דו האָסט שוין יע אָנגעפאנגען וועגען דעם צו ריידען, — האָט מרה געזאָגט — וועל איך דיר נאָך א זאך ענטדעקען פון וואָס דיין חשד וועט פארגרעסערט ווערען, אָבער איך בעט דיר, אז דו זאָלסט דערפון צו קיינעם נישט ריידען, איך וויל נישט, אז עס

זאָל דערגרייכען גלעד׳ס אויערען.

— אז דו דערצעהלסט מיר, איז אזוי גוט ווי דו וואָלסט דערצעהלט דיזען בוים — האָט רצפּה אָנגעצייגט אויף א בוים פון וועג — דו זעהסט דאָך אליין, אז עס האָט מיר גענומען עטליכע וואָכען ביז וואנען איך האָב באשלאָסען אויסצוזאָגען אויף יפתח׳ן וואָס איך וויים. און מעגליך, אז ווען נישט די מורא פאר דער עגלה ערופה וואָלט איך ביז יעצט קיין וואָרט וועגען דעם נישט גערעדט.

— פארשטעהטו מיך ! — האָט מרה געזאָגט מיט א נידעריגע שטימע ארומקוקענדיג זיך אויב קיינער הערט איהר נישט — גלעד איז דאָך א רייכער מאַן, און יפתח האָט געוואוסט, אז ער, אלס א זוהן פון א פלגש, און דערצו נאָך א זונה, וועט ער נישט ירש׳ענען צוזאמען מיט זיינע זיהן די ירושה פון גלעד׳ן נאָך זיין טויט... דעריבער האָט ער עס געטויטעט זיין מוטער, גלויבענדיג אז דורכדעם וואָס זי איז טויט, וועט ער פאררעכענט ווערען פאר גלעד׳ס א זוהן און וועט ירשנ׳ענען צוזאמען מיט זיינע ברידער...

— אָה, יעצט הויב איך אָן צו פארשטעהן ! — האָט רצפּה אויסגערופען — אויב אזוי האָט יפתח פארדינט די הארבסטע שטראָף — א זוהן זאָל טויטען זיין מוטער צוליעב א ירושה !

— און דו מיינסט, אז ביים משפּט וועל איך דאָס נישט ארויסברייגען ?

—האָט מרה זיך אָפּגערופען — ווען איך וועל זעהן, אז די שופטים צווייפלען אין זיין שולד, וועל איך דאן קומען און זיי אלעם ערקלערען.

— געווים דארפסטו עס טהאָן, א מערדער טאָר נישט ארומגעהן אומבאשטראָפט... וואָס וועסטו טהאָן, אז ער וועט זיך נאכהער נעמען אויך צו דיינע זיהן...

— זאָל גאָט אָפּהיטען ! — האָט מרה א ציטער געטהאָן — איך וועל שוין זעהן, אז ער זאָל פארשטיינט ווערען איידער ער וועט קענען אָנריהרען איי־

נעם פון מיינע זיהן... געלויבט איז גאָט וואָס ער איז יעצט פארשפּארט אין געפענגנים — האָט מרה געזאָגט און איז אריין צו זיך אין הויז.

## דריטער קאפּיטעל

## רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון

גלעד איז זעהר דערשלאָגען פון דער פּאסירונג. נאָך מעהר איז ער געווען ערשיטערט און צוקלעמט פון דער מעגליכקייט אז יפתח זאָל האָבען דיזען מאָרד באגאנגען. ער האָט דאָך געזעהן מיט זיינע אויגען ווי מען האָט איהם פארשפּארט אין געפענגנים, און דערצו האָט ער זיך כמעט ווי מודה געווען... גרוים איז זיין צער געווען, ער האָט גאנץ ליעב געהאט זיין פלגש. זי איז דאָך געווען אזוי שעהן און צוציהענד. יעצט איז זי שוין מעהר נישטאָ.

גלעד דערמאנט זיך אין זיינע יונגע יאָהרען, קורץ נאָכדעם ווי ער האָט געהייראט מרה׳ן.

ער איז געווען שוין דאן גאנץ רייך. ער האָט געפיהרט גרויסע מסחרים צווישען גלעד און דעם לאנד עמון.

גלעד האָט געהאנדעלט מיט פארשידענע בשמים, זיינע קעמלען פלעגען פיהרען בשמים פון מצפּה ביז רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון.

אין מצפּה האָבען אלע גלעד׳ן אָפּגעגעבען גרוים כבוד, צוליעב זיין רייכטום און אויך צוליעב דעם וואָס ער האָט זיך גערופען מיט׳ן זעלבען נאָמען פון זייער לאנד. מען פלעגט דערצעהלען, אז גלעד׳ס עלטער זיידע, וועמענס נאָמען איז אויך געווען גלעד, האָט זיך אין דיזען לאנד באזעצט און עס א נאָמען געגעבען נאָך זיין אייגענעם נאָמען גלעד.

נישט אלע האָבען געגלויבט דיזע געשיכטע. עס האָבען זיך געפונען אזעלכע, וועלכע האָבען געוואוסט, אז אין דער הייליגער תורה ווערט דערמאָנט גלעד, איז עס א סימן, אז דאָס לאנד איז גערופען געוואָרען גלעד נאָך איידער

זיין עלטער זיידע איז געבאָרען געוואָרען. פאר יענע האָט גלעד געהאט אן אנדער געשיכטע צו דערצעהלען: זיינע אורעלטערען זיינען געווען די ערשטע זיך צו באזעצען אין דעם לאנד גלעד, און צוליעב דעם האָט מען זיין עלטער זיידען א נאָמען געגעבען גלעד, און יעצט רופט מען אויך איהם מיט׳ן זעלבען נאָמען...

ווי עס זאָל נישט זיין, גלעד איז געווען זעהר שטאָלץ מיט זיין אָפּשטאמונג און זיין נאָמען. די איינוואוינער פון שטאָדט מצפה האָבען פון איהם אויך זעהר פיעל געהאלטען... זיינע גערטנער און פעלדער זיינען געווען אָפען אימערצו פאר די ארומיגע אָרימע לייט, יעדער האָט דאן געקענט נעהמען גענוג שפייז... ער פלעגט אָפּגעבען מעשר (א צעהנטעל) פון זיינע בהמות, פון זיינע תבואה פאר די אָרימע לייט פון שטאָדט.

קורץ נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאט מיט מרה׳ן, איז זיין פאָטער געשטאָרבען און ער האָט אָפּגעירש׳נט די גאנצע ירושה, ווייל ער איז געווען דער איינציגער זוהן צו זיין פאָטער. דאן האָט גלעד פארברייטערט זיין האנדעל. ער האָט זיך איינגעשאפט פילע קנעכט, און זיי מיטגענומען אויף זיינע רייזעס. זיין הויפט מסחר האָט ער געטהאָן מיט עמון. ער פלעגט צוויי מאָל א יאָהר אוועקרייזען נאָך רבה, די הויפט שטאָדט פון עמון, דאָרטען פלעגט ער זיך פארזאמען עטליכע וואָכען.

גלעד האָט זעהר ליעב געהאט צו פארווילען אין רבה, דאָרטען איז געווען גאנץ פרעהליך די עמונים, די גאסען זיינען פול געווען מיט מענשען. אין רבה האָט ער זיך געטראָפען מיט זיין פילגש. זי איז געווען א זונה. ער האָט איהר געטראָפען זיצענדיג אויף דעם וועג... זי איז איהם באלד געפעלען געוואָרען... איהרע אויגען האָבען איהם צוגעצויגען. זי איז געווען שעהנער פון די איבעריגע פרויען פון איהר שטאָדט... און כאָטש זי איז געווען געקליידעט אין די קליידער פון עמון, האָט ער גלייך דערקענט אויף איהר פנים, אז זי איז נישט קיין עמונית.

זי האָט צו איהם געוואונקען, און ער איז צו איהר צוגעגאנגען.

— קום מיט מיר, האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען — מיין וואוינונג איז ביי דעם סוף פון דיזער גאס. איך זעה אז דו ביזט א סוחר פון גלעד, דו ברייננסט מיט זיך שמעקענדע בשמים, קום צו מיר אין הויז איך וועל ביי דיר קויפען.

גלעד האָט צוגערופען איינעם פון זיינע קנעכט, וועלכער האָט אויף איהם געווארט מיט אן אָנגעלאָדענעם קעמעל, און ביי איהם גענומען א פעקעל מיט שמעקענדע בשמים. — געה צוריק צו דער קרעטשמע און ווארט דאָרט אויף מיר ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען — האָט גלעד זיך אָפּגערופען צו זיין קנעכט.

ווען דער קנעכט האָט זיך דערווייטערט, האָט איהר גלעד איבערגעגעבען דעם פעקעל בשמים.

— אָה, ווי אנגענעהם דער ריח איז!

— האָט זי אויסגערופען — צוטראָגענדיג דאָס צו איהר נאָז.

— און ווי שעהן דיין פנים איז! — האָט גלעד אויסגערופען באגייסטערט. זעלטען אז מען זעהט אזא שעהנע מיידעל צווישען די עמונים... איך בין זיכער, אז דו ביזט נישט קיין עמונית!

— דו האָסט געטראָפען! — האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען — איך בין נישט קיין עמונית.

— און ווער ביזטו דען? — האָט גלעד איהר געפרעגט.

— וואָס איז דער אונטערשייד ווער איך בין? — האָט זי איהם געענטפערט מיט א שמייכעל — קום מיט מיר און איך וועל דיר באצאָהלען פאר דיינע בשמים.

גלעד איז איהר נאָכגעגאנגען און איז אריין צו איהר וואוינונג. ער איז שוין דאָרטען געבליבען נעכטיגען...

— דו מוזט מיר זאָגען ווער דו ביזט!

— האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען,

איידער ער איז פון איהר אוועק אין דער פּריה, און איך וועל דיר פאר דעם באַלוינען.

— דעם צווייטען מאָל ווען דו וועסט זיין אין רבה, וועל איך דיר דערצעהלען ווער איך בין, האָט איהם די זונה געענטפערט — איך וועל זעהן, אויב דו וועסט האַלטען וואָרט און דו וועסט צו מיר א צווייטען מאָל קומען.

— נאָך גיכער ווי איך האָב ערוואַרטעט צו קומען אין רבה ! — האָט גלעד אויסגערופען — יע, איך וועל קומען אהער אין א פּאָר מאָנאַטען ארום.

גלעד האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין קרעטשמע און איז דעם זעלבען טאָג אָפּגערייזט אהיים.

זינט דאַן האָט איהם געצויגען נאָך רבה. יענע פרוי איז איהם פון זיינע געדאַנקען ניט ארויסגעקומען... ער האָט זיך ארומגעזעהען אז עס זיינען שוין א פּאָר יאהר פאַראיבער און זיין פרוי האָט איהם ניט געבאָרען קיין קינד.

— דו ווייסט מרה ! — האָט זיך גלעד צו איהר אָפּגערופען — איך בין זעהר אומרוהיג וואס דו האָסט מיך קיין זוהן נישט געבאָרען, ווער וועט ירש'ענען מיין פארמעגען נאָך מיין טויט ?

— איך האָב שוין פארשיעדענע גראַזען גענומען ! — האָט מרה געזאָגט מיט א טרויעריגע שטימע אָבער עס העלפט נישט. לעצטען מאָנאַט בין איך מיט מיין מוטער געגאַנגען צו דעם קבר פון איהר פאָטער און דאָרט מתפּלל געווען... פיעללייכט וועט זיך גאָט צו הערען צו מיין שטימע.

— דו ווייסט אז ווען אברהם, אונזער אוראַלטער זיידע, האָט געזעהן אז זיין פרוי שרה איז אן עקרה האָט ער גענומען א קעבס־ווייב און צוליעב דעם זכות, האָט גאָט געבענשט אויך זיין פרוי שרה'ן און זי האָט איהם געבאָרען א זוהן, און אויך רחל, יעקב'ס פרוי איז אויפגעריכטעט געוואָרען צוליעב דעם וואס זי האָט איהם אָפּגעגעבען איהר דיענסט אלס א קעבס־ווייב...

— דו האָסט דאָך מיר פארשפּראָכען אז דו וועסט ניט נעהמען נאָך א פרוי צו מיר ! — האָט מרה זיך צו איהם אָפּגערופען.

— אָבער איך האָב דאָך דאַן נישט געוואוסט אז דו וועסט זיין אן עקרה ! האָט גלעד געענטפערט. און אויסער דעם א קעבס־ווייב איז דאָך ניט קיין ריכטיגע פרוי !

—גוט, — האָט מרה געענטפערט. איך וועל דיר אָפּגעבען איינע פון מיינע דינסטען אלס דיין קעבס־ווייב, און פיעללייכט וועט גאָט אויף מיר רחמנות האָבען צוליעב דעם, און איך וועל דיר געבוירען א זוהן.

— ניין ! — האָט גלעד גענטפערט— קיינע פון דיינע דיענסטען זיינען מיר נישט צום הארצען. איך וועל בעסער וואַרטען פיעללייכט וועט גאָט מיר צושיקען א פרוי וועלכע זאָל ווערטה זיין צו זיין מיין קעבס־ווייב און דורך וועמען דו וועסט קענען אויפגעריכט ווערען...

ווען גלעד האָט איהר געזאָגט אז ער קלייבט זיך אָפּצורייזען אין גיכען נאָך אמאָל נאָך עמון האָט זי עפּעס גענומען פערדעכטיגען, און א טאָג, איידער די קעמלען זיינען פארטיג געוואָרען האָט זי אויסגעמערקירט ווען איהר מאַן איז אוועק און ארייגערופען דעם הויפּט קנעכט אין הויז.

—מיין מאַן רייזט מאָרגען ווידער אָפּ נאָך עמון — האָט זי זיך אָפּגערופען — און איך וויים אז עס קומט איהם אוים צו פארברייננגען גאַנץ אָפּט אין דרויסען, ווען די ווינטען בלאָזען, דעריבער האָב איך פאר איהם צוגעגרייט א וואַרימען בגד, וואס איך וועל דיר געבען, און ווען דו וועסט זעהן ווען די לופט וועט קיהל ווערען, זאָלסטו איהם דערמאָהנען דיעזען בגד אָנצוטהאָן.

דער קנעכט האָט גענומען דעם בגד און זיך פארנייגט.

— איך וועל טאָהן אלעס וואס מיין הארינטע וועט מיר הייסען !

ווען ער איז שוין געשטאַנען ביים ארויסגאַנג האָט זי איהם ווידער אמאָל צוגערופען :

— זאָג מיר, זיינען די מענשען פון עמון גאסטפריינדליך ?

— יע, זעהר גאסטפריינדליך ! — האָט ער געענטפערט. — די מענשען פון קרעטשמע וואו מיר זיינען לעצטען מאָל איינגעשטאנען האָבען געטהאָן אלעס צו מאכען אונז בעקוועם.

— און דיין האר האָט די גאנצע צייט גענעכטיגט אין דער זעלבער קרעטשמע מיט דיר ? — האָט מרה איהם פלוצלונג א פרעג געטהאָן.

— המ.. ער... יע, די גאנצע צייט!— האָט דער קנעכט גענומען שטאמלען.

— דו דארפסט פון מיר ניט פארלייקענען ! — האָט זי זיך צו איהם געווענדעט — דערצעהל מיר דעם אמת. נישט אלע נאכט האָט ער גענעכטיגט אין קרעטשמע !

דער קנעכט האָט געשוויגען און מרה האָט ווייטער גערעדט :

— איך פארשפרעך דיר אז איך וועל קיין ווארט ניט דערצעהלען מיין מאן פון דעם וואס דו וועסט מיט מיר יעצט ריידען, און דו דארפסט ניט מורא האָבען צו ענטפערען מיינע פראגען. זאָג מיר, האָט ער דארט בעגעגענט א פרוי?

דער קנעכט האָט זיך ארומגעקוקט ווי ער וואָלט מורא געהאט, און נאכהער האָט ער געענטפערט מיט א שאָקעל פון זיין קאָפּ אויף יע.

— ווי אזוי האָט ער די פרוי געטראפען ?

— זי איז געזעסען אויף דעם וועג !

— איז געוועזען א שעהנע פרוי ? — האָט זי איהם ניט אָפּגעלאָזען.

— יע. זעהר א שעהנע.

— זי איז געוועזען א זונה ?

דער קנעכט האָט איינגעשטימט מיט א שאָקעל פון זיין קאָפּ.

— ווען דו וועסט מיר אלעס דערצעהלען וועל איך דיר גוט בעלוינען, און איך פארשפרעך דיר אז קיין בייזעס וועט דיר פון דעם ניט ארויסקומען. זאָג מיר איז דיין האר מיט איהר אוועק צו איהר וואוינונג ?

— יע !

— און ווען האָט ער זיך צוריקגעקעהרט צו דער קרעטשמע ?

— אויף מאָרגען אין דער פריה.

— און ער האָט גענעכטיגט ביי דער עמונית ! — האָט זי א זאָג געטהאָן מיט א שטימע פון אייפערזוכט — יענע זונה האָט איהם צוגעצויגען.... יעצט מעגסטו געהן, ווייל מיין מאן דארף באלד אנקומען. איך וועל שוין זעהן דיר צו געבען א גוטע בעלוינונג פאר אלעס וואס דו האָסט מיר דערצעהלט, און ווען דו וועסט מיט איהם ווידער זיין אין דער הויפּט שטאָדט פון עמון, זאָלסטו זיך גוט צוקוקען צו אלעס וואס ער טהוט און מיר נאכהער דערצעהלען. איך וועל שוין זעהן אז דו זאָלסט בעהאנדעלט ווערען בעסער ווי די איבעריגע קנעכט.

דער קנעכט איז ארויסגעגאנגען און איהם האָט שוין פארדראסען וואס ער האָט זיין הארינטע אלעס דערצעהלט. אָבער וואס האָט ער געקענט טהאָן ? זי האָט דאך יעדע זאך פון איהם ארויסגעקראגען דורך פראגען... זי וועט געוויס זיין האר פון דעם ניט דערצעהלען.

מרה האָט ביי זיך ניט געקענט בעשליסען וואס צו טהאָן. זאָל זי איצט א רעד טהאָן מיט איהר מאן און איהם אנזאָגען אז ער זאָל זיך היטען פאר די זונות פון עמון, ווייל זיי זוכען ארייננצוכאפּען דעם פרעמדען מאן אין זייער נעץ... ניין, דאס וועט נאָך ערגער מאכען... ער וועט פיעללייכט פארשטעהן אז דער קנעכט האָט איהר אלעס דערצעהלט. זי האָט בעשלאָסען דערווייל מיט איהם נישט צו ריידען און ווארטען ביז וואנען ער וועט זיך צוריקקעהרען פון עמון.

גלעד האָט אלעס צוגעגרייט, די קעמלען זיינען געוועזען אנגעלאָדען, ער האָט מיט זיך גענומען גאָלד און עטוואס ציערונג, און געקושט זיין פרוי.

— וואס ווייסטו ? — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען ווען ער האָט בעמערקט די טרעהרען אין איהרע אויגען.

— מיין הארץ שרעקט מיך... ווער ווייס וואס עס קען פּאסירען אין א פרעמדע לאנד !...

— דאס איז דאָך נישט דאס ערשטע מאָל אז איך רייז אָפּ נאָך עמון ! — האָט איהר גלעד געטרייסט, און דערווייל לעבען מיר דאָך בשלום מיט דעם קעניג פון עמון...

— אָ, גלעד, פאר וואס זאָלסטו איינשטעלען דיין לעבען אין געפאהר און מאכען די רייזעס... זיינען מיר דען ניט גענוג רייך. די סוחרים וועלכע נויטהיגען זיך אין דיין סחורה וועלען קומען צו דיר.

— איך פארשפּרעך דיר אז דאס וועט זיין דאס לעצטע מאָל. מעהר וועל איך שוין ניט רייזען אהין . דו ביזט גערעכט, אויב די סוחרים וועלען דארפען קויפען די בשמים, וועלען זיי קומען צו מיר אין מצפּה. אָבער דעם מאָל מוז איך אהין קומען. איך האָב פארשפּראכען.

— וועמען האָסטו פארשפּראכען ?— האָט זיך ביי מרה׳ן ארויסגעכאפּט.

— המ... איך האָב פארשפּראכען די סוחרים פון רבה, און איך וויל מיין ווארט נישט ברעכען.

— געה בשלום, מיין מאן, אָבער געדענק דו האָסט מיר פארשפּראכען אז דאס וועט זיין דאס לעצטע מאָל.

— האָב איך דען ווען עס איז געבראָכען מיין ווארט ? — האָט זיך גלעד צו איהר אָפּגערופען מיט א שמייכעל.

— ניין ! — האָט זי אויך ארויפגעצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפּען.

---

ווען גלעד איז אָנגעקומען אין רבה, איז ער גלייך אוועק צו יענעם פּלאַץ וואו ער האָט דעם ערשטען מאָל געטראָפען די פּרוי.

— זי איז נישטאָ !— האָט ער אויסגערופען מיט פארדרוס. מעגליך אז זי האָט פארלאָזען די שטאָדט — האָט ער זיך געטראכט.

— מיר וועלען צוגעהן ביז דעם סוף פון דער גאס ! — האָט ער זיך אָפּגערופען צו דעם קנעכט וועלכער איז געשטאַנען נעבען איהם — הײס די איבעריגע קנעכט מיט די קעמלען צו ווארטען און דו פיהר דיעזען קעמעל מיט אונז ביז דארטען.

דער קנעכט האָט איבערגעגעבען די איבעריגע דעם בעפעהל פון זייער האר און נעהמענדיג דעם קעמעל פאר׳ן צוים, איז ער נאָכגעגאנגען זיין האר.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום הויז האָט גלעד געהייסען דעם קנעכט צו ווארטען מיט זיין קעמעל.

— איך וועל באלד ארונטערקומען און נאכהער וועלען מיר צופאָהרען צו דער קרעטשמע.

ער איז אריין אין דער פאָדערשטע טהייל פון הויז און דארטען געטראָפען די זעלבע דיענסט וואס ער האָט צום ערשטען מאָל דערזעהען.

— געפינט זיך דיין הארינטע אין דער היים ? — האָט איהר גלעד געפרעגט.

— יע, — האָט די דיענסט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ — וואס זאָל איך איהר זאָגען, איז דיין פארלאנג.

— מיין פארלאנג איז זיך מיט איהר צו זעהן, זאָג איהר אז דער סוחר פון מצפּה איז אהער געקומען.

די דיענסט האָט זיך א נייג געטהאָן און איז באלד אריין אין צווייטען צימער.

— דו קענסט אריינקומען ! — האָט זיך די דיענסט צו איהם אָפּגערופען, ווען זי האָט זיך צוריקגעקעהרט.

גלעד איז אריינגעקומען אין צימער און האָט איהר געטראָפען שמירענדיג זיך מיט בשמים און זאלבען.

— דו האָסט דיין ווארט געהאלטען!

— איז זי איהם ענטקעגען געלאָפען.

— און דו ביזט נאָך איצט שעהנער ווי פריהער ! — האָט גלעד אויסגערו־

פען מיט בעוואונדערונג ווארפענדיג זיינע בליקען אויף איהר האלב ענטבלויזטען קערפּער.

—זעץ זיך ! — האָט זי איהם אָנגעציינגט אויף איהר בעטעל און דערצעהל מיר וואס האָט מיט דיר פּאסירט די גאנצע צייט זינט דו ביזט פון מיר אוועק.

— אויסער דעם וואס איך האָב געבענקט נאָך דיר, האָט מיט מיר קיין אויסערגעוועהנליכעס ניט פּאסירט. אָבער זעה וואס איך האָב דיר געבראכט — האָט גלעד ארויסגענומען צוויי רינגען און צוויי בראסלעטען און א האלזבאנד, יע, דאָס האָב איך פאר דיר א מתנה געבראכט.

זי האָט פון איהם גענומען די ציערונג און מיט גרויס בעגייסטערונג אויסגערופען :

— אָה ווי בעצויבערענד שעהן זיי זיינען ! דו ביזט ווירקליך זעהר גוט צו מיר. איך ווייס ניט אויב איך האָב עס פּארדיענט ביי דיר !

— דו האָסט נאָך מעהר פּערדינט ביי מיר ! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל — איך בין זעהר צופרידען וואס איך האָב דיר געטראָפען... ווען איך בין צוגעקומען צו יענעם פּלאַץ וואו איך האָב דיר צום ערשטען מאָל בעגעגענט און דיך דארט ניט געטראָפען האָב איך שוין געמיינט אז דו האָסט אין גאנצען פארלאָזען די שטאָדט.

— זינט דו ביזט ביי מיר געוועזן און מיך פּארשפּראכען אז דו וועסט קומען א צווייטען מאָל צו מיר, האָב איך פּארטריבען אלע מיינע ליעבהאבער, און בלויז געווארט אויף דיר. דו קענסט פרעגען ביי מיין דיענסט, אז איך האָב די גאנצע צייט קיינעם פון מיינע ליעבהאבער צו זיך ניט צוגעלאָזען.

— צוליעב דעם האָסטו אין מיינע אויגען נאָך מעהר געשטיגען — האָט גלעד זיך אָנגערופען — יעצט מוזטו מיר זאָגען ווער דו ביזט. דו האָסט מיר פּארשפּראכען דאן אז דו וועסט מיר זאָגען ווער דו ביזט, ווען איך וועל צו דיר קומען דעם צווייטען מאָל.

— איך וועל דיר אלעס דערצעהלען — האָט זי גענומען אָנטהאָן אויף זיך די רינגען און די בראסלעטען.

גלעד האָט איהר ארויפגעטהאָן דעם האלזבאנד אויף איהר האלז און זיך אָפּגערופען :

— ווי שעהן די ציערונג פּאסען דיר! יעצט לאָמיר הערען ווער דו ביזט !

ער האָט זיך צוגערוקט עטוואס נעהנטער צו איהר.

— איך קום פו דעם לאנד בשן ! — האָט זי זיך אָפּגערופען — איך שטאם פון דעם שבט מנשה !

— דאן ביזטו דאָך א אידישע טאָכטער ! — האָט גלעד אויסגערופען מיט בעגייסטערונג.

— יע, איך בין א טאָכטער פון דיין פאָלק.

— און ווי איז דיין נאָמען ?

— מיין נאָמען איז רעומה !

— און ווי קומסטו אהער אין דעם לאנד פון עמון?

רעומה האָט א זיפץ געטהאָן און נאָכהער האָט זי זיך אָפּגערופען :

— איך בין אנטלאָפען געווארען פון מיין פאָטער׳ס הויז ווייל מען האָט מיר דארט שלעכט בעהאנדעלט.

— דערצעהל מיר אלע איינצעלהייטען ! — האָט גלעד איהר געבעטען — איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען אלעס וואס מיט דיר האָט פּאסירט.

— ווען איך בין נאָך א קליין קינד געוועזן איז מיין מוטער געשטאָרבען. מיין פאָטער האָט גלייך געבראכט אין הויז פאר מיר א שטיפמוטער, און איך האָב שוין אָנגעהויבען ליידען פון איהר, ווען איך בין נאָך גאנץ יונג געוועזן. ווען איך בין עלטער געווארען האָט מיך מיין פאָטער געמאכט פאר א הירטין. איך האָב געפיטערט די שאָף אין די פעלדער פון בשן און געווען גליקליך וואס איך דארף דעם גאנצען טאָג אין הויז ניט זיין און הערען די קללות און געשרייען פון מיין שטיפמוטער. פיטערענדיג די

שאָף פון מיין פאָטער, האָב איך איינמאָל באַגעגענט א יונגען פאסטוך וועלכער האָט געפיטערט זיינע שאָף ניט ווייט פון מיר. אונזער פריינדשאפט איז שטארקער געווארען פון טאָג צו טאָג.

רעומה האָט ארונטערגעבויגען איהר קאָפּ.

גלעד האָט בעמערקט טרעהרען אין איהרע אויגען.

— מיר האָבען זיך זעהר שטארק געליעבט! — האָט רעומה א זיפץ געטהאָן — און יעדען טאָג ווא סאיך פלעג איהם זעהן איז ביי מיר פאררעכענט געווען פאר דעם גליקליכסטען. אָבער מיין שטיפמוטער האָט מיין גליק צושטערט...

— און וואס האָט דיין פאָטער געזאָגט?

— עטליכע מאָנאטען האָבען מיר אונזער ליעבע געהאלטען בסוד. איך האָב מורא געהאט מיין גליק זאָל מיר ניט צושטערט ווערען. און ווען די צייט פון רעגען איז געקומען און איך האָב שוין מעהר ניט געקענט געהן אין פעלד פיטערן די שאָף, פלעגט דער פאסטוך גאַנץ אָפט צוקומען צו מיין פאָטער'ס הויז און ווארטען ביז וואנען איך פלעג זיך בעווייזען... ביז איינמאָל...

רעומה האָט א ציטער געטהאָן און ווייטער גערעדט.

— איינמאָל, ווען דער פאסטוך איז צוגעקומען צו דעם פענסטער פון מיין צימער און איך האָב מיט איהם גאַנץ פיין פארבראכט, ער האָט פאר מיר אויסגעגאָסען זיין הארץ, און מיר געשוואָרען אייביגע ליעבע... ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף עפּעס און מיר א קוש געטהאָן. פלוצלונג האָט זיך צו מיר דערטראגען די שטימע פון מיין שטיפמוטער:

— דו חצופה, יוארט דער פאָטער וועט דיר שוין בעשטראָפען:

דער פאסטוך האָט זיך דערשראָקען און איז פון דארטען אנטלאָפען געווארען.

אין אבענד ווען דער פאָטער האָט זיך אומגעקעהרט פון זיין ארבייט אין שייער האָט איהם מיין שטיפמוטער דערצעהלט אַלעס וואס זי האָט געהערט און געזעהען. זיין צאָרען האָט אין איהם געברענט, און ער האָט מיר אָנגעזאָגט אז אויב איך וועל מיט דעם פאסטוך אויסריידען איין ווארט וועט מיין שטראָף זעהר גרויס זיין. איך האָב דעם פאָטער ערקלעהרט אז מיר האָבען זיך ליעב און אז ער וועט מיט מיר הייראטהען.

דער אָרימער פאסטוך וועט מיט דיר הייראטען! און וואו וועט ער נעהמען מוהר (נדן) וואָס ער וועט פאר דיר דארפען געבען צו דיין פאָטער? — האָט זיך מיין שטיפמוטער אריינגעמישט.

— ער וועט קריגען! — האָב איך אויסגערופען.

— ווען ער וועט ברענגען דעם מוהר וואָס איך פארלאנג פאר דיר, וועל איך מיט איהם דאן ריידען! — האָט מיר מיין פאָטער געזאָגט — פופציג שקלים וועט ער מיר פאר דיר מוזען געבען ווי דער מוהר פון א בתולה באטרעפט!

— נו, און דער פאסטוך האָט דיין פאָטער געקענט צושטעלען די פופציג שקלים? — האָט גלעד געפרעגט רעומה'ן.

— ער איז געווען זעהר אָרים, ער האָט קיין געלט נישט געהאט און ווען איך האָב איהם דערצעהלט וועגען דער פאָדערונג פון מיין פאָטער האָט ער זיך פאנאנדערגעוויינט... מיין הארץ איז אויסגעגאנגען ווען איך האָב געזעהן די טרעהרען פון מיין געליעבטען. איך האָב איהם אָנגענומען ביי דער האנט און איהם פרובירט טרייסטען!

פלוצלונג האָט ער אויסגערופען:

—איך שווער, אז איך וועל דאָס געלט קריגען!

— ווי אזוי? — האָב איך א צושראָקענע איהם געפרעגט.

— איך קען דיר יעצט נישט זאָגען ווי אזוי: — האָט ער מיר געענטפערט. אָבער דו מוזט זיין מיינע! אויב דו האָסט מיך ליעב וועסטו אויף מיר ווארטען, איך וועל שוין געפינען א וועג.

עטליכע וואָכען זיינען פאַריבער און איך האָב די גאַנצע צייט פון איהם נישט געהערט. דערווייל איז אין אונזער הויז געקומען א ברודער פון מיין שטיפ־מוטער, און איך האָב באַמערקט ווי זיי סוד'ן זיך וועגען מיר. מיין האַרץ האָט מיך שטאַרק געשראָקען, ווייל איהר ברו־דער איז שוין געוועזן אַן עלטערער מאַן, אָבער ווי עס ווייזט אויס איז ער געוועזן נישט אָרים. און ווען מיין שטיפמוטער האָט מיר איינמאָל אַנגעוואונקען, אַז איך האָב נושא חן געווען אין די אויגען פון איהר ברודער, בין איך גלייך אוועק־געלאָפען אין פעלד און אויפגעזוכט מיין געליבטען, דעם פּאַסטוך און איהם אַלעס דערצעהלט.

— אויב דו וועסט שנעל נישט קריי־גען די פופציג שקלים, האָב איך מורא, אַז נאָכהער וועט שוין צו שפּעט זיין! — האָב איך זיך צו איהם אָפּגערופען מיט טרעהרען אין מיינע אויגען.

מאָרגען וועל איך די געלט קריגען — האָט ער זיך אָפּגערופען — זאָרג נישט, איך וועל דיין פאָטער צושטעלען די מוהר אין גאַנצען.

— און האָט ער זיין וואָרט געהאַל־טען? — האָט גלעד געפרעגט רעומה'ן מיט נייגעריגקייט.

— יע! האָט רעומה טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— אָבער וואו האָט ער אזוי שנעל גע־קענט קריגען אזוי פיעל געלט? — האָט גלעד געשטוינט.

יע, דאָס האָט אויף איהם אַן אומגליק געבראַכט! — האָט זי געענטפערט — מיין פאָטער איז געוועזן ערשטוינט ווען אויף מאָרגען איז דער פּאַסטוך געקומען און זיך אָפּגערופען צו מיין פאָטער:

„איך וויל נעמען דיין טאָכטער רעומה פאַר מיין פרוי!

— און וואו וועסטו נעמען די פופציג שקלים מוהר פאַר מיין טאָכטער? — האָט מיין פאָטער איהם אָנגעקוקט.

דער פּאַסטוך האָט גלייך איהם דער־לאַנגט א פּעקעל און מיין פאָטער האָט איהם געעפענט און איבערגעצעהלט פופ־ציג שקלים.

— וואו האָסטו אזוי פיעל געלט גע־נומען — האָט ער איהם געפרעגט — איך ווייס דאָך, אַז דו ביזט אַן אָרימער פּאַסטוך.

— גאָט האָט מיר אַן אוצר צוגע־שיקט! — האָט ער געענטפערט, און איך האָב גלייך באַמערקט אין זיינע אוי־גען, אַז עפּעס אויסערגעוועהנליכעס וועט פּאַסירען.

— גוט! — האָט מיין פאָטער גע־זאָגט און פון איהם צוגענומען דאָס געלט — מאָרגען וועלען מיר באַשטימען דעם טאָג פון מיין טאָכטערס חתונה. איך בין אויסער זיך פון גליק! מיין פאָטער האָט צוגעשטימט... א גאַנצע נאַכט בין איך געלעגען אין מיין בעט און געטרוימט פון גליק... מיין געליעב־טער, דער פּאַסטוך איז אין מיינע גע־דאַנקען פאַררעכענט געוואָרען ווי א פּרינץ, וועלכער וועט מיר באַלד, באַלד אוועקפיהרען אין זיינע פּאַלאַצען... ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין שלאָף און א ווײלע ארויס אין דרויסען, איז מיר אַנטקעגען געקומען דער ברודער פון מיין שטיפמוטער און האָט זיך גענומען מיך ערקלערען אין ליעבע.

— איך בין שוין פאַר"קנס'ט צו א צווייטען און אין גיכען וועט אונזער חתונה פאַרקומען...

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט מיט א הילכיגען געלעכטער.

— איך ווייס וועמען דו מיינסט! — האָט ער נישט אויפגעהערט צו לאַכען — דו מיינסט דעם פּאַסטוך... דו וועסט שוין לאַנג וואַרטען אויף איהם.

— וואָס האָט פּאַסירט?! — האָב איך געפרעגט מיט שרעק.

— דיין חתן איז פאַרהאַלטען געוואָ־רען פאַר גנבה! — האָט ער מיר גע־ענטפערט, אָננעמענדיג מיין האַנט.

— עס איז א ליגען! מען האָט אויף איהם א בלבול אויסגעטראַכט! — בין איך געוואָרען היסטעריש, און ארויס־געריסען מיין האַנט פון זיינע און גענו־

מען לויפען... איך בין געלאָפען אָהן אָטעם... איך האָב אליין נישט געוואוסט וואוהין איך לויף... באלד האָב איך פון ווייטען באמערקט פיעלע מענשען שטעהן און ריידען. איך בין שנעל אהין צוגעקומען... צו מיינע אויערען האָט דערגרייכט מיין פאָטער'ס שטימע. איך האָב ארונטערגעלאָזען דעם שלייער איבער מיין פנים, און זיך צוגעהערט.

”זרח דארף מיר באדאנקען פאר דעם!

— הער איך ווי מיין פאָטער רעדט צו די מענשען, וועלכע האָבען זיך פארזאַמעלט ארום איהם — דער פּאסטוך איז צו מיר נעכטען געקומען און מיר געבראכט פופציג שקלים... איך האָב איהם גלייך חושד געווען, און אין אָווענד בין איך אוועק צו זרח'ן און איהם דערצעהלט, אז זיין פּאסטוך האָט ערגיץ געקראָגען פופציג שקלים און זאָל ער זיך ארומקוקען, אויב ער האָט ביי איהם די געלט נישט גע'גנב'עט... זרח איז אריין אין זיין הויז און גלייך ארויסגעקומען, זאָגענדיג מיר, אז זיין געלד איז נישט געריהרט געוואָרען... אָבער ווי קומט צו איהם אזוי פיעל געלט? האָסטו געצעהלט דיינע שאָף, פרעג איך איהם... זרח איז גלייך אריין אין הויף און גענומען איבערצעהלען די שאָף וואָס דער פּאסטוך האָט נאָר וואָס געבראכט פון פעלד... ער האָט דערזעהן, אז איהם פעהלען צעהן שעפּסען... ער האָט גלייך געשיקט רופען דעם פּאסטוך. איך האָב זיך ערגיץ פארבאָרגען, ער זאָל מיר נישט באמערקען. זרח האָט איהם געפרעגט:

וואו זיינען אהינגעקומען די צעהן שעפּסען?

— מיין האר! — האָט דער פּאסטוך גענומען שטאמלען — ווען איך האָב נעכטען געפיטערט דיינע שאָף אין פעלד, איז פארבייגעקומען א קאראוואן פון ארמים און האָבען פון מיר אוועקגערויבט צעהן שעפּסען.

— און פארוואָס האָסטו מיר גלייך וועגען דעם נישט געזאָגט? — פרעגט איהם זרח...

— ווײלע איך האָב מורא געהאט, אז דו וועסט מיר נישט גלויבען!

— און יעצט גלויב איך דיר! — האָט איהם זרח אראָפּגעלאָזען א פּאטש — זאָג מיר וואו האָסטו אהינגעטאָן די צעהן שעפּסען?

דער פּאסטוך האָט נאָך אלץ גענומען לייקענען, און איך בין ארויס פון מיין בעהעלטעניש און צו איהם געזאָגט: ”וואו האָסטו געקראָגען די פופציג שקלים?”

זרח'ס קנעכט האָבען איהם גלייך געבונדען און מען האָט איהם גענומען שלאָגען ביז וואנען ער האָט זיך מודה געווען, אז ער האָט די שעפּסען פארקויפט און ער האָט פאר זיי געקראָגען די פופציג שקלים.

— וועמען האָט ער די שעפּסען פארקויפט? — הער איך ווי איינער פון די פארזאמעלטע פרעגט מיין פאָטער.

ער האָט זיי פארקויפט צו פארבייגייענדע סוחרים — האָט מיין פאָטער געענטפערט — און זרח האָט מיר אלס צו פארדאנקען, אז נישט וואָלט זיין פארלוסט נאָך שטארקער געווען.

— אָה, פאָטער, פאָטער! בין איך צו איהם צוגעלאָפען. אָ, פאָטער, ווי אזוי האָסטו געקענט טהאָן אזא זאך צו דעם וועמען איך האָב אזוי ליעב? — ער האָט דאָך דאָס אלעס צוליעב מיר געטהאָן.

— דאנק גאָט מיין טאָכטער! — האָט ער געזאָגט — וואָס ער האָט דיר פארמיטען חתונה צו האָבען מיט א גנב!...

— וואו געפינט זיך דער פּאסטוך יעצט — האָט אימיצער א פרעג געטהאָן מיין פאָטער.

— ער אי אין געפענגנים! באלד וועט מען איהם משפּט'ן.

אלע זיינען גלייך געגאנגען צו דעם מארק פּלאץ וואו די עלטסטע פון שטאָדט האָבען זיך פארזאמעלט. איך בין מיט וואקעלדע טריט אויך אהין געקומען. איך האָב געטראכט, פליכט

וועל איך פועל'ן ביי זיינע שופטים, מען זאָל זיין שטראָף פאַרגרינגערען.

פון וויטען האָב איך באמערקט ווי מען ברײנגט איהם א געבונדענעם... מיינע אויגען זיינען אָנגעפילט געוואָרען מיט טרעהרען ווען איך האָב זיין בלאסען פנים און צושראָקענע אויגען דערזעהן... איך האב געהערט ווי ער איז זיך מודה... ווי די שופטים זאָגען: אין דער תורה שטעהט געשריבען, אז ווען איינער גנב'עט א שעפּס און ער פארקויפט עס און מען כאפּט איהם, דאַרף ער באצאָהלען פיער שעפּסען פאר יעדען שעפּס, יעצט, אז דו האָסט גע'גנב'עט צעהן שעפּסען, דארפסטו באצאָהלען פערציג שעפּסען... און אזוי ווי די פופציג שקלים האָט זרח געקראָגען, דארפסטו בלויז באצאָהלען פאר די ווערדע פון דרייסיג שעפּסען.

— איך בין אָרים און איך האָב נישט קיין געלט — הער איך ווי מיין געליעבטער בעט זיך ביי זיי.

— אַ׳יב אזוי וועסטו דארפען פארקויפט ווערען פאר א קנעכט און דינען זעקס יאָהר, און די געלט וואָס מען וועט באקומען פאר דיר, וועט מען זרח אויסצאָהלען פאר דער גנבה.

איך האָב זיך דורכגעשפּארט צווישען המון און גענומען זיך דערנעהנטערען צו די שופטים. איך האָב געוואָלט פאלען צו זייערע פיס, אָבער מיין פאָטער האָט מיך באמערקט און האָט מיך פון דאָרט אוועקגעפיהרט.

— און וואָס האָט מען געטהאָן צו דיין געליעבטען? — האָט איהר גלעד געפרעגט.

— מען האָט איהם פארקויפט צו איינעם פאר א קנעכט. זיין נייער בעל הבית איז געווען זעהר א שלעכטער און א קארגער, און ווי איך האָב געהערט פלעגט ער איהם מערדערליך שלאָגען...

איינינע וואָכען האָב איך געטרויערט נאָך מיין געליעבטען, מיין הארץ האָט צו איהם געצויגען, אָבער איך האָב קיין מעגליכקייט ניט געהאַט זיך מיט איהם צו זעהן, און דאָ דערוויס איך זיך, אז מיין פאָטער האָט מיך פאר'קנס'ט צו מיין שטיפמוטער'ס ברודער, וועמען איך האָב געהאסט ערגער ווי דעם טויט... מיינע געוויינען און תחנונים האָבען נישט געהאָלפען, ער האָט שוין מיין פאָטער פאר מיר געגעבען די פופציג שקלים מוהר, און ער האָט מיר אָנגעזאָגט מיט א שמייכעל, אז אין צוויי וואָכען ארום, וועט ער פייערען זיין חתונה מיט מיר!

— און דו האָסט מיט דיין שטיפמוטער'ס ברודער נישט געהייראט? — האָט איהר גלעד געפרעגט.

— ניין! — איך האָב מיט איהם נישט געהייראט! — האָט רעומה געענטפערט און טאקע צוליעב דעם בין איך דאָ.

— דערצעהל מיר ווייטער! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען — איך בעט דיר, דערצעהל מיר אלע איינצעלהייטען, איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען אלעס וואָס מיט דיר האָט פאסירט ביז היינטיגען טאָג...

—אָבער פארוואָס זאָל איך דיר אלעס דערצעהלען! — האָט זיך רעומה אָפּגערופען מיט א שמייכעל — דו ביזט דאָך א פרעמדער צו מיר...

— דו וועסט שוין מעהר קיין פרעמדע צו מיר נישט זיין! — האָט גלעד איהר געענטפערט — דו האָסט געפונען חן אין מיינע אויגען. און איך וועל דיר צו מיר אהיים ברײנגען, נאָך מצפה, דאָרטען וועסטו מיין פלגש ווערען!

ווען דו וועסט הערען אלע איינצעלהייטען פון מיין לעבען, וועסטו מיר שוין נישט וועלען מיטנעהמען, — האָט רעומה געזאָגט.

— וואָס מיט דיר זאָל ניט האָבען פאסירט, וועל איך מיין בעשלוס נישט ענדערען. און אויב דו וועסט נאָר וועלען מיט מיר געהן, וועל איך זיך שעצען גליקליך דיך צו נעהמען. — האָט גלעד אָנגענומען איהר האנט, דערצעהל מיר ווייטער.

— יענע נאכט וועל איך אייביג געדענקען, האָט רעומה פאָרטגעזעצט. —

עס איז געווען א פינסטערע נאכט, א גאַס רעגען האָט געגאָסען. עס האָט גע־בליצט און געדונערט. אויפ'ן הארצען איז מיר טרויעריג געווען, ווייל איך האָב געוואוסט, אז מאָרגען וועל איך מוזען געהן צו דער חופּה מיט דעם וועמען איך האס און פעראכט... מיט א וויילע צוריק איז ער צו מיר געקומען, ער האָט צו מיר גערעדט אזעלכע זיסע ווערטער וואָס האָבען מיר געקעלט... ווען ער האָט מיר אָנגעריהרט מיט זיין האנט איז מיר דורך א שוידער איבערן לייב.. מיין לעבען איז מיר נמאס געוואָרען. איך האָב געבעטען גאָט ער זאָל מיר טויטען. איך וואָלט בעסער געווען שטארבען איידער חתונה צו האָבען מיט אָט דעם אומווירדיגען מאן... דאָ אָבער איז שוין אלעם גרייט געווען. די דינסט האָט מיר אריינגעטראָגען די חתונה קליידער איך זאָל אָנמעסטען. איך האָב זי ארויסגעשיקט מיט אן אויסרייד, אז איך האָב א קאָפּ־וועהטאָג. איך בין געבליבען אליין. איך בין צוגעגאנגען צו דעם פענסטער פון מיין צימער און איהם אויפגעעפענט. דער רעגען האָט געגאָסען. א בליץ האָט אויף א רגע ליכטיג געמאכט און באלד איז ווידער פינסטער געוואָרען. איך האָב פּלוצים געקראָגען א פערלאנג פערלאָרען צו ווערען אין דעם תהום פון דער פינסטערניש. איך ווייס נישט וואו איך האָב געקראָגען דעם מוטה. איך האָב זיך גלייך איינגעהילט אין א מאנטעל, און אין' בין ארויס דורך מיין פענסטער. איך האָב אָנגעהויבען צו לויפען, זעהר האסטיג. איך בין געלאָפען אָהן א ציעל, אין דער פינסטערניס... און די נאסקייט, איך בין דורכגעווייקט געוואָרען, אָבער איך האָב נישט אויפגעהערט צו לויפען, ביז וואנען איך בין אנידערגעפאלען א מיעדע. ווען איך האָב זיך אויפגעכאפּט, איז שוין געווען ליכטיג. די זון האָט געשיינט. ערשט דאן האָב איך זיך דערמאָהנט וואָס איך האָב געטאָהן... איך האָב זיך ארומגעקוקט צו זעהן אויב מען יאָגט מיך נישט, און איך בין ווייטער געלאָפען. איך בין געוואָרען גאנץ הונגעריג און דורשטיג. איך האָב פון ווייטען בעמערקט הייזער, אָבער איך האָב מורא געהאט אריינצוקומען אהין, טאָמער וועט מען מיך פרעגען ווער איך בין און נאכהער פּילייכט שיקען אָנזאָגען מיין פאָטער. איך האָב א שוידער געטאָהן פון דעם געדאנק אז איך זאָל דארפען זיך צוריקקעהרען צו מיין פאָטער'ס הויז.. און דעריבער האָב איך אויסגעמיטען די הייזער פון די ארומיגע דערפער און געגאנגען אין דעם זייטיגען וועג. פּלוצים האָב איך פון ווייטען דערזעהן אייניגע מענשען מיט קעמלען. איך האָב ביי זיך נישט געקענט אפּמאכען צי איך זאָל צו זיי צוקומען. אָבער דער הונגער און דורשט האָבען זיך געשטארקט און איך בין צו זיי צוגעקומען. איך האָב גלייך דערקענט פון זייערע בגדים, אז זיי זיינען סוחרים פון עמון. איך האָב זיך שטארק דערפרעהט, ווען איך האָב געזעהן, אז זיי רוהען ביי א טייכעל. איך בין גלייך צוגעלאָפען צו דעם טייכעל און אָנגעשעפּט וואסער מיט מיינע הענט און געשטילט דעם דורשט. דאָ האָט מיר איינער פון זיי דערזעהן. איך בעמערק ווי ער דערנעהנטערט זיך צו מיר. אָבער איך האָב זיך נישט געשראָקען. איך בין געבליבען זיצען אויף מיין פּלאץ נעבען טייכעל און איהם גלייך אין די אויגען געקוקט.

— ווער ביסטו און ווי קומסטו אהער? — האָט ער מיר געפרעגט מיט א שמייכעל.

איך האָב איהם נישט געענפערט.

— פארוואָס ענטפערסטו מיר נישט, דו שעהנע בלום? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט.

— איך בין הונגעריג! — איז מיין ענטפער געווען.

— קום צו מיט מיר און מיר וועלען דיר געבען עסען!

איך האָב זיך אָבער נישט געריהרט פון ארט. דער פרעמדער האָט מיר גלייך צוגעבראכט שפּייז, און איך האָב זיך קוים צוגעכאפּט. איך האָב געגעסען

אזוי שנעל, ווי איך וואָלט מורא געהאַט מען זאָל דאָס ביי מיר נישט אוועקנעהמען. דער פרעמדער איז געשטאַנען און מיר געקוקט אין די אויגען. אָבער דאָס האָט מיר גאָרנישט געשטערט. באַלד זיינען צוגעקומען די איבעריגע און צווישען זיך גערעדט אין א שפּראַך וואָס איך האָב נישט פערשטאַנען. נאָכהער האָט זיך דער ערשטער צו מיר אָפּגערופען:

— ווי איך זעה האָסטו אהער פערבלאָנדזשעט, זאָג אונז דעם פּלאַץ פון דיין פאָטער'ס הויז און מיר וועלען דיר אָפּפיהרען אהיים.

— ניין, ניין! גנעדיגע מענשען. איך וויל אהיים נישט געהן! איך קען נישט געהן צוריק.

— אויב אזוי קום מיט אונז! — האָט איינער פון זיי זיך אָפּגערופען — מיר רייזען נאָך רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון. און אזא שעהנע מיידעל ווי דו ווערסט שוין דאָרטען נישט פערפאַלען ווערען.

איך האָב צוגעשטימט און צוזאַמען מיט זיי גערייזט נאָך דעם לאַנד עמון... איך האָב זיך געפיהלט גליקליך, אז איך וועל שוין נישט זיין מעהר געצוואונגען זיך אומצוקוקען צו מיין פאָטער און שטיפמוטער און נישט דאַרפען הייראַטען מיט איהר ברודער.

די הויפּט שטאָדט פון עמון איז מיר גלייך געפעלען געוואָרען, עס איז דאָרט אימער צו פרעהליך און לוסטיג.

דער יונגער מאַן, וועלכער איז דער ערשטער צוגעגאַנגען האָט זיך אין מיר פערליעבט, אָבער איך האָב איהם קיינמאָל נישט געליעבט.

— און דו האָסט מיט איהם נישט געהייראַט? — האָט גלעד איהר געפרעגט.

— ניין, איך האָב ליעב געקראָגען די פרייהייט, איך האָב נישט געוואָלט זיין צוגעבונדען צו איין מיין, און דעריבער איך בין געוואָרען דאָס וואָס דיר איז בעוואוסט... איך האָב געקראָגען פיעלע פערעהרער. און מיר האָט גאָרנישט געפעלט אין רבה.

— און פון דעם פאַסטוך האָסטו די גאַנצע צייט גאָרנישט געהערט? — האָט גלעד געפרעגט.

— יע, איך האָב פון איהם געהערט! — האָט רעומה געענטפערט — ער איז דאָ געווען אין רבה!

— ער איז דאָ געווען?! — האָט גלעד איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג — ער איז דאָך פערקויפט געוואָרען פאַר א קנעכט אויף זעקס יאָהר!

— אין שטאָדט האָט מען זיך גלייך דערוואוסט וואָס איך האָב געטאָהן און ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז איך בין פון מיין פאָטער'ס הויז ענטלאָפען, איז ער אין א קורצע צייט ארום אנטלאָפען געוואָרען פון זיין האַר. א גאַנצען יאָהר האָט ער ארומגעוואַנדערט פון שטאָדט צו שטאָדט און פון דאָרף צו דאָרף מיר צו זוכען. ער איז געווען שטאַרק פערצווייפעלט און פערביטערט, ווען ער האָט זיך ארומגעזעהען אז זיין מיה איז אומזיסט. דאַן האָבען זיך ארום איהם פערזאַמעלט נאָך איינינע יונגע לייט, ליידיגגעהער, וועלכע זיינען געווען פאַרביטערט און ער איז געוואָרען זייער פיהרער.

— יע, איך האָב דיר פערגעסען צו פרעגען — האָט גלעד איהר אונטערבראָכען—די גאַנצע צייט וואָס דו דערצעהלסט מיר וועגען דיין אַמאָליגען געליעבטען האָסטו איהם נישט אנגערופען ביי זיין נאָמען.

— דאָס איז ווייל איך האָב איהם אין גאַנצען אָפּגעמעקט פון מיין זכרון.

— דו האָסט איהם שוין מעהר נישט ליעב?

— ניין! איך האָב מיין ליעבע פאַרלאָרען צו איהם דעם ערשטען טאָג וואָס איך האָב איהם דערזעהען אין רבה! — האָט רעומה געענטפערט.

— און דו ביזט יעצט פריי צו געהן מיט מיר?

רעומה האָט א שמייכעל געטאָהן:

— איך בין פריי, אָבער דיזע פרייהייט האָט מיר שוין אויך דערעסען...

און עמרי קומט גאנץ אָפּט צו מיר... און איך וואָלט פון איהם וועלען פּטור ווערען.

— עמרי? — ווער איז אָט דער עמרי? — האט גלעד געפרעגט.

— עמרי! דאס איז דאָך דער פּאסטוך, מיין אמאָליגער געליעבטער.

— אָ, זיין נאָמען איז עמרי?

— יע, דאס איז זיין נאָמען!

— האסטו דען געהערט פון איהם?

— האט רעומה איהם געפרעגט.

— איך ווייס נישט אויב ער איז דערזעלבער, אבער אייניגע סוחרים האבען מיר דערצעהלט אז די וועגען זיינען נישט געזיכערט. זיי האבען זיך געטראפען מיט א פיהרער פון א באנדע, און כאָטש ער האט זיי נישט בערויבט, זיינען זיי געצוואונגען איהם צו געבען שפּיין פאר זיינע מענשען, און לויט ווי זיי האבען אויסגעפונען איז זיין נאָמען עמרי.

— דאס איז זיכער דערזעלבער! — האט רעומה געענטפערט — ער האט מיר נאכהער דערצעהלט אז אידישע סוחרים בערויבט ער נישט... ער נעהמט פון זיי בלויז שפּייז.

— אבער ווי אזוי האט ער דיר געפונען? — האט גלעד איהר געפרעגט.

ער איז אנגעקומען אין רבה, און איך בין געווען אויף דעם זעלבען פּלאַץ וואו דו האסט מיר געטראפען. איך האב איהם נישט דערקענט. ער איז געווען שרעקליך בעוואקסען און אפילו זיין שטימע האט זיך געענדערט. און ער האט מיך אויך נישט דערקענט. מיין פּנים איז געווען בעדעקט מיט א שלייער. ער איז צו מיר צוגעגאנגען, און איך האב איהם צו מיין וואָהנונג געפיהרט. און ווען ער איז שוין אין מיין הויז געווען און איך האב דעם שלייער פון מיין פּנים ארונטערגענומען, האט ער מיך גלייך דערקענט.

— רעומה! — האט ער אויסגערופען — דאס ביזטו? ערשט דאן האב איך זיין שטימע דערקענט און איהם געפאלען אויפ'ן האלז. ווי גרויס איז אבער מיין ערשטוינונג געווען, ווען ער האט מיך פון זיך אָפּגעשטויסען!

— דו ביזט געווארען א זונה! — האט ער אויף מיר געשטורעמט און איך האב צוליעב דיר אזוי פּיעל געליטען.

— זיי מיר מוחל, עמרי! — האב איך זיך ביי איהם געבעטען, איך האב נאָך מעהר געליטען. איך האב קיין אנדער ברירה נישט געהאט.

ער האט אבער פערשטאָפּט זיינע אויערען. ער האט זיך צו מיינע געבעטען נישט צוגעהערט. ער איז מיט גרויס האסט ארויס פון מיין וואָהנונג.

— און מעהר האסטו איהם ניט געזעהען? — האט גלעד געפרעגט.

— אָה, הלואי וואלט איך איהם מעהר נישט געזעהען! — האט רעומה אויסגערופען —ווייל איך האב באלד דערפיהלט צו איהם א שרעקליכען האס. מיין אמאָליגע ליעבע איז פערוואנדעלט געווארען אין א שטארקע פיינדשאפט. איך בין געווען צופרידען וואס ער איז פון מיר אוועק. אבער אויף מאָרגען איז ער ווידער געקומען. איך האב שוין איהם נישט געוואלט אנקוקען, אבער ער האט זיך גענומען בעטען און ענטשולדיגען. ער האט מיר דאן דערצעהלט אלעס וואס מיט איהם האט פּאסירט, ווי ער האט מיר ארומגעזוכט דעם גאנצען יאהר, ווי ער איז געווען געצוואונגען צו ווערען א הויפּט פון א באנדע כדי זיך צו דערנעהרען.

— דו ביזט געצוואונגען געווארען צו זיין א הויפּט פון א באנדע רויבער

— אבער איך האב ראס נישט געקענט ווערען און איך האב זיך דאך אויך געמוזט ערנעהרען....

— דו האסט בעסער געדארפט א דינסט ווערען! — האט ער זיך צו מיר אָפּגערופען. ווינציג האט ער געוואוסט אז ווען איך וואלט נאָר געקענט וואלט איך געטאָהן אלעס אבי נישט צו זיין דאס וואס איך בין.... כאָטש דאָ אין עמון איז דאס גאר נישט קיין שאנדע... אזעלכע ווי איך ווערען דאָ פערהייליגט.. אבער איך בין דאָך נישט קיין עמונית.

מיר האט ווידער געצויגען צו מיין פאָלק און יעצט...

— און יעצט וועסטו מיט מיר געהן!

— האט גלעד אנגענומען איהר פאר דער האנט — מיר אַרט נישט וואָס מיט דיר האט פאסירט... אויב דו וועסט וועלען ווערען מיין קעבס ווייב, וועל איך אין גאנצען פערגעסען דיין פערגאנגענהייט... איך בין גענוג רייך, דו וועסט זיין גליקליך אין מיין הויז, און ווען גאָט וועט געבען אז דו וועסט מיר געבוירען א זוהן, וועל איך אויך זיין זעהר גליקליך, ווייל מיין פרוי האט מיר קיין קינדער נישט געבוירען שוין באלד דאס דריטען יאהר.

— גיעב מיר דריי טעג צייט, און איך וועל זיך בעזינען און אויף דעם פערטען טאָג, ווען דו וועסט צו מיר קומען וועל איך דיר מיין תשובה געבען! — האט רעומה געזאגט.

ווען גלעד האט פערלאזען רעומה'ס וואהנונג איז שוין געווען גאנץ טונקעל. ער האט זיך גאָר נישט ארומגעזעהען ווי אזוי דער טאָג איז פאראיבער און ער האט זיך אין גאנצען פערגעסען אז ער האט אנגעזאגט זיין קנעכט צו ווארטען אויף איהם מיט'ן קעמעל.

ער האט דערזעהען דעם קעמעל ליגענדיג אויף זיינע קניע און זיין קנעכט איז געזעסען נעבען קעמעל און גאנץ געשמאק געשלאָפען אנשפארענדיג זיין קאָפּ אויף דעם קעמעל'ס זייט. ער איז צוגעגאנגען צו זיין קנעכט און איהם אויפגעוועקט.

— איך האב זיך פערזאמט — האט ער זיך ווי פערענטפערט — יעצט לאָמיר געהן אין קרעטשמע.

דער קנעכט האט זיך אויפגעשטעלט, אפגעטרייסעלט פון זיך די שטויב און געמאכט דעם קעמעל זיך אויפצושטעלען און זיי זיינען אוועק צו דער קרעטשמע. גלעד האט אפילו נישט געפיהלט הונגעריג. זיינע געדאנקען זיינען געווען פערנומען מיט דער שעהנער רעומה... ער האט ביי זיך בעשלאָסען אז ער מוז איהר קריגען, זי איז דאך אזוי שעהן און רייצענד... ער איז אזוי צופרידען וואס זי איז א אידישע טאָכטער... עס איז דאך א זינד צו זיין א זונה... ער וועט איהר אוועקנעהמען פון דער הויפטשטאָדט פון עמון און איהר בריינגען קיין מצפה אלס זיין פלגש... איין זאך איז גלעד'ן געווען שווער צו פערשטעהן און דאס איז, פארוואס האט זי פון איהם פערלאנגט דריי טעג צייט, זיך מישב צו זיין... האט זי דען דאס נישט זיך געקענט בעשליסען אין איין טאָג? זי האט דאך געדארפט זיין פארשלאג אננעהמען מיט גרויס צופרידענהייט...

## פערטער קאפיטעל
## רעומה שטימט צו

נאכדעם ווי גלעד האט פערלאזען איהר וואָהנונג, איז רעומה געבליבען זיצען פערזונקען אין איהרע מחשבות. זי ווייס אז גלעד איז א רייכער מאן, און ביי איהם וועט איהר גאָר נישט פעהלען, זי איז זיכער אז אלס זיין קעבסווייב וועט ער איהר אויך גאנץ פיין בעהאנדלען, אבער וואס וועט זיין מיט גרים'ן, איהר געליעבטען פון עמון? זי ווייס אז ווען ער וועט זיך דערוויסען אז זי וויל פערלאָזען רבה, וועט ער מאכען א פערזוך איהר אפצוהאלטען. זי ווייס אז ער וועט שטורמען און סמראַשען. אבער איינמאָל פאר אלע מאָל, זי וועט מוזען אפברעכען מיט גרים'ן, און וואס וועט עמרי טאָהן ווען ער וועט זיך דערוויסען אז זי וועט ווערען די פלגש פון גלעד'ן. אבער וואס זאל איהר ארען פאר איהם? זי האט שוין לאנג אויפגעהערט איהם ליעב האבען. דאך האט זי איהם ערווארטעט די טעג און ווען ערוועט קומען וועט זי איהם ערקלערען. ער וועט איהר געוויס חושד זיין אז זי וויל אוועקגעהן מיט איהר געליעבטען דעם עמוני, און ער וועט אויפגעבראכט זיין אויף איהר.

רעומה איז די גאנצע נאכט געלעגען וואך אין איהר בעט און געקלערט ווי אזוי זי זאל האנדלען.

אויף מאָרגען, ווען זי איז אויפגע-

שטאַנען, האָט זי שוין ביי זיך געהאַט דעם באַשלוס אָנצונעמען גלעד'ס פאָרשלאַג... זי איז יענעם פריהמאָרגען ניט אַרויס אין דרויסען, און האָט ערוואַרט אַז ווען גרים דער עמוני, וועט איהר נישט זעהן אויף דעם באַשטימטען פּלאַץ וועט ער צו איהר אין וואָהנונג קומען, און דאָ וועט פאַר איהר אַ סך גרינגער זיין מיט איהם צו ריידען און ערקלערען איהר לאַגע...

נאָך האַלבען טאָג איז גרים אָנגעקומען.

— וואָס האָט היינט מיט דיר פּאַסירט, מיין ליבענדע רעומה? — האָט זיך דער עמוני צו איהר אָפּגערופען — פאַרוואָס ביזטו היינט נישט געקומען אויף דעם באַשטימטען פּלאַץ, ווי דו טהוסט עס שטענדיג?

— ווייל... ווייל איך וועל שוין מעהר אַהין קיינמאָל נישט געהן, — האָט זי איהם טרוקען געענטפערט.

— דאַן האָסטו אָנגענומען מיין פאָרשלאַג צו קומען וואָהנען מיט מיר? יע, דו וועסט געהערען בלויז צו מיר?

— ניין, גרים, דו מאַכסט אַ טעות! איך געה אינגאַנצען פאַרלאָזען רבה.

— וואוהין וועסטו געהן?

— איך וועל געהן צו מיין אייגען פאָלק. מיר האָט שוין דערעסען אָט אַזאַ לעבען — האָט רעומה געזאָגט.

— און וואָס וועסטו דאָרט טאָן?

— המ... איך וועל טאָן וואָס אַלע אידישע טעכטער טהוען.

— און דו ווילסט מיך טאַקע אינגאַנצען פאַרלאָזען?

—יע, אַזוי האָב איך באַשלאָסען.

— מיט וועמען געהסטו?

רעומה האָט איהם נישט געענטפערט אויף דיזע פראַגע.

— פאַרוואָס ווילסטו מיר נישט זאָגען מיט וועמען און וואוהין דו געהסט?

— וואָס איז דער אונטערשייד צו דיר?

— איך וויל וויסען אויף וועמען דו פאַרבייטסט מיך? — האָט גרים געזאָגט מיט אַ געצוואונגענעם שמייכעל,

—מיר דוכט אַז איך ווייס ווער.

—אויב דאָס וועט דיר מאַכען פיהלען בעסער, קען איך דיר זאָגען, אַז דער מיט וועמען איך געה איז איינער פון מיין פאָלק, און איך פאַרזיכער דיר אַז ער וועט מיר בעסער באַהאַנדלען ווי דו האָסט עס געטאָן.

— און ליבסט מיך מעהר נישט?!

— איך האָב דיך קיינמאָל ניט געליעבט. אמת, איך בין צו דיר דאַנקבאַר געוועזן וואָס דו האָסט מיך מקרב געווען און אַרויסגעהאָלפען פון פילע שוועריגקייטען... אָבער איך האָב דיך נישט ליעב געהאַט.

— איך ווייס אַז דו האָסט מיך יאָ געליעבט! — האָט גרים אויסגערופען?

— האָסטו דען שוין נישט געהאַט צוגעשטימט צו געהן וואָהנען מיט מיר אינגאַנצען?

— יע, איך האָב געמיינט, אַז דורך דעם וועל איך האָבען אַ מעגליכקייט אינגאַנצען צו פאַרלאָזען די גאַס... אָבער ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז נישט, האָב איך באַשלאָסען צו דיר ניט צו געהן.

— דו ווייסט דאָך, אַז אין אונזער לאַנד, איז אַזאַ פרוי ווי דו פאַררעכענט פאַר אַ הייליגע, און אין אַ יום טוב שיקט יעדער מאַן זיין פרוי און יעדער פאָטער זיין טאָכטער צו טאָן דאָס זעלבע אין דעם טעמפּעל פון אונזערע געטער.

— אָבער מיר איז דאָס אינגאַנצען דערווידער, און דעריבער וועל איך זיין גליקליך צו קריגען די געלעגענהייט און אינגאַנצען פאַרלאָזען עמון.

— פון מיר וועסטו אַזוי גיך נישט פּטור ווערען! — האָט גרים אויסגערופען — איך בין מעהר באַרעכטיגט צו דיר ווי אירגענד וועלכער אַנדערער פון דיינע ליבהאָבער.

— איך האָף אַז דו וועסט מיך פאַרשטעהן! — האָט רעומה צו איהם געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין געצוואונגען געווען צו טאָן דאָס וואָס

איך האָב ביז אהער געטאָן. מיר האָט אָבער די גאנצע צייט געצויגען צוריק צו מיין פאָלק און צו זיינע מנהגים... און איצט האָט מיין גאָט מיך צוגעשיקט די געלעגענהייט, און איך וועל זי אויסנוצען... איך וועל אינגאנצען פארלאָזען רבה.

— עס איז מיין פליכט דיר צו וואָרענען, אז דו וועסט נאכהער חרטה האָבען אויף דיין שריט.

— דו מאכסט א טעות. איך וועל גאָרנישט האָבען וואָס צו פארלירען... איך האָב אמאָל אויפריכטיג געליעבט... און מיר איז נישט שווער געווען צו ברענגען דעם גרעסטען קרבן אויף דעם מזבח פון מיין ליבע צו עמרי'ן, און דיר איז דאָך איצט באוואוסט ווי קאלט איך בין צו איהם.

— איז עס דען נישט עמרי, דער יעניגער מיט וועמען דו ווילסט געהן צוריק נאָך דיין לאנד? — האָט גרים געפרעגט.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז איך האָב איהם אויפגעהערט צו ליבען נאָך דעם ערשטען טאָג ווי ער איז צו מיר געקומען דאָ אין רבה.

— אויב אזוי טו פאר וואָס זאָגסטו מיר נישט ווער איז דער נייער וועלכער האָט דיין הארץ געפאנגען?

— וואָס פאר א נוצען וועסטו האָבען, אויב דו וועסט שוין וויסען. די בעסטע זאך פאר דיר וועט איצט זיין מיך אינגאנצען צו פארגעסען.

— צו פארגעסען אזא שעהנע פרוי ווי דו ביזט?! — האָט גרים אויסגערופען — אָ, ניין! דאָס וועט קיינמאָל נישט געשעהן.

— אָבער איך זאָג דאָך דיר, אז איך וועל ווערען די פרוי פון אן אנדער מאן, און איך האָף צו בלייבען איהם געטריי.

— און וואָס וועט יענער מאן טאָן צו דיר ווען ער וועט אויסגעפינען וואָס פאר א לעבען דו האָסט געפיהרט דאָ אין רבה.

— איך האָב איהם אלץ דערצעהלט, און ער איז מיר מוחל, און איז וויליג מיר צונעמען צו זיך.

— האָסטו איהם אויך דערצעהלט וועגען מיר? — האָט גרים איהר געפרעגט.

— ניין! איך האָב פון דיר גאָרנישט גערעדט, ווייל דו ביזט קיינמאָל נישט געווען וויכטיג אין מיין לעבען. איך האָב דיך קיינמאָל נישט געליעבט, און דו קענסט ביי מיר פאררעכענט ווערען ווי איינער פון גאס...

— און דאָס וואָס דו האָסט מיט מיר צוזאמען אין מיין וואָהנונג פארבראכט איניגע וואָכען, האָסטו איהם דערצעהלט?

— ניין, אָבער איך האָב קיין מורא נישט ווייל איך בין זיכער, אז ער וועט מיר אלץ מוחל זיין... ער האָט מיר געזאָגט אז איהם ארט נישט וואָס מיט מיר האָט פאסירט. אויב איך וועל ווערען זיין קעבסווייב, וועט ער אינגאנצען פארגעסען מיין פארגאנגענהייט.

— אָ, דו וועסט ווערען זיין קעבסווייב! — האָט גרים אויסגערופען — דאָס איז עפּעס אנדערש... דאן וועסטו זיך געוויס קענען זעהן מיט מיר ווען עס איז... איך האָב געוואוסט, אז אינגאנצען פארלאָרען צו מיר וועסטו ניט זיין...

— דו וועסט דארפען אָן מיר אינגאנצען פארגעסען—האָט רעומה איהם געזאָגט — איך וועל מיט דיר אזוי גוט ווי מיט עמרי'ן, מעהר גאָרנישט האָבען צו טאָן... און איך האָף, אז דו וועסט מיך אויפהערען צו באלעסטיגען.

— איך וועל דיר נישט באלעסטיגען ווען דו וועסט מיר זאָגען ווער איז דער מאן מיט וועמען דו ווילסט געהן.

— איך וועל דיר זיין נאָמען נישט זאָגען! — האָט רעומה אויסגערופען— עס וועט זיין בעסער פאר אונז ביידען אז דו זאָלסט נישט וויסען זיין נאָמען.

— און איך פארזיכער דיר, אז איך וועל זיך דערוויסען — האָט גרים געזאָגט — איך וויים, אז ער געפינט זיך איצט אין רבה און עס וועט מיר לאנג

נישט נעמען אויסצוגעפינען ווער ער איז און וואו ער וואָהנט.

— אָבער דו וועסט דאָך מיר קיין שלעכטעס נישט טאָן? — האָט רעומה געזאָגט מיט בעטענדע בליקען.

— אויב מיר וועלען זיך פאַנאַנדערגעהן ווי פריינד, וועל איך געוויס דיר קיין שלעכטעס נישט טאָן. אָבער, אַז דו וועסט אוועקגעהן פון מיר און מיר באַטראַכטען אַלס א שונא, וועל איך דיר געוויס באַהאַנדלען ווי אַזעלכער.

— אָבער איך באַטראַכט דאָך דיר ווי א פריינד!

— און א פריינד באַהאַנדעלט מען אַזוי?

— האָב איך דען דיר נישט גוט באַהאַנדעלט? — האָט רעומה איהם געפרעגט.

— ווי אַזוי קענסטו עס אָנרופען גוט, אַז דו ווילסט מיר אפילו נישט זאָגען מיט וועמען דו געהסט אוועק פון מיר.

— איך וועל דיר זאָגען! — האָט רעומה אויסגערופען — אָבער דו מוזט מיר פאַרשפּרעכען אַז דו וועסט צו איהם קיין וואָרט נישט אויסריידען אַזוי לאַנג ווי ער געפינט זיך אין רבה.

— איך פאַרשפּרעך דיך! — האָט גרים אויסגערופען.

— ער איז א רייכער סוחר פון דעם לאַנד גלעד.

— און ווי איז זיין נאָמען?

— זיין נאָמען איז אויך גלעד.

— אָה, איך ווייס שוין ווער דאָס איז! — האָט גרים אויסגערופען — ער קומט פון דער שטאָדט מצפּה.

— ריכטיג, אָבער פון וואַנען קענסטו איהם?

— דו פאַרגעסט, אַז איך בין אין דיזער שטאָדט געבאָרען געוואָרען, און איך קען יעדען סוחר וואָס קומט אַהער פון פאַרשידענע אַנדערע לענדער. אָ, עס איז גלעד... הם... איצט פאַרשטעה איך, צו זיין רייכטום האָט דיך געצויגען.

— ניין! מאַכסט א טעות, גרים, איך שטים איין מיט איהם צו געהן, ווייל ער פאַרשטעהט מיך בעסער ווי דו און עמרי... ער איז ווילּיג אָפּצומעקען אין גאַנצען מיין פאַרגאַנגענהייט...

— און איך? — בין איך דען נישט געווען ווילּיג צו פאַרגעסען דיין ליבע צו עמרי'ן?

— פאַר דיר, אַלס אַן עמוני, מיינט עס דאָך אַלץ איינס גאָרנישט, אָבער אויב איינער פון מיין פאָלק, איז ווילּיג מיך צוצונעמען צו זיך און פאַרגעסען מיין פאַרגאַנגענהייט, איז עס ביי מיר זעהר אָנגעלעגט, און איך וועל מיט גרויס צופרידענהייט אָננעמען זיין פאָרשלאָג.

— און איך בין דאָס איצט צו דיר געקומען אָנצוזאָגען די גוטע נייעס, אַז איך בין דערהויבען געוואָרען צו אַן אָפיציר אין דער אַרמעע פון עמון. איך האָב געמיינט, אַז ווען דו וועסט וויסען ווי אַזוי דער גענעראַל האַלט פון מיר, און אַלע קענען פאָראויסזעהן פאַר מיר א גלענצענדע צוקונפט אַלס א פיהרער פון אַן אַרמעע, וועסטו זיך אינגאַנצען ענדערען, און דו וועסט ווערען מיין פרוי...

— דאָס איז אוממעגליך! איך, אַלס אידישע טאָכטער, האָב קיינמאָל דיין פרוי נישט געקענט זיין און אפילו ווען דו וואָלסט געווען דער גענעראַל אַליין... בפרט אַז איך ווייס, אַז דיין פאָלק האַסט מיין פאָלק און זוכט איהם שטענדיג צו פאַרשאַפען צרות.

— אָבער פונדעסטוועגען פיהרען מיר מסחרים איינער מיט'ן צווייטען. האָט דען געטראָפען אַז מיר זאָלען באַלעסטיגען אין אונזער שטאָדט א סוחר פון ישראל?

— ווערדאָס וואָלט פאַסירט, וואָלטען די אידען נישט געהאַנדעלט מיט דיין פאָלק. זיי וואָלטען געהאַנדעלט מיט אַנדערע פעלקער, און דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז עמון נויטיגט זיך אין דעם מסחר פון ישראל...

— איך בעט דיר, רעומה, פאַרלאָז מיך נישט, איך וועל דיר אויך קענען געבען אַלץ וואָס דיין האַרץ גלוסט...

איך האָב דיך ליעב און איך וועל דיר נעמען פאר מיין פרוי. איך וועל מיין ערשטע פרוי פון זיך פארטרייבען, ווייל איך האָב שוין לאנג איהר אויפגעהערט צו ליבען.

— און איך וואָלט דיר געראטען דו זאָלסט אזא זאך נישט טאָן. דיין פרוי האָט צו דיר קינדער געבוירען, און ווען א פרוי איז די מוטער פון דיינע קינדער, איז זי נישט ווערט אזוי באהאנדעלט צו ווערען פון דיר.

— אָבער איך האָב איהר נישט מעהר ליעב... איך האָב דיך ליעב און איך וואָלט וועלען דו זאָלסט מיט מיר קומען וואָהנען, ווי דו האָסט עס געטאָן פריהער, און אויב מיין פרוי וועט דיר ניט שטעהן אין וועג, וועל איך איהר צורוה לאָזען.

—דאָס וועט קיינמאָל נישט געשעהן, מיין באשלוס וועל איך נישט ענדערען, און דו גרים, פארגעס מיך אינגאנצען.

— איך וועל דיר קיינמאָל נישט פארגעסען — האָט ער זיך אָפּגערופען — איך קען דיר נישט לאָזען אוועקגעהן פון מיר. איך ליעב דיך!

— אָבער איך ליעב דיר נישט! און איך האָב דיר קיינמאָל נישט געליעבט — האָט רעומה געזאָגט — און איצט לאָמיר זיך אָפּשיידען ווי גוטע פריינד.

—יע, ווי גוטע פריינד! — האָט גרים ווידערהאָלט איהרע רייד —אָבער אויב מיר בלייבען גוטע פריינד, וועסטו דאָך נישט האָבען דאגעגען אז איך זאָל דיר אמאָל קומען באזוכען.

— אָה, ניין! ניין! — האָט זי אויסגערופען — דו טאָרסט צו מיר קיינמאָל נישט קומען! איך וויל זיין געטריי צו גלעד'ן און אַמזיסט וועט דיין טרחה זיין...

— ווען א פריינד וועט צו דיר קומען וועסטו איהם זיכער נישט באהאנדלען ווי א שונא? — האָט גרים א שמייכעל געטאָן — איך ווינש דיר גליק דערוויי, און איך וועל זיך נאָך מיט דיר זעהן אין מצפּה...

— דו וועסט עס צו מיר נישט טאָן!

—האָט רעומה אויסגערופען — אויב דו ביזט ווירקליך מיין פריינד וועסטו מיר צורוה לאָזען... האָב איך דען שוין נישט גענוג געליטען...

— פארשאפט דיר דען מיין געגענווארט ליידען? — האָט גרים איהר געפרעגט.

— נישט דאָס מיין איך... דו ווייסט דאָך, ווען דו וועסט קומען אין מצפּה נאָכדעם ווי איך וועל געהערען צו גלעד'ן, וועט עס דען מיר נישט פארשאפען קיין שמערצען?... גלעד וועט מיר שטעלען פראגען און איך וועל איהם אלץ מוזען ערקלערען און ווער וויים ווי ער וועט עס אננעמען.

— דו דארפסט זיך פאר דעם גאָרנישט שרעקען! — האָט גרים אויסגערופען — אויב איך וועל ווען עס איז באזוכען מצפּה, וועל איך עס טאָן אזוי ווי גלעד טהוט, ווען ער באזוכט אונזער שטאָדט, רבה...

— וואָס מיינסטו?

— איך מיין, אז איך וועל אין מצפּה קומען אלס סוחר פון עמון... און איך בין זיכער, אז דיינע ברידער וועלען ניט באלעסטיגען קיין סוחר פון עמון, אזוי ווי מיר באלעסטיגען נישט קיין סוחר פון ישראל.

— קענסטו מיר צושווערען אז דו וועסט גלעד'ן קיינמאָל נישט דערציילען וועגען אונזערע באציהונגען.

— איך קען דיר שווערען ביי די געטער פון עמון, אָבער מיט דעם באדינג אז ווען איך וועל קומען אלס גאַסט אין דיין שטאָדט, זאָלסטו מיך נישט פארראטהען און זאגען, אז איך בין נישט קיין סוחר, נאָר אן אָפיציער אין דער ארמעע פון עמון.

— געוויס וועל איך קיינעם נישט זאָגען ווער דו ביזט — האָט רעומה זיך אָפּגערופען — איך אליין וועל דאָך זיין פאראינטערעסירט אין דעם דאָס קיינער זאָל נישט וויסען אז איך קען דיר, טו ווי אזוי וועל איך קענען דערצעהלען ווער דו ביזט.

— דו ביזט גערעכט, וועגען דעם

האָב איך גאָרנישט געטראכט — האָט גרים געזאָגט — אויב אזוי צושיידען מיר זיך ווי גוטע פריינד — האָט ער איהר דערלאנגט זיין האנט.

— יע, ווי גוטע פריינד — האָט רעומה אָנגענומען זיין האנט — איך ווינש דיר גליק און אין דעזעלבער צייט וויל איך דיר אָבדאנקען פאר אלץ וואָס דו האָסט פאר מיר געטאָן.

גרים איז שנעל ארויס פון איהר הויז און רעומה האָט פרייער אָפּגעאָטעמט... נאָך אלעמען איז איהר גאָרנישט אזוי שווער אָנגעקומען. זי האָט זיך געריכט אז ער וועט שטורמען און סטראשען... אָבער ער האָט זיך געלאָזט בויגען. איצט האָפט זי, אז זי וועט קענען אזוי טאָן אויך צו עמרי'ן... זי ווייס אז מיט איהם וועט זי האָבען א גאנץ שווערע אויפגאבע. ווען ער וועט זיך דערוויסען אז זי געהט ווערען א פּלגש צו א רייכען מאן פון מצפה, וועט ער איהר ניט אָפּלאָזען, אָבער זי האָט דאָך איהם איינמאָל פאר אלע מאָל ערקלערט, אז זי האָט איהם מעהר נישט ליעב, און וועט פון איהם איצט פארלאנגען, אז ער זאָל זי צורוה לאָזען.

רעומה האָט ארייגערופען איהר דינסט און זי האָט איהר געפרעגט אויב עמרי איז דאָ געוועזן.

ווען די דינסט האָט איהר געענטפערט אז נישט, האָט זי זיך בארוהיגט.

— ווען ער וועט קומען זאָלסטו מיר גלייך ארייגעהן אָנזאָגען — האָט זי געזאָגט איהר דינסט.

אין אָווענט איז עמרי געקומען. ער איז געוועזן איבערראשט ווען ער האָט אויסגעפונען, אז רעומה וויל איהם גלייך זעהן.

— דו האָסט זיך ארומגעזעהן—האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען — איך האָב אָבער געוואוסט, אז דו וועסט ענדערען דיין מיינונג וועגען מיר, און איצט בין איך געקומען דיר אָנזאָגען, אז איך וועל דיר אוועקנעמען פון דאָנען... איך האָב אָנגעזאמעלט גענוג רייכטום און מיר וועלעןביידע קענען זיך באזעצען אויף דעם צווייטען זייט ירדן, אין דעם שבט יהודה אָדער בנימין.

— דו ביזט געקומען צו שפּעט — האָט רעומה איהם געזאָגט מיט א שמייכעל — איך וועל פארלאָזען עמון, אָבער נישט מיט דיר.

— מיט וועמען דען ווילסטו פערלאָזען רבה? — האָט איהר עמרי אנגעקוקט מיט ערשטוינונג — ווילסטו זיך צוריקקעהרען צו דיינע עלטערן?

— דו מיינסט איך זאָל זיך אומקעהרען צו מיין פאטער? אָה, ניין, דאס וועל איך קיינמאָל נישט טאָהן, און דו, וואלסטו זיך געקענט אומקעהרען צו אונזער שטאָדט?

— יע, איך בין רייך גענוג צו בעצאָהלען דעם חוב צו זרח'ן און אויך צו מיין בעל הבית וועלכער האט מיר פאר א קנעכט אפּגעקויפט. יע, איך קען זיי אלעמען אפּצאהלען.

— דו וואלסט בעגאנגען א גרויסע נארישקייט ווען דו קעהרסט זיך אום צוריק צו אונזער שטאָדט—האט רעומה געזאגט מיט א שמייכעל — נאָך אלעמען ביזטו פון דארטען ענטלאָפען אלס קנעכט און אלס גנב.

— איך האב וועגען דעם אפילו נישט געקלערט, אבער ווען דאס וואלט געווען דיין פערלאנג וואלט איך דאס אויך געטאָהן. ווייל מיין ליעבע צו דיר יעצט איז אזוי שטארק ווי דאן.

— און איך קען דאס זעלבע וועגען דיר נישט זאגען! — האט רעומה זיך אפּגערופען — ווען דו ביזט דאָ אנגעקומען און מיר אין גאנצען בעשולדיגט, האב איך זיך ארומגעזעהען אז דיין ליעבע צו מיר איז קיין מאָל ניט געווען אויפריכטיג און אין יענעם מאָמענט האב איך דיר אנגעפאנגען צו האסען...

— אבער דו וועסט דאך מיר פערשטעהן אז איך בין דאן אזוי ערשיטערט געווארען אז איך האב נישט געוואוסט וואס איך רייד... דו וועסט דאך מיר מוחל זיין רעומה?

— איך בין דיר מוחל!

— אויב אזוי קום מיט מיר !—האט עמרי איהר געוואלט ארומנעהמען.

— דאס וועל איך נישט טאָהן ! — האט זי זיך אפּגערוקט פון איהם — איך וועל מיט דיר שוין קיינמאָל נישט געהן!

— איך וועל דיך נישט אפּלאזען !

— האט עמרי אויסגערופען — דו ווייסט אז דו האסט מיך נאָך ליעב און מיר וועלען ביידע צוזאמען גליקליך זיין !

— מיין הארץ געהערט שוין צו א צווייטען ! — האט רעומה געזאגט — און דו דארפסט אָן מיר אין גאנצען פערגעסען !

— איך וויים ווער דער צווייטער איז ! — האט עמרי געשטורעמט—דאס איז דער עמוני גרים ! איך האב איהם נאכגעפאלגט און איהם פיעלע מאָל געזעהען אין דיין געזעלשאפט. איך וועל איהם צום טויט דערשלאָגען ! איך וויל נישט דערלאָזען אז דער עמוני זאָל דיר פון מיר אוועקרויבען.

— דו רעגסט זיך אויף אומזיסט !— האט איהם רעומה קאלט געענטפערט — נישט גרים איז דער מאן מיט וועמען איך וועל פארלאָזען רבה. ניין ! איך האב נישט לאנג צוריק איהם אויך פון מיר אוועקגעשיקט. איך האב איהם גאנץ דייטליך געזאגט, אז ער האט גאר נישט פון מיר צו טראכטען. איך וועל מעהר קיין זונה נישט זיין איך וועל ווערען אן עהרליכע פלגש צו א וויכטיגען מאן אין ישראל !

— וואס רעדסטו ? — האט איהר עמרי אנגעקוקט מיט ערשטוינונג — דו וועסט ווערען א פלגש ! אין דער צייט ווען דו קענסט ווערען מיין ריכטיגע פרוי.

— איך וועל בעסער זיין א פלגש צו א מאן וועלכער פערשטעהט מיך און וועלכער האט מיך מיט זיין גאנצען הארצען פערגעבען. איידער א פרוי צו דיר, וואס ביי יעדע געלעגענהייט וועסטו מיך אויפווארפען מיין שענדליכע פערגאנגענהייט.

— ניין ! איך וועל דערצו נישט דער־לאָזען ! — האט עמרי געקריצט מיט די צייהן ! — דו וועסט מיט מיר געהן אז נישט....

— אז נישט, וואס ? — האט זי זיך א קרים געטאָהן — וועסטו פיליכט סטראשען אויך דעם אידישען מאן צו ערמאָרדען ?

— נישט איהם ! אבער איך זאג דיר אז דו וועסט נאכהער חרטה האבען. איך וועל אין דעם נישט שווייגען ! דו האסט מיך שוין איינמאָל פערראטהען און יעצט גלויבסטו אז איך וועל דערלאָזען דערצו אז אימיצער אנדערש זאָ דיר פון מיר אויף אימער אוועקנעמען ?!

— וואס וועסטו טאָהן ?

— דו וועסט געהערען צו מיר !

— און וואס אז איך וועל מיט ד נישט געהן ?!

— איך וועל דיר דערצו צווינגען !

— דו מיינסט אז איך בין דיזעלב רעומה וואס איך בין געווען אין מיי פאטער'ס הויז. זינט דאן האט זיך אלע געענדערט. איך האב פאר דיר קיין מור נישט ! און איך זאג דיר, אז דו זאלס נאכטאָהן דעם ביישפּיעל פון דעם עמו גרים און מיך צורוה לאָזען.

— איך וועל נישט רוהען ביז וואנ איך וועל דיר צוריק קריגען פאר זיך

— דאס זיינען פאלשע האָפנונגען איך וועל צו דיר קיינמאָל נישט געהן

— האט רעומה א זאג געטהאָן — או יעצט בעט איך דיר דו זאלסט מיך פער־לאָזען, און מעהר קיינמאָל נישט קו־מען מיר צו בעלעסטיגען.

— דאס וועל איך דיר קיינמאָל נישט צוזאגען ! — דער טאָג ווען איך וועל זיך איבערצייגען אז דו וועסט צו מיר קיינמאָל נישט געהערען, וועט זיין דער לעצטער פאר דיר !

— איך האב פאר דיר קיין מורא נישט ! — האט זיך רעומה פארנאנדערגעלאכט — דער מאן צו וועמען איך וועל געהערען האט מאכט און רייכטו און ער וועט מיך בעשיצען !

— איך וויל דיר נישט סטראשען !—

האט שוין עמרי געזאגט מיט א ווייכערע שטימע — אבער איך בעט דיר, דערמאָהן זיך אָן יענע יאהרען, ווען מיר פלעגען זיך ביידע אין פעלד טרעפען פיטערנדיג די שאָף. געדענקסטו די לידער וואָס דו פלעגסט פאר מיר זינגען? איך פלעג פון דיר מיינע אויגען נישט ארונטערנעהמען, איך דערמאָהן זיך אָן יענע גליקליכע צייט. אָט איז א שעפעלע פון דיין סטאדע ענטלאָפען, און איך האב דיין קלינגענדע זיסע שטימע געהערט. איך בין דאן צו דיר צוגעלאָפען און ווען דו האסט מיר אויף דער פערבלאָנדזשעטע שעפעלע אנגעוויזען, האב איך זי אויף מיינע הענט צו דיר צוריק געבראכט. דאן האבען זיך אונזערע ביידענס בליקען בעגעגענט און ווי אנגענעהם עס איז פאר מיר געווען צו שטעהן נעבען דיר און ארייַנקוקען אין דיינע שעהנע אויגען, און בעהערשען מיין שטארקען פערלאנג צו קושען דיינע ליפען.

— יע, און געדענקסטו דעם שעהנעם קראנץ בלומען וואס דו האסט פאר מיר אויסגעפלאָכטען — האבען זיך טרערען בעוויזען אין רעומה'ס אויגען, דו ביזט אויף דיינע שפיץ פינגער פון הינטען צו מיר צוגעגאנגען און דעם קראנץ בלומען אויף מיין קאָפ ארויפגעטאָהן. איך האב זיך בעת מעשה דערשראָקען. אבער ווען איך האב דיר דערזעהען, איז מיין שרעק אין גרויס פרייד פערוואנדעלט געווארען. אָ, יענע גליקליכע יאהרען. זיי וועלען זיך שוין מעהר קיין מאָל נישט אומקעהרען.

—געדענקסטו יענעם שעהנעם אבענד ווען איך בין ביי דיין פענסטער געשטאַנען. דו האסט דיין שעהנע קאָפ ארויסגעבויגען און איך האב דיינע לאָקען געקושט. מיר האבען ביידע געפלאנעוועט וועגען אונזער גליק. מיר האבען גערעדט וועגען אונזער חתונה און פלוצלינג איז צו אונז דערגאנגען די שטימע פון דיין שטיפמוטער, א טויט שרעק איז אויף אונז ביידען אנגעפאלען.

— יע, און דאס איז געווען דער אנפאנג פון מיינע צרות! — האט רעומה א זיפץ געטאָהן.

— יע, איך האב זיך דאן בענארישט! איך בין געווען אזוי גליקליך מיט דעם געדאנק אז דורך דעם ווערסטו געהערען צו מיר, אז איך האב אפילו נישט געטראכט וועגען דער גרויסער סכנה וואס שטעהט מיר פאָר. עס איז דאָך געווען אזוי פערשטענדליך אז מיין בעל הבית זרח וועט זיך כאפען וועגען דער גנבה. איך האב אבער געמיינט אז דערווייל וועט דיין פאטער געבען זיין צושטימונג און דו וועסט געהערען צו מיר. ווער האָט זי געקענט טראכטען, אז דיין פאָטער וועט דעם זעלבען אבענד אוועקגעהן צו זרח'ן און איהם זאגען אז ער פערדעכטיגט מיר.

— נאָך יעצט געהט דורך א שוידער איבער מיין לייב, ווען איך דערמאָן זיך ווי דער ברודער פון מיין שטיפמוטער האט מיר לאכענדיג אנגעזאגט די בשורה אז דו ביזט פערהאלטען געווארען פאר גנבה — האט רעומה טרויעריג א זאָג געטאָהן — איך וועל קיינמאָל נישט פערגעסען ווי איך בין געלאָפען מיט אזוי פיעל אימפעט. איך האב געמיינט אז איך וועל דיר קענען ראטעווען. איך בין געפאלען צו מיין פאטער'ס פיס. אבער אלע האבען פון מיר חוזק געמאכט. ווי שרעקליך און טרויעריג זיינען יענע טעג און נעכט פאר מיר געווען. איך וויים נישט וואו איך האב מיין מוטה געקראגען צו מאכען אזא געפעהרליכען שריט. אבער מיין לעבען איז מיר אלץ איינס נמאס געווארען. מיר האט שוין נישט געארט וואס מיט מיר וועט פאסירען. און אין אזא שטורמישע און רעגענדע נאכט האב איך זיך אין וועג געלאָזען.

— און יעצט האט אונז דאס מזל ווידער צוריק געבראכט. פארוואס זאָלסטו מיט מיר נישט געהן? — האט עמרי ווידער געזאגט ווען ער האט דערזעהען די שטארקע ווירקונג וואס זיינע לעצטע רייד האבען אויף איהר געהאט.

— איך האב שוין גענוג געליטען!

פאַרוואָס זאָל איך ווייטער ליידען ! — האט רעומה איהם געענטפערט—גרוים איז מיין שמחה געווען ווען איך האב דיר צום ערשטען מאָל דערזעהען איז רבה, אבער נאָך גרעסער איז מיין ענטוישונג געווען אין דיר ווען איך האב דיינע רייד געהערט. ווען איך האב דעם צאָרן פון דיין פנים דערזעהן. איך האב פון דעם פייער פון דיינע אויגען דערזעהן די פעראַכטונג און שנאה וואס דו טראָגסט אויף מיר און דאן האָב איך געוואוסט אז אלעם צווישען אונז איז געענדיגט, ווי א רויך וואס איז פון דעם ווינט פערטריבען, אזוי איז מיין ליעבע צו דיר אוועק. איך האב געקראָגען א שנאה צו דיר. און אפילו יעצט ווען מיין האס צו דיר איז ארונטער, בין איך בלויז גלייכגילטיג צו דיר.

— איז עס מעגליך אז די אלע וואונדערבארע עראינערונגען און געפיהלען וואס דו האסט צו מיר געהאט זאל אפגעווישט ווערען מיט א בלאָז פון אזא לייכטען ווינטעל ? — האט עמרי איהר געקוקט.

— יע, דאס איז אבער געווען נישט קיין לייכטער ווינטעל ! עס איז געווען א שטורעם ווינט און אלעם אויסגעריסען מיט די וואָרצלען. עס איז אמאָל געווען א שעהנער גליקליכער חלום און יעצט איז ער אין גאנצען פערשוואונדען.

— איך שווער דיר אז איך וועל דיך ליעב האבען אזוי שטארק ווי פריהער. איך וועל צו דיר קיין אנדער פרוי נישט נעהמען.

— א ליעבע וואס דארף פארזיכערט ווערען פון א שבועה איז קיין ליעבע נישט... ווען דו וואָלסט מיר ווירקליך געליעבט, וואלסטו צו מיר אזוי ניט גערעדט.. ווען דיר איז גאנץ גוט בעוואוסט געווען אז דאס האָב איך געטהאָן צוליעב דיר.

— אָבער יעצט אז איך בין וויליג אלעם צו פארגעסען, און דו האָסט דאך מיר געזאָגט אז דו ביזט מיר מוחל, טו

פאַרוואָס זאָלסטו ניט וועלען ●יט מיר מיטגעהן ?

— איך האָב דאך דיר שוין געזאָגט

— איך האָב מיין הארץ אימיצען אנדערש אָפּגעגעבען. דו ביזט צו מיר אין גאנצען פאררעכענט ווי א פרעמדער. מיין ליבע צו דיר איז אין גאנצען אָפּגעקיהלט געווארען. איך וויים ניט אויב איך בין גערעכט אָדער אומגערעכט. אָבער אזוי פיהל איך. און געפיהלען זיינען גאנץ אָפּט פיעללייכט נישט אין איינקלאנג מיט'ן שכל און פארשטאנד, מיין אנטלויפען פון מיין פאָטער'ס הויז איז אויך געווען די פאָלגע פון מיינע געפיהלען, כאָטש לויט'ן שכל האָב איך דאס ניט געדארפט טהאָן.

— פארשאָלטען זאָל ווערען דער טאָג ווען דו ביזט אָנגעקומען אין עמון !— האָט עמרי אויסגערופען— ווען דו וואָלסט פארוואנגעלט געווארען אין אן אנדער אידישע שטאָדט וואָלט...

— וואָלט איך קיין זונה ניט געווארען ! אָט דאס מיינסטו, נישט אמת...

— יע, איך מיין דאס. און דאן וואלט אלעם אנדערש געווען. איך וואָלט דאך צו דיר אזוי ניט גערעדט דעם ערשטען טאָג וואס איך האָב דיר צוריק געפונען. און דו וואָלסט מיין ליעבע יעצט נישט צוריקגעשליידערט.

— געה עמרי אוועק אין שלום, דו וועסט נאָך געפינען א מיידעל וועלכע וועט ווערט זיין געליעבט צו ווערען פון דיר, וועמענס פארגאנגענהייט איז ריין. און דו וועסט מיט איהר גליקליך זיין!

— איך וועל מיט קיינעם ניט גליקליך זיין אויסער דיר ! — האָט עמרי אָנגענומען איהר האנט. קום מיט מיר, איך בעט דיר.

— אָ ניין, צווישען אונז ביידען ליגט א תהום, וואס טהיילט אונז פאנאנדער — האָט רעומה צוריק געצויגען איהר האנט. געה עמרי איך בעט דיר. איך בין מיעד יעצט !

— וועל איך צו דיר מארגען קומען, ווען דו וועסט זיך האָבען אויסגערוהט.

— איך וואָלט וועלען אז דאס זאָל

זיין דאס לעצטע מאָל וואס דו ביזט צו מיר געקומען ! — האָט רעומה געזאָגט — ווען איך וועל אוועק געהן מיט גלעד'ן, ווייל ארך אז אלעס וואס האָט צו טהאָן מיט מיין פארגאנגענהייט זאָל אָפּגעווישט ווערען פון מיין זכרון.

— מיט גלעד'ן ? ! — האָט עמרי איהר געפרעגט — מיט גלעד'ן דעם רייכסטען מאן אין מיצפּה ?

— איך ווייס ניט אויב ער איז דער רייכסטער מאן, אָבער אז ער קומט פון דער שטאָדט מיצפּה, דאס בין איך זיכער.

— המ... האָסטו מיר אויסגעביטען אויף איהם, ווייל ער איז רייך !

— דו ווייסט, אז דאָס איז ניט אמת. אפילו ווען ער וואָלט געווען ארים וואָלט איך איהם אויך פארגעצויגען בעסער פון דיר, ווייל ער האָט א ברייטערע הארץ פון דיר. און אחוץ דעם האָסטו דען מיר אליין נישט געזאָגט אז אויך דו ביזט גאנץ רייך...

— יע, אָבער מיין רייכטהום איז צו מיר געקומען דורך רויב, און איך בין פאררעכענט פאר אן אויסוואורף... אָבער דו ווייסט דאך אז דאס האָב איך אלץ געטהאָן צוליעב דיר !

—האָב איך דיר דען פארגעווארפען וועגען דעם ? דו ביזט דאך גלייך ארויפגעפאלען אויף מיר. דיין פּנים האָט געפלאַטערט און דיינע אויגען האָבען געברענט פון צאָרן. דו ביזט גרייט געווען מיר צום טויט דערשלאָגען.

— אָבער ווען מיין כעס איז פאראיבער, האָב איך גלייך חרטה געקראגען אויף מיינע רייד... און איך בין צו דיר געקומען א צווייטען מאָל און דיר דערפון געזאָגט.

— וואס איז דער נוץ פון דיינע רייד. דו ווידערהאָלסט די זעלבע זאך. איך האָב דאך דיר געזאָגט וועגען מיין בעשלוס און אזוי וועט עס בלייבען.

— הייסט דאס אז דו געהסט אוועק מיט גלעד'ן פון מצפּה ? — האָט עמרי געזאָגט מיט א ביטערען שמייכעל אויף זיינע ליפּען.

— האָסטו דען געהערט פון איהם ?

— אזא מאן ווי איך, האָט געהערט פון אלע רייכע מענער וועלכע וואוינען אויף דיעזער זייט ירדן !

— איך האָף אז דו וועסט קיין פארזוך נישט מאכען איהם צו בערויבען!

— האָט רעומה זיך אָפּגערופען.

— ביז יעצט האָב איך נאָך קיינעם פון מיינע ברידער נישט בערויבט, אויסער זרח'ן און אויך איהם וועל איך אומקעהרען זיין פארלוסט... אָבער איך וועל צוריקקריגען פון גלעד'ן דאס וואס בעלאנגט צו מיר !

— איך בעלאנג ניט צו דיר און איך בעט דיר דו זאָלסט צו מיר מעהר אזוי נישט רעדען !

— דו בעלאנגסט צו מיר און צו מיר וועסטו זיך צוריק קעהרען.

— סיידען א טויטע ! — האָט רעומה אויסגערופען. כל זמן איך לעב וועל איך צו דיר נישט געהן.

— זאָל זיין א טוידטע ! אָבער דו וועסט געהערען צו מיר ! — האָט עמרי זיך א קלאפּ געטהאָן מיט זיין פויסט אין הארצען. יע, צו מיר וועסטו געהערען.

— הייסט עס אז דו סטראשעט מיך צו טויטען אויב איך וועל זיך צו דיר נישט אומקעהרען ! — האָט זי זיך א קרים געטהאָן — אזוי האָט צו מיר גערעדט גרים, דער עמוני. אָבער איך קען אייך ביידען פארזיכערען אז איך האָב פאר אייך ביידען קיין מורא נישט... יעצט זעה איך אז דו ביזט מעהר פערעקשנ'ט ווי גרים. ער איז אוועק פון מיר מיט פריעדען. מיר זיינען פארבליבען פריינד און דו וועסט פון מיר אוועק געהן אלס א שונא, וועלכער וועט שטענדיג זוכען נקמה אָן מיר !

— איך בין אימער דיין פריינד געווען און וועל פערבלייבען דיין פריינד!

— האָט עמרי געזאָגט און ווען דו וועסט זיך ווען עס איז נויטהיגען אין מיין הילף, בין איך שטענדיג גרייט... פון צייט צו צייט וועל איך בעזוכען מיצפּה און אויסגעפינען ווי אזוי דו פיהלסט.

— איך וועל דיר זאָגען אז איך האָב

גלעד'ן דערצעהלט פון דיר, אז דו ביזט געווען מיין ערשטער געליעבטער, און ווען ער וועט זיך דערוויסען אז דו געפינסט זיך אין מצפה וועט ער דיר זיכער שלעכטעס טאָהן, און אזוי ווי מיר וועלען זיך פערשיידען אלס פריינד, וואלט איך נישט וועלען אז עפּעס שלעכטעס זאָל צו דיר געשעהן ! און אין דער זעלבער צייט וואָלסטו דאך ניט געוואָלט מיר צו פאראורזאכען אונאנגענעהמעס.

— איך וועל זעהר פארזיכטיג זיין אז דיין מאן גלעד זאָל פון מיינע בעזוכען אין מצפה נישט אויסגעפינען!— האָט עמרי געזאָגט — אָבער פון צייט צו צייט וועל איך דיר מוזען זעהן...

— מיט דער צייט וועסטו מיר אין גאנצען פארגעסען... און אזוי איז אויך מיין עצה צו דיר. זוך זיך דיר אויס א צווייטע מיידעל און נעהם איהר אלס דיין ווייב און הער אויף צו טראכטען פון מיר. דאס וועט זיין א סך בעסער פאר אונז ביידען.

— דאס וועט קיין מאָל ניט געשעהן!

— האָט עמרי אויסגערופען און אין זיין שטימע איז געווען פארביטערונג.

— אויב אזוי געה בשלום, און געדיינק אז מיר טהיילען זיך פאנאנדער ווי פריינד און נישט ווי קיין שונאים — האָט זי איהם דערלאנגט איהר האנט.

עמרי האָט צוגעטראגען איהר האנט צו זיינע ליפּען, און זיך גלייך א קעהר געטהאָן צום טיהר.

— פריעדען צו דיר ! — האָט ער געזאָגט און שנעל פארלאָזען איהר הויז.

רעומה האָט זיך א וואַרף געטהאָן אין איהר בעט און זיך פאנאנדערגעוויינט... זי ווייס אז טיעף אין הארצען טליעט נאָך א פונק פון ליעבע צו יענעם פאסטוך פון איהר שטאָדט, וועלכער האָט צוליעב איהר א פארברעכען בעגאנגען — אָבער ניין. זי קען שוין מעהר צו איהם ניט געהערען! זי וועט געהן מיט גלעד'ן.... זי האָט בעטראכט די ציערונג וואס גלעד האָט איהר געגעבען. ער איז געווען אזוי גוט צו איהר. ער האָט זיין פארשפרעכען געהאלטען און געקומען נאָך פריהער ווי זי האָט ערווארטעט.

אויף מאָרגען ווען זי איז אויפגעשטאנען האָט זי אוועקגעשיקט איהר דיענסט צו דער קרעטשמע וואו גלעד איז איינגעשטאנען און איהר געהייסען זאָגען גלעד'ן אז זי וויל זיך מיט איהם זעהן.

גלעד איז באלד געקומען און רעומה האָט איהם אויפגענומען מיט א פריינדליכען שמייכעל.

— איך האָב גענומען דריי טעג צייט צו בעטראכטען דיין פארשלאג. אָבער איך האָב זיך בעזינט און מיין בעשלוס פריהער געמאכט.

—און וואס איז ער ? — האָט גלעד מיט אומגעדולד אויסגערופען.

— איך האָב בעשלאָסען אָנצונעהמען דיין פארשלאג.

— און דו וועסט ווערען מיין קעבסווייב ?

— יע, איך וועל ווערען דיין קעבסטווייב, און איך בעט דיר, גלעד, נעהם מיך פון דאנען אוועק וואס שנעלער. איך וויל אין דער הויפּטשטאָדט פון עמון קיין איבעריגען טאָג ניט פארבלייבען. איז עס מעגליך אז מיר זאָלען נאָך היינט אָפּרייזען פון רבה ? — האָט רעומה איהם געפרעגט.

— געוויס ! — האָט גלעד געענטפערט א גליקליכער. — דער איינציגער צוועק פון יעצטיגען קומען נאָך רבה איז געווען צוליעב דיר. און איך בין זיך מודה אז ווען דו האָסט מיך געהייסען ווארטען דריי טעג, בין איך זעהר אומגעדולדיג געווען... זיי געגרייט. איך וועל באלד אָנקומען מיט מיינע קעמלען און פוהרען און מיר וועלען גלייך אָפּרייזען פון דאנען.

— אָ ווי גליקליך איך בין !— האָט איהם רעומה געקושט — איך וועל שוין מעהר נישט דארפען אָנקוקען די אומריינע שטאָדט רבה... און דו גלעד, פערשפּרעכסטו מיר, מעהר קיין מאָל אהער נישט צו קומען?

גלעד האָט אַ שמייכעל געטהאָן.

— פאַר וואס שמייכעלסטו ? — האָט זי איהם געפרעגט.

— מיין פרוי, מרה, האָט אויך פון מיר פארלאנגט דאס זעלבע און איך האָב איהר פארשפּראכען אז דאס וועט זיין דאס לעצטע מאָל. דאן אָבער בין איך ניט געווען זיכער אז איך וועל מיין פארשפּרעכען קענען האלטען.

— פארוואס ?

— ווייל איך האָב ניט געוואוסט אויב איך וועל זיין ערפאָלגרייך. ווייל ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט איז דער צוועק פון מיין רייזע געווען — דו... יעצט אָבער אז דו ביזט שוין מיינע, וועל איך שוין געוויס מעהר נישט האָבען קיין אורזאכע צו קומען אהער. גאָט האָט מיר געבענשט מיט גענוג רייכטהום און איך וועל זיך ניט נויטהיגען אין דעם האנדעל פון עמון.

— וועט מיר דיין פרוי גוט בעהאנדלען ! — האָט רעומה איהם געפרעגט.

— **געוויס ! זי איז זעהר גוטהערציג.** און אויסער דעם וועט זי מיר ניט וועלען דערצארנען... יע, זי וועט צו דיר **זיך גאנץ גוט פערהאלטען.**

— ווייסט זי דערפון אז דו ביזט אהער אָנגעקומען צוליעב מיר ?

— ניין. דאס ווייסט זי ניט, אָבער איך גלויב אז זי האָט עפּעס פארדעכטיגט, ווייל זי האָט מיר פאר מיין אָפּרייזען געזוכט אָפּצוהאלטען.

— דאן וועט זי ניט זיין צופריעדען מיט מיר ! — האָט רעומה טרויעריג געזאָגט.

— זי וויס אז איך האָב בדעה צו נעהמען אַ פּלגש און וואָס איז דער אונטערשייד צו איהר ווער דאס איז. דו מעגסט רוהיג זיין. דו וועסט זיך פיהלען גליקליך אין מיין הויז. פריעדען וועט הערשען צווישען אייך ביידען, און ווען דו וועסט מיר אַ זוהן געבוירען, דאן וועלען מיר אלע גליקליך זיין. דאן וועט מיין פרוי זעהן אז זי דארף דיר עהרליך בעהאנדלען.

א ווייל שפּעטער איז גלעד צוגעקומען מיט זיינע קנעכט און קעמלען צו רעומה'ס הויז.

— זאָל מיין דיענסט אויך מיטרייזען מיט מיר ? — האָט רעומה איהם געפרעגט.

— אויב דו ווילסט קענסטו איהר מיטנעהמען. אָבער איך גלויב אז עס וועט זיין אַ סך בעסער ווען זי וועט בלייבען אין עמון. ווייל דו ווייסט דאָך, אז זי וועט ליעב האָבען צו ריידען און מרה וועט פיעללייכט ארויסקריגען זאַכען וואס וועלען דיר שטעלען אין אַ פארלעגענהייט..

— יע, דו ביזט גערעכט ! — איך וועל אלעס און אלעמען איבערלאָזען הינטער זיך... עס זאָל קיין זאַך ניט זיין פאר מיר צו דערמאָנען וועגען מיין פארגאנגענהייט... איך וויל אן אלעס פארגעסען

— איז ביי דיר געווען עמרי ? — האָט איהר גלעד אַ פרעג געטהאָן נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין געווען אין דרויסען.

— יע. ער איז געווען נעכטען און איך האָב איהם געזאָגט אז ער האָט אויף מיר ניט וואס צו האָפען.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט ?

— ער האָט פּרובירט צו מיר ריידען אָבער ווען ער האָט געזעהען אז איך וועל מיין בעשלוס ניט ענדערען איז ער אוועק.

— ער האָט געהאט די חוצפּה צו קומען צו דיר, נאָכדעם ווי ער האָט דיך אזוי בעהאנדעלט ! — האָט גלעד געזאָגט. — ער פארגעסט אז ער איז אַ רויבער און וואָלט געוויס ארויסגעטריבען געווארען פון יעדער שטאָדט וואו ער וואָלט געקומען, ווייל זיין נאָמען אלס רויבער איז גאנץ גוט בעוואוסט. און כאָטש ער טהוט ניט קיין שלעכטעס צו אידישע סוחרים, פאָדערט ער דאָך גאנץ אָפּט אז זיי זאָלען איהם שפּייזען צוזאמען מיט זיינע מענשען, און עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז ווען אַ אידישער סוחר וואָלט זיך ענטזאגט צו געבען איהם שפּייז, וואָלט

ער איהם געווים שלעכטעס געטהאָן... און אויסער דעם האָט ער דאך, לויט ווי דו דערצעהלסט, בע׳גנב׳עט זיין אייגענעם בעל הבית.

— איך האָף, אז נאָכדעם ווי ער האָט פון מיר געהערט מיינע רייד וועט ער שוין מעהר מיר קיינמאָל נישט באלעסטיגען. איך האָב איהם פשוט פון זיך פארטריבען. און דעריבער בין איך אזוי נייגעריג גלייך אָפצורייזען פון דאנען, און ער וועט אפילו נישט וויסען וואוהין איך בין אוועק.

— איך בין צופרידען וואָס דו האָסט אָנגעטאָן די קליידער וואָס איך האָב דיר געבראכט. איצט וועט קיינער נישט וויסען אז דו ביזט ווען עס איז געוועזן אין עמון — האָט ער איהר געזאָגט.

גלעד האָט געהאָלפען רעומה׳ן אריינצוזעצן זיך אין וואָגען, נאכהער איז ער אויך אריין און צוזאמען מיט זיינע קנעכט און אָנגעלאָדענע קעמלען אָפגערייזט פון רבה, די הויפט שטאָט פון עמון.

## פינפטער קאפיטעל

# דער ערשטער קריעג

ווען רעומה איז אָנגעקומען מיט גלעד׳ן אין מיצפה איז שוין געוועזן נאָך האלבען טאָג.

— אָט דאָרטען שטעהט מיין הויז— האָט גלעד אָנגעוויזען זיין פלגש (קעבס־ווייב) — איך האָף, אז דו וועסט זיין גליקליך דיין גאנצען לעבען צו וואָהנען מיט מיר אין דיזען הויז.

— מיר דוכט, אז אימיצער קומט אונז אנטקעגען — האָט רעומה אָנגעציינגט מיט איהר פינגער.

גלעד האָט אָנגעשטרענקט זיינע אויגען און זיך אָפגערופען:

— יאָ, דאָס איז מיין פרוי מרה.

— אָ, דאָס איז דיין פרוי — האָט רעומה געזאָגט און ארונטערגעלאָזען איהר שלייער.

— ווען זי זאָל וויסען ווער איך בין און אויסגעפינען מיין פארגאנגענהייט, וועט זי מיך פאראכטען פון דער ערשטער רגע — האָט רעומה טרויעריג געזאָגט.

— זאָרג נישט, זי וועט קיינמאָל ניט אויסגעפינען — האָט גלעד איהר געטרייסט — איך וועל איהר זאָגען, אז דו ביזט געקומען פון בשן, און אז איך האָב דיך באגעגענט מיט דיין פאָטער אויפ׳ן וועג, ווען ער האָט מיט דיר גערייזט איינצוהאנדלען סחורה און ער האָט צוגעשטימט דיך אָפצוגעבען צו מיר אלס מיין פלגש.

— אָבער — האָט רעומה אָנגעוויזען אויף דעם הויפט קנעכט וועלכער האָט געטריבען זייער וואָגען.

— אָ, איך פארשטעה! דאָס וועל איך שוין גלייך באזאָרגען.

ער האָט א געשריי געטאָן צום קנעכט ער זאָל זיך א ווײלע אָפשטעלען און נאכהער האָט ער זיך צו איהם אָפגערופען:

— אויב אימיצער וועט דיך פרעגען ווער מיין פלגש איז, און פון וואנען איך האָב איהר גענומען, זאָלסטו זאָגען אז דו ווייסט גאָרנישט. דו הערסט. אפילו ווען מיין אייגענע פרוי זאָל דיך פרעגען... זאָג איהר, אז דו ביזט נישט געוועזן דאביי, דו הערסט. ווען איך וועל אויסגעפינען אז דו האָסט געפלאפעלט, וועסטו זעהר שלעכט אָפשניידען.

— יאָ, מיין האר — האָט דער קנעכט א נויג געטאָן מיט זיין קאָפּ — איך ווייס פון גאָרנישט.

— און אזוי זאָלסטו אָנזאָגען די איבעריגע קנעכט... איך בין זיכער אז דו האָסט מיט זיי פון דעם נאָך גאָרנישט גערעדט.

— ניין, איך האָב מיט קיינעם נישט גערעדט.

— נו, גענוג. אָט קומט אָן דיין הארינטע — איז גלעד ארויס פון וואָגען.

— אָ, מיין מאן! האָט מרה איהם באגריסט און געקושט — איך האָב זיך נישט געריכט אז דו זאָלסט שוין זיין אזוי שנעל צוריק.

— גאָט האָט מיך בעגליקט און איך

האָף, אַז מעהר וועל איך שוין נישט פאָהרען קיין עמון — האָט גלעד געזאָגט.

—יאָ, מרה, דורך א צופאל האָב איך זיך געטראָפען מיט איינעם א סוחר פון דעם שבט מנשה, וועלכער איז אָנגעקומען פון בשן. ער איז געפאָהרען האנדלען, און זיין טאָכטער איז אויך געווען מיט איהם. ווען איך האָב איהר דערזעהן האָט זי געפונען חן אין מיינע אויגען, און איך האָב איהר פאָטער געבעטען ער זאָל זי מיר אָפּגעבען אלס מיין פלגש. ער האָט צוגעשטימט, און איך האָב זי געבראכט צו אונז אהיים. איצט לאָמיר האָפען, אַז צוליעב איהר זכות וועט גאָט דיר געבען קינדער.

מרה איז געבליבען שטעהן פארגליווערט... זי האָט געוואָרפען איהרע בליקען אויף דער פרוי וועלכע איז געזעסען אין וואָגען מיט א שלייער איבער איהר פנים און געשוויגען.

— איך האָף, אַז זי וועט אויך געפינען חן אין דיינע אויגען — האָט גלעד צו איהר געזאָגט — ווייל זי איז גוטהארציג און א גאנץ באשיידענע פרוי. דו וועסט זיך נישט האָבען וואָס צו שעהמען מיט איהר.

— אָ, געוויס! — האָט מרה ארויפגעצוואונגען א שמייכעל אויף איהרע ליפען, אָבער פארוואָס געהט זי נישט ארויס פון וואָגען?

גלעד איז צו איהר צוגעגאנגען און זיך אָפּגערופען:

— קום ארויס, רעומה, מיר זיינען שוין נעבען מיין הויז. ער האָט איהר געהאָלפען ארויסגעהן און איהר פאָרגעשטעלט פאר זיין פרוי.

— פרידען איז דיין קומען! — האָט מרה זיך אָפּגערופען צו רעומה'ן מיט א טרוקענע שטימע — קום אריין אין הויז, דו ביזט זיכער מיעד פון וועג.

ביידע פרויען זיינען אריין אין הויז און גלעד איז געווען זעהר צופרידען. ער האָט עס אָנגענומען פאר א סימן, אַז זיין פרוי און פלגש וועלען זיין פריינדליך איינע צו דער צווייטער.

מרה האָט גלייך געגרייט צום טיש, און רעומה האָט זיך ארומגעוואשען און איבערגעביטען איהרע קליידער. ווען זי איז צוריק געקומען צום טיש און מרה האָט דערזעהן אַז רעומה איז זעהר שעהן און יונג, האָט זיך באלד אין איהר צופלאקערט די קנאה. זי האָט זיך אָבער געזוכט צו באהערשען און זיך בעמיהט צו פערהאלטען פריינדליך צו איהר.

נאָכדעם ווי זיי האָבען אָפּגעגעסען, האָט גלעד אריינגעפיהרט רעומה'ן אין א צימער און ער האָט געזאָגט:

— דאס וועט זיין דיין צימער. איך וועל פאר דיר בעשטימען א דיענסט און ווען דו וועסט זיך אין עפּעס נויטהיגען זאָלסטו איהר זאָגען און דו וועסט עס קריגען.

עס האָט לאנג ניט גענומען און די איינוואוינער פון מצפה האָבען זיך דערוואוסט אַז גלעד האָט געבראכט מיט זיך א פלגש... אייניגע פרויען האָבען איהר בעמערקט ווען זי איז מיט גלעד'ן דורכגעפאָהרען די שטאָדט... די שכנות זיינען זעהר נייגעריג געווען צו וויסען ווער זי איז, און מיט פארשיעדענע אויסריידען האָבען זיי אָנגעפאנגען אריינצוקומען אין גלעד'ס הויז.

— דו ווייסט, מרה — האָט א שכנה זיך צו איהר אָפּגערופען — מיין פאסטוך האָט מיר דערצעהלט, אַז דיינע פאסטוכער פארנאכלעסיגען דיינע שאָף. ער האָט בעמערקט ווי זיי פארברייגגען אין פערשיעדענע שפילערייען און קוקען זיך גאָר ניט אום אויף די שאָף... דו דארפסט זעהן צו פארמיידען א פערלוסט און בעשטראָפען זיי דערפאַר.

— איך דאנק דיר. די פאסטוכער וועלען שוין זייער שטראָף בעקומען — האָט מרה איהר געענטפערט.

— איך האָב געהערט אַז גלעד האָט זיך היינט אומגעקעהרט פון עמון! וואס דערצעהלט ער פון דארטען?... איך ווייס אַז לעצטענס זיינען געמאכט געווארען פיעלע איבערפאלען אויף די אידען די עמונים זיינען דאך פון שטענדיג געווען אונזערע שונאים, און עס איז

טאקע א געפאהר צוצוקומען נאהענט צו זייערע שטעדט...

— יע, מיין מאן האָט מיר טאקע פארשפּראכען אז דאס איז געווען זיין לעצטעס מאָל וואס ער האָט אהין גערייזט. מעהר וועט ער שוין ניט געהן נאָך עמון.

— איך האָב זיך אימערצו געוואונדערט פאר וואס דיין מאן זאָל איינשטעלען זיין לעבען אין סכנה... גאָט האָט דאָך איהם געבענשט מיט רייכטהום. איך האָב געהערט אז ער האָט דיזען מאָל געבראכט א פּלגש פון עמון.

— ניין! זי איז ניט פון עמון! — האָט מרה געענטפערט מיט א ברוגז'ן טאָן — זי קומט פון בשן און שטאמט פון דעם שבט מנשה. גלעד האָט איהר פאָטער אויף דעם וועג געטראָפען און ער האָט זי איבערגעגעבען צו איהם.

— איז זי עפּעס א שעהנע פרוי — האָט די שכנה געפרעגט מיט א שמייכעל.

מרה האָט א קוועטש געטהאָן מיט איהרע פּלייצעס.

— איך ווייס נישט. איך האָב זי נאָך אליין נישט גוט בעטראכט. זי האָט געטראָגען א שלייער אויף איהר פנים...

— איך וויל דיר עפּעס זאָגען, מרה — האָט די שכנה איהר געזאָגט שטילערהייט אויף'ן אויער. אויב זי איז יונג און שעהן, דארפסטו זעהן זיך ניט לאָזען קריכען אויפ'ן קאָפּ... ס'איז ניט גוט פאר א פרוי אויב איהר מאן'ס קעבס־ווייב איז צו שעהן... דו וועסט איהר פון ערשטען טאג אן דארפען צייגען איהר פּלאץ. זאָל זי זיין צו דיר ווי א דינסט. ווען דו וואָלסט געזעהען ווי איך פיהר זיך אויף מיט מיין מאן'ס פּלגש, איך לאָז איהר דעם קאָפּ ניט אויפהויבען! איך צווינג איהר צו טהאָן אלע שווערע ארבייט... און דו ווייסט דאך אז איך בין אסך שעהנער פון איהר... יע, מען טאָר ניט דערלאָזען אז א מאן זאָל נעהמען א שענערע פרוי פאר א קעבס־ווייב. אָבער וואס רייד איך נארישקייטען... איך בין זיכער אז ווי שעהן דיין מאן'ס קעבס־ווייב זאָל ניט זיין, איז זי דאָך געוויס ניט שעהנער פאר דיר...

— מיר דוכט זיך אָבער אז זי איז א סך אינגער פון מיר — האָט מרה מיט זארג געזאָגט.

— ווען זי וואָלט אריינגעפאלען אין מיינע הענט וואָלט זי זיך שוין גאר שנעל געעלטערט — האָט די שכנה געזאָגט — און דו מרה, נעהם זיך נישט צום הארצען... יע, ווען איך האָב דערהערט אז גלעד האָט געבראכט א פּלגש מיט זיך, בין איך שטארק איבערראשט געווארען. איך האָב געמיינט אז דו וועסט איהם אָפּגעבען איינע פון דיינע דינסטען, אלס א סגולה צו האָבען קינדער צוליעב איהר.

— ער האָט דערפון ניט געוואָלט הערען. אָבער ווי עס ווייזט אויס איז אזוי דער ווילען פון גאָט. פיעללייכט וועט ער אויף מיר רחמנות האָבען און מיר געבען קינדער!

— ווען זי זאָל איהם געבוירען א זוהן פריהער, וועסטו זיך פיהלען זעהר נישט אנגענעהם. זי וועט ביי איהם שטארק בעליעבט ווערען, און דעריבער וואָלט איך דיר געראטהען צו טהאָן אלעס וואס מעגליך צו פאר'מיאוס'ען איהר פאר די אויגען פון דיין מאן. צייג איהם אָן אויף אלע איהרע חסרונות. עס וועט ניט שאַדען אפילו ווען דו וועסט דארפען איבערטרייבען. דיין מאן מוז זעהן דעם אונטערשייד צווישען זיין ריכטיגע פרוי און זיין פּלגש... דו דארפסט ניט דערלאָזען אז די פּלגש זאָל הערשען אין דיין הויז... ווי דאס האָט פאסירט מיט חולדה'ן!

— מיט חולדה'ן? — האָט מרה איהר איבערגעפרעגט.

— האָסטו דען נישט געהערט וואס עס האָט פּאסירט מיט חולדה'ן? — האָט די שכנה איהר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג — די גאנצע שטאָדט מצפה קאָכט דאך מיט איהר. זי האָט זיך בענארעשט און בעפריינדעט איהר מאן'ס פּלגש. מען דערצעהלט אז די ערשטע פאר וואכען זיינען זיי ביידע געווען ווי שוועסטער, אָבער ביסלעכווייז האָט

זי זיך ארומגעזעהן אז איהר מאַן שענקט די פּלגש מעהר אויפמערקזאַמקייט פון איהר און זי האָט דעם מאַן אויסגערעדט.

איז ער אויף איהר אין כעס געוואָרן און האָט זיין בעטעל אין גאַנצען איבערגעטראָגען צו זיין פּלגש אין צימער... איהרע געוויינען און איהר בעטען האָבען איהר ניט געהאָלפען... און ווען די פּלגש האָט דערזעהן אז ער ליעבט זי מעהר ווי זיין ריכטיגע פרוי, האָט זי נאָך געקראָגען מעהר חוצפּה, און גענומען אָנריידען אויף איהר. און עס האָט שוין געהאַלטען דערביי, אז איהר מאַן זאָל איהר אין גאַנצען פּערטרייבען פון זיין הויז...

— און איך האָב געהערט אז דער מאַן האָט געוואָלט אָפּ׳גט׳ן חולדה׳ן, וויל ער בעשולדיגט איהר אין אומטרייהייט — האָט מרה געזאָגט.

— דאס איז אויך אמת, אבער פון וועמען שטאַמט עס אָט דאס אלעס אויב נישט פון דער פּלגש? ווען חולדה האָט געזעהען אז איהר מאַן האָט איבערגעטראָגען זיין בעטעל פון איהר צימער צו דעם צימער פון דער פּלגש, איז זי אין כעס געוואָרען און אוועק נעכטיגען צו איהר שוועסטער אויף איינינגע נעכט. נעהמט די ארורה, די פּלגש און פּאַרשפּרייט א קלאַנג אז חולדה איז געוואָרען אונטריי איהר מאַן. און ווען ניט איהר שוועסטער און די דינסטען וועלכע האָבען עדות געזאָגט, אז חולדה איז די גאַנצע צייט געווען אין איהר הויז, וואָלט איהר מאַן זי זיכער אָפּגע׳גט... מיין עצה איז, דעריבער, נישט צו דערלאָזען, אז דאס זאָל פּאַסירען. א קעבסוייב דאַרף וויסען אז זי איז ניט בעסער ווי א דיענסט און זעה איהר צו מאַכען טאָהן די שווערסטע ארבייט, דאַן וועט זי אויפהערען צו זיין שעהן און צוציהענד...

— שאַ! אָט קומט זי אָן! — האָט מרה א ציה געטהאָן איהר שכנה פאַר׳ן ארבעל.

די שכנה האָט אומגעקעהרט איהר קאָפּ און דערזעהן רעומה׳ן, וועלכע איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו זיי.

— אָה, ענטשולדיג מיר, מרה! — האָט זיך רעומה אָפּגערופען, צוריקטרעטענדיג עטליכע טריט, ווען זי האָט דערזעהן די פרעמדע פרוי שטעהענדיג נעבען איהר.

— זי איז דאָך א זעלטענע שעהנהייט!

— האָט די שכנה באַמערקט צו מרה׳ן, נאָכדעם ווי רעומה איז אוועק.

מרה איז געבליבען שטעהן שווייגענדיג. איהר פּנים האָט זיך אָנגעכמורעט.

— ביי מיר וואָלט אזא שוין גאַנץ שנעל פאַרלוירען איהר שעהנקייט! — האָט די שכנה א זאָג געטהאָן. — ווי עס ווייזט אויס, האָבען איהרע הענט נישט פאַרזוכט דעם טעם פון שווערע ארבייט. צווינג זי צו טהאָן אלע ארבייט, פּייניג זי ווי אונזער מוטער שרה האָט געטהאָן צו הגר׳ן איהר דינסט, ווען זי האָט אָפּגעגעבען צו אברהמ׳ען אלס קעבסווייב, דאַן וועט לאַנג נישט דויערען און זי וועט איהר שעהנעם פּנים פאַרלירען.

ווען די שכנה איז אוועק, איז מרה געבליבען שטעהן פאַרזונקען אין איהרע געדאַנקען. די רייד פון איהר שכנה האָבען אויף איהר געהאַט א ווירקונג. יע, זי טאָר נישט דערלאָזען, אז מיט איהר זאָל פּאַסירען עהנליכעס ווי מיט חולדה׳ן... ווער איז זי, אָט די רעומה? אין עס מעגליך, אז דאָס, וואָס איהר מאַן האָט איהר דערצעהלט, אז ער האָט זי געטראָפען אין וועג מיט איהר פאָטער, איז אמת? אָבער פאַרוואָס האָט זיך איהם פאַרוואָלט דיעזען מאָל אזוי שנעל פאָהרען צוריק נאָך עמון?...

מרה האָט באַשלאָסען זיך צו זעהן מיט דעם הויפּט קנעכט און פון איהם ארויסקריגען מעהר איינצעלהייטען וועגען גלעד׳ס באַגעגעניש מיט רעומה׳ן און איהר פאָטער. דערווייל׳ע האָט זי זיך באַמיהט צו ווייזען א פריינדליכע מינע צו רעומה׳ן. אזוי זיינען פאַריבער עטליכע טעג און רוהיגקייט און שלום האָט געהערשט אין גלעד׳ס הויז. רעומה האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו דעם נייעם לעבען. זי איז געווען צופרידען,

וואָס מרה באַנעהמט זיך צו איהר גאַנץ פריינטליך. גלעד איז געווען גליקליך, וואָס ביידע פרויען שטימען איינע מיט דער צווייטער און ער האָט זיך באַמיהט צו שענקען אויפמערקזאַמקייט צו ביידען מיט דער זעלבער מאָס.

איין פריהמאָרגען, ווען גלעד איז אוועק צו א פאַרזאַמלונג פון די עלטסטע פון שטאָדט, און רעומה איז געווען פאַרנומען מיט איהר ארבייט אין הויז, איז מרה ארויסגעגאַנגען אין גאָרטען און געטראָפען דעם הויפט קנעכט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט נאָך עטליכע קנעכט געאַרבייט איבער א צוים, וואָס האָט געדאַרפט ארומרינגלען דעם גאָרטען. זי האָט איהם צוגערופען און, ווען ער איז צוגעגאַנגען, איז זי מיט איהם אריין אין הויף, וואו קיינער איז נישט געווען.

— איך ווייס, אז דו ביזט דער געטרייעסטער קנעכט, וואָס מיר האָבען, און עס איז דאָך פאַר מיר איבעריג דיך צו זאָגען, אז איך האָב געזעהן, דו זאָלסט דערהויבען ווערען צו זיין דער הויפט קנעכט.

— איך דאַנק דיר, מיין האַרינטע! — האָט ער זיך פאַרנייגט.

— אָבער דאָס איז נאָך גאָרניט! — האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען. — ווען דו האָסט מיר צום ערשטען מאָל דערצעהלט זאַכען, וואָס איך בין זעהר נייגעריג געווען צו וויסען, האָב איך דיר פאַרשפּראָכען צו באַלוינען און קיינער וועט זיך פון דעם נישט דערוויסען. איך האָב מיין פאַרשפּרעכען געהאַלטען. קיינער ווייסט נישט, וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט. און יעצט האָב איך דיר געבראַכט פינף שקלים אלס באַלוינונג.

מרה האָט איהם איבערגעגעבען די פינף שקלים און דער הויפט קנעכט האָט זי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— קיינער וועט נישט דאַרפען וויסען, אז איך האָב דיר דאָס געלט געגעבען! — האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען אין דער שטיל, — און איך האָף, אז דו וועסט מיר אויך דערצעהלען אלעס, וואָס דו ווייסט פון מיין מאַנ׳ס פלגש.

— איך ווייס גאָרנישט! איך בין דערביי נישט געווען! — האָט דער הויפט קנעכט א צעשראָקענער געזאָגט. — איך ווייס פון גאָרנישט.

פון זיין צעטומעלטקייט האָט מרה פאַרשטאַנען, אז ער ווייסט שוין גאָר א סך, נאָר ער האָט מורא צו רעדען.

— אויב דו ווילסט מיר נישט זאָגען, וועל איך דיך נישט צווינגען! — האָט מרה געזאָגט מיט א געלאַסענער שטימע. — אָבער דו האָסט מיר דעם ערשטען מאָל דערצעהלט, אז דיין האַר האָט אין עמון באַגעגענט א זונה...

— המ... איך האָב נישט געוואוסט, וואָס איך רעד! — האָט דער הויפט קנעכט גענומען שטאַמלען.

— דו זוכסט צו פאַרלייקענען דאָס, וואָס דו האָסט מיר אליין געזאָגט! — האָט מרה אויסגערופען מיט א בייזער שטימע.

— ניין, מיין האַרינטע! אָבער איך קען נישט... איך ווייס גאָרנישט...

— איך פרעג דיך דאָך שוין מעהר ניט וועגען מיין מאַנ׳ס פלגש. איך פרעג דיך אָבער וועגען יענער פרוי, די זונה!

— אָבער איך המ... איך ווייס גאָרנישט פון איהר!...

— איך זעה, אז דו ווילסט עפּעס פאַרבאָרגען פון מיר! — האָט מרה זיך צו איהם אָפּגערופען. — אָבער זעהסטו ניט אז איך האָב מיט דיין האַר אפילו וועגען דעם נישט גערעדט?... דו קענסט זיך אויף מיר פאַרלאָזען און דאַרפסט גאָרנישט מורא האָבען. זאָג מיר, ווען דיין האַר איז געווען דעם לעצטען מאָל אין עמון, איז ער מעהר נישט געגאַנגען באַזוכען יענע זונה.

— איך ווייס נישט! — האָט ער א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס.

— איך בין זיכער, אז דו ווייסט יע, ווייל דו ביזט מיט איהם געווען! — האָט מרה געזאָגט. — דו דאַרפסט זיך גאָרנישט שעהמען.

— אָה, מיין האַרינטע! איך קען נישט!... איך טאָר נישט רעדען!

— איך פאַרשטעה, אז דו טאָרסט ניט רעדען וועגען דער פלגש, אָבער פון יע־

נער פרוי, פון וועמען דו האָסט מיר צום ערשטען מאָל דערצעהלט, פון איהר קענסטו דאָך געווים רעדען...

— אָבער זי איז דאָך די זעלבע... — האָט זיך דער הויפּט קנעכט ארויסגעכאַפּט און זיך גלייך פארכאפּט. — איך מיין, איך טאָר וועגען דעם גאָרנישט רעדען!...

— וואָס? זי איז די זעלבע פרוי?

— האָט מרה אויסגערופען און דאָס בלוט האָט איהר אין פּנים א זעץ געטהאָן.

— אה ניין! ניין! איך ווייס גאָרנישט! — האָט דער הויפּט קנעכט אויסגערופען רויט ווערענדיג.

— דו האָסט מיר נאָר וואָס געזאָגט, אז רעמה, די קעבסווייב פון מיין מאַן, איז די זעלבע זונה, וועמען ער האָט באַגעגענט אין עמון.

— איך האָב עס נישט געמיינט! איך האָב זיך דאָס ארויסגערעדט! אָה, מיין הארינטע, פאַרגיב מיר!

— איך זעה, אז דו ווייסט מעהר ווי דו מאכסט זיך! — האָט מרה זיך צו איהם אָפּגערופען. — און יעצט, בעט איך דיך, דו זאָלסט מיר אלעס דערצעהלען, פארלייקען גאָרנישט פון מיר.

— איך קען נישט! איך טאָר נישט!

— האָט דער הויפּט קנעכט אויסגערופען. — איך האָב פארשפּראָכען צו מיין האר און איך וועל מיין וואָרט נישט ברעכען.

— אָבער וואָס וואָלסטו געטהאָן, ווען איך זאָג דיין האר, אז דו האָסט מיר דערצעהלט וועגען דער זונה אין עמון?

— אָבער דו וועסט דאָך אזא זאך ניט טהאָן, מיין הארינטע! — האָט ער אויסגערופען א דערשראָקענער.

— איך וועל עס זיכער נישט טהאָן, אויב דו וועסט זיך צוהערען צו מיר און דערצעהלען אלעס, וואָס דו ווייסט פון אָט דער... רעומה׳ן... אָבער אויב דו וועסט זיין איינגעשפּארט, מעגסטו זיכער זיין, אז דיין האר וועט וויסען...

— אָבער איך בין דער איינציגער, וואָס ווייסט דערפון און אויב מיין הארינטע וועט עס איבעררעדען פאר מיין האר, וועט ער גלייך פארשטעהן, אז דאָס שטאַמט פון מיר און דאן וועט מיין שטראָף זיין זעהר גרויס!

— איך פארשפּרעך ד[illegible], אז גלעד וועט קיינמאָל ניט אויסגעפ[illegible], אז דו האָסט מיר דערצעהלט. איך וועל שוין וויסען ווי אזוי צו מאכען, אז ער זאָל אויף דיר קיין חשד נישט האָבען. יעצט זאָג מיר, איז די פּלגש די זעלבע פרוי, וועלכע גלעד האָט געטראָפען אויף דעם וועג אין רבּה?

— יע! — האָט דער קנעכט א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ.

— אזוי? האָט ער, הייסט עס, גענומען יענע זונה פאר זיין פּלגש?! — האָט מרה געזאָגט מיט פארביטערונג אין איהר שטימע.

דער קנעכט האָט געשוויגען.

— יעצט, אז איך ווייס שוין דאָס, דארפסטו מיר דערצעהלען אלעס, און זיי זיכער, אז דו וועסט פון דעם נישט ליידען, איך וועל דיר נאָך בעלוינען דערפאר.

דער קנעכט האָט ביסלעכווייז דערצעהלט מרה׳ן אלעס, וואָס ער האָט געוואוסט, ווי אזוי ער האָט געוואַרט דעם גאנצען טאָג אויף זיין האר, ווען ער האָט איהם באגלייט ביז איהר הויז, און ווי אזוי מיט א טאָג שפּעטער האָט זי איהם געשיקט רופען און דאן האָט ער זי גענומען פאר זיין פּלגש.

מרה האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס נייגעריגקייט און איהר פּנים האָט געפלאמט פון צאָרן.

— א זונה האָט ער אריינגעבראכט אין מיין הויז! מיט איהר וועל איך זיך דארפען אלעס טיילען! — האָט זי געקריצט מיט איהרע ציינער פאר כעס.

— אָה, מיין הארינטע! איך בין א פארלוירענער! — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען און זיין פּנים איז בלאַס געוואָרען.

— דו האָסט זיך ניט וואָס צו שרעקען. דיין האר וועט קיינמאָל נישט אויסגעפינען, אז דו האָסט מיר עס דערצעהלט.

— אָבער קיינער אויסער מיר ווייסט

דאָך נישט! און מיין האַרינטע וועט דאָך געוויס איהם מאַכען פאַרווירפע וועגען דעם, דאַן וועט ער געוויס אויס־געפינען, אַז איך האָב איהם פאַרראַטען. און ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אויב איך וועל פּלאַפּלען, וועל איך זעהר שלעכט אָפּשניידען...

— זאָרג נישט, איך האָב אַ פּלאַן... ער וועט קיינמאָל נישט אויסגעפינען. דו ווייסט דאָך, אַז גאַנץ אָפט שטעלען זיך אָפּ סוחרים פון עמון אין אונזער הויז, וועל איך איהם זאָגען, אַז דאָ איז געוועזען איינער אַ סוחר פון עמון און ווען ער האָט דערזעהן רעומה'ן, האָט ער זי דערקענט אַלס די זונה פון דער שטאָדט רבה. יעצט זעהסטו שוין, אַז פון דיר וועט דער גאַנצער חשד אַרונטערגעהן? דו האָסט זיך גאַרנישט וואָס צו שרע־קען. איך וועל מיט דיר גוטס טהאָן און דו דאַרפסט פון מיר קיין פאַרבאַרגענעס נישט האַלטען.

מרה איז אַריין צוריק אין הויז. זי האָט געברענט פון כעס און האָט זיך נישט געקענט באַרוהיגען.

שפּעטער ווען גלעד איז געקומען, האָט זי זיך באַמיהט צו באַהערשען, אָבער דאָך האָט גלעד באַמערקט אויף איהר פּנים, אַז עפּעס האָט דאָ פּאַסירט.

— פאַרוואָס ביזטו אַזוי צעטראָגען, מרה? — האָט גלעד זי געפרעגט.

— גאָרנישט! — האָט זי טרוקען געענטפערט. — דאָ איז פריהער געוועזען אַ סוחר פון עמון...

— אַ סוחר פון עמון? ער האָט געוויס געוואָלט ביי מיר סחורה קויפען? — האָט גלעד זיך אָפּגערופען. — וואו איז ער יעצט?

— ער האָט קיין צייט נישט געהאַט און ער איז באַלד אוועק.

— פאַרוואָס האָסטו מיך נישט גע־שיקט רופען? — האָט ער איהר אויס־גערעדט.

— איך האָב דאָס געוואָלט טהאָן, אָבער ער האָט נישט געוואָלט וואַרטען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איילט זיך.

— ווער האָט עס געקענט זיין?

— איך ווייס נישט. ער האָט מיר זיין נאָמען נישט געוואָלט זאָגען. אָבער ווי עס ווייזט אויס, קען ער רעומה'ן...

— וואָס? ער קען רעומה'ן?! — האָט גלעד געפרעגט מיט צעטומעלט־קייט.

— יע, ער קען זי זעהר גוט נאָך פון עמון...

— עס איז אונמעגליך! — האָט גלעד אויסגערופען. — ווי אַזוי קען ער זי, אַז זי איז נישט קיין עמונית?!

— דו זעהסט דאָך אַז ער האָט מיר דערצעהלט אַלעס פון איהר.

— פיליייכט האָט ער געמאַכט אַ טעות... אין רעומה, קען זי איהם אויך?

— רעומה האָט איהם אפילו נישט געזעהן! ווען ער איז אַריינגעקומען אין הויז האָבען זיינע קנעכט געוואַרט אויף איהם פון דרויסען. און דאַן האָט ער ד:רכ'ן פענסטער בעמערקט רעומה'ן און ער האָט מיך גלייך געפרעגט וואָס טוט דיזע פרוי דאָ?... און ווען איך האָב איהם געפרעגט ווי אַזוי ער קען זי, האָט ער מיר געזאָגט, אַז אין רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון, האָבען זי אַלע גע־קענט... ווייל זי איז געוועזען אַ זונה.

— עס איז אַ ליגען! ער האָט דיך געזוכט צו נאַרען. דער מאַן מוז געוויס זיין מיינער אַ שונא.

— אַ ניין, ער האָט מיר שוין גאָר־נישט גענאַרט. ער האָט דאָך איהר אָנ־גערופען ביי איהר נאָמען... איז דען דאָס נישט קיין סימן אַז ער האָט איהר געקענט?...

— ביזטו זיכער, אַז ער איז געוועזען אַן עמוני? — האָט גלעד געפרעגט. פּי־לייכט איז ער געוועזען איינער פון אונזע־רע ברידער, געקליידט אין די קליידער פון עמון... איך וועל דיר זאָגען, עס איז מעגליך, אַז דאָ איז געוועזען איהר געליבטער פון איהר יוגענד וועמען זי האָט אויפגעהערט צו ליעבען און דערי־בער איז ער דאָס געקומען און אויף איהר שלעכטעס אויסגעטראַכט...

— אַ ניין, איך דערקען ווער עס איז אַן עמוני און ווער נישט — האָט מרה

אויסגערופען א פערביטערטע — און איך ווייס אז ער האָט מיר דעם אמת דערצעהלט. רעומה איז געווען א זונה אין דער הויפּט שטאָדט פון עמון, און יעצט האָסטו זי גענומען פאר דיין פּלגש...

— ווען דו וואָלסט געוואוסט די גאנצע לאגע, וואָלסטו געוואוסט אז עס איז נישט געווען איהר שולד — האָט גלעד איהר גענומען בערוהיגען — זי האָט זיך פיעלעס אָנגעליטען, זי איז געצוואונגען געוואָרען פון איהר פאָטער'ס הויז צו ענטלויפען און ווען זי איז אָנגעקומען אין רבה, איז זי געווען עלענד, און אזוי איז זי געצוואונגען געוואָרען צו ווערען...

— צו ווערען א זונה! — האָט מרה אויפגעהויבען איהר שטימע.

— שא, נישט אזוי הויך! — האָט גלעד זיך ביי איהר געבעטען.

— איך וויל נישט אז רעומה זאָל זיך דערוויסען אז דו האָסט אויסגעפונען פון איהר פערגאנגענהייט, צי וואָס איהר פערשאפען אומזיסטע שמערצען...

— איהר ווילסטו שאנעווען! יע, די זונה איז ביי דיר טייערער ווי איך! פאר מיר ארט דיר גאָר נישט! דו נעהמסט און ברייננגסט אריין אין אונזער הויז אזא פרוי און דו בעהאנדעלסט איהר נאָך בעסער פון מיר.

— אָבער דו ווייסט דאָך, מרה, אז דאָס האָב איך געטהאָן צוליעב דיר, איך מיין, כדי צוליעב איהר זכות זאָל דיך גאָט בענשען מיט קינדער...

— דו האָסט עס געטהאָן צוליעב מיר! — האָט מרה זיך פארנאנדערגעוויינט, ווען דו וואָלסט מיר נאָך ליעב געהאט, וואָלסטו צו מיר אזא זאך ניט געטהאָן. דו מיינסט אז איך פערשטעה נישט, אז דו האָסט דאָס לעצטע מאָל אָפּגערייזט נאָך רבה, איז עס געווען צוליעב איהר, צוליעב אָט דיזער אומווירדיגער זונה.

— מרה, דו האָסט קיין רעכט נישט אזוי צו ריידען פון איהר — האָט גלעד געזאָגט מיט א שטרענגע שטימע — יעצט איז זי מיין פּלגש, און זי איז א עהרליכע אידישע טאָכטער!

— אָ וואָס פאר א באַליידיגונג דאָס איז פאר מיר — האָט מרה נישט אויפגעהערט צו יאמערען... אין מיין הויז האָסטו א זונה געבראכט... דו האָסט מיך גענארט... דו האָסט מיר געזאָגט, אז דו האָסט זי בעגעגענט מיט איהר פאָטער און ער האָט זי צו דיר אָפּגעגעבען אלס דיין פּלגש... דו האָסט געמיינט, אז איך וועל קיינמאָל נישט וויכען ווער זי איז... אָבער בלויז עטליכע טעג זיינען פאָריבער און איך האָב זיך דערפון דערוואוסט... יע, ווי עס ווייזט אויס, האָט רעומה געהאַט זעהר פיעל "בעקאנטע" און "פריינד" אין רבה...

— איך בעט דיך, מרה, בערוהיג זיך נאָך אלעמען קענסטו דאָך זעהן, אז רעומה איז נישט ווי יענע פון עמון. די אומשטענדען האָבען זי דערצו געטריבען. יעצט איז זי אן עהרליכע צניעות'דיגע אידישע פרוי. און מיין גרויסער פערלאנג איז, דו זאָלסט מיט איהר לעבען בשלום... זי איז א גוטהערציגע און ליעבליכע פערזאָן און איך בין זיכער, אז זי וועט זיך בעמיהען מיט אלע איהרע קרעפטען דיר צופרידענצושטעלען.

— יע, איך זעה שוין אז זי איז ביי דיר טייערער פון מיר, זי איז פון לויטער מעלות, זי איז גוטהערציג, ליעבליך און איך בין די שלעכטע.

— דו ווייסט דאָך אז דו ביזט מיין ריכטיגע פרוי און איך האָב דיך ליעב — האָט גלעד געזאָגט — יעצט בעט איך דיך אז דו זאָלסט זי בעהאנדלען מיט פריינדשאפט..

— יע, און דו ווילסט נאָך אז איך זאָל זי בעהאנדלען ווי מיין גלייכען! און דערנאָך וועט זי מיר קריכען אויפ'ן קאָפּ... זי וועט ווערען די הערשערין אין הויז און דו וועסט זי נאָך מעהר ליעב האָבען וויל..

מרה האָט נישט דערענדיגט, זי האָט

נישט געוואָלט צייגען, אז רעומה איז שעהנער פון איהר..

— האָסטו דען אליין נישט צוגעשטימט מיט א קורצע צייט צוריק, איך זאָל נעהמען א פּלגש.. געדענקסטו ווען מיר האָבען וועגען דעם גערעדט, און דו האָסט מיר אָפּילו פאָרגעשלאָגען איינע פון דיינע דינסטען אלס מיין קעבסווייב... וואָס איז דער אונטערשייד יעצט צו דיר, מיר איז רעומה בעסער געפעלען געוואָרען, האָב איך זי גענומען.

— אָבער פארוואָס האָסטו בעדארפט מיך אָפּנארען! און אויסערדעם שעהם איך זיך צו וואָהנען אין איין הויז מיט א זונה.

— אויב דו וועסט וויסען ווי צו האלטען דעם סוד, וועט קיינער גאָר נישט אויסגעפינען ווער זי איז און וואָס זי איז געוועזן..

— און ווי אזוי האָב איך אויסגעפונען?! עס וועט לאנג נישט נעהמען און די גאנצע שטאָדט מצפּה וועט וויסען אז דו האָסט אין אונזער הויז אריינגעבראכט א זונה, און זי גענומען פאר דיין פּלגש. דאן וואו וועל איך זיך קענען בעהאלטען פון שאנדע?

— אויב עס איז זיך פאראן צוליעב וואָס צו שעהמען, וועל איך דאָך זיין דער יעניגער, וועלכער וועט זיך דארפען שעהמען, און נישט דו! געלויבט איז גאָט, ער האָט מיך געבענשט מיט רייכטום, און איך קען בעהויפּטען צו האָבען א פּלגש... מיר ארט נישט וואָס אנדערע וועלען ריידען...

— אַ ניין, ניין! איך וועל מיט איהר צוזאמען נישט קענען וואָהנען אין איין הויז —האָט מרה אויפגעהויבען איהר שטימע.

— און וואָס ווילסטו זאָל איך טהאָן יעצט? — האָט גלעד איהר געפרעגט.

— שיק איהר אוועק! זאָל זי געהן פון וואנען זי איז געקומען...

— אַ ניין, דאָס נישט! איך האָב זי פאר מיין פּלגש גענומען און זי וועט מיט מיר פערבלייבען!

— אויב זי וועט מיט דיר בלייבען, וועל איך...

— דו ווילסט טהאָן אזוי ווי חולדה האָט געטהאָן און דו ווייסט דאָך אז זי האָט נאָכדעם חרטה געקראָגען.

— יעצט אז דו קענסט צו מיר אזוי ריידען בין איך זיכער, אז דו האָסט מיך מעהר נישט ליעב! — האָט זיך מרה אויפּס־ניי פארנאנדערגעוויינט.

— איך בעט דיר מרה, בערוהיג זיך — האָט גלעד איהר ארומגענומען — דו ווייסט דאָך אז איך האָב דיך ליעב מעהר פון אלעמען... און דו דארפסט זיך גאָר נישט נעהמען צום הארצען.... דו זעהסט דאָך אז איך האָב זי נישט גענומען פאר א פרוי און איהר געמאכט גלייך מיט דיר... איז דאָס אליין נים קיין בעוויז, אז דו ביזט אין מיינע אויגען העכער... דו ווייסט דאָך אליין אז אין מצפּה זיינען פאראן זעהר ווייניג אזעלכע מענער וועלכע זיינען פערמעגליך און האָבען בלויז איין פרוי..

— איידער דו האָסט מיט מיר חתונה געהאט האָסטו מיר פערשפּראָכען אז דו וועסט צו מיר קיין אנדערע פרוי נישט נעהמען...

— האָב איך דען מיין פערשפּרעכען נישט געהאלטען? און וואָס אנבאלאנגט א פּלגש, האָסטו דאָך אליין צוגעשטימט.

— אָבער נישט צו אזא פּלגש וואָס איז געוועזן א זונה און איז נאָך יעצט אזוי יונג און... איך בין זיכער, אז ווען זי וועט דיר געבוירען א קינד, וועסטו זי שוין פערעכענען פאר דיין ריכטיגע פרוי...

—וואָס דארפסטו זאָרגען וואָס ס'וועט זיין! דערווייל איז זי די פּלגש!

— אַ ווי איך האס זי! איך קען אויף איהר פּנים נישט קוקען. איך זאָל זיין געצוואונגען צו וואָהנען מיט א זונה אונטער איין דאך.

— זי איז נים קיין זונה — האָט גלעד א געשריי געטהאָן — זי איז אזוי עהרליך ווי...

— הער אויף! הער אויף! — האָט מרה אויסגערופן, פערשטאָפּענדיג איהרע אויערן. איך וייל נישט הערען... דו ווילסט זי פערגלייכען מיט מיר.

— אויב דו האָסט מיך ליעב, דארפסטו זעהן צו פערמיידען איך זאָל האָבען עגמת נפש — האָט גלעד געזאָגט.

— און דו? האָסטו מיך געשאָנעוועט? ! איך האָב אָבער גלייך פערשטאַנען, ווען דו האָסט מיר געזאָגט דעם לעצטען מאָל, אז דו ווילסט אָפּרייזען אזוי שנעל נאָך רבה... מיין הארץ האָט מיר געזאָגט אז נישט צוליעב געשעפט ביזטו דיזען מאָל געפאָהרען... יע, א פרוי האָט דיר אהין געצויגען.. א פרוי און דערצו נאָך א זונה!

— אָ גאָט, פאר וואָס האָסטו מיך בעסער ניט בלינד געמאכט איידער איך זאָל זעהן מיט מיינע אויגען, ווען דו האָסט אין מיין הויז אריינגעבראכט!... הלואי וואָלט איך בעסער געשטאָרבען!

— רייד נישט קיין נארישקייטען! דו וועסט זיך צו איהר צוגעוואוינען, און דו וועסט זעהן וואָס פאר א ליבליכע פערזאָן זי איז און וואָס פאר אן איידעלע נשמה זי בעזיצט.

— האָסטו שוין ווען עס איז געזעהן א זונה מיט אן איידעלע נשמה — האָט זיך מרה א קרים געטהאָן. — יע זי בעזיצט א נידעריגע, שמוציגע נשמה.

— זי האָט אויף דיר א נעץ פערשפּרייט און דו ביזט געפאנגען געוואָרען.

ווען דו וואָלסט געוואוסט וואָס זי האָט דורכגעמאכט אין די לעצטע עטליכע יאָהר, וואָלסטו אויף איהר אזוי נישט גערעדט.

— און דו גלויבסט אלעס וואָס זי דערצעהלט דיר? געוויס וועט זי זיך זוכען ריינצוואוואשען אין דיינע אויגען! זי וועט דיר דערצעהלען פערשיעדענע ליגענס... אָבער אין רבה ווייס מען ווער זי איז. אלע ווייסען אז זי איז א זונה ווי אלע זונות פון עמון.

— נו, זאָל זיין גענוג! — האָט גלעד א געשריי געטהאָן, איך וויל פון דיר מעהר ניט הערען אזעלכע רייד! זי איז מיין קעבס־ווייב און זי וועט מיט מיר פערבלייבען און אויב דו וועסט זיך בענוצען מיט דיין פערשטאנד, וועסטו זיך ארומזעהן, אז דו האָסט גאָר קיין אורזאכע צו פיהלען אזוי שלעכט... און דיר צו צייגען ווי שטארק ליעב איך האָב דיך, וועל איך דיר באלד ווייזען אז איך האָב דיר פון עמון געבראכט זעהר א שעהנע מתנה... דו ווארט דאָ אויף א ווייל און איך וועל דאָס דיר אריינבריינגען.

דערהערט א מתנה, האָט זיך מרה גענומען בערוהיגען. זי איז געווען זעהר נייגעריג צו זעהן וואָס ער האָט פאר איהר געבראכט.

גלעד איז אין א ווייל ארויסגעקומען און איז אריין אין רעומה'ס צימער. ער האָט געדענקט אז ערוועט זי דאָ טרעפען, אָבער ווען די דינסט האָט איהם געזאָגט אז זי געפינט זיך יעצט אין גאָרטען, איז ער אליין צוגעגאנגען און אויפגעעפענט א קעסטעלע און ארויסגענומען א האלזבאנד און א בראנזלעט פון גאָלד און איז גלייך צוריק אריין צו מרה'ן.

— זעה וואָס איך האָב דיר געבראכט — האָט ער זיך צו איהר אָפּגערופען, דערלאַנגענדיג איהר די ציערונג.

מרה האָט גענומען די ציערונג און זיי בעטראכט. איהר פּנים האָט זיך איז גאנצען געענדערט.. א שמייכעלע האָט זיך בעוויזען אויף איהרע ליפּען.

— אָ, וואָס פאר א שעהנער האלזבאנד! — האָט זי דאָס אָנגעטהאָן אויף איהר האלז... אָבער פארוואָס האָסטו די ציערונג מיר גלייך נישט געגעבען.

— איך בין געווען אזוי צוטראָגען. אז איך האָב אין גאנצען פערגעסען וועגען דעם — האָט זיך גלעד פערענטפערט. — אָבער איך האָב פאר דיר געקויפט דאָס שעהנסטע און בעסטע וואָס מען קען קריגען אין עמון.

מרה האָט ארויפגעטהאָן דעם בראנדלעט אויף איהר האנט און האָט זיך אלע ווילע בעטראכט...

— דו ביזט אזוי שעהן ווי די זון וואָס שיינט אויף די בערג פון גלעד! — האָט ער איהר געמאכט א קאָמפּלימענט — דו ביזט די איינציגע פרוי אין גאנץ מצפּה, וואָס דו פערמעגסט אזעלכע טייערע ציערונג.

גלעד האָט געזעהן אז דאָס האָט א סך געהאָלפען. די ציערונג האָט איינגעשטילט איהר צאָרן און זי געמאכט פערגעסען אָן רעומה'ן.. ער איז געווען זעהר צופרידען וואָס דיזער געדאנק איז איהם איינגעפאלען. רעומה וועט איהם פערשטעהן... ער וועט איהר פערשפּרעכען צו ברייגנען אנדערע ציערונג... זי איז דאָך גאנץ קלוג, און ווען ער וועט איהר ערקלערען אז דאָס האָט ער געטאָן צו בערוהיגען מרה'ן, וועט זי נאָך זיין צופרידען. ער האָט בעשלאָסען גלייך ארויסצוגעהן און געפינען רעומה'ן און מיט איהר ריידען וועגען דעם.

ווען גלעד איז ארויס פון הויז האָט ער געטראָפען א שליח וועלכער האָט איהם געזאָגט, אז די עלטסטע האָבען איהם געשיקט רופען, ער זאָל אויפטרעטען אלס עדות אין א משפּט צווישען צוויי ברידער, וועלכע משפּט'ן זיך איבער א פעלד.

גלעד איז גלייך אוועק צו דעם טויער פון שטאָדט, וואו דער משפּט איז פאָרגעקומען און עס איז איהם גאָר פון זינען ארויס, אז ער דארף זיך זעהן מיט רעומה'ן און איהר געבען אן ערקלערונג וועגען די ציערונג, וואָס ער האָט פון איהר אוועקגענומען.

דער משפּט האָט זיך פערצויגען א היבשע צייט און גלעד איז געווען פערנומען צוזאמען מיט פיעלע אנדערע חשוב'ע איינוואָהנער פון שטאָדט.

מרה איז געווען זעהר צופרידען מיט דער טייערער מתנה וואס איהר מאן האט איהר געבראכט פון רבה, די הויפּטשטאָדט פון עמון. זי איז ביי זיך גע־יוואָרען גאנץ שטאָלץ. יע, יעצט וועלען אלע וויסען ווען ער האט ווירקליך ליעב. זי האט מיט איהרע הענט אנגעריהרט דעם האלזבאנד וואס איז געווען אויף איהר האלז. איהר צאָרן האט זיך עטוואס איינגעשטילט. נאָך אלעמען וועט זי דאך פארט בלייבען די הערשערין! ער האט אָן איהר נישט פערגעסען אפילו אין דער צייט וואס ער איז געגאנגען נעהמען א פלגש פאר זיך. מרה איז גלייך אוועק צו איהר שכנה איהר צו ווייזען די שעהנע ציערונג וואס איהר מאן האט איהר געבראכט פון עמון.

— איך האב זיך דערוואוסט אז די פלגש וואס מיין מאן האט געבראכט מיט זיך פון עמון, איז געווען א זונה— האט זי זיך נישט געקענט בעהערשען און איהר אריינגערוימט א סוד. איך בעט דיך דערצעהל נישט דערווייליע פאר קיינעם, אבער איך גלויב אז איך דארף נאָך זיין מעהר צופרידען פון דעם, ווייל א פרוי מיט אזא פערגאנגענהייט הינטער זיך, וועט שוין וויסען איהר פלאץ און וועט קיינמאָל נישט וואגען אויפצוהויבען איהר קאָפּ געגען מיר!

— אזוי, איז זי גאר געווען א זונה!
— האט זיך די שכנה שוין מעהר פעראינטערעסירט — זאג מיר, מרה, ווי אזוי האסטו עס אויסגעפונען?

מרה האט בעשלאָסען איהר אויך צו זאָגען דעם זעלבען ליגען וועגען דעם סוחר פון עמון, און זי האט איהר דערצעהלט אלעם וועגען רעומה'ן.

— און איך זאג דיר! — האט די שכנה איהר געווארענט אז אויב זי איז א געוועזענע זונה, וועסטו נאָך דארפען מעהר פאָרזיכטיג זיין, ווייל אזעלכע פרויען האבען נאָך מעהר חוצפּה, און זי וויים ווי אזוי צו געפינען חן אין די אויגען פון דיין מאן. דו דארפסט זעהן וואס מעהר זי צו פער'מיאוס'ען אין גלעד'ס אויגען, כדי ער זאל זי נישט ארויסצייגען מעהר ליעבע ווי דיך. דו האסט איהם גלייך געדארפט דערצעהלען אז דו ווייסט ווער זי איז. רייד זיך

נישט איין אז ווייל זי איז א זונה, איז פאר דיר בעסער. ווען איך וואלט געווען אויף דיין פלאַץ, וואלט איך אין דעם נישט געשוויגען.

— איך האב איהם טאקע גלייך פאָרגעווארפען! איך האב איהם דייטליך געזאגט אז איך וויים וואס זיין פלגש איז געווען.

— און וואס האט ער געזאגט?

— ער האט מיר געזאגט אז ער האט מיך מעהר ליעב און וועט מיך אלע מאָל מעהר ליעב האבען. און דו זעהסט וואס ער האט פאר מיר געבראכט פון רבה. אפילו ווען ער איז געגאנגען נעהמען א פלגש האט ער פון מיר געטראכט און האט מיר אזעלכע קאָסטבארע ציערונג געקויפט. איז דאס אליין נישט דער בעסטער בעוויז אז ער האט מיך מעהר ליעב ווי זיין פלגש?

די שכנה האט בעוואונדערט די שעהנע ציערונג.

— אָה, ווי שעהן דער האלזבאנד פאסט דיר! איך גלויב אז אין גאנץ מיצפה איז נישטאָ א פרוי וועלכע זאל בעזיצען אזא וואונדער שעהנעם האלזבאנד.

— נו, יעצט זעהסטו שוין אז איך האב זיך נישט וואס צו זארגען.

— יע, ווען גלעד האט בלויז פאר דיר געקויפט די ציערונג, מעגסטו ווירקליך שטאָלצירען! — האט די שכנה אויך בעטראכט איהר בראָנזלעט.

— וואס מיינסטו?

— איך מיין, אז עס איז דאָך מעגליך אז ער האט אויך פאר זיין פלגש געקויפט אזעלכע ציערונג!

— אָה, ניין! — האט מרה מיט שטאָלץ געענטפערט — ער האט בלויז פאר מיר געקויפט אזעלכע טייערע ציערונג. ווען ער וואלט געקויפט אויך פאר איהר, וואלט איך פון דעם שוין געוואוסט. די פלגש דארף זיין צופרידען אז ער האט איהר אריינגענומען אין הויז ער זאל איהר נאָך געבען ציערונג! אָה, ווען זי וועט דערזעהען די ציערונג אויף מיר וועלען איהר די אויגען ארויסקריכען פון קנאה! דאס אליין וועט זיין א בעוויז פאר איהר אז זי דארף האָבען און גיעב דאָס מיר גלייך אָפּ איידער איך פלאַץ.

— נישט נאָר וועט דיר רעומה מקנא זיין, אבער אויך אלע פרויען פון שטאָט, ווייל אזעלכע ציערונג ווי דיין מאן האט דיר אלס א מתנה געקויפט, איז זעלטען צו טרעפען.

מיט גרויס צופרידענהייט האט מרה פערלאָזען איהר שכנה און איז אוועק אהיים. זי איז געווען זעהר נייגעריג אז רעומה זאל בעמערקען איהרע ציערונג און איז דעריבער גלייך אריין אין גארטען, וואו רעומה האט זיך געפונען.

— דו האסט ליעב צו פארברענגען אין דעם גאָרטען — האט מרה זיך צו איהר אפגערופען.

— דיזער גארטען דערמאָהנט מיך אָן מיין היים אין דעם לאנד בשן. אזעלכע שעהנע בלומען ווי עס וואקסען אין בשן קען מען אין ערגיץ נישט קריגען.

— און גלעד האט מיר דערצעהלט אז אין עמון זיינען פאראן זעהר שעהנע בלומען! — האט מרה א זאג געטהאָן און זיך אויסגעדרעהט צו איהר אזוי אז זי זאל בעמערקען דעם האלבאנד אויף איהר האלז.

רעומה האט עס גלייך בעמערקט, זי האט אויך דערזעהען דעם בראָנזלעט און האט איהרע אויגען פון די ציערונג נישט ארונטערגענומען.

— ווי עס ווייזט אויס געפעלען דיר מיינע ציערונג! — האט מרה זיך געזוכט מיט איהר א רייץ צו טאָהן.

— אָה, יע, יע... ענטשולדיג.... איך דארף אין הויז אריין.

רעומה האט איהר פערלאָזען און שנעל צו זיך אין צימער אריין. זי האט אויפגעעפענט די קעסטעלע און דערזעהען אז זי איז ליידיג.

רעומה האט געברענט פון כעס. אזא חוצפה! זי האט אָהן איהר וויסען אנגעטאָהן איהרע ציערונג וואס גלעד האט איהר געגעבען אלס א געשאנק. און זי האט נאָך א העזה זיך מיט איהר צו

רייצען און דאס אנרופען איהרע ציערונג.

רעומה איז גלייך צוריק אריין אין גארטען און איז צו איהר צוגעגאנגען. זי האט זיך בעמיהט צו בעהערשען און ארויפצווינגען א שמייכעל אויף איהרע ליפען.

— די ציערונג פאסען דיר אויך גאנץ גוט! — האט רעומה געזאגט — אבער דו ווייסט אז איך האב זיך שטארק דערשראקען, איך האב געמיינט אז מען האט עס ארויסגע'גנב'עט פון מיין קעסטעלע.

— וואס ארויסגע'גנב'עט? — האט מרה איהר געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— דו זוכסט צו טרייבען שפאס מיט מיר! — האט רעומה געזאגט — איך האב נישט דאגעגען אז דו זאלסט אנטאָהן מיינע ציערונג... אבער....

— דיינע ציערונג! — האט מרה זיך א קרים געטאָהן — דו ווייסט נישט וואס דו רעדסט!

— אָה, גענוג שוין צו שפאסען! — האט רעומה א זאג געטהאָן — דו ווילסט זעהן ווי דער האלזבאנד פאסט מיר. איך מוז דיר זאגען אז גלעד האט זעהר א גוטען געשמאק. אָט וועל איך דיר ווייזען.

רעומה האט געמאכט א פערזוך ארונטערצונעהמען דעם האלזבאנד פון מרה'ן.

— וואס ווילסטו טאָהן?! — האט מרה א שטויס געטאָהן רעומה'ס האנט מיט צאָרן — ווי וואגסטו מיך אנצוריהרען מיט דיין האנט!

— גיעב מיר אָפּ מיינע ציערונג? — האט רעומה אויסגערופען.

— דו ביזט פון זינען גערירהרט! דאס איז מיינע ציערונג!

— דו האסט ארויסגע'גנב'עט די ציערונג פון מיין צימער און יעצט ווילסטו זיך נאָך מיט מיר רייצען — האט שוין רעומה געזאגט מיט אויפרעגונג.

— איך האב ארויסגע'גנב'עט די ציערונג פון דיין צימער?! — האט מרה אויסגעשריען מיט א צאָרנדיגע שטימע

— ווארט איך וועל שוין דערצעהלען גלעד'ן אז דו האסט אויף מיר אויסגעטראכט אזא בלבול!

— דיעזע ציערונג בעלאנגט צו מיר! און גיב דאָס מיר גלייך אָפּ איידער איך וועל דערצעהלען גלעד'ן אז דו ביזט אריין אין מיין צימער און פון דארטען אהן מיין וויסען, מיינע ציערונג ארויסגענומען!

— דיינע ציערונג! ווי קומסטו גאר צו האבען אזעלכע ציערונג?!

— גלעד האט זיי מיר א מתנה געגעבען אין עמון... איך מיין, ער האט זיי געקויפט אין עמון און מיר זיי געגעבען, ווען מיין פאטער האט צוגעשטימט מיך אפּצוגעבען צו איהם אלס זיין קעבס־ווייב....

— דו ביזט א פאלשע און א ליגנערין! — האט מרה אויסגעשריען — גלעד האט דיר קיינמאָל קיינע ציערונג נישט געשאָנקען! ער האט דיזע ציערונג פאר מיר געקויפט!

— איך וועל דיר ציינגען די קעסטעלע אין וואס די ציערונג איז געלעגען! — האט רעומה אויסגערופען און איז געלאָפען ברייגנען די קעסטעלע.

— דו זעהסט! גלעד האט מיר פרעזענטירט דיזע קעסטעלע מיט די ציערונג און דו האסט עס פון דאנען ארויסגענומען.

— די חוצפה וואס דו האסט אזוי צו מיר צו ריידען! — האט מרה א שלײדער געטהאָן די קעסטעלע אויף דעם באָדען.

— גיעב מיר מיינע ציערונג!—האט רעומה איהר אנגעגומען פאר דער האנט — גיעב מיר צוריק מיינע ציערונג!

— דו אומווירדיגע זונה! — ריהר מיך נישט אָן מיט דיינע אומריינע הענט.

רעומה האט ארויסגעלאָזען א געשריי און אפּגעטראטען אויף צוריק. זי האט געקוקט מרה'ן מיט בליקען פון ערשטוינונג און איבערראשונג.

— דו מיינסט אז איך וויים נישט ווער דו ביזט! — האט מרה אויסגע־

רופען מיט ענטריסטונג — מיך קאַן מען נישט נאַרען! איך האב גלייך געזעהען אז דו ביזט נישט דאס וואס דו און גלעד האבען מיר געוואלט איינרייידען... איך ווייס אז דו ביזט געווען א זונה אין רבה און דו האסט מיין מאַן אין דיין נעץ געפאנגען... און יעצט ווילסטו ער זאל דיר אויך אפגעבען די ציערונג וואס ער האט פאר מיר געבראכט!

— די ציערונג איז מיינע! גלעד האט זיי מיר געשאָנקען נאָך איידער איך בין זיין פלגש געווארען! — האט רעומה אויסגערופען און איהר קערפער האָט געציטערט פון אויפרעגונג. גיעב זיי מיר אָפּ! דו האסט פון מיר דאס גע׳גנב׳עט.

— איך וועל דיך ווייזען ווי אזוי מיר צו בעשולדיגען, דו זונה! — האט מרה געשריען מיט אלע איהרע כוחות! — ווען גלעד וועט דערהערען אז דו בעשולדיגסט מיך אין גנבה, וועט ער דיר פון מיין הויז פערטרייבען!

— איך האב פאר דיר נישט מורא! גלעד האט מיך נאָך מעהר ליעב ווי דיך! ווען ער האט מיך צום ערשטען מאָל דערזעהען, האט ער שוין מיך ליעב געקראגען און האט מיט גרויס אומגעדולד געווארט אויף דער צייט, ווען ער וועט מיך קענען זעהן דעם צווייטען מאָל. און ווען ער איז געקומען צו מיר דעם צווייטען מאָל, האט ער מיר געשאָנקען דיזען בראנזלעט, און יעצט ווילסטו עס פון מיר אוועקרויבען... ווארט, איך וועל גלעד׳ן דערצעהלען וואס דו האסט צו מיר געטאָהן!

— און דו וועסט זעהן ווי שנעל ער וועט דיך פון מיין הויז ארויסטרייבען! — האט מרה מיט פערביטערונג געזאגט.

— איך האב די זעלבע דעה ווי דו! און גלעד האט מיך ליעב!

— אלע אין שטאָדט ווייסען שוין אז דו ביזט א זונה געווען! איך שעהם זיך גאָר מיט דיר צו ריידען!

— גלעד איז נישט בלינד! ער זעהט ווער פון אונז איז יונג און שעהן און ווער איז א פערזעהענים! — האט רעומה א שטשירע געטהאָן מיט די צייהנער! די ציערונג פאסען זיך דיר ווי א נאָזבאנד אויף דעם שנוק פון א חזיר!

— און ווי קומט אז אומווירדיגע זונה צו ציערונג? — האט רעומה נאָך העכער געשריען.

צו זייערע געשרייען זיינען זיך צונויפגעלאָפען איינינע פון גלעד׳ס דינסטען און קנעכט. באלד זיינען אויך איינינע שכנות אנגעקומען און דער קריעג צווישען די צוויי פרויען האט זיך מעהר פערשטארקט. מרה האט גאנץ הויך פאר אלעמען אין די אויגען גערופען איהר מאנ׳ס פלגש מיט׳ן נאָמען זונה און רעומה האט איהר אויך נישט געשוויגען.

איינער פון די קנעכט וועלכער האט דערהערט די קולות און קריעג פון גלעד׳סביידע פרויען, איז גלייך אוועקגעלאָפען אנזאגען וועגען דעם צו זיין האר.

ווען גלעד האָט דערזעהן זיין קנעכט לויפענדיג צו איהם, האט ער פערשטאַנען אז עפעס האט פאסירט. ער איז איהם ענטקעגען געקומען.

— מיין האר! — האט זיך זיין קנעכט פערנייגט — איך בין געקומען... הם....

— וואס איז געשעהען! — האט זיך גלעד אויף איהם א בייזער געטאָהן.

— מיין הארינטע... זי האט זיך צוקריגט מיט מיין האר׳ס פלגש.

גלעד האט זיך דערמאָנט אז ער האט זיך פארגעסען דורכצוריידען מיט רעומה׳ן וועגען די ציערונג וואס ער האט פון איהר קעסטעלע ארויסגענומען כדי איינצושטילען מרה׳ס צאָרן... ער האט גלייך פערשטאנען אז דאס איז די אורזאכע פון זייער קריעג. ער איז שנעל אוועק אהיים. די געשרייען פוןביידע פרויען האבען דערגרייכט זיינע אויערן. ער איז אריינגעקומען אין גארטען און געזעהען ווי זיינע ביידע פרויען קריגען

זיך און ארום זיי שטעהען פיעלע פון די שכנות.

ווען ער האָט זיך בעוויזען זיינען ביידע פרויען שטיל געבליבען. זיי האָבען ניט דערענדיגט די פלוך און שימפף ווערטער וואָס איינע האָט אויף דער צווייטער געשריען.

— וואָס האָט פּאסירט?! -- האָט גלעד אויסגערופען נאָך א קליינער פויזע. ער האָט א וואונק געטהאָן צו די דינסטען און קנעכט און זיי זיינען באלד אוועק. די שכנות האָבען באלד נאָכגעטהאָן זייער ביישפיל און לאנגזאם אפּגעטראָטען פון דאָרטען.

גלעד האָט בעטראכט מרה׳ן און רעומה׳ן. ער האָט בעמערקט ווי זייערע פנימער פלאמען... ווי זייערע אויגען גלאנצען... ער האָט געזעהן דעם האלזבאנד אויף מרה׳ס האלז.

— וואָס האָט דאָ פּאסירט צווישען אייך? — האָט ער א זאָג געטהאָן מיט א טרוקענע שטימע.

— דו האָסט געבראכט א... פּלגש אין הויז זי זאָל מאכען חוזק פון מיר... זי זאָל מיך בעשולדיגען אין גנבה — האָט מרה אויסגעבראָכען אין היסטעריקע — אָה, טרייב איהר ארויס פון אונזער הויז, אָט די אומווירדיגע זונה!

—איך בעט דיר, מרה! דו זאָלסט מעהר אזוי נישט ריידען — האָט גלעד זיך אָפּגערופען, דערזעהענדיג ווי רעומה האָט פערשטעלט איהר פנים מיט איהרע הענט און געוויינט.

— איך פארשטעה נישט פארוואָס איהר זאָלט זיך פּלוצלונג צוקריגען — האָט ער ווייטער געזאָגט, איך האָב געמיינט אז איהר וועט לעבען צווישען זיך בשלום...

— צו לעבען מיט אָט דער חצופה... בשלום! ווי זי האָט דערזעהן די ציערונג אויף מיר, האָט זיך שוין אין איהר אָנגעצונדען די קנאה... און האָט גענומען טענה׳ן אז די ציערונג בעלאנגט צו איהר!

— זי איז אין גאנצען נישט געווען אומגערעכט! — האָט גלעד א זאָג געטהאָן.

— האָסטו אליין דען מיר די ציערונג נישט געגעבען! — האָט מרה אויסגערופען.

— דו ביזט אויך נישט אומגערעכט, מרה! — האָט גלעד געזאָגט — עס איז אין גאנצען מיין שולד.

— פריהער האָסטו מיר די ציערונג אלס א מתנה געגעבן, און יעצט נעמסטו דאָס פון מיר אוועק און גיסט זיי אָפּ צו איהר — האָט רעומה נישט אויפגעהערט צו כליפּען.

גלעד׳ס פערלעגענהייט איז נאָך גרעסער געוואָרען... ער האָט געזעהן אז ער איז דאָ שטארק אריינגעפאלען.

— האסטו דיזע ציערונג פריהער צו איהר געגעבען? — האָט מרה זיך אָפּגערופען צו איהר מאן און איהר צאָרן האָט געברענט.

— איך וויל אז דו זאָלסט מיר פערשטעהן! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען — דיזע ציערונג האָב איך געגעבען צו רעומה׳ן.

— און דו האָסט עס פון איהר אוועקגענומען!

— יע... איך האָב עס פון איהר אוועקגענומען און דיר געגעבען! אָבער איך האָב געהאט אין זינען צו ריידען מיט רעומה׳ן וועגען דעם און איהר ערקלערען... האָט מען מיך פּלוצלונג אוועקגערופען און יעצט איז דאָ ארויסגעקומען דער מיספארשטענדניס צווישען אייך.

— דו האָסט מיר דען ווידער גענארט!

— האָט מרה געוויינט — דו האָסט מיר געזאָגט, אז די ציערונג האָסטו געקויפט פאר מיר און יעצט זעה איך אז ווען דו האָסט עס געקויפט, האָסטו אפילו וועגען מיר נישט געטראכט... פאר איהר האָסטו עס געקויפט!

— דו פערשטעהסט מיך נישט! — האָט גלעד זיך געזוכט ארויסצופּלאָנטערען פון דער אונאנגענעהמער לאגע — איך האָב געמיינט... הם... איך האָב געוואָלט קויפען די ציערונג פאר אייך ביידען... און דער ציערונג הענדלער האָט דערווייל מעהר נישט געהאט, האָב איך דאָס גענומען... און ווען איך האָב בע־

שלאָסען צו נעהמען רעומה'ן מיט מיר, האָב איך איהר די ציערונג געגעבען.

— אָ, דו האָסט עס מיר בלויז אויף א ווײלע געגעבען! — האָט רעומה זיך פאנאנדערגעוויינט און יעצט אז דו האָסט מיר שוין אריינגעקראָגען, נעמסטו עס ביי מיר צו... ניין! איך וויל דאָ מעהר נישט בלייבען. איך זעה אז דאָ צוזאמען מיט איהר וועל איך זיך פיהלען נאָך ערגער... לאָז מיר געהן צוריק נאָך רבה... איך בין דאן גליקליכער געוועזען... עמרי וועט מיר צונעמען מיט גרויס פרייד! איך וויל דאָ מעהר נישט בלייבען!

רעומה איז שנעל אריינגעלאָפען אין הויז. גלעד איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער... ער האָט זיך פון אָרט נישט געריהרט.

— זאָל זי געהן! דו וועסט זיך נישט נעהמען צום הארצען... עס וועט ארונטער דער פלעק פון אונזער הויז, א זונה זאָל מיט מיר אונטער איין דאך זיין! זאָל זי זיך אומקעהרען אין רבה אויף דער גאס!... — האָט מרה אויסגערופען א פערביטערטע. די גאנצע שטאָדט ווייס שוין אז זי איז א זונה...

— שווייג! — האָט גלעד א שטורעם געטהאָן — דו זאָלסט ניט וואגען מעהר אזוי צו ריידען פון איהר, דו הערסט!... דו האָסט עס אלעס אָנגעפאנגען... פארוואָס ביזטו זיך מיט איהר געגאנגען רייצען, אזוי שנעל ווי דו האָסט די ציערונג פון מיר געקראָגען... האָסטו נישט געקענט ווארטען אויף א יום טוב אָנצוטהאָן די ציערונג. פארוואָס האָסטו זיי אָנגעטהאָן אין א וואָכעדיגען טאָג!... רעומה איז גערעכט! און דו ביזט אומגערעכט... איך ווייס דיין שלעכטע הארץ, דו האָסט איהר פאר אלעמען אין די אויגען פארשעהמט!... דו ווייסט וועלכע אומשטענדען האָבען איהר דערצו געצוואונגען, אָבער פאר די דינסטען און דיינע שכנות אין די אויגען האָסטו איהר פערשעהמט... דו האָסט זי גערופען זונה... און מיר וואונדערט זיך ווי אזוי זי האָט דיר געשוויגען.

— וואָס האָט זי מיר געקענט טהאָן! עס איז דאָך אן אמת! האָב איך דען אויף איהר א בלבול אויסגעטראכט, אזוי ווי זי האָט עס צו מיר געטהאָן! און מיך גנב'טע גערופען... זי איז דאָך געוועזען א זונה, וואָס האָט זי אויף דעם מיר געקענט ענטפערען!

— זי האָט דיר נישט געענטפערט, ווייל זי איז איידעלער און מעהר גוטהערציג ווי דו... און זי האָט מיך ליעב.

— דו זעהסט דאָך ווי שטארק איהר ליעבע איז צו דיר! דו האָסט זי געזוכט אָפּצוקויפען מיט די ציערונג און ווען זי האָט דערזעהן אז דו האָסט די ציערונג פון איהר אוועקגענומען, וויל זי דיר אין גאנצען פערלאָזען און צוריק ווערען דאָס וואָס זי איז פריהער געוועזען!

— אויב זי וויל מיר יעצט פארלאָזען, איז עס נישט איהר שולד נאָר דיינער... דו זוכסט זי פון מיר צו פערטרייבען... אָבער ניין! זי וועט פון מיר נישט אוועקגעהן... זי וועט בלייבען מיט מיר! איך וועל איהר זאָגען ווי שטארק איך ליעב זי און זי וועט מיר גלויבען!

— אויב זי וועט בלייבען, דאן וועל איך דיין הויז פערלאָזען! — האָט מרה געשריען — איך קען מיט איהר אין איין הויז נישט זיין!

— דו קענסט טהאָן ווי דו ווילסט, אָבער רעומה וועט פערבלייבען מיט מיר.

מרה האָט ארונטערגענומען פון זיך דעם האלזבאנד און דעם בראָנזלעט און דאָס א שליידער געטהאָן אויף דעם באָדען.

— נא, נעהם דאָס, גיב דאָס צו דער זונה! דו האָסט זי דאָך מעהר ליעב פון מיר! איך וועל געהן צו מיינע עלטערן.

גלעד האָט אויפגעהויבען די ציערונג און מיט אן איינגעהאלטענעם כעס געזאָגט.

— אויב דו ווילסט געהן צוריק צו דיינע עלטערען קענסטו עס טהאָן! אָבער דו דראַפסט וויסען זיין אז אויב דו וועסט איין נאכט איבערנעכטיגען ביי דיינע עלטערען, דאן וועל איך מיט רעומה'ן חתונה האָבען און זי מאכען פאר מיין ריכטיגער פרוי...

— דו דאַרפסט מיך נישט סטראַשען. איך האָב קיין מורא נישט... איך זאָג דיר נאָך אַמאָל אויב זי פערבלייבט געה איך אַוועק!

— וועגען דעם דאַרפסטו נישט צווייפלען! רעומה וועט פערבלייבען מיט מיר! — האָט גלעד אויסגעשריען, און איז אריין אין הויז.

ער איז צוגעגאַנגען צו רעומה'ן, ער האָט געזעהן ווי זי לעגט צוזאַמען איהרע זאַכען און קלייבט זיך אַוועקצוגעהן.

— רעומה — האָט גלעד זיך אָפּגערופען — וועסטו זיך צוהערען צו מיינע רייד פאַר א ווײַלע.

רעומה האָט איהם נישט געענטפערט. זי איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— איך האָף אַז דו וועסט מיר ענטשולדיגען וואָס איך האָב אַזוי געהאַנדעלט, ווען איך בין געגאַנגען נעהמען די ציערונג פון דיין צימער, האָב איך געהאָפט אַז איך וועל דיר טרעפען און דיר אַלעס ערקלערען. איך בין געווען זיכער אַז דו וועסט מיך פערשטעהן! אָבער איך האָב דיך נישט געטראָפען, און דאָס גענומען אָהן דיין וויסען, מיט דעם געדאַנק אַז איך וועל זיך מיט דיר זעהן איידער דו וועסט זיך דערוויסען...

— מיר אַרט נישט פאַר די ציערונג, אויב דו ווילסט עס פון מיר צונעמען און אָפּגעבען צו איהר האָסטו א רעכט דאָס צו טהאָן, אָבער וואָס מיר פערדריסט איז, אַז ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין מצפה, האָבען מיר אָפּגעמאַכט אַז זי זאָל פון מיין פערגאַנגענהייט נישט וויסען, אָבער ווי איך זעה האָט זי דאָס שנעל פון דיר אַרויסגעקראָגען. דו האָסט זיך נישט געקענט בעהערשען און איהר אַלעס דערצעהלט... און זי האָט זיך ביי דער ערשטער געלעגענהייט דאַמיט בעגוצט און מיר פאַר אַלעמען אין די אויגען פערשעהמט.

— דו מאַכסט א טעות, רעומה! ניט פון מיר האָט זיך מרה דאָס דערוואוסט... איך בין געווען נאָך מעהר איבערראַשט ווי דו ווען איך האָב פון איהר מויל דאָס געהערט.

— ווער דען האָט איהר דערצעהלט אויב נישט דו... פיליכט דער קנעכט.

— ניין! איך בין זיכער אַז דער קנעכט וועט אונז נישט פערראַטען. אָבער איך ווייס ווי אַזוי זי האָט זיך דערוואוסט פון דיין פערגאַנגענהייט.

— ווי אַזוי?...

— אין מיין הויז איז היינט אין דער פריה געקומען א סוחר פון עמון... ער האָט, ווייזט אויס געוואָלט קויפען ביי מיר סחורה און ער האָט דיר דורך דעם פענסטער דערזעהן און ער האָט דיר דערקענט... דער עמון, האָט איהר דערצעהלט אַלעס וואָס ער האָט פון דיר געוואוסט און דאָס איז ווי אַזוי מרה האָט אויסגעפונען וועגען דיר!

רעומה איז בלאַס געוואָרען. זי האָט זיך פאַרטראַכט: זאָל עס זיין מעגליך, אַז גרים דער עמון, איז שוין געקומען צו איהר... אָבער דאָס איז דאָך אוממעגליך... ווען ער וואָלט דאָ געווען, וואָלט ער דאָך זיכער נישט געזאָגט אַז ער קען זי... ער וואָלט זיך דאָך געמאַכט ווי א פרעמדער... אַזוי האָט ער דאָך איהר געזאָגט ווען זי האָט זיך מיט איהם געזעגענט... פיליכט איז עס גאָר עמרי געווען... ניין, דאָס איז אויך אוממעגליך... איהם וואָלט זי זיכער נישט אָנגענומען פאַר אַן עמוני!

— נו, יעצט פערשטעהסטו אין וואָס פאַר א לאַגע איך בין געווען, מרה האָט זיך דערוואוסט, און זי איז געווען אויפגערעגט... זי האָט מיך פאַרגעוואָרפען, אַז איך האָב זי מעהר נישט ליעב און איך האָב זי געוואָלט בערוהיגען און איינשטילען, האָב איך איהר געזאָגט, אַז איך האָב זי ליעב און אַלס צייכען פון מיין ליעבע צו איהר בין איך געווען געצוואונגען איהר צו זאָגען א ליגען. אַז איך האָב, זייענדיג אין רבה פאַר איהר די ציערונג געקויפט... זי האָט עס גלייך געוואָלט זעהן, און איך בין געווען זיכער אַז ווען דו וועסט וויסען וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ, וואָלסטו געוויס נישט געהאַט דאַגעגען, וואָס איך נעהם ביי דיר די ציערונג, איך וואָלט דאָך דיר געוויס

אנדערע ציערונג געקויפט... און פיליי‌כט נאָך בעסערע און שעהנערע!

— אָבער עס איז דאָך געווים ניט געווען מיין שולד! — האָט רעומה זיך אָפּגערופען — ווען איך האָט דערזעהן מיינע ציערונג אויף איהר, האָב איך בעת מעשה געטראכט, אז זי האָט זיי דערזעהן און עס אָנגעמאָסטען, און ווען זי האָט זיך מיט מיר א רייץ געטהאָן, האָב איך געמיינט אז דאָס האָט זיך איהר פערגלוסט צו טרייבען שפּאס מיט מיר... אָבער ווען איך האָב איהר געזאָגט אז איך האָב זיך דערשראָקען ווען איך האָב די קעסטעלע געפונען ליידיג און איך האָב געמיינט אז מען האָט עס פון מיר ארויסגע׳גנב׳עט, איז זי אויף מיר ארויפגעפאלען און מיך גערופען די שענדליכסטע נעמען... און דעריבער האָב איך בעשלאָסען צו געהן צוריק נאָך רבה...

— איך פערזיכער דיר, רעומה, אז דאָס וועט מעהר נישט פּאסירען... איך האָב זי גוט אויסגעמוסר׳ט... איך האָב איהר געזאָגט אז איך האָב דיך ליעב און וועל נישט דולדען, ווען זי וועט זיך מיט דיר ווידער אָנפאנגען... זי האָט מיך אויך געסטראשעט אז זי וועט מיך פערלאָזען און איך האָב איהר אָנגעזאָגט, אז אויב זי וועט איין נאכט נעכטיגען ביי איהרע עלטערען, דאן וועל איך דיך מאכען פאר מיין ריכטיגער פרוי... און זי האָט מיר צוריקגעקעהרט די ציערונג און געזאָגט אז אויב דו וועסט פערבלייבען געהט זי אוועק...

— און דו ווילסט ניט, אז איך זאָל אוועקגעהן!

— האָט זיך רעומה אָפּגערופען צו גלעד׳ן

— ווען איך וואָלט געוואָלט אז דו זאָלסט אוועקגעהן וואָלט איך דיר דען אהער געבראכט... דו ווייסט דאָך אז איך האָב דיך ליעב און מיר ארט נישט וואָס מרה און די אנדערע וועלען ריידען וועגען דיר... און וואָס אנבעלאנגט דיין פערגאנגענהייט, דארפסטו זיך נישט בעאומרוהיגען, עס וועט לאנג נישט נעהמען און מען וועט פערגעסען אָז דעם...

און ווען גאָט וועט געבען און דו וועסט מיר א זוהן געבוירען וועל איך דיך נאָך מעהר ליעב האָבען!

— איך האָב מורא, אז זי וועט מיך דערצאָרענען יעדען טאָג — איך האָב געגלויבט אז זי וועט לעבען פריינדליך מיט מיר... אָבער יעצט זעה איך אז איך האָב געמאכט א טעות! זי איז מיין פיינדין און וועט מיך פעראורזאכען פיל שמערצען.

— איך פארשפּרעך דיר אז זי וועט עס מעהר נישט טהאָן. מרה וועט מיך פאָלגען. נעהם, איך בעט דיר די ציערונג, און לאָמיר פערגעסען וואָס עס איז פאָרגעקומען.

— ניין, דו קענסט די ציערונג אָפּגעבען צו מרה׳ן... איך דארף דאָס נישט...

— יעצט אז מרה ווייס אז דאָס געהערט צו דיר, וועט זי שוין מעהר נישט ערוואַרטען איך זאָל עס צו איהר אָפּגעבען.

רעומה האט גענומען די ציערונג און עס אנגעטהאָן אויף זיך.

— דו ביזט דאָך אזוי שעהן...—האט גלעד איהר אנגענומען פאר איהר האנט — יעצט ווייס איך פאר וואס מרה האט אזוי געהאנדעלט. זי איז געווען אייפערזיכטיג... זי האט געזעהען אז דו ביזט שעהנער פאר איהר.

— און דו וועסט מיך קיינמאָל נישט אויפהערען ליעב צו האבען? — האט רעומה איהם געפרעגט.

— קיינמאָל נייעט!

— און פארוואס ווילסטו מיך נישט מאכען פאר דיין ריכטיגע ווייב... דאן וועט זיך מרה נישט גרויסען איבער מיר.

— דאס קאן איך נישט, פערשטעהסטו מיך, איך האב פערשפּראכען מרה׳ן איידער איך האב מיט איהר חתונה געהאט נישט צו נעהמען קיין צווייטע פרוי צו איהר. א פלגש יע, אבער נישט קיין ריכטיגע פרוי, און איך מוז מייז פערשפּרעכען האלטען, כיידען... סיידען זי וועט מיך פערלאָזען אפילו אויף איין נאכט און אוועקגעהן

צו איהרע עלטערן, דאַ' וועל איך דיך מאכען פאר מיין פרוי. דאָך דארפסטו זיך נישט נעהמען צום הארצען. איך פערזיכער דיר אז דו ביזט צו מיר פעררעכענט אזוי גוט ווי א ריכטיגע פרוי.

— צו דיר, אבער נישט צו מרה'ן, זי וועט אלעס טאָהן מיך צו ערניעדריגען און בעליידיגען.

— מרה איז גאָר נישט אזא שלעכטע, ווי דו שטעלסט זיך פאר. נאָר אלעמען קען מען דאך איהר אויך אין גאנצען נישט באשולדיגען, זי האט דאך נישט געוואוסט אז דאס האב איך די ציערונג אוועקגענומען פון דיר און דאס צו איהר געגעבען. זי האט דאך געמיינט אז איך האב זיי טאקע פאר איהר געקויפט, און דאָ קומסטו און זאגסט איהר אז די ציערונג בעלאנגט צו דיר. געוועהנליך האט איהר אזא זאך אויפגערעגט.

— זי האט אבער קיין רעכט נישט געהאט צו רופען מיך נעמען און פארשעהמען פאר די אויגען פון די שכנות און די דינסטען. יעצט וועט שוין די גאנצע שטאָדט וויסען דערפון.

— און פאר דעם וועט זי איהר שטראף בעקומען. איך האב געהאט אין זינען אויך פאר איהר צו קויפען די זעלבע ציערונג. יעצט אבער וועל איך דאס נישט טאָהן. דיעזע ציערונג געהערט צו דיר, און זאל זי נאָר אוועקגעהן פון מיר אויף איין טאָג און איין נאכט, דאן נעהם איך דיך אלס מיין ריכטיגע פרוי.

## זעקסטער קאפיטעל.
## צייטווייליגער „שלום"

נאכדעם ווי מרה האט אפגעגעבען די ציערונג צוריק צו איהר מאן, איז זי געבליבען שטעהן אין גאָרטען און געווארט.... זי איז געווען זיכער אז נאכדעם ווי זי האט רעומה'ן געזאגט אלעס וואס זי וויים פון איהר, וועט זי געוויס מעהר דאָ נישט פערבלייבען. זאל זי געהן נאָך רבה, די זונה! — האט מרה ווי צו זיך אליין גערעדט — דארטען איז איהר פלאץ... זי האט ארויסגעקוקט צו דעם ארויסגאנג פון הויז צו זעהן אויב רעומה פערלאָזט טאקע דאס הויז ווי זי האט פריהער געסטראשעט, ווען זי האט געזעהען אז זי פערזאמט זיך, האט זי פערשטאנען אז גלעד זוכט איהר איבערצוריידען. יעצט האט איהר שוין שטארק פערדראסען וואס זי האט איהם אפגעגעבען די ציערונג. זי איז זיכער אז מיט דעם וועט ער זי ווידער אפקויפען. ווען זי וועט דערזעהען די ציערונג וועט זי שוין נישט וועלען אוועקגעהן פון דאנען. און אויב אזוי האט זי קיין אנדער אויסוועג, זי וועט זיך צוריקקעהרען צו איהרע עלטערן. זאל ער וויסען אז זי וועט איהר ווארט נישט בייטען. אויב רעומה בלייבט, דאן געהט זי אוועק.

באלד האט מרה דערזעהען גלעד'ן ארויסקומענדיג פון הויז, זי האט גלייך אומגעדרעהט איהר קאָפּ און זיך געמאכט נישט זעהענדיג.

גלעד איז צו איהר צוגעקומען און זיך אפגערופען:

— איך בעט דיך, מרה, דו זאלסט פערגעסען וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען דיר און רעומה'ן, און פון היינט מאָל אָן זעה לעבען בשלום צווישען זיך...

— לעבען בשלום מיט אָט יענער זונה?! — האט מרה אויסגערופען מיט פערביטערונג — אָה. ניין! דאס וועט קיינמאָל נישט פאסירען. איך האב געדענקט אז זי געהט אוועק. אזוי האט זי דאך געזאגט.

— יע, זי איז געווען געגרייט אוועקצוגעהן, אבער ווען איך האב זיך מיט איהר דורכגערעדט און איהר ערקלערט אלעס, האט זי מיך פערשטאנען און געענדערט איהר מיינונג.

— אָה, זי האט געענדערט איהר מיינונג און זי וועט דאָ פארבלייבען! — האט מרה זיך א קרים געטאָהן — אויב זי פערבלייבט וועל איך געהן! איך וועל מיין מיינונג נישט ענדערן!

— פארוואס זאָלסטו זיין אזוי פערעקשנ'ט! — האט גלעד זיך שוין צו

איהר געווענדעט מיט א צערטליכע שטימע — דו ווייסט דאָך אז איך האב דיך ליעב און צוליעב דעם וואס רעומה איז מיין פלגש, איז דאך מיין ליעבע צו דיר נישט געמינערט געווארען. קום אריין אין הויז און מאך שלום מיט איהר, און זאל הערשען רוהיגקייט אין מיין הויז. רעומה איז וויליג דיך מוחל צו זיין און זי וועט פערגעסען וואס עס איז פאָרגעקומען צווישען אייך ביידען.

— רעומה איז געגרייט אלעם צו טאָן פאר א האלזבאנד און א בראָסלעט!— האט מרה אויסגערופען — דו האסט איהר א צווייטען מאָל אפגעקויפט מיט דעם וואס דו האָסט איהר די ציערונג אפגעגעבען. מיר אבער קען מען מיט קיין ציערונג נישט אפקויפען. יעצט קענסטו זיך אויסקלייבען צווישען מיר און אָט דער זו....

— שווייג! — האט גלעד א געשריי געטאָהן — דו האסט קיין רעכט נישט יעצט אזוי צו ריידען וועגען איהר. זי האט דיר קיין בייזעס נישט געטהאָן!

— מיט איהר קומען אין מיין הויז. האט זי מיין גליק צושטערט! — האט מרה אויסגערופען — און איך וויל מיט איהר נישט זיין אונטער איין דאך... איך געה אוועק פון דיר... און אזוי לאנג ווי זי איז ביי דיר וועל איך זיך נישט אומקעהרען.

— און ווען דו וועסט זיך יע אומקעהרען וועסטו געפינען אז רעומה איז שוין נישט מעהן מיין פלגש, נאָר מיין ריכטיגע פרוי! יע, מיט דעם וואס דו וועסט מיך פערלאָזען און אוועק צוריק צו דיין פאטער'ס הויז, ווערט מיין פערשפרעכען צו דיר, פאר אונזער חתונה נישט בינדענד, סיידען דו וועסט זיך אומקעהרען איידער די נאכט געהט אוועק.

— מיר ארט נישט וואס דו וועסט טאָהן! — האט מרה מיט כעס אויסגערופען און איז שנעל אריין אין הויז. זי האט זיך איינגעהילט איהר קאָפּ אין א טיכעל און עפעס מיטנעהמענדיג, האט זי גלייך פערלאָזען דאס הויז.

זי איז מיט שנעלע טריט געגאנגען איבער די גאסען פון מצפה, און ווען אייניגע פון איהרע בעקאנטע שכנות, האבען געמאכט א פערזוך איהר אפצושטעלען, האט זי זיי נישט געענטפערט.

ווען זי איז אריינגעקומען צו איהרע עלטערען אין הויז, איז שוין געווען מיטאג צייט. איהר פאטער און מוטער זיינען געזעסען ביים טיש און געגעסען.

— וואס איז געשעהען, מיין טאָכטער! — איז די מוטער אויפגעשפרונגען פון איהר פלאץ און מרה'ן ענטקעגען געגאנגען.

מרה איז ארויפגעפאלען איהר מוטער אויפ'ן האלז און זיך פאנאנדערגעכליפעט.

דאָ האט זיך שוין דער פאטער אויך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און איז צוגעגאנגען צו איהר.

— האט עפעס פאסירט? — האט זיך דער פאטער אפגערופען.

— איך בין אוועק פון גלעד'ן. איך וועל זיך שוין מעהר קיינמאָל צו איהם נישט אומקעהרען! — האט מרה נישט אויפגעהערט צו וויינען.

— פארוואס? וואס איז געשעהען?

— האט זיך די מוטער אפגערופען א צושראקענע.

— צוליעב דער פלגש!

— וואס רעדסטו, מרה! וועלכע פרוי פערלאָזט עס איהר מאַן צוליעב א פלגש! — האט די מוטער איהר ארומגענומען — דו דארפסט זיין צופרידען וואס ער האט זי נישט גענומען פאר זיין ריכטיגע פרוי... דו ווייסט דאָך אז זעהר ווינציג מענער בענוגעגען זיך בלויז מיט איין פרוי... און ווער פון די איינוואָהנער פון מצפה האט עס נישט קיין פלגש.

—אָה, מיין טאָכטער, דו האסט זיך בענארישט, צוליעב דעם פערלאזט מען נישט קיין מאן, און בפרט אזא מאן ווי גלעד... ווען איך האב גענומען א פלגש, האט מיך דען דיין מוטער פערלאָזען... איך האָב זיך אליין ארומגעזעהן אז זי

איז נישט געטריי, האב איך איהר נאכ־הער פון מיין הויז פארטריבען.

— דו פארשטעהסט נישט, פאטער!

— האט מרה געווישט איהרע אויגען — רעומה, גלעד'ס פלגש, איז פריהער געווען א זונה אין דער הויפט שטאָדט פון עמון....

— א זונה! — האבען פאטער און מוטער מיט אמאָל אויסגערופען.

— יע, א זונה! און יעצט ווי אזוי קען איך זיין מיט איהר אונטער איין דאך!

— פון וואנען ווייסטו אז זי איז געווען א זונה? — האט איהר דער פאטער געפרעגט.

— איך האב זיך גלייך דערוואוסט, כאָטש גלעד האט מיך געזוכט צו נאַרען.

— יע, ער האט דאָך דיר געזאגט, אז ער האט זי בעגעגענט מיט איהר פאטער און ער האָט זי איהם אָפּגעגעבען פאר א פלגש! — האט די מוטער אויסגערופען.

— מיך אבער נארט מען נישט! — האט מרה געזאגט — איך האב גלייך גע־האט א פערדאכט. יע, איך האב שוין געוואוסט איידער גלעד איז דעם לעצטען מאָל אפּגעפאָהרען נאָך עמון, אז ער האט צו טאָהן מיט א זונה.

— ווי אזוי האסטו זיך דערוואוסט?

— האט דער פאטער איהר געפרעגט.

— איך האב צוגערופען גלעד'ס הויפט קנעכט, און פון איהם ארויסגע־קראָגען. ער האט, ווי עס ווייזט אויס, מורא געהאט צו ריידען, אבער איך האב איהם געטעלט אזעלכע פראגען, אז ער האט שוין קיין ברירה נישט געהאט, און מיר געמוזט דעם גאנצען אמת דערצעה־לען און ווען איך האב געזעהען אז גלעד האט זיך דעם לעצטען מאָל אומ־געקעהרט מיט רעומה'ן, איז מיין פער־דאכט שטארקער געווארען און איך האב שוין פון דעם הויפט קנעכט ארויסגע־קראגען דעם אמת, אז רעומה איז די זעלבע זונה מיט וועמען גלעד האט פערבראכט אין רבה...

מרה האט דערצעהלט איהרע עלטערן אלעם וואס זי האט אויסגעפונען וועגען איהר און די טרעהרען האבען איהר גע־שטיקט אין האלז.

— און איך האב געמיינט, מיין טאָכ־טער, אז דו ביזט א קלוגע! — האט זיך איהר פאטער אפּגערופען — יעצט זעה איך אז דו ביזט נאריש. פערקעהרט, דו האסט געדארפט זיין צופרידען מיט דעם וואס רעומה האט אזא פערגאנגענהייט. ווייל דאן וועסטו אימער זיין העכער אין זיינע אויגען, און עס וועט לאנג נישט נעהמען ביז וואנען ער וועט איהר אין גאנצען פון זיין הויז פערטרייבען.

— איך האב נאָך אלעם נישט דער־צעהלט, דעריבער רעדסטו אזוי — האט מרה אויסגערופען.

— וואס נאָך האט פּאסירט — אין די מוטער מיט איהר צוגעגאנגען צום טיש — דערצעהל אונז האט זי דיר שוין שלעכטעס געטאָהן?

מרה האט דערצעהלט וועגען די ציער־רונג וואס גלעד האט איהר געגעבען, זאָגענדיג אז ער האט עס געקויפט פאר איהר, און דערנאָך קומט רעומה און בעשולדיגט איהר אז זי האט עס פון איהר גע'גנב'עט. אזעלעם האט זי דער־צעהלט.

— דו האסט זיך טאקע בענארישט!

— האט די מוטער זיך צו איהר אפּגע־רופען — דו האסט נישט בעדארפט איהם צוריקגעבען אזעלכע טייערע ציערונג.

— איך בין געווען אזוי אויפגערעגט, אז איך האב אליין נישט געוואוסט וואס איך טהו. איך האב געמיינט אז זי וועט איהר ווארט האלטען און זי וועט אוועק פון מיין הויז, ווי זי האט געסטראשעט. יעצט זעה איך איין אז איך האב דאס נישט געדארפט טאָהן. ווייל ווען ער וואלט די ציערונג נישט געהאט, וואלט איהם פילייכט נישט געלונגען זי אי־בערצורידען אז זי זאל פערבלייבען.

— אבער דו האסט קיין רעכט נישט געהאט אוועקצוגעהן פון הויז. דאס וועט נאָך גלעד'ן מעהר אויפרעגען און

דו וועסט זיך מעהר שאַדען טאָהן און ווען דו וועסט זיך צוריקקעהרען צו איהם, וועט ער דאָס אזוי שנעל נישט פערגעסען.

— איך וועל זיך צו איהם קיינמאָל נישט אומקעהרען! — האט מרה אויסגערופען — איך האב דאס איהם געזאגט אויב רעומה וועט פערבלייבען וועל איך אוועקגעהן, און יעצט, אז זי איז פערבליבען וועל איך צו איהם נישט געהן צוריק.

— וואָס רעדסטו מיין טאָכטער! — האט די מוטער אויסגערופען — ווי אזוי וועסטו פערלאָזען דיין מאַן? ווייסטו דען ניט אז אלע פרויען פון מצפה זיינען דיר מקנא וואָס אין דיין חלק איז אריינגעפאלען אזא רייכער און אנגעזעהענער מאַן ווי גלעד...

— ביז מאָרגען וועט דיין כעס פאַריבער! — האט זיך איהר פאטער אפּגערופען — שלאָף איבער די נאכט אין אונזער הויז און מאָרגען וועסטו זיך צו איהם....

— אויב איך וועל דא פערבלייבען ביז מאָרגען, וועט שוין אלעס זיין פערפאלען! — האט מרה אויסגערופען— וויל גלעד האט מיר אנגעזאגט, אז אויב איך וועל דאָ ביי אייך איבערנעכטיגען, וועט ער רעומה'ן ערקלעהרען פאַר זיין ריכטיגע פרוי.

— און נאכדעם ווי דו האסט פון איהם אזעלכע ווערטער געהערט, נעהמסטו נאָך און ערלאָזט איהם! — האט די מוטער אויסגערופען — ווייסטו דען וואָס דו האסט געטאָהן? דאָס מיינט דאָך אז דו וועסט אליין איבערגעבען רעומה'ן צו איהם פאר זיין פרוי.

— מיר אַרט שוין נישט, וואָס ער וועט טאָהן! — האט זיך מרה נאָך העכער פאנאנדערגעוויינט — איך וועל זיך שוין צו איהם מעהר נישט צוריקקעהרען.

— ביזטו פון זינען ארונטער? — האט זיך דער פאטער אויף איהר צובייזערט — ווען דו וועסט איהם גוט דערצאָרענען, וועט ער דיר אין גאנצען גט'ן און וואָס וועסטו נאכהער טאָהן? ווייסטו דען נישט אונזער ארימקייט? וועסטו דען קענען קריגען א צווייטען מאַן, אזוי רייך און חשוב ווי גלעד.

— מיין קינד, דו מוזט גלייך געהן צוריק, איידער עס איז נאָך צו שפּעט. צוליעב אזא קלייניגקייט דארפסטו ניט פארלירען דיין גליק. זעהסטו דען נישט אז גלעד איז געווען צופרידען צו האלטען זיין וואָרט און ניט נעהמען קיין צווייטע פרוי צו דיר. געה, מיין קינד! געה שנעל!

— אָה, ניין! ניין! — האט מרה פערשטעלט איהר פּנים מיט איהרע ביידע הענט און געכליפּעט — איך קען מיט איהר נישט זיין אין איין הויז...

— אז דו וועסט האבען שכל, וועסטו זיין די הערשערין! — האט איהר די מוטער צערטליך געגלעט. — זעהסטו דען נישט אז מיט דעם וואָס דו וועסט זיך פער'עקשנ'ען וועסטו נאָך טהאָן א טובה דיין פיינדין. ער וועט איהר מאכען פאר זיין פרוי און וועט זיין גלייכבערעכטיגט מיט דיר. ערשט דאן וועסטו גאָר נישט קענען טאָהן צו איהר. זי וועט דיך נעהמען קריכען אויף דעם קאָפּ, און אז גאט וועט געבען און דו וועסט גלעד'ן געבוירען קינדער וועלען זיי זיך מוזען טיילען די ירושה מיט רעומה'ס קינדער גלייך אויף גלייך... ניין, דו טאָרסט נישט דערלאָזען אז דאס זאל געשעהן.

— ווי אזוי וועל איך קענען צו איהם צוריקקומען? — האט מרה געיאמערט — איך וועל דארפען צוזעהן מיט מיינע אויגען ווי זי, די פּלגש, טראָגט די ציערונג און איך....

— דו ווייסט דאָך אז גלעד איז נישט קיין קאַרגער און ער וועט פאר דיר אויך קויפען! — האט די מוטער איהר געטרייסט.

— וועך איז דיר שולדיג! — חאט דער פאטער צוגעגעבען — די ציערונג איז געווען אין דיינע הענט. ער האט דאס דאך דיר געגעבען. האט ער דען זיי פון דיר צוריקגעמאָנט? ווען דו

שלײדערסט איהם נישט די ציערונג צוריק אין פנים, וואלטען זיי דאך געבליבען ביי דיר! דאך גלויב איך אז גלעד וועט שוין זעהן אז צוליעב דעם זאל צווישען אייך נישט הערשען קיין קנאה און שנאה, איך בין זיכער אז ער וועט פאר דיר קויפען נאָך שעהנערע ציערונג. שטעה אויף, מיין טאָכטער, וואש זיך ארום און געה צוריק צו דיין מאן!

— איך קען נישט! איך קען נישט! — האט מרה זיך געטרייסעלט פון אויפרעגונג — איך וועל זיך נישט געהן ביי איהם בעטען.

— דאס וועט נישט הייסען זיך געבעטען! — האט די מוטער זי געזוכט צו בערוהיגען — דו ביזט אויף א ווײלע אוועק בעזוכען דיינע עלטערען און יעצט קומסטו צוריק אהיים.

— זי וועט אבער וויסען דעם גאנצען אמת. — ער וועט דאס איהר דערצעהלען.

— וואָס ארט דיר פאר איהר! — דו געה צו איהם צוריק און זאל זי וויסען אז דו ביזט די בעל הבית'טע און נישט זי. איך פערזיכער דיר אז ווען עס וועט אוועקגעהן א קורצע צייט, וועט גלעד אליין איהר נעהמען פערהאסען. בפרט ווען מען וועט איהם גאנץ אָפט דערמאָנען אז זיין פלגש איז א געוועזענע זונה — איז דער פאטער צו איהר צוגעגאנגען און זי אנגענומען פאר'ן האנט.

— דו מעגסט זיך פערלאָזען אויף מיר! — האט די מוטער איהר געזאגט — איך וועל רעומה'ן מאכען אין שטאָדט אזא נאָמען אז זי וועט אליין פון גלעד'ן אוועקגעהן. באלד וועט די גאנצע שטאָדט וויסען ווער דיין מאנ'ס פלגש איז... זאל ער זיך שעהמען מיט זיין פלגש. אבער דו, פאַרוואס זאלסטו דארפען ליידען און אָפטרעטען פאר אָט דער אומווירדיגער זונה? פאָלג מיר, מיין טאָכטער, געה צוריק.

— אָה, מוטער, ווען דו וואלסט געוואוסט ווי שווער עס איז פאר מיר דאָס צו טהאָן... ער האָט דאָך מיר אזוי בעליידיגט און ערנידעריגט... איך וואלט בעסער געוואלט זיין א דינסט איידער זיך אונטערצוגעבען און קומען צוריק.

— רייד נישט אזוי! — האט דער פאטער אויף איהר אנגעשריען — א דינסט וועט זי גאר ווערען. זי וועט פערלאָזען אזא מאן מיט אזוי פיעל רייכטום און געהן ווערען א דינסט. דו ווילסט זיך אומגליקליך מאכען דיין גאנצען לעבען?

— ווען איך זאל דארפען פערברינגען מיט איהר, וועל איך זיך פיהלען נאָך אומגליקליכער.

— זאגט מען דאך דיר, אז דו וועסט קענען הערשען איבער איהר, דו, אלס זיין ריכטיגע פרוי, וועסטו האבען א רעכט צו מאכען דיין מאנ'ס פלגש פאר דיין דינסט — האט די מוטער ווייטער געזאגט.

— און ווייסטו דען נישט וואס עס ווערט דערצעהלט וועגען אברהם'ן און שרה'ן — האט דער פאטער איהר געפרעגט.

— איך ווייס! איך ווייס! — האט מרה אויסגערופען — מיט דער געשיכטע האט מיר גלעד געוואלט בעווייזען אז ער דארף נעהמען א פלגש.

— איך מיין נישט דאס! — האט דער פאטער געזאגט — איך מיין אז ווען הגר, אברהם'ס פלגש, האט בעדארפט געבוירען א זוהן, האט זי זיך גענומען גרויס האלטען נעגען איהר הארינטע, און וואס האט שרה געטאָהן? ניין, זי האט זיך נישט געלאָזען קריכען אויפ'ן קאָפּ, זי האט איהר גענומען אזוי פיעל פייניגען, אז הגר איז געצוואונגען געווארען צו ענטלויפען פון אברהם'ן. און אפילו נאכדעם ווי הגר האט געבוירען ישמעאל'ן האט אברהם פארטריבען הגר'ן צוזאמען מיט איהר זוהן, ווען שרה האט עס פון איהם פערלאנגט.

— אזוי גאר! — האט זיך די מוטער אריינגעמישט — אברהם האט ארויסגעטריבען זיין פלגש ווייל זיין ריכטיגע פרוי שרה האט אזוי פערלאנגט. יעצט זעהסטו אז דו וועסט ווי־סען ווי צו האנדלען, וועסטו שטענדיג

האבען די אויבערהאנט, און ווען עטליכע יאהר וועלען פאריבער געהן וועט דיר נישט זיין גאנץ שווער פון איהר פטור צו ווערען, אָבער ווען דו קעהרסט זיך צו איהם נישט אום, וועט רעומה ווערען גלייך מיט דיר. און דאן וועט זי הערשען איבער דיר. געה צוריק איידער עס וועט זיין צו שפּעט.

— אָה, הלואי וואָלט איך בעסער געווען טויט! — האט מרה אויסגערופען און די טרעהרען האָבען איהר אין האלז געשטיקט—איך קען נישט געהן צוריק, אָ, מוטער פארוואָס זאָלסטו מיר נישט פארשטעהן!

— ווייסטו גאר וואס! — האט זיך דער פאטער אפּגערופען — איך וועל מיט דיר מיטגעהן, און איך וועל שוין וויסען ווי אזוי אלעם אויסצוגלייכען.

— ניין, איך וועל נישט געהן. גלעד האט געגען מיר געזינדיגט און ער דארף מיר קומען איבערבעטען.

— זעהסטו יעצט רעדסטו שוין ווי א קינד! — האט די מוטער איהר אנגענומען פאר'ן האנד. — א פיינע זאך וואלט געווען, אז גלעד זאל יעצט געהן זיך ביי דיר בעטען, דו זאלסט זיך צו איהם צוריקקעהרען.

— און איך וועל אויך נישט געהן!
— האט זיך מרה פער'עקשנ'ט.

די מוטער האט א רוף געטהאָן דעם פאטער אָן א זייט און זי האט זיך צו איהם אפּגערופען:

— פיל־ייכט זאלען מיר ביידע אריבערגעהן צו גלעד'ן און זיך מיט איהם דורכריידען. איך בין זיכער אז ער וועט פערשטעהן און נישט זיין אזוי פערעקשנ'ט ווי מרה.

— איך גלויב אז דו ביזט גערעכט! מיר וועלען דאס פּרובירען. מיר טאָרען נישט דערלאָזען אז זי זאל איבערנעכטיגען די נאכט אין אונזער הויז. בעסער וואלט געווען אויב זי וועט צושטימען מיט אונז צו געהן צוזאמען.

— דו ווייסט וואס, מרה — האט ער זיך צו איהר געווענדעט — איך און דיין מוטער וועלען אריבערגעהן מיט דיר צו גלעד'ן.

— ניין, איך וועל פערבלייבען דאָ!

— האט זי זיך איינגע'עקשנ'ט — אויב ער האט מיך נאָך ליעב וועט ער מיט אייך ביידען קומען אהער און מיך צוריקרופען.

— נו, טאָ לאָמיר ניט פארלירען קיין צייט! — האָט די מוטער זיך אָפּגערופען ווען זי האָט געזעהן אז זיי וועלען גאָר נישט פועל'ן ביי זייער טאָכטער.

די מוטער האָט אָנגעטהאָן א יום־טוב'דיגע קלייד און איז גלייך אוועק מיט איהר מאן צו גלעד'ן.

— און מרה, וואו איז? — האָט זיי גלעד באגעגענט ביי דיר טיהר.

— המ... מרה... זי איז דאָך יונג... האָט זיך אביסעל קאפּריזעוועט, — האָט די מוטער זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל, — אָבער זי וועט דאָ באלד זיין... זי איז יעצט עטוואס אויפגערעגט.

— וואָס איז דאָ פּאָרגעקומען... איך מיין, וואָס מרה איז געווען עפּעס צורודערט, — האָט דער פאטער א זאָג געטהאָן.

— זי איז אוועקגעגאנגען! זי איז ברוגז געוואָרען און מיך פארלאָזען! — האָט גלעד א זאָג געטהאָן, — זי האָט זיך איבערגערעדט מיט... מיט רעומה'ן.

— אָ, עס איז גאָרנישט, זיי וועלען זיך צוגעוואוינען איינע צו דער צווייטער... זיי וועלען לעבען צווישען זיך בשלום. דו דארפסט זיך נישט נעהמען צום הארצען, — האָט די מוטער נישט אויפגעהערט צו שמייכלען... איך וועל דיר זאָגען דעם אמת, גלעד, אז מיך וואונדערט זיך אויף דיר וואָס דו האָסט עס גאָר דערלאָזען דערצו!

— איך האָב געטהאָן אלעס וואָס נאָר מעגליך... איך האָב זיך ביי איהר געבעטען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפען, נישט מיט גוטען און נישט מיט בייזען... איך האָב איהר אָנגעזאָגט, אז אויב זי וועט איבערנעכטיגען א נאכט נישט אונטער מיין דאך, וועל איך דאן וויסען וואָס צו טהאָן.

— אַ, דערצו וועט עס נישט קומען!

— האָט די מוטער אויסגערופען, — געוועהנליך ווען מרה האָט אויסגעפונען אַלעס האָט זי זיך שטאַרק גענומען צום האַרצען, און אין גאַנצען בעשולדיגען דאַרפסטו איהר נישט.

— יאָ, זי האָט אָבער קיין רעכט ניט געהאַט צו פאַרלאָזען מיין הויז! — האָט גלעד בייז אַ זאָג געטהאָן.

— צו וועמען איז זי געגאַנגען? זי איז דאָך געגאַנגען צו אונז, איהרע עלטערען! עפּעס האָט איהר געדריקט ביים האַרצען, איז זי געקומען צו איהר פאָטער און מוטער אויסגיסען איהר האַרץ.

— און פאַרוואָס איז זי נישט צוריקגעקומען מיט אייך?

— נו, פאַרשטעהט זיך, זי האָט זיך געשעהמט!... אָבער... המ... זי שעהמט זיך פאַר יענער... — האָט די מוטער אַרויסגעשטאַמעלט.

— ווייסטו וואָס, גלעד? — האָט דער פאָטער זיך אויסגעגלייכט, — קום צוזאַמען מיט אונז, און נאַכהער וועט זי זיך מיט דיר אומקעהרען.

— ניין! איך וועל זיך ביי איהר ניט געהן בעטען! — האָט גלעד אויסגערופען, — אויב זי וועט זיך ניט אומקעהרען איידער די נאַכט איז פאַראיבער, וועט זי נאַכהער חרטה האָבען... איך האָב דאָס איהר געזאָגט איידער זי איז אוועק.

— זי האָט געוואָלט מיט אונז מיטגעהן, אָבער זי האָט זיך געשעהמט... און איך האָב איהר געזאָגט, אַז מיר וועלען אַריבערגעהן צו דיר און נאַכהער וועט איהר ביידע זיך אומקעהרען אַהיים. יעצט בעט איך דיר, קום! און זאָל אַלעס געשליכטעט ווערען אויף אַ פרידליכען אופן.

— אַז איך וועל יעצט געהן צו איהר, וועט זי טהאָן דיזעלבע זאַך אַ צווייטען מאָל... ניין... איך וועל נישט געהן!

— אויף דיר האָב איך זיך דאָס נישט געריכט! — האָט מרה'ס פאָטער אויסגערופען, — אויב זי איז פאַר'עקשן'ט דאַרפסטו אויך אַזוי זיין?!... איך בעט דיך, קום מיט אונז... איך פאַרשפּרעך דיר אַז נאָך אַמאָל וועט עס נישט פּאַסירען... זי האָט זיך איינמאָל בענאַרישט...

— גוט, איך וועל געהן! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען, — אָבער אויב זי וועט נאָך זיין איינגעשפּאַרט, וועל איך זיך גלייך צוריקקעהרען.

— וועגען דעם דאַרפסטו נישט זאָרגען! — האָט די מוטער געזאָגט, — זי וועט גלייך מיט דיר צוריקקעהרען... אָבער פון דעסטוועגען וועל איך דיר בעטען, גלעד, אַז דו זאָלסט זעהן אויך צו קויפען פאַר איהר דיזעלבע ציערונג... דו ווייסט דאָך ווי פרויען זיינען אייפערזיכטיג אויף אַזעלכע זאַכען.

— האָב איך דען אַנדערש געטראַכט! — האָט גלעד געזאָגט, — איך האָב דאָס דאָך איהר אָפּגעגעבען... און ווען זי האָט דאָס מיר צוריקגעגעבען, איז עס געווען איהר אייגענע שולד, פון דעסטוועגען וועל איך איהר געוויס קויפען אַנדערע ציערונג.

ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין הויז האָט די מוטער געטראָפען מרה'ן ליגענדיג אין בעט און כליפּענדיג.

— מרה! — איז די מוטער צו איהר צוגעלאָפען, — גלעד איז געקומען דיך אַהיים נעהמען. שנעלער וואַש זיך אָרום.

מרה האָט זיך אויפגעשטעלט. זי האָט זיך אַרומגעוואַשען און אַריין אין צימער.

אַ ווײַלע זיינען זיי ביידע געשטאַנען און געשוויגען, נאַכהער האָט זיך גלעד אָפּגערופען:

— קום, מרה, אַהיים, די נאַכט פאַלט שוין צו...

— פּיעלייכט וועסטו עפּעס צובייסען? — האָט זיך די מוטער געווענדעט צו גלעד'ן.

— ניין, מיר איילען זיך צו געהן.

מרה האָט געקושט איהר מוטער, און שטילערהייד, אָהן ווערטער, איז זי אַרויס מיט גלעד'ן.

— זאָל אַלעס וואָס איז געווען פאַרגעסען ווערען! — האָט גלעד צו איהר געזאָגט, ווען זיי זיינען צוגעקומען צום

הויז, — אז דו וועסט לעבען בשלום מיט רעומה'ן, וועלען מיר אלע צופרידען זיין. זי איז גאָרנישט אזוי שלעכט... עס איז איינגאנצען געווען מיין שולד. וועסטו טהאָן מיין פערלאנג?

מרה האָט צוגעשטימט מיט א שאָקעל פון איהר קאָפּ. און גלעד איז גלייך אריין צו רעומה'ן און געמאכט שלום צווישען זיין פרוי און זיין פּלגש.

## זיבעטער קאַפּיטעל
## גרים און עמרי

כאָטש גרים האָט זיך צושיידט מיט רעומה'ן ווי א גוטער פריינד, פון דעסט־וועגען האָט אין איהם געברענט די קנאה. ער האָט די אידישע שעהנע מיי־דעל רעומה זעהר שטארק ליעב געהאט און ער האָט אליץ געהאָפּט אז איהם וועט געלינגען זי איבערצורייידען זי זאָל אין גאנצען געהערען צו איהם... ער האָט זיך זעהר שטארק געפרעהט ווען ער האָט זיך דערוואוסט אז רעומה האָט מעהר נישט ליעב עמרי'ן... נישט איינמאָל איז איהם אויסגעקומען צו זעהן ווי אזוי עמרי געהט אוועק פון רעומה'ן אן ענטטוישטער און אומעטיגער. רעומה'ס דינסט פלעגט איהם שוין אָנזאָגען אז עמרי געפינט זיך אין הויז אין ער פלעגט אָפּוואַרטען, בעהאלטענדיג זיך ערגעץ־וואו, דאן פלעגט ער באמערקען אָז עמרי'ס פּנים אז זיין מיה איז ווידער געווען אומזיסט. דאָס האָט איהם שטארק הנאה געטהאָן און ער האָט גע־קראָגען מעהר מוטה צו ריידען מיט רעומה'ן... און כאָטש איהרע רייד האָ־בען איהם קיינמאָל נישט ערמוטיגט, האָט ער דאָך געהאָפּט אז פריהער אָדער שפּעטער וועט איהם געלינגען איינצו־ריידען זי זאָל געהן וואָהנען מיט איהם. ער האָט שוין געפּלאנעוועט צו פאריאָגען זיין ווייב פון זיין הויז און רעומה'ן אהין ברייינגען... און דאָ געפינט ער אויס פּלוצלינג אז זי פערלאָזט רבה און געהט גאָר ווערען די פּלגש פון דעם רייכען סוחר פון מצפּה.

זיין צאָרן האָט גענומען ברענען אויף אלע אידען פון גלעד און ארום. און ניט איינמאָל האָט ער געטראַכט פון דעם, אז ווען ער וואָלט זיך דערהויבען צו זיין א גענעראל, וואָלט ער שוין געזעהן אריינצוגעהן אין א מלחמה מיט די אי־דען... די ערשטע שטאָדט וואָס ער וואָלט באַפאלען וואָלט געווען מצפּה, דאן וואָלט ער אוועקגענומען רעומה'ן פון גלעד'ן, און זי גענומען צו זיך... גאנץ אָפט פלעגט ער ריידען מיט זיינע פריינד, די אָפיצירען, וועגען א מעגליכע מלחמה צווישען עמון און די אידען.

— יעצט איז נאָך נישט געקומען די צייט! — פלעגט מען איהם זאָגען, — אָבער א מלחמה איז אומפערמיידליך... מיר דארפען פריהער זיכער זיין, אז די אנדערע שבטים וועלכע זיינען אויף דעם צווייטען זייט פון ירדן, זאָלען זיי נישט קומען צו הילף.

— ווען די אידישע שבטים זיינען פעראייניגט, — האָט נאָך אן אָפיציער אויסגערופען, — דאן זיינען זיי זעהר מעכטיג. ווייסען מיר דען נישט וואָס זיי האָבען געטהאָן צו יבין'ען דעם קעניג פון חצור, און צו זיין גענעראל סיסרא? מיר דארפען פריהער גוט אויספאָרשען די לאגע פון די אנדערע שבטים איידער מיר קענען בעשליסען זיך מיט זיי אָנצו־פאנגען.

— איך קען א אידישען רויבער־הויפּטלינג, וועלכער וואָלט אונז א סך געהאָלפען אין א מלחמה מיט די אידען, ווייל ער אליין טראָגט זיך אויך ארום מיט א נקמה־פּלאן אָן זיינע ברידער, וועלכע האָבען איהם נישט ריכטיג בע־האנדעלט... פון איהם קענען מיר דער־געהן אלעס וועגען זיין פאָלק, מיר ווע־לען אויסגעפינען זייערע שוואכקייטען, און דאן וועט אונז נישט שווער אָנקו־מען זיי צו בעזיעגען.

— פארוואָס זאָגסטו ניט וועגען דעם צו אונזער גענעראל? — האָט אן אנ־דערער געפרעגט, — עס וועט יעדענ־פאלס נישט שאדען זיך צו בעפריינדען מיט א ישראל וועלכער איז א שונא פון זיין פאָלק.

— איך וועל זיך פריהער מיט איהם אליין זעהן און אויב איך וועל קענען

ארויסקריגען נוצען פון איהם, האָב איך שוין א וועג ווי אונזער פריינדשאפט צו פערשטארקען, — האָט גרים געזאָגט.

— און ווער איז דאָס אָט דער רויבער וועגען וועמען דו רעדסט, קומט ער אין רבה?

— פריהער פלעגט ער גאנץ אָפט קומען, אָבער יעצט קומט ער זעלטען. נאָר איך וועל שוין וויסען וואו זיך מיט איהם צו טרעפען.

גרים האָט בעשלאָסען אז איידער ער וועט זיך זעהן מיט עמרי'ן, וועט ער מאַכען א באזוך אין מצפה, און זיך זעהן מיט רעומה'ן, דאן וועט ער האָבען אן אויסרייד זיך מיט עמרי'ן נעהנטער צו באפריינדען.

ער האָט זיך פארשטעלט אלס א סוחר און מיטנעהמענדיג א קעמעל, האָט ער אָפּגערייזט נאָך מצפה.

ער האָט אויסגעפונען די וואָהנונג פון גלעד'ן און איז אהין גלייך אוועק.

— איך בין א סוחר פון רבה! — האָט גרים זיך אָפּגערופען צו מרה'ן, ווען זי איז איהם אנטקעגען געקומען. — איך בין געקומען קויפען פארשידענע בשמים און מען האָט מיר געזאָגט, אז גלעד האנדעלט מיט בשמים, בין איך געקומען צו זיין הויז.

— גלעד איז מיין מאן! — האָט מרה געענטפערט. — און דו, מיין האר, ביזט ווילקאָמען אין אונזער הויז. אויב דו ווילסט וועל איך שיקען איהם רופען... פארשטעהסטו, גלעד איז יעצט פערנומען מיט די עלטסטע פון שטאָדט, וועלכע בעראטהען זיך מיט איהם וועגען אלע וויכטיגע ענינים פון אונזער שטאָדט. אָבער ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אז ווען אימיצער וועט קומען פאר מסחר זאָל איך איהם שיקען רופען.

— עס איז נישט נויטיג, מיין האַרינטע, — האָט זיך גרים פארנייגט, — איך איייל זיך נישט... איך האָב בדעה דאָ צו פארבלייבען ביז מאָרגען... זאָג מיר, איז דען פאראן אין דיין הויז א פלאץ פאר מיר צו נעכטיגען?

— געווים, מיין האר, אונזער הויז איז גרויס גענוג און דו וועסט קענען אויך עסען מיט אונז. איך וועל באלד הייסען צוגרייטען שפייז פאר דיר. דערוויייל מאך זיך באקוועם. איך וועל ארייןשיקען וואסער און דו וועסט זיך ארומוואשען פון דעם שטויב פון וועג.

— איך דאנק דיר, מיין האַרינטע, — האָט זיך גרים פארנייגט, — איך האָב פיעלע מאָל געהערט אז די אידען זיינען זעהר גאסטפריינדליך, און יעצט זעה איך דאָס אליין... יא, מיר, עמונים, האָבען זעהר פיעל צו לערנען פון ישראל...

— און מיר דוכט זיך, אז אויך די עמונים זיינען זעהר גאסטפריינדליך! — האָט מרה געזאָגט מיט א שמייכעל, — מיין מאן פלעגט קומען אין רבה גאנץ אָפט, און ער האָט מיר דערצעהלט ווי פריינדליך די איינוואוינער פון עמון באנעהמען זיך צו איהם. ער האָט אפילו פון דאָרטען מיט זיך געבראַכט א פלגש.

— ער האָט גענומען א פלגש פון עמון? — האָט גרים געמאכט זיך נישט וויסענדיג, — אויב זי איז ווירקליך אן עמונית און דערצו נאָך א שעהנע, מוז איך זי געווים קענען.

— ניין, זי איז נישט קיין עמונית! זי איז א אונזעריגע.

— אויב אזוי, ווי קומט זי אין עמון? — האָט ער געפרעגט.

— זי איז דאָרטען געווען... המ... יא, מיין מאן האָט זי דאָרט געטראָפען אין גאס...

— אָ, איך פארשטעה, זי איז געווען א זונה, — האָט זיך אויף גרים'ס פנים באוויזען א ברייטער שמייכעל.

— און דו מוזט זי געווים קענען!

— מיר דוכט, אז נישט... ווייל איך קען זיך נישט דערמאנען, אז איך זאָל האָבען געזעהן א אידישע פרוי אין עמון.

— איך וועל זי באלד ארייןשיקען צו דיר מיט וואסער, וועסטו שוין זעהן אויב דו וועסט איהר דערקענען — האָט מרה געזאָגט און פארלאָזען דעם צימער.

באלד איז רעומה אריין אין צימער מיט וואסער און ווען זי האָט באמערקט גרים'ן האָט זי אָפּגעשפרונגען אויף צוריק...

גרים האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און האָט איהר באַטראַכט מיט אַ שמייכעל:

— דו קוקסט נאָך אויס יעצט שעה־נער ווי פריהער!

— אַ פאַרוואָס ביזטו אהערגעקומען!

— האָט רעומה זיך אָפּגערופען בלאַס ווערענדיג — דו האָסט דאָך מיר פאַר־שפּראָכען.

— דו האָסט פאַרגעסען דעם אָפּמאַך צווישען אונז! — האָט גרים געזאָגט — איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך וועל קומען פאַרשטעלט אַלס אַ סוחר פון עמון און קיינער וועט נישט וויסען ווער איך בין און אַז עפּעס איז צווישען אונז פאַרגעקומען...

— אָבער מרה, גלעד׳ס פרוי, איהר האָסטו דאָך שוין אויסגעזאָגט — האָט רעומה שטילערהייט אַ זאָג געטהאָן.

— דאָס ווייזט ווי נידעריג איך בין אין דיינע אויגען! — האָט ער געזאָגט — האָב איך דען ווען עס איז געבראָכען מיין וואָרט... ניין! זי ווייס נישט, אַז איך קען דיך... זי האָט מיט מיר גע־רעדט פון עמון און מיר גלייך דער־צעהלט, אַז דו קומסט פון עמון, מיך נאָך געפרעגט אויב איך קען דיר, און איך האָב איהר געענטפערט, אַז איך האָב אַזאַ פרוי קיינמאָל נישט געקענט...

—דאַן וועסטו מיר ענטשולדיגען. איך ווייס, אַז איך קען זיך אויף דיר פאַר־לאָזען.

— און איך האָף, אַז אויך דו וועסט דיין וואָרט האַלטען און קיינמאָל נישט אַרויסגעבען, אַז איך בין אַן אָפיציער, פאַרשטעלט אַלס סוחר... ווייל איך האָב אין זינען גאַנץ אָפּט צו באַזוכען דיזע שטאָדט...

— אָבער דו ווייסט דאָך, אַז איך גע־הער יעצט צו גלעד׳ן און דו וועסט דאָך אהער נישט קומען מיך צו באַלעסטי־גען...

— איז מיין יעצטיגער באַזוך אַ באַ־לעסטיגונג פאַר דיר! — האָט זיך גרים אָפּגערופען.

— אַ, ניין, אָבער דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב מורא, אַז גלעד זאָל נישט גע־מען פאַרדעכטיגען, ווען ער וועט זעהן, אַז דו קומסט גאַנץ אָפּט אהער.

— ווענען דעם האָסטו זיך נישט וואָס צו שרעקען... גרים ווייס ווי צו האַל־טען אַ געהיימנים... ער וועט קיינמאָל נישט אויסגעפינען, אַז אַ חוץ עמרי׳ן, בין איך אויך געווען דיין געליעבטער...

— איך בין גליקליך צו זיין גלעד׳ס פלגש... ער באַהאַנדעלט מיך זעהר גוט... און איך בעט דיר, גרים, לאָז מיר געני־סען פון מיין גליק... ברענג נישט צו־ריק דעם טרויער און יאוש אין מיין נשמה.

— און וואָס איז ווענען מיין גליק!

— האָט ער אויסגערופען — איך בין געווען גליקליך, ווען דו האָסט מיך גע־ליעבט. איך האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט זיך דאָס ציהען... אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען... איך האָב שוין אפילו געפּלאַנעוועט מיין פרוי פון מיין הויז צו פאַרטרייבען און דיך ברייגנען אויף איהר פּלאַץ... אָבער פּלוצלונג איז גע־קומען אָט דער גלעד און דיך פון מיר אוועקגערויבט...

— דו ווייסט דאָך, אַז עס איז נישט זיין שולד! — האָט רעומה געזאָגט — ער ווייס אפילו נישט פון דיין עקזיסטי־רונג...

— און ער וועט נישט וויסען, פאַרזי־כער איך דיר! אָבער דו דאַרפסט מיט מיר אין גאַנצען אויך נישט אָפּברעכען... איך לעכצע צו קושען דיינע ליפּען, צו האַלטען דיין צאַרטע האַנט אין מיינע...

— אַ, ניין, דו טאָרסט ווענען דעם אפילו נישט ריידען... ווי איך האָב צו־געשטימט צו ווערען גלעד׳ס קעפּס־ווייב, האָב איך אָפּגעווישט מיין גאַנצע פאַר־גאַנגענהייט... דו זעהסט דאָך, אַז עמרי האָט מיך פאַרשטאַנען און ער האָט זינט דאַן אפילו קיין פאַרזוך נישט געמאַכט מיך צו זעהן... פאַרוואָס זאָלסטו אויך נישט האַנדלען ווי ער און זעהן מיך אין גאַנצען פאַרגעסען.

— ווען דו וואָלסט געוואוסט — האָט גרים געשמייכעלט וואָלסטו אַזוי נישט גערעדט פון עמרי׳ן.

— וואָס מיינסטו?

— איך האָב זיך געזעהן מיט עמרי'ן און ער האָט מיר געזאָגט, אז ער קלייבט זיך צו קומען צו דיר אין הויז...

— אָה, ניין, ניין! — האָט רעומה אויסגערופען — ער זאָל דאָס נישט וואָגען צו טהאָן! איך בעט דיר, גרים, ווען דו וועסט איהם זעהן זאָלסטו איהם אָנזאָגען אין מיין נאָמען, ער זאָל קיינמאָל קיין פארזוך נישט מאַכען צוצוקומען צו דער שטאָדט מצפה... ווייל אויב ער וועט קומען אהער וועלען די פּאַלגען זיין זעהר טרויעריגע.

— איך וועל דאָס טהאָן פאַר דיר... אָבער אויך דו דארפסט טאָן פאַר מיר...

רעומה האָט אנגעשטעלט אויף איהם איהרע אויגען און גרים האָט ווייטער גערעדט:

— פארשטעהסטו מיך, איך האָב מיט דיר אזוי פיעל צו ריידען און דו וואָלסט דאָך ניט געוואָלט אז איך זאָל דיר פארהאַלטען צו לאנג... ווייל ע מרה קען אריינקומען צו יעדער רגע... דאריבער וואָלט איך פון דיר פערלאנגט מיך צו טרעפען ניט ווייט פון דיין הויז, אויף דעם וועג וואס פיהרט צו דעם וועלדעל... דאָרטען, וועלען מיר ביידע אויפזוכען א פּלאַץ וואס וועט זיין פארבאָרגען פון דעם מענשענ'ס אויג און דאָרטען וועל איך מיט דיר ריידען אונגעשטערט.

— ניין! ניין! דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טהאָן! — האָט רעומה אויסגערופען. — דו ווייסט דאָך אליין אז דאָס וועט פאַר מיר אוממעגליך זיין צו טהאָן... דער פארדאכט וועט אויף מיר פאַלען, ווייל ע גלעד ווייס אז איך האָב דאָ ניט קיינע פריינד צו וועמען איך זאָל זיך קענען אוועקגעהן אין מיטען טאָג. ווי אזוי קענסטו פערלאנגען פון מיר אזא זאך...

— אויב עס וועט זיין פאַר דיר שווער עס צו טהאָן אין מיטען העלען טאָג אָדער אין אווענד, קענסטו עס טהאָן פארטאָג, ווען אלע וועלען נאָך זיין פארזונקען אין שלאָף... דאן קענסטו אהין אוועקגעהן, איך וועל שוין אויף דיר ווארטען...

— ניין, איך וועל זיך צו דיר ניט צו הערען, — האָט רעומה געזאָגט — איך בין געטריי מיין מאן און איך וועל ניט טהאָן א זאך וואס איך זאָל דארפען פארבאָרגען פון איהם.

— מאָרגען גאנץ פריה, וועל איך דאָרט אויף דיר ווארטען! — האָט גרים געזאָגט. — דו וועסט זיכער קומען... איך ווייס אז דו וועסט דאָרט זיין!

— איך וועל דאָרט ניט זיין! — האָט זי מיט א פעסטע שטימע געזאָגט.

— אויב דו וועסט דאָרט מאָרגען ניט קומען וועל איך איבערגעבען עמרי'ן אז דו האָסט איהם איינגעלאַדען צו זיך...

— דו וועסט דאָך ניט זיין אזוי געמיין!... — האָט זי אויסגערופען.

— דאן וועסטו מיר ניט ענטווישען!

— איך קען ניט! איך קען ניט! אָ, איך בעט דיר גיעב מיר צייט זיך צו באטראכטען.

— וועל איך אין א פּאָר וואָכען ארום ווידער קומען באזוכען דיין הויז... איך וועל שוין געפינען אן אויסרייד... און דאן וועסטו געווים מיין פערלאנג ניט צוריקווייזען

— אבער געדענק, איך בעט דיר, אויב דו וועסט זעהען עמרי'ן זאָלסטו איהם שטרענג אנזאָגען אז ער זאָל ניט וואגען זיך צו באווייזען אין מצפה.

— הייסט עס אז דו שטימסט איין צו מיין פערלאנג, — האָט גרים איהר געוואָלט ארומנעהמען.

רעומה אבער, האָט צוריקגעטראָטען ביז צו דער טהיר.

— דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָבען פאַר מיר. דו ווייסט דאָך אז איך וועל דיר קיין שלעכטס ניט טהאָן... בפרט יעצט אז דו האָסט צוגעשטימט מיך צו באגעגענען ווען איך וועל אהער דעם צווייטען מאָל קומען.

— איך האָב קיינמאָל דערצו ניט צוגעשטימט! — האָט רעומה געזאָגט.

— אבער דו וועסט אלץ איינס דאָס

טהאָן פאר מיר ! איך ווייס דאָך אַז רעומה וועט איהר געליעבטען פון עמון אזוי שלעכט ניט באהאנדלען . . . און איך וועל דיר דאָרטען ערוואַרטען, גאַנץ פריה, ווי נאָר דער מאָרגענשטערן וועט אויפגעהן.

טריט האָבען זיך דערהערט און רעומה האָט איהם זיך געהייסען גלייך וואשען און זי איז ארויס פון צימער.

— וואָס האָט עס דיר אזוי לאַנג געדויערט ! — האָט מרה זיך אפגערופען צו רעומה'ן.

— עס איז מעהר דיין שולד, ווי מיינער, פאַרוואָס האָסטו איהם געדאַרפט דערצעהלען וועגען מיר . . . האָט ער דיר דען געצויגען פאַר'ן צונג !

— איך האָב איהם גאָר ניט דערצעהלט פון דיר ! — האָט מרה פרובירט אפלייקענען.

— אויב אזוי, פון וואַנען ווייס ער אַז איך קום פון רבה און אַז . . .

— זעהסטו, דאָס האָב איך איהם געוויס ניט געזאָגט — האָט ער זיך אליין אָנגעשטויסען . . . ער האָט גערעדט וועגען די גאַסטפריינדליכקייט פון די אידען. האָב איך איהם געזאָגט, אַז לויט ווי גלעד דערצעהלט, זיינען די עמונים אויך גאַסטפריינדליך און איך האָב איהם געזאָגט אַז ער האָט גענומען א פלגש פאר זיך פון רבה, דאָס אלעס וואס איך האָב איהם דערצעהלט . . .

— דאָס אלעס ! און פון וואַנען ווייסט ער די אנדערע זאכען וועגען מיין פאַרגאַנגענהייט.

— ווען איך האָב איהם געזאָגט אַז דו ביזט ניט קיין עמונית, נאָר אַן אונזעריגע, האָט ער פאַרשטאַנען אַז דו האָסט געמוזט זיין . . .

— א זונה ! ! . — האָט רעומה פאַרענדיגט מיט צאָרן. — איך וועל גלעד'ן דערצעהלען וועגען דיין לאַנגען צונג... צו א פרעמדען מענשען דאַרף זי עס גלייך דערצעהלען.

— איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט ! — האָט מרה זיך א קרים געטאָן.

— דו קענסט איהם אלעס דערצעהלען.

איך ווייס אַז איך האָב מיט דעם סוחר גאָר ניט גערעדט . . . מעגליך אַז ער האָט דיך דערקענט. ער האָט דאָך דיר געוויס געמוזט זעהען אויפ'ן גאַס, און ווען ער האָט יעצט דיין פנים דערזעהען האָט ער דיך דערקענט . . .

— דיעזען מאָל בין איך דיר מוחל !

— האָט רעומה געזאָגט, אבער א צווייטען מאָל, ווען א פרעמדער קומט בעזוכען אונזער הויז, זאָלסטו זיין מעהר אפגעהיט מיט דיין צונג . . . ניט גענוג וואָס דו האָסט מיר אנגעמאַכט אזא נאָמען אין דער גאַנצער שטאָדט און קיינער וויל צו מיר קיין וואָרט ניט אויסריידען. יע, איך ווייס אַז איך האָב דאָס דיר אלעס צו פאַרדאַנקען . . . ווען איך געה דורך די גאַסען פון שטאָדט טייטלען אויף מיר אלע מיט די פינגער און זאָגען : אָט געהט די זונה, גלעד'ס פלגש ! . . .

— און אויב דיר איז דאָ אזוי איינג טו פאַרוואָס אנטלויפסטו ניט פון דאַנען . . . דו האָסט דאָך שוין ניט איינמאָל געסטראַשעט אַז דו וועסט אַוועקגעהן פון מצפה . . . פאַרוואָס טהוסטו עס ניט !

— ווייל איך וויל דיר ניט אָנטהאָן אזא פאַרגעניגען — האָט רעומה אויסגערופען. — איך ווייס ווי נייגעריג דו ביזט פון מיר פטור צו ווערען . . . און דעריבער וועל איך דאָ פאַרבלייבען ! . . . און אויב דו ווילסט קען איך דיר אָנזאָגען נאָך א גליקליכע בשורה : איך וועל אין גיכען זויגען א קינד צו גלעד'ן . . .

ווען מרה האָט דערהערט רעומה'ס לעצטע ווערטער, איז זי טויט בלאַס געוואָרען . . . אויב עס זאָל אמת זיין, דאַן וועט גלעד געוויס רעומה'ן מעהר ליעב האָבען . . . אבער עס איז אונמעגליך . . . רעומה זוכט געוויס זיך א רייץ טהאָן מיט איהר.

— דו זאָגסט א ליגען ! — האָט מרה געזאָגט בעטראַכטענדיג איהר מיט איהרע צליעקן.

— דאָס וועסטו שוין אויסגעפינען !

— האָט רעומה געזאָגט מיט שטאָלץ... גלעד ווייס שוין אויך פון דעם.

מרה האָט זיך א ווײַלע פארטראכט... זי האָט זיך גענומען דערמאָנען וואס איהר פאטער האָט איהר דערצעהלט וועגען שרה'ן און הגר'ן. ווי שרה האָט הגר'ן ניט געלאָזט אויפהויבען איהר קאָפּ אפילו נאָכדעם ווי זי האָט געבוירען ישמעאל'ן צו אברהם'ן. זי האָט דעררי־בער באשלאָסען, אז אפילו ווען דאָס זאָל זיין אמת, דארף זי ביי זיך ניט זיין געפאלען . . .

— געה און גרייט צו שפּייז פאר דעם סוחר פון עמון ! — האָט מרה געזאָגט מיט א בעפעהלערישע שטימע.

רעומה איז גלייך אוועק און איז א ווײַלע ארום האָט שוין געהאט די שפּייז פאר גרים'ן.

זי האָט עס אריינגעטראָגען אין דעם צימער וואו ער האָט געוואַרט.

— איך דאנק דיר רעומה, — האָט גרים אויסגערופען. — איך האָב באַשלאָסען גלייך אוועקצוגעהן און געדענק איך וועל אויף דיר ווארטען . . .

—און איך וועל ניט קומען ! — האָט רעומה געזאָגט. — איך בעט דיר, גרים, פּרוביר איינגאנצען אָן מיר צו פארגע־סען . . .

— דו וועסט שוין יע קומען ! — האָט גרים איהר דורכגעדרונגען מיט זיינע אויגען. — און יעצט זאָג מיר וואס זאָל איך זאָגען עמרי'ן ווען איך וועל איהם זעהען ?

— זאָג איהם גאר ניט וועגען מיר. ער ווייס אז איך געהער צו גלעד'ן און ער האָט שוין זיכער מיך ארויסגעשלאָגען פון זיינע געדאנקען.

— אויב דו וועסט קומען צו מיר און מיר באגעגענען אין דעם באשטימטען טאָג, וועל איך אויך דיין פערלאנג ערפיהלען.

—אָ ניין, איך קען דיר ניט פאר־שפּרעכען צו טהאָן אזא זאך ! — האָט רעומה אויסגערופען — און איך בעט דיר, דו זאָלסט עס פון מיר גאר ניט פערלאנגען . . .

— ווען איך וואלט דיר ניט געליעבט, וואָלט איך דאָס געוויס ניט פערלאנגט פון דיר . . . אבער מיין ליעב צו דיר איז אזוי שטארק ווי פריהער . . .

גרים האָט איהר ארומגענומען און איהר א קוש געטהאָן, האלטענדיג פעסט אין זיינע ארעמס רעומה האָט זיך גע־ראנגעלט מיט איהרע כחות.

— אויב דו לאָזט מיך ניט אָפּ, וועל איך נעהמען שרייען ! — האָט זי זיך געזוכט צו בעפרייען פון זיינע הענט.

— אויב דו וועסט דאָס טהאָן, וועסטו זיך טהאָן מעהר שאדען ווי מיר ! — האָט ער זי ניט אויפגעהערט צו קושען. איך ליעב דיר.

מיט גרויס שוועריגקייטען האָט זיך רעומה בעפרייט פון גרים'ס הענט. זי האָט שנעל צוריקגעטראָטען צום טהיר.

— אויב איך וועל זיך מיט דיר אליין ניט טרעפען אויף דעם באשטימטען פּלאץ, וועל איך דאָ א צווייטען מאָל זיין. יעצט קענסטו זאָגען גלעד'ס פרוי, מרה'ן, אז איך האָב מיין באשלוס געענ־דערט און וועל דאָ ניט פארבלייבען ביז מאָרגען. זאָג איהר אז איך האָב זיך דערמאָנט אז איך דארף נאָך ערגיץ וואו זיין און דאריבער אייל איך זיך אוועק צו געהן . . . אבער דו מעגסט איהר פארזיכערען אז איך וועל דאָ קו־מען א צווייטען מאָל און טהאָן מסחר מיט גלעד'ן, ווייל זיינע סחורות זיינען באריהמט אין גאנץ עמון . . .

— איך בעט דיר גרים, קום דאָ מעהר נישט ! האָבען מיר זיך דען נישט גע־שיידעט אלס גוטע פריינד ? פארוואס זאלסטו מיר אומזיסט פערשאפען שמערצען !

— קען דיר דען א גוטער פריינד פערשאפען שמערצען ? — האָט גרים געשמייכעלט — יע, איך וועל אימער בלייבען דיין בעסטער פריינד און אלס אזעלכער בין איך געוויס בערעכטיגט דיך א ביסעל אָפּטער צו בעזוכען. איך האָף אז מיינע אָפּטע בעזוכען אין מצפה, וועלען אונזביידען ברייננגען גרויסע נוצען.

— וואס מיינסטו? — האט איהם רעומה אנגעקוקט.

— דו ווייסט דאָך, אז איך בין יעצט אן אָפיצער אין דער ארמעע פון עמון. איך צווייפעל נישט אז גאָר אין גיכען וועל איך ווערען דער גענעראל, ווייל איך האב זיך שוין נישט איינמאָל אויסגעצייכענט מיט מיין העלדישקייט. און דער קעניג פון עמון האט מיך זעהר געליבט פאר דעם. יעצט אז איך וועל ווערען דערהויבען צו א גענעראל, וועל איך זעהן צו פערשטארקען דעם שלום צווישען עמון און ישראל.

— איך ווייס אז אויך יעצט לעבען די אידען אין פרידען מיט דיין פאָלק.

— ווען דו וואלסט געוואוסט וויפיעל מאָל, מיר קומט אויס צו ווידערשפּרעכען געהויבענע פערזאנען וועלכע זוכען צו ריידען שלעכטס אויף די מענשען פון דיין פאָלק. יע, איך פערזיכער דיר אז ווען עס וועט האלטען ביי א ברוך צווישען עמון און ישראל, וועל איך דיר בעצייטענס אנזאגען.

— איך דאנק דיר זעהר, אבער מיר דוכט זיך אז צו דעם וועט קיינמאָל נישט קומען, און ווען עס וועט יע קומען, זיינען די מענשען פון מיין פאלק שטארק גענוג זיך צו פערטיידיגען געגען אן אנפאל פון א שונא.

— אזוי לאנג ווי איך בין דיין פריינד האסטו גאר נישט וואס צו זארגען! קיין בייזעס וועט דיר נישט געשעהען, וואס עס זאל נישט טרעפען צו דיין פאָלק.

— דו מיינסט אז ווייל איך בין געווען אין עמון א זונה, וועל איך פערלאָזען מיין פאָלק? אויב אזוי, מאכסטו א טעות. וואס עס וועט טרעפען צו מיין פאָלק וועט אויך צו מיר טרעפען! איך וועל נישט זוכען קיין שוץ ביי א פרעמדען, אין דער צייט ווען מיין פאָלק וועט געדראהט ווערען מיט א מלחמה.

— אה צו דעם וועט עס זיכער נישט קומען — האט גרים געזאגט — נישט אזוי לאנג ווי איך וועל קענען עפּעס טאָהן! דו ווייסט דאך אז איך זוך שטענדיג די פריינדשאפט פון דיין פאָלק און אפילו עמרי.

— וואס, עמרי? — האט רעומה איהם געפרעגט — איך מיין אז כאָטש עמרי איז געווען אמאָל דיין ערשטער געליעבטער, דאך בין איך צו איהם אפילו יעצט גאנץ פריינדליך געשטימט. איך טרעף איהם אָפט. און יעדעס מאָל רעדט ער מיט מיר וועגען דיר און וועגען אייער ליעבע, אין דער צייט ווען ער איז נאָך געווען א פאסטוך. איך שטעל זיך פאר ווי גליקליך ער וועט זיך פיהלען, ווען איך וועל איהם זאגען אז איך האב זיך מיט דיר געזעהען.

— אבער דו וועסט עס נישט טאָהן!

— האט רעומה זיך ווייטער ביי איהם גענומען בעטען.

— דאס ווענדט זיך בלויז אין דיר אליין. גוט, איך וועל אין גיכען זיך מיט דיר זעהן!

— אָה, ניין! ניין! — האט רעומה געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען.

— אויב איך וועל דיר יענעם פריהמאָרגען דאָרט נישט זעהן, וועל איך זיך דאָך אלץ אייגס מיט דיר טרעפען — האט גרים געשמייכעלט —דאו וועל איך ווידער קומען אלס סוחר און פּרובירען טאָהן מסחר מיט גלעד'ן, און מעגליך אז איך וועל שוין פאר דיר האָבען גוטע נייעס.

— גלעד האט מיר געגעבען זעהר קאָסטבארע ציערונג, און אויב דו וועסט מיר צוזאגען מעהר נישט צו בעלעסטיגען וועל איך דיר דיזע ציערונג אפּגעבען.

— לאָמיר אנקוקען דיינע ציערונג!

— האט גרים זיך אפּגערופען.

רעומה האט פון זיך איהרע ציערונג ארונטערגענומען און איהם געצייגט.

גרים האט דאס בעטראכט און איהר צוריקגעגעבען מיט א שמייכעל.

— יעצט נויטיג איך זיך נישט אין קיין געלט. איך דורשט בלויז נאָך דיין ליעבע און ווען איך וועל דארפען האָבען געלט וועל איך דיר לאָזען וויסען. איך ווייס, אז גלעד איז רייך גענוג.

— איך וועל טאָהן אלעס וואָס דו וועסט פערלאַנגען, נאָר איך בעט דיר, אז דו זאָלסט מיר צורות לאָזען, קום מעהר נישט אהער מיך צו באלעסטיגען.

— איך האָף אז מיינע בעזוכען אין מצפה וועלען דיר נישט פאלען צו לאסט — האט גרים געשמייכעלט—נאָך אלעמען דארפסטו נישט פערגעסען אז מיר האבען פיעלע מאָל צוזאמען פערבראכט אין רבה און איך בין דיר נישט געפאַלען צו לאסט.

— איך זוך צו פערגעסען מיין פערגאנגענהייט! — האט רעומה געזאגט— און דו דערמאָהנסט מיר אָן אלעס.

— ווייל פאַר מיר זיינען דיזע ערינערונגען זעהר זיס און אנגענעהם. איך וועל זיך מיט דיר בעגעגענען אין דער בעשטימטער צייט, דארט וואו קיינער וועט אונז נישט שטערען, וועלען מיר זיך דערמאָנען אָן יענע גליקליכע טעג וואס מיר פלעגען צוזאמען פארברייגנען.

— איך וועל דארט נישט קומען! אומזיסט וועט דיין טרחה זיין!

— דו וועסט יע קומען! איך קען דיר, דו וועסט דיין אמאָליגען ליעבהאַבער נישט ענטווישען! — האט גרים געזאגט, צוגעהענדיג צו דער טיהר — פריעדען צו דיר.

ער האט איהר אויסגעשטרעקט זיין האנט. זי האט ארונטערגעבויגען איהר קאָפּ, און נישט ווילענדיג אנגענומען זיין האנט.

ווען גרים איז אוועקגעגאנגען, איז רעומה געבליבען שטעהן פערטיעפט אין איהרע געדאנקען. איהר הארץ האט איהר שטארק געשראקען. זי ווייס אז פון גרים'ן וועט זי אזוי לייכט נישט פטור ווערען ווי פון עמרי'ן. יעצט אז ער איז געקומען און זי האט זיך געמאכט אז זי קען איהם נישט וועט נאָך שווערער זיין פאר איהר זיך מודה צו זיין פאר גלעד'ן אז גרים איז געווען איהר צווייטער געליעבטער. ניין, ער טאָר דאס נישט וויסען, ווייל דאן קען ארויסקומען עפּעס שרעקליכעס. גרים וועט געוויס קומען א צווייטען מאָל, און ווער ווייס וואס עס קען פּאסירען, ווען גלעד וועט איהם מיט שאנדע פון זיין הויז פערטרייבען, וועט ער נישט רוהען ביז וואנען ער וועט נקמה געהמען אן איהר און פילעכט אָן אלע אידען פון מצפה. זי האט א שוידער געטאָן ווען זי האט גענומען דערפון טראכטען. זי וועט מוזען דעם סוד האלטען פערבאָרגען ביי זיך אין הארצען.

רעומה איז גלייך ארויס פון צימער און ווען מרה האט זי בעגעגענט, האט זי איהר געפרעגט איב דער סוחר פון עמון האט שוין געגעסען.

— ניין! — האט רעומה געענטפערט — ער האט נישט געגעסען, ווייל ער האט זיך געאיילט אוועקצוגעהן.

— ער האט דאך מיר געזאגט אז ער וועט בלייבען נעכטיגען אין אונזער הויז, פארוואס האסטו איהם נישט געקענט פערהאלטען. ווי עס ווייזט אויס, איז ער א רייכער סוחר און גלעד וואלט איהם געקענט פערקויפען זעהר פיעל סחורה.

— ער וועט געוויס קומען א צווייטען מאָל! — האט רעומה איהר געענטפערט — ער האט מיר געזאגט אז די סחורה פון גלעד'ן זיינען די בעסטע. וואס האב איך געקענט טאָהן, ווען ער האט געזאגט אז ער האט זיך דערמאָנט דאס ער דארף נאך ערגעץ אנדערש זיין.

— איך בעשולדיג דיך נישט! — האט מרה געמאכט א פערזוך צו ריידען מיט איהר א ביסעל ווייכער.

— איך האב געטאָהן אלעס וואס איך קען איהם איינצוריידען ער זאל עפּעס עסען, אבער עס האט נישט געהאָלפען.

— זעהר מאָדנע זיינען די סוחרים פון עמון — האט מרה א ציה געטאָהן מיט איהרע שולטערן. זיי בייטען זייערע רייד זעהר אָפט. אבער רעומה, מיר דוכט זיך אז אויך דו האָסט נאָך נישט געגעסען דיין מיטאג שפּייז.

— איך בין נישט הונגעריג!—האט רעומה טרוקען געענטפערט.

— יע, דו האסט טאקע א רעכט צו פיהלען זיך גליקליך. אבער דאך

דארפסטו זיך נישט פערלאָזען. פערקעהרט, יעצט דארפסטו זיך גאָר מעהר צוזעהן. זאָג מיר, רעומה, איז עס טאקע אמת אז דו ערוואַרטעסט גאָר אין גיכען צו זויגען א קינד פאר גלעד'ן — האָט מרה קוים בעהאַלטען די קנאה וואָס איז געווען אין איהר שטימע.

— פארוואָס זאָל איך דיר א ליגען זאָגען, ווען איך האָב דאָס לעצטע נאכט גלעד'ן געזאָגט, איז ער געווען אויסער זיך פון גליק.

— פארוואָס זאָל ער נישט זיין גליקליך! — האָט מרה געזאָגט מיט א טרויעריגע שטימע — ער איז געווען שטארק בעזאָרגט וועגען דעם און איך האָב דאך איהם דערפאר ערלויבט צו נעהמען א פלגש. מעגליך אז צוליעב דעם וועט גאָט זיך דערבארעמען אויך איבער מיר און מיט זיין גרויס גנאדע מיר שענקען א זוהן.

— ווען מיין ערשטער וועט זיין א זוהן, וועל איך זיך נאָך מעהר פרעהען, ווייל דאַן וועט גלעד זיכער האָבען א יורש.

מרה האָט איהר מעהר נישט געענטפערט, זי איז גלייך אוועק פון איהר אין א צווייטען צימער.

ווען גלעד איז אהיים געקומען, האָט זיין פנים געשטראַהלט פון שמחה.

מרה און רעומה זיינען איהם אנטקעגען געקומען.

— איך זעה אז גאָט איז מיט מיר!

— האָט גלעד זיך אָפּגערופען צו זיי — נעכטען ביי נאכט האָט מיר רעומה דערפרעהט מיט די נייעס אז זי וועט אין גיכען ווערען א מוטער, און היינט האָבען מיר די עלטסטע אויסדערוועהלט פאר דעם הויפּט פון שטאָדט. יע, יעצט בין איך דער הערשער פון שטאָדט, דורך מיין מויל וועט אַלעס אין שטאָדט געטהאָן ווערען. איז דען דאָס נישט א סימן אז גאָט איז מיט מיר.

— היינט איז דאָ ווידער געווען א סוחר פון עמון און געוואָלט קויפען סחורה ביי דיר — האָט מרה איהם איבערגעשלאָגען די רייד — אבער ער האָט זיך נישט געקענט דערוואַרטען, איז ער אוועקגעגאַנגען.

— איז ער דערזעלבער סוחר וואָס איז שוין דאָ מיט א צייט צוריק געווען? — האָט גלעד געפרעגט.

— ניין! דיזער מאַן איז צום ערשטען מאָל דאָ געווען.

— ער וועט זיכער א צווייטען מאָל קומען! — האָט גלעד געזאָגט.

— יע, ער האָט מיר געזאָגט אז ער וועט דאָ נאָך אמאָל קומען — האָט רעומה געזאָגט בלאָס ווערענדיג—איך האָב איהם פּרובירט פערהאַלטען אבער ער האָט זיך געאיילט.

— נעהם זיך נישט צום הארצען! איך וועל אַן דעם גאָר נישט פערלירען בפרט נאָך יעצט ווען צו מיין גליק איז קיין גרענעץ נישטאָ.

—דו האָסט מיר ביז איצט נישט געזאָגט, איך האָב זיך דאָס דערוואוסט פון רעומה'ן — האָט מרה זיך אָפּגערופען צו איהר מאַן — אָבער איך בין זעהר צופרידען, אז דו פיהלסט זיך גליקליך. ווען זי האָט מיר נאָרוואָס דערצעהלט, האָב איך זיך אויך שטארק דערפרעהט, מעגליך אז איצט וועט גאָט אויך זיך אָן מיר דערמאָנען.

—עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז דו וועסט מיר אין גיכען אויך געבוירען קינדער — האָט גלעד געזאָגט — ווייל גאָט איז צו מיר גנעדיג.

—איצט דערצעהל אונז ווי אזוי עס איז געקומען דערצו, אז דו זאָלסט ווערען דער ראש פון שטאָדט? — האָט מרה איהם געפרעגט.

— ווען די שטאָדט האָט זיך גענויטיגט אין געלט, ווייסטו דאָך, אז איך בין שטענדיג געווען דער ערשטער צו געבען מיט א ברייטע האַנט. און ווען די עלטסטע האָבען זיך גענויטיגט אין אן עצה, בין איך אויך געווען דער ערשטער זיי צו געבען. לעצטענס האָבען זיך פארשפּרייט קלאַנגען, אז דער קעניג פון עמון זוכט זיך צו טשעפּען מיט די איינוואוינער פון גלעד. ער האָט זיך דערוואוסט, אז די צוויי און א האַלב שבטים וועלכע געפינען זיך אויף דיזען

זייט ירדן, זיינען צווישען זיך נישט פאראייניגט. און אין פאל פון א מלחמה וועט איין שבט נישט העלפען דעם צווייטען.

— פון וואנען ווייסט דאָס עמון? — האָט רעומה געפרעגט.

— איצט, אין דער צייט, ווען עס הערשט שלום צווישען זיי און אונז. די עמונים קומען גאנץ אָפט צו אונז און מיר קומען צו זיי וועגען מסחר, איז זעהר לייכט אויסצוגעפינען די לאגע פון א לאנד... יע, ווען עמון וואָלט געוואוסט די אמת'ע לאגע, אז מיר קענען ניט ערווארטען קיינע הילף פון אפרים, און פון די איבעריגע שבטים אויף דעם צווייטען זייט ירדן, וואָלטען זיי באלד אריין אין א מלחמה מיט אונז.

— אָבער פארוואָס זאָלען זיי וועלען מלחמה האלטען מיט אונז? — האָט מרה געפרעגט — מיר טהוען זיי דאָך נישט קיין שלעכטעס, מיר האָבען פון זיי נישט אוועקגענומען קיינע שטעדט און לאנד...

— איך האָב אין עמון פיעל צייט פארבראכט — האָט גלעד געענטפערט און איך ווייס וואָס ס'טהוט זיך ביי זיי... איך פלעג זיך גאנץ אָפט דורכריידען געמיטליך מיט פיעל סוחרים פון עמון, און איך האָב פון זייערע רייד געדרונגען, אז פריהער אָדער שפעטער וועט א מלחמה מוזען אויסברעכען צווישען ישראל און עמון.

— און וואָס גיבען זיי אָן איז די אורזאכע דערצו? — האָט רעומה געפרעגט.

— אָט וועל איך אייך דאָס ערקלערען — האָט גלעד זיך אָפגערופען און זיך צוגעזעצט — מיט הונדערטע יאָהרען צוריק, האָט אונזער לאנד גלעד וואו דער שבט גד געפינט זיך און אויך די לענדער פון דעם שבט ראובן און א האלבער שבט מנשה — געהערט צו די פעלקער עמון און מואב. ביז וואנען עס איז אויף זיי אָנגעפאלען א שטארקער קעניג מיט'ן נאָמען סיחון און ער האָט אָט די אלע שטעדט פון זיי צוגענומען... סיחון און זיינע יורשים האָבען זיך באפעסטיגט אין דיזע שטעדט פאר פילע יאָהרען. ביז וואנען אונזער גרויסער פיהרער און העלד משה, איז געקומען און מלחמה געהאלטען מיט סיחון דעם קעניג פון אמורי, און איהם אינגאנצען באזיעגט, און צוגענומען זיין לאנד פון ארנון ביז יבוק ביז דעם ירדן. און אונזערע ברידער האָבען זיך באזעצט אין דיזען לאנד נאָך אין דער צייט פון משה'ן, שוין באלד דריי הונדערט יאָהר... יע, די יונגע און שטארקע פון די צוויי און א האלב שבטים זיינען מיט יהושע'ן געגאנגען פאָראויס אין מלחמה צו העלפען די איבעריגע שבטים איינצונעמען דאָס לאנד כנען, און זיי האָבען דאָ איבערגעלאָזען זייערע פרויען, קינדער און אלטע לייט, ביז וואנען גאָט האָט געהאָלפען און די מלחמות האָבען זיך געענדיגט. דאן האָבען זיי זיך אומגעקערט אהער וואו מיר זיצען רוהיג ביז היינטיגען טאָג... אָבער די עמונים טרוימען נאָך פון דעם, אז זיי וועלען אונז ווען עס איז פארטרייבען פון דיזען לאנד און עס צוריקנעמען פון אונז.

— פארוואָס האָבען זיי אזוי לאנג געשוויגען? איז דען דערפון נישט געדרונגען, אז זיי האָבען איינגעזעהן, אז מיר האָבען רעכט צו דיזען לאנד, ווייל אונזערע עלטערען האָבען דאָס איינגענומען מיט זייער שווערד און בלוט.

— אזוי לאנג ווי זיי האָבען מורא געהאט פאר אונז, ווייל זיי האָבען געזעהן, אז מיר זיינען פאראייניגט צווישען זיך, האָבען זיי אפילו וועגען דעם נישט געטראכט. איצט אָבער, אז זיי זעהען אז איין שבט העלפט נישט דעם צווייטען, האָבען זיי געקראָגען מעהר חוצפה. און מיט עטליכע יאָהר צוריק זיינען זיי אריבערגעגאנגען דעם ירדן און זיינען באפאלען די שבטים פון בנימין, פון יהודה און פון אפרים... יע, זיי פלעגען מאכען גאנץ אָפט איבערפאלען אויף יענע שבטים און ווייל זיי האָבען אונז צורוה געלאָזען, האָבען די עלטסטע פון אונזער שטאָדט באשלאָסען צו לעבען מיט עמון בשלום.

— און זיי האָבען נישט געהאָלפען

זייערע ברידער אויף דעם צווייטען זייט ירדן? — האָט רעומה געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— ניין־! מעגליך דערפאר ווייל עס איז נישט געווען קיין ערנסטע מלחמה. באנדעם פון די עמונים פלעגען באפאלען און אוועקרויבען פון די איינוואוינער זייערע תבואה און בהמות... אָבער דאָך בין איך געווען מיט דער מיינונג, אז מיר זאָלען העלפען אונזערע ברידער, ווייל אויב מיר וועלען זיך צוקוקען ווי אזוי די עמונים דריקען זיי און מיר וועלען זיי נישט העלפען, וועלען אונזערע ברידער אונז נישט קומען צו הילף, ווען די צייט וועט קומען און עמון וועט זיך צו אונז נעמען... איך ווייס, אז דאָס איז עמון אויסען געווען. זיי ווייזען זיך ארויס גאנץ פריינדליך צו אונז, כדי מיר זאָלען דערווייל נישט העלפען אונזערע ברידער אויף דעם צווייטען זייט ירדן, און נאכהער ווען זיי וועלען זיך איבערצייגען, אז אונזערע ברידער זיינען אויף אונז אין כעס און וועלען נישט קומען צו אונזער הילף, ערשט דאן וועלען זיי זיך נעמען צו אונז... איך האָב דאָס אלץ ערקלערט צו די עלטסטע פון שטאָדט, אָבער זיי האָבען זיך צו מיר נישט צוגעהערט.

— פארוואָס?! — האָט מרה געפרעגט — האָבען זיי דען נישט געקענט זעהן, אז דו ביזט גערעכט?

— ווייל איך בין נאָך דאַן זעהר יונג געווען, און ווי האָט עס געפאסט פאר די עלטסטע זיך צוצוהערען צו די רייד פון א יונגען?... און אזוי איז עס געבליבען. מיר קענען נישט ערווארטען קיין הילף פון אונזערע ברידער... מעגליך, אז נישט אלע פון עמון זיינען אין דעם איבערצייגט, דערפאר איילען זיי זיך נישט ארויסצוגעהן אויף מלחמה מיט אונז, אָבער איך בין זיכער, אז אזוי שנעל ווי זיי וועלען זיך אין דעם איבערצייגען, פאנגען זיי אָן א מלחמה מיט אונז. איצט האָבען איינינע וואנדערער אונז איבערגעגעבען, אז זיי האָבען געהערט, ווי די עמונים ריידען גאנץ ערנסט וועגען א מלחמה מיט די אידען.

— און וואָס האָבען די עלטסטע באשלאָסען צו טאָן? — האָט רעומה געפרעגט.

די עלטסטע האָבען באשלאָסן צו שיקען שלוחים צו די שבטים פון דער צווייטער זייט ירדן, און מיט זיי שליסען אן אָפּמאַך, אז ווען די עמונים וועלען אונז באפאלען זאָלען זיי אונז קומען צו הילף... איך בין אָבער געווען געגען דעם.

— פארוואָס — האָט מרה איהם אָנגעקוקט — דוכט זיך אז דאָס איז זעהר גלייך...

— איך בין געווען געגען, ווייל איך האָב געוואוסט, אז ווען מיר וועלען זיך צו זיי ווענדען וועלען זיי אונז אנטזאגען. און זיי וועלען זיכער זיין גערעכט... ווייל אזוי ווי מיר זיינען נישט געקומען צו הילף אין דער צייט ווען עמון האָט זיי געדריקט, פארוואָס זאָלען זיי קומען אונז העלפען... איך ווייס, אז זיי זיינען אויפגעבראכט אויף אונז דעריבער האָב איך זיי עטוואָס אנדערש געראטען.

— און וואָס איז געווען דיין עצה?

— האָט מרה איהם געפרעגט.

— מיין עצה איז געווען, אז פריהער פון אלץ דארפען מיר זיין פאראייניגט צווישען זיך. די צוויי און א האלב שבטים, וועלכע געפינען זיך אויף דיזער זייט פון דעם ירדן, זיינען אויך נישט ענג פארבונדען איינער מיט'ן צווייטען. איך בין זיכער, אז ווען עס וועט אונז געלינגען זיך צו פאראייניגען מיט אונזערע ברידער פון דאנען, וועט שוין עמון אויך מורא האָבען זיך מיט אונז אָנצופאנגען... און דאַן וועלען די שבטים פון אנדערען זייט ירדן, זיין גאנץ נייגעריג מיט אונז זיך צו פארבינדען.

— און האָבען זיי דיין עצה אָנגענומען? — האָט רעומה געפרעגט.

— דו זעהסט דאָך, אז זיי האָבען מיך אויסדערוועהלט צו זיין דער הויפּט פון שטאָדט. איצט וועל איך גאָר אין גיכען דארפען אָפּרייזען צו די אנ[illegible]ע

שטעדט פון גלעד און בשן, זעהן צו פארשטארקען אונזער בונד פון שלום... און ווען דאָס וועט מיר געלינגען, וועלען מיר שוין נישט דארפען זיין אין שרעק... דאן מעגליך וועט אונז שוין נישט אָנקומען גאנץ שווער צו שליסען א בונד מיט די שבטים פון יהודה, בנימין און אפרים. זיי וועלען זעהן, אז מיר קענען זיי זעהר פיעל ארויסהעלפען געגען זייערע שונאים פון מערב...

— איך האָב געהערט פון מיין פאָטער, אז עס איז געווען א צייט ווען אונזערע ברידער פון דער צווייטער זייט ירדן זיינען צווישען זיך נישט געווען פאראייניגט, איז אויפגעשטאנען א נביאה מיט'ן נאָמען דבורה און זיי אלעמען פאראייניגט און באזיגט יבין, דעם קעניג פון חצור מיט זיין גענעראל סיסרא'ן.

— יע, אָבער אויך דאן זיינען מיר געזעסען רוהיג און נישט געקומען צו הילף אונזערע ברידער — האָט גלעד געזאָגט — און צוליעב דעם וועלען מיר זיך מוזען אָנשטרענגען צו שליסען א בונד מיט זיי. ווען דבורה האָט געזונגען דעם שיר פון נצחון איבער סיסרא'ן, האָט זי דאָרט דערמאָנט, אז מיר זיינען נישט געקומען צו הילף און דעריבער טראָגען די שבטים פון צפון א האס געגען אונז, און מיר קענען נישט ערווארטען אז זיי זאָלען אונז קומען צו הילף... אָבער אפילו די דרום שבטים וועלען אויך זיצען רוהיג, אין פאל עמון אדער מואב זאָל מאכען אן איבערפאל איבער אונז...

— און דו וועסט אויך אָפּרייזען נאָך בשן? — האָט רעומה א פרעג געטאָן מיט א נידעריגע שטימע.

— יע, אויך דאָרטען וועל איך זיין. איך האָף, אז ביז דער צייט וואָס איך וועל זיך אומקערען פון דער רייזע, וועסטו שוין זיך גרייטען צו ווערען א מוטער...

רעומה האָט איהם אויף דעם נישט געענטפערט. זי האָט גענומען טראכטען פון איהר פאָטער אין בשן... זי האָט זיך אויך דערמאָנט אז איהר געליבטען עמרי'ן, צוליעב וועמען זי איז פון דער היים אנטלאָפען... וואָס וועט זיין אז גלעד וועט זיך מיט איהם טרעפען אין וועג. עמרי וועט איהם זיכער זוכען שלעכטעס צו טאָן. ער איז דאָך זעהר אויפגעבראכט אויף איהר און ער וועט זיין צאָרן אויסגיסען אויף גלעד'ן...

— דו וועסט דען מאכען די רייזע אליין? — האָט רעומה איהם געפרעגט נאָך א קליינער פויזע. דו ווייסט דאָך, אז דער וועג פון יבוק ביז בשן איז ביי דער איצטיגער צייט נישט איבעריגעס זיכער.

— מיר האָבען דערווייל נאָך נישט געהערט, אז די עמונים זאָלען איבערפאלען א אידישען רייזענדען. — ניין, געלויבט איז גאָט, דערצו איז נאָך ניט געקומען... א סימן איז, אז די סוחרים פון עמון קומען גאנץ אָפט אהער צו מיר...

— יע, און ווי עס ווייזט אויס, זיינען זיי זעהר פרידליך געשטימט צו אונז— האָט רעומה צוגעגעבען אָבער דאָך קען זיך טרעפען אז אויף די וועגען זאָלען זיך געפינען רויבער באנדעס פון עמון.

— דערווייל האָבען מיר דערפון ניט געהערט. געוויינליך וועל איך אלייי ניט רייזען. איך וועל מיטנעמען פינף פון מיינע שטארקע קנעכט. איצט זאָג מיר, רעומה, ווען איך וועל זיין אין דיין געבורטס־שטאָדט וואָלסטו נישט געהאט דאגעגען, אז איך זאָל זיך זעהן מיט דיין פאָטער און איהם אָפּגעבען א גערוס פון דיר.

— אָ, איך וועל זעהר צופרידען זיין. אָבער... — האָט רעומה ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען.

— דו מעגסט רוהיג זיין, אז מעהר ווי דאָס, אז דו ביזט מיין פלגש, וועל איך איהם פון דיר נישט דערצעהלען. איך וועל דאָך איהם נישט דארפען זאָגען אז דו ביזט מיט מיר בלויז א קורצע צייט... איך וועל איהם זאָגען, אז גלייך ווי דו האָסט פארלאָזען זיין הויז, האָסטו זיך מיט מיר געטראָפען און איך האָב דיר פאר מיין פלגש גענומען.

ווען גרים איז אוועק פון מצפה, האָט

ער נישט אויפגעהערט צו טראַכטען פון רעומה'ן: זי וועט זיך איינגאַנצען צו איהם אונטערגעבען... עס וועט לאַנג נישט נעמען און ער וועט קענען גענידסען פון איהר ליבע... נאָך אַלעמען האָט ער דאָך איהר אין זיין האַנט... זי וועט מורא האָבען צו ריידען וועגען איהם, און דאַן, וועט ער זי תמיד קענען סטראַשען מיט עמרי'ן... אָבער ער וועט שוין וויסען ווי זיך אַרומצוגעהן אַרום איהם... דורך איהר וועט ער אויך קענען דערגעהן די פילע געהיימניסען מיט וואָס די אידען פון מצפה טראַגען זיך אַרום, און ווען די צייט וועט קומען, וועט ער וויסען ווי אַזוי אָנצופאַנגען די מלחמה.

גרים האָט באַשלאָסען זיך צו זעהן מיט עמרי'ן. ער ווייס, אַז מיט זיין פריינדשאַפט צו איהם וועט ער קענען פילעס אויפטאָן. עמרי איז ערביטערט געגען זיינע ברידער און דעריבער וועט זיך פאַר איהם לוינען צו שליסען א בונד פון פריינדשאַפט מיט איהם... און דורכדעם וואָס ער וועט קענען ברענגען וויכטיגע באַריכטען צו דעם קעניג פון עמון, וועט ער קענען דערהויבען ווערען צו דעם אַמט פון א גענעראַל.

עס האָט לאַנג ניט גענומען און גרים האָט אויסגעפונען וואו עמרי און זיין באַנדע געפינען זיך און ער איז אוועק צו איהם.

— פרידען צו דיר מיין פריינד, עמרי — האָט ער זיך אָפּגערופען צו איהם ווען ער האָט איהם דערזעהן.

— פרידען צו דיר — האָט איהם עמרי געענטפערט.

— איך זוך דיר שוין אַרום איינינגע טעג — האָט גרים געזאָגט — איך האָב גוטע נייעס פאַר דיר.

— זינט איך האָב פאַרלאָרען מיין געליבטע, קען שוין קיין זאַך פאַר מיר נישט זיין גוט — האָט עמרי געזאָגט.

— איך ווייס אַלץ וואָס עס איז פאַרגעקומען צווישען דיר און רעומה'ן... זי האָט פאַר מיר איהר האַרץ אנטפּלעקט, ווען זי איז אין רבה געווען... און איך בין זיכער, אַז ווען גלעד וואָלט זי נישט אוועקגענומען און איהר מיט זיינע רייד באַצויבערט, וואָלט זי נאָך אויך איצט געהערט צו דיר...

— אָבער האָסטו דאָ זי אַליין אויך נישט געליעבט! — האָט איהם עמרי אָנגעקוקט.

— און ווער האָט נישט ליעב צו פאַרברענגען מיט א שעהנע פרוי? — האָט גרים געשמייכעלט — אָבער דו קענסט דאָס נישט אָנרופען ליבע... אונטער די אומשטענדען, ווען זי איז אין רבה געווען, בין איך דאָך געווען באַרעכטיגט... און איך מוז דיר זאָגען, מיין פריינד, אַז ווען איך האָב אויסגעפונען אַז זי האָט זיך מיט דיר געטראָפען אין רבה, און צווישען אייך ביידען איז א מיספאַרשטענדניס פאָרגעקומען, האָב איך איהר געראַטען זי זאָל זיך צו דיר אומקערען... איך האָב געקענט מיט דיר מיטפיהלען, איך האָב אַמאָל אויך זעהר שטאַרק געליטען צוליעב ליבע...

— איך בין דיר זעהר דאַנקבאַר, מיין האַר! — האָט עמרי זיך אָפּגערופען— איך זעה, אַז דו ביזט ווירקליך מיין פריינד, אָבער וואָס פאַר א נוצען קען איך דערפון האָבען, איצט איז דאָך שוין אַלץ פאַרפאַלען. עס איז שוין צו שפּעט.

— דו מאַכסט א טעות, עמרי! אין ליבע איז קיינמאָל נישט צו שפּעט — האָט גרים איהם דורכגעדרונגען מיט זיינע בליקען.

— ליבע! ווייסטו דען נישט אַז זי האָט מיר שוין לאַנג אויפגעהערט ליעב צו האָבען... איך בין געווען גרייט צו ברענגען דעם גרעסטען קרבן אויף דעם מזבח פון אונזער ליבע און זי...

— זי האָט אויך זעהר פיעל געליטען... און איצט ליידעט זי אויך...

— פון וואַנען ווייסטו עס? — האָט עמרי איהם אָנגעקוקט.

— ווייל איך האָב זיך מיט איהר געזעהן.

— ווען ?

— מיט איינציגע טעג צוריק בין איך געווען אין מצפה און זיך מיט איהר געזעהן.

— און גלעד פארשאפט איהר ליי־דען ? ! — האָט עמרי געדריקט זיין פויסט.

— ניין ! זי ליידט פון דעם, וואָס זי האָט דיך נאָך אלץ ליעב.

— זי האָט מיך נאָך ליעב ? ! — האָ־בען עמרי'ס אויגען גענומען שטראהלען
— איז עס מעגליך ? !

— ווען איך האָב זי געטראָפען איז זי גראד געווען אליין. איך האָב געזעהן דעם טרויער וואָס עס איז אויסגעגאָסען אויף איהר פנים... איך האָב איהר גע־פרעגט די אורזאכע, אָבער זי האָט מיר נישט געוואָלט זאָגען. איך האָב איהר געזאָגט, אז איך בין איהר פריינד און בין גרייט צו העלפען ווען זי וועט זיך אין דעם נויטיגען... מיט גרויסע שווע־ריגקייטען איז מיר געלונגען ארויסצור־קריגען פון איהר, אז די אורזאכע פון איהר טרויער און צער איז ווייל זי האָט נאָך נישט פארגעסען איהר ערשטען געליבטען... איך האָב איהר פארשפּראָ־כען, אז איך וועל איהר אין דעם ארויסהעלפען... דאן האָט זי פאר מיר אויסגעגאָסען איהר הארץ... זי האָט מיר געזאָגט, אז זי האָט דיך קיינמאָל נישט אויפגעהערט ליב צו האָבען... און ווען זי האָט דיך אזוי באהאנדעלט איז עס געווען בלויז אין א רגע פון צארן, און זינט גלעד האָט איהר אוועק־גענומען האָט זי נישט אויפגעהערט פון דיר צו טראַכטען.

— דיינע רייד מאַכען מיר גליקליך !
— האָט עמרי אויסגערופען מיט פרייד
— איך וועל גלייך אוועקגעהן נאָך מצפה און איהר פון דאָרטען אוועקנע־מען, און אויב גלעד וועט זיך געגענ־שטעלען וועל איך איהם לאָזען פיהלען די מאַכט פון מיין האַנט.

— דו דאַרפסט נישט מאַכען קיין איי־בערגעאיילטען שריט, — האָט גרים זיך אָפּגערופען — ווען איך האָב זיך אויסגעדריקט פאר רעומה'ן, אז איך וועל זיך מיט דיר זעהן, האָט זי מיר געבעטען, איך זאָל מיט דיר וועגען דעם נישט ריידען... ווייל זי וויל נישט ,אז דו זאָלסט וויסען פון איהרע געפיהלען צו דיר... איך האָב איהר פארשפּראָכען אָבער דאָך גלויב איך, אז דו דאַרפסט וויסען פון דעם. פיליכט וועט איהר ביידע ווידער קענען צוזאַמענקומען... אָבער דאָס דאַרף נישט געטאָן ווערען זעהר שנעל, ווייל דו קענסט נאָך אלץ איבערפיהרען.

— וואָס זאָל איך טאָן, גיב מיר אן עצה, מיין פריינד, — האָט עמרי זיך צו איהם געווענדעט.

—איך וויל מיט דיר שליסען א בונד פון פריינדשאַפט — האָט גרים איהם געענטפערט און איך וועל דיר אין דעם ארויסהעלפען, דו קענסט זיך אויף מיר פארלאָזען... ווען דו וועסט מיך בעסער קענען, וועסטו וויסען, אז גרים איז אן איבערגעגעבענער פריינד. איך וועל שוין זעהן, אז דו זאָלסט צור־ריקקריגען דיין רעומה'ן... דאַרפסט זיך גאָר נישט שרעקען פאר גלעד'ן... איך וויים, אז דיינע ברידער האָבען דיך זעהר שלעכט באהאנדעלט און ווען דו וועסט זיך נויטיגען אין הילף געגען זיי קענסטו זיך אויף מיר פארלאָזען... ווייל דו ווייסט דאָך אז איך בין אן אָפיציר אין דער ארמעע פון עמון, און איך בין געגרייט זיך מיט דיר צו פארבינדען אין פאַל עס וועט נויטיג זיין... ווען דיינע ברידער וועלען דיר זוכען שלעכטעס צו טאָן, וועסטו קומען צו מיר און איך וועל שוין זעהן, אז אונזערע שונאים וועלען קריגען וואָס זיי האָבען פאר־דינט.

— די איינציגע וועלכע איך פאררע־כען פאר מיינע שונאים, זיינען די מענ־שען פון מיין שטאָדט וועלכע האָבען מיר זעהר שלעכט באהאנדעלט, אָבער די אידען פון די אנדערע שטעדט זיי־נען נישט מיינע שונאים.

—און וואָס איז מיט גלעד'ן און זיינע פריינד, ווייסטו דען נישט, אז

ווען ער זאָל דיך דערזעהן אין מצפה, וואָלט ער דיך באשטראָפט. יע, אין די אויגען פון דיינע ברידער ביזטו פאררעכענט פאר א הויפט פון א רויבערבאנדע, און ווען זיי וואָלטען נאָר געקענט וואָלטען זיי דיך, צוזאמען מיט דיינע יונגען אומגעבראכט... אָבער אין מיינע אויגען, און אין די אויגען פון מיין פאָלק, ביזטו פאררעכענט פאר א העלד... און ווען דו קומסט אין אונזער הויפטשטאָט, ביזטו אלע מאָל ווילקאָמען. איצט, אויב דו ווילסט וועלען מיר ביידע שליסען א בונד פון שלום.

— גוט — האָט עמרי געזאָגט —איך בין זעהר צופרידען מיט דיר א בונד פון פריינדשאפט צו שליסען. עס איז שוין לאנג, אז איך האָב אזעלכע פריינדליכע ווערטער נישט געהערט.

עמרי האָט צוגערופען איינעם פון זיינע מענשען און צו איהם זיך אָפּגערופען:

— געה ברינג מיר א יונגע ציגעלע און רוף צונויף אלע יונגען.

ער האָט איהם גלייך די ציגעלע געבראכט, און די יונגען האָבען זיך פארזאמעלט.

— איהר זייט עדות, אז איך און גרים פון עמון שליסען א בונד פון פריינדשאפט — האָט עמרי געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט געשאָכטען די ציגעלע —מיר ווען פארבלייבען פריינד אויף אייביג.

— און אויב עס וועט אויסקומען אימיצען פון אונז מלחמה צו האלטען מיט א שונא, דארף דער צווייטער איהם קומען צו הילף—האָט גרים צוגעגעבען.

— אָבער, — האָט עמרי זיך אָפּגערופען — איך פארשטעה נישט... איך מיין ,אז אזא באדינגונג איז פאר מיר שווער אָנצונעמען... דו ווייסט דאָך, אז איך וועל נישט געהן קעמפען געגען מיינע ברידער...

— ווען אפילו זיי זיינען דיינע שונאים?

— אָבער ווי אזוי קענען מיינע ברידער זיין מיינע שונאים?!

— אויב זיי וועלען מיינע שונאים ווערען, דאן זיינען זיי אויך דיינע שונאים, דו פארשטעהסט... און אפילו ווען מיינע ברידער וועלען דיר וועלען שלעכטעס טאָן, וועל איך זיין פארפליכטעט צו קעמפען געגען זיי, און דו דארפסט פיהלען די זעלבע זאך וועגען דיינע ברידער.

עמרי האָט געשוויגען. ער האָט זיך א ווילע פארטראכט.

— ווען דען צוליעב אזא קלייניגקייט אָפּברעכען אונזער פריינדשאפט... פארגעס נישט, אז ווען איך וועל צושטעלען רעומה'ן צו דיר, וועל איך דאָך קריגען די זעלבע שונאים ווי דו, און דאן, אויב מיר וועלען נישט זיין צוזאמען, וועלען זיי אונז גאנץ גרינג קענען שלעכטעס טאָן.

— גוט! — האָט עמרי אויסגערופען — איך שלים מיט דיר א בונד פון פריינדשאפט, און מיר וועלען זיך אייגער דעם צווייטען העלפען אין צייט פון נויט.

— מיר וועלען אויך נישט טאָרען האלטען קיינע סודות איינער פון צווייטען... ווען איך וועל זיך דערוויסען א סוד מיט וואָס די מענשען פון מיין פאָלק טראָגען זיך ארום, וועל איך קומען און דיר זאָגען, דאָס זעלבע וועסטו טאָן ווען דו וועסט זיך דערוויסען די סודות פון דיין פאָלק... ביזטו אויך דערצו איינשטימיג?

— יע, איך שטים צו! — האָט עמרי אויסגערופען — איצט זאָל מען ברענגען וויין.

מען האָט געבראכט דעם וויין. עמרי און גרים האָבען געטרונקען.

— דו ווייסט עמרי— האָט גרים געזאָגט, נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעליידיגט א לאָגעל וויין — דער קעניג פון עמון האָט מיר פילע מאָל געוויזען זיין חסד, און איך האָב איצט געטראכט אז אויב איך וועל קומען און איהם דערצעהלען וואָס פאר א העלד דו ביזט, אז

דו האָסט מיט מיר שלום געשלאָסען, און אפילו ווען מיר וועט אויסקומען צו קעמפען געגען ישראל, וועסטו מיר אויך צו הילף קומען, דאָן, בין איך זי־כער אז מיין קעניג וואָלט דיר אנפאר־טרויט צו פיהרען איינע פון זיינע ארמעען...

— איך דאנק דיר מיין פריינד פאר דעם, אָבער איך ווייס ניט אויב איך וואָלט געקענט ברייגנען פיעלע נוצען צו דיין קעניג. מיינע יונגען זיינען שטארק און העלדיש, און איך בין צו־פרידען צו זיין זייער הויפּט — האָט עמרי זיך אָפּגערופען צו גרים'ן.

— איך וואָלט דאך דיר דערצו ניט געצוואונגען — האָט גרים געענטפערט — איך האָב בלויז געמיינט דיין טובה.. דאך פארזיכער איך דיר אז מיין קע־ניג וועט דיר אנערקענען פאר דיין פריינדשאפט צו מיר. און צו יעדער צייט וועט ער דיר בעלוינען.

— מיין בעלוינונג וועט זיין, ווען איך וועל קענען צוריק קריגען רעומה'ן ווענען איך ליעב נאָך יעצט זעהר שטאַרק.

— ווען דו וועסט נאָר האָבען גע־דולד, וועל איך שוין זעהן דאס אויס־צופיהרען פאר דיר ! איך וועל בעשטי־מען א פּלאַץ וואו דו וועסט זיך קענען מיט איהר טרעפען, און די איבעריגע וועט שוין פאר דיר גאנץ גרינג זיין...

— פון היינט אָן וועל איך אויך ניט בעלעסטיגען קיין עמונים רייזענדע — האָט עמרי זיך אָפּגערופען נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָנגעטרונקען מיט וויין— די עמונים וועלען ביי מיר פאררעכענט ווערען אזוי ווי מיינע ברידער...

— אָבער דיינע ברידער דארפען פון היינט אָן פאררעכענט ווערען פאר פּרעמדע ! — האָט גרים זיך אָפּגערו־פען.

— זיי וועלען ביי מיר פאררעכענט ווערען ווי פרעמדע בלויז אזוי לאנג ווי זיי וועלען דיינע שונאים ווערען, אָבער אזוי וועל איך און מיין באנדע זיי צו רוה לאָזען. בלויז ווען עס וועט מיר אויסקומען צו קעמפּפען פאר רעומה'ן דאָן וועל איך זיך אָן זיי נוקם זיין !

— יעצט וועל איך דיר איינלאדען צו קומען מיר בעזוכען אין רבה, איך וועל שוין זעהן אז דו וועסט זיין ביי מיר און ביי מיינע פריינד אן אנגע־ליינטער גאסט.

— ניין, יעצט וועל איך ניט קענען קומען — האָט עמרי געענטפערט — מיינע מענשען האָבען ניט גענוג שפּייז. איך וועל מוזען אריינקומען אין איינע פון די נאָהענסטע שטעדט און קריגען שפּייז...

— ווי אזוי קריגסטו די שפּייז ? — האָט גרים געפרעגט.

— איך בעצאָהל פאר די שפּייז מיט גאָלד. און ווען די גאָלד קלעקט ניט, קריג איך אומזיסט...

— און וואס טהוסטו אז מען ענט־זאגט דיר צו געבען אומזיסט ?

— דאָן נעהמען מיר אוועק מיט גע־וואלד !

גרים האָט זיך געזעגענט מיט עמרי'ן און איז אוועק צוריק נאָך רבה.

## אכטער קאַפּיטעל

גלעד האָט זיך געזעגענט מיט מרה'ן און רעומה'ן, און מיטנעהמענדיג פינף קנעכט, מיט קעמלען האָט ער זיך אוועק־געלאָזען איבער דעם לאנד מיט'ן צוועק צו פאראייניגען די צוויי און א האלב שבטים פון דיעזער זייט ירדן.

אין דער שטאָדט יעזר האָט זיך גלעד אָפּגעשטעלט א לענגערע צייט. איהם איז גאנץ שווער אָנגעקומען איינצוריי־דען די איינוואוינער פון שטאָדט זיי זאָלען זיך פאראייניגען און זיך גריי־טען צו א מלחמה.

— מיר זיינען פריעדליכע איינוואוי־נער, מיר טהו'ען קיינעם קיין שלעכטס און קיינער וועט אונז קיין שלעכטס ניט טאָהן — האָבען די עלטסטע פון שטאָדט מיט איהם גע'טענה'ט.

— אָבער וואס וועט איהר טאָהן, ווען עמון און מואב וועלען זיך פאראייניגען

און אונז וועלען פון דעם לאנד פארטרייבען ? — האָט גלעד זיי געפרעגט.

— פאר וואס זאָל דאס עמון וועלען טאָהן ?

— ווייל עמון זוכט צו עראָבערען דעם גאנצען לאנד וואָס געפינט זיך צו דעם מזרח זייט פון ירדן.

גלעד האָט זיי ערקלעהרט אלעס און די זקנים האָבען גלייך איינגעזעהן אז ער האָט רעכט. זיי האָבען בעשלאָסען אָנצונעהמען גלעד'ס עצה און האָבען נעמאכט א מאָלצייט פאר איהם.

ווען זיי זיינען געזעסען און געגעסען און געטרונקען, זיינען פלוצלונג אריינגעקומען צוויי מענשען, אָנגעגורט מיט שווערדען און איינער פון זיי האָט זיך אָנגערופען :

— מיר זיינען שלוחים פון עמרי, אונזער פיהרער און ער האָט אונז געהייסען אייך איבערגעבען, אז ווען מיר האָבען געהאט גענוג גאָלד, האָבען מיר בעצאָהלט פאר די שפייז וואס מיר האָבען דא געקראגען, יעצט איז אונזער גאָלד אויסגעגאנגען און דעריבער פארלאנגט ער איהר זאָלט אונז געבען שפייז.

— וויפיעל מענשען זייט איהר ? — האָט דער עלטסטער זיי געפרעגט.

— מיר זיינען פופציג, צוזאמען מיט אונזער האר עמרי.

— און וויפיעל שפייז דארפט איהר?

— דערוויילע דארפען מיר שפייז אויף דריי טעג, ווייל אין דריי טעג ארום וועלען מיר פון דאנען אָפרייזען.

— איז דען ניט אָט דער עמרי א הויפט פון א רויבער באנדע ? — האָט זיך גלעד אָפגערופען.

— יע. האָט איינער פון די שלוחים געענטפערט. — אָבער מיר בעפאלען בלויז פרעמדע, און מיר בערויבען זיי. אָבער אונזערע אייגענע ברידער טהוען מיר קיין שלעכטעס ניט.

— און וואס וועט איהר טאָהן אויב מען וועט אייער פארלאנג צוריק ווייזען ? — האָט גלעד זיי געפרעגט.

— וועלען מיר נעהמען מיט געוואלד!

— און דאס הייסט ביי אייך אז איהר טהוט ניט קיין שלעכטעס צו אייערע ברידער... ווען די פרעמדע גיבען אייך אוועק זייער פארמעגען מיט'ן גוטען ווילען טהוט איהר זיי אויך קיין שלעכטעס ניט. בלויז דאן ווען זיי ווילען פארטהיידיגען זייער האָב און גוטס, דאן בעפאלט איהר און בערויבט זיי.

— דא זיינען מיר געקומען בעטען שפייז. מיר ווילען דאס בארגען און ווען מיר וועלען קריגען גאָלד וועלען מיר דערפאר בעצאָהלען — האָט א שליח זיך אָפגערופען — אָבער ביי די פרעמדע נעהמען מיר אוועק קיין מאָל זיי ניט אומצוקעהרען.

— איהר וועט טהאָן אן אומרעכט געגען גאָט און געגען די מענשען פון אייער שטאָדט ווען איהר וועט שטיצען די רויבער ! — האָט גלעד געזאָגט. דורך דעם וועט איהר ערמוטהיגען די רויבער. ניין, א רויבער דארף בעשטראפט ווערען און געוויס זיי ניט העלפען.

— ווער ביזטו עס אז דו זאָלסט אזוי ריידען ? — האָט איינער פון די שלוחים זיך אָפגערופען — מיר האָבען געקענט אָנזאמלען גענוג קאָרן און פרוכט פון די פעלדער און גערטנער אָבער אונזער פיהרער עמרי האָט אונז נישט דערלאָזען... און יעצט זוכסטו איינצורעדען די פיהרער פון שטאָדט אז זיי זאָלען אונז קיין שפייז נישט געבען.

— איך וויים גאנץ גוט ווער אייער עמרי איז. יעצט איז ער דער הויפט פון א רויבער באנדע, אָבער פריהער איז ער געווען א פאסטוך, און האָט בע'גנב'עט זיין האר צוליעב א שעהן מיידעל. און ווען מען האָט איהם געכאפט און ער האָט ניט געהאט מיט וואס צו בעצאָהלען, האָט מען איהם פאר א קנעכט פארקויפט. אָבער עמרי איז אנטלאָפען פון זיין האר... יע, עמרי איז א געוועזענער גנב, אן אנטלאָפענער קנעכט און יעצט איז ער א פיהרער פון א באנדע רויבער און אזא מאן ווילט איהר נאָך שטיצען.

— פון וואנען ווייסטו דאס אלעס וועגען איהם — האָט איינער פון די עלטסטע געפרעגט גלעד'ן.

— איך ווייס עס אלעס ! איך האָב זעהר פיעל געהערט פון איהם, און דעריבער זאָג איך אז אזא מאן האָט נישט פארדינט איהר זאָלט איהם שטיצען... זאָל ער פאנאנדערלאָזען זיין באנדע רויבער, זאָלען זיינע מענשען ווערען ערד־ארבייטער אָדער פאסטוכער און זאָל ער זיך אומקעהרען צו זיין בעל הבית און אָפּדינען די זעקס יאהר, און דאן וועט ער צוריק קענען ווערען א פאסטוך און פארדינען עהרליך זיין ברויט !

— גלעד איז גערעכט ! מיר טאָרען ניט שטיצען קיין רויבער און אן אנטלאָפענעם קנעכט — האָט דער עלטסטער זיך אָפּגערופען.

— אָבער עס איז דאך מעגליך ! — האָט א צווייטער געזאָגט — אז גלעד מאכט א טעות, אז עמרי איז טאקע ניט אזוי שלעכט ווי מען האָט איהם איבערגעגעבען !

— אויב אזוי זאָל ער אליין קומען און דאס אלעס אָפּלייקענען ! — האָט גלעד אויסגערופען — און אויב מיר וועלען אויסגעפינען אז איך מאך א טעות, דאן וועל איך איהם אליין אונטערשטיצען מיט מיין געלד.

— זאָגט אייער האר אז ער זאָל דאָ אליין קומען צו אונז, און דאן וועלען מיר זעהען וואס מיר קענען טאָהן!— האָט דער עלטסטער זיך אָפּגערופען צו די שלוחים.

---

ווען עמרי'ס שלוחים האָבען זיך אומגעקעהרט האָבען זיי איהם דערצעהלט וואס מיט זיי האָט פאסירט.

— מיר זיינען געקומען אין דער צייט ווען זיי האָבען געהאט א מאָלצייט. זיי האָבען אלע געגעסען געבראטענע פלייש און געטרונקען וויין. און ווען מיר האָבען זיי איבערגעגעבען דיין פערלאנג, האָבען זיי שוין געוואָלט איינשטימען און געבען אונז די שפייז. זיי האָבען אונז בלויז געפרעגט וויפיעל מיר דארפען, אָבער דאָרט איז געווען איינער, וועלכער שיינט צו זיין א גאסט, ווייל ער טראגט ניט די זעלבע קליידער ווי די איינוואָוינער פון יעזר, און ער האָט זיך אוועקגעשטעלט און האָט גערעדט שלעכטעס אויף אונזער האר. ער האָט איהם אנגערופען גנב, אנטלאָפענער קנעכט און נאָך שענדליכע נעמען.

— און ווער איז ער דאָס ? — האָט עמרי זיי געפרעגט.

— מיר ווייסען ניט, מיר האָבען אפילו ניט געהערט זיין נאָמען.

— זאָל איינער פון אייך שנעל אוועקגעהן און אויספארשען ווער ער איז !— האָט עמרי געזאָגט — איך בין חושד אז עס איז געווים דער פאָטער פון רעמה'ן און איהם וועל איך קיין שלעכטעס ניט טאָהן, ווייל איך האָב איהם פאראורזאכט גענוג צרות.

א ווייל שפעטער האָט זיך דער מאן אומגעקעהרט און ער האָט איבערגעגעבען עמרי'ן אז ווי ער האָט אויסגעפונען געפינען זיך פינף קנעכט פון יענעם מאן נישט ווייט פון דאנען... זיינע קעמלען זיינען אָנגעלאָדען מיט אל־דאָס גוטס. לאָמיר מאכען אן איבערפאל און אוועקרויבען זיינע קעמלען.

— האָסטו דען נישט אויסגעפונען ווער ער איז ? — איז עמרי בייז געוואָרען אויף איהם — איך האָב דאך דיר געזאָגט אז כל זמן איך וועל נישט וויסען ווער איז אָט יענער מאן וועלכער ווייס אלעס פון מיר וועל איך איהם גאָר נישט טהאָן.

— איך האָב מורא געהאט זיי צו שטעלען פראגען טאָמער וועלען זיי מיך חושד זיין.

— מיין עצה וואָלט געווען, אז מיר זאָלען פאנגען איינעם פון די פינף קנעכט און איהם ברייגגען אין אונזער לאגער, און פון איהם דערגעהן ווער זיין האר איז.

— איך גלויב, אז דו ביזט גערעכט, — האָט עמרי זיך צו יענעם אָפּגערופען.

— עס וועט זיין נישט שווער דאָס

דורכצופיהרען, ווייל די קנעכט זיינען נישט צוזאמען. זיי האָבען זיך צושפּרייט איבער דעם וועג, — האָט דער מאַן וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון דאָרט, זיך אָפּגערופען.

— גוט! איך וועל שיקען צעהן פון אייך, און איהר זאָלט זיך בעמיהען צו נעהמען איינעם געפאנגען, אזוי אז די איבריגע זאָלען גאָרנישט באמערקען, כדי דורך דעם נישט אויפצורעגען די גאנצע שטאָדט, ווייל אייך איז דאָך בעוואוסט אז איך זוך אויסצומיידען בלוטפאַרגיסונג צווישען מיינע ברידער.

— לאָז דאָס איבער צו מיר! — האָט זיך א יונגער מאַן אָפּגערופען, — איך וועל שוין וויסען ווי איהם אריינצונארען.

די צעהן זיינען אוועק צו דעם פּלאַץ וואו די קנעכט זיינען געוועזען.

— איהר בלייבט שטעהן בעהאלטען הינטער די ביימער! — האָט דער יונגער מאַן זיך אָפּגערופען, — און איך וועל שוין באלד מיט איינעם פון זיי צוקומען, דאַן וועט איהר ארויס פון אייערע בעהעלטענישען און מיר וועלען איהם פאנגען.

זיי האָבען זיך אוועקגעשטעלט הינטער די ביימער און דער יונגער מאַן איז צוגעגאנגען צו איינעם פון די קנעכט, וועלכער איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ'ן גראָז און געדרעמעלט.

— מיין האר! — האָט ער זיך אָפּגערופען צום קנעכט, — איך בין דורשטיג, פיעלייכט קענסטו מיר באָרגען דיין כלי. דאָ נישט ווייט געפינט זיך א קוואל וואסער וועל איך דאָס אָנשעפּען.

— ווי אזוי קען איך דיר באָרגען מיין כלי, אז איך קען דיך גאָר נישט! — האָט זיך דער קנעכט אויפגעשטעלט.

— ווייסטו גאָר וואָס, פיליכט וועסטו מיט מיר מיטגעהן און ווען איך וועל זיך אָנטרינקען וועסטו גלייך צוריקקריגען דיין כלי... איך וועל דיר פאר דיין טרחה בעצאָהלען.

דער קנעכט האָט זיך אריבערגעבויגען איבער'ן ליגענדען קעמעל און פון דאָרט ארויסגענומען די כלי און איז מיט יענעם מיטגעגאנגען.

— וואו איז דער קוואל וואסער? — האָט זיך דער קנעכט אָנגערופען, — איך קען נישט געהן צו ווייט, ווייל איך וויל נישט איבערלאָזען מיין קעמעל צו לאנג.

— עס איז דאָ נישט ווייט, בלויז עטליכע טריט.

דער קנעכט איז איהם נאָכגעגאנגען מיט פוילע טריט.

פּלוצים זיינען פון הינטען ארויס עטליכע פון עמרי'ס מענשען און זיך א וואָרף געטהאָן אויף דעם קנעכט, איהם פאַרשטאָפּענדיג זיין מויל. זיי האָבען איהם אוועקגעפיהרט צו עמרי'ן.

— אָ, וואָס ווילט איהר פון מיר! — האָט דער קנעכט זיך ביי זיי געבעטען, — איך בין אַן אָרימער קנעכט, וואָס קענט איהר ביי מיר קריגען? לאָזט מיך אָפּ און איך וועל זיך אומקעהרען צו מיין האר!

— און ווער איז דיין האר? — האָט איהם עמרי געפרעגט, — אויב דו וועסט אונז ענטפערען אויף אלע אונזערע פראַגען און זאָגען דעם אמת, וועלען מיר דיר קיין שלעכטעס נישט טהאָן!

— מיין האר איז נישט פון דיזער שטאָדט! — האָט דער קנעכט גענומען ציטערען.

— פון וועלכער שטאָדט איז דיין האר? — האָט עמרי איהם ווייטער געפרעגט.

— מיין האר קומט פון מצפה!

— פון מצפה? און ווי איז זיין נאָמען?

— זיין נאמען איז גלעד!

— אָה, גלעד, פון מצפה, — האָט זיך עמרי אומגעקעהרט צו זיינע מענשען און צו זיי א וואונק געטהאָן, — יעצט פאַרשטעה איך פון וואנען ער ווייסט אלעס וועגען מיר.

— זאָג מיר, האָט דיין האר מיט א קורצער צייט צוריק נישט גענומען א קעבס־ווייב?

— יא, דאָס איז ריכטיג! — האָט ער געענטפערט מיט א שמייכעל.

— און ווי איז איהר נאָמען?

— איהר נאָמען איז רעומה!

— ער האָט דאָך נאָך א פרוי צו איהר?

— יאָ, און זי הייסט מרה!

— קענסטו מיר זאָגען ווי דייַן האר בעהאַנדעלט זיין קעבס-ווייב? — האָט עמרי ווייטער געפרעגט דעם קנעכט.

דער קנעכט האָט אויף איהם געקוקט מיט דורכדרינגענדע בליקען און געענטפערט מיט א שמייכעל.

— מיין האר בעהאַנדעלט זיין פּלגש נאָך בעסער ווי זיין ריכטיגע פרוי.

— פון וואַנען דרינגסטו עס אזוי?

— ווייל רעומה'ן האָט ער געגעבען קאַסטבאַרע ציערונג, און מרה'ן נישט.

— און ווי באַנעהמט זיך מרה צו רעומה'ן? — האָט עמרי איהם געפרעגט.

— די ערשטע צייט פלעגט גאַנץ אָפט אויסברעכען א קריעג צווישען ביידע פרויען. און עס האָט שוין געהאַלטען דערביי אז מרה האָט פאַרלאָזען איהר מאַן און אוועק צוריק צו איהרע עלטערען, אָבער מיין האר האָט איהר צוריק געבראַכט.

— און יעצט קריגען זיי זיך אויך?

— יאָ, אָבער נישט אזוי אָפט ווי פריהער.

— פון וואַנען ווייסטו אַט די אַלע זאַכען? — האָט עמרי זיך אָפּגערופען צום קנעכט מיט א שמייכעל.

— ווייל די דינסט וועלכע בעדיענט רעומה'ן איז מיט מיר גוט בעפריינדעט און זי דערצעהלט מיר אַלעס וואָס קומט פאָר. זי האָט מיר דאָ נישט לאַנג דערצעהלט אז זי האָט זיך אונטערגעהערט א געשפּרעך וואָס רעומה האָט געהאַט מיט גלעד'ן.

— און וואָס איז דאָס געווען?

דער קנעכט האָט אַרונטערגעלאָזען זיינע אויגען.

— דערצעהל מיר, שעהם זיך נישט!

— האָט איהם עמרי באַפוילען.

— זי האָט מיר דערצעהלט, אז רעומה האָט געזאָגט גלעד'ן אז אין גיכען וועט זי ווערען א מוטער!

— א מוטער! — האָט עמרי אויסגערופען, און זיין פּנים האָט זיך געביטען קאָלירען.

— יאָ, רעומה וועט אין גיכען זויגען א קינד צו מיין האר, און דאריבער האָט ער זי נאָך מעהר ליעב באַקומען.

— און דיין האר מאַכט זיינע רייזעס גאַנץ אָפט אין דיזען געגענד?

— ניין, דאָס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט אהער געררייזט... ביז יעצט פלעגט ער האַנדלען מיט עמון, ער פלעגט מאַכען זיינע רייזעס אין רבה, די הויפּט-שטאָדט פון עמון... און דאָס איז געווען דאָרטען פון וואַנען ער האָט געבראַכט זיין פּלגש...

— איז ער דאָ אויך געקומען האַנדלען? — האָט עמרי איהם געפרעגט.

— ניין, דאָ איז ער נישט געקומען צוליעב מסחר!

— צוליעב וואָס דען איז גלעד אהער געקומען?

— דאָס קען איך דיר נישט דערצעהלען מיין האר, איך האָב דיר דערצעהלט אַלעס וואָס איך ווייס, און יעצט האָף איך, אז דו וועסט האַלטען דיין וואָרט און מיך פרייַלאָזען.

— דו האָסט מיר אָבער נישט געזאָגט די אורזאַכע וואָס עס האָט בעוואויגען דיין האר גלעד'ן צו קומען אהער? — האָט עמרי זיך אָפּגערופען.

— דאָס קען איך נישט דערצעהלען, ווייל מיין האר האָט אונז אַלעמען אָנגעזאָגט אז מיר זאָלען זיין זעהר פאָרזיכטיג און פאַר קיינעם נישט אַרויסריידען וועגען דעם.

— און ווי וואָלסטו געוואָלט איך זאָל איבערגעבען דיין האר וועגען דעם וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט, אז זיין פּלגש וועט איהם געבוירען א קינד, און וועגען די קריגערייען וואָס קומט פאָר צווישען זיין ריכטיגע פרוי און רעומה'ן און אויך וועגען די ציערונג? וועט ער דיר דען נישט פרעגען פון וואַנען דו ווייסט דאָס אַלעס?...

— איך בעט דיך, מיין האר, דערצעהל איהם נישט פון דעם... ווייל ווען

ער זאָל זיך פון אַלעם דערוויסען, דאַן בין איך א פאַרלאָרענער.

—אויב אזוי, דאַרפסטו מיר ענטפערען אויף מיין לעצטע פראַגע, וואָס איז די סיבה וואָס דיין האַר האָט יעצט געמאַכט א רייזע נאָך יעזר?

— יעזר איז נישט די איינציגע שטאָט וואו מיין האַר האָט בעזוכט! — האָט דער קנעכט געענטפערט. — ער האָט שוין פיעלע שטעדט בעזוכט און יעצט קלייבט ער זיך צו בעזוכען בשן.

— אויב דו ווילסט איך זאָל דיר בעפרייען, וועסטו מיר מוזען זאָגען אַלעס, און איך פאַרזיכער דיר, אז דיין האַר וועט אפילו נישט וויסען אז דו האָסט מיר דערצעהלט.

— מיין האַר גלעד איז אויסערוועהלט געוואָרען פאַר דעם הויפט פון גלעד, און די עלטסטע פון דער שטאָדט מצפה, האָבען איהם געשיקט ער זאָל רייזען איבער'ן לאַנד און פעראייניגען די צוויי און א האַלב שבטים און שליסען מיט זיי א בונד אין פאַל פון א מלחמה מיט עמון זאָלען זיי זיין פעראייניגט.

— אָה, יעצט איז מיר אַלעס פאַרשטענדליך! — האָט עמרי אויסגערופען, — און דו דאַרפסט זיך גאָר נישט שרעקען, איך וועל דיך באַפרייען אזוי שנעל ווי מעגליך.

— וואָס ווילען מיר יעצט טהאָן, וועט מיין האַר געהן צו די עלטסטע פון שטאָדט און זיך זעהן מיט גלעד'ן פנים צו פנים? — האָט איינער געפרעגט עמרי'ן.

— ניין, איך וועל נישט געהן, אָבער ער וועט קומען צו מיר! — האָט עמרי איהם געענטפערט, — מיר מוזען זיין געגרייט... פינף און צוואַנציג פון אייך ווילען זיך גוט באַוואַפנען און צוקומען נישט ווייט פון דעם פּלאַץ וואו איהר האָט גענומען דיזען קנעכט געפאַנגען... איהר וועט דאָרט וואַרטען אזוי לאַנג ביז וואַנען גלעד וועט דאָרטען צוקומען און נאָכהער וועט איהר איהם פאַנגען צוזאַמען מיט זיינע קעמלען און די איבריגע פיער קנעכט.

— אַ, ניין, מיין האַר! — האָט דער געפאַנגענער קנעכט אויסגערופען, — טהו נישט צו מיין האַר גלעד'ן קיין שלעכטעס... איך בין געשטרויכעלט געוואָרען מיט מיין צונג, און איך האָב די סודות פון מיין האַר צו דיר אויסגעזאָגט. יעצט בין איך פאַרלאָרען!

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז קיין שלעכטעס וועט צו דיר נישט געשעהן! — האָט עמרי זיך אויף איהם א בייזער געטהאָן... און איהר זייט פאַרזיכטיג נישט צו טהאָן צו גלעד'ן קיין שאַדען. דער וועלכער וועט איהם שלעכטעס טהאָן, וועט פאַר דעם באַשטראָפט ווערען.

— און וואָס ווילען מיר טהאָן, אז ער וועט זיך געגענשטעלען און מיט אונז קעמפּפען? — האָט אימיצער איהם געפרעגט.

— איהר זייט פינף און צוואַנציג באַוואַפענטע און גלעד מיט זיינע קנעכט ווילען בלויז זיין פינף, וועט ער דען וואַגען זיך געגענשטעלען נעגען אייך? איהר קענט איהם זאָגען, אז אויב ער וועט געהן אין פרידען וועט איהם קיין שלעכטעס נישט געשעהן.

באַלד האָט עמרי אויסגעקליבען פינף און צוואַנציג פון זיינע מענשען און זיי מיטגעגעבען שווערדען. די צוויי שלוחים וועלכע זיינען פריהער געשיקט געוואָרען צו קריגען שפייז, זיינען אויך געוועזען צווישען זיי, כדי זיי זאָלען דערקענען גלעד'ן.

---

א היבשע ווייל האָבען די פאַרזאַמעלטע געוואַרט צוזאַמען מיט גלעד'ן אויף עמרי'ס קומען.

— מיר האָבען פונדעסטוועגען נישט געדאַרפט זיי אוועקשיקען מיט ליידיגע הענט! — האָט זיך איינער אָפּגערופען.

— זיי מוזען געווים זיין הונגעריג.

— אָבער אויב ער זאָל זיין דער זעלבער מאַן, וועגען וועמען אונזער גאַסט גלעד האָט אונז דערצעהלט, ראַן וועט אונז נישט דאַרפען פאַרדריסען, וואָס מיר האָבען איהם נישט געשטיצט מיט אונזער ברויט.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אז דאָס איז דער זעלבער עמרי, וועלכער איז געווען א גנב און נאכהער אנטלאָפען פון׳ם האר, ווען ער איז פערקויפט געוואָרען צו איהם פאר א קנעכט. און דאָס איז דער בעסטער באווייז, ווען ער האָט אויסגעפונען, אז דאָ געפינט זיך איינער, וועלכער ווייסט זיין פארגאנגענהייט, מיידט ער אוים צו קומען אהער...

— איך האָף, אז זיי האָבען נישט גערויבט אונזער תבואה פון די פעלדער, — האָט נאָך איינער געזאָגט. — דיעזע רויבער קענען נאָך אונז פיעל שאדען אָנטהאָן!

— אויסראָטען דארף מען זיי פון אונזער לאנד! — האָט גלעד אויסגערופען. — נאָך נישט גענוג, וואָס מיר ליידען גאנץ אָפט פון רויבער באנדעס פון אנדערע פעלקער, דארפען מיר דען נאָך ליידען פון אידישע רויבער?! פון דאנען וועל איך אָפרייזען נאָך בשן, איך וועל קומען אין דער שטאָדט פון וואנען עמרי, דער הויפּט פון דער רויבער, איז אנטלאָפען, און איך וועל זעהן, אז זיי זאָלען שיקען א מחנה באוואפענטע מענשען איהם צו כאפּען און באשטראָפען פאר אלץ, וואָס ער האָט געטהאָן.

— דערווייליגע, לויט מיר איז באוואוסט, האָט אָט דער עמרי קיין שלעכטעס נישט געטהאָן צו אונזערע ברידער.

— און דאָס איז גאָרנישט, וואָס ער פאָדערט מען זאָל איהם געבען שפּייז פאר זיך און זיינע ארויסהעלפער? — האָט גלעד געזאָגט. — איהר אליין האָט דאָך מורא, ער זאָל נישט בארויבען אייער תבואה, אויב איהר וועט איהם ענטזאגען. ניין, מיינע פריינט! מיין עצה צו אייך איז, אז איהר זאָלט נישט שטיצען קיין רויבער, נאָר איהר זאָלט זיך צוזאמענעהמען און קעמפען געגען איהם, ביז וואנען איהר וועט איהם און זיינע ארויסהעלפער אינגאנצען פארטרייבען פון דיעזער געגענט. און אין פאל איהר וועט זיך נויטיגען אין אונזער הילף, וועל איך זעהן, אז מיין שטאָדט, מצפּה, זאָל אייך ארויסהעלפען און מיט פאראייניגטע כחות וועלען מיר אויסראָטען די רויבער פון אונזער לאנד. איהר דארפט וויסען זיין, אז דאָס איז אונזער אָפּמאך: ווען א שונא וועט דראָהען די זיכערקייט פון א שטאָדט, דאן דארפען די איינוואוינער פון דער צווייטער שטאָדט קומען זיי צו הילף. און איהר מעגט זיכער זיין, אז כל זמן מיר וועלען זיין צווישען זיך פאראייניגט, וועט עמון נישט וואגען אונז שלעכטעס צו טהאָן.

גלעד האָט זיך געזעגענט מיט די עלטסטע און ער איז אוועק צו דעם פּלאץ, וואו ער האָט איבערגעלאָזען זיינען פינף קנעכט מיט די קעמלען.

ווען ער איז אהין צוגעקומען, האָט ער באמערקט, ווי זיינע קנעכט שטעהען צעטומעלט און דערשראָקען.

— וואָס האָט פּאסירט? האָט ער געפרעגט. — און וואו איז נאָך א קנעכט?

— וועגען דעם זיינען מיר טאקע שטארק באזאָרגט, — האָט זיך איינער אָפּגערופען. — מיר ווייסען נישט וואו ער איז אהינגעקומען. פריהער האָבען מיר געמיינט, אז ער איז געגאנגען אָנשעפּען פריש וואסער. אָבער ווען מיר האָבען געווארט א היבשע ווייל און געזעהן, אז ער קעהרט זיך נישט אום, זיינען מיר שטארק באזאָרגט געוואָרען און מיר האָבען זיך ארויסגעלאָזען איהם זוכען.

— און איהר האָט איהם נאָך נישט געפונען? — האָט גלעד אויסגערופען מיט ערשטוינונג.

— ניין!

— און וואו איז זיין קעמעל?

— זיין קעמעל געפינט זיך דאָ! — האָט אימיצער אָנגעוויזען אויף א קעמעל, וואָס איז געווען געקניהט אויפ׳ן גראָז. — אָבער די כלי צו שעפּען וואסער איז נישטאָ!

— האָט דען קיינער פון אייך נישט באמערקט, ווען ער איז אוועקגעגאנגען?

— ווען מיר האָבען זיך ארומגעזעהן איז ער שוין מעהר נישט געווען.

— מיגליך, אז ער איז געגאנגען אָנשעפּען וואסער און האָט פארבלאָנ־

דזשעט! — האָט גלעד געזאָגט. — לאָדעט אָן אייערע קעמלען און קומט לאָמיר איהם א זוך טהאָן, איידער די זון געהט אונטער. מעגליך, אז מיר וועלען איהם טרעפען.

די פיער קנעכט האָבען אָנגעלאָדען די קעמלען. גלעד האָט זיך געזעצט אויף זיין קעמעל און די קנעכט האָבען געפיהרט זייערע צוזאמען מיט דעם קעמעל פון דעם פארלוירענעם קנעכט.

— ער וועט שוין ביי מיר באקומען א גרויסע שטראָף דערפאר! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען. — ווער האָט איהם געגעבען דאָס רעכט אליין אוועקצוגעהן פון דיעזען פּלאַץ? יעצט וועלען מיר צוליעב איהם זיין געצוואונגען איבערצונעכטיגען אין יעזר און איך האָב זיך זעהר געאיילט צו פארענדיגען מיין רייזע און וואָס שנעלער צוריקקומען נאָך מצפּה.

— זאָלען מיר אויסרופען זיין נאָמען גאנץ הויך, פיעלייכט וועט ער אונז דערהערען? — האָט א קנעכט געראטען.

די קנעכט האָבען גענומען איהם רופען. זיי האָבען געשריען מיט זייערע גאנצע כחות. אָבער בלויז די עכאָס פון זייערע שטימען האָבען זיי דערהערט.

ווען זיי האָבען אָפּגערייזט נאָך א שטיקעל וועג, האָבען זיי פּלוצלונג דערהערט א גערויש און איידער זיי האָבען באוויזען זיך ארומצוקוקען, זיינען זיי שוין געווען ארומגערינגעלט פון עמרי'ס פינף און צוואנציג באוואפענטע מענשען.

— וואָס איז אייער פארלאנג? — האָט גלעד זיך צו זיי געווענדעט מיט א בייזער שטימע.

— דו דערקענסט אונז נישט? — האָט איינער פון די צוויי, וועלכע זיינען געקומען פארלאנגען שפּייז ביי דער פארזאמלונג, זיך אָפּגערופען.

— איהר זיינט עמרי'ס ארויסהעלפער! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען און זיין פּנים איז בלאָס געוואָרען.

— יע, דו האָסט געטראָפען!

— און וואָס ווילט איהר? — האָט גלעד זיך ווייטער אָפּגערופען.

— מיר ווילען דו זאָלסט מיט אונז געהן.

— איך זעה, אז איהר פארלאנגט שפּייז! גוט, איהר וועט קריגען העלפט פון דער שפּייז, וואָס מיר פיהרען מיט זיך.

— ניין! מיר דארפען נישט דיין שפּייז! דו בעסער קום מיט אונז און אונזער האר, עמרי, וועט דיר שוין זאָגען, וואָס ער פארלאנגט פון דיר.

— איך וועל אייך געבען א ביסעל געלד און איהר וועט קענען קויפען די שפּייז, וואָס אייך וועט אויספעהלען.

— אומזיסט דיינע רייד! מיר וועלען פון דיר קיין זאך נישט נעהמען. דו מוזט מיט אונז מיטגעהן.

— איך האָב גאָרנישט צו טהאָן מיט עמרי'ן און איך וועל צו איהם נישט געהן.

— אויב דו וועסט נישט געהן מיט דיין גוטען ווילען, וועסטו געהן געצוואונגענערהייט! — האָט איינער זיך צו איהם אָפּגערופען.

— און איך האָב געמיינט, אז עמרי און זיינע ארויסהעלפער באלעסטיגען נישט קיין מענשען פון זיין פאָלק! — האָט גלעד געזאָגט.

— דאָס איז ריכטיג! עמרי האָט נאָך קיינמאָל נישט באלעסטיגט קיינעם פון די אידען. אָבער אזוי ווי דו האָסט אויסגעדריקט א פארלאנג זיך צו זעהן מיט איהם פּנים אל פּנים, און אזוי ווי עמרי קען יעצט נישט קומען צו דיר, וועסטו זיך מוזען מטריח זיין און קומען צו איהם!

— אזא חוצפּה! — האָט גלעד אויסגעשריען. — ניין! איך וועל נישט געהן!

— בינדט איהם! — האָט אימיצער א געשריי געטהאָן.

באלד זיינען עטליכע פון עמרי'ס מענשען צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט צו גלעד'ן און האָבען איהם אָנגענומען.

די פיער קנעכט האָבען געמאכט א פארזוך צו העלפען זייער האר, אָבער מען האָט זיי צוריקגעהאלטען.

זיי האָבען ארויסגעקראָגען שטריק און

פאַרלייגענדיג גלעד'ס הענט אויף הינטען, האָבען זיי איהם געבונדען.

— זאָל די קללה פון גאָט פאַלען אויף אייך און אויף עמרי'ן! — האָט גלעד נישט אויפגעהערט צו שילטען. — דער פאַרפלוכטער אנטלאָפענער קנעכט! ער וועט דערפאַר טייער באַצאָהלען.

— אויב דו וועסט נישט צומאַכען דיין מויל, וועלען מיר דאָס דיר פאַרשטאָפּען! — איז איינער צו איהם צוגעגאַנגען. — בעסער רעד מעהר נישט קיין וואָרט און קום מיט אונז.

— זאָלען מיר אויך זיינע קנעכט בינדען? — האָט איינער א פרעג געטהאָן.

— געוויס! מיר קענען נישט באַהויפּטען, אז אין שטאָדט זאָל מען זיך דערוויסען, דאָס מיר האָבען גענומען גלעד'ן אין געפאַנגשאַפט. און מיר דאַרפען זעהר פאָרזיכטיג זיין, אז קיינער פון די קנעכט זאָל נישט אנטלויפען.

זיי האָבען גלייך געבונדען די קנעכט און מיטנעהמענדיג זייערע קעמלען, האָבען זיי געפיהרט די געפאַנגענע צו דעם לאַגער פון עמרי'ן.

— און אָט דער איז דאָס גלעד! — האָט עמרי זיך אָפּגערופען, באַטראַכטענדיג איהם. — ווי עס ווייזט אויס, ווייסטו אלץ פון מיין פאַרגאַנגענהייט? דאָס האָט דיר רעומה דערצעהלט.

— יע, מיין פּלגש האָט מיר אלץ דערצעהלט וועגען דיר! — האָט גלעד מיט פאַרביטערונג געזאָגט.

— דאָס איז א סימן, אז זי האָט מיך נאָך אלץ ליעב! — האָט עמרי געזאָגט מיט א שמייכעל. — אז איך ליג איהר נאָך אין זינען!

— זי האָט דיך מעהר נישט ליעב!

— האָט גלעד געזאָגט. — זי האַסט דיך אזוי ווי אן עהרליכע אידישע טאָכטער דאַרף האַסען א רויבער און א גנב!

— ביסטו דען אזוי זיכער אין דעם?

— האָט עמרי געשמייכעלט.

— יע, זי האָט מיר אזוי געזאָגט און איך גלויב איהרע רייד!

— און מיר האָט זי געזאָגט, אז...

— דו אליין ווייסט דאָך, אז זי האָט דיך פון זיך פאַרטריבען, ווען דו ביסט געקומען צו איהר אין רבה!

— דאָס פאַרלייקען איך נישט. אָבער איך האָב זיך מיט איהר לעצטענס געזעהן און זי האָט מיך פאַרזיכערט, אז זי האָט נאָך מיך זעהר שטאַרק ליעב, — האָט עמרי מיט איהם זיך א רייץ געטהאָן.

— דו ביסט א ליגנער! דו האָסט זיך מיט מיין פּלגש נישט געזעהן! זי וואָלט פון הויז נישט ארויסגעגאַנגען דיך צו זעהן און דו וואָלסט נישט געוואָגט צו קומען אין מיין הויז!

— איך וועל דיר געבען א סימן, אז איך האָב זיך מיט רעומה'ן יע געזעהן אין דער צייט, ווען דו האָסט אָפּגערייזט פון מצפּה.

גלעד האָט אויף איהם אַנגעשטעלט א פּאָר אויגען..

—ערשטענס האָט זי מיר איבערגעגעבען וועגען דעם צוועק פון דיין ארומרייזען צווישען די שטעדט פון דיעזער זייט ירדן. זי האָט מיר געזאָגט, אז דו רייזסט ארום צו פאַראייניגען די שבטים אין פאַל פון אן אַנגריף פון עמון.

— דו זאָגסט ליגען! דאָס האָסטו געוויס געהערט פון די איינוואוינער פון שטאָדט...

— און פון וואַנען וויים איך, אז דו ביסט אויסגעקליבען געוואָרען אלס דער ראש פון מצפּה? — האָט עמרי געזאָגט.

— דאָס האָט דיר אויך אימיצער פון דאַנען געזאָגט, ווייל זיי ווייסען דאָך, אז איך בין אהער געקומען אלס דער פאָרשטעהער פון מצפּה.

— און ווילסטו פיעלייכט וויסען פון נאָך א וויכטיגען סוד, וואָס דיין פּלגש האָט מיר פאַרטרויט? — האָט עמרי א זאָג געטהאָן.

— איך וועל דיר גאָרנישט גלויבען! דו ביזט א ליגנער, דו ביזט קיינמאָל ניט געוועזען אין מיין הויז און רעומה'ן נישט געזעהן.

— אויב אזוי וועל איך דיר זאָגען און דו וועסט זיך באלד איבערציינען ווער עס זאָגט דעם אמת! דיין פּלגש האָט

מיר פאַרטרויט א סוד, אז אינגיכען וועט זי פאַר דיר זויגען א קינד!

גלעד האָט זיך באַגאַסען מיט א קאַלטען שוויים, ווען ער האָט דערהערט עמרי׳ס לעצטע ווערטער. זיין פּנים איז טויט בלאַס געוואָרען און אין זיינע אויגען האָבען זיך טרעהרען באַוויזען.

— יעצט ביזטו שוין איבערציינט, אז איך האָב זיך געזעהן מיט דיין פּלגש? יע, איך האָב מיט איהר גאַנץ פיין פאַרבראַכט. זי האָט מיר אויך דערצעהלט וועגען דיין ריכטיגער פרוי, מרה, וועלכע האָט זי די גאַנצע צייט שלעכט באַהאַנדעלט. זי האָט מיר אפילו דערצעהלט וועגען די ציערונג, וואָס דו האָסט איהר געגעבען און נאכהער געוואָלט אָפּגעבען צו מרה׳ן.

ביי גלעד׳ן איז שוין יעצט קיין צווייפעל נישט געווען, אז עמרי זאָגט דעם אמת. ער איז אין מצפּה געווען און האָט זיך מיט רעומה׳ן געזעהן. זי האָט איהם אין אַלעם פאַרראַטען... איהר הארץ ציהט נאָך אלץ צו דעם אמאָליגען געליעבטען. יעצט האָט נאָך א צווייפעל געגעבערט אין זיין מח. רעומה דאַרף א מוטער ווערען. ווער ווייסט, פיעלייכט איז דאָס קינד נישט זיינס?...

— איך זעה, אז דו זאָגסט אמת! — האָט גלעד זיך צו איהם אָפּגערופען מיט א נידעריגער טרויעריגער שטימע. — יעצט זאָג מיר, איז דאָס געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דו האָסט זיך מיט רעומה׳ן געזעהן? איך מיין, אז פריהער, איידער איך האָב אָפּגערייזט פון מצפּה, האָסטו זיך מיט איהר ניט געזעהן?

— געוויס האָב איך זיך מיט איהר געזעהן נאָך פריהער, — האָט עמרי זיך פאַרנאַנדערגעלאַכט — די ערשטע וואָך ווען דו האָסט זי נאָך מצפּה געבראַכט, האָב איך שוין זיך מיט איהר געזעהן און מיט איהר גאַנץ פיין פאַרבראַכט...

— אויב אזוי קענסטו איהר צוריקהאָבען! — האָט גלעד מיט צאָרן אויסגערופען —איצט ווייס איך, אז זי האָט מיר פאַרראַטהען און אז דאָס קינד וואָס זי וועט געבוירען איז נישט מיינס...

אומזיסט איז מיין שמחה געווען... איך האָב געמיינט, אז גאָט האָט זיך איבער מיר מרחם געווען און האָט מיר א קינד געגעבען.

—איך בין נאָך איצט נישט געגרייט איהר צוריקצונעמען — האָט עמרי געזאָגט מיט שפּאָט — זי וועט מוזען ביי דיר בלייבען ביז וואנען איך וועל קומען. דו ווייסט דאָך, אז איך בין שטענדיג אין וועג, און עס איז א געפאַהר פאַר א פרוי צו געבוירען א קינד אין וועג. זאָל זי געבוירען דאָס קינד ביי דיר אין מצפּה, און ווען דאָס קינד וועט אונטערוואַקסען וועל איך קומען איהר אָפּנעמען פון דיר.

גלעד האָט איהם מעהר נישט געענטפערט. ער האָט געביסען זיין אונטערשטע ליפּ פון צאָרן... זיין פּנים האָט זיך געביטען קאָלירען...

— וואָס ווילסטו איצט פון מיר?!— האָט גלעד זיך צו איהם געווענדעט נאָך א קליינער פּויזע.

— מיינע מענשען זיינען געקומען צו די עלטסטע פון דיזער שטאָדט און האָבען פאַרלאַנגט זיי זאָלען מיך אויסבאָרגען שפּייז, ביז וואנען איך וועל אריינקריגען דאָס גאָלד און זיי באַצאָהלען... און ווי איך פאַרשטעה זיינען די עלטסטע געווען ווילּיג צו טאָן מיין ווילען און געבען גענוג שפּייז פאַר מיר און מיינע מענשען. אָבער דו האָסט זיך אריינגעמישט און אלץ קאַליע געמאַכט, איז דאָס ריכטיג!

— יע, איך האָב זיי געזאָגט, אז מיר דאַרפען נישט ערמוטיגען אז עס זאָלען זיך געפינען צווישען אונז רויבער און גנבים... עס איז א זינד צו זיין א רויבער און מיר טאָרען נישט שטיצען קיין זינדיגע... און כאָטש עס האָבען זיך געפונען איינוגע וועלכע האָבען דיך געוואָלט פאַרטיידיגען דאַמיט וואָס דו מאַכסט נישט קיינע איבערפאַלען אויף אידישע רייזענדע... איצט זעה איך, אז זיי האָבען א טעות געמאַכט... דו באַפאַלסט אויך אידישע רייזענדע. עס איז ביי דיר קיין אונטערשייד.

— דו ביזט מיין ערשטער אידישער געפאנגענער — האָט עמרי געזאָגט — און דו ווייסט פאַרוואָס איך האָב דאָס געטאָן. יע, ווייל דו האָסט אויף מיר שלעכטעס גערעדט אין די אויערען פון די עלטסטע פון שטאָדט, און דורכדעם האָסטו פאראורזאכט, אז מיר זאָלען אלע אויסגעהן פון הונגער, און כדי דאָס צו פארמיידען וועלען מיר זיין געצוואונגען צו רויבען אויך פון אונזערע אייגענע ברידער און זאָל דיזער זינד פאלען אויף דיין קאָפּ!

—אָבער, בין איך דען נישט געווען גערעכט, ווען איך האָב זיי געזאָגט, אז דו ביזט א פארדאָרבענער מענש! — האָט גלעד אויסגערופען — אָט האָסטו דאָך אליין מודה געווען פאר מיר, אז דו פלעגסט זיך זעהן מיט רעומה'ן אפילו נאָכדעם ווי זי איז געווען מיין פלגש און מיט איהר געזינדיגט...

— דאָס לייקען איך נישט — האָט עמרי געזאָגט, קוים איינהאלטענדיג זיין שמייכעל — אָבער איך האָב מעהר רעכט צו איהר ווי דו. זי איז געווען מיין ערשטע געליבטע און צוליעב איהר בין איך געוואָרען דאָס וואָס איך בין.

— זי האָט מיר אָבער דערצעהלט, אז זי האָסט דיר, און אז זי האָט דיר פון זיך פארטריבען ווען דו ביזט צו איהר געקומען אין דער הויפּט שטאָדט פון עמון.

— דו זעהסט דאָך איצט ווי שטארק זי האָט מיר געהאסט, אז זי האָט מיך אנפארטרויט אלע איהרע סודות...

— דעריבער בין איך איצט איבערציינגט, אז זי האָט מיר פארראטען... יע, איך האָב געמיינט, אז איך וועל זי אוועקנעמען פון רבה, וואו זי איז געווען א זונה... און מאכען פון איהר אן עהרליכע אידישע טאָכטער. איך האָב אלץ געטאָן פאר איהר... ביי מיר איז געווען רעכט זיך צו שיידען מיט מיין ריכטיגער פרוי צוליעב איהר. און ווען זי האָט מיר ארייגערוימט אין אויער ,אז זי וועט איין גיכען א מוטער ווערען, איז צו מיין גליק קיין גרעניץ נישט געווען... איך האָב די גאנצע צייט מתפלל געווען צו גאָט, אז ער זאָל געבען אז זי זאָל מיר א זוהן געבוירען... און איצט... אָה, די אומווירדיגע פרוי, איך וועל זי פון מיין חויז פאריאָגען!

— ניין! דו וועסט איהר קיין שלעכטעס נישט טאָן! — האָט עמרי אויסגערופען מיט א שטרענגע שטימע —זי וועט מוזען בלייבען אין דיין הויז ביז וואנען איך וועל נאָך איהר קומען...

— דאָס וועל איך נישט טאָן. איך וועל נישט דערלאָזען אז זי זאָל מיר געבוירען א ממזר! — האָט גלעד אויסגערופען — איך וועל זי פון מיין הויז פאריאָגען אזוי שנעל ווי איך וועל זיך אהיים צוריקקעהרען.

— דו ווייסט דאָך, אז דו ביזט איצט אין מיינע הענט און ווען איך וויל קענסטו זיך קיינמאָל נישט אומקערען א היים... אָבער ניין, איך וועל דיר נישט טויטען... דו וועסט מיר בלויז מוזען געבען אזוי פיעל גאָלד, אז איך זאָל קענען קויפען גענוג שפּייז פאר מיר און מיינע מענשען.

—איך בין אין דיינע הענט און דו קענסט פון מיר אלץ אוועקרויבען — האָט גלעד געזאָגט.

— שרעק זיך נישט גלעד, — האָט עמרי איהם געענטפערט.— איך האָב נאָך דערווייל קיין איינציגען אידען נישט בארויבט און אויך דיין גאָלד וואָס איך וועל פון דיר איצט נעמען וועל איך דאָס צו דיר אומקערען אזוי שנעל ווי איך וועל האָבען די מעגליכקייט...

— וויפיל גאָלד דארפסטו? — האָט גלעד געפרעגט מיט פאראכטונג אין זיין שטימע.

— מיר זיינען פופציג מענשען און מיר ברויכען צו האָבען שפּייז, אמווייניגסטען אויף צוויי וואָכען. איצט רעכען אוים וויפיל גאָלד מיר דארפען.

— איך האָב מיט זיך אזוי פיעל גאָלד נישט מיטגענומען — האָט גלעד געענטפערט.

— אויב אזוי גיב מיר אוועק וויפיל דו האָסט. איך וועל דיר איבערלאָזען גענוג שפּייז פאר דיר און פאר דיינע פינף קנעכט ביז דיין שטאָדט מצפּה.

ערשט איצט האָט זיך גלעד דערמאָנט אָן דעם פינפטען קנעכט וועלכער איז פארפאלען געוואָרען און האָט אויף עמרי'ן געקוקט מיט פארוואונדערונג:

— איין קנעכט איז פאַרפאלען געוואָרען. פיליכט ווייסטו וואו ער איז.

— שרעק זיך נישט, דיין קנעכט איז דאָ — האָט עמרי אויפגעעפענט דעם פאָרהאנג פון דעם געצעלט.

גלעד האָט גליך דערזעהן זיין פארלאָרענעם קנעכט. זיין פּנים איז געווען בלאס און איהם האָט געקלאפּט א צאָהן אָן א צאָהן פון שרעק...

—איך האָב געשיקט מיינע מענשען צו פאנגען דיך האָבען זיי מיר דיין קנעכט געבראכט. אָבער עס איז נישט זיין שולד... ער האָט זיין פליכט געטאָן ער האָט פון זיין קעמעל נישט אָפּגעטראָטען. איצט גיב אונז אָפּ דיין גאָלד און אויב דו ווילסט קענסטו דאָ בלייבען איבערנעכטיגען. און אויב נישט קענסטו גלייך אָפּרייזען פון דאנען. אייניגע פון מיינע מענשען וועלען דיר באגלייטען ביז דעם וועג פון מצפּה.

געלד איז צוגעגאנגען צו זיין קעמעל און האָט ארונטערגענומען א זעקעל מיט גאָלד און דאָס איבערגעגעבען עמרי'ן.

עמרי האָט עס פאר איהם אין די אויגען געוואויגען און געזאָגט:

דאָ געפינט זיך גאָלד פאר צוויי הונדערט שקלים און דו מעגסט רוהיג זיין אז דו וועסט גאָר פון דעם נישט פארלירען.

גלעד האָט איהם נישט געענטפערט. ער האָט א וואונק געטאָן צו זיינע קנעכט:

— לאָמיר געהן!

— זאָל איך שיקען מיינע מענשען דיר צו באגלייטען? — האָט עמרי איהם געפרעגט.

— ניין, עס איז נישט נויטיג —האָט גלעד געזאָגט מיט אן אנגעכמורעטען פּנים, מיינע קנעכט זיינען שטארק גענוג און מיר נויטיגען זיך נישט אין קיין הילף.

—אָבער דו וועסט מעהר נישט קענען פארבלייבען אין יעזר — האָט עמרי איהם געוואָרענט — אויב דו וועסט מיר נישט פאָלגען וועסטו זעהר שלעכט אָפּשניידען. אויב דו ווילסט נישט איבערנעכטיגען אין מיינע געצעלטען וועלען דיר מיינע מענשען מוזען באגלייטען.

—איך וועל גלייכער רייזען אין דער פינסטערניש פון דער נאכט, איידער צו בלייבען נעכטיגען אין דיין רשות! — האָט גלעד געזאָגט.

עמרי האָט צוגערופען פינף פון זיינע יונגען און ער האָט זיי אָנגעזאָגט:

באגלייט גלעד'ן און זיינע קנעכט ביז דעם וועג וואָס פיהרט צו מצפּה. זעהט אז קיין זאך זאָל צו זיי נישט געשעהן. און בלויז דאן ווען איהר וועט זיכער זיין, אז גלעד איז אויף דעם ריכטיגען וועג, וועט איהר זיך קענען אומקערען.

די קנעכט האָבען צוגעגרייט אלץ אויף די קעמלען און גלעד האָט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין קעמעל.

— דו וועסט איבערגעבען א גערוס צו רעומה'ן! — האָט עמרי זיך מיט איהם א רייץ געטאָן. זאָג איהר אין מיין נאָמען, אז אזוי שנעל ווי זי וועט איבערקומען בשלום, וועל איך איהר קומען אָפּנעמען פון מצפּה.

—דו קענסט זי קריגען נאָך פריהער פון דעם! — האָט גלעד געזאָגט —זאָל זי געבוירען דיין קינד אין דיין רשות... איך וועל איהר פון מיין הויז פארטרייבען אזוי שנעל ווי איך וועל זיך אומקערען.

— דו וועסט אזא זאך נישט וואגען צו טאָן — האָט עמרי געזאָגט — ווען איך וועל זיך דערוויסען, אז דו האָסט געטאָן שלעכטעס צו רעומה'ן וועל איך זיך מיט דיר אָפּרעכענען.

גלעד האָט געשוויגען... זיין הארץ איז איהם געווען פארביטערט... איצט,

אז ער האָט אויסגעפונען, אז זי האָט איהם פארראטען...

ער האָט, מעהר נישט זאָגענדיג קיין וואָרט, גענומען אַפּרייזען פון עמרי'ס לאגער. זיין צאָרן האָט אין איהם געברענט... ער האָט געמאכט זיין רייזע נאָך צפון מיט א צוועק און איצט וועט ער זיך מוזען צוריקקעהרען ניט דורכפיהרענדיג זיין שליחות.

די נאכט איז געווען א ליכטיגע. די לבנה האָט באלויכטען דעם וועג, און ווען זיי זיינען צוגעקומען נישט ווייט פון מצפה, האָבען זיך עמרי'ס שלוחים אומגעקערט.

פארטאָג איז גלעד אָנגעקומען צוריק אין מצפה מיט זיינע פינף קנעכט.

ווען זיי זיינען שוין געווען אין שטאָדט, האָט גלעד אונטערבראָכען זיין שווייגען. און ער האָט זיך אָפּגערופען צו דעם קנעכט וועלכער איז געפאנגען געוואָרען צום ערשטען ביי עמרי'ן:

— איצט דערצעהל מיר, ווי אזוי דו ביזט גענומען געוואָרען אין געפאנגשאפט.

דער קנעכט האָט איהם דערציילט, טרייסלענדיג זיך פון שרעק.

— אָ, מיין האר, עס איז נישט געווען מיין שולד. איך וויים, אז מיין האר האָט אונז אָנגעזאָגט צו זיין גנעדיג צו פרעמדע, און ווען זיי זיינען געווען דורשטיג האָב איך זיי געוואָלט ארויסהעלפען.

—און וואָס האָט ער מיט דיר גערעדט דורך דער גאנצער צייט וואָס דו ביזט געווען געפאנגען? — האָט גלעד איהם געפרעגט.

—ער האָט מיט מיר גאָרנישט גערעדט. ער האָט מיר בלויז פארזיכערט, אז איך וועל באפרייט ווערען און אז איך זאָל זיך נישט שרעקען...

—און פארוואָס ביזטו נאָך איצט אזוי צושראָקען?

— ווען איך דערמאָהן זיך ווי זיי זיינען מיר באפאלען און געבונדען, געהט דורך א גרויל איבער מיין לייב...

— יא, דער עמרי איז אן אומווירדיגער פערזאָן... אויסראָטען דארף מען איהם און זיינע מענשען — האָט גלעד ווי צו זיך גערעדט... האָט איהר אלע געהערט וואָס ער האָט געזאָגט אויף מיין פּלגש? — האָט גלעד זיך געווענדעט צו די איבריגע קנעכט.

די קנעכט האָבען צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף יא.

— אויב אזוי, פארלאנג איך פון אייך אז איהר זאָלט קיינעם וועגען דעם קיין וואָרט נישט זאָגען. ווען איך וועל זיך דערוויסען, אז איינער פון אייך האָט עפּעס גערעדט, וועט זיין שטראָף זעהר גרויס זיין. שווערט מיר צו ביי דעם גאָט פון ישראל, אז איהר וועט קיינעם נישט דערצעהלען וואָס איהר האָט געהערט פון עמרי'ס מויל.

די קנעכט האָבען אויפגעהויבען זייערע רעכטע הענט און געשוואָרען.

מעהר האָט גלעד צו זיי נישט גערעדט ביז וואנען זיי זיינען צוגעפאָהרען צו זיין היים.

— זאָל יעדער פון אייך זיך געהן אָפּרוהען פון וועג, — האָט ער זיי בעפוילען — און שפּעטער וועט איהר קריגען אייער שפּייז.

די קנעכט האָבען אויסגעלאָדען די קעמלען, זיי אין די שטאהלען אריינגעפיהרט און געגאנגען זיך אויסרוהען.

דער איינציגער קנעכט וועלכער האָט נישט געקענט שלאָפען, איז געווען דער וועלכער איז צום ערשטען געפאנגען געוואָרען... ער האָט זיך צוגעהערט צו אלעם וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען עמרי'ן און זיין האר, ווי אזוי עמרי האָט גלעד'ן געמאכט צו גלויבען אז רעומה האָט איהם פערראטהען, און ווען ער האָט אָנגעגעבען די סמנים האָט גלעד איהם געגלויבט. ווען גלעד וואָלט געוואוסט אז עמרי האָט עס אלעם דערגאנגען דורך איהם... וואָלט ער דאן זיכער געווען אז זיין פּלגש איז איהם ניט אומטריי געווען, און ער וואָלט ווידער זיך גליקליך געפיהלט... ער האָט באַמערקט דעם טרויער אויף זיין האר'ס פנים... ער האָט געוואוסט אז רעומה

וועט פיעל ליידען צוליעב דעם, גלעד וועט זיכער זי פון זיין הויז פארטרייבען, און זי איז דאָך אומשולדיג... עס וועט אין גאנצען זיין שולד זיין... זאָל ער געהן און דערצעהלען גלעד'ן פון וואָנען עמרי האָט זיך דערוואוסט די אלע סודות... א שוידער געהט דורך זיין לייב... זיין שטראָף וועט דאָך גרויס זיין! ווער ווייס וואָס גלעד קען נאָך צו איהם טהאָן... ניין, זיין האר טאָר זיך קיינמאָל נישט דערוויסען אז ער איז אין דעם שולדיג... ער וואָלט דאָס איהם קיינמאָל נישט מוחל זיין...

— פארוואָס לייגסטו זיך נישט שלאָפען, ביזטו דען נישט מיעד? — האָט איינער פון די קנעכט איהם א פרעג געטהאָן — זעהסטו דען נישט אז דו שטערסט אונז פון אונזער רוה... מיר וועלען באלד דארפען אויפשטעהן צו דער ארבייט.

— איך טראכט פון דעם, אז אונזער הארינטע רעומה וועט זעהר שלעכט אָפּשניידען, נאָכדעם ווי דער רויבער עמרי האָט אויף איהר אזוי אָנגערעדט.

— זי וועט קריגען וואָס זי פארדינט!

— האָט א קנעכט זיך אָפּגערופען מיט א שלאָפענדיגע שטימע — זי איז דאָך אזוי אומדאנקבאר געווען צו אונזער האר... ער האָט איהר פון גאס אוועקגענומען, און איהר פאר זיין פּלגש געמאכט, איהר אלעם געגעבען, זי געליבט און איהר פעררעכענט אזוי ווי א ריכטיגע ווייב, קומט זי און פערראטה איהם.

— און איך בין אָבער איבערצייגט, אז זי איז אומשולדיג. איך וואָלט קיינמאָל נישט גענומען דעם רויבער'ס רייד ערנסט. ער האָט זיך דאָס גערייצט מיט אונזער האר'ן...

— און דו גלויבסט אז דער רויבער איז א נביא? פון וואנען האָט ער געוואוסט אזעלכע סודות, אז אפילו מיר וועלכע זיינען שטענדיג ארום הויז האָבען דערפון נישט געוואוסט?... נאָכדעם ווי מיר ווייסען וואָס רעומה איז גע־

ווען פריהער, קענען מיר אויף איהר אלעם גלויבען...

---

ווען גלעד איז אריין אין הויז, האָבען נאָך אלע געשלאָפען. א שטילקייט האָט געהערשט ארום. ער איז אריין אין מרה'ס צימער, און איהר געטראָפען שלאָפענדיג. ער האָט זי בעטראכט, און א געפיהל פון רחמנות האָט איהם ארומגענומען... זי, זיין ריכטיגע פרוי וועלכע איז איהם אזוי געטריי און איבערגעגעבען, האָט זיך אזוי פיעל אָנגעליטען צוליעב יענע אומווירדיגע פרוי... ער האָט זי בעליידיגט, די ציערונג פון איהר אוועקגענומען און אָפּגעגעבען צו רעומה'ן. וויפיעל האָט געפעהלט דערצו אז ער זאָל זי אין גאנצען פערלירען... און אלץ צוליעב רעומה'ן וועלכע האָט איהם אזוי שענדליך פערראטהען... וויפיעל שמערצען און ליידען זי האָט איהר פערשאפט דורך דער קורצער צייט, זינט ער האָט זי אין זיין הויז געבראכט... ווען זי האָט זיך דערוואוסט אז רעומה דארף אין גיכען א מוטער ווערען, איז זי שטארק אייפערזיכטיג געוואָרען. און זי האָט געוואונשען אז גאָט זאָל זיך איבער איהר אויך מרחם זיין... אה, ווען זי זאָל יעצט וויסען אז דאָס קינד וואָס רעומה דארף געבוירען איז נישט זיינער, נאָר וועט געהערען צו דעם רויבער עמרי. ווען זי וועט זיך דערוויסען!... א קעלט איז דורך זיין לייב ווען ער האָט פון דעם א טראכט געטהאָן... אָבער זי וועט דערפון זיך היינט נאָך דערוויסען... אלע אין שטאָדט וועלען וויסען... ער וועט דאָך זי פון זיין הויז פערטרייבען... זאָל זי זיך צוריק אומקעהרען צו איהר ערשטען געליעבטען אָדער געהן נאָך רבה... ער ווייס אז אלע וועלען פון איהם שפּאָטען און לאַכען... און מעגליך אז דורך דעם וועט ער פערלירען זיין וויכטיגקייט אין די אויגען פון די עלטסטע פון שטאָט... אָבער ער וועט עס מוזען טאָן ער וועט דאָך נישט דערלאָזען אז זי זאָל האָדעווען א ממזר אין זיין הויז!...

גלעד איז שטילערהייט ארויס פון מרה'ס צימער, און ארומגעגאנגען אי־

בער'ן הויז א צוטומעלטער און אויפגערעגטער... ער האט געוואלט אריין אין רעומה'ס צימער און אויסגיסען זיין ביטער הארץ צו איהר... ער וועט איהר גלייך זאגען אז ער וויים פון אלעם און איהר וואס שנעלער פון זיך פעריאגען... אבער ער האט זיך בעהערשט. ער האט נישט געוואלט מאכען אזא טומעל אזוי פריה... באלד אבער האט ער דערהערט טריט, וואס האט זיך צו איהם דערטראגען פון רעומה'ס צימער... די טריט האבען איהם געשיינט צו זיין שווערע... א געדאנק איז איהם פלוצלונג אריינגעפאלען, אז זיין פלגש, מוז יעצט אונטערהאלטען נאך א געליעבטען אין איהר צימער... זי האט דאך איהם נישט ערווארטעט אזוי שנעל... זי האט געמיינט, אז ער וועט זיך פערזאמען אין וועג געווים נאך עטליכע וואכען, ווי עס איז געווען אפגעמאכט פריהער, און דעריבער האט זי געבראכט א געליעבטען צו זיך אין צימער, און יעצט אין דער צייט ווען אלע שלאפען נאך, שיקט זי איהם ארויס...

מיט שטילע טריט, איז גלעד צוגעגאנגען צו רעומה'ס צימער... א ווײלע איז ער געשטאנען נעבען טיהר... צו זיינע אויערען האט זיך דערטראגען א גערויש און בעוועגונג... יעצט איז ער ביי זיך געווען זיכער אז אימיצער געפינט זיך מיט רעומה'ן אין איהר צימער... ער האט האסטיג אן עפען געטהאן די טיהר, און האט דערזעהן רעומה'ן שוין אנגעטהאן אין איהרע מארגען קליידער, געגרייט צו פארלאזען איהר צימער.

— אה, גלעד! — איז רעומה איהם אנטקעגען געלאפען — איך האב זיך גאר נישט געריכט אז דו זאלסט אזוי שנעל זיך צוריקקעהרען.

זי איז צוגעגאנגען און איהם געוואלט ארומנעמען, אבער ער האט זי פון זיך אפגעשטויסען.

רעומה האט צוריקגעטראטען עטליכע טריט און איהם אנגעקוקט מיט גרויס ערשטוינונג.

— וואס איז געשעהן, גלעד! — האט זי מיט שרעק אויסגערופען, ווען זי האט באמערקט זיינע מיט בלוט פארלאפענע אויגען...

גלעד האט געביסען זיין אונטערשטע ליפ... זיין פנים איז רויט געווארען פון זיינע אויגען האט פייער געשפריצט, ער האט געדריקט זיינע פויסטען און אויף איהר מיט פעראכטונג געקוקט.

— גלעד, וואס איז געשעהן?! דו שרעקסט מיך, גלעד! — האט רעומה אויסגערופען.

— אוועק פון מיינע אויגען, דו אומווירדיגע זונה! — האט גלעד אויסגערופען — דו מיינסט אז איך וויים פון גארנישט! דו האסט מיך גענארט און פערראטהען...

פאר רעומה'ס אויגען האט אלעם גענומען שווינדלען און דרעהען ווי אין א צירקעל... זי האט זיך אן עפעס אנגעהאלטען זי זאל נישט אומפאלען... זי האט געוואלט עפעס ריידען, אבער די ווערטער האבען איהר ווי געשטיקט אין האלז... זי האט בלויז מיט איהרע צושראקענע אויגען וואס האבען מיט גרויס בעווילדערונג ארויסגעסטארטשעט פון איהר טויט בלאס געווארענעם פנים, געקוקט אויף גלעד'ן נישט פערשטענדיג וואס דאס בעדייט...

— דו האסט מיר ערפרעהט ווען דו האסט מיר אנגעזאגט אז דו וועסט מיר געבוירען א קינד! — האט גלעד געקריצט מיט די צייהן... איך בין אזוי גליקליך געווען... איך האב נישט געוואוסט וואס צו טהאן פון פרייד און יעצט... יעצט אז איך וויים אלעם, קענסטו שוין מעהר ביי מיר אין הויז נישט זיין! זאל דיר דער פאטער פון דיין נישט געבארענעם קינד נעהמען צו זיך.

— גלעד! — האט רעומה אויסגעשריען — וואס רעדסטו! א, די שלעכטע מרה האט געווים אויף מיר א בלבול געמאכט!

— איך האב נאך אפילו מיט מרה'ן נישט גערעדט! מיר האט אלעם דערצעהלט דיין געליעבטער! יע, ער האט מיר איבערגעגעבען ווי אזוי דו האסט מיר פערראטען מיט איהם, די ערשטע

וואָר ווען איך האָב דיר צו זיך אין הויז אריינגעבראַכט...

— גלעד ביזטו פון זינען געריהרט!

— האָט רעומה אויסגעבראָכען אין א געוויין — דו ווייסט דאָך נישט וואָס דו רעדסט! — וואָס האָט פּאסירט?

— דו ווילסט נאָך פערלייקענען, דו זונה! — האָט גלעד געשריען — דו וועסט באלד מוזען פערלאָזען מיין הויז... געה צו עמרי'ן! ער איז דער פאָטער פון דיין נאָך נישט געבאָרען קינד. — דו טאָרסט זיך מעהר אונטער מיין דאך נישט געפינען...

פון די געשרייען און טומעל האָט זיך מרה אויפגעכאפּט פון איהר שלאָף און איז שנעל אריינגעלאָפּען צו רעומה'ס צימער פון וואנען דער געשריי האָט זיך דערטראָגען. ווען זי האָט דערזעהן גלעד'ן איז זי געבליבען שטעהן צוטומעלט...

— גלעד! — האָט זי אויסגערופען, אָ גלעד! דאָס ביזטו. גלעד איז צוגעגאנגען צו מרה'ן און איהר ארומגענומען

— קום ארויס פון דאנען, מיין טייערע מרה, איך וויל נישט אז דו זאָלסט שטעהן נעבען אָט דער...

גלעד האָט אָנגענומען מרה'ן ביי דער האנט און מיט איהר ארויס פון רעומה'ס צימער.

— אָ, גלעד! גלעד! — איז רעומה איהם נאָכגעלאָפען — איך בין ריין! איך בין אומשולדיג!... אָ גאָט, ווי שטארק דו באשטראָפסט מיך!

— אויב דו וועסט באלד מיין הויז ניט פארלאָזען, וועסטו ערגער מאכען!

— האָט גלעד א שטורם געטהאָן — ווען איך וועל דיך איבערגעבען אין די הענט פון די שופטים, ווייסטו דאָך, אז דו וועסט באקומען א שטראָף, וואָס אן אשת־איש באקומט, ווען זי פארראַטה איהר מאן! יע, דו האָסט פארדינט מען זאָל דיך דערפאר מיט שטיינער פארווארפען...

מרה האָט די גאנצע צייט געשוויגען. זי איז געווען אזוי איבערראשט און צוטומעלט פון דיזען פּלוצלונגען אויס־ברוך, אז זי האָט בושם אופן ניט געקענט פארשטעהן וואָס דאָ קומט פאָר.

— בארוהיג זיך, גלעד — האָט זי אויסגערופען — קום אריין אין דיין צימער, דו ביזט דאָך מיעד און פארשטויבט פון וועג, וואש זיך ארום און רוה זיך אויס...

— אָ, יעצט זעה איך, אז דו ביזט געווען גערעכט, טייערע מרה, — האָט גלעד געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — דו האָסט מיר געזאָגט, אז א זונה וועט בלייבען א זונה... איך בין געווען בלינד, איך האָב זי ליעב געהאט, איך בין געווען געגרייט צו פארגעבען איהר גאנצע פארגאנגענהייט, איך האָב געוואָלט אָן אלעס פארגעסען... איז האָב געהאָפט, אז נאָכדעם ווי איך האָב ארויסגעוויזען אזוי פיעל ליעבשאפט און גנעדיגקייט צו איהר, אז זי וועט זיין געטריי... איך האָב געזוכט מיט אלע מעגליכקייטען אָנצוהאלטען דעם שלום צווישען אייך ביידען, ווייל איך האָב איהר געוואָלט מאכען אזוי באקוועהם ווי מעגליך אין מיין הויז... ווער וואָלט עס געקענט גלויבען, אז הינטער מיין רוקען האָט זי באנייט איהר ליעבע צו דעם רויבער עמרי!

— איך פארשטעה ניט, גלעד, וואָס האָט פּאסירט? — האָט מרה נאָך אלץ ניט געקענט קומען צו זיך.

— ווען איך האָב פארלאָזען מצפה צו מאכען די רייזע נאָך צפון, בין איך געווען גליקליך און צופרידען, גרעניצלאָז איז געווען מיין פרייד, ווען איך האָב גענומען טראכטען, אז עס וועט שוין לאנג ניט נעהמען און איך וועל האָבען א קינד... איך האָב נאָך מתפלל געווען צו גאָט, אז דאָס קינד זאָל א זוהן זיין, כדי דער נאָמען גלעד זאָל פאראייביגט ווערען... די גאנצע צייט האָב איך ניט אויפגעהערט צו טראכטען פון מיין גליק, איך בין געקומען אין א שטאָדט און געשלאָסען אן אָפּמאך מיט די עלטסטע און איך בין געווען צופרידען, ווייל איך האָב געדענקט, אז דורך דעם וועט דער שלום פארזיכערט ווערען אויך פאר מיי־

נע קינדער... און דאָ בין איך אָנגעקומען אין יעזר, די עלטסטע פון שטאָדט האָבען לכבוד מיר א מאָלצייט געמאכט... איך האָב דורכגעפיהרט מיין פּלאַן. אָבער דאָ האָט זיך אָנגעפאַנגען מיין אונגליק: עמרי, דער אמאָליגער פּאסטוך, גנב און רויבער, האָט זיך באוויזען אין שטאָדט.

— עמרי? ווער איז ער? — האָט מרה איהם געפרעגט.

— ווייסטו דען ניט, אז עמרי איז געווען רעומה'ס ערשטער געליעבטער... איך האָב דאָך דיר וועגען דעם דערצעהלט...

מרה האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און גלעד האָט ווייטער גערעדט:

— עמרי און זיינע ארויסהעלפער האָבען מיך און מיינע קנעכט גענומען געפאנגען... און נאָכדעם ווי ער האָט מיך בארויבט פון מיין גאָלד, האָט ער מיך באפרייט, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער מיר עפּעס דערצעהלט, וואָס האָט מיך פון מיין גליק בארויבט.

— וואָס ער האָט דיר וועגען מיר דערצעהלט איז א ליגען! — האָט רעומה אויסגערופען מיט צאָרן — דו ווייסט, אז ער איז אויף מיר אין כעס, ווייל איך האָב איהם פון זיך פארטריבען.

— איך האָב אויך אזוי געמיינט! — האָט גלעד אויסגערופען מיט ענטריסטונג, אָבער ער האָט מיר דערצעהלט אזעלכע זאכען, אז איך האָב קיין אנדער ברירה ניט געהאט, איך האָב איהם געמוזט גלויבען.

— וואָס האָט ער דיר דערצעהלט?

— איז מרה זעהר נייגיריג געוואָרען.

— ער האָט מיר דערצעהלט, אז ער פּלעגט זיך גאַנץ אָפט טרעפען מיט רעומה'ן אין מצפה... שוין נאָכדעם ווי זי איז מיין פּלגש געוואָרען.

— און דו האָסט עס איהם געגלויבט?

— האָט רעומה אָנגעשטעלט אויף איהם איהרע אויגען.

— איך האָב ניט געוואָלט גלויבען, און הלואי וואָלט עס געווען א ליגען, אָבער צו מיין גרויסען באדויערען, איז עס אמת... דו קענסט ניט אָפּלייקענען אז דו האָסט זיך מיט איהם געזעהן!

— איך שווער ביי גאָט פון ישראל, אז איך בין אומשולדיג! איך האָב איהם זינט יענעם טאָג, וואָס ער איז צו מיר אין רבה געקומען, מעהר ניט געזעהן!

— שווייג, דו חוצפה, ווי וואגסטו צו שווערען פאלש אין דעם נאָמען פון גאָט...

— איך האָב שטענדיג געוואוסט, אז אזא ווי זי איז ניט ווערטה אָנגערופען צו ווערען דיין פּלגש! — האָט מרה מיט נצחון געזאָגט — און לעצטענס האָט זי נאָך אָנגעפאַנגען שטאָלצירען געגען מיר... זי וועט זויגען א קינד צו דיר!... געלויבט איז גאָט, וואָס ער האָט דיינע אויגען געעפענט!

— און עס איז נאָך ניט צו שפּעט!

— האָט גלעד אויסגערופען — ווען איך וואָלט פון עמרי'ן ניט אויסגעפונען אין צייט, וואָלט איך פאררעכענט דעם קינד פאר מיינעם... איך וואָלט געבראכט שאנדע און שפּאָט צו מיין משפחה... יעצט וויל איך, אז דו זאָלסט מיין הויז באלד פארלאָזען, געה צו עמרי'ן, דער רויבער וואַרט אויף דיר!

— איך בין אומשולדיג! איך בין אומשולדיג! — איז רעומה געוואָרען היסטעריש און האָט גענומען שרייען מיט אַלע איהרע כחות.

די דינסטען און די קנעכט זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען פון איהרע קולות.

מרה איז עטוואָס געריהרט געוואָרען פון רעומה'ס געוויינען.

— דו האָסט נאָך אָבער ניט דערצעהלט ווי אזוי עמרי האָט דיר געמאכט צו גלויבען, אז ער זאָגט דעם אמת! — האָט זי איהם געפרעגט.

— אָט זיינען די קנעכט! זיי האָבען אַלעס געהערט. זיי זיינען דערביי געווען ווי עמרי האָט מיט מיר גערעדט און מיר געזאָגט אז ער האָט זיך געזעהען מיט רעומה'ן גאַנץ אָפט אין מיין הויז אָדער ארום מיין הויז. ער האָט מיר געזאָגט אז ער ווייס אַלע מיינע סודות,

ער ווייס דעם צוועק פון מיין ארומרייזען איבער די שטעדט פון גלעד און בשן.

— דאס אָבער איז דאך פאר קיינעם קיין סוד ניט געווען ! — האָט מרה געזאָגט.

— און דעריבער ווען איך האָב געהערט בלויז דאָס, האָב איך זיך פון איהם אויסגעלאכט ! — האָט גלעד אויסגערופען, אָבער ווען ער האָט מיר געזאָגט אזא זאך, וואָס קיינער, אויסער דו, רעומה און איך האָבען ניט געוואוסט דאן האָב איך שוין קיין אנדער ברירה נישט געהאט ווי איהם צו גלויבען.

— און וואָס איז דאָס ? — האָט מרה איהם אָנגעקוקט.

— ער האָט מיר דערצעהלט אז רעומה האָט איהם דערצעהלט דאס זי געהט אין גיכען ווערען א מוטער !

— אָה ! — האָט מרה אויסגערופען

— אויב אזוי ביזטו גערעכט ! יעצט איז ביי מיר קיין צווייפעל נישטאָ אז זי האָט זיך מיט איהם געזעהן... און דאס קינד !

— יע, ער האָט מיר געגעבען אָנצוהערעניסען אז אויך דאס קינד איז זיינס... דאמיט האָט ער אין גאנצען מיין גליק צושטערט ! — האָט גלעד אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. יעצט זעה איך אז איך בין געשטראפט. איך בין אן עקר און וועל שוין קיין מאָל קיין קינדער נישט האָבען !

— אָ איך בעט דיר, גלעד, גלויב מיר דיעזען מאָל ! — האָט רעומה היסטעריש אויסגערופען. מיר ארט ניט וואס דו וועסט מיט מיר טאָהן, דו קענסט מיר איבערגעבען צו די שופטים, זאָלען זיי מיר טויטען ! אָבער גלויב מיר אז איך בין אומשולדיג און ריין דיעזען מאָל... איך שווער ביי מיין קינד וואָס איז נאָך ניט געבוירען געוואָרען, אז ער בעלאנגט צו דיר ! איך האָב עמרי'ן נישט געזעהן און איך בין ריין פון זינד !

— אָ ווען איך וואָלט דיר נאָר געקענט גלויבען ! — האָט גלעד געזאָגט — אָבער קיינער וועט מיר נישט קענען איינריידען אז דער רויבער עמרי איז א געטליכער מאן און ווייס די פערגאנגענע סודות !

— און יעצט פארשטעה איך שוין פאר וואס זי פלעגט גאנץ אָפט פארשווינדען פון הויז... פיעלע מאָל האָב איך איהר ארומגעזוכט און ניט געקענט געפינען ! — האָט מרה זיך אָפּגערופען און דו האָסט מיר נאָך געצוואונגען צו זיין מיט אזא פרוי אונטער איין דאך ! בין איך דען געווען אומגערעכט ווען איך בין געווען דאגעגען, זי זאָל זיין אין דעם זעלבען הויז מיט מיר ?

— יע, מיין טהייערע מרה. יעצט זעה איך אז דו ביזט געווען גערעכט און איך — אומגערעכט — האָט גלעד געזאָגט

— איך האָב שטארק געזינדיגט געגען דיר און געגען גאָט ! איך האָב בעדארפט וויסען אז אזא פרוי קען נישט אזוי שנעל געענדערט ווערען. איך בין געשטרויכעלט געווארען ביי איהר שעהן פנים און איהרע זיסע רייד....

— זי טאָר זיך מעהר אין אונזער הויז ניט געפינען ! — האָט מרה אויסגערופען — זי מוז אונז גלייך פארלאָזען. אויב ניט, וואו וועל איך זיך קענען אהינטהאָן פון שאנדע ! — ווען דו וואָלסט מיר געפאָלגט וואלט איך זי איבערגעגעבען צו די שופטים, זאָלען זיי איהר משפט'ן און זאָלען אלע וויסען אז זי איז בעגאנגען א פארברעכען געגען דיר און געגען אלעמען פון אונזער שטאָדט.

— ניין, איך וועל איהר בעסער פארטרייבען פון שטאָדט, זי וועט מעהר אהער צוריק נישט טאָרען קומען ! — האָט גלעד געזאָגט.

— אויב דו וועסט עס אזוי טהאָן, וועלען די מענשען פון שטאָדט זאָגען אז דו האָסט איהר פארטריבען צוליעב מיר. מען וועט מיר בעשולדיגען אז איך האָב אויף איהר א בלבול געמאכט. אלע וועלען זאָגען אז דו האָסט אן אומרעכט גע־

טהאָן צוליעב מיר... ניין, גלעד איך פערלאַנג פון דיר אז זי זאָל פארגעבראכט ווערען פאר די שופטים פון שטאָדט. זי זאָל גע'משפט ווערען און זאָל איהר שאנדע בעוואוסט ווערען פאר אלעמען וועט דאן קיינער מיך ניט קענען בעשולדיגען אז איך האָב דאס אלעס פאראורזאכט.

— יע, איך וויל גע'משפט ווערען ביי די שופטים! — האָט רעומה אויסגעשריען — אויב זיי וועלען זוכען צו טאָהן גערעכטיגקייט צו מיר, וועלען זיי מיר זיכער ריינוואשען פון דיעזער שענדליכער בעשולדיגונג!

— אָבער דו פארגעסט, רעומה! — האָט גלעד אויסגערופען מיט פעראכטונג, אז ווען די שופטים וועלען דיך געפינען שולדיג, דאן וועלען זיי דיך פאר'משפט'ן צום טויט דורך סקילה (פערשטיינען).

— איך וועל בעסער שטארבען מיט דעם געוויסען אז איך בין ריין און אומשולדיג! — האָט רעומה געראוועט — אָ גיעב מיר איבער צו די שופטים!

— און איך ראטה דיר אויך, גלעד, אז דו זאָלסט איהר איבערגעבען אין די הענט פון די שופטים.

גלעד האָט מעהר ניט גערעדט. ער איז א וויילע ארומגעגאנגען הין און צוריק איבער'ן צימער. ער האָט ביי זיך ניט געקענט בעשליסען וואס צו טהאָן. נאָך אלעמען האָט ער געפיהלט ביי זיך אין הארצען א ליעבע צו זיין פלגש.. די שופטים וועלען איהר געוויס פאר'משפט'ן צום טויט... אָבער וואס וועט פון איהר ווערען ווען ער וועט איהר פון זיין הויז פארטרייבען? זי וועט געוויס געהן צו איהר געליעבטען עמרי'ן און ער וועט זיך נאָך געוויס רייצען מיט איהם.

מרה איז געשטאנען און געווארפען בליקען מיט פעראכטונג אויף רעומה'ן וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען.

— זאָל זיין אזוי! — האָט גלעד אויסגערופען נאָך א קליינער פויזע — זי וועט גע'משפט ווערען! געה, לויף אין בית המשפט און זאָג אָן די שופטים זיי זאָלען שיקען זייערע שלוחים צו ארעסטירען מיין פלגש! — האָט ער זיך געווענדעט צו איינעם פון די קנעכט.

דער קנעכט האָט זיך פארנייגט און איז שנעל פארשוואונדען געווארען.

א וויילע שפעטער זיינען אָנגעקומען צוויי שלוחים פון די שופטים און האָבען אוועקגעפיהרט רעומה'ן אין געפענגנים.

כמעט די גאנצע שטאָדט איז געוועזען אין דרויסען ווען מען האָט רעומה'ן געפיהרט דורך די גאסען פון מצפה.

אלע האָבען זיך געוואונדערט ווען זיי האָבען געזעהען אז זי געהט מיט א געהויבענעם קאָפּ, ווי זי וואָלט געשטאָלצירט מיט דעם.

— מעהר ניט ווי א זונה קען אזוי האנדלען! — האָבען די פרויען צווישען זיך גערעדט. גלעד האָט איהר אין זיין הויז געבראכט. ער האָט איהר אוועקגענומען פון א לעבען פון שמוץ און שאנדע. ער האָט איהר געגעבען אלעס וואס זי האָט נאָר געוואונשען!

— אָבער אין וואס בעשולדיגט מען איהר? — האָט זיך א צווייטע פרוי אָפּגערופען.

— איך ווייס ניט. נאָר אז ווען גלעד האָט זי איבערגעבען אין די הענד פון די שופטים גע'משפט צו ווערען מסתמא האָט זי שוין גוט געזינדיגט.

— ווען מען בעטראכט איהר פנים, וואָלט מען געקענט מיינען אז זי איז א צנועה!

— אָבער איך בין זעהר נייגעריג צו וויסען וואס פאר א פארברעכען זי איז בעגאנגען!

— עס וועט שוין לאנג נישט נעהמען, און מיר וועלען אויסגעפינען!

## ניינטער קאפיטעל
## דער משפט

נעבען די טהויערען פון שטאָדט, אויף אַן עפענטליכען פלאץ זיינען די שופטים געזעסען. א גרויסער המון פון מענער און פרויען האָבען זיך פארזא־

מעלט. מען האָט געבראַכט רעומה'ן פאַר די שופטים. גלעד און מרה זיינען גע־שטאַנען ניט ווייט פון די שופטים.

דער טומלדיגער המון האָט זיך ביס־לעכווייז איינגעשטילט און דער ראש פון די שופטים האָט זיך אויפגעהויבן און געזאָגט:

— אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען אז ווען א מאַן ווערט אייפערזיכטיג אויף זיין פרוי און ער איז איהר חושד אז זי האָט געגען איהם געזינדיגט, דאַרף זי געבראַכט ווערען בעפאַר דעם כהן און א קרבן מנחה דאַרף געבראַכט ווערען פאַר גאָט. דאַן דאַרף מען נעהמען וואַסער וואָס ווערט בענוצט פאַר'ן מזבח, און עס אריינ־טהאָן אין אן איינפאַכע ליימענע כלי. דאָרט דאַרף מען אויך אריינטהאָן אביסעל ערד פון אונטער דעם מזבח. דאַן דאַרף דער כהן די בעשולדיגטע פרוי אוועקשטעלען נעבען דעם מזבח און דאַרף צואוואַרפען איהרע האָר און נאָכדעם געבען איהר טרינקען פון דעם ביטערען וואַסער און דער כהן דאַרף איהר באַשווערען מיט די האַרב־סטע שבועות און קללות, און אויב די פרוי איז ווירקליך שולדיג, וועט זי קראַנק ווערען און נאָכדעם וועט זי שטאַרבען. און אויב זי איז אומשול־דיג וועט איהר קיין זאַך ניט שאַדען, און זי וועט ערקלעהרט ווערען אלס ריין און אומשולדיג.

— אָבער דאָס איז גערעדט געוואָרען ווען דער מאַן פון דער בעשולדיגטער פרוי, האָט ניט קיין עדות, וועלכע בע־שטעטיגען דעם חשד! — האָט זיך א צווייטער שופט אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ.

— יע, אזוי פערשטעה איך, אז ער האָט קיין עדות נישט! — האָט דער ראש געענטפערט — ווען אָבער ער האָט צוויי עדות, וועלכע בעשטעטיגען זיינע רייד, דאַן מוז די פרוי פאַר־משפט ווערען צום טויט.

— אפילו ווען זי איז בלויז א פּלגש!

— האָט נאָך א שופט געפרעגט.

— יע, אפילו ווען זי איז א פּלגש! — האָט דער ראש א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ. — א פּלגש איז פאַררעכענט ווי א פרוי אין פיעלע הינזיכטען און זי איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר אלע איהרע שלעכטע מעשים, ווייל די ריינקייט פון דער אידישער משפחה מוז געהאַלטען ווערען ריין און אונבעשמוצט.

— איך צווייפעל אָבער אויב גלעד האָט עדות וועלכע זאָלען זיין בעשולדי־גונג בעשטעטיגען! — האָט אימיצער א זאָג געטהאָן.

— איך האָב עדות! — האָט גלעד אויסגערופען און נישט נאָר צוויי נאָר פינף עדות וועלכע האָבען אליין גע־הערט די בעשולדיגונג פון דעם מאַן וועמען'ס קינד זי דאַרף אין גיכען גע־בוירען.

— און וואו זיינען זיי? — האָט דער ראש פון די שופטים געפרעגט.

— זיי זיינען מיינע קנעכט און גע־פינען זיך אין מיין הויז.

— זאָל מען וואָס שנעלער נאָך זיי שיקען! — האָט א שופט אויסגערופען.

גלעד האָט גלייך אוועקגעשיקט די שלוחים און זיי זיינען באַלד צוריק גע־קומען מיט גלעד'ס פינף קנעכט.

גלעד איז מיט זיי צוגעקומען צו דעם שופט און זיך אָפּגערופען:

— דיעזע פינף קנעכט האָבען מיר בעגלייט אויף מיין רייזע איבער די שטעדט, און ווען מיר זיינען געווען אין דער שטאָדט יעזר און גענומען גע־וואָרען אין געפאַנגענשאַפט ביי דעם רוי־בער עמרי, האָבען זיי אלע געהערט ווי ער האָט זיך פאַר מיר מודה געווען אז ער פלעגט קומען בעזוכען מיין פּלגש...

— פון וואַנען אָבער ווייסטו אז ער האָט געזאָגט דעם אמת? — האָט איהם א שופט געפרעגט — מעגליך אז ער האָט געזוכט איהר שלעכטעס צו טאָהן און דעריבער האָט ער אויף איהר אזוי גערעדט.

— איך האָב אויך אזוי געטראַכט!

— האָט גלעד זיך אָפּגערופען — און איך האָב געוואונשען אז עס זאָל זיין

פאַלש, אָבער צו מיין בעדויערען האָב איך איינגעזעהען אז ער האָט רעכט... ער האָט מיר איבערגעגעבען סימנים וואָס איך האָב איהם געמוזט גלויבען. ער האָט מיר דערצעהלט אז רעומה האָט איהם דערצעהלט אז זי וועט אין גיכען מיר א קינד געבוירען. און דאָס בין איך זיכער אז קיינער אויסער מיר און מיין ווייב האָט דערפון ניט געוואוסט... יע, עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז זי האָט מיט איהם געזינדיגט!

— עס איז א ליגען! עס איז א בלבול אויף מיר! — האָט רעומה זיך מעהר ניט געקענט בעהערשען. איך בין אומשולדיג. דאָס קינד אין מיר בעלאַנגט צו גלעד'ן!

— זאָלען די עדות צוקומען גאַנץ נאָהענט! — האָט דער ראש פון די שופטים געזאָגט.

באלד זיינען צוגעקומען די פינף קנעכט פון גלעד'ן.

— האָט איהר אליין, מיט אייערע אויערען געהערט וואָס עמרי האָט צו אייער האר געזאָגט?

— יע. מיר האָבען געהערט — האָט א קנעכט זיך אָפּגערופען — פיער פון אונז זיינען דערביי געשטאַנען און געהערט דעם געשפּרעך וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען דעם רויבער עמרי און אונזער האר.

— דו האָסט דאָך נאָר־וואָס געזאָגט אז אלע פינף האָבען געהערט, און יעצט ווידערשפּרעכט דאָך דיר איינער פון דיינע קנעכט.

— אָה, ניין! — האָט גלעד אזיםגערופען - איך האָב פארגעסען צו בעמערקען אז איינער פון מיינע קנעכט איז געפאַנגען געוואָרען אביסעל פריהער פון אונז, און ער איז ניט געוועזען מיט די איבעריגע קנעכט, אָבער ער האָט אויך געהערט אלעס וואָס עמרי האָט געזאָגט.

— איך פארשטעה ניט! — האָט דער שופט אויסגערופען.

— דיעזער קנעכט וועלכער איז געפאַנגען געוואָרען צום ערשטען, איז געווען אין דעם דערבייאיגען געצעלט און האָט אלעס געקענט צוהערען.

— האָסטו ווירקליך אלעס געהערט? האָט דער ראש פון די שופטים זיך צו איהם אָפּגערופען.

— יע, איך האָב אלעס געהערט! — האָט דער קנעכט געענטפערט מיט א ציטערענדע שטימע.

— און ווי איז דיין נאָמען?

— מיין נאָמען איז שפן! — האָט דער קנעכט געזאָגט.

— יעצט, שפן, זאָג מיר וואָס דו האָסט געהערט, ווען דו ביזט געווען אין געצעלט?

דער קנעכט האָט דערצעהלט אלץ וואָס ער האָט געהערט און דער שופט האָט צוגעגעבען.

— יע, זיינע רייד זיינען ריכטיג, זיי ווידערשפּרעכען נישט די רייד פון די איבעריגע. עמרי האָט ווירקילך אזוי געזאָגט — האָט דער ראש פון די שופטים געזאָגט און ווענדענדיג זיך צו רעומה'ן האָט ער געזאָגט:

— ווערסטו דען יעצט קענען לייקענען אז דו האָסט זיך געזעהן מיט עמרי'ן, נאָכדעם ווי דו ביזט שוין געוואָרען גלעד'ס קעבסווייב?

— איך שווער ביי דעם גאָט פון ישראל אז איך האָב זיך מיט איהם נישט געזעהן זינט איך האָב פערלאָזען רבה.

— אויב אזוי פון וואַנען האָט זיך עמרי דערוואוסט פון דעם אז דו וועסט אין גיכען געבוירען א קינד צו גלעד'ן?

— איך ווייס נישט! איין זאך בין איך זיכער אז נישט פון מיר! איך קען שווערען מיט די הארבסטע שבועות!

— א פרוי וועלכע האָט געזינדיגט געגען איהר מאַן און געגען אונזער תורה איז נישט בעגלויבט אויף א שבועה! — האָט איינער פון די שופטים געזאָגט.

— יעצט זאָל מרה, די פרוי פון גלעד צוקומען! — האָט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען.

מרה איז צוגעגאנגען און ער האָט זיך צו איהר געווענדעט:

— דו ביזט דאָך כמעט דעם גאנצען טאָג צוזאמען מיט רעומה'ן, קענסטו אונז פילייכט זאָגען אויב דו האָסט בעמערקט דורך דער צייט וואָס זי געפינט זיך אין גלעד'ס הויז, אימיצען וועלכער זאָל האָבען מיט איהר פערבראכט.

מרה האָט א וויילע א טראכט געטהאָן און נאכהער געענטפערט:

— ניין, איך האָב קיינעם נישט בעמערקט!

— פלעגט רעומה שטענדיג פערברענגען אין הויז?

— ניין! מאנכע טעג פלעגט זי ווי פערפאלען ווערען פון הויז און איך האָב בשום אופן נישט געקענט וויסען וואוהין זי איז געגאנגען...

— נו, אויב אזוי איז שוין ביי אונז קיין ספק נישט אז אין יענער צייט, פלעגט זי געהן פערברייננגען מיט איהר געליעבטען! — האָט דער ראש זיך אָפּגערופען — עס איז גאנץ מעגליך אז זי האָט געהאט בעשטימטע פלעצער וואו זי פלעגט זיך מיט איהם טרעפען.

— ווען איך גיב נאָר א טראכט פון דעם, הויבט מיין בלוט אָן צו זידען אין מיר! — האָט גלעד אויסגערופען. איך האָב איהר אוועקגענומען פון א לעבען פון שאנדע, וויילע איך האָב געגלויבט אין אלעם וואָס זי האָט מיר דערצעהלט... מיר האָט זיך קיינמאָל נישט פאָרגעשטעלט אז זי וועט זינדיגען מיט איהר ערשטען געליעבטען וועלכער איז געוואָרען א רויבער... איך האָב איהר די שעהנסטע ציערונג געגעבען און איהר בעהאנדעלט אזוי גוט ווי מיין ריכטיגע ווייב, מרה...

— איך בין ריין און אומשולדיג! — האָט רעומה ווידער אויסגעבראָכען אין א היסטעריקע — זאָל מיר גאָט טויטען אויב איך זאָג ליגען!

— דיעזען האלזבאנד! — האָב איך איהר געגעבען! — האָט גלעד אָנגעצייגט אויף רעומה'ס האלז, און זי האָט מיר אזוי פערראטען! זי האָט מיך גענארט... איך בין געווען אזוי גליקליך! איך האָב געמיינט אז גאָט האָט זיך איבער מיר מרחם געווען און מיר געגעבען א קינד... און דאָ געפין איך אויס אז דאָס קינד איז נישט מיינס! אָ, זאָל זי פאַר דיעזען פערברעכען בעשטראָפט ווערען מיט דעם הארבסטען שטראָף.

די שופטים האָבען זיך ווידער גענומען צו רעומה'ן. זיי האָבען איהר אויסגעפערגט אלע איינצעלהייטען פון איהר לעבען אין דער היים ביי איהר פאָטער, און וועגן איהר ליעבע צו דעם פאסטוך עמרי, וועלכער איז נאכהער געוואָרען דער הויפט פון א רויבער באנדע.

רעומה האָט מיט טרעהרען אין די אויגען געשילדערט איהר טרויעריגע יוגענד ווי זי איז געצוואונגען געווען צו אנטלויפען פון איהר פאָטער'ס הויז, ווי אזוי זי איז אָנגעקומען אין רבה, און דאָרטען איז איהר אויסגעקומען צו שטארבען פון הונגער. דאן איז זי געצוואונגען געוואָרען צו ווערען א זונה...

זי האָט נאכהער מיט אלע איינצעלהייטען דערצעהלט ווי אזוי זי האָט דאָרטען געטראָפען גלעד'ן, ווי זיינע רייד האָבען אויף איהר געווירקט, און ווי אזוי זי האָט פערטריבען פון זיך עמרי'ן, ער זאָל מעהר צו איהר נישט קומען...

—איך האָב איהם פיינט געקראָגען!— האָט זי פערענדיגט מיט א געוויין — מיין ליעבע צו עמרי'ן איז פערוואנדעלט געוואָרען אין האס... טו ווי אזוי וועל איך געהן מיט איהם זינדיגען?! איך האָב ליעב גלעד'ן, איך בין געווען אזוי גליקליך צוו זיין מיט איהם און פיהרען א ריינעם לעבען, אז כאָטש עס איז מיר אויסגעקומען פיעל צו ליידען פון מרה'ן... איך האָב אָבער אלעם פערשלונגען און געווען צופרידען... און ווי גליקליך איך בין געווען ווען איך האָב דערפיהלט אז איך וועל אין גיכען געבוירען א קינד צו גלעד'ן... איך האָב געזעהן די פרייד און גליק אויף גלעד'ס פנים, ווען ער האָט דיעזע פרעהליכע

בשורה דערהערט... און ווען איך האָב איהם געזעהן אזוי פרעהליך און גליקליך, איז צו מיין אייגען גליק קיין גרעניץ נישט געווען... און אפילו מרה, מיין פיינדין, האָט זיך צו מיר גענומען פערהאנדלען פריינדליכער... און יעצט קומט אויף מיר דיעזער אומגליק. עס איז א בלבול געמאכט אויף מיר... איך בין ריין פון זינד! ווי דער גאָט פון ישראל לעבט ווי ריין איך בין פון זינד, נאָכדעם ווי איך בין געוואָרען גלעד'ס פלגש.

— זאָלסט מעהר נישט וואגען צו דערמאָהנען דעם נאָמען פון גאָט! — האָט זיך דער ראש פון די שופטים אויף איהר אָנגעבייזערט — גלעד וועט דאָך געווים אויף דיר קיין בלבול נישט אויסטראכטען! — און דערצו האָט ער נאָך פינף עדות, זיינע קנעכט וועלכע האָבען אליין געהערט פון עמרי'ן.

— עמרי האָט געזאָגט א ליגען! ער האָט זיך געוואָלט אָן מיר נוקם זיין, ווייל איך האָב איהם פון זיך פערטריבען!

— ווי אזוי אָבער האָט זיך עמרי דערוואוסט פון אזא געהיימע זאך וואָס בלויז דו און גלעד האָבען דערפון געוואוסט.

— אויך מרה האָט פון דעם געוואוסט! — האָט רעומה געענטפערט.

— האָב איך פיליכט דערצעהלט עמרי'ן וועגען דעם! — האָט מרה אויסגערופען מיט צאָרן — יע, אזא חצופה, זי וועט באלד אין גאנצען דעם בלבול אויף מיר ארויפוואַרפען — און איך ווייס אפילו נישט ווי איהר געליעבטער קוקט אויס.

— ווי וואגסטו ארייצומישען מרה'ן אין דעם! — האָט גלעד א געשריי געטהאָן — ווי קומט מרה צו עמרי'ן!

— איך בעשולדיג איהר נישט אז זי האָט זיך געזעהן מיט עמרי'ן און איהם דערצעהלט — איך זאָג נאָר אז זי האָט זיך דערפון אויך דערוואוסט, און מעגליך אז זי האָט אימיצען אנדערש דערצעהלט ביז וואנען עס האָט דערגרייכט עמרי'ס אויערען.

— איך שווער אז איך האָב קיינעם פון דעם נישט דערצעהלט! — האָט מרה געזאָגט — איך בין זיך מודה אז איך האָב זעהר שלעכט געפיהלט ווען איך האָב זיך דערוואוסט אז זי וועט געבוירען א קינד צו מיין מאַן. און איך האָב מיין וועהטאָג ארומגעטראָגען אין מיין הארצען און אפילו מיינע אייגענע עלטערען דערפון נישט דערצעהלט.

— יע, עס איז ריכטיג! ביז היינט האָב איך דערפון נישט געוואוסט! — האָט זיך מרה'ס מוטער ארייינגעמישט — אָבער געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט גלעד'ן די אויגען געעפנט, און יעצט ווייס ער אז דאָס קינד איז נישט זיינס!

— עס איז זיין קינד! עס איז זיין קינד! — האָט רעומה זיך ווידער צושריען — דאָס קינד וואָס וועט געבוירען ווערען בעלאנגט צו גלעד'ן — א גאָט! עפען זיינע אויגען, זאָל ער זעהן די ריכטיגקייט! עס איז אויף מיר א בלבול געמאכט געוואָרען!

-- יעצט, אז אלע זיינען איבערציינגט דאָס דו ביזט די איינציגע וועלכע האָט געקענט אזא זאך דערצעהלען צו עמרי'ן, איז פאר אונז קיין אנדער ברירה נישט געבליבען ווי רעכטצופארטיגען די בעשולדיגונג פון גלעד'ן און דיר פערמשפט'ן פאר דיעזען גרויסען זינד לויט די געזעצען פון אונזער תורה — האָט א שופט אויסגערופען.

— יע, אין אונזער הייליגע תורה שטעהט געשריבען אז אן אשת איש קעהרט זיך אָפּ פון איהר מאַן און זינדיגט מיט א צווייטען דארפען ביידע, דער זינדיגער און די זינדיגע פערשטיינט ווערען!

רעומה האָט ארויסגעלאָזען א געשריי און איז געפאלען אין חלשות.

ווז מען האָט איהר אָפּגעמינטערט, האָבען נאָך די שופטים לאנג צווישען זיך דיספּוטירט וואָס פאר א שטראָף מען זאָל איהר געבען.

— אום צו בעשטראָפען א מענשען מיט טויט, מוזען זיין צוויי עדות, וועל־

כע בעשטעטיגען די זינד פון דעם בעשטראָפטען! — האָט אן אלטערער שופט אויסגערופען.

— דאָ אָבער האָבען מיר מעהר ווי צוויי עדות! — האָט א צווייטער אויסגערופען — דאָ האָבען מיר פינף עדות, א חוץ גלעד'ן וועמען מיר דארפען געוויס גלויבען!

— זייער עדות זאָגען איז באגרינדעט בלויז אויף די רייד פון איין איינציגען פערזאָן, וועלכער איז לויט מיין מיינונג אין גאנצען פסול אלס עדות — האָט דער עלטערער שופט געזאָגט — שטעלט זיך פאָר ווען עמרי קומט דאָ פאָר אונז אלעמען און ווידערהאָלט די זעלבע רייד וואָס ער האָט געזאָגט פאר גלעד'ן און זיינע קנעכט, וואָלטען מיר דען זי געקענט אויף דעם אליין בעשטראָפען... דיעזע עדות וועלכע געפינען זיך דאָ, בעשטעטיגען דאָך נאָך נישט עמרי'ס רייד, זיי גיבען בלויז איבער דאָס וואָס זיי האָבען געהערט פון איהם... און אויף אזעלכע בעווייזע קענען מיר נישט פערמשפט'ן א מענשען צום טויט.

— מיר האָבען דאָך אָבער נאָר בעווייזע! — האָט אימיצער פון די שופטים אויסגערופען — האָט דען מרה, גלעד'ס ווייב פאר אונז נישט עדות געזאָגט, אז פון צייט צו צייט פלעגט זי פארשווינדען פון הויז אויף אייניגע שטונדען, איז דאָס דען נישט קיין גוטער בעוויז אז רעומה האָט דאָן זיך געטראָפען מיט איהר געליעבטען און מיט איהם געזינדיגט?

— אזא עדות קען נישט בענוצט ווערען צו בעשולדיגען זי! — האָט א שופט אויסגערופען.

— דו מיינסט צו זאָגען אז מיין פרוי זאָגט ליגען! — האָט זיך גלעד אָפגערופען מיט כעס.

— איך צווייפעל נישט אין מרה'ס רייד, אָבער זי זאָגט דאָך נישט, אז זי איז זיכער דאָס רעומה האָט אין יענער צייט געזינדיגט. זי זאָגט מעהר נישט אז רעומה פלעגט פון צייט צו צייט פערשווינדען פון דער היים... דאָס אליין איז קיין בעוויז נישט...

— אָבער נעהמענדיג אין אנבעטראכט די רייד פון עמרי'ן און עס פערגלייכען מיט מרה'ס עדות זאָגען קענען מיר קומען צום בעשלוס אז דאָס איז אלעם אמת.

— ניין! — האָט דער ראש אויסגערופען — אום צו בעשטראָפען א מענשען מיט דעם טויט, האָט אונזער תורה אנגעזאָגט אז מיר דארפען זעהר פאָרזיכטיג זיין... ער איז גערעכט! — האָט ער אָנגעוויזען אויף דעם עלטסטען פון די שופטים — א שטראָף פון טויט קען דורכגעפיהרט ווערען בלויז דאַן ווען צוויי עדות אָדער מעהר קענען קומען און ערקלעהרען אז זיי האָבען אליין צוגעזעהן ווי דער פערברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען... אָבער אזעלכע עדות פעהלט אונז, און אזוי ווי מיר קענען נישט ארויסגעבען קיין פסק, אז זי איז אומשולדיג, אזוי קענען מיר נישט זאָגען, אז זי איז שולדיג! דעריבער וואָלט איך געראטען די שופטים אָנצונעהמען מיין פאָרשלאָג, און אנשטאט זי צו פאר'משפט'ן צום טויט, זאָל מען זי פערטרייבען פון אונזער שטאָדט! זי זאָל זיך מעהר קיינמאָל נישט קענען אומקערען אהער!

— און ווי אז עס וועט זיך נאכהער ארויסווייזען אז זי איז אומשולדיג! — האָט אימיצער א פרעגט געטהאָן דעם שופט.

— אזוי שנעל ווי איהר אומשולד וועט בעוויזען ווערען, וועט זי צוריקגערופען ווערען מיט כבוד און גלעד אליין וועט זעהן זי צו פערגיטיגען פאר דער שאנדע וואָס עס איז איהר פעראורזאכט געוואָרען.

—מיר זיינען אלע איינשטימיג מיט דיר! — האָבען די איבעריגע שופטים אויסגערופען — מיר גלויבען אז דאָס איז א גערעכטער משפט!

באלד האָט זיך דער ראש פון די שופטים אויפגעהויבען צוזאמען מיט די

איבעריגע און האָט זיין פּסק גאַנץ הויך אויסגערופען:

— לויט די אומשטענדען און בעווייזע, איז ביי אונז קיין צווייפעל נישט, אז רעומה, די פּלגש פון אונזער הויפּט פון שטאָדט, גלעד, האָט געזינדיגט געגען איהר מאַן, און זי האָט פערדינט דעם טויט דורך סקילה (פערשטיינען) אָבער אַזוי ווי מיר האָבען נישט קיין צוויי עדות וועלכע קענען בעשטעטיגען איהר זינד, איז דעריבער אונזער פּסק, אז רעומה, וועלכע האָט שוין אַזוי אויך געהאַט א בעפלעקטע פערגאַנגענהייט, זאָל אויף עוויג פערטריבען ווערען פון דער שטאָדט מצפּה, זי זאָל נישט טאָרען אַפילו איין נאַכט איבערנעכטיגען דאָ אין שטאָדט... גלעד האָט דאָס רעכט צוצונעהמען פון איהר אַלעס וואָס ער האָט איהר ביז אהער געגעבן... בלויז דורך זיין חסד, קען ער איהר געבען שפּייז גענוג אויף דריי טעג, ביז וואַנען זי וועט געפינען א פּלאַץ פאַר זיך גאַנץ ווייט פון אונזער שטאָדט... ביזטו צופרידען, גלעד פון דיזען פּסק דין?

— יע, איך בין צופרידען! — האָט גלעד אויסגערופען אַזוי לאַנג ווי זי וועט זיך מעהר נישט געפינען אין מיין הויזאָרט מיר נישט וואָס פון איהר וועט ווערען... זאָל זי אַפילו געהן צוריק צו איהר געליבטען עמרי!

— אָ גאָט פאַרוואָס שטראָפסטו מיר אַזוי פיל!—האָט רעומה אויסגערופען ווען זי האָט דערהערט דעם אורטייל! — דו אליין ווייסט דאָך אז איך בין ריין און אומשולדיג! וואוהין וועל איך יעצט געהן?... גרויס איז מיין אומגליק! טויטעט מיר בעסער! צו וואָס טויג מיר אַזא לעבען... ווער וועט זיך דאָס יעצט וועלען אויף מיר אומקוקען... אָ גלעד ווי אַזוי קענסטו דאָס טהאָן צו מיר אַזוי?

— ווי אַזוי האָסטו צו מיר געקענט טהאָן אַזא פערברעכען! — האָט גלעד אויסגערופען מיט פאַראַכטונג, איצט ווילסטו איך זאָל אויף דיר רחמנות האָבען. איך בין דאַנקבאַר צו דעם בעשעפער פון דער וועלט וואָס ער האָט מיינע אויגען אין צייט געעפנט!

— ניין! ער האָט דיר בלינו געמאַכט! — ער האָט פון דיר דעם אמת פערבאָרגען... און איך בין אַזוי אומשולדיג! זעה וואָס דו טהוסט צו מיר, גלעד וואו איז דיין שטאַרקע ליעבע וואָס דו האָסט ערשט נישט לאַנג צוריק צו מיר געהאַט?

— זאָל מען איהר ברענגען שפּייז און אן איבער בגד! — האָט גלעד זיך געווענדעט צו איינעם פון זיינע קנעכט.

— וויפיעל שפּייז זאָלען מיר איהר ברענגען — האָט דער קנעכט געפרעגט.

— דו האָסט דאָך געהערט, ברענג איהר שפּייז בלויז אויף דריי טעג. ברענג איהר אויך איינע פון די קליידער וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט פון רבה... איך וויל אז עס זאָל גאָרנישט בלייבען פון איהר וואָס זאָל מיר דערמאַהנען אָן יענער צייט.

דער קנעכט איז שנעל אוועק צו ברענגען וואָס גלעד האָט איהם געהייסען. רעומה איז יעצט געשטאַנען מיט א געבויגענעם קאָפּ און א צובראָכען הארץ... טרעהרען האָבען נישט אויפגעהערט צו פליסען פון איהרע אויגען.

אייניגע פרויען וועלכע זיינען געשטאַנען דערביי האָבען געקראָגען אויף איהר רחמנות...

— אָ איך האָב זעהר מיטלייד מיט איהר! — האָט זיך איינע אויסגערופען — זי האָט דאָך אַזא שעהנעם פּנים. עס גלויבט זיך קוים אז זי זאָל האָבען בעגאַנגען אַזא זינד.

— עס וואָלט זיין שווער צו גלויבען, אז זי זאָל זיין אומשולדיג! — האָט א צווייטע פרוי זיך אָפּגערופען. איהר פערגאַנגענהייט און די אַלע בעווייזע געגען איהר צייגט, אז זי האָט דיזען פערברעכען בעגאַנגען.

— יע, זי האָט דאָך זיך אליין מודה געווען, אז עמרי איז געווען איהר ערשטער געליעבטער! — האָט נאָך א פרוי

א זאַג געטהאָן — עס פערשטעהט זיך אז עמרי פלעגט קומען גאַנץ אָפט אין אונזער שטאָדט זיך צו זעהן מיט איהר!

מרה'ס מוטער איז צוגעגאנגען צו איהר טאָכטער און איהר עפּעס אריינגעריימט אין אויער.

מרה האָט געוואָרפען איהרע פּעראכטעטע בליקען אויף רעומה'ן און איז באלד צו איר צוגעגאנגען און פּאר אלעמען אין די אויגען א ריס געטאָן דעם האלזבאנד פון רעומה'ס האלז.

— דאָס בעלאַנגט צו מיר! — האָט זי אויסגערופען מיט צאָרן — דו וועסט דאמיט נישט אוועקגעהן!

רעומה האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען און געקוקט אויף מרה'ן מיט ביטערניש.

— דאָס בעלאַנגט אויך צו דיר! — האָט זי ארונטערגענומען פון איהר האַנט דעם בראַנזלעט און דאָס איהר א שלייער געטהאָן אין פּנים.

מרה האָט זיך איינגעבויגען און אויפגעהויבען דעם צירונג פון דער ערד...

— זאָל זיך גאָט נוקם זיין אָן דיר, וואָס דו האָסט אזוי מיין בלוט פערגאָסען! — האָט רעומה געזאָגט מיט א נידעריגע שטימע.

באלד איז אָנגעקומען דער קנעכט און איבערגעגעבען גלעד'ן די שפּייז און רעומה'ס קלייד.

— גיעב דאָס צו איהר! — האָט גלעד דעם קנעכט בעפוילען — איך וויל מעהר אפילו איהר פּנים נישט אָנקוקען.

רועמה האָט גענומען די קלייד און די שפּייז און מיט לאנגזאמע טריט זיך געלאזט געהן.

פיעלע פון די פרויען וועלכע האבען זיך פערזאמעלט האבען איהר בעגלייט מיט קללות...

— פערשאָלטען זאָלסטו ווערען! — האבען אייניגע אויסגערופען וואָס דו האָסט געבראכט זינד אין אונזער שטאָדט!

אנדערע האבען אויף איהר געשפּיגען.

— מיר דארפען זיין צופריעדען וואָס מיר וועלען דיין פּנים נישט דארפען אָנקוקען! — האבען זיי איהר נאָכגעשריען.

מיט שאנדע, וועהטאָג און א צובראָכען הארץ, האט רעומה מיט א געבויגען קאָפּ, זיך דערווייטערט פון די אויגען פון המון, ביז וואנען מען האט זי שוין מעהר נישט געקענט זעהן...

ערשט דאן האט זיך דער עולם צוגאנגען.

— קום, מרה! — האט גלעד אויסגערופען — געלויבט איז גאט, אונזער הויז איז אויסגערייניגט געווארען... זאל זי אויסגעמעקט ווערען פון אונזערע געדאנקען אזוי ווי זי וואלט קיינמאָל ניט עקזיסטירט...

מרה איז מיט איהם געגאנגען שווייגענדיג.

— וואס איז מיט דיר, מרה, פאר וואס וויינסטו? — האט זי גלעד געפרעגט, ווען ער האט בעמערקט ווי זי ווישט איהרע אויגען.

— איך וויין אויף מיין ביטערן מזל! — האט מרה זיך פערכליפּעט — ביי דיר איז רעכט געווען איך זאל זיך געפינען אונטער איין דאך מיט אזא ווי רעומה... דו מיינסט, אז איך האב פארגעסען, ווען דו האסט מיר צוליעב איהר בעליידיגט און איך בין אוועק צו מיינע עלטערען, האסטו מיר געסטראשעט, אז ווי נאר איך וועל איבערנעכטיגען איין נאכט ביי זיי, דאן וועסטו מיר מעהר שוין צוריק נישט נעהמען! יע, איך געדענק עס גאנץ גוט... דאן האסטו יענע זונה מעהר ליעב געהאט ווי מיך...

— איך בעט דיר, מרה, לאָמיר פערגעסען וואס עס איז געווען! איך בין מודה, אז איך האב זיך באנארישט... איך בין בלינד געווען.... יעצט אָבער קען איך דיר פערזיכערען, אז איך וועל שוין מעהר קיין פּלגש צו דיר נישט נעהמען... גאט וועט זיך איבער אונז מרחם זיין און דיר געבען קינדער, וועלכע וועלען מיין נאָמען פאראייביגען...

— מיר האט געפלאמט דאס פּנים פון שאנדע, ווען אלע האבען געזעהן, אז איך האב פון איהר געדארפט ארונטער־

רייסען דעם האַלזבאַנד ! יעדע פרוי האט גלייך געקענט זעהן אז דו האסט זי מעהר ליעב געהאט, ווייל דו האסט איהר געגעבען אזעלכע טייערע ציערונג !

— מעגליך, אז דו האסט נישט ריכטיג געהאנדעלט !—האט גלעד געזאגט —דו אליין האסט נישט בעדארפט ארונטעררייסען די ציערונג פון איהר האלז... ווען דו זאגסט עס מיר, וואלט איך שוין געטהאן !

— איך בין געווען אזוי אויפגערעגט ווען איך האב געזעהן, אז די זונה, די וועלכע האט דיר פאררעטהען טראָגט די ציערונג וואס איז געמיינט געווען פאר מיר... מיין צאָרן האט אין מיר געברענט און איך האב זיך פערלאָרען... אָבער דו ווייסט דאָך אז אויך אין דעם ביזטו מעהר שולדיג ווי איך !...

— אָבער לאָמיר דאס אַלעס פערגעסען !—האט גלעד זי אָנגענומען ביי דער האנד—איך האב דאך דיר שוין געזאגט אז איך וועל מעהר קיין פלגש נישט נעהמען... וואס בין איך א נביא? האב איך געזאָלט וויסען אז זי וועט זיין אזוי ניעדעריג און מיך פערראטהען אין מיין אויגען הויז, נאכדעם ווי איך האב מיט איהר אזוי פיעל גוטעס געטהאן.

— דו זעהסט דאך אז איך האב אַלעס פאָראויסגעזאגט, איך האב דיר געוואָרענט, אז פון א זונה וועסטו קיינמאָל נישט קענען ערווארטען זי זאל זיין עהרליך און געטריי.. איך האב, אזוי שנעל, ווי איך האב זיך דערוואוסט, ווער זי איז, נישט געוואָלט, אז זי זאל זיך אין מיין הויז געפינען. אָבער זי האט דיך פערבלענדעט און בעצויבערט מיט איהר שעהן פנים'על... דו האסט אין איהר בלויז גוטעס געזעהן, און מיך, דיין ריכטיגע פרוי, האסטו אין גאנצען אָנגעפאנגען צו פערנאכלעסיגען !

— דאס איז שוין נישט ריכטיג, מרה! —האט גלעט זיך אָפּגערופען—איך האב דיך קיינמאָל נישט פערנאכלעסיגט מיין ליעבע צו דיר איז נישט געמינערט געווארען, אפילו ווען איך האב רעומה'ן אין מיין הויז געבראכט.

— אָה, איך בעט דיר דערמאָהן מעהר נישט איהר נאָמען !—האט מרה אויסגערופען מיט עקעל !

— דאס וואס איך זאג, אז איך וויל מעהר פון איהר נישט ריידען... לאָמיר אַלעס פערגעסען... זי איז פון דאנען אוועק און מעהר נישט וואגען צוריק צוקומען.

— מיר וואונדערט זיך וואוהין זי איז געגאנגען !—האט מרה זיך אָפּגערופען —זי וועט געוויס צוריק געהן אין רבה, די הויפט שטאָדט פון עמון !

— איך גלויב, אז זי וועט געוויס געהן צו איהר געליעבטען עמרי'ן ! — האט גלעד געענטפערט.

— אָה, זי האט פאר אזא זינד געדארפט גע'משפט ווערען מיט טויט שטראָף !—האט מרה געזאגט — דאס וועט גאר ביי איהר קיין שטראף ניט זיין !

— דאס אליין איז שוין געווען א גרויסע שטראף, שטעל זיך פאר די שאנדע, וואס זי האט דורכגעמאכט, ווי מען האט אויף איהר געשפיגען, און זי געשאָלטען...

— און יעצט וועט זי געהן צו איהר געליעבטען... עס איז גאר מעגליך, אז אויף דעם האט זי געווארט, און אנשטאָדט דאס זאל פאר איהר א שטראף זיין, וועט עס גאר זיין פאר איהר א בעלוינונג !

— יעצט אַרט מיר נישט וואס זי וועט טהאָן און וואס מיט איהר וועט פאסירען !—האט גלעד געזאגט, אזוי לאנג, אז איך וועל זי מעהר נישט אנזעהן.

— אזוי לאנג ווי זי לעבט, קען מיין נאָך נישט זיין געזיכערט אין דעם !— האט מרה געזאגט.

— וואס מיינסטו ? — האט איהר גלעד געפרעגט.

— איך ווייס דאך, אז דו בעזיצט זעהר א ווייכע הארץ, און ווען עס זאל זיך מאכען, אז דו וועסט אויסגעפינען, אז זי ליידעט, וועסטו זיך איבער איהר דערבארעמען...

— אָה, דאס קיין מאָל ניט! ווען אפילו איך זאָל וויסען, אז זי שטארבט פון הונגער און דורשט וועל איך איהר צו הילף נישט קומען... צו מיר איז זי אזוי גוט ווי טויט... אזא פערראטה וועל איך איהר קיינמאָל נישט מחל זיין! און ווען עס זאָל פּאסירען, אז איך זאָל זי ערגעץ בעגעגענען וועל איך זיך אויף איהר אפילו נישט אומקוקען... אזוי גרוים איז מיין שנאה צו איהר!

---

ווען גלעד און מרה האבען זיך צוריקגעקעהרט אין זייער הויז, האט א דינסט זיי געמאָלדען אז א מאן ווארט.

— ווער איז ער? — האט מרה נייגעריג געפרעגט.

— ער האט מיר נישט געזאגט, גאר לויט זיינע קליידער שיינט ער צו זיין פון עמון, און אויב איך מאך נישט קיין טעות דורכט זיך מיר אז ער איז שוין דא נישט לאנג צוריק געווען.

— אָ, עס איז מעגליך אז דאס איז דער סוחר פון עמון וועלכער האט זיך דאן אויף דיר נישט געקענט דערווארטען! — האט מרה געזאגט צו גלעד'ן.

— אָט וועלען מיר באלד זעהן! — האט גלעד געזאגט און ווענדענדיג זיך צו דער דינסט האט ער זי געהייסען איהם ארייגשיקען אין אויפנאהם צימער.

ווען מרה האט איהם דערזעהען, האט זי זיך אפּגערופען שטילערהייד צו גלעד'ן:

— יע, דאס איז דער זעלבער סוחר! איך דערקען איהם!

— ווילקאָמען אין אונזער הויז מיין האר! — האט זיך גלעד אפּגערופען.

דער גאסט האט זיך א בייג געטאָהן און איהם בעדאנקט.

— איך בין דא נישט לאנג צוריק געווען! — האט ער געזאגט—אבער דאן האב איך קיין פיעל צייט נישט געהאט צו ווארטען אויף מיין האר, און איך בין אוועק איידער איך האב געקענט דורכפיהרען מיינע פּלענער וועגען מסחר מיט מיין האר.

— און היינט? איז מיין האר אויך אין איילענים? — האט איהם גלעד געפרעגט.

— אָ, ניין! היינט האב איך גענוג צייט! — האט ער געענטפערט.

אויב אזוי וועסטו זיך ארומוואשען און עסען מיט אונז צוזאמען און נאכדעם וועלען מיר ריידען וועגען אונזער געשעפט! — האט גלעד געזאגט.

— גוט, זאָל זיין ווי דו זאגסט מיין האר!

גלעד האט ארייגגערופען איינעם פון זיינע קנעכט און איהם געהייסען העלפען דעם גאסט זיך וואשען.

באלד האבען זיי זיך געזעצט ביים טיש, עסען מיטאג.

מרה האט געהאָלפען דערלאנגען דעם עסען.

— ווי איז דיין נאָמען? — האט גלעד איהם פּלוצלינג א פרעג געטאָהן.

— מיין נאָמען איז גרים, און איך קום פון רבה — האט ער געענטפערט — איך האב גענומען האנדלען מיט בשמים, אבער נישט אלע בשמים קען מען קריגען אין עמון, און די סוחרים פון מיין שטאָדט האבען מיר געזאגט אז דו פלעגסט גאנץ אָפט קומען אין רבה און מיטברייגנען די סחורה. איך האב אויף דעם לאנג געווארט און ווען איך האב געזעהען אז דו קונסט מעהר נישט אין אונזער שטאָדט, בין איך געקומען צו דיר.

— יע, איך פלעג גאנץ אָפט מאכען רייזעס נאך עמון אבער מעהר וועל איך שוין דאס נישט טאָהן!

— פארוואס? — האט גרים איהם געפרעגט — האבען דען די מענשען פון מיין פאלק דיך נישט ריכטיג בעהאנדעלט?!

— ניין! איך האב זיך נישט וואס צו בעקלאגען! — האט גלעד געענטפערט — דייגע ברידער זיינען געווען זעהר פריינדליך צו מיר און איך האב מיט זיי גוטען מסחר געטאָהן, אבער איך האב בעשלאָסען נישט מעהר צו פאָהרען האנדלען, ווייל גאָט האט מיר גע־

בענשט מיט רייכטום און לעצטענס האָבען מיר די עלטסטע פון מיין שטאָדט אויסערוועהלט אלס זייער הויפּט, וועל איך שוין געווים מעהר נישט קענען זיך אפּגעבען מיט מסחר.

— עס פאַרדריסט מיר זעהר! —האט גרים געזאָגט — און איך האב געמיינט אז איך וועל קענען מיט דיר טאָהן מסחר!

— דאס איז גאַנץ מעגליך! — האט גלעד געזאגט — איך האב נאָך גענוג סחורה און קען דיר פערקויפען וויפיעל דו ווילסט.

— אין דער אמת'ן בין איך יעצט נישט געגרייט צו קויפען סחורה, איך בין אהער געקומען אָהן מייַנע קעמלען, מיינע פריינד פון עמון האבען מיך געבעטען איך זאל זיך מיט דיר זעהן, פיליייכט וועל איך קענען ווירקען אויף דיר דו זאלסט צוריק אנפאנגען דיין האנדעל מיט אונז.

— דאס איז אונמעגליך! — האט גלעד געענטפערט — איך האב מיין פרוי פערשפּראכען אז איך וועל מעהר נישט מאכען קיין רייזעס נאָך עמון וועגען מסחר און איך וועל מיין פערשפּרעכען צו איהר האלטען!

— יע, דאס האב איך פון איהם פערלאנגט! — האט מרה געזאגט מיט א צופרידענעם שמייכעל, און ער האט מיין פערלאנג ערפילט.

— דעם לעצטען מאָל ווען איך בין דאָ געווען האב איך דאָ געזעהען דיין צווייטע פרוי! — האט זיך גרים אפּגערופען — און ווי איך האב זיך דאן דערוואוסט קומט זי פון רבה.

— המ... יע... — האט גלעד געגומען שטאמלען — זי איז געווען מיין פלגש.

— און פארוואס זיצט זי נישט ביי דעם טיש צוזאמען מיט די איבעריגע?

— האט גרים געפרעגט — ביי אונז אין עמון זיצט די פלגש צוזאמען מיט דער ריכטיגער פרוי... יע, עס איז נישט קיין אונטערשיעד!

— די פלגש איז שוין מעהר ביי אונז נישטאָ! — האט מרה אויסגערופען מיט שטאָלץ.

— זי איז נישטאָ! — האט גרים אויסגערופען מיט ערשטוינונג — איז זי צוריק אוועק נאָך עמון?

— ניין! מיין מאן האט זי פארטריבען פון הויז! — האט מרה געענטפערט.

— פערטריבען? המ... זי איז דאך געווען זעהר א שעהנע, רייצענדע פרוי!

— זי איז מיר געווען אומגעטריי!

— האט גלעד געענטפערט — איך האב פריהער געוואוסט אז זי האט געהאט א געליעבטען אבער איך האב זי געגלויבט ווען זי האט מיר פערזיכערט, אז זי האסט איהם און נאכהער האב איך אויסגעפונען אז זי האט מיך פערראטהען אין דער צייט ווען זי איז אין מיין הויז געווען.

— אזוי! — האט גרים אויסגערופען — האסטו זי ־ערפאר פון הויז פערטריבען.

— איך האב זי פאר די שופטים געבראכט און אזוי איז זייער משפט געווען, זי זאל אין גאנצען פון אונזער שטאָדט פערטריבען ווערען.

— און וואוהין איז זי געגאנגען? — האט גרים געפרעגט.

— איך ווייס נישט און מיר ארט נישט ,יעצט קען זי טאָהן וואס זי וויל און געהן וואוהין זי וויל! איך גלויב אז זי וועט געווים געהן צו איהר געליעבטען עמרי'ן.

— עמרי? — האט גרים זיך געמאכט ווי ער איז ערשטוינט.

— יע, עמרי! קענסטו דען איהם?

— איך ווייס נישט אויב ער איז דערזעלבער, אבער איך האב געהאט א געלעגענהייט זיך צו בעקענען מיט איינעם אן עמרי אונטער זעהר שלעכטע אומשטענדען.

— דערצעהל אונז ווי אזוי?—האט גלעד געפרעגט.

— ער איז א פיהרער פון א רויבער באנדע און איינמאָל ווען איך און נאָך איינינע סוחרים פון עמון האבען

גערייזט נישט ווייט פון דעם גרעניץ פון עמון, איז ער אונז בעפאלען און מיר זיינען געווען געצוואונגען איהם אפּצוגעבען אונזער געלט מיט א העלפט פון אונזער שפּייז. איך האב איהם געבעטען ער זאָל אונז קיין שלעכטעס נישט טאָהן אבער ער האט אונז פארט בערויבט.

— יע, מיט מיר האט אויך אזוי פּאסירט. ער האט מיך און מיינע קנעכט גענומען געפאנגען, אבער דו מעגסט זיכער זיין, מיין האר, אז מיר וועלען איהם נישט שווייגען, איך וועל שוין זעהן אז ער זאָל זיין שטראף בעקומען... רויבען און גנב'ענען איז פערבאָטען אין אונזער תורה.

— און אָט דער רויבער איז דאָס געווען דער געליעבטער פון דיין פּלגש! — האט גרים זיך געמאכט ווי ערשטוינט.

— איך בין צופרידען וואס איך האב זיך אין צייט דערוואוסט — האט גלעד געזאגט — שפּעטער וואלט פיליכט צו שפּע'י געווען.

— איז שוין לאנג ווי דו האסט זי פערטריבען פון דיין הו ז?

— ניין! מיט א קליינע ווייל צוריק! די שופטים האבען איהר פערמשפּט אז זי טאָר זיך נישט געפינען אין אונזער שטאָדט. איך האב איהר מיטגעגעבען גענוג שפּייז אויף דריי טעג, ביז וואנען זי וועט ז ך דערשלעפּען צו איהר געליעבטען.

גרים האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאץ און זיך אפּגערופען:

— מיין האר וועט מיר ענטשולדיגען אבער איך אייל זיך אוועקצוגעהן!

— אבער דו האסט דאָך אונז פריהער געזאגט, אז דיזען מאָל האסטו גענוג צייט.

— יע, ווען איך האב געמיינט אז מיר וועט געלינגען צו ווירקען אויף דיר דו זאלסט ווידער אנפאנגען צו האנדלען מיט מיינע ברידער, יעצט אבער אז איך זעה אז דאס איז אונמעגליך וועל איך זיך אומקעהרען צוריק אהיים. איך בעדאנק דיר און דיין פרוי זעהר פאר די גאסטפריינדליכקייט וואס איהר האט מ ר ארויסגעוויזען.

גרים האט זיך אויפגעשטעלט פון זיין פּלאץ און זיך פערנייגט און איז באלד ארויסגעגאנגען פון הויז.

מיט שנעלע טריט איז ער אוועק צו דעם טויער פון שטאָדט. ער האט זיך גענומען ארומקוקען פון אלע זייטען, צו זעהן אויב ער וועט קענען בעמערקען רעומה'ן פון ווייטען. ער האט אבער קיינעם נישט געזעהען.

א ווייל איז גרים געבליבען שטעהן. ער האט גענומען טראכטען וואוהין רעומה האט זיך געקענט פערנעהמען. איין זאך איז ער כמעט זיכער געווען, אז צו עמרי'ן וועט זי נישט געהן, ער וויים ווי זי האט איהם פערהאסט.

אָ, ווען ער דערזעהט איהר יעצט, וואלט זי שוין געהערט צו איהם... וואס פאר א נאר אָט דער גלעד מוז זיין! ער פערטרייבט אזא שעהנע פרוי פון זיך... ווען די געטער פון עמון בעגליקען איהם יעצט און ער וועט זי נאָך טרעפען, דאן וועט ער זי גלייך צו זיך אהיים ברייגנען און ווען זיין ווייב וועט זיין דאגעגען, וועט ער שוין וויסען וואס צו טאָהן מיט איהר. ער וועט נישט אויפגעבען אזא שעהנע ווי רעומה איז, צוליעב זיין העסל כע פרוי.

גרים איז ארויף אויף א קליינעם בערגיל און האט מיט אנגעשטרענגטע בליקען געקוקט אין פערשיעדענע ריכטונגען. פון ווייטען האט ער בעמערקט אימיצען און ער איז שנעל געלאָפען אבער דאס איז געווען א פאסטוך.

— האסטו פיליכט בעמערקט א פרוי וואנדערנד ג אליין דורך דיזען וועג!

— האט גרים געפרעגט דעם פאסטוך.

— איך האב קיין פרוי נישט געזעהן!

— האט דער פאסטוך געענטפערט.

גרים האט זיך צוריקגעקעהרט און זיך פערנומען צו געהן אין א צווייטער ריכטונג, און ווען ער האט דערזעהען אז זיין מיה איז אומזיסט, האט ער בעשלאָסען זיך אומצוקעהרען קיין רבה. מעגליך אז זי איז אהין אוועק—האָט ער

ביי זיך בעשלאסען און זיך פארנומען אויף דעם וועג צו עמון.

רעומה האט מיט דעם פעקעל שפייז אויף איהרע פלייצעס געוואנדערט. זי איז געווען אזוי ערשיטערט און צובראַכען פון דער פאסירונג, אז זי האט בעת מעשה גאר נישט בעגריפען וואס מ׳ט איהר קומט פאר.

די זון האט שטארק געברענט. זי האט קוים געשלעפט איהרע מידע פיס איבער דעם בערגעלדיגען וועג.

— וואס וועט יעצט פון איהר ווערען? — האט זי געטראכט — און וואס וועט ווערען פון דעם קינד? אה, ווי שרעקליך גאט באשטראפט איהר פאר איהרע זינד! זי איז געבארען געווארען צו ליידען, און זי האט שוין געמיינט אז דאס גליק האט ווידער פאר איהר א שיין געטהאן. זי האט געדאנקט גאט וואס ער האט איהר צוגעשיקט אזא מאן ווי גלעד, וועלכער האט איהר אוועקגענומען פון א לעבען פון שאנדע און שמוץ און איהר געבראכט נאך מצפה. זי האט געוואוסט ווי שטארק זיין ליעבע איז צו א הר, און ווי גליקליך זי האט זיך געפיהלט ווען זי האט איהם געקענט אנזאגען די גוטע בשורה אז זי וועט אין גיכען א מוטער ווערען. און יעצט? יעצט האט ער זי מיט שפאט און שאנדע פון זיין הויז פערטריבען. וואוהין קען זי זיך יעצט קעהרען? דער פלעק פון איהר פערגאנגענהייט וועט זי יעצט פערפאלגען וואוהין זי זאל נישט געהן, א, פערפלוכט זאל ווערען אט דער עמרי וועלכער האט איהר לעבען אזוי פערומגליקט. ער האט אויף איהר אזא בלבול געמאכט! דאס האט ער זיך געוואלט נוקם זיין אן איהר? אבער פיילייכט האט ער געמיינט אז ווען גלעד וועט זי פון זיך פערטרייבען וועט זי זיך אומקעהרען צו איהם.

א שוידער געהט דורך איהר קערפער. זי וועט בעסער שטארבען, איידער זיך אומקעהרען צו איהם.

— פילייכט זאל זי זיך אומקעהרען צו איהר פאטער׳ס הויז? — האט איהר א געדאנק א בליץ געטהאן, אבער באלד האט זי דיזען געדאנק אויפגעגעבען. זי ווייס וויפיעל שאנדע און עגמת נפש זי האט איהר פאטער אנגעטהאן, וואס וועלען אלע פון איהר געבורטסשטאדט זאגען ווען זיי וועלען איהר אין אזא לאגע דערזעהען? און וואס וועט זי טאהן מיט איהר קינד וואס וועט געבוירען ווערען? וועלען זיי דען איהר גלויבען אז דאס קינד בעלאנגט צו גלעד׳ן און נ שט צו עמרי׳ן?

ניין! זי וועט צו איהר געבורטסשטאדט געוויס זיך נישט אומקעהרען. נאך עמון? יע, דאס איז דער איינציגער פלאץ וואוהין זי וועט קענען צוריקקומען. גרים וועט זיין צופרידען איהר צו נעהמען. א ציטער איז איהר דורכגעגאנגען ווען זי האט זיך געגומען פארשטעלען וואס גרים וועט צו איהר זאגען. יעצט וועט זי זיך צוריק מוזען אומקעהרען צו איהר פריהערדיגען לעבען פון שאנדע... איז דען פאר איהר נישט בעסער אז זי זאל שטארבען אויפ׳ן וועג...

אזוי האט רעומה געטראכט קוים שלעפענדיג איהרע מיעדע פיס. א שוויים האט איהר קערפער דורכגעווייקט. זי האט געפיהלט אז זי קען זיך שוין מעהר נישט שלעפען. נישט ווייט איז געווען א קליינער וועלדעל, זי האט זיך קוים דערשלעפט אהין און אונטער דעם שאטען פון א בוים האט זי זיך אוועקגעזעצט. איהרע טרעהרען האבען איהר געשטיקט, דאס הארץ איז איהר שווער געווען, און אזוי זיצענדיג האט זי פלוצלונג אויסגעבראכען אין א היסטערישען געוויין, וואס האט זיך אפגעהילכט איבער דער שטילקייט פון וואלד. א היבשע ווילע האט זי אזוי אהן אויפהער געוויינט. וואס מעהר זי האט געוויינט אלץ לייכטער איז איהר אויפ׳ן הארצען געווען.

פלוצלונג האט זיך נעבען איהרע אויערן דערטראגען א שארך.

— א ווילדע חיה וועט באלד מאכען

א סוף צו איהר לעבען! — האט זיך רעומה געטראכט. אבער וואס אַרט איהר? זאָל זי צוריסען ווערען. דער טויט וועט יעצט צו איהר זיין ווילקאָמען. זי האט אפילו נישט געמאכט קיין פערזוך זיך אויפצוהויבען פון איהר פּלאַץ. איהרע געוויינען האבען נישט אויפגעהערט.

ווען זי האט אויפגעהויבען איהרע אויגען האט זי בעמערקט שטעהענדיג לעבען איהר אן עלטערער מאן מיט פייל און בויגען. ער האט געהאט זעהר א משונה׳דיגען ווילדען אויסזעהען. ער איז געוועזן בעוואקסען אוי׳ זיין קערפּער איז געוועזן בעדעקט מיט פעל פון חיות.

— וואס וויינסטו, דו יונגע פרוי? — האט דער מאן איהר געפרעגט — האסטו דיין וועג פערלאָרען? קום מיט מיר און איך וועל דיר דעם וועג צייגען. זאג מיר בלויז וואוהין דו ווילסט געהן?

— נישט דעם וועג האב איך פערלאָרען! — האט רעומה טרויעריג געענטפערט —איך האב אבער מיין גליק פערלארען, און ווער קען מיר דען צייגען דעם וועג צו מיין פערלאָרענעם גליק?

— איך האב אויך מיין גליק פערלאָרען אבער איך האב עס צוריק געפונען! — האט דער ווילד בעוואקסענער מאן אויסגערופען — יע, לאנג האב איך געוואנדערט ביז וואנען איך האב א שטראהל ליכטיגקייט דערזעהען.

רעומה האט אויף איהם געווארפען גלייכגילטיגע בליקען. זיינע רייד האבען אויף איהר גאָר קיין ווירקונג נישט געהאט. איהר האָט נישט געארט וואָס מיט איהר וועט פּאסירען. זאָל ער זי אפילו טוידטען!

— דו שיינסט צו זיין מיעד. אויב דו ביזט הונגעריג, קען איך דיר פּילייכט א ביסעל שפּייז אנבאטען.

— איך דאַנק דיר, איך האב גענוג שפּייז. ער האט שוין געזעהען איך זאָל האבען שפּייז אויף דריי טעג.

— ווער האט געזעהען? — האט דער פרעמדער איהר געפרעגט.

רעומה האט איהם נישט געענטפערט. זי האט ארונטערגעלאָזען איהרע אויגען און האט ווידער געוויינט.

— וויין נישט, דו קינד! — האט דער אלטער ארויפגעלייגט זיין האנט אויף איהר שולטער — זאג מיר פּילייכט וועל איך דיר קענען העלפען.

— פאר מיר איז שוין מעהר קיין הילף נישטאָ! — האט רעומה געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ — אויסגעלאָשען האט זיך מיין ליכט.

— זאג דאך מיר פון וואנען קומסטו און וואוהין געהסטו?

די צערטליכע רייד פון דעם אלטען האט אויף איהר געווירקט און זי האט זיך געפיהלט עטוואס היימליכער.

— איך קום פון דער שטאָדט מצפה! — האט זי געזאָגט כליפּענדיג — מיין מאן האט מיך פערטריבען!

— דיך פערטריבען?! פארוואס?

— ווייל מען האט אויף מיר א בלבול געמאכט! יע, שלעכטע מענשען האבען מיר אומגליקליך געמאכט און גאָט ווייס ווי ריין און אומשולדיג איך בין פון דיזען זינד!

דער אלטער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען רעומה׳ן און אויף איהר געקוקט מיט פאטערליכע בליקען.

— דערצעהל מיר, טאָכטער, וואס מיט דיר האט פּאסירט? פּילייכט וועל איך דיר קענען העלפען?

רעומה האט איהם מיט אלע איינצעלהייטען דערצעהלט וואָס מיט איהר האט פּאסירט, זי האט איהם דערצעהלט וועגען דעם בלבול וואס עמרי האט אויף איהר געמאכט, און ווי אזוי גלעד, איהר מאן, האט דאס געגלויבט און איהר איבערגעגעבען צום משפּט, און די שופטים האבען איהר בעשטימט איהר פּסק, זי זאָל פון דער שטאָדט מצפּה פערטריבען ווערען. יע, דארט קען איך זיך קיינמאָל נישט צוריקקעהרען, און קיין אנדער פּלאַץ וואוהין צו געהן האב איך נישט.

— קום מיט מיר! דער גאָט מולך האט דיר אין דעם ריכטיגען וועג געפיהרט.

— דער גאָט מולך? — האט רעומה איהם אנגעקוקט, וואס איז דאס פאר א גאָט.

— דאס איז דער גאָט וואס איך האב שוין לאנג געפונען און ער האט מיר גליק געבראכט. יע, ער איז א גנעדיגער גאָט און טוט בלויז חסד מיט די וועלכע דינען איהם. און יעצט אז דו ביזט געבענשט מיט א קינד אין דיין אינגעווייד, וועסטו גלייך קעגען דעם גאָט דינען, און ער וועט דיר דיין פרעהליכקייט און גליק צוריקברייגגען.

— וואס מיינסטו? — האט איהם רעומה אנגעקוקט — וואס האט מיין נאָך נישט געבוירען קינד צו טהאָן מיט דעם גאָט מולך?

— דער גאָט מולך איז א גאָט פון פייער און איהם דינט מען דאמיט וואס מען איז צו איהם מקריב דעם ערשט געבוירענעם קינד... און דאן וועסטו דעם גאָט'ס ליעבליגג ווערען... ער וועט דיר שיקען גליק און דיר בעשיצען פון אל דאס בייז... קום מיט מיר צו מולך.

— אבער איך בין דאָך א טאָכטער פון ישראל און איך דין צו דעם גאָט פון אונזערע עלטערן.

— איך בין אויך געווען צווישען דיין פאלק און ביז וואנען איך האב אנערקענט דעם גאָט מולך בין איך אומגליקליך געווען, יעצט אז איך האב איהם גדיענט מיט מיין ערשט געבוירענעם זוהן, האט ער מיר באגליקט.... איך בין צופרידען מיט מיין לעבען.

— איך וויל שוין מעהר פון קיין גליקען נישט וויסען — האט רעומה טרויעריג געזאגט — איך בין שוין אויף אייביג פערלארען.

— אזוי האב איך אויך געמיינט! — האט דער ווילד־בעוואקסענער אלטער געזאגט — אבער אזוי שנעל ווי איך האב זיך דערוואוסט פון דעם גאָט "מולך" און איך האב זיך געלאזט איבעררייִדען און איהם גענומען דינען... דאן האב איך א שטראהל ליכטיגקייט דערזעהען.

רעומה האט בעטראכט דעם אלטען. זי האט געזעהען דעם פייער פון זיינע אויגען, און עפעס האט איהר דאס הארץ געזאגט, אז ער וועט איהר קעגען בעהילפיג זיין.

— ביזטו א הייליגער שליח פון דיין גאָט? — האט זי איהם געפרעגט.

— דער גאט "מולך" האט מיר געשיקט צו די מענשען וועלכע זיינען אונווויסענד, וועלכע זיינען אומגליקליך און ער האט מיך פערזאגט זיי צו טרייסטען.... דיינע געוויינען האבען זיך צו זיינע אויערען דערטראגען און ער האט מיר גלייך אהער געשיקט... און יעצט אויב דו ווילסט קענסטו מיט מיר מיטגעהען.

— אָבער וואו איז דיין געצעלט? — האט איהם רעומה געפרעגט.

— מיין געצעלט איז נישט ווייט פון דאנען, דאָרטען האָב איך גענוג שפייז. א קלאָרער טייכעל פליסט דערביי, און איך לעב זיך רוהיג. איך פאנג די חיות פון וואלד און בראָט מיר פלייש, פון די פרוכט טו איך אויך געניסען.

רעומה האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ.

— איך וועל געהן מיט דיר, האָט זי אויסגערופען, אָבער איך וויים נישט אויב איך וועל קענען דינען צו דייז גאָט.

— איך וועל דיר נישט צווינגען! — האָט דער אלטער געזאָגט מיט א קינדיש שמייכעל — אָבער ווען דו וועסט בעסער באקאנט ווערען מיט די געזעצען פון דעם גאָט "מולך" און ווי אזוי ער באשיצט אָט די אלע וועלכע דינען צו איהם און ברייגגט זיי גליק, וועסטו שוין אליין ווען איהם דינען.

— און וואו געפינט זיך דיין גאָט?

— האָט רעומה איהם געפרעגט.

דער גאָט מולך געפינט זיך גאנץ ווייט פון מייִן געצעלט... אין א דאָרף, וואו די מענשען ברייגגען צו איהם יעדען מאָנאט א קינד אלס קרבן, און ווען

עס מאכט זיך, אז מען איז צו איהם נישט מקריב קיין קינד, דאן ווערט ער צאָרנדיג און בריינגט אן אומגליק אויף די מענשען...

דער אלטער האָט גענומען איהר פעקעל אויף זיינע שולטערען און רעומה איז איהם נאָכגעגאנגען... איהרע געדאנקען זיינען געווען פארנומען מיט דער פאסירונג פון טאָג... אָט, נישט לאנג צוריק איז זי געווען אזוי צופריעדען און גליקליך... זי האָט ערווארטעט, אז גלעד וועט איהר זיכער א מתנה בריינגען, ווייל זי האָט געזעהן די גרויסע פרייד וואָס איהם האָט ארומגענומען ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון איהר, אז זי געהט איהם געבאָרען א קינד... ווי אזוי האָט עס געקענט פאסירען אזא זאך! האָט זי זיך געוואונדערט, פון וואנען האָט עמרי דערגאנגען, אז זי ווערט א מוטער? זאָל עס זיין אז גרים האָט איהם דערצעהלט... אָבער פון וואנען האָט גרים געוואוסט, זי האָט דאָך איהם נישט געזאָגט... זאָל עס מעגליך זיין, אז זי האָט איהם יע געזאָגט?...

רעומה פרובירט זיך דערמאנען, אָבער זי ווערט ביי זיך זיכער, אז זי האָט מיט גרים'ן נישט גערעדט וועגען דעם... אָ, ווען זי וואָלט געקענט אָן איהם נקמה נעמען, אָן דעם פארפלוכטען עמרי! ווי ער האָט איהר לעבען פארביטערט!...

— וואָס טראכטסטו, טאָכטער? — האָט דער אלטער זיך אָפגערופען — פארגעס דיינע שמערצען און ליידען, באלד וועסטו וויסען בלויז פון גליק און פון די ברכות פון דעם גאָט "מולך".

— דו האָסט מיר פריהער געזאָגט, אז דו ביזט געווען צווישען מיין פאָלק, ביזטו דען נישט קיין ישראל?

— איך בין א יבוסי, איך קום פון דער שטאָדט יבוס, וואָס געפינט זיך אויף דער צווייטער זייט ירדן, נעבען דעם שבט יהודה. פיעלע יאָהרען האָב איך צווישען זיי פארבראכט... מיין פרוי האָט מיר קינדער געבוירען... אָבער דער צאָרן פון גאָט האָט זיך אויף מיר אויסגעגאָסען... מיינע קינדער זיינען גאָר יונג אויסגעשטאָרבען... פון אלע מיינע קינדער איז מיר בלויז איין זוהן פארבליבען... אונזער ערשט געבאָרענער. זיין מוטער האָט שטארק איבער איהם געציטערט, זי האָט שטענדיג מורא געהאט, אז מיט איהם זאָל נישט פאסירען דאָס זעלבע וואָס האָט פאסירט מיט די אנדערע. זי פלעגט איהם היטען ווי די אויג פון איהר קאָפּ.. ביז וואנען איינמאָל, איז צו אונז א כנעני געקומען. ער האָט באמערקט דעם טרויעריגען און צושראָקענעם פנים פון מיין פרוי, און ער האָט געפרעגט די אורזאכע.

ווען איך האָב איהם דערצעהלט, האָט ער זיך אָפגערופען:

דאָס וואָס דער בכור איז פארבליבען לעבען איז א סימן, אז דער גאָט "מולך" איז אייפערזיכטיג געווען, ער האָט דיר באשטראָפט, ווייל דו דינסט נישט צו איהם... דיין ערשט געבאָרענער זוהן באלאנגט צו איהם... און ווייל דו האָסט איהם צו מולך נישט מקריב געווען, האָט ער אויף דיר זיין צאָרן אויסגעגאָסען און דיינע איבעריגע קינדער געטויטעט.

איך האָב איהם געבעטען ער זאָל אונז ערקלערען די וועגען פון "מולך", און ווי אזוי מען דינט איהם, און ער האָט מיר און מיין פרוי אלעם דערצעהלט... ער האָט מיר באוויזען, אז מולך האָט איהם גליק געבראכט... מיר האָבען באלד איינגעזעהן, אז ער האָט רעכט, און לאנג נישט טראכטענדיג האָבען מיר צוגעשטימט אנצופאנגען דינען דעם גאָט מולך.

מיר האָבען פארקויפט אונזער פעלד און ער האָט אונז געבראכט צו א דאָרף וואו אלע דינען צו "מולך". דאָרטען האָבען מיר געזעהן דעם גאָט מולך, ווי אין איהם ברענט א שטענדיגעם פייער... און ווי מיר האָבען געזעהן ווי די מענשען דינען גאָט האָבען מיר גלייך צוגע־

שטימט איהם אָנצונעמען אלס אונזער גאָט.

— און יעדער איינער וועלכער וויל דינען דיין גאָט, מוז ברייננען א קרבן פאר איהם? — האָט רעומה געפרעגט.

— אויב ער וויל, אז גאָט זאָל איהם פאררעכענען אלס זיין געטרייער דינער און איהם ברייננען גליק זיין גאנצען לעבען, מוזט איהר איהם זיין ערשט געבאָרענעם קינד מקריב זיין, און ווען ער האָט נישט קיין ערשט געבוירענעם, קען ער אוועקגעבען צו מולך'ן אן אנדער קינד... דאן איז ער געזיכערט, אז קיין אומגליק וועט מיט איהם קיינמאָל נישט פאסירען...

— אָבער ווי אזוי קען א מוטער אָפּגעבען איהר אייגען קינד צו "מולך" פארברענט צו ווערען! — האָט רעומה א ציטער געטהאָן.

— דאָס פארברענטע קינד לעבט דאָך נאָך דעם אויף עוויג. דער גאָט מולך נעהמט איהם אריין צו זיך און ער גיעט איהם אייביגעם לעבען. און אויך די עלטערען פון דעם קינד וועלען נאָך זייער טויט געניסען אייביגעם לעבען...

— און דו און דיין פרוי האָבען מקריב געווען אייער ערשט געבאָרענעם זוהן, וועלכער איז צו אייך פארבליבען דער איינציגער פון אלע קינדער? — האָט רעומה ווייטער געפרעגט.

— יע, מיר האָבען איהם מקריב געווען פאר גאָט!

— און יעצט האָט איהר מעהר קיין קינדער נישט?

— נו, מיר זיינען צו אלט און מיר קענען מעהר קיין קינדער נישט האָבען, אָבער ווען דער גאָט מולך וועט אונז ביידען צו זיך נעמען, דאן וועלען מיר נישט נאָר צוריקקריגען אונזער בכור, נאָר אויך די איבעריגע קינדער, וועלכע מיר האָבען פארלאָרען...

א שוידער איז דורך רעומה'ס קערפּער ווען זי האָט עס דערהערט. זי איז געבליבען שטעהן אויף איהר פּלאץ.

— איך וויל מיט דיר נישט געהן! — האָט זי אויסגערופען, איך האָב מורא!

— וואָס האָסטו מורא? דיר וועט קיין שלעכטעס נישט געשעהן! — האָט דער אלטער געזאָגט — דו האָסט דאָך מיר געזאָגט, אז דו ביזט אומגליקליך. דו האָסט דיין גליק פארלאָרען, ווילסטו דען עס נישט צוריק געפינען?

— אָבער ווי אזוי קען א מוטער פארברענען איהר אייגען פליייש און בלוט?!

— ווען דאָס ברייננט גליק פאר איהר קינד, וועט איהר קיין זאך נישט אָפּהאלטען... און דו, קום מיט מיר, איך וועל דיר מיטנעמען אין דאָרף וואו דער טעמפּעל פון דעם גאָט "מולך" געפינט זיך. דו וועסט זעהן ווי אזוי מיר דענען איהם, און דאן וועסטו שוין איינוויליגען צו ווערען איינע פון זיינע דינען איהם, און דאן וועסטו שוין זיך קוים קענען דערוואַרטען דיין קינד זאָל געבוירען ווערען, דו זאָלסט איהם קענען אָפּגעבען אלס א מתנה צו גאָט...

רעומה האָט נישט געוואוסט וואָס צו טהאָן. וויים, אז זי האָט קיין פּלאץ נישט צו געהן... און לויט ווי דער אלטער האָט איהר געזאָגט, האָט זיין גאָט איהם צו איהר געשיקט זי צו העלפען... פילייכט איז ער גערעכט, מעגליך, אז זיין גאָט וועט איהר פון יעצט אָן ברייננען נאָך גליק... זי האָט דאָך דורך דער קורצער צייט פון איהר לעבען פון קיין גליק נישט געוואוסט... זי האָט גענוג געטרונקען פון בעכער פון ליידען... מעגליך...

— גוט! איך געה מיט דיר — האָט זי אויסגערופען מיט א מונטערע שטימע — איך האָב שוין אלץ איינם גאָר נישט וואָס צו פארלירען... זיין זוהן האָט ער דאָך פאר א ממזר געמאכט... ווען ער וועט אויסוואקסען וועט ער ביי אלעמען זיין פארהאסט... זיין פאָטער וועט אויף איהם אפילו זיך נישט וועלען אומקוקען. כאָטש גאָט איז מיין עדות, אז דאָס איז זיין קינד, און איך בין אומשולדיג און ריין פון זינד!

— דער גאָט מולך וויים דיין ריינע

הארץ, און ער וועט גאנץ שנעל דיין קרבן באוויליגען און וועט דיר באלוינען מיט אייביגען גליק און פרידען. קום!

רעומה האט זיך קוים נאכגעשלעפט, זי איז געווען אזוי דערשיטערט, נידערגעשלאגען און אפגעשוואכט פון דער שטארקער היץ.

— איך זעה, אז דו ביזט דורשטיג! — האט דער אלטער זיך צו איהר אפגערופען און ארויסגענומען דעם לאגעל וואסער און עס צוגעטראגען צו איהר מויל.

רעומה האט געטרונקען און איהם באדאנקט.

א היבשע ווייל זיינען זיי ביידע געגאנגען דורך דעם וואלד ביז וואנען זיי זיינען צוגעקומען צו א געצעלט.

— קום אריין, דו געבענשטע פון מולך! — האט דער אלטער זי גערופען — מיין אלטע וועט זיך שטארק דערפרעהען מיט דיר.

רעומה איז אריין אין געצעלט און זי האט דערזעהן א שרעקליך בילד פאר איהרע אויגען:

אן אלטע פרוי איז געזעסען אויף דער ערד, איהרע גרויע האר צושויבערט, איהרע אויגען האבען אויסגעקוקט ווילד און צושראקען, איהרע הענט האט זי געהאלטען פארבראכען, און איהרע ליפען האבען שטילערהייט עפעס געשעפצעט.

רעומה האט א שפרונג געטהאן אויף צוריק און איז געבליבען שטעהן א פארגאפטע.

— שרעק זיך נישט! — האט דער אלטער זיך אפגערופען — דאס איז מיין פרוי... אזוי פיהרט זי זיך די גאנצע צייט... זי ביינקט זעהר נאך אונזער ערשט געבארענעם זוהן... אבער אזוי שנעל ווי זי דערוויסט זיך, אז מיר געהען דינען דעם גאט, מולך, און ווען זי זעהט, אז א מוטער געהט אויפאפפערען איהר קינד פאר גאט, אזוי ווערט זי ווידער פרעהליך און מונטער... צו איהר פרייד איז קיין גרעניץ נישטא... זי טאנצט און שפרינגט פון שמחה.

א, ווי שרעקליך זי קוקט אוים! — האט רעומה אויסגערופען — איהרע בליקען דערשרעקען מיר!

— זעץ זיך דא א ווייל — האט דער אלטער צוגעבראכט א נידעריגען קלאץ.

רעומה האט זיך געטרייסעלט פון שרעק, עס האט איהר געקלאפט א צאהן אן א צאהן.

דער אלטער איז צוגעגאנגען צו דער אלטיצקער און איהר אנגענומען פאר דער האנט, און זיך הילכיג פאנאנדערגעלאכט.

— שטעה אויף! — האט ער צו איהר געזאגט — קוק אן אונזער גאסט... זי וועט אין גיכען א קינד געבארען... דאס וועט איהר ערשט קינד זיין, און דאן וועלען מיר געהן צו גאט מולך און זי וועט איהר ערשט געבארענע קינד צו איהם מקריב זיין, אזוי ווי דו האסט עס געטהאן.

א פלוצלינגע ענדערונג האט דאס פנים פון דער אלטער אנגענומען... א גליקליך שמייכעל האט זיך אויף איהרע ליפען באוויזען...

זי האט זיך שנעל אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ און זיך דערנעהנטערט צו רעומה'ן:

— דו ביזט אויך געקומען דינען אונזער גאט! — האט זי מיט פרייד אויסגערופען — זיי געבענשט צו מולך, ווייל ער וועט דיין קרבן מיט גרויס פארגעניגען אננעמען.

רעומה איז געבליבען זיצען ווי פארגליווערט... איהר שרעק איז נאך גרעסער געווארען.

פלוצלונג האט זי באמערקט ווי די אלטע האט אנגעהויבען צו שפרינגען און טאנצען אזוי ווי א יונג קינד...

— א לויב צו אונזער גאט "מולך", דער קעניג פון דער וועלט... ער וועט אונזערע קינדער באשיצען מיט זיין גרויסען הייליגען פלאם פייער! ער וועט אונזער תפילה צוהערען און אונז

פון אַל דאָס בייז באַשיצען. באַלד נאָכדעם ווי זי איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן טאַנצען איז זי צוגעגאַנגען צו רעומה'ן און אויף איהרע קניע זיך גע־שטעלט.

— ווען וועסטו דאָס קינד געבוירען? —האָט איהר די אַלטע געפרעגט.

רעומה האָט איהר ניט געענטפערט. זי האָט זיך נאָך אַלץ געטרייסעלט פון שרעק.

— זי איז מיעד און הונגעריג! — האָט דער אַלטער אויסגערופען—וואַרט ביז וואַנען זי וועט זיך אויסרוהען און דערווייל גרייט צו עפּעס עסען.

— איך בין ניט הונגעריג — האָט רעומה געזאָגט מיט א ציטערנדע שטי־מע, און זיך אויפגעשטעלט — איך האָב מורא! איך וועל געהן צוריק!

— דו האָסט ניט וואָס מורא צו האָ־בען—האָט דער אַלטער איהר געזאָגט —אָבער אויב דו ווילסט געהן צוריק, וועל איך דיר ניט צווינגען דאַ צו פאַר־בלייבען. דו זעהסט דאָך אָבער, אז די זון האַלט ביים פאַרגעהן און דו האָסט ניט קיין באַשטימטען פּלאַץ וואוהין צו געהן...

— דו ווילסט מיט אונז ניט בליי־בען? — האָט די אַלטע איהר געפרעגט מיט א מילדע שטימע — אונזער גאָט "מולך" האָט דיר אין דעם ריכטיגען וועג געפיהרט... דו וועסט שוין מעהר פון קיין צרות ניט וויסען! דו וועסט דאָס קינד געבוירען און עס צו "מולך" אָפּפּערען... און אַלע דיינע פאַרלאַנ־גען וועט ער דערפילען...

רעומה האָט געוואָרפען איהרע בלי־קען אויף דער אַלטער און איז געבלי־בען שטעהן אויף איהר פּלאַץ. זי האָט זיך ניט געקענט באַשליסען: צי זאָל זי בלייבען אָדער געהן. ווען זי האָט ארויסגעקוקט דורך דער עפענונג פון געצעלט און דערזעהן די טונקעלקייט אין דרויסען, האָט זי באַשלאָסען צו פאַרבלייבען. זי האָט ארונטערגעלאָזט דעם פּעקעל, וואָס זי האָט געהאַלטען און זיך ווידער אוועקגעזעצט.

## 10טער קאַפּיטעל
## שפן און די דיענסט

די דיענסטען, וועלכע זיינען געווען אין גלעד'ס הויז האָבען זיך שטאַרק מצער געווען וואָס זייער הארינטע, רעומה, איז פאַרטריבען געוואָרען. זי איז צו אַלעמען געווען גנעדיג און ניט איינמאָל פלעגט זי זיי קומען ארויסהעל־פען מיט זייער ארבייט. זיי האָבען איהר זעהר ליעב געהאַט, ווייל זי פלעגט צו זיי ריידען צערטליכע רייד.

מעהר פון אַלעמען האָט זיך גענומען צום הארצען די דיענסט, וועלכע איז געווען זעהר פריינדליך צו שפן. זי איז געווען די איינציגע דיענסט, וועלכע פלעגט זיין גאַנץ נאָהענט צו רעומה'ן און איז צו איהר צוגעבונדען געוואָרען.

אין אָוועגט פון דעם זעלבען טאָג האָט זי זיך געזעהן מיט שפן'ען און ער האָט איהר איבערגעגעבען אַלעם וואָס האָט פּאַסירט אויף דעם משפּט.

— מיין הארץ טהוט מיר וועה פאַר רעומה'ן — האָט די דיענסט זיך אָפּ־גערופען צו שפן — זי איז געווען אזוי גוט און פריינדליך... יעצט וועל איך דאַרפען באַדיענען מרה'ן און זי איז אימער בייז און צאָרנדיג.

— דו ווייסט ניט וויפיעל צער איך האָב דערפון—האָט שפן זיך אָפּגערור־פען—איך בין נאָך געצוואונגען געווען צו זאָגען עדות געגען איהר.

— וואָס פאַר אן עדות?

— ווייסטו דען ניט, אז אַלע פינף קנעכט, וועלכע האָבען אַליין געהערט ווי עמרי באַשולדיגט רעומה'ן, האָבען געמוזט ערשיינען פאַר די שופטים.

— נו, דו האָסט זיך דאָך ניט געקענט העלפען, פאַרוואָס זאָלסטו האָבען מעהר צער, ווי די אנדערע.

— ווייל איך ווייס, אז זי איז אומ־שולדיג! — האָט שפן געענטפערט.

— איך פאַרשטעה, פאַרוואָס אין דיינע אויגען איז זי אומשולדיג! — האָט די דיענסט געזאָגט, מיט אן איי־פערזיכטיגע שטימע — דאָס איז צוליב דעם ווייל זי איז זעהר שעהן געווען...

אָבער דו מעגסט זיכער זיין, אז אפילו יעצט, ווען זי איז פאַרטריבען געוואָרען פון דאַנען, וועט זי זיך אויף דיר ניט קענען אומקוקען, כאָטש דו גלויבסט, אז זי איז "אומשולדיג"...

— איך גלויב ניט בלויז, נאָר איך בין זיכער אין דעם! אָה, ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי שטארק איך לייד דערפון... זי איז דאָך אזוי ריין און אומשולדיג ווי א מלאך!

— און איך האָב געמיינט אז... — האָט די דיענסט אומגעדרעהט איהר קאָפּ... דו האָסט צו מיר אזעלכע צערטליכע רייד גערעדט און איך האָב דיר געגלויבט. יעצט זעה איך, אז דו ביזט געווען פאַלש צו מיר, דו האָסט מיך מעהר ניט ליעב!

— אין' זעה, אז דו פארשטעהסט מיך ניט! — האָט שפן ווייטער געזאָגט — איך בין שולדיג אין איהר אומגליק! יע, איך בין דער איינציגער, וואָס איז שולדיג אין דעם.

— דו ביזט שולדיג?

— יע, איך, און אויך דו ביזט עטוואָס שולדיג!

— ביזטו פון דיין זינען געריהרט?

— האָט די דיענסט אויסגערופען—ווי אזוי וואגסטו צו ריידען אזוי וועגען מיר! ווילסטו דען דערמיט אָנדייטען, אז איך האָב אויך געהאט צו טהאָן מיט דעם רויבער, עמרי, מיט וועמען רעומה האָט געזינדיגט!

— און רעומה האָט געהאט צו טהאָן מיט איהם אזוי ווי דו האָסט געהאט צו טהאָן! — האָט שפן געזאָגט.

— אָ, שפן, ווי אזוי קענסטו מאכען אזא פארגלייכעניש! — האָט די דינסט זיך אָפּגעקעהרט פון איהם! איך וויל מעהר ניט וויסען פון דיר... דו האָסט מיך באליידיגט... דו פארגלייכסט מיר מיט דער פלגש, וועלכע אלע האָבען געשאָלטען.

— אויב דו וועסט נאָך אמאָל אזוי ריידען, וויל איך דיין פנים ניט אנקוקען! — האָט זי אויסגעריפען—פארוואָס האָסטו עס ניט געזאָגט פאר די שופטים! — האָט די דיענסט אויסגערופען מיט כעס.

— ווייל איך האָב מורא געהאט, אז מען זאָל אונז ביידען ניט באשטראָפען!

—איך זאָג דיר, אז רעומה איז אומשולדיג! איך שווער ביי גאָט, אז זי איז רייז פון זינד!

— אויב דו ביזט אזוי זיכער, פארוואָס ווילסטו מיך אריינמישען אין דעם.

— ווייל דו ביזט געווען די יעניגע, וועלכע האָט מיר דערצעהלט דעם סוד, אז רעומה וועט אין גיכען געבוירען א קינד צו גלעד'ן.

— און וואָס בין איך שולדיג, אז עס האָט זיך אויסגעלאָזט אז דאָס קינד איז ניט גלעד'ס!

— אָבער דאָס וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט האָט געבראכט דעם אומגליק אויף רעומה'ן.

— האָב איך דיר דען געזאָגט א ליגען? איך האָב דיר איבערגעגעבען אלעס וואָס איך האָב זיך אונטערגעהערט! איך האָב אליין געהערט ווי רעומה האָט דיעזען סוד פאר איהר מאַן אנטדעקט. יעצט זעה איך, אז איך האָב פאר דיר דאָס ניט געדארפט דערצעהלען... דו ווייסט ניט ווי אָפּצושאַצען מיין צוטרוי צו דיר...

— אָה, הלואי וואָלסטו מיר ניט געזאָגט, דאַן וואָלט איך פארמיטען אזוי פיעל צרות, און די אומשולדיגע רעומה וואָלט ניט פארטריבען געוואָרען מיט שאַנדע פון אונזער שטאָדט.

— ווערסטו מיר זאָגען וואָס דיינע רייד באדייטען? —האָט די דיענסט אויסגערופען מיט כעס.

— דו מעגסט וויסען זיין, אז עמרי, רעומה'ן, זינט זי איז אנגעקומען צו דער רויבער האָט אָפּגענארט אונזער האר, ער האָט אפילו ניט געזעהן גלעד'ן אלס זיין קעבסווייב.

— און פון וואנען דען האָט ער געוואוסט צו דערצעהלען גלעד'ן אזעלכע סודות, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט?

— ווער זאָגט דיר, אז קיינער האָט דעם סוד ניט געוואוסט? — האָט שפן

איהר געענטפערט — האסטו דען פון דעם ניט געוואוסט? האב איך דען ניט געוואוסט, אז רעומה דארף ווערען א מוטער?

— אבער עמרי, פון וואנען האט ער געקענט הערען אזא זאך, אויב ניט פון איהר אליין?

— איך בעט דיר, דו מוזט מיר העלפען — האט שפן זי אנגענומען ביי איהר האנט, — איך וויל זיך מיט דיר באראטהען, איך האב דיר צו דערצעהלען א סוד; אבער שווער מיר צו, אז דו וועסט מיך ניט פארראטהען.

— ווייסטו דען ניט, אז איך האב דיך ליעב און וועל געוויס ניט דערלאזען, אז שלעכטס זאל צו דיר געטהאן ווערען!

— איך בין זיך פאר דיר מודה, אז איך בין שולדיג! איך האב עמרי'ן דערצעהלט, אז רעומה וועט ווערען אין גיכען א מוטער!

— דו?! ווי אזוי קומסטו עס צו טהאן אזא זאך — האט די דיענסט אויסגערופען ערשטוינט.

— מיך האט עמרי געפאנגען צום ערשטען! — האט שפן אויסגערופען — ער האט מיך געסטראשעט. ער האט ביי מיר גענומען אויספרעגען די אורזאכע וואס מיין האר רייזט ארום, און ביסלאכווייז האט ער ביי מיר אלעס ארויסגעקריגען... איך ווייס, אז איך בין געשטרויכעלט געווארען מיט מיין צונג, אבער איך בין דערצו געצוואונגען געווען... איך האב ניט געוואוסט, אז ער וועט זיך דערמיט באנוצען זיך אפצורעכענען מיט גלעד'ן. און איך האב איהם געזאגט, אז איך האב געהערט פון רעומה'ס דיענסט, אז זי וועט אין גיכען זויגען א קינד צו גלעד'ן... א, גאט, ווי גרויס מיין זינד איז!

— און דו האסט מיך אויך אריינגעשלעפט אין דעם! — האט זי אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. — קענסטו זיך פארשטעלען, וואס פון מיר וועט ווערען, ווען גלעד וועט זיך דערוויסען, אז איך גייע צו מיין אויער צו רעומה'ס טהיר... א, איך וועל דאן זיין א פארפאלענע!

— את דערפאר האב איך זיך אין דעם נישט מודה געווען! — האט שפן אויסגערופען — ווייל איך האב נישט געוואלט דיך אריינמישען... אבער מיין געוויסען פלאגט מיך, ווען איך ווייס, אז איך האב פעראורזאכט אזוי פיעל צרות און שאנדע צו רעומה'ן... ווען איך דערמאהן זיך אן דעם אויסדרוק פון איהר פנים, ווען די שופטים האבען זי געפונען שולדיג... ווי איהרע אויגען זיינען אנגעפילט געווארען מיט טרעהרען און קיינער האט זיך צו איהר נישט צוגעהערט. ווען איך טראכט פון דעם, אז איך בין געווען דער איינציגער, וועלכער האט דעם גאנצען אמת געוואוסט, וועלכער האט מיט עטליכע ווערטער זי געקענט ריינוואשען פון דער שווידערליכער אומגערעכטער בעשולדיגונג. ווען איך טראכט פון דעם, ווערט מיר מיין לעבען נמאס, און איך וויל לויפען צו די שופטים און זיך מודה זיין.

— אה, ניין! ניין! דו טארסט אזא זאך קיינמאל נישט טהאן! — האט די דינסט אויסגערופען מיט פארצווייפלונג — מיר וועלען ביידע דערפון ליידען... מיין שטראף וועט אויך גרויס זיין, ווען גלעד וועט אויסגעפינען ווי אזוי איך האב זיך אונטערגעהערט פון זיינע סודות. געדענק, שפן, מאך מיך נישט אומגליקליך! דאס מוז פארבלייבען א סוד!

— און דאס וואס רעומה וועט צוליעב דעם אומגליקליך זיין דעם גאנצען לעבען, איז גארנישט? — האט שפן געפרעגט. — איך ווייס נישט וואס צו טהאן... אבער יעצט זעהסטו שוין, אז זי איז אינגאנצען אומשולדיג געווען? איך זאג דיר, אז עס וואלט געווען א סך בעסער פאר אונז ביידען, ווען איך בין זיך מודה אין דעם...

— ניין! איך וועל דאס נישט דערלאזען! — האט די דינסט אויסגערופען און געווישט איהרע טרעהרען. — דו ביזט דער איינציגער, וועמען איך האב

דאָס פאַרטרויט. דאָס האָב איך געטהאָן, ווייל איך האָב געגלויבט, אַז דו ליעבסט מיך. און יעצט ווילסטו געהן דערצעהלען מיין האר וועגען דעם... ווען דו וואָלסט עס גלייך געטהאָן, וואָלט פיעלייכט אונזער שטראָף נישט גרויס געווען. יעצט אָבער, נאָכדעם ווי זי איז מיט גרויס שאנדע פארטריבען געוואָרען און די גאנצע שטאָדט ווייסט, אַז זי האָט געזינדיגט געגען גלעד'ן, ווען אונזער האר וועט אויסגעפינען יעצט, וועט זיין צאָרן אין איהם ברענען און ער וועט אונז ביידען שלעכטס טהאָן. געדענק, פאָלג מיך און מאך זיך גאָרנישט ווי־סענדיג. פאַרשפּרעכסטו מיר, שפּן?

— איך פארשפּרעך דיר! — האָט שפּן אומעטיג געזאָגט.

— איצט זעה איך, אַז דו האָסט מיך נאָך אַלץ ליעב! — האָט די דינסט אויסגערופען מיט א פרעהליכען פּנים. — די בעסטע זאַך פאר דיר וועט זיין, אַז דו זאָלסט זיך נישט מישען און קיינער וועט נישט אויסגעפינען, אַז דו האָסט אין דעם א האנט.

— און וואָס וועל איך טהאָן, ווען דער רויבער, עמרי, וועט אמאָל קומען אהער און זיך מודה זיין, אַז דאָס האָט ער געהערט פון מיר, אַז רעומה וועט אינגיכען דארפען א מוטער ווערען? דאַן וועט נאָך מיין שטראָף גרעסער זיין!

— נאָכדעם ווי עמרי האָט אזוי געטהאָן צו אונזער האר, מעגסטו זיכער זיין, אַז ער וועט איהם קיינמאָל נישט דערצעהלען... און קיינער וועט קיינמאָל דעם אמת נישט אויסגעפינען. און אויב דו ווילסט פארמיידען אן אומגליק פאר אונז ביידען, זאָלסטו בעסער האלטען דיין מויל פארמאכט.

---

ביינאכט, ווען שפּן, האָט זיך מיט די איבעריגע קנעכט געלייגט שלאָפען, האָט ער געהערט ווי זיי לאכען אָפּ פון רעומה'ן.

— ווער וואָלט עס געקענט גלויבען, אַז זי זאָל האָבען צו טהאָן מיט דעם רויבער דאָ אין שטאָדט? ווען איך וואָלט עס וויסען, וואָלט איך זיי שוין נאָכגעשפּירט!

— רעומה איז שוין געניט אין אזעלכע זאכען! — האָט א צווייטער קנעכט זיך אָפּגערופען מיט א געלעכטער. — זי האָט געהאט פיעל "ערפאהרונג" אין דער הויפּטשטאָדט פון עמון.

— ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגען איהר פארגאנגענהייט, האָב איך זיך שטארק געוואונדערט, ווי אזוי אונזער האר האָט זי גענומען פאר זיין קעבס־ווייב.

— נו, דאָס האָט ער געטהאָן, ווייל זי איז שעהנער פון מרה'ן.

— אָבער איך וואָלט קיינמאָל נישט געקענט גלויבען, אַז זי זאָל אזא פארברעכען באַגעהן! און וואָס פאר אן אונשולדיגען פּנים זי האָט ארויסגעוויזען ביים משפּט! ווען איך וואָלט אליין ניט געהערט פון עמרי'ס מויל, וואָלט איך פיעלייכט אויך גענומען צווייפלען אויב זי איז שולדיג!

— וואָס מעהר זי האָט געוויינט און געשוואוירען ביי גאָט, אַז זי איז ריין און אונשולדיג, אַלץ מעהר איבערצייגט בין איך געווען, אַז זי איז שולדיג! יע, זי האָט פארדיענט א גרעסערע שטראָף.

— זי איז אונשולדיג! זי איז אונשולדיג! — איז שפּן ארונטערגעשפּרונגען פון זיין געלעגער. — איך זאָג אייך, אַז רעומה איז אונשולדיג!

די איבעריגע קנעכט האָבען זיך פאַנאנדערגעלאכט.

— ער איז זיכער משוגע געוואָרען!

— האָט איינער אויסגערופען.

— יע, ער איז געוויס געריהרט געוואָרען פון זינען פון שרעק, ווען עמרי האָט איהם צום ערשטען געפאנגען.

— איך בין ביים פולען זינען! — האָט שפּן נישט אויפגעהערט צו שרייען. — מאָרגען אין דער פריה וועט איהר זיך שוין אלע איבערצייגען, אַז רעומח איז אונשולדיג. זי איז ריין פון דיעזער זינד, ווי מרה און אלע אנדערע פרויען פון מצפה.

די קנעכט האָבען איהם אָנגעקוקט

עטוואס צעשראָקען. זיי האָבען זיך עטוואס דערווייטערט פון זיין געלעגער און צווישען זיך שטילערהייט זיך דורכגעשמועסט.

— אָהן צווייפעל, אז ער איז געריהרט פון זינען! — האָט איינער געזאָגט גאנץ שטיל.

— עס וועט זיין פאר אונז געפעהרליך צו שלאָפען מיט איהם דיעזע נאכט. וואָס וועלען מיר טהאָן, ווען אין אָנפאל פון משוגעת וועט ער אונז באפאלען און אונז טויטען?...

— יע, דו ביזט גערעכט! איך וועל שוין מורא האָבען צו פארמאכען מיינע אויגען.

— וואָס זאָלען מיר טהאָן?

— זאָל איינער פון אונז זיין וואך, נאכהער וועט ער אויפוועקען א צווייטען און ער וועט זיך לייגען!

— דורך דעם וועלען מיר נישט זיין געזיכערט. פון וואנען קענען מיר זיכער זיין, אז דער, וועלכער דארף וואך זיין, וועט נישט איינשלאָפען און דאן וועט זיך שפּן צו אונז נעהמען?

— מיין עצה איז, מען זאָל איהם צובינדען צו זיין געלעגער, ער זאָל זיך פון אָרט נישט קענען ריהרען, ביז וואנען עס וועט נעהמען טאָגען, און נאכהער וועלען מיר איהם איבערגעבען אין די הענט פון אונזער האר.

— דאָס איז א גוטער פלאן! — האָט א צווייטער צוגעשטימט. — איך וועל ארויסגעהן ברייגנען די שטריק. איך וויים, וואו דאָס ליגט.

— געה זעהר פאָרזיכטיג, זעה, אז שפּן זאָל נישט באמערקען!

דער קנעכט איז באלד ארויס און צוריקגעקומען מיט די שטריק. זיי האָבען צווישען זיך אָפּגעמאכט ווי אזוי דאָס צו טהאָן ער זאָל נישט שרייען און אויפוועקען גלעד'ן און די איבעריגע.

אין שייער, וואו די קנעכט האָבען זייערע געלעגערס געהאט, איז געווען פינסטער. יעדער האָט זיך צוריק געלייגט אויף זיין פּלאַץ. עס איז געוואָרען שטיל. באלד אָבער איז די שטילקייט אונטערבראָכען געוואָרען פון שפּנ'ס ברומען צו זיך אליין:

— זי איז אונשולדיג! רעומה איז אונשולדיג און איך בין שולדיג!

— נו, יעצט זעהט איהר שוין אלע, אז ער איז געריהרט פון זינען? — האָבען זיך די קנעכט ווידער צוזאמענגעקליבען אין א ווינקעל פון שייער.

— וואו איז די שטריק?

— איך האָב עס!

— איך און דו וועלען שטילערהייט צוגעהן צו שפּנ'ס געלעגער און מיר וועלען איהם צוהאלטען פאר די הענט און די פיס און איהר ביידע וועט איהם בינדען.

שפּן איז געלעגען אויף זיין געלעגער און בשום אופן נישט געקענט איינשלאָפען. ער האָט זיך גענומען פאָרשטעלען ווי אזוי די אומגליקליכע רעומה וואנדערט ארום אין דער פינסטערניש פון דער נאכט, פארטריבען מיט שפּאָט און שאנדע... קיינער וועט זי אפילו ניט וועלען ארייןלאָזען אין א הויז. און אין אלץ איז ער שולדיג! ווען ער וואָלט עמרי'ן דאָס נישט דערצעהלט, וואָלט ער אויף איהר דיעזען אומגליק נישט געבראכט. אָ, ווי אזוי וועט ער פון יעצט אָן קענען רוהיג שלאָפען?!

פּלוצלונג האָט ער דערפיהלט ווי אימיצער ריהרט איהם אָן. ער האָט זיך שנעל אוועקגעזעצט און באלד האָט איהם איין קנעכט א נעהם געטהאָן פאר זיינע הענט און א צווייטער — פאר זיינע פיס.

— וואָס טהוט איהר צו מיר? — האָט שפּן גענומען שרייען. — וואָס באַדייט עס? איך בין יעצט נישט אין א שטימונג צו טרייבען שפּאס! אָ, לאָזט מיך אָפּ!

— אויב דו וועסט שרייען, וועלען מיר אויך דיין מויל פארשטאָפּען! — האָט דער קנעכט, וועלכער האָט געהאלטען די שטריק, זיך אָפּגערופען.

— אָבער פארוואָס זיינט איהר מיך אלע באפאלען? — האָט שפּן זיך גענומען ראנגלען.

— דאָס וועסטו שוין שפּעטער זעהן! און יעצט בינדט איהם! מיר טאָרען איהם נישט לאָזען פריי! ער איז משוגע געוואָרען.

— לאָזט מיך אָפּ! איך בין נישט משוגע! איך בין ביי מיין פולען זינען! איהר וועט זעהן, איך וועל אייך אלעמען איבערצייגען, אז איך קען ריינוואשען רעומה'ן!

— דערווייל מוזטו ליגען א געבונדענער ביז מאָרגען! — האָט איהם דער קנעכט, וועלכער האָט צוגעהאלטען זיינע הענט, געזאָגט. — און אויב דו וועסט אויפהויבען דיין שטימע, וועסטו ערגער מאכען.

— איך בעט אייך, הערט אויף צו טרייבען שפּאס מיט מיר! — האָט שפּן זיי געבעטען. — אוי, מיינע הענט! וואָס טהוט איהר צו מיר?

— מיר בינדען דיך. מיר ווילען ניט פארלירען קיין שלאָף צוליעב דיר! מיר זיינען אלע מיעד און דו ביזט פּלוצלונג פון זינען געריהרט געוואָרען.

— איך בין ביי מיין פולען פארשטאנד! — האָט שפּן אויסגערופען. — איהר וועט זעהן ווי איך וועל מאָרגען אלעמען איבערצייגען, אז רעומה איז אונשולדיג...

— יעצט וועסטו שוין ליגען רוהיג! דו וועסט שוין פון דאנען, ביז מאָרגען אין דער פריה, זיך נישט קענען אויפהויבען!

די קנעכט האָבען זיך געלייגט אויף זייערע געלעגערס און שפּן האָט נישט אויפגעהערט זיך בעטען זיי זאָלען איהם אָפּבינדען.

— מיר וועלען איהם מוזען דאָס מויל פארשטאָפּען! — האָט א קנעכט זיך אָפּגערופען. — אז נישט, וועלען מיר נישט קענען שלאָפען.

ווען שפּן האָט דערהערט, אז מען דערנעהענטערט זיך צו איהם, האָט ער אויסגערופען:

— איך וועל שוין מעהר נישט שרייען! איך וועל שווייגען, אָבער פארשטאָפּט נישט מיין מויל.

— ווען מיר וועלען פון דיר בלויז איין פּיפּס דערהערען, וועט שוין דיין מויל פארשטאָפּט ווערען!

— איך שווער, אז איך וועל שוין מעהר נישט שרייען! — האָט ער געזאָגט און די טרעהרען האָבען איהם געשטיקט.

---

ווי נאָר עס האָט אָנגעפאנגען טאָגען האָבען די קנעכט זיך אָנגעטהאָן און אויפגעעפענט די טיר. א שטראהל ליכטיגקייט האָט זיך אריינגעריסען אינעווענינ. זיי זיינען צוגעגאנגען צו שפּנ'ען און איהם באטראכט.

— דו שלאָפסט נישט, שפּן? — האָט איינער איהם א פרעג געטהאָן.

— ניין! איך האָב די גאנצע צייט קיין אויג נישט צוגעמאכט, — האָט ער געענטפערט מיט א שוואכער שטימע. — אָה איך בין אָפּגעשוואכט געוואָרען ליגענדיג אזוי געבונדען. שנעלער בינדט מיך אָפּ.

— און אויך יעצט גלויבסטו, אז רעומה איז אונשולדיג?

— יע, איך גלויב אזוי! און איך וועל באלד אלץ דערצעהלען פאר אונזער האר.

— וואָס וועסטו דערצעהלען, אז מיר האָבען דיך געבונדען?

— ווען דו וועסט א וואָרט זאָגען אונזער האר וועגען דעם, וועלען מיר זיך מיט דיר אָפּרעכענען!

— ער מעג דערצעהלען! אונזער האר וועט זיך דאָך באלד אליין איבערצייגען, אז ער איז משוגע געוואָרען און ער וועט נאָך אונז דאנקבאר זיין, וואָס מיר האָבען איהם געהאלטען געבונדען.

— איך וועל דערצעהלען מיין האר אז רעומה איז אומשולדיג און איך בין שולדיג אין אלעם! — האָט שפּן אויסגערופען.

די קנעכט האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען און געשמייכעלט.

— איך גלויב אז מיר זאָלען איהם בעסער נישט אָפּבינדען ביז וואנען מיר וועלען נישט דערצעהלען אונזער האר.

— לויט זיינע רייד קומט אויס אז ער איז גוט משוגע!

— אבער מיר האבען נישט וואס מורא צו האבען, יעצט ווען עס איז ליכטיג, די איינציגע זאך וואס מיר וועלען דארפען טאָהן, איז איהם גוט היטען.

אויב אזוי וועלען מיר איהם טאקע אפּבינדען.

די קנעכט האבען שפּן׳ען גלייך אפּגעבונדען און ער האט זיך אויפגעשטעלט און אויסגעגלייכט.

— אין איערע אויגען שיין איך צו זיין משוגע, אבער איך פערזיכער אייך אז איך בין ביי מיין פולען פערשטאנד און אין דעם וועט איהר זיך אלע באלד איבערצייגען. מיר ארט גישט ווי גרויס מיין שטראף וועט זיין.

א ווײלע שפּעטער האט זיך שפּן געשטעלט נעבען אריינגאנג פון גלעד׳ס הויז און געווארט אויף גלעד׳ן. די איבעריגע קנעכט זיינען געשטאנען פון ווייטען און זיינען געוועזן זעהר נייגעריג צו זעהן וואס שפּן וועט טאָהן.

באלד איז גלעד ארויסגעקומען פון הויז און ווען ער האט דערזעהען שפּן׳ען האט ער זיך צו איהם אפּגערופען:

— וואס איז דיין פערלאנג, שפּן?

— איך וואלט וועלען ריידען מיט מיין האר!

— רייד! ווער לאָזט דיר נישט! — האט גלעד בייז א זאג געטאָהן.

— דאס וואס איך האב צו ריידען צו מיין האר איז זעהר וויכטיג — האט שפּן אויסגערופען.

— דו האסט צו ריידען וויכטיגעס מיט מיר?! — האט איהם גלעד אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— יע, זעהר וויכטיג, מיין האר! — האט שפּן געזאגט מיט טרעהרען אין די אויגען — און איך האָף אז מיין האר וועט מיין שטראָף נישט גרויס מאכען...

— איך ווייס גישט וואס דו מיינסט! האסטו דען בעגאנגען א זינד געגען מיר?

— יע, זעהר א שרעקליכען זינד!

— האסטו עפּעס גע׳גנב׳עט?

— ניין, מיין האר, דאס איז וועגען רעומה׳ן.

— וואס?! דו אויך!!—האט גלעד אויסגערופען מיט צאָרן. — אוועק פון מיר! איך וויל מעהר פון דיר נעשט הערען!

— אָה, מיין האר! — האט שפּן אויסגערופען און גענומען ציטערן פון שרעק.

— יעצט, אז זי איז נישטאָ ביזטו זיך געקומען מודה זיין אז אויך מיט דיר האט זי געזינדיגט — האט איהם גלעד א שטויס געטאָהן, אוועק! איך וויל דיר מעהר נישט אנקוקען.

די פיער קנעכט וועלכע זיינען געשטאנען פון ווייטען האבען צוגעזעהען ווי זייער האר האט א שטויס געטאָהן שפּן׳ען.

— יעצט איז די צייט פאר אונז איהם צו דערצעהלען וואס מיר האבען געטאָהן צו שפּנ׳ען, ווייל אויב מען זאל איהם אזוי לאָזען ארומגעהן פריי, וועט ער ווערען א געפאהר פאר אלעמען!

— האט איינער זיך אפּגערופען.

— אבער זעהט איהר דען נישט ווי אויפגערעגט אונזער האר איז!

— דאס איז ווייל ער מיינט אז שפּן טרייבט שפּאס מיט איהם. יע, מיר מוזען איהם דערצעהלען אז ער איז משוגע געווארען, און מען מוז איהם איינשפּארען אין תפיסה.

די קנעכט זיינען צוגעגאנגען צו גלעד׳ן, וועלכער איז נאָך געשטאנען אז אויפגערעגטער און זיך פאר איהם א נייג געטאָהן.

— וואס? איהר זייט אויך געקומען זיך מודה זיין אויף אייער זינד? — האט ער אויסגערופען מיט צאָרן.

— אה, ניין, מיין האר! — האט א קנעכט אויסגערופען — מיר זיינען געקומען אנזאגען אונזער האר אז שפּן איז ארונטער פון זינען!

גלעד האט זיי אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— וואס מיינט איהר? — האט ער זיי געפרעגט.

— לעצטע נאכט ווען מיר האבען זיך אלע געקליבען צו געהן שלאָפען, איז

שפּן פלוצלונג ארויסגעשפּרונגען פון זיין געלעגער און אויסגעשריען:

"זי איז אונשולדיג! איך זאג אייך אז רעומה איז אונשולדיג!"

— מיר זיינען אלע דערשראָקען געווארען ווען מיר האבען פון איהם אזעלכע רייד געהערט און מיר האבען בעשלאָסען אז ער איז גערירט געווארען פון זינען.

— יע, — האט נאָך א קנעכט א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ — ער האט נאָך געשריען אז מאָרגען אין דער פריה וועלען זיך אלע איבערצייגען אז רעומה איז אומשולדיג! זי איז ריין פון זינד ווי אונזער הארינטע מרה און אלע אנדערע פרויען פון מצפה. אזוי האט ער געזאגט. דאן זיינען מיר שוין געווען זיכער אז ער איז משוגע געווארען און מיר האבען איהם צוגעבונדען צו זיין געלעגער, און אויך יעצט זיינען מיר געשטאנען פון וויטען און געהאלטען אויף איהם אן אויג, כדי ער זאל קיינעם קיין שלעכטעס נישט טאָהן.

גלעד האט בעטראכט שפּנ'ען וועלכער איז געשטאנען עטוואס אפּגערוקט און געציטערט פון שרעק.

— קום אהער, שפּן! — האט ער איהם בעפוילען.

שפּן איז צוגעקומען. זיין פּנים איז געווען טויט בלאַס און זיינע אויגען פול מיט טרעהרען.

— וואס איז מיט דיר? — האט גלעד זיך צו איהם אפּגערופען.

— מיין האר! איך בין ביים פולען זינען! איך האב זעהר שטארק געזינדיגט געגען מיין האר!

— אבער וואס מיינסטו דאמיט? — האט גלעד אויסגערופען.

— רעומה איז ריין און אומשולדיג פון דעם פערברעכען אין וואס זי איז בעשולדיגט געווארען. עס איז אלעס מיין שולד!

די קנעכט האבען זיך איבערגעוואונקען און גלעד האט זיך אפּגערופען:

— איך גלויב אז דיינע פרייגד האבען רעכט, דו ביזט ווירקליך גערירט פון זינען.

— אָה, ניין, ניין מיין האר, איך בין ביי מיין פולען פערשטאנד, בלויז מיין געוויסען פּלאגט מיר, אויך וויים אז די אומגליקליכע רעומה ליידט אומזיסט. זי איז אזוי ריין ווי א מלאך!

— אבער פאַרוואס דערצעהלסטו מיר נישט וואס דו מיינסט.

— מיין האר ווייס דאך אז איך בין געווען דער ערשטער וועמען עמרי האט גענומען געפאַנגען. מיין שרעק איז געווען זעהר גרויס. ער האט מיר גענומען פרעגען פערשיעדענע פראגען וועגען מיין האר און ווען איך האב איהם נישט געוואלט דערצעהלען, האט ער מיר געסטראשעט מיט'ן טויט. אזוי בין איך געווען געצוואונגען איהם אלעס צו דערצעהלען.

— און וואס האסטו איהם דערצעהלט? — האט זיך שוין גלעד פּעראינטערעסירט.

— ער האט מיר געפרעגט איך זאל איהם זאגען צוליעב וועלכען צוועק מיין האר רייזט ארום און איך האב געמוזט איהם דערצעהלען דעם אמת...

— אבער וואס האט עס צו טאָהן מיט רעומה'ן? — איז גלעד אומגעדולדיג געווארען.

— ער האט מיר גענומען צווינגען צו דערצעהלען זאכען וועגען רעומה'ן, און איך וויים נישט ווי אזוי עס איז געשעהן.... איך האב איהם אלעס דערצעהלט... אלעס וואס איך האב געוואוסט... אָה, מיין האר, זיי מיר מוחל. אבער דאס וואס דער רויבער עמרי האט מיין האר דערצעהלט וועגען רעומה'ן איז געווען א ליגען! ער האט זיך מיט רעומה'ן קיין מאָל נישט געטראָפען נאכדעם ווי זי איז געווארען מיין האר'ס פּלגש... ער האט מיין האר גענארט...

— אבער פון וואנען האט ער געוואוסט מיר איבערצוגעבען אזא סוד?

— דאס האב איך איהם דערצעהלט!

— האט שפּן אויסגערופען און זיך גע־נומען טרייסלען פון שרעק.

— דו ?!

— יע, מיין האר, איך האב איהם דערצעהלט און ער האט זיך דערמיט בענוצט צו מאכען א שענדליכען בלבול אויף רעומה'ן!

— עס איז אונמעגליך! — האט גלעד אויסגערופען—פון וואנען האסטו געוואוסט אזא זאך ?! האט גאר אימי־צער פון אייך געוואוסט אז רעומה דארף אין גיכען ווערען א מוטער ? — האט ער זיך געווענדעט צו די איבעריגע קנעכט.

— ניין! — האבען אלע מיט אמאל אויסגערופען.

— טו ווי קומט עס אז דו אליין האסט געוואוסט דערפון! — האט גלעד זיך אפּגערופען צו שפּנ'ען, נישט אנ־דערש אז דו ביזט ארונטער פון זינען.

— איך בין דער איינציגער פון די קנעכט וועלכער האט געוואוסט דעם סוד, דעם זעלבען טאָג ווען מיין האר האט זיך דערפון דערוואוסט!

— דאס איז אונמעגליך! — האט גלעד אויסגערופען — קיינער האט דיר אזא זאך נישט דערצעהלט.

— איך מוז מיך מודה זיין אז איך האב שטארק געזינדיגט — האט שפּן געזאגט מיט א נידעריגע שטימע—איך האב זיך אונטערגעהערט ווען רעומה האט מיין האר פערטרויט וועגען דעם.

— און ווי קומסטו צו זיין אין מיין הויז אזוי פריה ?

— איך האב ליעב געהאט רעומה'ס דינסט, און ווען איך האב זי שוין עט־ליכע טעג נישט געזעהען, בין איך אריין אינוויינינג אין מיין האר'ס הויז, פיר־לייכט וועל איך איהר דערזעהען. דאן האט זיך צו מיינע אויערען דערטראגען א געשפּרעך פון מיין הארינטעס צימער. איך האב געמיינט אז דאס הער איך די שטימע פון דער דינסט, האב איך צוגע־נייגט מיין אויער צו דער טיהר און דאן האב איך געהערט דעם געשפּרעך וואס רעומה האט געהאט מיט מיין האר, און אזוי האב איך זיך דערוואוסט פון דעם סוד אין דערזעלבער צייט ווען מיין האר האט זיך דערוואוסט... און יעצט זעהט שוין מיין האר אז רעומה איז גע־ווען אומשולדיג!

— אַה, גאָט, וואס האב איך געטאָהן!
— האט גלעד אויסגערופען — זי איז געווען אומשולדיג! עמרי האט מיר ווירקליך גענארט... אַה, פארוואס האסטו עס מיר נעכטען נישט געזאגט! ארימע רעומה! זי האט זיך געבעטען און גע־שווארען אז זי איז אומשולדיג... וואס האב איך צו איהר געטאָהן! אַה, מרה! מרה! דו הערסט מרה!

באלד איז מרה ארויסגעקומען א דער־שראָקענע.

— וואס איז געשעהען ?!

— אַה, מרה! רעומה איז אומשול־דיג! דו הערסט זי איז אומשולדיג. דאס קינד וואס זי וועט געבוירען גע־הערט צו מיר! יע, איך בין דער פאטער פון דעם קינד! גאָט האט מיינע אויגען געעפענט. זי איז אזוי ריין ווי א מלאך! אַה, ווי גרויזאם איך האב זי בעהאנ־דעלט, די אומגליקליכע רעומה!

— וואס רעדסטו, גלעד ?! פון וואַ־נען האסטו זיך אזא זאך דערוואוסט ? גלויב נישט וואס מען זאגט דיר, האסטו דען נישט געהאט גענוג בעווייזע אז זי איז שולדיג אין אלעם, אז זי האט דיר פערראטהען. זי! די....

— שווייג! שווייג! זאג איך דיר!
— האט גלעד אויסגערופען — עמרי האט מיך גענארט! רעומה האט איהם אפילו נישט אנגעקוקט.

— און פון וואנען האט ער געוואוסט דיר אזעלכע זאכען צו דערצעהלען.

— ער האט איהם דערצעהלט! — האט גלעד אנגעצייגט אויף שפּנ'ען וועלכער איז געשטאנען ווי א בעשול־דיגטער מיט ארונטערגעבויגענעם קאָפּ.

— ער ? וואס רעדסטו ? ווי קומט ער דערפון צו וויסען ?

גלעד האט מרה'ן איבערגעגעבען אלעס וואס שפּן האט איהם דערצעהלט.

— איך מוז לויפען צו די שופטים!

איך מוז פאַר אַלעמען ערקלעהרען רעומה'ס אומשולד! אַה, גאָט ווייס וואס מיט איהר האט פּאַסירט! איך מוז גלייך געהן זי אויפזוכען! די שופטים וועלען מיר העלפען! זיי וועלען מיטשיקען מיט מיר מענשען. אַה! מעגליך אז איך האב זי צוריקגעטריבען אין די הענט פון דעם רויבער. עס איז מיין שולד! איך האב זיך פערלאָרען! אַה, גאָט, העלף מיר!

— בערוהיג זיך, גלעד! — האט מרה זיך צו איהם אפּגערופען — דו וועסט זי געוויס געפינען! אויב דאס איז א ליגען און עמרי האט אויף איהר א בלבול אויסגעטראַכט, וועט זי דאך געוויס צו איהם נישט געהן!

— ווער ווייס וואוהין זי איז געגאנגען. מעגליך אז זי איז צוריסען געווארען פון חיות אויף דעם וועג, און מיין נישט געבוירענער קינד! וואו איז ער יעצט? טויט צוזאמען מיט זיין מוטער! אַה, גאָט, ווי שרעקליך דו שטראָפסט מיר!

— זאָרג נישט, זי לעבט נאָך! זי איז זיכער ווייט נישט געגאנגען! — האט מרה געזאגט.

— קום מיט מיר! — האט גלעד א נעהם געטאָהן שפּנ'ען ביי זיין האנט— קום מיט מיר צו די שופטים. דו האסט אויף מיר דיזען אומגליק געבראכט! דו אומווירדיגער קנעכט! קום ערקלער זיי אַלעס, זאלען זיי זיך אַלע איבערצייגען אז רעומה איז אומשולדיג, אז עמרי האט א שענדליכען בלבול אויף איהר געמאכט.

גלעד און שפּן האבען זיך גלייך געלאָזט געהן מיט שנעלע טריט צו דעם פּלאַץ וואו די שופטים פערזאמלען זיך.

— עס איז דאך אזוי פריה, דו וועסט די שופטים דארטען נאָך נישט טרעפען! — האט מרה נאָכגעשריען איהר מאַן.

גלעד האט זיך א ווילע אפּגעשטעלט און ער האט צוגערופען די איבעריגע קנעכט.

— געהט אריבער צו די שופטים אין זייערע וואוהנונגען און זאגט זיי אז איך גלעד, ווארט אויף זייער קומען, איך האב זיי זעהר וויכטיגעס מיטצוטיילען! און אויב זיי שלאָפען נאָך זאגט זיי אז זיי זאלען זיך צואיילען.

די קנעכט האבען זיך פערנייגט און שנעל זיך אוועקגעלאָזען איבער דער שטאָדט צוזאמענצורופען די שופטים.

גלעד און שפּן זיינען אנגעקומען אויף דעם פּלאַץ וואו די שופטים דארפען צוזאמענקומען און האבען נאָך דארטען קיינעם נישט געטראָפען.

— אַה, פאַרוואס נעהמט עס זיי דארט אזוי לאנג! — האט גלעד אויסגערופען מיט גרויס אומגעדולד.

שפּן איז געשטאנען איינגעקאָרטשעט אין דרייען און האט זיך געטרייסעלט פון שרעק.

— זאל דיר גאָט בעשטראָפען ווי דו האסט מיר אזוי פיעל צרות פערשאפט! — האט גלעד זיך אפּגערופען — ווי אזוי האסטו געוואגט זיך איינצוהערען צו אונזער געשפּרעך...

— זאל מיר מיין האר מוחל זיין... איך האב זעהר פיעל געזינדיגט געגען דיר!

— זאל נאָר גאָט געבען עס זאל נישט זיין צו שפּעט זי אומצוקעהרען. — האט גלעד צו זיך גערעדט—אַה, מיין קינד! וועל איך נאָך אמאל זוכה זיין צו האלטען דאס קינד וואס זי וועט צו מיר געבוירען, אויף מיינע הענט.

באלד זיינען צוזאמענגעקומען די שופטים און פיעלע אַנדערע חשוב'ע מענשען פון שטאָדט וועלכע האבען זיך דערפון דערוואוסט.

— איך בעט אייך, העלפט מיר! איך האב א גרויסען פעהלער בעגאנגען. רעגמה איז אומשולדיג... זי איז ריין פון זינד, דאס קינד איז מיינס! יע, איך בין דער פאטער פון איהר קינד וואס זי דארף געבוירען!

די שופטים האבען איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— וואס דו האסט חרטה? בלויז נעכטען האסטו איהר בעשולדיגט און יעצט ווילסטו איהר שוין צוריק קרי־

גען. לויט די בעשולדיגונג און די בעשטעטיגונג פון די עדות, האט זי דעם שטראָף פערדינט.

— אבער איך בין פערפיהרט געווארען! עס איז א ליגען! דער רויבער עמרי האט מיר גענאַרט און ער, מיין קנעכט שפן, איז אין דעם שולדיג!

גלעד האט אויך פאר די שופטים ערקלעהרט אלעס וואס דא איז פאָרגעקומען, און דער הויפט פון די שופטים האט זיך אָפּגערופען:

—יע, מיר זעהען, אז א שוידערליכער בלבול איז אויף דיין פלגש געמאכט געווארען, אָבער אין דעם ביזטו אליין שולדיג... דורך דיין שרעקליך אייפערזוכט האָסטו עמרי'ן געגלויבט און דורך דיין צאָרן און אויפרעגונג האָסטו זי פארטריבען.

— און אין דעם איז זעהר פיעל שולדיג דיין קנעכט שפן—האט א צווייטער שופט אויסגערופען — ווען ער וואלט אויפ'ן משפט דערצעהלט דעם אמת, וואלט דאך צו קיין זאך נישט געקומען.

— ער האט אויף מיר דיזען אומגליק געבראכט!—האט גלעד אויסגערופען מיט ביטערנים.—ער האט געהאט די חוצפה אריינצוגעהן אין מיין הויז און צו נייגען זיין אויער צו מיינע טיהרען... ער האט מיין סוד אויסגעפונען און דערנאָך דעם איבערגעגעבען צו עמרי'ן.

— ער האט דערפאר א גרויסען שטראָף פערדיענט!—האט אן אנדער שופט געזאגט—ער איז בעגאנגען דריי פערברעכען מיט אמאָל: ער האט זיך אונטערגעהערט ביי דיינע טיהרען, ער האט דיין סוד פאר דיין שונא דערצעהלט און ער האט די גאנצע צייט געוואוסט, אז זי איז אומשולדיג און דערלאָזען אז די שופטים זאלען איהר משפט'ן און זי פון שטאָדט מיט חרפה פערטרייבען...

— איך וואלט איהם פיליכט געקענט מוחל זיין פאר די לעצטע צוויי אבער פאר זיין ערשטען זינד, זיך אונטערצוהערען אין מיינע טיהרען, אין דער צייט ווען ער האט קיין רעכט נישט געהאט אפילו אריינצוגעהן אין מיין הויז, פאר דעם וועל איך איהם שטארק בעשטראָפען—האט גלעד געזאגט.

— דאך וואָלסטו געדארפט האבען מיט איהם איינזעהעניש — האט נאך איינער זיך אָפּגערופען—ווען ער וואלט זיך נישט מודה געווען וואלסטו דאך קיינמאָל נישט אויסגעפונען אז רעומה איז אומשולדיג. דאס בעוויזט, אז דיין קנעכט שפן האט א געוויסען... און טראָץ דעם וואס ער האט געוואוסט, אז ער וועט בעשטראָפט ווערען, האט ער נישט געקענט רוהען ביז וואנען ער האט דיר דערצעהלט דעם אמת.

— יעצט פרעג איך אייך וואס זאל איך טהאן?—האט גלעד זיך צו די שופטים געווענדעט—איך וויים נישט וואוהין זי איז געגאנגען... ווער וויים אויב עס איז שוין נישט צו שפעט?

— זי מוז זיך געפינען נישט וויט! מעגליך, אז זי האט זיך אָפּגעשטעלט אין א דערבייאיגען דארף.—האט א שופט געזאגט. — גלויבסטו פיליכט אז זי איז אוועק צו עמרי'ן?

— ניין, דאס איז אומעגליך: פריהער האב איך אויך אזוי געמיינט, אָבער ווי נאָר איך האב אויסגעפונען, אז עמרי האט אויף איהר א בלבול געמאכט, פערשטעהט זיך, אז איהר האס צו איהם איז נאך גרעסער געווארען.

— אויב אזוי מיט וואס קענען מיר דיר העלפען?—האט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען צו גלעד'ן.

—איך וויל אז איהר זאלט מיט מיר שיקען מענשען און צוזאמען וועלען מיר איהר געהן זוכען. מעגליך, אז זי האט זיך צוריקגעקעהרט נאָך עמון.

— דאס וועט זיין אומעגליך! ווען די עמונים וועלען דערזעהן, אז דו קומסט אהין מיט מענשען, וועלען זיי חושד זיין, אז מיר זוכען אריינצוגעהן אין א מלחמה מיט זיי.

— אין רבה וועל איך געהן מיט מיינע קנעכט.—האט גלעד געזאגט.—איך וויל

אז די מענשען פון מצפה זאָלען מיר בע־שיצען אין פאַל איך וועל זיך נאָך אמאָל טרעפען מיט דעם רויבער עמרי.

— וויפיעל מענשען אז ערד וועסטו דארפען ?

— פופציג העלדישע יונגע לייט. איך וועל זיי פאר זייער מיה בעצאָהלען !— האט גלעד געזאגט.

— דו ווייסט דאך, אז מיר האבען דיך בעשטימט פאר דעם ראש פון אונ־זער שטאדט, און דו האסט א רעכט צו טהאָן וואס דו ווילסט, קלייב זיך אוים פופציג מענשען און געה זוכען דיין פלגש...

---

מרה איז געווען שטארק ענטטוישט, ווען זי האט געהערט פון איהר מאנ'ס מויל, אז רעומה איז אומשולדיג. אומ־זיסט האט זי זיך געפרעהט, זי האט גע־מיינט, אז זי ווערט שוין פטור פון רעומה'ן, זי וועט מעהר איהר פנים ניט דארפען אַנקוקען און יעצט אויב עס זאָל זיך גלעד'ן איינגעבען זי אויפצוזוכען, וועט זיין ליעבע צו איהר נאָך שטאר־קער ווערען... זי האט בעמערקט די אויפרעגונג פון איהר מאן, ווי שנעל ער איז געלאָפען צו די שופטים, און אין איהר הארצען האט זי געוואונשען, אז רעומה זאָל זיך שוין קיינמאָל נישט אומקעהרען.

איינינע דיענסטען וועלכע זיינען גע־ווען נעבען מרה'ן, האבען נישט געקענט פערשטעהן פארוואס זייער הארינטע איז פלוצלונג געווארען אזוי פערבי־טערט.

דא האבען זיך די פיער קנעכט אומ־געקעהרט און מרה האט זיי געפרעגט וואס זיי האבען געהערט.

— אונזער האר וועט אויסקלייבען פופציג יונגע לייט און וועט מיט זיי אוועקגעהן אויפזוכען רעומה'ן.

— און וואו איז דער אומווירדיגער שפן ?—האט מרה געפרעגט.

— ער איז פערבליבען מיט אונזער האר.

— איך גלויב, אז ער האט אין גאנ־צען א ליגען געזאגט.

— דאס וואס מיר האבען געטראכט !—האט זיך א קנעכט אויסגערופען— מיר זיינען געווען זיכער, אז שפן איז פון זינען ארונטער... ווען מיר האבען לעצטע נאכט פון איהם געהערט מאָדנע רייד, זיינען מיר אלע צו באשלוס געקו־מען ,אז שפן איז משוגע געווארען און מיר האָבען איהם געבונדען ער זאָל קיין שאדען נישט פעראורזאכען.

— פארוואס האט איהר אייער האר נישט געזאגט, אז ער איז משוגע ?— האט מרה געפרעגט.

— מיר האבען אונזער האר גלייך גע־זאגט אז ער איז געריהרט און מען דארף קיין געוויכט נישט לייגען אויף זיינע רייד, אָבער אונזער האר האט איהם ערנסט גענומען...

— ווען איך האב געהערט ווי שפן האט דערצעהלט מיין האר, אז ער איז יענעם פריהמאָרגען אריין אינוועניג אין מיין האר'ס הויז, האב איך גלייך גע־וואוסט, אז ער איז א ליגנער.. ווייל איך געדענק זעהר גוט, אז יענעם פריהמאָר־גען איז שפן אויף א רגע נישט אפגע־טראָטען פון מיר. מיר האבען דאןביידע געריייניגט דעם שייער... מיר זיינען בייד־דע גלייך אויפגעשטאנען און איך בין זיכער, אז שפן איז אויף א רגע נישט אוועק פון דאָרטען...

— און פארוואס האָסטו עס נישט גלייך געזאגט דיין האר ?—האט זיך מרה אויף איהם א בייזער געטהאן.

—מיין האר האט געגלויבט אלעס וואס שפן האט איהם דערצעהלט, אז איך האב מורא געהאט זיך אריינצומי־שען.

— אָבער ווען דו ביזט געווען אזוי זיכער, אז שפן איז יענעם טאג גארניט געווען אין אונזער הויז, האָסטו דאך געקענט פאר איהם איבערציייגען, און דאן וואלט גלעד געוואוסט, אז אדער שפן איז א ליגנער אָדער ער איז משוגע געווארען.

— פּיעלייכט איז עס נאָך נישט צו שפּעט ! — האָט א צווייטער קנעכט א יאָג געטהאָן, — אונזער האַר און שפן שטעהען יעצט בעפאָר די שופטים און ווען ער וואָלט ערקלעהרט וועגען דער אומעגליכקייט פון שפן׳ם אריינגעהן אין אונזער האַר׳ס הויז, וואָלטען זיך אַלע איבערצייגט, אז מען קען גאַרנישט בויען אויף זיינע רייד.

— קום, שנעלער מיט מיר ! — האָט זיך מרה צו איהם אָפּגערופען — דו וועסט מוזען פאַר איהם אַלעס זאָגען.

מרה האָט צוגערופען די דיענסט וועמען שפן האָט ליעב געהאַט און זי האָט זיך צו איהר אָפּגערופען :

— ווייסטו וואָס שפן האָט נאָר וואָס געטהאָן ?

— ניין, מיין האַרינטע איך ווייס נישט ! — האָט די דיענסט געענטפערט א צושראָקענע.

— ער האָט א ליגען געזאָגט... ער האָט געזאָגט גלעד׳ן, אז ער האָט עמרי׳ן דערצעהלט, אז רעומה דאַרף א מוטער ווערען... און אין דער זעלבער צייט האָט ער דערצעהלט אז דו...

— אָה, ער איז א ליגנער ! — האָט די דינסט אויסגערופען רויט ווערענדיג.

— נו, יעצט זעהט איהר שוין אַלע, אז דאָס וואָס ער האָט דערצעהלט גלעד׳ן אז ער האָט זיך געליעבט אין רעומה׳ס דיענסט איז אויך א ליגען ! — האָט מרה אויסגערופען — קומט מיר וועלען אַלע געהן צו די שופטים ! און דו — האָט זי זיך געווענדעט צו דער דיענסט, דאַרפסט זיך נישט שעהמען צו זאָגען, אז דו ווייסט נישט פון וואָס צו זאָגען, אז דו האָסט שפן׳ען קיינמאָל נישט געליעבט, דאַן וועלען אַלע וויסען, אז שפן איז א ליגנער אדער ער איז געריהרט געוואָרען.

אין א ווייל׳ע אַרום איז מרה אָנגעקומען מיט דער דינסט און די פיער קנעכט צו דעם פּלאַץ וואו די שופטים געפינען זיך און זי האָט נאָך דאָרטען געטראָפען גלעד׳ן.

— דו האָסט זיך דיזען מאָל געלאָזט פערפיהרען פון דעם אומווירדיגען קנעכט, שפן ! — האָט מרה אויסגערופען — ער איז א ליגנער און א בעטריגער.

— אָה, ניין ! ער האָט מיר דיזען מאָל דעם אמת געזאָגט — האָט זיך גלעד אָפּגערופען.

— באַלד וועסטו זיך איבערצייגען, אז ער האָט דיך גענאַרט ! האָט מרה געזאָגט און ווענדענדיג זיך צו יענעם קנעכט, האָט זי אויסגערופען :

— דערצעהל דיין האַר אַלעס וואָס דו האָסט מיר פריהער געזאָגט !

— וואָס וועסטו זאָגען ? — האָט איהם גלעד געפרעגט.

— איך וויל מיין האַר איבערצייגען, אז שפן האָט געזאָגט א ליגען ! — האָט דער קנעכט געענטפערט.

— ניין ! דאָס וועט מיר שוין קיינער נישט איבערצייגען !

— אָבער פון וואַנען האָט שפן געוואוסט וועגען דעם סוד, ער זאָל קענען דערצעהלען עמרי׳ן ? — האָט מרה געפרעגט גלעד׳ן.

— האָב איך דיר דען שוין נישט דערצעהלט, אז ער איז יענעם פריהמאָרגען, ווען רעומה האָט מיר דעם סוד פערטרויט, געווען אין מיין הויז און זיך אונטערגעהערט נעבען דער טיהר פון רעומה׳ס צימער.

— אויב אזוי וועסטו יעצט עפּעס הערען ! — האָט מרה געזאָגט און געהייסען דעם קנעכט ריידען.

— מיין האַר, יענעם פריהמאָרגען, ווען שפן האָט געזאָלט זיין אין מיין האַר׳ס הויז איז ער גאָר די גאַנצע צייט מיט מיר געווען. מיר האָבען צוזאַמען דעם שייער געריינינגט און איך ווייס, אז ער איז פון מיר אויף א רגע נישט אָפּגעטראָטען.

— וואָס רעדסטו ! — האָט זיך גלעד א בייזער געטהאָן.

— איך שווער ביי אונזער גאָט, אז איך זאָג אמת ! — האָט דער קנעכט אויפגעהויבען זיין רעכטע האַנט.

— איז עס ריכטיג, שפן ! — האָט

גלעד אויף איהם געקוקט מיט שטוינענ־
דע בליקען.

שפּון האט געשוויעגען... ער האט בע־
מערקט די דיענסט, זיין געליעבטע,
שטעהענדיג נעבען מרה'ן און ער איז
געבליבען שטעהן א צוטומעלטער נישט
וויסענדיג וואס צו ענטפערען.

— און נאָך מעהר ! — האט מרה
אויסגערופען — ער האט דיר דאָך גע־
זאָגט, אז ער האָט ליעב רעומה'ס דינסט
און אָט איז זי !... זי לייקענט עס אָפּ !
דארפסטו דען א בעסערען בעווייז, אז
ער איז א ליגנער.

— פארוואס ענטפערסטו מיר נישט.
—האט גלעד א געשריי געטהאן אויף
איהם—דו האסט דאָך געהערט וואס דער
קנעכט, דיין פריינד, האט מיר נאָרוואס
דערצעהלט, פארוואס לייקענסטו נישט
אָפּ. זאָג מיר שנעלער, ווער האט גע־
זאגט דעם אמת ? ער צו דו.

— מיר האבען ביידע געזאגט דעם
אמת, מיין האר ! — האט שפּן געצי־
טערט...

— אויב דו ביזט די גאנצע צייט גע־
ווען מיט איהם טו ווי אזוי האסטו גע־
קענט זיין אין מיין הויז און זיך צוהע־
רען צו דעם, וואס רעומה האט מיט מיר
גערעדט !—איז גלעד'ס אויפרעגונג
נאָך שטארקער געווארען.

— מיר האבען גלייך אונזער האר
געזאגט, אז שפּן איז פלוצלונג משוגע
געווארען און אז מען קען גארנישט
בויען אויף זיינע רייד—האט א צוויי־
טער קנעכט געזאגט.

— איך גלויב אויך אז שפּן איז נישט
ביי זיין פולען פערשטאנד — האט א
שופט זיך אָפּגערופען.

— און דעריבער איז מיין עצה, אז
מען זאָל איהם גלייך בינדען און פער־
שיקען אין געפענגניס, וואו די משוגעים
געפינען זיך... פון דארטען וועט ער שוין
קיינמאָל נישט ארויסגעהן, און וועט
שוין מעהר קיין צרות נישט קענען אנ־
טהאן מיט זיין נארישען צונג.

— זאג מיר, וואס האסטו צו מיר
געהאט !—האט גלעד אנגענומען שפּן'ען
און איהם גענומען טרייסלען.—פאר־
וואס האסטו מיר אזא שרעקליכען ליגען
געזאגט.

— אָה, מיין האר, איך שווער ביי
גאָט, אז איך האב דעם אמת געזאגט, אז
איך האב עמרי'ן אויסגעזאגט.

— און קענסטו זיך אויך שווערען,
אז דו ביזט יענעם פריהמארגען אין מיין
הויז געווען און זיך צוגעהערט.

— ניין !

— אויב אזוי פון וואנען האסטו גע־
וואוסט וועגען דעם סוד, און ווי אזוי
האסטו געקענט עמרי'ן דערצעהלען ?...
—האט גלעד נישט אויפגעהערט צו
שטורמען... — נישט אנדערש, אז די
קנעכט זיינען געווען גערעכט, ווען זיי
האבען דיר געפונען פאר משוגע.

— איך בין ביי מיין קלאָרען שכל
און איך קען שווערען מיט אלע הארבע
שבועות, אז עמרי האָט זיך פון מיר
דערוואוסט — האט שפּן געזאָגט.

— אָבער פארוואָס ווילסטו מיר ניט
דערצעהלען ווי אזוי דו האָסט דערפון
געוואוסט.

— איך קען נישט ! איך קען נישט !

— דאן האָב איך קיין אנדער ברירה
נישט ווי דיר צו ערקלעהרען פאר
משוגע און דיר הייסען איינשפארען
אין געפענגניש, וואו אלע משוגעים גע־
פינען זיך.

— איך צווייפעל, אויב ער איז
משוגע — האט דער ראש פון די ריכ־
טער זיך אָפּגערופען — לויט זיינע רייד
זעהט מען אז ער איז ביים קלאָרען
פערשטאנד.

— אָבער ער ווידערשפּרעכט זיך דאָך
אליין — האָט גלעד געזאָגט — ער
גיט צו, אז ער איז יענעם פריהמארגען
געווען די גאנצע צייט מיט דיזען קנעכט
און אין דערזעלבער צייט זאגט ער, אז
ער איז געווען אין מיין הויז, וואו ער
האָט זיך צוגעהערט צו אלעם וואס קומט
פאָר.

— דעריבער גלויב איך, אז מיר זאָ־

לען איהם הייסען שווערען און דאן ווע־
לען מיר זעהן וואָס צו טאָן מיט איהם.
— ביזטו זיך מודה, שפּן, אז דו
האָסט פערבראכט מיט דיזען קנעכט
יענעם פריהמאָרגען — האָט דער ראש
פון די שופטים איהם געפרעגט.
— יע, מיין האר!
— און וועסטו אויך שווערען אז דו
ביזט אין דערזעלבער צייט געווען אין
גלעד'ס הויז נעבען רעומה'ס טיהר.
שפּן האָט געשוויגען.
— פארוואס ענטפערסטו נישט! —
האָט דער שופט אויף איהם זיך אָנגע־
בייזערט — וועסטו שווערען?
— ניין! — האָט שפּן געענטפערט.
— הייסט דאָס, אז דו גיעסט צו אז
דו האָסט געזאָגט א ליגען!
— יע!
— אויב אזוי האָסטו דאָך וועגען
דעם נישט געוואוסט, און דו האָסט גע־
שוואָרען פאלש אז עמרי האָט זיך פון
דיר דערוואוסט וועגען רעומה'ן.
— איך האָב געשוואָרען דעם אמת.
איך קען נאָך אמאָל וועגען דעם שווע־
רען.
— און פון וואנען האָסטו פון דעם
געוואוסט?
— דאָס קען איך נישט זאָגען!
— ער איז א ליגנער! — האָט מרה
אויסגערופען. ער האָט געשוואָרען פאלש
כדי ריינצוואַשען רעומה'ן.
גלעד איז געבליבען שטעהן צוטומ־
מעלט. ער האָט יעצט גאָר נישט גע־
וואוסט ווי אזוי צו האנדלען... ער האָט
גענייגט צו גלויבען, אז רעומה איז אומ־
שולדיג, און איז געווען גליקליך צו
טראכטען אז דאָס קינד וואָס רעומה
וועט געבוירען וועט געהערען צו איהם,
אָבער דאָך קען ער איצט נישט זיין זי־
כער וועגען דעם, ווייל שפּן ווידער־
שפּרעכט זיך.
— אזוי לאַנג ווי ער זאָגט אונז נישט
פון וואנען ער האָט דיזען סוד דער־
גאַנגען, דאַרפען מיר אָננעהמען אז שפּן
האָט פאלש געשוואָרען, און דערפאר
וועט ער מוזען בעשטראָפט ווערען —
האָט דער ראש השופטים בעשלאָסען—
און יעצט דאַרף מען איהם אוועקפיה־
רען אין געפענגניש, ביז וואנען ער וועט
זיך בעזינען.
— און זאָל מען איהם גלייך געבען
פערציג מלקות — האָט נאָך איינער
פון די שופטים געזאָגט — פאר שווע־
רען פאלש קומט איהם פערציג מלקות.
דער שופט האָט א וואונק געטאָן צו
די שמשים און מען האָט שפּנ'ען אָנגע־
נומען פאר די הענט און איהם גענומען
פיהרען אין שטיבעל וואו די זינדיגע
בעקומען די מלקות.
שפּן האָט זיך גענומען בעטען, וויי־
נען.
— איך האָב ניט געשוואָרען פאלש!
איך האָב דעם אמת געזאָגט. רעומה איז
אומשולדיג. עמרי האָט עס פון מיר
אויסגעפונען.
— אויב דו זאָגסט אונז גלייך נישט,
ווי אזוי דו האָסט פון דעם געהערט,
וועסטו דיינע מלקות מוזען בעקומען!
— האָט דער ראש פון די שופטים זיך
אָפּגערופען. פיהרט איהם אוועק.
די שמשים האָבען איהם גענומען
פיהרען.
— גוט פאר איהם, האָט מרה אויס־
גערופען — ער האָט זיין שטראָף פאר־
דינט.
פלוצלונג האָט זיך די דינסט א לאָז
געטאָן צו די שופטים און מיט טרעה־
רען אין איהרע אויגען האָט זי אויסגע־
רופען:
— איך בעט אייך, בעשטראָפט איהם
נישט! ער האָט דעם אמת געזאָגט. שפּן
איז אומשולדיג! איך בין שולדיג אין
דעם!
— ווארט אויף א ווייל! האָט דער
שופט בעפוילען די שמשים — קעהרט
זיך אום אהער!
די שופטים האָבען צוגעפירט שפּנ'ען
א צווייטען מאָל בעפאָר די שופטים און
דער ראש האָט זיך געווענדעט צו דער
דינסט:
— האָסטו א בעווייז אז שפּן האָט

פאלש נישט געשווארען און דעריבער נישט פערדינט די מלקות?

— יא! — האט די דינסט א שא־קעל געטאן מיט איהר קאפ.

גלעד און מרה האבען זיך דערנעהנ־טערט און אנגעקוקט די דינסט מיט ער־שטוינענדע בליקען.

— דערצעהל וואס דו ווייסט! — האט דער שופט איהר בעפוילען.

— איך האב שפּו'ען ליעב געהאט.

— א וואס פאר א ליגנערין זי איז!

— האט מרה אויסגערופען — זי האט מיר נאר וואס געזאגט, אז זי האט פון איהם גאר נישט געטראכט.

— איך בעט דיר, מרה, אונטערברעך נישט איהרע רייד! — האט זיך גלעד צו איהר אפגערופען.

— יע, עס איז מיין שולד! — האט די דינסט פארטגעזעצט — איך האב זיך אונטערגעהערט ביי רעומה'ס טיהר.

— דערצעהלט אונז ווי דאס איז גע־שעהן!

— יעדען פריהמארגען פלעג איך אריינקומען צו רעומה'ן אין צימער און איהר פרעגען וואס זי פערלאנגט — האט די דינסט זיך אפגערופען — יע־נעם פריהמארגען האב איך אויך געטאן דאסזעלבע. איך בין צוגעגאנגען צו דער טיהר און שוין געוואלט אנקלאפען, ווען פלוצלונג האט זיך צו מיינע אויערען דערטראגען א געשפרעך. איך האב צו־געלייגט מיין אויער און געהערט ווי רעומה רעדט מיט מיין האר גלעד'ן... איך ווייס, אז איך בין דאמיט בעגאנ־גען א פערברעכען... אבער מיין נייגי־ריגקייט איז זעהר גרויס געוועז, און דאן האב איך געהערט ווי רעומה דער־צעהט גלעד'ן אז אין גיכען וועט זי פאר איהם זויגען א קינד.

— און דו האסט עס נאכהער דער־צעהלט צו שפּנ'ען? — האט דער שופט געפרעגט.

— יא, איך האב איהם ליעב געהאט און בלויז איהם האב איך דאס אנ־פערטרויט. א, ווען איך וואלט געוואוסט וויפיעל צרות דאס וועט אנמאכען, וואלט איך דאס קיין מאל נים געטהאן. איך האב שפּו'ען ליעב און ער האט מיך אויך שטארק ליעב, דעריבער האט ער נישט געוואלט אויסזאגען אז איך האב איהם דאס דערצעהלט, כדי איך זאל נישט דארפען ליידען צוליעב דעם.

א גליקליכער שמייכעל האט זיך בע־וויזען אויף גלעד'ס פנים.

— יעצט איז שוין ארונטער יעדער צווייפעל! — האט ער אויסגערופען מיט שטראהלענדע אויגען — שפּן האט זיך דאס דערוואוסט פון דער דיענסט, ער האט עס דערצעהלט פאר עמרי'ן און עמרי האט דורך דעם געזוכט צו מאכען א בלבול אויף רעומה'ן. אה יע, רעומה איז אומשולדיג! דאס קינד איז מיינס!

— לאזט איהר אפ, זי איז פריי! — האט דער ראש פון די שופטים זיך אפ־גערופען צו די שמשים — שפּן האט פארדינט לויב פאר זיין האנדלונג. ער איז געוועזן גרייט צו קריגען א שטראף כדי זי זאל נישט דארפען ליידען. און דו גלעד, האף איך, אז דו וועסט זיי ביי־דען מוחל זיין, דיין דינסט און דיין קנעכט זיינען עהרליך און ווען זיי האבען זיך אפילו בענארישט, האבען זיי דאס אבער ניט געטהאן מיט א שלעכ־טער כונה.

— ווען איך זאל נאר קענען געפינען רעומה'ן — האט גלעד אויסגערופען.

— קלייב אוים די פופציג העלדישע יונגע לייט און געה זוכען דיין פלגש! — האט דער ראש פון די שופטים זיך אפגערופען. און זאל דיר גאט מצליח זיין.

## עלפטער קאפיטעל

## דאס זוכען

גלעד האט מיטגענומען פופציג יונגע לייט פון מצפה און האט זיך מיט זיי ארויסגעלאזען זוכען זיין פלגש וועמען ער האט פארטריבען.

ווען זיי זיינען ארויס פון שטאדט האט גלעד זיך גענומען בעראטהען מיט

זיינע מענשען וואוהין ער זאָל פריהער געהן זי זוכען.

— לויט מיין מיינונג קומט אויס אז רעומה איז געווים געגאנגען צו דעם נאָהענטסטען פּלאַץ! — האָט איינער פון די יונגע לייט זיך אָפּגערופען — און אזוי ווי די הויפּט־שטאָדט פון עמון איז נעהנטער פון יעזר און פון איהר געבורטססטאָג, איז זי געווים אהין געגאנגען, בפרט אז עס איז געוועזן אין רבה וואו דו האָסט זי צום ערשטען מאָל געטראָפען.

— דאן וועלען מיר זיך פּארנעהמען אויף׳ן וועג וואס פיהרט צו עמון! — האָט גלעד אויסגערופען — אָבער נישט אלע וועלען קענען מיט מיר מיטגעהן נאָך עמון.

— וויפיעל פון אונז זאָלען מיטגעהן מיט דיר? — האָט איהם איינער געפרעגט.

— איך וועל מיטנעהמען בלויז פינף און די איבעריגע וועלען אויף מיר וואַרטען א שטיקעל מרחק פון שטאָדט, ניט וויט פון גרעניץ — האָט גלעד געענטפערט. איך וועל לאנג זיך דארט נישט פארזאמען. און ווען איך וועל זי דארט נישט טרעפען, דאן וועל איך זיך גלייך צוריקקעהרען און מיר וועלען אפּרייזען נאָך יעזר.

— אויב זי וועט דארטען נישט זיין, איז זי געווים אוועק צו עמרי׳ן! — האָט נאָך איינער געזאָגט.

— אָבער זי וועט דאך נישט געהן צו א מאן וועלכער האָט איהר אָנגעטהאָן אזוי פיעל צרות! — האָט אן אנדערער געזאָגט.

— עס איז מעגליך אז צוליעב דעם וואס מען האָט זי פאלש בעשולדיגט, וועט זי עס טהאָן להכעים און טאקע אוועק געהן צו איהם.

— אויב זי געפינט זיך ביי עמרי׳ן וועל איך זי מיט געוואלד אוועקנעהמען פון איהם, און אויב ער וועט זי נישט וועלען מיר אָפּגעבען וועלען מיר מיט איהם קעמפּפען. איהר זייט אלע גוט בעוואפענט.

— אָבער ווי מיר האָבען געהערט — האָט איינער געזאָגט — האָט ער פיעל מעהר מענשען ווי מיר און זיי זיינען דאך מעהר געאיבט אין מלחמה ווי מיר, וועלען מיר דען קענען ארויסציינען א ווידערשטאנד?

— ווען עס וועט נויטהיג זיין וועל איך קריגען הילף פון די איינוואוינער פון יעזר! — האָט גלעד געענטפערט און עס וועט לאנג נישט דויערען ביז וואנען מיר וועלען איהם בייקומען.

— און אויב אונזער האר וועט זי אויך דארט נישט געפינען?

— דאן וועלען מיר אפּרייזען נאָך בשן, צו איהר געבורטסשטאָדט. אויב מיר וועלען זי ניט טרעפען אין עמון אָדער ביי עמרי, וועלען מיר זי געפינען אין איהר פאָטער׳ס הויז! און איך האָף אז גאָט וועט מיר בעגליקען אין וועג און מיר זי צוריקשיקען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען נישט וויט פון דעם גרעניץ פון עמון, האָט גלעד מיטגענומען פינף מענשען פון די פופציג יונגע העלדען, און איז מיט זיי אריינגעפאָהרען אין רבה, די הויפּט־שטאָדט פון עמון.

ער איז גלייך אוועק צו דעם פּלאַץ וואו ער האָט רעומה׳ן צום ערשטען מאָל געטראָפען. ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגען ביי די מענשען וועלכע האָבען זי געקענט אָבער מען האָט איהם געענטפערט אז זי איז זינט דאן, ווען ער האָט זי פון רבה אוועקגענומען, נישט געזעהען געווארען.

גלעד איז גלייך אוועק צו דעם הויז וואו רעומה האָט אמאָל געוואוינט, און אויך דארטען האָט ער געקראגען דעם זעלבען ענטפער.

ווען ער איז פון דארטען ארויס, האָט ער בעשלאָסען מעהר זי נישט צו זוכען אין רבה. ער האָט זיך געלאָזט געהן צו די טויערען פון שטאָדט מיט זיינע פינף מענשען.

פון וייטען האָט ער בעמערקט ווי אימיצער קוקט אויף איהם מיט נייגעריגע בליקען. ער האָט זיך דערנעהנטערט

און ער האָט גלייך דערקענט גרים'ן וועלכער האָט מיט א טאָג פריהער איהם בעזוכט אין מצפה.

— איך בין זעהר צופריעדען וואס דו האָסט ווידער אָנגעהויבען צו האנדלען מיט די סוחרים פון אונזער שטאָדט — איז גרים צו איהם צוגעגאנגען — איך ווייס אז אלע סוחרים קוקען שוין לאנג אוים אויף דיין סחורה.

— אָ ניין, מיין פריינד, — האָט איהם גלעד געענטפערט. איך בין נישט געקומען האנדלען, איך בין דא געקומען זוכען מיין פלגש, רעומה'ן.

— דיין פלגש ? — האָסטו דען מיר נישט געזאָגט, ווען איך בין אין דיין הויז געווען אז דו האָסט זי פון דיין הויז פארטריבען, ווייל זי האָט דיך פאררֹאטהען.

— יא, אָבער איך האָב אויסגעפונען אז עס איז געווען א מיספארשטענדניס. מיין פלגש איז מיר געטריי געווען און דער רויבער עמרי האָט מיר גענארט— איך בעט דיר גרים, דו האָסט דאך רעומה'ן געזעהען ווען דו ביזט צום ערשטען מאָל געקומען אין מיין הויז, פיעללייכט וואָלסטו מיר געהאָלפען זי אויפזוכען, איך וועל דיר בעלוינען !

— מיט פארגעניגען וועל איך דאס טאָהן — האָט גרים געענטפערט — איך ווייס ווי שלעכט דו מוזט פיהלען, ווייל זי איז דאך א זעלטען שעהנהייט געווען.

— איך וועל דיר אָנצייגען די פלעצער וואו זי פלעגט פריהער זיין און איך וועל דיר בעטען אהין געהן יעדען טאָג, און אזוי שנעל ווי דו וועסט זי דארט טרעפען זאָלסטו מיר קומען אָנזאָגען, און איך פארזיכער דיך אז דו וועסט קריגען פאר דעם פיעל מעהר געלט, ווי דו וואָלסט קריגען ריוח פון די סחורה וואס דו וואָלסט פון מיר געקויפט.

— דו מעגסט זיין רוהיג, איך וועל שוין ניט דורכלאָזען קיין איינציגע גאס פון רבת וואו איך וועל זי נישט זוכען! — האָט גרים געענטפערט. און אויב דו וועסט מיר ערלויבען, וועל איך דיר קומען בעזוכען אין דיין שטאָדט אויסצוגעפינען אויב רעומה האָט זיך אפגעזוכט.

— איך וועל פון דאנען אפרייזען נאָך יעזר, וואו עמרי געפינט זיך, פיעללייכט איז זי אוועק צו איהם.

— אויב זי איז אוועק צו עמרי'ן, דאן איז קיין האָפנונג ניטאָ אז דו וועסט זי צוריק קריגען — האָט גרים געזאָגט מיט א שמייכעל. — עמרי וועט נישט אזוי שנעל זי צוריק געבען.

— איך האָב מיט זיך פופציג יונגע העלדען און ווען עס וועט נויטהיג זיין וועל איך קריגען מעהר און איך וועל זי פון איהם מיט געוואלט אוועקנעהמען— האָט גלעד זיך אפגערופען צו גרים'ן.

ווען גליעד איז אוועק פון רבה, האָט גרים גענומען טראכטען ווי אזוי ער זאָל איהם פארלויפען דעם וועג און געפינען רעומה'ן איידער גלעד געפינט זי.

ער האָט געצווייפעלט אז רעומה זאָל אוועקגעהן צו עמרי'ן. ער איז געווען זיכער אז זי וואָלט בעסער געקומען צו איהם זוכען שוץ. פון דעסטוועגען איז ער נישט געווען גאנץ זיכער. מעגליך — האָט ער זיך געטראכט, אז זי וועט יעצט אוועקגעהן צו עמרי'ן להכעים גלעד'ן. דעריבער האָט ער גענומען אן אייזעל און איז אוועק דורך אן אנדער וועג ביז וואנען ער איז אָנגעקומען הינטער דער שטאָדט, וואו די געצעלטען פון עמרי'ן האָבען זיך געפונען.

— וואָס ברייננגט דיך אהער, צו מיר, גרים ? — האָט עמרי איהם געפרעגט.

— דו ווייסט דאך אז איך בין דיין גוטער פריינד, האָט גרים איהם געזאָגט און איך בין דיר געקומען אָנזאָגען, אז דו זאָלסט פארשטארקען דיין וואך ארום דיין געליעבטער רעומה.

— איך פארשטעה נישט וואס דו מיינסט ! — האָט איהם עמרי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— האָט דיר דען רעומה אלץ נישט דערצעהלט?

— רעומה ? ! — ווי קומט זי צו מיר ? !

— ווייסטו דען ניט אז גלעד האָט זי פארטריבען און יעצט האָט ער שטארק חרטה ? — ער איז שוין געווען זי זוכען אין רבה און ווען ער האָט זי דארטען ניט געטראָפען, האָט ער בעשלאָסען צו קומען צו דיין לאַגער.

— זאָל ער קומען ! איך וועל האָבען נאָך עטוואס שפּאס מיט איהם — האָט עמרי געזאָגט מיט א שמייכעל.

— דו דאַרפסט אָבער זיין מעהר פארזיכטיג דיעזען מאָל ! — האָט איהם גרים געווארענט — גלעד קומט אָן מיט פופציג יונגע העלדען און ער האָט מיר געזאָגט אז ווען ער וועט זיך נויטהיגען וועט ער קריגען מעהר און ער וועט זי פון דיר מיט געוואלד אוועקנעהמען.

— יעצט זוכסטו צו טרייבען שפּאס מיט מיר ! — האָט עמרי זיך אָפּגערופען.

— האָבען מיר דען ניט געשלאָסען צוזאמען א בונד פון שלום, אז איינער זאָל העלפען דעם צווייטען, דעריבער ווען איך האָב געזעהען אז דו און רעומה זיינען אין געפאהר, בין איך שנעל געלאָפען דיר אָנזאָגען, כדי דו זאָלסט זיך ווישען ווי אויסצוהיטען.

— אָבער איך זאָג דיר, אז איך האָב רעומה'ן ניט געזעהען זינט זי האָט פארלאָזען די הויפּט שטאָדט פון עמון!

— און פון וואַנען האָסטו געוואוסט צו דערצעהלען גלעד'ן פון אזעלכע סודות ?

— דאס האָב איך ארויסגעקראָגען פון איינעם פון זיינע קנעכט און איך האָב זיך מיט גלעד'ן געדרייצט.

— אויב אזוי וואוהין האָט זי געקענט געהן ? — האָט גרים זיך אָפּגערופען.

— זי מוז געווים זיך בעהאלטען ערגיץ אין מצפה — האָט עמרי געזאָגט.

— גלעד וועט באלד אָנקומען און איך וויל ניט אז ער זאָל מיר זעהען — האָט גרים געזאָגט. איך וועל זיך בעהאלטען נישט ווייט פון דאנען און אין פאל דו וועסט זיך נויטהיגען אין הילף וועל איך קענען עפּעס טהאָן.

— איך דאנק דיר, גרים ! — האָט עמרי געענטפערט, אָבער איך גלויב, אז איך וועל אין קיין הילף זיך נישט נויטיגען, און דאָס וואָס דו ביזט צו מיר יעצט געקומען אָנזאָגען, זעה איך, אז דו ביזט ווירקליך מיינער א פריינד און דו מעגסט זיכער זיין, אז איך וועל דיר אָפּצאָהלען פאר דיין טובה.

גרים איז אוועקגעגאַנגען און עס האָט נישט לאַנג געדויערט און צוויי פון עמרי'ס מענשען האָבען זיך צוריקגעקעהרט און געמאָלדען זייער האַר, אז זיי האָבען בעמערקט א מחנה מענשען אָנקומענדיג רייטענדיג אויף אייזלען.

— דאָס איז גלעד ! — האָט עמרי אויסגערופען זייט אלע געגרייט, גורט אָן אייערע שווערדען און מיר וועלען איהם ענטקעגען געהן.

— פרידען צו דיר, מיין האר גלעד!

— האָט איהם עמרי בעגריסט — דו ביזט ווילקאָמען צו מיין לאַגער, און אויב דו ביזט געקומען אויפמאָנען דאָס געלט וואָס דו האָסט מיר געגעבען, ביזטו געקומען אין דער ריכטיגער צייט, ווייל איך האָב צונויפגעזאמעלט דאָס גאנצע געלט, און איך האָב געהאט בדעה אליין דאָס צוריקצוברייגען צו דיר, און יעצט האָסטו מיר פארשפּאָרט אַ ארבייט !

— נישט פאר מיין געלט בין איך יעצט צו דיר געקומען — האָט גלעד איהם געענטפערט — איך בין געקומען צוריקברייגען מיין פלגש, רעומה'ן.

— רעומה'ן ! — האָט עמרי אויסגערופען מיט א געמאַכטער פערוואונדערונג, ווי אזוי קומסטו צו זוכען רעומה'ן ביי מיר ?

— דו האָסט דאָך מיר אליין געזאָגט, אז דו ביזט געווען גאַנץ נאָהענט צו איהר אפילו נאָכדעם ווען זי איז מיין פלגש געווען, און יעצט איז דאָך זעלבסטפארשטענדליך, אז דו ביזט דער איינציגער צו וועמען רעומה וועט געהן אין דער צייט פון איהר נויט.

— דו מאכסט א טעות, מיין חאר,

האט עמרי געזאָגט און דערווייל געוואָרפען זיינע בליקען אויף גלעד'ס באוואָפענטע יונגע לייט — איך האָב רעומה'ן נישט געזעהן זינט...

— זינט ווען?! — האָט גלעד איהם אונטערבראָכען.

— נו, יעצט מעג איך דאָך זיין מיט דיר ערנסט! דו ביזט געווים אין א פערלעגענהייט — האָט עמרי געזאָגט.

— דו מיינסט, אז דו וועסט מיר ווידער אָפּנארען! ניין, מעהר קיין ליגענס וועסטו מיר נישט קענען זאָגען!

— איז גלעד אויפגערעגט געוואָרען.

— וואָס פאר א ליגענס האָב איך דיר דען געזאָגט?

— און דאָס וואָס דו האָסט מיר געזאָגט וועגען רעומה'ן?

— אָה, דאַן האָט זיך מיר פארגלוסט צו טרייבען שפּאָס פון דיר! איך האָף, אז דו האָסט מיר נישט גענומען ערנסט און געהאט געגוג צוטרוי אין רעומה'ן.

— יע, איך בין געווען א נאר וואָס איך האָב דיר געגלויבט, אָבער ווען עס איז דאַן איינגעפאלען אז דו האָסט אזעלכע סודות ארויסגעקראָגען פון מיין קנעכט... מיר האָט זיך דאַן געדוכט, אז קיינער ווייס דערפון נישט... און יעצט האָסטו אויף מיר, מיט דיזען שענדליכען שפּאָס, אן אומגליק געבראַכט, איך האָב, איך מיין די שופטים האָבען זי פערמשפּט ארויסגעטריבען צו ווערען פון מצפּה... יע, רעומה איז אוועק און באלד אויף מאָרגען האָט זיך מיין קנעכט מודה געווען, אז ער האָט גאָר דיר פון אלעם דערצעהלט.

— ווען דו וואָלסט זי ווירקליך ליעב געהאט, וואָלסטו אויף איהר קיינמאָל אזא זאך נישט געגלויבט! — האָט עמרי געזאָגט — דו האָסט נישט געוואוסט ווי אָפּצושאצען ריכטיגע ליעבע... וואָלט איך דען ווען עס איז געצווייפעלט אין איהר עהרליכקייט און געטריישאפט צו מיר.

— דו האָסט, ווייזט אויס פערגעסען, ווי דו האָסט געגען רעומה'ן געהאנדעלט ווען דו האָסט זי צום ערשטען מאָל דער־זעהן אין רבה... איך ווייס אלעס, רעומה האָט מיר דערצעהלט.

— יע, איך בין זיך מודה, אז איך האָב זיך בענארישט, ווען נישט וואָלט זי יעצט געהערט צו מיר... און דו מעגסט יעצט אויך זיכער זיין, אז מיט דיין האנדלונג, האָסטו זי אויף שטענדיג פארלוירען, איך קען רעומה'ס כאראקטער, איך ווייס ווי שטאָלץ זי איז, אפילו ווען דו וועסט זי יעצט געפינען, וועט זי זיך בשום אופן נישט אומקעהרען צו דיר...

— אָבער מיין קינד! זי דארף דאָך צו מיר א קינד געבוירען! — האָט גלעד אויסגערופען מיט פערצווייפלונג — איך פערשטעה, דו ווילסט זי פאר זיך פערהאלטען, דעריבער זאָגסטו מיר אזוי!

— איך שווער ביי דעם גאָט פון אונזערע עלטערען, אז איך האָב רעומה'ן נישט געזעהן זינט דאַן, ווען זי איז אין רבה געוועזן, האָט עמרי אויסגערופען — קענסטו דען נישט פערשטעהן, אז זי וועט צו מיר קיינמאָל נישט קומען מיט'ן גוטען ווילען!

— דו ביזט ביי מיר נישט בעגלויבט! דו האָסט מיר איינמאָל אָפּגענארט און יעצט גלויב איך דיר שוין מעהר נישט!

— אפילו נישט ווען איך שווער?!...

— א רויבער איז נישט בעגלויבט אויף א שבועה!

— ווען דו וואָלסט עס צו מיר געזאָגט אין אן אנדער צייט וואָלט איך דיר דיזע בעליידיגונג נישט געשאָנקען, אָבער יעצט קען איך מיט דיר מיטפיהלען און איך ווייס, אז דיין הארץ איז פערביטערט, אָבער אויב דו גלויבסט מיר נישט, וועל איך דיר ערלויבען צו זוכען אין אלע מיינע געצעלטען, און ווען דו וועסט דיין פלגש געפינען אין מיין רשות, דאַן וועסטו מיר קענען טויטען מיט דעם שווערד...

— גוט! איך וועל זי געהן זוכען אין דיין לאַגער! — האָט גלעד אויס־

גערופען — איך מיט מיינע מענשען וועלען געהן.

— איך האָב נישט דאגעגען, אָבער איידער דו געהסט אהין, וויל איך דיר אומקעהרען דיין געלט וואָס איך בין דאן געצוואונגען געווען צו נעהמען, ווייל איך האָב נאָך ביז יעצט נישט בערויבט איינעם פון מיין פאָלק, און ווען איך בין אין דער צייט פון נויט געצוואונגען צונעמען מיין געלט ביי א אידען בריינג איך איהם דאָס צוריק ביי דער ערשטער געלעגענהייט.

— אויב דו פערשאַפסט נישט א אידען קיין ליידען, פארוואָס האָסטו צו מיר אזוי געטהאָן. ווייסטו דען נישט וואָס דיינע רייד האָבען פעראורזאכט צו מיר און צו רעומה'ן? דו האָסט אונז ביידען אומגליקליך געמאכט.

— דאָס האָב איך געטהאָן, ווייל דו האָסט אויף מיר שלעכטעס גערעדט אין די אויערען פון די עלטסטע פון שטאָדט יעזר, ווען מיינע קנעכט זיינען געקומען בעטען שפייז. ביי דיר איז רעכט געווען, אז איך מיט מיינע מענשען זאָלען אויסשטארבען פון הונגער.

— דו געהסט געגען די געזעצען פון אונזער תורה, און דו בריינגסט א שאַנדע אויף אונזער פאָלק. ווייסטו דען נישט, אז רויבער און גנבים זיינען פאַרהאסט ביי אידען...

— אָבער איך בערויב דאָך נישט קיינעם פון מיינע ברידער! — האָט עמרי זיך פערענטפערט.

— אונזער גאָט האָט פערבאָטען צו בערויבען אָדער אונטערדריקען פרעמדע אזוי גוט ווי אייגענע! — האָט גלעד געזאָגט — און מיין נישט, אז ווען דו בעפאַלסט מענשען פון אנדערע פעלקער אז דיין זינד איז קלענער...

— אָט די אלע וועלכע איך בערויב זיינען אליין זינדיגע און ביי יעדער געלעגענהייט, ווען זיי וואָלטען נאָר נישט מורא געהאט, וואָלטען זיי שלעכטעס געטהאָן צו די אידען, זיי וואָלטען זיי בערויבט און בע'גנב'עט.

— אָבער אזוי לאַנג ווען זיי טוען דאָס נישט, זיינען זיי עהרליכע מענשען און דו זינדיגסט פאר גאָט, און אויסער דעם, ווייס איך, אז דו האָסט בע'גנב'עט דיין האר, ווען דו ביזט זיין פאסטוך געווען, האָסטו דען איהם אומגעקעהרט די גנבה?

—געוויס, איך האָב ביי איהם גע'גנב'עט 10 שעפּסען, האָט ער שוין איינמאָל געקראָגען בעצאָהלט, ווען מען האָט מיך פאר א קנעכט פערקויפט און נישט לאַנג צוריק האָב איך איהם צוגעשיקט צעהן אנדערע שעפּסען.

— לויט דעם דין פון אונזער תורה דארפסטו איהם בעצאָהלען פיער מאָל אזוי פיעל, און ווען אפילו ער האָט געקראָגען די ווערדע פון צוואנציג שעפּסען, ביזטו נאָך איהם אלץ שולדיג צוואנציג שעפּסען, און וואָס האָסטו געטראָן צו דיין צווייטען האר פון וועמען דו ביזט אנטלאָפען? ווייסטו דען נישט, אז ער האָט פאר דיר בעצאָהלט, דו זאָלסט זיין קנעכט זיין פאר זעקס יאָהר?

— איהם האָב איך שוין אויך לאַנג בעצאָהלט — האָט עמרי געענטפערט.

— און פארוואָס קעהרסטו זיך נישט אום צו דיין שטאָדט? איז דען נישט צייט דו זאָלסט אויפגעבען דיינע רויבערייען?

— אָה, דאָס וועל איך קיינמאָל נישט טהאָן! אזוי לאַנג ווי איך וועל נישט צוריקקריגען מיין ערשטי געליעבטע רעומה'ן, וועל איך פארבלייבען א רויבער! — חאָט עמרי געזאָגט. — און יעצט מעגסטו וויסען, גלעד, — איז עמרי געוואָרען ערנסט, — אזוי שנעל ווי דו וועסט אויסגיפינען, אז איך בין געוואָרען אויס רויבער, וועסטו זיכער זיין, אז דיין פלעגש רעומה איז מיט מיר! און יעצט זעהסטו, אז דיין חשד איז אומבאַגרינדעט!

— פונדעסטוועגען וועל איך פון דאַנען נישט אוועקגעהן ביז וואַנען איך וועל זוכען אין אלע דיינע געצעלטען.

— דאָס וועסטו קענען טאָהן אומגע־

שטערט! — האָט עמרי זיך פאנאנדערגעלאכט — שטעל זיך פאָר ווען דאָס וואָלט ווירקליך אזוי געווען, וואָלט איך דיר געלאָזען געהן זוכען, איך וואָלט פאָר איהר געקעמפט ביז מיין לעצטען טראָפּען בלוט...

גלעד האָט א וואונק געטהאָן צו זיינע מענשען און זיי האָבען איהם נאָכגעפאָלגט...

עמרי און זיינע מענשען זיינען געשטאנען פון וויטען און צוגעקוקט ווי גלעד זוכט אין יעדען געצעלט. זיי האָבען געהערט ווי ער רופט אויס: רעומה! וואו ביזטו, איך, גלעד, קום דיר צוריקנעהמען! רעומה קום ארויס צו מיר!

א שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף עמרי'ס ליפּען, ווען ער האָט געהערט גלעד'ס רייד.

— נו, יעצט ביזטו צופרידען?! — האָט עמרי געפרעגט גלעד'ן ווען ער איז פארטיג געוואָרען מיט זיין זוכען.

— ערשט יעצט איז מיין זאָרג שטארקער געוואָרען! — האָט גלעד אומעטיג געענטפערט — איך האָב מורא, אז אן אומגליק האָט מיט איהר פּאסירט! סיידען זי האָט זיך צוריקגעקעהרט צו איהר פאָטער'ס הויז!

— איך צווייפעל אויב זי וועט זיך אומקעהרען צו איהר געבורטסשטאָדט! — האָט עמרי געזאָגט — איך האָב פון איהר מויל איינמאָל געהערט, אז זי וואָלט גלייכער געשטאָרבען, איידער זיך אומצוקעהרען צו איהר פאָטער'ס הויז.

— אָ מיין גאָט! — האָט גלעד אויסגערופען פערצווייפעלט — בעשיץ רעומה'ן פון שלעכטעס און שיק זי צוריק צו מיר. איך האָב געגען איהר געזינדיגט. אָבער איך וועל זעהן אלעס צו פערגיטיגען.

— איך בין זיך מודה אז אויך איך בין שטארק בעזאָרגט, פיליכט האט אן אומגליק פּאסירט מיט רעומה'ן — האט עמרי אויסגערופען — ווייל ווער ווייס וואָס זי האָט בעשלאָסען צו טאָן אין איהר פערצווייפלונג.

— פון דעסטוועגען, גלויב איך, אז איך וועל נאָך געהן צו איהר געבורטסשטאָדט, מעגליך אז זי איז יעצט אהין אוועק... זי האט דאָך אזוי פיעל געליטען אין דער פרעמד.

— נאָך דעם ווי דו האָסט זי אזוי שלעכט בעהאנדעלט, ערוואַרטעסטו אז זי זאל זיך צו דיר צוריקקעהרען. ניין! רעומה וועט שוין יעצט בשום אופן צו דיר זיך נישט אומקעהרען.

— אבער זי דארף ווערען די מוטער פון מיין קינד! — האט גלעד מיט אן אומעטיגע שטימע געזאגט — זי וועט זיך מוזען אומקעהרען צו מיר, איך וועל טאָהן אלעס צו פערריכטען... זי איז מיר זעהר טייער און זי וועט מיר פערשטעהן, זי וועט וויסען אז דו ביזט אינגאנצען שולדיג אין דעם.

## 12טער קאפּיטעל.

## דער אָפּגאָט „מולך"

כאָטש רעומה איז געווען זעהר מיעד און צובראָכען, פון דעסטוועגען האט זי יענע נאכט נישט געקענט איינשלאָפען. זי איז געלעגען אויף דעם געלעגער וואס די אלטיטשקע האט פאר איהר צוגעגרייט אין א ווינקעל פון דער האלבאיינגעפאלענער חורבה און אוים מורא נישט צוגעמאכט איהרע אויגען. זי האט גענומען טראכטען פון דעם וואס מיט איהר האט פּאסירט, ווי אזוי גלעד האט זי מיט שאנדע פערטריבען פון זיין הויז און שטאָדט, איבערלאָזענדיג זי אין אזעלכע אומשטענדען. איהר הארץ איז אין איהר געוועזן פערביטערט. אלע זיינען געווען געגרייט זי צו פערשטויגען. און וויפיעל האט טאקע געפעהלט אז די שופטים זאלען זי פער'משפט'ן צום טויט, און גאָט ווייס דאָך ווי אומשולדיג זי איז. עס האט זיך נישט געפונען איינער וועלכער זאל פאר איהר א גוט ווארט זאגען, און מרה! אָה, ווי זי האט זיך דאס מיט איהר אפּגערעכענט, זי דערמאָהנט זיך מיט וואס פאר א פעראכטעטע בליקען מרה האט אויף איהר געקוקט. וויפיעל גליק דאס

האט איהר פיינדין פערשאפט. וואס האט זי יעצט צו ערווארטען. און יעצט איז זי אנגעקומען אהער צו דיזע אלטע מענשען. זייערע רייד זיינען אזוי מאדנע און שרעקליך... א שוידער געהט דורך איהר לייב, ווען זי דערמאהנט זיך ווי די אלטע האט אויסגעקוקט, ווען זי איז דא נאר וואס אנגעקומען... עפעס ווי א מכשפה... מעגליך אז זי איז אריינגעפאלען צווישען מכשפים, און וואס וועלען זיי צו איהר טאהן? ווי שנעל די אלטע האט זיך געענדערט, ווען זי האט געהערט פון דעם אלטען אז זי וועט איהר ערשט געבארענעם קינד אפפערן צום "מולך"... וואס פאר א גאט איז אט דער מולך צו וועמען די אלטע פאר זיינען אזוי געטריי און פארוואס דארף מען צו איהם אפפערן די קינדער. זי דערמאנט זיך וואס דער אלטער האט איהר דערצעהלט אז זיי האבען פערלארען אלע זייערע קינדער און דעם לעצטען זוהן האבען זיי אליין מקריב געווען א קרבן צו זייער גאט מולך און גלייך נאכדעם האבען זיי זיך גליקליך געפיהלט. זי דערמאהנט זיך וואס דער אלטער האט איהר דערצעהלט וועגען מולך אז ער איז א גאט פון פייער און מען דיענט איהם דאמיט וואס מען איז צו איהם מקריב דעם ערשט געבוירענעם קינד, ערשט דאן ווערט מען מולך'ס ליעבלינג, און ער שיקט צו גליק און פרייד צו די וועלכע דינען צו איהם מיט געטריישאפט. דאס וואס דער אלטער האט איהר דערצעהלט האט איהר נאך געקלונגען אין די אויערן. זי האט אליין נישט געוואוסט ווי אזוי זי זאל האנדלען. אויב זי וועט מיט זיי דא פערבלייבען וועט זי געוויס אריינגעצויגען ווערען ווי די איבעריגע, און וועט דארפען אפגעבען איהר קינד וואס וועט צו איהר געבארען ווערען צו מולך... ניין, זי וועט עס קיינמאל נישט טאהן! אבער דאך איז מעגליך אז דער אלטער האט רעכט, האט זי ווידער גענומען טראכטען. וואו וואלט זי יעצט געווען ווען נישט ער? זי וואלט פיליכט פערצוקט געווארען פון א חיה פון וואלד... מעגליך אז דער גאט "מולך" האט זיך צוגעהערט צו איהרע געוויינען און דעם אלטען צו איהר געשיקט ער זאל זי העלפען.

ווי נאר עס איז ליכטיג געווארען האט זיך רעומה אויפגעשטעלט פון איהר געלעגער און זי איז ארויס אין דרויסען. די לופט איז געווען פייכט פון דער טוי און זי האט זיך געפיהלט עטוואס ערפרישט. די זון האט גענומען אויפגעהען און זי האט זיך גענומען ארומקוקען אט איז דער וואלד פאר איהרע אויגען, פון וואנען זי איז נעכטען אהער צוגעקומען. ברייטע פעלדער ליגען אויסגעשפרייט ארום און דאס האלב איינגעפאלענע הייזעל, איז דאס איינציגע וואס געפינט זיך אין דיזען געגענד.

פלוצלינג האט רעומה דערהערט דעם אלטענ'ס שטימע:

— האסטו זיך אויסגערוהט, דו געבענשטע פון מולך? דו ביזט גאנץ פריה אויפגעשטאנען, האסטו זיך גוט אויסגערוהט?

— יע, איך האב זיך אויסגערוהט — האט זי געענטפערט און מורא געהאט צו קוקען איהם אין פנים.

— גוט, דאן וועלען מיר נאך היינט קענען געהן צו דעם פלאץ וואו דער גאט מולך געפינט זיך. ווייל מארגען איז א פייערונג!

— א פייערונג! — האט רעומה געפרעגט — וואס פאר א יום טוב איז מארגען?

— יעדעם מאל ווען א פרוי פון די דינער פון מולך האט איהר ערשט געבארענעם קינד, ווארט זי צו זיעבען טעג און אויף דעם אכטען טאג מאכען אלע איינוואהנער פון דארף א יום טוב און די מוטער ברייננט איהר ערשט געבארענעם קינד אלס א קרבן צו מולך... און ווען דו וועסט עס צוזעהען וועסטו זיך שעצען גליקליך אז מולך האט זיך אייבער דיר דערבארעמט און ער האט דיינע געוויינען דערהערט און מיך צו דיר געשיקט. און אויך איך בין דאנק־

באר צו מולד'ן, ווייל זינט דו ביזט געקומען איז דער טרויער פון דער אַלטעטשקער אוועק.

— און איך האב געמיינט — האט רעומה געזאגט — אז מולד ברייגגט פרייד און גליק צו די וועלכע דינען איהם, און יעצט אז דו און דיין פרוי האבען מקריב געווען פאר איהם אייער בכור, וואָס איז דער איינציגער פערבליבען פון אייערע קינדער, פאר וואס מאכט ער זי טרויעריג?

— דאס איז ווייל מיין אלטע האט געגען איהם געזינדיגט מיט איהרע מחשבות, ווען איך האב בעשלאָסען אנצופאנגען צו דינען מולד'ן איז זי נישט געווען צופרידען, און עס האט מיר גערויערט זעהר לאנג ביז וואנען מיר האט זיך איינגעגעבען זי איבערצורייידען... און ווייל זי האט עס געטאָהן נישט מיט איהר אייגענעם ווילען, האט איהר מולד נישט אין גאנצען פערגעבען און בלויז דאַן ווען זי וועט קענען בעווייזען איבערצוצייגען א פרעמדע פרוי מקריב צו זיין אויך איהר קינד, דאן וועט איהר גליק פארפולט ווערען.

— און דעריבער איז זי פרעהליך געוואָרען ווען זי האט דערהערט אז איך וועל אין גיכען געבוירען א קינד!

— יע, דאס האט איהר גליקליך געמאכט, ווייל ווען זי וועט ווייזען מולד'ן ווי געטריי זי דינט איהם, וועט ער איהר צושיקען עוויגען גליק.

באלד איז די אלטע אויך ארויסגעקומען און זי איז צוגעגאנגען נעהענטער צו זיי.

— ווענ'ען מיר היינט געהן צו מולד'ן צוזאמען? — האט די אלטע געפרעגט רעומה'ן.

רעומה האט איהר בעטראכט מיט שרעקענדע אויגען, זי האט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. אָבער ווען זי האט בעמערקט איהר שרעקליכען פנים, האט זי צוגעשטימט.

— וועסטו אויך ווערען מולד'ס ליבלינג! — האט די אלטע מיט פרייד אויסגערופען, און ער וועט דיר שיקען זיין עוויגע ברכה, און יעצט ווענ'ען מיר אריינגעהן עסען און זיך צוגרייטען צום וועג.

די כנענים וועלכע האבען זיך פערזאמעלט אין דעם דאָרף וואו זייער אפגאָט מולד איז געווען, זיינען געווען יום־טוב'דיג געשטימט. נאָך גאנץ פריה זיינען זיי דארט צוזאמענגעקומען ארום דעם טעמפעל פון מולד און מיט אונגעדולד געוואַרט אויף דער צערעמאָניע וואס וועט באלד דארפען פאָרקומען. די פריסטער אנגעטאָהן אין רויטע קליידער האבען זיך געפאָרעט ארום זייער אפגאָט, זיי האבען אלע ווילע צוגעלייגט האָלץ צו דעם פייער וואס האט ארויסגעפלאקערט פון דעם ברייטען מויל פון מולד.

רעומה איז דארט צוגעקומען מיט די אלטע פאָר און בעטראכט דעם המון וואס האט געשטראמט צו די טויערען פון טעמפעל.

דער אלטער איז צוגעגאנגען צו איינעם פון די פריסטער און האט איהם אריינגערוימט עפעס אין אויער.

באלד איז דער פריעסטער צוגעגאנגען צו רעומה'ן און איהר געגעבען א פלאץ אויבען אָן, נישט ווייט פון דעם אפגאָט מולד. דער אלטער און די אלטע האבען זיך געזעצט נעבען איהר.

א גאנץ אלטער פריעסטער איז צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט צו מולד און האט זיך פארנייגט פאר איהם. ער האט אויפגעהויבען זיינע הענט און האט געבענשט די פערזאמעלטע.

— איהר אלע זייט געהייליגט און גערייניגט דורך דעם שטארקען פלאם פייער וואס קומט ארויס פון אונזער גאָט'ס מויל... עס איז שוין לאנג אז קיין קרבן איז פאר איהם נישט געבראכט געוואָרען און דעריבער איז ער אויף אונז צאָרנדיג געווען ער האט זיך צו אונזערע תפלות נישט געוואלט צוהערען, ער האט געטויטעט איינינגע פון אונזערע פריינד און ווער ווייס וואס מיט אונז אלעמען וואלט פאסירט, ווען מיר וואל־

טען ניט געהאט מיט וואס איהם איערצובעטען.

דער פריעסטער האט זיך עטוואס אפגערוקט פון מולך ווייל די היץ איז געוועזן אונערטרעגליך, און ער האט ווייטער גערעדט:

— מען האט מיר איבערגעגעבען אז אייניגע פרויען וועלכע דארפען געבוירען, פערלאזען דעם געגענד און געהען ערגיץ אנדערש, זיי ווילען נישט מקריב זיין זייערע ערשט־געבוירענע קינדער צו מולך. איך וויל זיי אבער זאגען די קללה פון מולך וועט אויף זיי קומען און זייערע קינדער וועלען אויסשטארבען, און גליקליך וועלען זיין די וועלכע וועלען טאָהן דעם ווילען פון אונזער גאָט. די וועלכע וועלען אָפּפערן זייערע ערשט געבאָרענע צו איהם — האט דער פריעסטער אנגעציינט מיט זיין פינגער אויף דעם קופערנעם אָפּגאָט וואָס פון זיין מויל האבען פייער־צונגען געטאנצט,—וועלען בעזארגט ווערען מיט דעם העכסטען גליק אויף ביידע וועלטען און זייער זוהן וועט פערוואנדעלט ווערען אין א ברענענדיגען מלאך וואס וועט זיי בעשיצען ביז דעם לעצטען טאָג פון זייער לעבען, און ערשט דאן וועט עם זיי העלפען צו קומען צו דעם שטארקען גאָט מולך.

א צווייטער פריעסטער איז צוגעקומען און זיך א נייג געטאָהן און עפּעס א זאָג געטהאָן צום עלטערן פריעסטער, וועלכער האט א וואונק געטאָהן צו די איבעריגע און זיי האבען אנגעהויבען קלאפען מיט זייערע פויקען און צימבאלען.

גלייך זיינען ארויסגעקומען פון טעמפעל יונגע מיידלאך געקליידעט אין ווייסען, און האבען זיך געשטעלט געגנאיבער דעם אָפּגאָט און גענומען טאנצען און זינגען.

ווען זיי זיינען פארטיג געווארען, זיינען צוגעקומען יונגע פריעסטער און זיינען דריי מאָל געפאלען אויף זייערע קניע, מיט די פנים'ער צום באָדען.

דער הויפט פריעסטער האט צוגעטראגען א קארב מיט געווירצען און קטורת און דאס א שליידער געטאָהן אין דעם ברייטען מויל פון מולך. א רויך האט א זעץ געטאָהן פון די נאָזלעכער פון מולך און די לופט איז אנגעפילט געווארען מיט די ריחות פון פערשיעדענע בשמים און פער'שכור'ט די וועלכע זיינען געשטאנען נישט ווייט. באלד זיינען אלע שטיל געווארען. יעדער האט אנגעווענדעט זייגע בליקען אויף די טויערען פון דעם הויף פון טעמפעל. אלע האבען דערזעהען ווי א יונגע שעהנע פרוי האלט א נאָר וואס געבוירענע קינד אין איהר האנד. ביי איהר רעכטער האנד איז געגאנגען איהר מאן, א ווילע האבען זיי זיך אפגעשטעלט און געווארט.

דער פריעסטער איז צו איהר צוגעגאנגען און האט ארויפגעלעגט זיינע הענט אויף דעם קינד וואס האט געוויינט מיט אלע זיינע כוחות, ווי ער וואלט פערשטאנען, אז עפּעס שרעקליכעס וועט מיט איהם באלד פאסירען. פון ערגעץ האָבען זיך בעוויזען די מיידלער געקליידעט אין ווייסען און האבען ארומגערינגעלט די פרוי מיט איהר קינד. זיי האבען זיך פערנייגט מיט זייערע קעפּ ביז צום באדען. דערנאָך האבען זיי זיך אוועקגעשטעלט און האבען גענומען טאנצען ארום איהר. די קלאנגען פון די פויקען און צימבאלען האבען פערטויבט די אויערען, אז מען האט נישט געקענט הערען די געוויינען פון דעם אונגליקליכען קינד.

רעומה איז געזעסען אויף איהר פלאץ און צוגעקוקט מיט צושראָקענע בליקען צו אלעם וואס קומט פאר... זי האט בעטראכט דעם נאקעטען קינד וואס האט זיך געצאפּעלט אין זיין מוטער'ס הענט און געשריען. זי האט געזעהן ווי די מוטער שטעהט בעוועגלאָז, איהר פנים איז שטייף און ערנסט, און איהרע אויגען זיינען געווענדעט צו דעם מויל פון דעם אָפּגאָט מולך, פון וואנען צונגען פייער בעווייזען זיך. א שוידער איז דורך איהר לייב... וועט זי דאס אויך דארפען טהאָן? וועט זי אויך דארפען מקריב זיין

איהר ערשט געבאָרען קינד, איהר פלייש און בלוט צו מולך... די ריחות פון די פערשיעדענע געווירצען האבען איהר קאָפּ פערטשאדעט. זי וואלט זיך וועלען אויפהויבען פון איהר פלאץ און ענטלויפען... אָבער זי בלייבט זיצען ווי צוגעשמידט צו איהר פלאץ... זי זעהט די לייכטענדע אויגען פון די צושויער. אַט באמערקט זי ווי די אלטיטשקע וועלכע

איז געזעסען נעבען איהר, האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פלאץ... איהרע באקען פלאמען ווי ביי א יונגע מיידעל, איהרע אויגען גלאנצען און איהרע ליפּען שעפּצען א תפלה צו מולך... איהרע פיס בעוועגען זיך און פלוצלונג בעמערקט זי איהר שטעהענדיג צווישען די יונגע מיידלעך און טאנצט מיט מיט זיי.

באלד איז צוגעקומען דער הויפּט פריעסטער. דאס טאנצען האט אויפגעהערט. דאס פויקען און צימבלען האבען זיך איינגעשטילט. א שוידערליכע שטילקייט האט געהערשט ארום... מען האט דייטליך געקענט הערען דאס פלאקערן פון פייער... פונקען זיינען געפלויגען און זיך צונויפגעמישט מיט דעם רויך, וואס האט געזעצט פון די ברייטע נאָזלעכער פון דעם קופּערנעם אָפּגאָט, "מולך".

פלוצלונג האט רעומה בעמערקט ווי א היבשע צאָהל מענער און פרויען האבען זיך א לאָז געטהאן צו דער ריכטונג וואו די פרוי מיט איהר קינד איז געשטאנען. דער הויפּט פריעסטער האט אָפּגעטראָטען אָן א זייט, און די מענער און פרויען האבען זיך א וואָרף געטהאן אויף דער ערד, וואו זיי האבען זיך אויסגעצויגען פלאך, מאכענדיג א בריק פון דער פון דער פרוי ביז דעם אָפּגאָט.

—פארוואס האבען זיך די מענשען אוועקגעלעגט אויף דער ערד!—האט רעומה געפרעגט דעם אלטען מיט ציטערנדע ליפּען.

— דאס זיינען זינדיגע מענשען, אזעלכע וועלכע האבען געזינדיגט צו מולך'ן און האבען אויף דעם אכטען טאָג נישט אויפגעאָפּפערט זייערע ערשט געבאָרענע צו איהם. אויך אזעלכע מענער און פרויען וועמען "מולך" האט פארשאָלטען און זיי קענען נישט געבוירען קיין קינדער... אַט די אלע ליגען זיך אוועק אויסגעצייגנערהייט אויף [illegible] ערד און ווארטען אז די פרוי [illegible] געהט מקריב זיין איהר קינד, זאל אויף זיי א טראָט טהאן מיט איהר [illegible] דורך דעם האפען זיי גערייניגט צו ווערען פון זייערע זינד און מולך וועט זיי מוחל זיין!

דער פריעסטער איז באלד צוגעקומען מיט אן עמער פול מיט אש וואָס איז ארויסגענומען געווארען פון אונטער דעם מולך, דעם לעצטען מאָל ווען דער קרבן איז פערברענט געווארען.

— דאס איז די "הייליגע אש"! — האט דער אלטער אריינגערוימט רעומה'ן אין אויער. ווען א זינדיגער ווערט בעשאָטען מיט דיזע "הייליגע אש", און אזוי שנעל ווי ער טרייסעלט עס פון זיך אראָפּ, אזוי שנעל פערשווינדען זיינע זינד, און ער איז געזיכערט אז דער צאָרן פון "מולך" האט זיך פון איהם אָפּגעטהאן.

דער פריעסטער האט אָנגענומען א הויפען אש און א שאָט געטהאן איבער די אויסגעצויגענע מענשען, א צווייטער פריעסטער האט א קלאפּ געטהאן אין א גרויסען פויק.

די פרוי מיט איהר קינד האט גענומען לאנגזאם געהן איבער די קערפּערס. אייניגע, איבערהויפּט די פרויען האבען ארויסגעלאָזען א געשריי פון וועהטאָג, זיי האבען זיך גערדעהט פון יסורים... אַט טרעט שוין די פרוי אויף דעם לעצטען פערזאָן און זי איז שוין גאנץ נאָהענט צו דעם אָפּגאָט.

דער הויפּט פריעסט איז צוגעקומען און אויפהויבענדיג זיינע הענט, האט ער מיט פערגלאָצטע אויגען געבענשט די פרוי מיט'ן קינד.

"זאל דער הייליגער מולך בעוויליגען דיין קרבן און זאל ער דיין קינד אריינ־

נעהמען אין זיין הייליגען פייער און שיקען דיר און דיין מאן גליק, דו זאלסט זיך מעהרען און פרוכטבארען און האבען נאך פיעלע שטארקע זיהן און טעכטער".

די אנדערע פריעסטער האבען עפּעס אויסגעזונגען און דער הויפּט פריעסטער האט איבערגענומען דאס וויינענדע אכט־טאָגיגע אלט קינד פון דער מוטער'ס הענט. שאלטען, קלאנגען פון די פּויקען און צימבאלען האבען אפּגעהילכט אין דער לופט.

דער הויפּט פריעסטער האט צוגעטראָגען דאס קינד גאנץ נאָהענט צו דעם ברייטען מויל פון מולך און עס שנעל אהין ארייגעוואָרפען. באלד זיינען אלע געפאלען כורעים. רעומה האט ארויסגעלאזען א שרעקליכען געשריי און איז געפאלען אין חלשות...

מען האט איהר אפּגעמינטערט און ארייגעפיהרט אין טעמפּעל וואו אייניגע פריעסטער האבען איהר געגעבען עפּעס צו קרעפטיגען.

ווען זי האט אויפגעעפענט איהרע אויגען, האט זי נעבען זיך דערזעהן דעם אלטען, זיין פרוי און אייניגע פריעסטער

— דו ביזט געהייליגט געווארען, מולך האט דיין נשמה פון דיר גענומען אויף א קליינע ווײלע און זי טובל געווען אין זיין הייליגען פלאם. יעצט מעגסטו זיין רוהיג... דיינע יסורים און ליידען האבען זיך געענדיגט.. דאס קינד וואס דו וועסט געבוירען וועט מולך צונעהמען צו זיך און דיר וועט ער גליקליך מאכען.

— אָה, רעומה, זאג מיר, וואס האט דיר מולך געזאגט אין דער צייט וואס ער האט דיין נשמה אין זיינע פלאמען געטובל'ט ?—האט דער אלטער זיך צו איהר געווענדעט.

רעומה האט איהם נישט געענטפערט. איהר פּנים איז געווען טויט בלאס... איהרע אויגען זיינען געווען צושראָקען... אלעם ארום איהר האט געזשומעט... דאס שוידערליכע בילד, וואס זי האט דאָ נאָר וואס צוגעזעהן איז איינגעקריצט געווארען אין איהר מוח...

— אָה, נעהמט מיר אוועק פון דאנען שנעלער פיהרט מיר אוועק פון דיזען שרעקליכען פלאץ !

— זינדיג נישט מיט דיינע ליפּען ! —האט א פריעסטער צו איהר זיך אפּגערופען—ביזטו דען נאָר וואס נישט געהייליגט געווארען פון מולך... בערוהיג זיך, שטארק זיך און ווען דיין צייט וועט קומען און דו וועסט צוקומען מיט דיין קינד צו מולך, וועסטו זיין ריין פון זינד און דיין קרבן וועט פון מולך'ן אָנגענומען ווערען מיט מעהר וויליגקייט און רחמים.

— אָה, לאָזט מיר געהן !—האט זיך רעומה אויפגעהויבען פון איהר פלאץ. איך וויל נישט דיענען צו אזא גאָט. איך בין א אידישע פרוי, איך וויל דינען צו דעם גאָט פון מיינע עלטערען.

— דו לעסטערסט דעם הייליגען "מולך"—האט א צווייטער פריעסטער צו איהר געזאגט—דיין זינד איז גרויס

— ווי אזוי קען א מוטער זיין אזוי גרויזאם צו איהר אייגען פלייש און בלוט... ניין, אַ גאָט וואס דורשט נאָך מענשענס בלוט, איז נישט קיין גאָט. א גאָט וואס הונגערט נאָך מענשען פלייש איז א טייפעל !

— נעהמט איהר ארויס פון דאנען ! זי פערשוועכט דעם טעמפּעל פון מולך ! —האט א פריעסטער א געשריי געטהאן —זי האט פעראומרייניגט איהרע ליפּען...

— אָה, הייליגער פריעסטער, זיי איהר מוחל ! זי איז קראנק !—האט דער אלטער זיך גענומען בעטען... זי איז דערצו נישט געוואהנט געווארען, זי איז דאָ צום ערשטען מאָל... זי וועט זיך צוגעוואהנען און דאן וועט זי אליין מיט גרויס פרייד תויפּאָפּפערען איהר ערשט געבאָרענעם צו גאָט... פערגיעב איהר, ווייל זי ווייס נישט וואס זי האט געזאגט.

— דו וועסט מוזען קומען צו דער צווייטער פייערונג וואס ווערט אין גי־כען ערוואַרטעט, און זיך אוועקלעגען אויף דער ערד און ווען די פרוי וואס וועט מקריב זיין איהר קינד, וועט אויף די רא טראָט טהאָן, דאן וועט דיר מולך מוחל זיין!

— איך וויל נישט! איך וויל נישט!—איז רעומה היסטעריש געוואָרען — איך וועל מעהר אהער נישט געהן! אָה, ווי שרעקליך דא איז... דער גיהנם ברענט און פלאקערט... איך וויל דא מעהר נישט זיין!

— בערוהיג זיך, מיין קינד!—איז די אלטע צו איהר צוגעגאַנגען און גענומען גלעטען איהרע האר—איך בין דעם ער־שטען מאל אויך אזוי געווען ערשיטערט און אויפגערעגט, געדענקסטו ווי איך האב אויך גע'שלט'ש, ווען איך האב צום ערשטען מאל בייגעוואהנט די צע־רעמאָניע צו דעם הייליגען "מולך"—האט זי זיך געווענדעט צום אלטען,—אָבער עס האט נישט לאנג געדויערט און איך האב איינגעוויליגט אָפצוגעבען מיין איינציגען זוהן, וועלכער איז געווען ניט מעהר אזוי יונג... ער האט בשום אופן נישט געוואלט געהן פאר א קרבן צו מולך, ער האט געמאכט א פערזוך צו ענטלויפען, און ווען עטליכע פריעסטער האבען איהם גענומען בינדען, האט ער זייערע צייהנער אויסגעהאקט, אָבער איהם האט גאר נישט געהאָלפען... מולך האט איהם פערלאַנגט, די פריעסטער האבען זיך איבער איהם געשטארקט, און איהם געבונדען... יע, איך האב אָבער נישט זוכה געווען אליין צוצו־טראָגען איהם אויף מיינע הענט, ער איז געווען צו שווער פאר מיר... די פריעס־טער האבען עס פאר מיר געטהאן... אָבער דו, קענסטו זיך דען פאָרשטעלען ווי גליקליך דו וועסט זיין, ווען דו וועסט דיין קינד אליין קענען צוטראָגען צו מולך'ן.

— אָבער יעצט וויל איך אוועקגעהן פון דאנען!—האט רעומה ארויסגע־רעדט מיט א שוואכער שטימע — מיין קאָפּ טהוט מיר וועה, מיר וואַרפט אין היץ און אין קעלט.

— וואוהין וועסטו געהן?—האט זי דער אלטער א פרעג געטהאן.

—איך ווייס נישט, אָבער איך קען דא מעהר נישט פערבלייבען...

— די גאָטעס דינסט איז נאך נישט געענדיגט, באלד וועט זיך אָנפאנגען דער גרויסער הייליגער מאָהלצייט? אָקסען ווערען שוין געבראָטען, וויין וועט מען ברענגען, און מיר אלע וועלען זיך משמח זיין.

— אָ גאָט פארוואָס שטראָפסטו מיך אזוי פיעל! — האָט רעומה אויסגערו־פען — אויב איך האָב צו דיר געזינ־דיגט טויט מיך, אָבער פארוואָס לאָזטו מיר אזוי פיעל ליידען!

— יעצט זעה איך אז דו האָסט חרטה אויף דיינע זינד! — האָט דער פריסטער זיך צו איהר געווענדעט — "מולך" איז בארמהערציג, ער וועט דיר מוחל זיין! און ווען דו וועסט ווערטח זיין וועט ער דיר געבען הימעלשע גליק!

רעומה האָט איהם פון זיך א שטויס געטאָן און זיך געלאָזען צום ארויס־גאנג פון טעמפעל. דער אלטער איז איהר פערלאָפען דעם וועג:

— וואוהין וועסטו געהן? פערגעס נישט אז דו ביזט פערטריבען געוואָרען פון דיין מאן און פון דער שטאָדט וואו דו ביזט געווען... וועסטו זיך דאָרטען אומקעהרען?

— ניין! ניין! — האָט רעומה אויסגערופען — איך וועל צו איהם ניט געהן.

— אויב אזוי בלייב דאָ און נאכהער וועלען מיר זיך צוריקקעהרען צו מיין הויז ביז וואנען דו וועסט איבערקומען און דאן וועלען מיר דאָ פייערען דעם יום טום צו מולך מיט דעם געבוירען קינד — האָט דער אלטער געזאָגט צו רעומה'ן. — דו וועסט זעהן ווי דיר וועט געפעלען ווערען די וויטערדיגע גאָטעס דינסט... אלע וועלען פרעהליך זיין. עס קומען אָן מעהר געסט פון עמון

און פון מואב... ווען דו וועסט נאָר האָבען עטוואָס געדולד, וועסטו זיך אי־בערצייגען ווי גוט עס איז צו זיין נע־בען מולך!... דו וועסט פיהלען אז דאָס גליק האָט זיך צו דיר אומגעקעהרט. דו וועסט פערגעסען אן אלע דיינע צרות...

באלד האָט א יונגע מיידעל צוגע־טראָגען צו איהר א בעכער וויין און איהר געבעטען צו טרינקען.

רעומה האָט צוגעטראָגען דעם וויין צו איהרע ליפּען און זי האָט זיך גע־פיהלט עטוואָס קרעפטיגער.

— טרינק אביסעל מעהר, עס וועט דיר נישט שאדען! — האָט דער אל־טער צו איהר געזאָגט.

רעומה האָט איהם געפאָלגט.

— יעצט קום ארויס א ווײַלע אין דרויסען, דו וועסט זיך ערפרישען און באלד וועט פאַרקומען דער מאַלצײַט...

רעומה איז ארויס פון דעם טעמפּעל. זי האָט מיט לאנגזאמע טריט געשפּאַ־צירט א ווײַלע צווישען די בוימער. דער וויין האָט אויף איהר שטארק געווירקט. זי האָט אָנגעהויבען צו פיהלען עטוואָס הונגעריג, און מען האָט איהר שוין לאנג נישט געדארפט בעטען זיך צו זע־צען ביי איינעם פון די לאנגע טישען און עסען מיט די איבעריגע וועלכע זיי־נען געקומען פייערען דעם יום טוב פון "מולך".

די "גליקליכע" פרוי, וועלכע האָט נאָר וואָס איהר קינד מקריב געווען, איז געזעסען אויבען אָן, איהר פּנים האָט געפלאמט און איהרע אויגען האָבען גע־ברענט. אלע האָבען אויף איהר געקוקט מיט גרויס דרך ארץ, פיעלע האָבען מיט קנאה אויף איהר געקוקט.

רעומה האָט זיך גלייך אין פּנים נישט געקענט קוקען. זי האָט די גאנצע צייט געזוכט צו קוקען אין אן אנדער ריכ־טונג, און ווען זי האָט צופעליג אויף איהר א קוק געטאָן האָט א שוידער דורכגענומען איהר לייב...

די שפּיעלער האָבען גענומען שפּיע־לען, דער גאנצער עולם האָט זיך דער־וואַרעמט און מען האָט צוזאמען גענו־מען זינגען. די מיידלער האָבען זיך ארויסגעלאָזען טאנצען, און די לופט איז אָנגעפילט געוואָרען מיט טומעל, גע־זאנג און מוזיק.

די פערזאמעלטע האָבען געפרעסען, געזויפען און געהוליעט צוזאמען מיט די פריסטער ביז שפּעט אין דער נאכט, ביז וואנען אלע האָבען זיך צולייגט אויף דעם פייכטען גראָז און געשמאק איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען אין דער פריה, האָט מען זיך ווידער אמאָל פערזאמעלט אין דעם הויף פון "מולך". מען האָט זיך געקניהט און די פריסטער האָבען א דאנק־תפלה געזאָגט און דער עולם איז זיך צוגאנגען, יעדער צו זיין שטאָדט און זיין היים.

דער אלטער און די אלטיטשקע זיי־נען מיט רעומה'ן אוועק צו זייער האלב איינגעפאלענע הייזעל.

## 13טען קאפּיטעל
## גרים פלאנעוועט

גלעד מיט זיינע מענשען זיינען אוועק פון עמרי'ן און באשלאָסען צו געהן נאָך בשן, וואו רעומה'ס געבורטס־שטאָדט איז געווען.

ווען זיי זיינען אהין אָנגעקומען, האָט גלעד זיינע מענשען איבערגעלאָזען הינ־טער'ן שטאָדט און אליין זיך נאָכגע־פרעגט אויף רעומה'ס פאָטער. עס האָט לאנג נישט געדויערט און ער איז שוין געווען אין זיין הויז.

— ביזטו דער פאָטער פון רעומה'ן?
— האָט איהם גלעד געפרעגט.

— יע, איך בין איהר פאָטער! — האָט ער אויסגערופען מיט גרויס ער־שטוינונג. זאָג מיר, האָסטו געהערט עפּעס פון איהר. שנעלער זאָג מיר, איך בין דאך אזוי בעזאָרגט. איך האָב זי שוין פעררעכענט אלס טויט.

— און איך האָב געמיינט איז זי איז אוועק צוריק צו איהר פאָטער'ס הויז, האָט גלעד זיך אָפּגערופען אן ענטטויש־טער.

— דען האָסטו דאך איהר געזעהן,

זאָג מיר, איך בעט דיר, ווען האָסטו איהר געזעהן און וואו?

גלעד האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ און געשוויגען.

— ווער ביזטו? — האָט ער איהם געפרעגט.

— איך בין גלעד פון דער שטאָדט מצפה וואָס איז אין דעם לאנד גלעד.

— און דו האָסט געקענט מיין טאָכטער?

— יע, זי איז געווען מיין פּלגש.

— און וואו איז זי יעצט?

— זי איז אוועק פון מיר!

— זי איז אוועק פון דיר, אנטלאָפען! א די אומווירדיגע! זי איז פון מיין הויז אנטלאָפען, ווייל איך האָב זי געוואָלט אָפּגעבען צו דעם ברודער פון מיין פרוי, און יעצט איז זי אויך פון דיר אנטלאָפען.

— אָבער דאָס מאָל איז ניט געווען איהר שולד! — האָט גלעד טרויעריג געזאָגט — איך בין אין דעם שולדיג.

— געווים! זי איז געווען זעהר א שעהנע, און א מאן דארף וויסען ווי אָפּצוהיטען אזא פרוי זי זאָל פון איהם נישט אנטלויפען...

— יע, א מאן האָט באדארפט וויסען ווי אָפּצושאצען אזא פרוי... זי איז געווען ריין, נאָבעל און גוטהארציג, אָבער איך בין בלינד געווען... איך האָב זיך געלאָזט פערפיהרען פון אָט דעם רויבער עמרי!

— עמרי! ! אָ, פערשאָלטען זאָל ער ווערען. ער איז געווען די אורזאכע פון מיין אומגליק... ער האָט זיין האר בעגנב'עט און געזוכט יצו פערדרעהען דעם קאָפּ פון מיין טאָכטער, און נאכ־הער ווי ער איז פאר א קנעכט פאר־קויפט געוואָרען, איז ער אין גאנצען ענטלאָפען און מיר האָבען זיך באלד דערוואוסט, אז ער איז געוואָרען א ראש פון א רויבער באנדע.

— איך ווייס פון אלעם! האָט גלעד געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ — אָט דער זעלבער עמרי האָט אויך מיין אומגליס פעראורזאכט.

גלעד האָט איהם אלעס דערצעהלט וועגען רעומה'ן ווי אזוי ער האָט זי גע־טראָפען אין רבה, ווי ער האָט איהר פון דאָרטען אוועקגענומען און גע־בראכט קיין מצפה אלס זיין פּלגש, און וועגען דעם בלבול וואָס עמרי האָט אויף איהר געמאכט.

— און יעצט רייז איך ארום איבער דער לענג און דער ברייט פון לאנד און איך זוך די אומשולדיגע רעומה'ן, גע־גען וועמען איך האָב אזוי שטארק גע־זינדיגט.

ווען רעומה'ס פאָטער האָט דערהערט ווער גלעד איז, ווי רייך און בעוואוסט ער איז, האָט איהם נאָך שטארקער פערדראָסען וועגען זיין טאָכטער.

— איך האָב אזא לאנגע צייט גע־טרויערט נאָך מיין טאָכטער — האָט ער געזאָגט — זינט זי איז פּלוצלונג פערשוואונדען געוואָרען, האָב איך פון איהר גאָר נישט געהערט. איך האָב בלויז געוואוסט, אז זי איז נישט מיט עמרי'ן. און יעצט, ווען איך האָב געקענט האָ־בען פון איהר עטוואָס נחת, דארף אזא זאך פּאסירען.

— איך וועל נישט רוהען ביז וואנען איך וועל זי אויפזוכען! — האָט גלעד אויסגערופען — און דאן וועל איך שי־קען דיר אנזאָגען וועגען דעם.

— דו וועסט מיט מיר שטעהן עטלי־כע טעג! — האָט דער פאָטער זיך צו איהם אָפּגערופען.

— ניין, איך וועל זיך גלייך צוריק־קעהרען, פיעלייכט ווייס מען שוין אין מצפה וואו זי געפינט זיך.

אָבער נאָכדעם ווי דו האָסט מיר אזא כבוד אנגעטאָן, פערבלייב דאָך ביז מאָרגען, איך וועל מאכען א מאָלצייט פאר דיר.

גלעד האָט צוגעשטימט צו פערבליי־בען מיט איהם און אויף מאָרגען גאנץ פריה האָט ער מיט זיינע מענשען אָפּ־גערייזט פון בשן.

---

אין יעדען פּלאַץ וואו זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט, האָט גלעד זיך נאָכגע־

פרעגט אויב רעומה געפינט זיך דארטען.

ווען ער האט זיך צוריק געעקהרט אין מצפה זיינען איהם די שופטים און די חשוב'ע לייט ענטקעגען געגאנגען.

— קיין שפור פון רעומה'ן! — האט גלעד טרויעריג געזאגט — איך בין געווען אין עמון, איך האב זיך געזעהן מיט עמרי'ן און איך בין אויך געווען אין איהר פאטער'ס הויז און זיך אומעטום נאכגעפרעגט אויף איהר, אבער קיינער האט זי נישט געזעהן און געהערט פון איהר.

ווען ער איז געקומען אהיים, האט ער געטראפען מרה'ן אנגעבלאזען און ברוגז. זי האט זעהר שלעכט געפיהלט וואס איהר מאנ'ס שטארקע ליעבע צו רעומה'ן איז ווידער ערוואכט געווארען. זי האט זיך געשראקען, אז ער וועט זי געוויס געפינען.

ווען זי האט זיך אבער דערוואוסט, אז גלעד האט זי נישט געפונען, האט זי זיך שטארק דערפרעהט.

— נו, וואס האב איך דיר געזאגט! — האט זי זיך צו איהם אפגערופען — זי איז געוויס אוועק צו פיהרען דעם זעלבען לעבען ווי זי איז געוואוינט געווארען אין עמון.

— ניין, דארטען איז זי נישט געווען! איך האב זי געזוכט אין יעדען פלאץ... זי איז נישטא! גאט האט מיך געשטראפט. איך האב געזינדיגט געגען איהר, און יעצט, אז איך האב זוכה געווען צו ערווארטען א קינד פון איהר, דארף איך זי מיט מיינע אייגענע הענט פערטרייבען פון זיך. אבער ניין, איך האב נאך מיין האפנונג נישט אויפגעגעבען זי אויפצוזוכען.

---

עטליכע וואכען זיינען פאריבער און נאכדעם ווי גלעד האט זיך אויסגערוהט האט ער ווייטער זיך געלאזען זוכען רעומה'ן.

ער האט זיך נאכגעפרעגט ביי יעדען איינעם וועלכער איז אנגעקומען אין מצפה אבער קיינער האט פון איהר נישט געהערט.

זינט גלעד האט זיך צוריקגעקעהרט קיין מצפה איז שוין גרים דער עמוני צוויי מאל געווען אין גלעד'ס הויז. ער האט זיך געמאכט ווי ער איז גלעד'ן א גוטער פריינד און איז פעראינטערעסירט, אז ער זאל צוריק קריגען זיין פלגש.

גרים אליין האט נישט געקענט פערשטעהן וואוהין רעומה איז פערשוואונדען געווארען. ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז זי איז נישט אוועק צו עמרי'ן און צו איהר פאטער, האט ער בעשלאסען, אז זי מוז זיך געפינען נישט ווייט פון דאנען, צווישען מצפה און עמון.

— איך נעהם זיך אונטער זי אויפצוזוכען — האט גרים זיך אפגערופען צו גלעד'ן. איך וועל מיטנעהמען עטליכע פון מיינע ברידער און צוזאמען וועלען מיר זיך ארויסלאזען זי זוכען. ביזטו נישט דאגעגען, מיין האר?

— איך דאנק דיר זעהר—האט גלעד אויסגערופען — און ווען גאט וועט געבען אז דו וועסט זי אויפזוכען, וועל איך דיר גוט בעלוינען.

— איך וועל דיר זאגען מיין האר! — האט גרים זיך אפגערופען — איך וועל ברויכען אביסעל געלט יעצט, צו בעצאהלען מיינע ארויסהעלפער, איז, אויב דו ביזט וויליג מיר צו געטרויען וועל איך גלייך אנפאנגען מיין זוכען.

— וויפיעל געלט ברויכסטו?—האט איהם גלעד געפרעגט.

— איך ברויך הונדערט שקלים! — האט גרים איהם געזאגט — און איך האף, אז עס וועט לאנג נישט דויערען און דו וועסט זי צוריק קריגען.

— איך וועל דיר געבען דאס געלט, און ווען דו וועסט זי אויפזוכען און זי וועט זיך צו מיר אומקעהרען, דאן וועל איך דיר געבען פינף מאל אזוי פיעל.

גלעד האט אפגעצעהלט הונדערט שקלים אויף גרים'ס האנט, און צו איהם געזאגט:

— געה און בעגליק! זאל דיר אונזער גאט געבען די מעגליכקייט זי צו

געפינען, און דאַן וועל איך דיר מײַן גאַנצן לעבן דאַנקבאַר זיין.

א גליקליכער און צופרידענער, האָט זיך גרים צוריק געקעהרט נאָך עמון. ער איז אוועק צו דעם גענעראַל אונטער וועמען ער האָט געדינט אלס אָפיציער און זיך צו איהם אָפּגערופען:

— איך האָב זעהר פיעל אויפגעטאָן פאַר אונזער קעניג און אונזער לאַנד... איך האָב געקראָגען די פריינדשאַפט און צוטרויען פון איינעם פון די וויכטיגסטע און רייכע אידען פון גלעד. זיין נאָמען איז אויך גלעד, און איהם האָבען די עלטסטע פון זיין שטאָדט בעשטימט אלס הויפּט. איך האָב אויסגעפונען, אז ער האָט ארומגערייזט איבער אלע שטעדט פון דיזען זייט ירדן מיט׳ן צוועק זיי צו פעראייניגען געגען אונז אין פאַל פון א מלחמה צווישען עמון און ישראל.

— פון וואַנען האָסטו זיך פון אלעם דערוואוסט? — האָט איהם דער גענעראַל געפרעגט.

— איך האָב געשלאָסען א בונד פון פריינדשאַפט מיט דעם אידישען רוי־בער עמרי און פון איהם האָב איך זיך דערוואוסט, אז גלעד רייזט ארום איבער׳ן לאַנד און זוכט צו פעראייניגען די צוויי און א האלב שבטים קעגען עמון.

— און האָט זיך דאָס איהם איינגעגעבען?

— דערווײַלע נישט, ווייל עפּעס האָט פאַסירט מיט איהם, אז ער האָט געמוזט אונטערברעכען זיין רייזע. און דאָס דאַרפען מיר אייך דאַנקבאַר זיין צו יענעם רויבער. ער האָט געמאַכט א בלבול אויף זיין פּלגש, גלעד האָט פון גרויס אויפרעגונג זי פערטריבען פון זיך, דערנאָך אז ער האָט אויסגעפונען, אז זיין קעבסווייב איז אומשולדיג האָט ער שטאַרק חרטה געהאַט און איהר געגאַנגען זוכען.

— האָט ער זי געפונען?

— ניין! אָבער איך האָב זיך דערווײַלע בענוצט מיט דער געלעגענהייט און געמאַכט פריינדשאַפט מיט איהם. איך האָב איהם פערשפּראָכען צו העלפען זי אויפזוכען, און ער טרויט מיר אויף אזוי פיעל, אז ער האָט מיר געגעבען הונדערט שקלים אויף הוצאות אָנצופאַנגען דאָס זוכען, און ער האָט מיך פערשפּראָכען צו געבען נאָך פינף הונדערט שקלים, אזוי שנעל ווי איך וועל זי געפינען.

— און האָסטו א שפּור פון איהר?

— האָט איהם דער גענעראַל געפרעגט.

— דערווייל נישט. אָבער איך האָף, עס וועט מיר לאַנג נישט נעהמען און איך וועל זי געפינען. דאָס וועט נאָך מעהר פאַרשטאַרקען גלעד׳ס פריינדשאַפט צו מיר. ער וועט קריגען מעהר צוטרויען צו מיר און איך וועל וויסען פון אלע זיינע פּלענער, — האָט גרים א שמייכעל געטהאָן.

— דו ביזט א בראַווער מאַן! — האָט דער גענעראַל געזאָגט. — איך וועל דיך איינגיכען פאָרשטעלען פאַר׳ן קעניג און ער וועט דיך דערפאַר באַלוינען, ווייל אונזער קעניג פּלאַנעוועט שוין לאַנג א מלחמה מיט די אידען. און יעדע אויסקונפט, וואָס וועט פאַרשנעלערען אונזער זיעג, וועט אָפּגעשאַצט ווערען ביי אונזער קעניג.

— איך האָב באַשלאָסען, אז די הונדערט שקלים, וואָס איך האָב געקראָגען פון גלעד׳ן, וועל איך אָפּגעבען אין די אוצרות פון דעם קעניג און אזוי וועל איך טהאָן אויך מיט די איבעריגע געלט, וואָס איך וועל באַקומען, ווען איך וועל זיין קעבסווייב אויפזוכען.

— איך וועל דיך נאָך היינט פאָרשטעלען פאַר׳ן קעניג! — האָט דער גענעראַל געזאָגט. — לאָמיר יעצט אריבערגעהן אין פּאַלאַץ און ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועל איך מיט דיר אריינקומען אינעווענינג.

גרים איז געוועזן גליקליך צו הערען אזעלכע רייד פון דעם גענעראַל. ער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלען, אז דער גענעראַל אליין וועט איהם העלפען פאַרווירקליכען זיינע חלומות, וואָס ער האָט שוין לאַנג גע׳חלומ׳ט... ווען ער זאָל דערהויבען ווערען צו זיין א גענע־

ראל איבער אן ארמעע, דאן וואָלט איהם לאנג נישט גענומען איבערצוציינגען דעם קעניג ווי גרויס זיין קלוגשאפט איז און ווי פעהיג ער איז צו פיהרען מלחמות... דער קעניג וואָלט איהם דאן באשטימט פאר דעם העכסטען גענעראל פון עמון. צו דעם האָט יעצט גרים געשטרעבט... ער האָט געטראכט, ווען ער וועט קענען אריינבריינגען אין דעם קעניגליכען אוצר נאָך פינף הונדערט שקלים, דערמיט וואָלט ער זיך איינגעשאפט א סך מעהר צוטרויען פון דעם קעניג... ער האָט גענומען טראכטען פון רעומה'ן. ווען ער זאָל זי יעצט געפינען, וואָלט זיך פאר איהם אלצאיינס נישט געלוינט צו נעהמען זי אין זיין הויז אריין... דאָס וואָלט איהם א סך שאָדען געבראכט... ער וועט נישט קענען ערשיינען פאר דעם קעניג מיט פלענער וועגען א מלחמה געגען אידען, אין דער צייט, ווען אין זיין הויז וועט זיך געפינען א אידישע פרוי. יע, עס וועט זיין בעסער פאר איהם זי אויפצוזוכען און זי צוריקקעהרען צו גלעד'ן, ער זאָל איהם דערפאר באלוינען און דאן וועט ער שוין זעהן צו פיהרען א געהיימע ליעבע מיט איהר. ער וועט דאָך זי האָבען אין האנט און זי וועט טהאָן אלץ וואָס ער וועט איהר הייסען.

אין פאלאץ האָט גרים לאנג נישט געדארפט ווארטען. א קורצע ווילע נאָכדעם ווי דער גענעראל איז אריין אין פאלאץ, האָט ער געשיקט נאָך איהם.

גרים איז פאָרגעשטעלט געוואָרען פאר דעם קעניג. ער האָט זיך פארנייגט פאר איהם און זיך אָפגערופען:

— זאָלען כמוש און מולך, אונזערע געטער, איבערגעבען אלע שונאים פון אונזער מעכטיגען קעניג אין זיינע הענט און זאָל זיין קעניגרייך באפעסטיגט ווערען אויף אייביג!

— איך האָב געהערט, אז דו ביזט א בראווער און פעהיגער מאן, גרים! — האָט דער קעניג זיך צו איהם אָפגערופען. — און אויב דו וועסט ווירקליך בריינגען נוצען מיין ארמעע, דאן וועל איך דיר גוט באלוינען!

— איך בין גרייט צו דיענען מיין האר קעניג מיט מיין לעצטען טראָפען בלוט! — האָט גרים אויסגערופען און זיך ווידער פארנייגט. — ווי נאָר איך האָב זיך דערוואוסט, אז די אידען זוכען זיך צו פאראייניגען כדי זיי זאָלען זיך קענען בעסער פארטיידיגען אין פאל מיר זאָלען אויף זיי ארויסגעהן מלחמה האלטען, האָב איך נישט גערוהט ביז וואנען איך האָב אלעס דערגאנגען. איך האָב זיך פאר א סוחר פון עמון פארשטעלט און איך בין געוועזען אין דעם הויז פון דעם רייכסטען אידען, פון גלעד. איך האָב אויסגעפונען, אז ער איז געוואָרען דער הויפט פון שטאָדט און אז ער רייזט ארום איבער פארשיעדענע שטעדט און שטעדטלעך פון גלעד און בשן צו פאראייניגען די צוויי און א האלב שבטים. איך האָב נאָך פיעלע זאַכען אויסגעפונען, וואָס וועלען אונז העלפען אין א מלחמה געגען זיי.

— וואָס נאָך האָסטו אויסגעפונען, גרים? — האָט דער קעניג איהם געפרעגט.

— איך האָב אויסגעפונען, אז די ניין און א האלב שבטים פון דער צווייטער זייט ירדן וועלען נישט קומען צו הילף זייערע ברידער אין פאל פון א מלחמה. און דאָס, גלויב איך, איז זעהר א וויכטיגע זאַך.

— און פון וואנען ביזטו עס אזוי זיכער? — האָט דער קעניג איהם געפרעגט.

— ווייל ווי איך האָב אויסגעפונען, זיינען זיי נישט געקומען צו הילף זייערע ברידער, ווען אונזערע עלטערען האָבען מלחמה געהאלטען מיט יהודה און בנימין, און אפילו ווען דבורה די נביאה האָט פאראייניגט אלע שבטים געגען סיסרא, דער גענעראל פון יבין, זיינען די איינוואוינער פון גלעד נישט געקומען זיי צו הילף. און זינט דאן זיינען די אידען פון די אנדערע שבטים אין גרויס צאָרן אויף די אידען פון גלעד און אויב מיר וועלען ארויסגעהן מלחמה האלטען מיט זיי, וועט קיינער נישט קומען זיי צו הילף.

— דו האָסט אויסגעפונען זעהר וויכטיגע זאכען, גרים! — האָט דער קעניג געזאָגט. — איך וועל דיך דערהויבען. ווען דו וועסט קומען א צווייטען מאָל צו מיר מיט נאָך מעהר אויסקונפטען, דאַן וועל איך דיך באשטימען פאר א גענעראל איבער אַן ארמעע.

גרים׳ס אויגען האָבען גענומען אויפלייכטען.

— איך דאנק דיר, מיין האר קעניג! עס איז ווירקליך א גרויסער כבוד פאר מיר, אז דער קעניג זאָל אזוי פון מיר האלטען. איך האָב געקראָגען הונדערט שקלים פון דעם רייכסטען אידען פון גלעד און איך וויל דאָס אָפּגעבען אין די אוצרות פון קעניג, צוזאמען מיט נאָך פינף הונדערט שקלים, וואָס איך וועל פון איהם קריגען, ווען איך וועל אויפזוכען זיין פלגש.

גרים האָט דעם קעניג דערצעהלט וועגען רעומה׳ן און וועגען דעם פארשפרעכען, וואָס גלעד האָט צו איהם געמאכט.

— אויסער די פינף הונדערט שקלים, וואָס איך וועל פון איהם ארויסקריגען, וועל איך פון איהם ארויסבאקומען נאָך פיעל נוצען, — האָט גרים פארענדיגט.

— ווייל ווי נאָר איך וועל זי קענען צוריקברייננגען צו איהם, דאַן ווערט ער מיין איבערגעבענער פריינד און איך וועל שוין וויסען פון אלע סודות פון זיין פאָלק. איך וועל צו יעדער צייט קענען אריינקומען אין זיין הויז און אויסגעפינען וועגען אלע זיינע פלענער און נאכהער וועל איך דאָס קענען איבערגעבען מיין קעניג.

— איך זעה, אז דו ביזט זעהר קלוג, גרים! — האָט דער קעניג פון עמון זיך אָפּגערופען. — יעצט זאָג מיר אויב איך קען דיר באהילפיג זיין, דו זאָלסט זיין ערפאָלגרייך אין דיין אונטערנעהמונג.

— איך וואָלט פארלאנגט פון מיין האר קעניג, מיר מיטצוגעבען צעהן מענשען, מיט וועמען איך וועל זיך אוועקלאָזען זוכען יענע פרוי. און ווען איך וועל זי געפינען, וועט פאר מיר גאנץ גרינג זיין צו ווערען אַן אריינגעהער אין דער שטאָדט מצפה.

— גוט! — האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען. — דו וועסט קריגען אזוי פיעל מענשען, וויפיעל דו דארפסט, מיין גענעראל וועט דיר שוין ארויסהעלפען.

גרים האָט זיך פארנייגט און פארלאָזען דעם פאלאץ. דער גענעראל איז נאָך פארבליבען מיט דעם קעניג אויף א קליינער ווײלע. יעצט האָט איהם שוין איינגאנצען פארדראָסען, וואָס ער האָט גרימ׳ען פאָרגעשטעלט פאר׳ן קעניג. ער האָט אָנגעהויבען צו ווערען אייפערזיכטיג אויף גרימ׳ען... ער האָט מורא געהאט פיעלייכט וועט דער קעניג גרימ׳ען דערהויבען העכער פון איהם. ער האָט אָבער געוואוסט, אז ווען ער וועט יעצט אָנפאנגען צו רעדען שלעכטס אויף גרימ׳ען וועט דער קעניג פארשטעהן, אז ער איז אייפערזיכטיג און ער וועט נאָך ערגער מאכען.

אויף מאָרגען גאנץ פריה האָט גרים גענומען צעהן סאָלדאטען און האָט מיט זיי זיך אוועקגעלאָזט זוכען רעומה׳ן. זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזט איבער די ארומיגע שטעדט און דערפער. גרים האָט יעדען איינעם אויסגעפרעגט וועגען רעומה׳ן און ווי נאָר ער האָט געקראָגען א קליינעם שפור, פלעגט ער אוועקגעהן אהין זיך איבערצוצייגען אויב זי איז ווירקליך דאָ.

אזוי האָט גרים ארומגעוואנדערט עטליכע וואָכען און דורך דער צייט שוין אייניגע מאָל געווען אין מצפה זיך איבערצוצייגען, אז רעומה איז נאָך ניטאָ.

איינמאָל, אָנקומענדיג אין א שטעדטעל, נישט ווייט פון רבה, האָט גרים געפרעגט איינעם פון די איינוואוינער וועגען רעומה׳ן. ער האָט איהם אָנגעגעבען אלע סמנים און יענער האָט זיך אָפּגערופען:

— מיר דאכט זיך, אז איך האָב אזא פרוי געזעהן אין דעם טעמפעל פון מולך ווען מיר האָבען לעצטען מאָל געפייערט דעם יום טוב.

— און וואו געפינט זיך דער טעמפעל פון מולך?

— איך ווייס נישט, אויב איך האָב א

רעכט צו זאָגען איינעם, וועלכער דינט נישט צו מולך.

— אָבער דו ווייסט דאָך, אז מיר, עמונים, דינען אויך צו "מולך".

— ווי איך ווייס, האָבען די עמונים פארנאכלעסיגט צו דינען דעם גאָט מולך, זיי האָבען אָנגעפאנגען צו דינען צו כמוש, דעם גאָט פון מואב, און צו פעור. די טעמפּלען פון "מולך" פוסטעווען. עס איז שוין לאנג, זינט אז עמוני האָט מקריב געווען זיין קינד צו מולך. און מיר האָבען אויסגעבויט א באזונדערען טעמפּעל, וואו מיר קומען צו געהן גאנץ אָפט צו פייערען דאָרטען אונזער גאָטעסדינסט און דאָרט האָב איך אויך באַמערקט יענע פרוי.

— ביזטו זיכער, אז אזא פרוי האָסטו דאָרטען געזעהן?

— איך בין זיכער! איך האָב זיך גאנץ גוט צוגעקוקט צו יענער פרוי, ווייל זי האָט נאָך דער צערעמאָניע גע'חלש'ט. ווי עס ווייזט אויס, איז זי דאָרט צום ערשטען מאָל געקומען און זי איז נאָך נישט צוגעוואוינט געוואָרען צו אונזערע הייליגע צערעמאָניעס.

— אויב אזוי זאָג מיר, וואו דער טעמפּעל געפינט זיך, — האָט גרים זיך אָפּגערופען. — און איך פארזיכער דיך, אז קיין שלעכטס וועט קיינעם נישט געשעהן. און כאָטש עס איז אמת, אז מיר האָבען פארנאכלעסיגט צו דינען צו "מולך", אָבער ער איז נאָך גאנץ הייליג ביי אונז.

דער פרעמדער האָט גרים'ען געזאָגט וואו דער דאָרף געפינט זיך און ער האָט צוגעגעבען:

— ביז וואנען דער יום טוב וועט געפייערט ווערען וועסטו דאָרט קיינעם נישט טרעפען.

— און ווען וועט די פייערונג פאָרקומען?

— ווען איינע פון אונזערע פרויען געבוירט א קינד, דאן גרייטען מיר זיך צו דעם יום טוב, ווייל אויף דעם אכטען טאָג ברייגנט זי דאָס קינד אלס קרבן צו מולך.

— און ווי אזוי געפינט מען אויס, אז א קינד איז געבוירען געוואָרען צו איינער פון אייערע פרויען?

— די פריסטער שיקען ארויס שלוחים צו אלע מיטגלידער פון דעם טעמפּעל פון "מולך" און דאן קומען אָלע זיך צונויף.

— איך וועל קומען צו דיר אויסגעפינען ווען דער קומענדער יום טוב וועט געפייערט ווערען. און דאן וועלען מיר דאָרט צוזאמען געהן, ווייל איך האָב בדעה אויך אָנצופאנגען צו דינען צו "מולך".

— איך וועל זיין זעהר צופריעדען איבערצוגעבען צו די פריעסטער, אז דו ווילסט דינען צו מולך—האָט דער פרעמדער געזאָגט.—אונזער פריעסטער זאָגט אז ווער עס ברענגט צו א פרעמדען מענשען צו מולך, יענער ווערט בעגליקט.

— פיליכט ווייסטו וואו די פרוי געפינט זיך יעצט? — האָט גרים איהם געפרעגט.

— ניין, דאס ווייס איך נישט. איך האָב בעמערקט ווי זי איז געזעסען נעבען אן אלטער פּאָר, אָבער איך ווייס נישט ווער זיי זיינען.

— אויב דו וועסט אויסגעפינען וואו זי איז, וועל איך פון דיר פערלאנגען דו זאלסט מיר זאגען און דערפאר וועל איך דיר בעלוינען.

---

רעומה איז אָפּגעוועזען נאָך עטליכע וואכען אין דער הויז פון דעם אלטען. די ערשטע צייט, נאָך דער שרעקליכער ערפאהרונג וואס זי האט דורכגעמאכט ווען זי האט געזעהן ווי א מוטער פערברענט איהר אייגען קינד צו מולך, האט זי זיך געפיהלט זעהר שלעכט. זי האט נישט געקענט שלאָפען. ווי נאָר זי פלעגט צומאכען איהרע אויגען אזוי האט זי געזעהן דעם שוידערליכען בילד... די צונגען פייער פון מולך... די געוויינען פון דעם קינד... זי האט נישט געקענט עסען, זי איז ארומגעגאנגען פערזונקען אין טרויעריגע געדאנקען. זי האט גענומען טראכטען ווי אזוי אין גאנצען צו

ענטלויפען פון דאנען. די איינציגע זאך וואס עס האט איהר אפגעהאלטען איז געווען דער געדאנק, אז אין גיכען וועט זי האבען א קינד, און זי איז עלענד, זי האט נישט ווער עס זאל זי בעהילפיג זיין. זי האט אפילו נישט וואוהין צו געהן. גלעד האט זי פערטריבען, דעם קינד וואס זי וועט געבוירען וועט ער פעררעכענען פאר א ממזר. עמרי'ן האסט זי און זי וואלט בעסער געשטארבען איידער געהן צוריק צו איהם... זי האט גענומען טראכטען פון גרים'ן. ער האט דאך ארויסגעוויזען זעהר פיעל ליעבע צו איהר... פיליכט וואלט ער זי בעהילפיג געוועזען, ער וואלט איהר גענומען צו זיך.. א שוידער געהט דורך איהר קערפער: ווען זי טראכט פון דעם. גרים'ן איז פאלש ! ער איז נאך ערגער פון עמרי'ן. זי ווייס, אז ער איז א שונא פון איהר פאלק און וועט געווים זי זוכען אויסצונוצען און נאכהער זי פערלאזען.

אין דער זעלבער צייט האט דער אלטער און זיין פרוי פון איהר נישט אפגעטראטען.. זיי האבען נישט אויפגעהערט צו ריידען פון דעם גרויסען גליק וואס איהר וועט פארקומען באלד נאך דעם ווי זי וועט ברענגען א קרבן צו מולך איהר ערשטע קינד... זי וועט דאן אן אלע איהרע צרות פערגעסען.

ביסלעכווייז האט זיך רעומה גענומען צוגעוואהנען צו דיזען געדאנק.. ביז יעצט האט זי פון קיין גליק נישט געוואוסט, דער גאט צו וועמען זי דינט, האט איהר זיינע ברכות נישט געשיקט. זינט זי איז א קינד געווען האט זי שוין געוואוסט פון ליידען, איהר מוטער איז געשטארבען ווען זי איז גאר יונג געווען, דאן האט איהר פאטער גענומען א שטיעפמוטער און יענע פלעגט זי זעהר שלעכט בעהאנדלען. דאן איז געקומען עמרי, און די צרות וואס האבען נאכגעפאלגט, און ווען זי איז אריינגעפאלען אין א פרעמד לאנד מיט ווילדע מנהגים, האט זי קיין אנדער אויסוועג נישט געהאט... זי האט זיך געמוזט ערגעהרען און איז געצוואונגען געווען זיך צו פערקויפען... טאמער האט דאס גליק א שיין געטהאן פאר איהר אויף א ווילע, האט עס זיך אבער שנעל אויסגעלאשען... מען האט אויף איהר א בלבול געמאכט, גלעד האט עס געגלויבט און זי פון זיך מיט שאנד און שפאט פערטריבען און יעצט געפינט זי זיך דא... ווער ווייס פיליכט וועט זיך דא איהר מזל פערבעסערן... מעגליך, אז זייער אפגאט מולך ברענגט גליק צו די וועלכע גלויבען אין איהם, און וועלכע דינען צו איהם.

ביסלעכוויים האבען די רייד פון דעם אלטען אנגעהויבען צו ווירקען אויף איהר... ער האט איהר גענומען איינריידען, אז מולך האט דערהערט איהרע געוויינען און איהם געשיקט צו איהר...

— דו ווייסט דאך, אז איך געה זעהר זעלטען אין יענעם פלאץ, וואו איך האב דיך צום ערשטען מאל געטראפען... אבער יענעם טאג האב איך געהערט א שטימע פון מיין גאט מולך !... ער האט מיר געהייסען געהן דארטען וואו איך האב דיך געטראפען. ער האט געוואוסט, אז דו וועסט אין גיכען דארפען א קינד געבוירען און ער האט דעריבער געוואלט דיך גליקליך מאכען... דו וועסט מיר דיין גאנצען לעבען דאנקבאר זיין...

די אלטע פון איהר זייט האט אויך גענוג איינגע'טענה'ט מיט רעומה'ן...

— געדענקסטו, ווען דו האסט מיך צום ערשטען מאל דערזעהן, ווי אומגליקליך איך בין געווען... דאס האט מיך מולך בעשטראפט ווייל איך האב אין איהם געצווייפעלט. איך האב נישט גערן מיין זוהן פאר איהם מקריב געווען... און דורך דעם האב איך שטארק געזינדיגט, אבער ווען מולך האט געזעהן, אז איך ברענג איהם נאך א פרוי, וועלכע וועט צו איהם דינען, האט ער מיר מוחל געווען, און מיר צוריק פרעהליכקייט און גליק געשיקט. און דו וועסט זעהן ווי שנעל דיין גליק וועט זיך צו דיר אומקעהרען... ווי נאר דו וועסט דיין ערשטע פרוכט פאר איהם א קרבן ברענגען, וועסטו זיך פיהלען אין גאנצען אנדערש.

טאָג איין, טאָג אויס האבען בײדע מיט איהר אײנגע'טענה'ט ביז וואנען זי האָט זיך אונטערגעגעבען. זי האָט צוגעשטימט צו געהן א צווייטען מאָל צו דער פייערונג פון מולך און ווען איהר צייט וועט קומען וועט זי טהאָן ווי אלע געטרייע דינערין פון מולך. יעדען טאָג פלעגט דער אלטער אוועקגעהן מיט זיין פייל און בויגען צו פאנגען פויגלען פאר זייער ערנעהרונג און ווען ער פלעגט זיך צוריקקעהרען און געפינען רעומה'ן מיט דער אלטער, פלעגט זיך אויף זיין פנים א ברייטער שמייכעל צוגיסען.

איינמאָל ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט פון יאגד, האט ער אין זיין הויז געטראָפען א שליח פון דעם פריעסטער.

— אין פינף טעג ארום וועלען מיר געהן פייערען דעם יום טוב לכבוד מולך. איז די אלטע איהר ענטקעגען געקומען מיט א פרעהליכען פנים—און דאן וועט שוין לאנג נישט נעהמען און מיר ווען פייערען די גאָטעם דינסט מיט רעומה'ס ערשט געבוירענע קינד... זי איז שוין צופרידען צו דינען מולך מיט איהר קינד וואס געפינט זיך אין איהר אינגעווייד!...

---

די פייערונג פאר דעם אָפּגאָט מולך האט זיך אָנגעפאנגען. מענער און פרויען האבען זיך צוזאמענגעקליבען צו זעהן ווי נאָך א מוטער איז מקריב איהר קינד...

רעומה איז געזעסען אויף דעם זעלבען פּלאַץ, וואו זי איז געוועזען דעם ערשטען מאָל. זי איז דיזען מאָל געוועזען רוהיג... עס האט זיך איהר געדוכט אז אנדערש קען שוין נישט זיין... זי האט אויף דער מוטער געקוקט מיט גלייכגילטיגע בליקען. זי האט בעמערקט דעם גרויסען כבוד וואס די מוטער קריגט פון אלע פערזאמעלטע, ווי די פריסטער בענשען איהר... ווי זי טרעט מיט לאנגשען ביז וואנען זי קומט צו דעם ברייטען מויל פון מולך פון וואנען די פייעזאמע טריט איבער די "זינדיגע" מענ־ריגע צונגען טאנצען... זי האט אלעם צוגעזעהן מיט אזא רוהיגקייט און קאלטקייט... אָט האט זיך די צערעמאָניע פערנעדיגט... מען זעצט זיך ארום די טישען... דער מאָהלצייט פאנגט זיך אָן.

דער אלטער איז געזעסען לעבען רעומה'ס רעכטער האנד און די אלטע נעבען איהר לינקער האנט...

פּלוצלונג האט רעומה א ציטער געטהאן.. איהרע בליקען האבען זיך בעגעגענט מיט די בליקען פון גרים'ן.

— וואס איז מיט דיר, רעומה?— האט דער אלטער איהר געפרעגט.

— אָה, גאָר נישט, פרידען איז צו מיר!...

— לאָמיר טרינקען פאר אונזער הייליגען מולך!—האט דער אלטער אויפגעהויבען א הילצערנע כלי מיט וויין צו זיינע ליפּען און עס באלד אויסגעטרונקען.

רעומה האט שוין מעהר קיין זאך אין מויל נישט געקענט נעהמען, כאָטש זי איז גאנץ הונגעריג געוועזען. פון צייט צו צייט האָט זי געוואָרפען א בליק אויף גרים'ן וועלכער איז געזעסען נישט ווייט פון איהר... איהרע געדאנקען האבען זיך אָנגעפאנגען צו מישען: וואס טהוט גרים דאָ ווי קומט ער אהער? פון וואנען האט ער אויסגעפונען אז זי געפינט זיך דא: איז עס מעגליך. אז דאס איז א צופאל? פיליכט דינט ער אויך צו מולך... זי ווייס דאָך, אז פיעלע פון די עמונים דינען נאָך אויך יעצט צו דיזען גאָט... אָבער ניין! ווען ער וואלט ווירקליך געדינט צו מולך, וואלט ער דאָ געקומען צוזאמען מיט זיין פרוי... און ווי עס ווייזט אויס קען איהם דאָ קיינער נישט. ער זיצט אָפּגעזונדערט. זי האט געקראָגען א פערלאנג זיך מיט איהם דורכצוריידען. זי האט זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ, זי האט געזאגט דעם אלטען אז זי דארף ערגעץ וואו געהן און זי וועט זיך באלד צוריקקעהרען צום טיש.

רעומה האט זיך עטוואס דערווייטערט

פון דעם פּלאַץ וואו אלע זיינען געזעסען. זי איז אוועק צווישען די בוימער...

גרים האט זיך באלד אויך אויפגעהויבען פון זיין פּלאַץ און איהר גענומען נאָכפאָלגען.

— רעומה ! וואס טהוסטו דאָ ?— האט גרים איהר א פרעג געטהאן.

רעומה האט אומגעקעהרט איהר קאָפּ. א שטראָם טרעהרען האט זיך פון איהרע אויגען א רים געטהאן. זי האט זיך פארנאנדערגעוויינט...

—איך בין געקומען דיר העלפען, רעומה !—האט גרים ווייטער צו איהר געזאגט—בערוהיג זיך !

— איך ברויך נישט קיין הילף !— האט זי אָפּגעווישט איהרע טרעהרען — איך בין גליקליך דאָ צוזאמען מיט אָט די מענשען !...

— וואס רעדסטו, רעומה !—ווילסט דען ברענגען דיין ערשט געבאָרען קינד צו מולך'ן ?... ווייסטו דען נישט, אז מולך האט נישט די מאכט פון א גאָט, מיינע עלטערען האבען צו איהם געדינט און עס האט לאנג נישט גענומען און זיי האבען מולך אומגעביטען אויף דעם גאָט פעור. און יעצט דינען מיר צו צוויי געטער צו כמוש, וועלכער איז דער גאָט פון מלחמה און צו פעור... דו וועסט שוין יעצט זעלטען געפינען אן עמוני, וועלכער וועט אזוי זיין נאריש און דינען צו א גאָט וועלכער פערלאנגט מענשען פליש פאר זיינע קרבנות...

— מולך האט געזעהן מיינע ליידען און האט צו מיר געשיקט גוטע מענשען. איך האב געמיינט, אז מיין סוף איז נאָהענט און יעצט פיהל איך זיך זעהר גליקליך.

— רעומה איך וויים אלעם !—האט גרים זיך צו איהר אָפּגערופען — איך וויים, אז עמרי האט אויף דיר א בלבול געמאכט... אָבער וואס איך וועל דיר יעצט דערצעהלען, וועט דיר נאָך ברענגען מעהר גליק !

— קיין זאך קען שוין די לאגע נישט ענדערען !—האט רעומה געזאגט—עס האט מיר לאנג גענומען ביז וואנען איך בין אויף דעם בעשלום געקומען און יעצט בין איך געגרייט צו טהאן דאס זעלבע וואס די פרוי האט היינט געטהאן.

—אָה, ווי אזוי קענסטו טהאָן אזא זאך ?

— פארוואס נישט ! דאס קינד וואס איך וועל געבוירען וועט מיר קיין גליק נישט ברענגען. זיין אייגענער פאָטער האָט איהם געשטעמפּעלט אלס ממזר, און מיך ארויסגעטריבען. זאל איהם מולך האבען. פיליכט וועט ער זיך איבער מיר דערבארעמען.

— דו רעדסט נישט ווי א פרוי פון דיין גלויבען !!—האט גרים זיך אָפּגערופען—און יעצט הער זיך צו : דיין מאַן, גלעד האט דעם גאנצען לאנד ארומגערייזט דיך אויפצווזוכען.

— פארוואס זאל זיך דיר פערגלוסטען צו טרייבען יעצט שפּאס מיט מיר, גרים ?

—איך שפּאס נישט ! איך בין יעצט זעהר ערנסט. איך האב גלעד'ן געטראָפען אין רבה, וואו ער איז געווען דיך זוכען, נאכהער איז ער אוועק צו עמרי'ן, ער איז אפילו אויך געווען אין דיין געבורטסשטאדט, ביי דיין פאָטער.

— אָבער ווי אזוי קען איך דיר גלויבען איר דער צייט ווען איך וויים ווי ביטער ער איז געווען געגען מיר. ער האט מיך מיט שאנדע פעריאָגט... מרה און די איבעריגע מענשען, וועלכע זיינען דאביי געווען האבען מיר מיט קללות באגלייט.

— יעצט אָבער האט זיך די לאגע אין גאנצען געענדערט. גלעד האט אויסגעפונען וועגען דעם שרעקליכען טעות וואס ער האט געמאכט.

— ווי אזוי? איז שוין רעומה געווארען פעראינטערעסירט.

—זיין קנעכט שפון האט זיך פאר איהם מודה געווען, אז ער האט עמרי'ן דערצעהלט אלעם... ער האט געוואוסט וועגען דיין סוד אז דו דארפסט א מוטער ווערען, דיין דינסט, וועלכע האט

זיך אונטערגעהערט ביי דער טיהר פון דיין צימער, בעת דו האסט גלעד'ן דערצעהלט, האט איבערדערצעהלט צו שפן און ווען עמרי האָט איהם צום ערשטען געפאנגען, האט ער פון איהם אלעם ארויסגעקראָגען. יע, שפן האט זיך אין דעם מודה געווען פאר אלע שופטים און יעצט ווייסען אלע, אז דו ביזט אומשולדיג און גלעד איז גלייך אוועק דיר זוכען. איך האב איהם געזעהן צוריק מיט עטליכע טעג. זיין פנים איז טרויעריג און ער איז שטארק בעזארגט וועגען דיר... ער וואָלט אלעם געטהאָן אום דיר צוריקצוקריגען.

— איך גלויב דיר נישט ! — האט רעומה געענטפערט.—איך ווייס אז דו זוכסט מיך איינצוריידען איך זאל פון דאנען אוועק.

— ווען איך וואלט געווען אויסען מיין אייגען גליק, וואלט איך דיר דען דערצעהלט וועגען דיין מאן, וועלכער וועט געוויס קראנק ווערען פון צער... איך וואלט דאך געזוכט דיך אוועקצונעהמען פאר זיך... דו ווייסט דאך, ווי איך ליעב דיר, אָבער טאקע צוליעב מיין שטארקע ליעבע צו דיר וויל איך, אז דו זאלסט צוריק גליקליך זיין... איך וויל דיר צוריק ברענגען צו דיין מאן און דאמיט וועסטו ראטעווען דיין קינד, דיין אייגען פלייש און בלוט... ווארום ווי אזוי וועסטו עס קענען טהאָן אזא זאך ווי אזוי וועסטו קענען פערברענען דיין אייגען קינד ?

— אפילו ווען דו זאלסט האבען צו מיר דעם אמת דערצעהלט וועל איך שוין פערבלייבען מיט די גוטע מענשען, וועלכע האבען מיר אין דער צייט פון מיין נויט א גרויסען טרייסט געבראכט, זיי זיינען צו מיר ווי עלטערען געווען. זיי האבען מיר געצערטעלט און געטרייסט... און דורך זיי האב איך ווידער גליק דערזעהן.

— דו רעדסט ווי איינע וואס איז בערוישט פון וויין ! ווי אזוי וועסטו קענען זיין גליקליך ווען דו וועסט וויסען אז דו האסט דיין ערשט געבוירען קינד

אין פייער געווארפען... זעהסטו דען ניט אז די עמונים האבען שוין לאנג אוועקגעווארפען דיזע שרעקליכע גאָטעס דינסט... זעהר ווינציג זיינען פערבליבען פון די דינער פון מולך... אין רבה פוסטעווען די טעמפלען... און זעהר ווינציג מענשען געפינען זיך אין היינטיגער צייט, וועלכע זאלען אזוי נאריש זיין...

— דאס קינד וואס איך וועל געבוירען געהערט שוין צו מולך... גלעד האט איהם פערלוירען אזוי שנעל ווי ער האט געגלויבט דעם בלבול וואס עמרי האט אויף מיר געמאכט.. איך וועל זיך שוין צו איהם קיינמאָל נישט אומקעהרען...

— און זאג מיר וואו דו געפינסט זיך! איך וועל קומען דיך בעזוכען, איך האב נאָך זעהר פיעל מיט דיר צו ריידען, און דאָ קען איך עס נישט טהאן, ווייל איך וויל נישט אז די מענשען זאלען אין עפעס פארדעכטיגען.

— אומזיסט איז דיין מיה.. דו דארפסט צו מיר נישט קומען... דו וועסט מיר אין גיכען דאָ ווידער טרעפען. און דאן מיט מיין קינד אויף מיינע הענט... איך וועל טרעטען איבער די קערפער פון די זינדיגע, ביז וואנען איך וועל זיך דערנעהענטערען מיט מיין קינד צו דעם הייליגען פלאם וואס קומט ארויס פון מולך'ס מויל...

— איך האף ,אז איך וועל דיר נאך טרעפען אביסעל פריהער ! — האט גרים געזאגט און האט זיך צוריקגעקעהרט צו זיין פלאץ צווישען די וועלכע האבען געגעסען, געזויפט און געהולעט.

רעומה האט זיך אויך צוריקגעקעהרט צו איהר פלאץ, וואו זי האָט גענומען עסען דעם מאָהלצייט.

נאָך דעם מאָהלצייט איז גרים צוגעגאנגען צו דעם הויפט פריעסטער און איהם געזאגט, אז איהם געפעלט די גאָטעס דינסט פון מולך און ער וויל ווערען אויך א דינער צו איהם.

— האָסטו א פרוי ? — האט איהם דער פריסטער געפרעגט.

— יע, איך האב א פרוי און דריי

קינדער ! — האט איהם גרים געענטפערט.

— ביזטו וויליג אויפצואפפערן דיין ערשט געבארענעם קינד פאר מולך ? —באט דער פריסטער איהם ווייטער געפרעגט.

— יע, איך בין וויליג דאס צו טהאן.

— דאן וועסטו קומען אהער אין צעהן טעג ארום און מיר וועלען פייערן דעם יום טוב צו מולך.

— איך וועל א לענגערע צייט, ווייל איך וועל דארפען האבען גענוג צייט איבערצורעדען מיין פרוי, זי זאל צושטימען צו ברייגען אונזער ערשט געבארענעם זוהן צו מולך—האט גרים געזאגט.

— אויב דו פערלאנגסט וועל איך שיקען איינעם פון מיינע דינער איבערצורעדען מיט דיין פרוי... דו מעגסט רוהיג זיין, אז עס וועט זיי לאנג נישט נעהמען און זיי וועלען קריגען דיין פרוי'ס צושטימונג.

— עס איז נישט נויטיג ! — האט גרים געזאגט—איך בין זיכער, אז איך אליין וועל איהר קענען איבערצייגען אין דער מאכט פון דעם גאט מולך. און אין דעם גליק וואס טרעפט יעדען איינעם, וועלכער דינט צו איהם.

— אזוי שנעל ווי דו וועסט קריגען די צושטימונג פון דיין פרוי זאלסטו מיר לאזען וויסען און דאן וועל איך בעשטימען דעם טאג פון דער פייערונג.

גרים איז געווען צופריעדען, וואס ער האט געקראגען דעם צוטרויען פון דעם פריסטער; עס וועט זיין פאר איהם א סך בעסער, ווען ער וועט דא קענען קומען צו יעדע צייט האט ער געטראכט.

ער האט אויך דארטען איבערגענעכטיגט און אין דער פריה איז אויפגעשטאנען פריהער פון די איבעריגע און איז ארויס פון דארף. ער האט זיך אוועקגעשטעלט הינטער א בוים און געווארט, אז רעומה זאל פערבייגעהן.

עס האט לאנג נישט גענומען און ער האט בעמערקט רעומה'ן מיט דעם אלטען און אלטער געהענדיג לאנגזאם. זיי האבען זיך פערנומען צו לינקס.

גרים האט גענומען נאכפאלגען רעומה'ן. ער האט זיך געהאלטען א היבשען מרחק פון זיי... ער איז זיי נאכגעגאנגען א היבשע צייט, ביז וואנען ער האט בעמערקט, אז זיי קומען צו צו א קליין האלב איינגעפאלענע הייזעל וואס שטעהט ביים וואלד. ער האט געזעהן ווי זיי קומען אריין אינווייניג.

א ווייל איז ער געבליבען שטעהן, און נאכהער האט ער זיך אומגעקעהרט צו זיינע מענשען.

— איך האב אויסגעפונען וואו יענע פרוי געפינט זיך,—האט ער זיך אפגערופען צו די סאלדאטען, וועלכע האבען אויף איהם געווארט,—יעצט קענט איהר זיך אומקעהרען נאך רבה, איך וועל אייך שוין מעהר נישט ברויכען, אבער דערוויל מוזט איהר זעהן פאר קיינעם קיין ווארט נישט צו דערצעהלען. ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען, וועל איך אייך אלעמען בעלוינען.

גרים איז אוועק אין מצפה און גלייך אריין אין גלעד'ס הויז.

— איך האב פאר דיר פרעהליכע נייעס ! — האט גרים אויסגערופען.

— קום אריין מיט מיר אין מיין צימער ! — האט גלעד זיך צו איהם אפגערופען. ער האט פערשטאנען, אז גרים האט איהם צו דערצעהלען וועגען רעומה'ן, און ער האט נישט געוואלט, אז מרה זאל דאס הערען.

זיי זיינען ביידע אריין אין גלעד'ס צימער און גרים האט זיך אפגערופען :

— מיין מיה איז נישט געווען אומזיסט, מיין פריינד גלעד !

— דו ווייסט וואו רעומה געפינט זיך ? — האט גלעד אויסגערופען מיט פרייד.

— נישט נאר ווייס איך וואו זי געפינט זיך, אבער איך האב אויך מיט איהר גערעדט.

— און וואס מאכט זי ?

— פרידען איז צו איהר !

— יעצט דערצעהל מיר, שנעלער,

אלעס וואָס דו ווייסט וועגען איהר — האָט גלעד מיט אומגעדולד געזאָגט.

— איך האָב געטאָהן אלעס וואָס איז מעגליך זי אויפצוזוכען — האָט גרים געזאָגט — איך האָב געדונגען צוואנציג מענשען און האָב יעדען פערשפּראָכען גוט צו בעלוינען, אויב מיר וועלען געפינען רעומה'ן. מיר זיינען געגאנגען אין דער לייגג און אין דער ברייט פון לאנד מיר האָבען בעזוכט יעדען דאָרף און יעדע שטעדטעל ביז וואנען איך האָב געקראָגען א שפּור... איך האָב יעדען מאָן געפרעגט, אויב ער האָט בעגעגענט אזא פרוי ערגיץ־וואו, און אזוי האָב איך אויסגעפונען, אז...

— אז וואָס ?

— אז זי קומט אין א דאָרף וואו מען דינט צו דעם גאָט מולך !

— וואָס ? — האָט גלעד אויסגערופען מיט שרעק — זי קומט דינען מולך?

— יע, איך בין געווען אין יענעם דאָרף ביי א פייערונג ווען א יונגע פרוי האָט מקריב געווען איהר ערשט־געבוירענעם קינד צו מולך. דאָרט האָב איך זי געטראָפען. איך בין מיט איהר אוועק אָן א זייט און איהר דערצעהלט אלעס. איך האָב איהר דערצעהלט ווי אזוי דו האָסט אויסגעפונען, אז עמרי האָט אויף איהר א בלבול געמאכט. און ווי אזוי דו זוכסט זי ארום איבער'ן לאנד און איך האָב פון איהר פארלאנגט זי זאָל זיך אומקעהרען צו דיר.

— און וואָס האָט זי דיר געענטפערט ?

— זי איז געווען זעהר ביטער. זי האָט מיר געזאָגט, אז מולך האָט צוגעזעהן איהרע ליידען און צו איהר גוטע מענשען געשיקט און אין דער צייט ווען זי האָט געטראכט, אז איהר סוף איז נאָהענט, זיינען זיי איהר צו הילף געקומען. יעצט איז זי דאנקבאר די מענשען פון מולך... ווען איך האָב איהר גענומען איבעררעדען און צייגען דעם אונזין פון דינען אזא גאָט ווי מולך, וואָס פארלאנגט מענשליכע קרבנות, האָט זי מיר געענטפערט, אז קיין זאך וועט שוין די לאנגע נישט ענדערען, עס האָט איהר לאנג גענומען ביז זי איז צו דעם בעשלוס געקומען און זי איז געטריי מקריב צו זיין איהר קינד וואָס זי דאָרף אין גיכען געבוירען.

— א, גאָט ! — האָט גלעד אויסגערופען — זי וועט מקריב זיין מיין קינד ! אָת, ניין ! עס איז אומעגליך, איך מוז זי קריגען. מיין אייגען פלייש און בלוט — א קרבן פאר דעם אָפּגאָט "מולך". אָ, די אומגליקליכע רעומה. איהרע ליידען זיינען געווים זעהר גרויס געווען, אז זי האָט בעשלאָסען צו נעהמען אזא שריט. שנעלער, גרים, זאָג מיר וואו זי געפינט זיך ?

— זי האָט מיר בשום אופן נישט געוואָלט זאָגען וואו זי געפינט זיך — האָט גרים געענטפערט — אָבער איך האָב איהם נאָכגעקוקט און ווען די פייערונג האָט זיך פערענדיגט, האָב איך געזעהן, אז זי געהט אוועק פון יענעם דאָרף אין דער בעגלייטונג פון אן אלטען מאָן און אלטער פרוי. איך האָב זיי נאָכגעפאָלגט אומבעמערקטערהייט און האָב אויסגעפונען דעם פּלאַץ וואוהין זיי זיינען אריין.

— אָה, איך בעט דיר, גרים, פיהר מיך אהין ! איך מוז רעומה'ן צוריקקעהרען צו מיין הויז.

— צוליעב דעם צוועק בין איך דאָך יעצט צו דיר געקומען ! — האָט גרים געזאָגט — אויב דו וועסט האנדלען שנעל וועסטו זיכער פערמיידען אן אומגליק, ווייל מען קען ערוואַרטען, אז זי זאָל געבוירען דאָס קינד גאָר אין גיכען. און דאַן וועט שוין צו שפּעט זיין.

— אָבער ווי איז דאָס מעגליך, אז זי זאָל איינגעהן אויף אזא שרעקליכען טהאַט ! איהר קינד, איהר אייגען פלייש און בלוט ! — איז גלעד ארומגעגאנגען אין צימער הין און צוריק.

— אָט די זעלבע פראַגע האָב איך איהר געשטעלט, און זי האָט מיר געענטפערט, אז דאָס קינד וואָס זי וועט געבוירען וועט איהר שוין קיינמאָל קיין גליק ניט ברענגען, ווייל זיין אייגענער פאָטער פעררעכענט איהם אלס ממזר...

— אַ, גאָט, וואָס האָב איך געטאָן, איך בין אַליין שולדיג אין אַלעם. זי איז געווען אומשולדיג... אין מיינע אויערען קלינגען נאָך יעצט איהרע ווערטער, ווען זי האָט זיך ביי מיר געבעטען, איך זאָל גלויבען אין איהר עהרליכקייט און געטרייהייט צו מיר, אָבער איך האָב מיינע אויערען פערשטאָפּט און האָב זיך ניט צוגעהערט צו איהרע רייד... איך האָב זי בעהאַנדעלט מיט גרויזאַמקייט, איך האָב זי פון מיין הויז פאַרטריבען... און יעצט בעשטראָפט מיר גאָט...

— אָבער עס איז נאָך נישט צו שפּעט — האָט גרים געזאָגט — איך בין זיכער אז ווען דו וועסט קומען נאָך איהר וועט זי זיך צוריקקעהרען מיט דיר. דו וועסט קענען ווירקען אויף איהר, און זי וועט צושטימען צו געהן צוריק.

— אַ, לאָמיר גלייך געהן אהין!—האָט גלעד אויסגערופען — איך וויל קיין איינציגע רגע נישט פערלירען.

— איך בין געגרייט מיין האר! — האָט גרים געזאָגט — אָבער דו דאַרפסט ויסען, אז איך האָב פערשפּראָכען די יונגען וועלכע זיינען מיט מיר מיטגעגאַנגען...

— איך וועל דיר פאר אַלעם בעצאָהלען! — האָט גלעד געזאָגט.

— דו האָסט מיר פערשפּראָכען צו געבען נאָך פינף הונדערט שקלים — האָט גרים איהם דערמאָהנט.

— אָח, יע, אזוי שנעל ווי רעומה וועט זיך אומקעהרען וועל איך דיר געבען די געלט.

— אָבער איך ברויך דאָס יעצט, וויל איך האָב פערשפּראָכען די יונגען, וועלכע האָבען מיר געהאָלפען... און כאָטש איך וואָלט נישט געוואָלט זיין אזוי דרינגענד צו א מאן ווען איך האָף צו פערערכענען פאר מיין פריינד, בין איך דאָך געצוואונגען צו בעטען ביי דיר פאָראויס.

— גוט, איך וועל דיר דאָס געלט געבען — האָט גלעד זיך אָפּגערופען — אָבער לאָמיר זיך איילען.

גלעד האָט געגעבען גרים'ן די געלט, און מיטנעהמענדיג איינינע פון זיינע קנעכט, איז ער מיט גרים'ן אוועק צו דעם פּלאַץ וואו די האלב איינגעפאלענע הייזעל איז געשטאַנען.

— דאָרטען געפינט זי זיך! האָט גרים אָנגעוויזען אויף יענעם פּלאַץ — איך און דיינע קנעכט וועלען דאָ צורווארטען און דו וועסט אַליינו אהין אריינגעהן.

מיט א קלאפּענדע הארץ איז גלעד צוגעגאנגען צו דער חורבה... ער איז געבליבען שטעהן א ווילע ניט ווייט פון דאָרטען... ארום איז געווען שטיל, באלד האָט זיך צו זיינע אויערען דערטראָגען א געשפּרעך. ער האָט דערקענט רעומה'ס שטימע. גלעד האָט זיך געפאסט מוטה און איז אריין אינוויינינ... ער האָט דערזעהן ווי רעומה זיצט אויף דער ערד נעבען אן אלטער פרוי און זיי זיינען פארטיפט אין א געשפּרעך... זיי האָבען איהם אפילו נישט באמערקט.

— ווען דו וועסט דיין קינד געבוירען — הערט ער ווי די אלטע רעדט צו רעומה'ן — וועל איך גלייך שיקען אָנזאָגען דעם הויפּט־פּריסטער פון מולך... און וואָס פאר א גרויסען יום־טוב מיר וועלען דאָן פייערען... דו וועסט מיט דיין קינד אויף מיינע הענט טרעטען איבער די קערפּערס פון די זינדיגע מענשען ביז וואנען דו וועסט צוקומען צו מולך'ן... און ווי גליקליך דו וועסט זיך דערנאָך פיהלען ווען דו וועסט וויסען אז דער "היילינער מולך" האָט דיין קרבן בעווילינט... דו וועסט זיין פערעכענט פאר מולך'ס א טאָכטער. ער וועט דיין קינד בעשיצען מיט זיין היילינען פלאם און דורך דעם וועסטו שוין מעהר נישט וויסען פון קיין שמערצען!

— דו און דיין מאן זיינען צו מיר זעהר גנעדיג געווען — הערט גלעד ווי רעומה ענטפערט איהר — איך האָב שוין פארלאָרען אלע מיינע האָפנונגען... ווען איך בין צוגעקומען צום וואלד, מיעד און דערשלאָגען, פערטריבען מיט שאנדע פון מיין היים, האָב איך זיך געזעצט אונטער א בוים און געוויינט...

איך האב שוין מעהר קיין מוטה נישט געהאט ווייטער צו געהן... איך האב בעשלאסען צו בלייבען דארט ביז וואנען מיין סוף וועט קומען. מיר האט אפילו נישט געארט אויב א ווילדע חיה וועט מיך פערצוקען... איך האב מעהר קיין לוסט נישט געהאט צום לעבען... און דא פלוצלינג איז צו מיר דיין אלטער צוגעקומען, ווי געשיקט פון הימעל, האט ער מיר מיט זיינע ווייכע, צארטע רייד געטרייסט... און ווען ער האט מיר געזאגט דאס מולך האט געהערט מיין געוויין און איהם געשיקט מיך צו העלפען, האב איך אין זיינע רייד ניט געצווייפעלט... איך האב געמיינט, אז אלע האבען זיך פון מיר אפגעקעהרט, אז קיינער וועט שוין צו מיר צערטליך ניט זיין... אבער יעצט זעה איך, אז איך בין נאך נישט פארלארען... מולך האט זיך ווירקליך איבער מיר דערבארימט און אלס דאנקבארקייט וועל איך צו איהם מיין קינד, וואס וועט צו מיר געבארען ווערען, מקריב זיין פאר א קרבן...

— ערשט דאן וועסטו וויסען וואס גליק איז! אבער דו זאלסט קומען צו מולך'ן מיט א ריינע הארץ, ניט ווי איך האב געטאהן, ווען איך האב געדארפט מיין ערשט־געבארענעם און לעצטען זוהן מקריב זיין צו איהם. כאטש מולך קען מיר נישט בעשולדיגען פאר דעם, ווייל איך בין דאך שוין דאן אלט געווען און מעהר קיין האפענונג צו האבען קינדער האב איך נישט געהאט... אבער דו, רעומה, ביזט נאך יונג... דו וועסט נאך קריגען א מאן מיט וועמען דו וועסט קינדער האבען, און מולך וועט דיך גליקליך מאכען, ער וועט דיינע אנדערע קינדער בעשיצען...

— אה, ניין! — האט רעומה טרויעריג געענטפערט — איך וועל שוין אויך מעהר קיין קינדער נישט האבען. איך וועל שטענדיג פערבלייבען די "דינסט פון מולך'ן" און קיין אנדער מאן נישט נעהמען... ווייל איך בין געשטראפט געווארען.

— רעומה! — האט גלעד זיך מעהר נישט געקענט בעהערשען.

מיט גרויס שרעק האט רעומה זיך אויפגעשטעלט פון איהר פלאץ.

— אה!! — האט זי א געשריי געטאהן — און גענומען אפטרעטען אויף הינטען.

די אלטע האט זיך אויך אויפגעהויבען פון דער ערד און געקוקט מיט בייזע בליקען אויף דעם פרעמדען.

גלעד האט זיך עטוואס דערנעהנטערט.

— רעומה, מיין טייערע רעומה! זיי מיר מוחל איך האב געגען דיר געזינדיגט!

רעומה איז געבליבען שטעהן א פערגליווערטע און זי האט איהם גארנישט געענטפערט.

— געלויבט איז גאט וואס ער האט מיר אין דעם ריכטיגען וועג געפיהרט און איך האב דיך געפונען — האט גלעד ווייטער געזאגט, און איז צוגעגאנגען צו רעומה'ן און איהר געוואלט אננעהמען פאר איהר האנט.

— אה, ריהר מיך נישט אן! — האט זי אויסגערופען מיט א משונה'דיגע שטימע — איך בעלאנג מעהר נישט צו דיר! איך בעלאנג צו מולך!

— וואס רעדסטו, רעומה?! האסטו דען פארגעסען, אז דו ביזט א אידישע טאכטער? ווייסטו דען נישט ווי מולך איז פערהאסט ביי אונזער פאלק? אונזער תורה פערבאט דאך אזעלכע זאכען. ווער האט דיר אזעלכע נארישקייטען איינגערעדט?

— ווער ביזטו דו לעסטערער פון אונזער הייליגען "גאט מולך"? — האט די אלטע זיך צו איהם געווענדעט — פארוואס ביזטו געקומען צושטערען אונזער גליק און רוה?... ווייסטו דען נישט, דיר! איך בעלאנג צו מולך!

— איך בין רעומה'ס מאן, זי איז מיין פלגש! — האט גלעד אויסגערופען — זי געהערט צו מיר און זי וועט מיט מיר געהן צוריק צו מיין היים!

— ניין! איך וועל מיט דיר נישט געהן! — האט רעומה געענטפערט — דו האסט מיך פון זיך פערטריבען... אלע

דיינע פריינד האבען פון מיר אפגעשפאט, מען האט אויף מיר געשפיגען און מיך מיט שרעקליכע קללות בעגלייט... דיין פרוי מרה, האט מיך צושאנד און צו שפאט געמאכט, און דו האסט מיך נישט געוואלט גלויבען, אז איך בין אומשולדיג... איך האב געוויינט און זיך געבעטען ביי דיר אבער דו האסט אפילו מיך נישט געוואלט אויסהערען... דו האסט געקריצט מיט דיינע צייהן אויף מיר אין דיין גרוים צארן... דו האסט דעם קינד וואס איך טראג אונטער מיין הארצען פאר א ממזר געמאכט, יעצט בעלאנגט ער מעהר נישט צו דיר... ער בעלאנגט צו מולד'ן. אין זיינע אויגען וועט ער פעררעכענט ווערען פאר א הייליג קינד... און איך וועל מעהר נישט דארפען ליידען.

— וואס רעדסטו, רעומה, ווי אזוי וועסטו קענען טאהן אזא זאך צו דיין אייגען קינד? ווייסטו דען נישט, אז דער אפגאט מולך איז א פאלשער גאט און זיינע פריסטער זיינען ליגנער און שווינדלער? מיט זייערע גלאטע צינגער קריגען זיי גאנץ גרינג זייערע קרבנות... איך בעט דיר, רעומה, קעהר זיך אום מיט מיר, איך וועל דיר גליקליך מאכען, איך וועל אלעם טאהן דו זאלסט מיר פערגעבען מיין זינד וואס איך בין בעגאנגען געגען דיר און געגען מיין קינד וואס דו וועסט מיר געבוירען!

— ניין! איך וועל זיך צו דיר קיינמאל נישט צוריקקעהרען! דו האסט מיר נישט געגלויבט, ווען איך האב פאר דיר און די שופטים מיט בלוטיגע טרעהרען געשווארען, אז איך בין ריין פון זינד. און פון וואנען וועל איך זיכער זיין אז ווען אימיצער אנדערש וועט אויף מיר א בלבול מאכען און דו וועסט יענעם גלויבען?

— איך שווער ביי דעם לעבען פון מיין נאך נישט געבארענעם קינד! — האט גלעד אויסגערופען, אז מעהר וועל איך נישט גלויבען קיין שלעכטעס וואס מען וועט אנריידען אויף דיר. איך וועל זעהן דיר צו בעהאנדלען זעהר גוט.. נאר קום צוריק מיט מיר.

— זי וועט מיט דיר נישט געהן! — האט די אלטע אויסגערופען מיט כעס — מולך האט זי צו אונז געבראכט און יעצט געהערט זי צו איהם.

א היבשע ווײלע איז גלעד געשטאנען נעבען רעומה'ן און זיך ביי איהר געבעטען זי זאל זיך אומקעהרען מיט איהם, אבער זי איז געבליבען פער'עקשנ'ט. זי האט איהם געענטפערט, אז זי בעלאנגט צו מולך און איהר קינד וועט זי איהם פאר א קרבן ברײנגען.

גלעד האט אן ענטוישטער פערלאזען די חורבה און זיך אומגעקעהרט צו גרים'ן און צו זיינע קנעכט, וועלכע האבען אויף איהם געווארט.

— זי וויל מיט מיר צוריק ניט געהן! — האט גלעד טרויעריג געזאגט צו גרים'ן.

— איך האב פאר דיר אן עצה! — האט גרים געזאגט — אויב דו האסט די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט צוואנגסמיטלען געגען די פריסטער פון מולך, דאן וועסטו זי צוריקקריגען.

— איך פערשטעה ניט וואס דו מיינסט? — האט איהם גלעד אנגעקוקט.

— די פריסטער האבען אויסגעאיבט זעהר א גרויסען איינפלוס איבער רעומה'ן און בלויז ווען דו וועסט זיי קענען אנסטראשען אז זיי זאלען איהר הייסען זיך צוריקקעהרען וועט זי דאס טהאן.

— אבער ווי אזוי קען איך דאס טהאן?

— איך האב אויסגעפונען אז זיי האבען ניט צופיעל אנהענגער, א קליינע צאהל כנענים און נאך א קלענערע צאהל עמונים און עטליכע מענשען פון אנדערע שבטים דינען צו מולך... און ווי איך האט געהערט ביזטו געווארען דער הויפט פון דער שטאדט, אויב דו וועסט האבען די מעגליכקייט צו פערזאמלען א חיל און קומען צו די פריסטער און זיי זאגען אז דו וועסט צושטערען זייער גאט אויב רעומה וועט פערבלייבען דא, דאן פערזיכער איך דיר אז דו וועסט זי צוריק קריגען.

# יפתח און זיין טאָכטער

— איך מוז זי צוריקקריגען! האָט גלעד אויסגערופען איך וועל ניט דערלאָזען אז מיין קינד, מיין פלייש און בלוט זאָל אויפגעאָפפערט ווערען פאַר דעם אָפגאָט מולך!

דאָס איז דער איינציגער וועג! — האָט גרים געזאָגט — איך האָב מיינס געטהאָן איך האָב דיין פלגש דיר אויפגעזוכט יעצט דאַרפסטו זעהען זי צוריקצוקריגען.

— ווען איך זאָל זי צווינגען, וועט דאָס ניט העלפען זי וועט זיכער א צווייטען מאָל פון מיר אנטלויפען.

— דעריבער זאָג איך דיר דאָך אז דאָס מוז קומען דורך די פריסטער! — האָט גרים געזאָגט.

— איך וועל מיטנעהמען פופציג יונגע העלדען און מיט זיי אוועקגעהן צו יענעם דאָרף, — האָט גלעד געזאָגט. — אָבער דו וועסט אונז דאַרפען צייגען דעם וועג.

— דאָס בין איך גרייט צו טהאָן, מיין האר, — האָט גרים געזאָגט. — איך וועל דיר העלפען מיט אלעס, וואָס וועט מעגליך זיין.

— אויב אזוי, פאַרלאַנג איך דו, זאָלסט בלייבען מיט איינעגע פון מיינע קנעכט צו זעהן אויב רעומה געהט אוועק פון דאַנען. דאַן זאָלסטו איהר נאָכפאָלגען.

— דו קענסט זיך אויף מיר פאַרלאָזען! — האָט גרים זיך אָפגערופען. — איך וועל שוין זעהן, אז זי זאָל ניט פאַרלוירען געהן א צווייטען מאָל.

גלעד איז אוועק צוריק נאָך מצפה און האָט זיך אומגעקעהרט מיט פופציג באַוואָפענטע יונגע העלדען.

ער האָט געטראָפען גרים'ען און זיינע קנעכט אויף דעם זעלבען פלאַץ. זיי זיינען געלעגען אויפ'ן גראָז און זייערע אויגען זיינען געווען געווענדעט צו דער חורבה.

— נו, זי איז נישט אוועק פון דאַנען? — האָט גלעד איהם געפרעגט.

— ניין! אָבער מיר האָבען באַמערקט ווי דער אלטער האָט זיך אומגעקעהרט און יעצט וועט נאָך שווערער זיין זי איבערצורעדען! — האָט גרים געזאָגט.

— איך וועל שוין מעהר נישט אריינגעהן אהין, אָבער איך וועל דיך פאָלגען און געהן מיט מיינע מענשען צו יענעם דאָרף און פאַרלאַנגען פון דעם פריסטער ער זאָל איהר הייסען צוריקגעהן צו מיר. און דו וועסט מיר ווייזען דעם וועג.

גרים האָט גלעד'ן מיט זיינע מענשען צוגעפיהרט צו דעם דאָרף און נאָכהער האָט ער זיך צוריקגעקעהרט קיין רבה.

גלעד האָט געהייסען זיינע מענשען וואַרטען נישט ווייט פון דאָרף און אליין איז ער אריין אין טעמפעל פון מולך.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם הויפט פריסטער און ווען מען האָט איהם אָנגעצייגט אויף זיין צימער, איז ער אהין אריין.

— ביזטו דער הויפט פריסטער פון מולך? — האָט גלעד איהם געפרעגט.

— יע, איך בין עס! — האָט יענער געענטפערט. — דו ביזט ווילקאָמען. איך פאַרשטעה, אז דו האָסט געזעהן די מאַכט פון אונזער גאָט מולך און יעצט ביזטו געקומען צו איהם דינען.

— נישט צוליעב דעם צוועק בין איך אהער געקומען, — האָט גלעד געענטפערט. — איך האָב געהערט, אז א פרוי מיט'ן נאָמען רעומה האָט זיך אָנגעשלאָסען צו דינען מולך'ן.

— יע, די פרוי וועט אינגיכען געבוירען א קינד און דאַן וועלען מיר מאַכען א גרויסען יום טוב, ווייל זי וועט איהר קינד מקריב זיין צו מולכ'ן.

— זי וועט איהר קינד ניט מקריב זיין! — האָט גלעד מיט צאָרן אויסגערופען.

— אזוי איז באַשלאָסען געוואָרען א[illegible] אזוי וועט עס זיין! — האָט דער פריסטער געענטפערט.

— און איך זאָג דיר נאָכאמאָל, א[illegible] דאָס וועט ניט געשעהן! — האָט גלעד אויפגעהויבען זיין שטימע. — מולך וועט פריהער צעשמעטערט ווערען און

רעומה וועט איהר קינד ניט אפפערען צו איהם.

— ווער ביזטו עס, וועלכער וואגט אזוי צו רעדען וועגען אונזער הייליגען גאט, מולך ?!

— איך בין דער מאן פון יענער פרוי!

— האט גלעד אויסגערופען. — רעומה איז מיין פלגש און דאס קינד געהערט צו מיר!

— ניין! דאס קינד געהערט שוין מעהר ניט צו דיר! עס איז באשטימט געווארען פאר מולכ׳ן. רעומה האט איהם שוין לאנג פארשפראכען. אומזיסט זיינען דיינע רייד!

— אויב דו וועסט אזוי רעדען, וועל איך באלד מאכען א סוף צו דיין טעמפעל און צו דיין אפגאט!

— אויב דו וועסט פון דאנען באלד ניט אוועקגעהן, וועל איך צוזאמענרופען אלע מיינע פריסטער און זיי וועלען דיך פון דאנען ארויסטרייבען! — האט דער הויפט פריסטער זיך אפגערופען.

— איך פארלאנג פון דיר, אז דו זאלסט גלייך שיקען רופען מיין פלגש און איהר אנזאגען, אז זי זאל זיך אומקעהרען צו מיר, ווייל זי וועט זיך ניט קענען אנשליסען צו די דינער פון מולך!

— צו דיין חוצפה איז קיין גרעניץ ניטא! — האט דער פריסטער א געשריי געטהאן. — שוין זאלסטו פארלאזען דעם טעמפעל פון מולך, ווייל דו פאראומרייניגסט דעם פלאץ מיט די רייד פון דיינע ליפען!

דער הויפט פריסטער האט א קלאפ געטהאן מיט זיין שטעקען און באלד זיינען אריינגעקומען פיער פריסטער אין צימער.

— דיעזער מאן איז געקומען לעסטערן אונזער הייליגען מולך! טרייבט איהם ארויס פון דאנען — האט זיך דער הויפט פריסטער צו זיי אפגערופען. איידער די פריסטער זיינען צו איהם צוגעקומען איז שוין גלעד ארויס פון טעמפעל.

ער איז שנעל אוועק צו זיינע מענשען וועלכע האבען געווארט נישט ווייט פון דארף.

— מיר וועלען דארפען מאכען א סוף צו די געצענדינער פון מולך — האט גלעד אויסגערופען—קומט, און מיר וועלען חרב מאכען דעם אפגאט מולך און פארברענען זיין טעמפעל. מיר טארען ניט דערלאזען אזא אומווירדיגקייט זאל זיך געפינען ניט ווייט פון אונזערע גרעניצען.

— זייגען זיי דען ניט פארבונדען מיט עמון? — האט איינער פון זיינע מענשען איהם געפרעגט—אויב יא, וועט יעצט עמון האבען א גוטע אורזאכע מיט אונז מלחמה צו האלטען.

— ווי איך האב אויסגעפונען, האבען זיי גאר ניט צו טאהן מיט עמון. א קליינע צאהל כנענים און עמלקים האבען דיזען טעמפעל און מולך געבויט. די עמונים האבען שוין לאנג זיך ארומגעזעהען די שוידערליכקייט פון צו דינען צו אן אפגאט מיט מענשליכע קרבנות און זיי האבען אויפגעהערט צו איהם צו דינען. זיי דינען יעצט צו צוויי געטער, צו פעור און צו כמוש, און איך בין זיכער אז זיי וועלען זיין צופרידען וואס מיר האבען פערניכטעט מולד׳ן. ציהט ארויס אייערע שווערדען און קומט.

גלעד איז נעגאנגען פאראויס און נאך איהם זיינען געגאנגען די פופציג העלדישע יונגען מיט זייערע שווערדען אין די הענט. ביז װאנען זיי זייגען צוגעקומען צו דעם טעמפעל.

דער הויפט פריסטער, דערהערענדיג דעם טומעל אין דרויסען איז גלייך ארויסגעקומען. ווען ער האט דערזעהען גלעד׳ן מיט זיינע מענשען איז אויף איהם א שרעק געפאלען. זיין פנים איז בלאס געווארען.

— מיין האר, וואס פערלאנגסטו?

— האט ער זיך געווענדעט צו גלעד׳ן.

— איך בין געקומען מאכען א סוף צו דיין אומווירדיגען אפגאט און צו זיין טעמפעל — האט גלעד אויסגערופען — און יעצט ענטלויף וואס שנעלער פון דאנען, דו און די איבעריגע פריסטער, אויב ניט וועסטו אויך אומקומען צוזאמען מיט דיין אפגאט.

— איך בעט דיר מיין האר, טו ניט קיין שלעכטעס צו דעם "הייליגען מולד" — האט זיך דער הויפּט פּריסטער גענומען בעטען.

— עס וועט דיר גאָר ניט העלפען, מיינע מענשען וועלען באלד צושמעטערען דיין אָפּגאָט און פארברענען דעם אומווירדיגען טעמפּעל, און אויב דו וועסט מיר ניט פאָלגען וועסטו צוזאַמען מיט דיינע איבעריגע פּריסטער פערניכטעט ווערען.

— איך וועל דיין פערלאנג ערפילען אויב דו וועסט מיר טאָהן די געפעליגקייט און קיין שלעכטעס ניט טאָהן צו דיזען פּלאַץ — האט דער הויפּט פּריסטער זיך אפּגערופען.

— אויב דו וועסט מיר צוריקקעהרען מיין קעבס ווייב וועל איך מיט מיינע מענשען פון דאנען אוועקגעהן און קיין שום שאדען ניט פעראורזאכען — האט גלעד געזאגט — אבער געדענק, אויב רעומה איז שוין אזוי שטארק בעאיינפלוסט געווארען אז זי וועט בשום אופן ניט וועלען זיך צוריקקעהרען צו מיר, דאן וועלען מיר דיזען פּלאַץ מאכען וויסט. מיר וועלען אלעס פארברענען און דיין גאָט מולד וועלען מיר צושמעלצען.

— איך פארזיכער דיר, אז זי וועט זיך צו דיר אומקערען! — האט דער הויפּט פּריסטער געזאגט — גיעב מיר בלויז א שטיקעל צייט ביז וואנען מיינע שלוחים וועלען אוועקגעהן רופען דעם אלטען און די אלטיטשקע מיט רעומה'ן, ווען זיי וועלען דאַ זיין, וועל איך מיט זיי זיך דורכרעדען און רעומה וועט שוין צושטימען זיך מיט דיר צוריקקעהרען, אבער איין זאך וועסטו דארפען טאָהן, דו וועסט דארפען אפּטרעטען מיט דיינע מענשען אַן א זייט, כדי איך זאל קענען ריידען אומגעשטערט מיט דיין קעבסווייב.

— איך שטים איין צו דעם! — האט גלעד זיך אפּגערופען—איך און מיינע מענשען וועלען זיין בעהאלטען ניט וויט פון דאנען, און ווען זי וועט צושטימען, וועל איך ארויסקומען איהר נעהמען. אבער אויב ניט זאלסטו וויסען זיין אז מיר וועלען פון דעם פּלאַץ נישט איבערלאָזען א שטיין אויף א שטיין.

— מיין ווארט איז הייליג! — האט דער הויפּט פּריסטער געזאגט — איך וועל שיקען פינף פון מיינע שלוחים זיי צו רופען.

— פארוואס דארפסטו שיקען פינף, זיינען דען צוויי ניט גענוג? — האט איהם גלעד געפרעגט.

— עס איז שוין ביי מיר א מנהג אז ווען די זאך איז זעהר דרינגענד, דאן שיק איך פינף פון מיינע דינער, כדי זיי זאלען וויסען די ערנסטקייט און נויטווענדיגקייט דערפון און זיי זאלען ניט אפּלייגען זייער קומען אויף שפּעטער.

— איך ווארען דיר טאָמער וועסטו מיר פערראטהען! — האט גלעד אויסגערופען — דאן וועלען מיינע מענשען פון קיין רחמנות ניט וויסען. זיי וועלען אלעס צושטערען און אויסשלאַכטען אַט די אלע וועלכע האבען אונז פעראטען.

— א הייליגער פּריסטער פון "מולד" וועט קיין ליגען ניט זאגען! איך שווער דיר ביי דעם הייליגען פּלאם וואס קומט ארויס פון מולד'ס נאַזלעכער, אז אזוי ווי איך האב דיר געזאגט אזוי וועט געשעהען.

גלעד און זיינע מענשען האבען צוריקגעטראַטען צו א פּלאַץ וואו זיי האַבען זיך אוועקגעזעצט אויפ'ן גראָז און געווארט.

דער הויפּט פּריסטער האט צוגערופען פינף פון זיינע פלינקע שלוחים און ער האט זיך צו זיי אפּגערופען:

— שנעל, נעהמט אייערע פערד און לויפט אנזאגען אלע מיטגלידער פון מולד וועגען דעם געפאהר וואס דראָהט אונזער גאט און טעמפּעל, זאלען זיי זיך גוט בעוואפענען און קומען אם שנעלסטען אהער ווייל די סכנה איז גרויס און דו—האט ער זיך געווענדעט צו איינעם פון זיי—דו לויף וואס גיכער

אריבער צו דעם אלטען און אלטער און היים זיי גלייך קומען מיט רעומה'ן אהער, ווייל אין פאל מיר וועלען ניט קענען קריגען די נויטיגע הילף, וועל איך קענען איינשטילען זיין צאָרן מיט דעם וואס איך וועל הייסען רעומה'ן צוריקקעהרען זיך צו איהר מאן.

די שלוחים האבען גענומען פערד און האבען שנעל אוועקגעריטען איבער די פערשיעדענע דערפער צו רופען די מיטגלידער אין נאמען פון הויפט פריסטער. פיעלע פון די דינער פון מולך זיינען געווען אין פעלד מיט די שאָף אדער זיינען געווען פערנומען מיט אנדערע זאכען. דאָך איז זיי געלונגען צוזאמענצוקלייבען ארום זעכציג מאן. איין שליח איז דערוייל אוועק צו דעם אלטען און איהם געהייסען גלייך צוקומען מיט רעומה'ן צום הויפט פריסטער.

דער אלטער און די אלטע זיינען באלד אוועק צוזאמען מיט רעומה'ן. זיי זיינען געקומען פריהער פון די איבעריגע.

דער הויפט פריסטער האט זיי אריינגערופען צו זיך אין צימער און זיך אפגערופען צו רעומה'ן:

— דיין מאן גלעד איז צו מיר געקומען און פערלאנגט איך זאל דיר הייסען זיך צוריקקעהרען צו איהם.

— איך וויל ניט געהן צו איהם! — האט רעומה אויסגערופען — ער האט מיך פון זיך פערטריבען!

— ער איז דאָ געקומען מיט פופציג בעוואפענטע יונגע לייט! — האט דער פריסטער ווייטער געזאגט—און ער האט געסטראשעט צו פערניכטען מולך'ן און זיין טעמפעל. איך האב איהם דעריבער פערשפראכען אז איך וועל זעהן דאס דו וועסט צו איהם צוריקגעהן.

— אבער איך וויל ניט געהן צוריק צו איהם! — האט רעומה ווייטער זיך אפגערופען.

— און איך וויל געווים ניט! — האט דער הויפט פריסטער געזאגט — אבער איך בין געווען געצוואונגען איהם צו פארשפרעכען, און דערזעלבער צייט האב איך געשיקט שלוחים צו רופען אלע מיטגלידער פון אונזער גאט מולך. זיי זאלען אהער קומען בעוואפענט און העלפען יעמפען געגען גלעד'ן, און דו רעומה וועסט מיר קענען א סך ארויסהעלפען אין דעם.

— וואס מיינסטו, מיין האר? — היט זי איהם געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— איך מיין אז דו זאלסט יעצט צו איהם געהן, און זאגען אז דו ווילסט מיט איהם ריידען בעזונדער אין א צימער. דערווייל וועלען אנקומען אונזערע ברידער און אין דער צייט וואס ער וועט זיין פארנומען מיט דער וועלען באפאלען גלעד'ס יונגען און זיי טויטען. און דאן וועט שוין ניט זיין צו שווער אויך פטור צו ווערען פון איהם...

— אָ, ניין! ניין! איך וויל איהם ניט פערראטען! — האט רעומה אויסגערופען.

— ווילסטו דען אז ער זאל אונז אלעמען אויסשלאכטען צוליעב דיר.

— דאי וועל איך זיך צו איהם אומקעהרען, איך וועל בעסער טאָהן דאס איידער איהם צו פעראטהען.

— דו וועסט טהאָן ווי איך וועל דיר הייסען! — האט דער הויפט פריסטער אויף איהר א געשריי געטהאָן—דו בעלאנגסט צו מולך'ן און דו קענסט זיך מעהר צו איהם ניט אומקעהרען. דיין ערשט געבארען קינד וועט אויך בעלאנגען צו מולך'ן. ער איז שוין געהייליגט געווארען און אויב דו וועסט ניט צופרידענשטעלען זיין פערלאנג וועט ער ברייגען אן אומגליק אויף דיר און אויף אונז אלעמען.

— אבער ווי אזוי וועל איך קענען צוזעהען ווי דו פערגיסט די בלוט פון מיין מאן.

— דו האסט דאָך אליין געזאגט אז ער איז ניט מעהר דיין מאן, און א חוץ דעם איז ער אהער געקומען צו לעסטערן אונזער הייליגען גאָט.

— ער איז געקומען מיך פאָדערען און אויב איך וועל צו איהם ניט געהן וועט פערמיטען ווערען בלוט פארגיסונג!

—ווייסטו דען ניט ווי שטארק אנגעלעגט זייער בלוט וועט זיין פאר מולד׳ן... מיר וועלען פיעלע פון זיי אויסשלאכטען און די וועלכע וועלען איבערבלייבען לעבען וועלען מיר מקריב זיין אלס קרבנות פאר מולד׳ן.

— איך זעה יעצט אז דער גאט מולד איז ניט קיין גאט... ווייל ער דורשט נאך מענשליך בלוט!

— דו לעסטערסט אויך מולד׳ן — איז דער פריסטער צו איהר צוגעלאפען.

— אה, רעומה! — האט זיך דער אלטער צו איהר געווענדעט — האסטו מיר דען ניט פארשפראכען אז דו וועסט טריי דינען מולד׳ן, און יעצט?

— ווען איך האב געהערט ווי קאלטבלוטיג דער פריסטער רעדט וועגען אויסשלאכטען אזוי פיעל מענשען, פאנג איך אן צווייפלען אין דער הייליגקייט פון מולד׳ן.

— ווייסטו דען ניט, אז גלעד האט מיר פריהער געסטראשעט: ער האט מיך געוואלט צווינגען איך זאל דיר אומקעהרען צו איהם, און ווען איך האב זיך ענטזאגט עס צו טהאן, איז ער געקומען מיט זיינע מענשען און געוואלט פערניכטען דעם טעמפעל און מולד׳ן!

— דאס איז א בעוויז, אז ער האט מיך נאך ליעב! ער האט חרטה וואס ער האט מיך אזוי שוידערליך באהאנדעלט, — האט רעומה געזאגט.

— אויב דו וועסט ניט טהאן ווי איך היים דיר, וועל איך איהם אליין ארייננארען אין איינעם פון די צימערען פון טעמפעל און מיינע העלפער וועלען איהם טויטען.

רעומה האט א בליק געטהאן אויף דעם הויפט־פריסטער. זי האט געזעהן דאס פייער, וואס ברענט אין זיינע אויגען, און דאס האריץ האט איהר געזאגט, אז גלעד׳ס לעבען איז אין גרויס סכנה.

— ענטשולדיג מיר, הייליגער פריסטער. און איך האף, אז אויך מולך וועט מיר פארגעבען, וואס איך האב מיט מיינע ליפען געזינדיגט. איך וועל טהאן אלעס וואס דו וועסט מיר זאגען. שיק נאך איהם, זאל ער אריינקומען אין מיין צימער און איך וועל איהם פארהאלטען אזוי לאנג ווי דו וועסט פון מיר פארלאנגען, און דו וועסט מתפלל זיין פאר מיר צו מולד׳ן ער זאל מיר פארגעבען.

— דאס וועל איך זיכער טהאן! — האט דער פריסטער געזאגט. — אבער דו וועסט אליין דארפען ארויסגעהן און איהם אריינרופען, כדי ער זאל גאר קיין חשד ניט האבען. זאג איהם, אז דו ווילסט זיך מיט איהם דורכריידען אין איינעם פון די צימערען. און ווען דו וועסט דארט זיין, זאלסטו איהם פארהאלטען אזוי לאנג ווי מעגליך, ביז וואנען מיינע מענשען וועלען אנקומען און פלוצלינג בעפאלען זיינע מענשען.

— גוט, איך וועל דאס אויך טהאן פאר דיר! — האט רעומה אויסגערופען. — זאג מיר, וואו ער געפינט זיך.

— ער געפינט זיך מיט זיינע מענשען אויף דער לינקער זייט פון טעמפעל, — האט דער פריסטער איהר געזאגט. — געה צו איהם און מולך וועט מיט דיר זיין.

רעומה איז ארויס פון טעמפעל און מיט לאנגזאמע טריט געגאנגען אין דער ריכטונג, וואו גלעד און זיינע מענשען זיינען געשטאנען. גלעד האט זי פון ווייטען בעמערקט און ער איז איהר ענטקעגען געלאפען.

— אה, רעומה! — האט ער אויסגערופען. — איך בין גליקליך, אז דו קעהרסט זיך אום צו מיר.

רעומה האט אנגעשפארט איהר קאפ אויף זיינע שולטערען און זיך פאנאנדערגעכליפעט.

— זיי מיר מוחל, רעומה, איך האב געגען דיר שטארק געזינדיגט.

— דו טארסט קיין צייט ניט פארלירען, גלעד, — האט רעומה זיך אפגערופען. — דער פריסטער האט פאר דיר א נעץ אויסגעשפרייט. א גרויס געפאהר לויערט אויף דיר און אויף דיינע מענשען. ער האט געשיקט די

שלוחים צונויפצוזאמלען די אלע, וועלכע דינען צו מולך. ער האט מיר געהייסען איך זאל דיר פארנארען אין איינעם פון די צימערען, כדי זיינע מענשען זאלען קענען דיר בעפאלען און טויטען... איך האב איהם פארשפראכען דאס צו טהאן, כדי צו קריגען זיין צוטרויען, און יעצט קום איך דיר ווארענען פון דעם, האלט דיינע מענשען געגרייט.

— יעצט זעה איך, אז דו האסט מיר מוחל געווען! — האט גלעד איהר א קוש געטהאן. — קום מיט מיר אין לאגער. מיינע יונגען זיינען שטארק און בראוו און זיי זיינען גוט באוואפענט.

— אבער?!

— דו האסט זיך גארניט וואס צו שרעקען! — האט זי גלעד געדריקט צו זיך. — איך וועל איבערלאזען מיט דיר עטליכע העלדישע יונגען, וועלכע וועלען דיך היטען ביז וואנען איך וועל פארטיג ווערען מיט די אומווירדיגע פריסטער און מיט זייער אפגאט מולך!

גלעד האט זיך צוריקגעקעהרט מיט רעומה'ן צו זיינע יונגען, ער האט זיי געזאגט וועגען דער געפאהר, וואס לויערט איבער זיי, ווי אזוי דער פריסטער האט איהם געוואלט אפנארען.

— זייט אלע געגרייט! — האט ער אויסגערופען און ארויסגעצויגען זיין שווערד.

די יונגען האבען איהם נאכגעטהאן. אחוץ זיין שווערד, האט יעדער איינער געהאט ביי זיך א שליידער־האלץ מיט שפיציגע שטיינער. זיי זיינען אלע געווען גוט געאיבט אין ווארפען שטיינער.

פיער יונגען האט גלעד איבערגעלאזט מיט רעומה'ן, זיי זאלען איהר בעשיצען טאמער וועט אימיצער איהר וועלען שלעכטעס טהאן, און מיט די איבעריגע האט ער זיך געלאזען שטורמען דעם טעמפעל. זיי האבען גלייך צובראכען דעם טויער פון דעם הויף פון מולך.

— אה, רעומה האט אונז פארראטען! — האט דער הויפט־פריסטער אויסגערופען און איז מיט די עטליכע פריסטער אנטלאפען דורך א צווייטען ארויסגאנג.

ווען ער איז צוגעקומען ביים סוף פון דארף, האט ער דערזעהן זיינע מענשען אנקומענדיג.

— אה, דער הייליגער מולך האט אייך אין צייט געשיקט! — האט דער הויפט־פריסטער אויסגעשריען. — קומט וואס שנעלער און ראטעוועט אייער גאט און אייער טעמפעל.

ער האט געקראגען א שווערד און געפיהרט די זעכציג מאן מלחמה צו האלטען מיט גלעד'ן.

— איהר דארפט זיך ניט שרעקען! — האט דער פריסטער געזאגט. — מיר האבען מעהר מענשען פון איהם, און אחוץ דעם ווייסען מיר דיזען געגענד בעסער ווי זיי. מולך וועט אונז העלפען און מיד וועלען זיינע שונאים פארניכטען.

מיט שאלען און געשרייען האבען די דינער פון פעור זיך געלאזט קעמפען געגען גלעד'ן און זיינע מענשען. ווען זיי האבען זיך עטוואס דערנעהענטערט, האבען זיי בעמערקט ווי א פייער האט ארומגעהילט זייער טעמפעל, א גרויסער רויך האט געזעצט...

— אה, זיי האבען פערניכטעט אונזער גאט! — איז זיי דער אלטער מיט זיין פרוי ענטקעגען געלאפען. זיי האבען צושמעטערט מולך'ן און פערברענט זיין טעמפעל! אה, מולך, נעהם נקמה אן די זינדיגע!

— לאמיר זיך מיט זיי אפרעכענען! — האט דער פריסטער אויסגערופען. — מיר וועלען זיי פערניכטען צוזאמען מיט רעומה'ן.

גלעד און זיינע יונגען האבען דערהערט דעם געשריי און שאלען, און ווען זיי האבען זיך ארומגעקוקט, האבען זיי בעמערקט דעם פריסטער פיהרענדיג דעם המון געגען זיי.

— נעהמט אייערע שליידער־העלצער! — האט גלעד א בעפעהל געגעבען.

יעדער האָט גענומען זיין שליידער־האַלץ און פון זיין טאַרבע ארויסגענומען עטליכע גלאַטע שטיינער און זיך גענומען צילעווען אויף זיי.

באַלד זיינען איניגע פון זיי געפאַלען. עס איז געוואָרען א טומעל און א געשריי. נאָך עטליכע זיינען פערוואונדעט געוואָרען. איין שטיין האָט נאָך א האָר געטראָפען דעם פריסטער. ער האָט זיך גענומען אָפּטראָגען. די איבעריגע זיינען קוים מיט זייערע לעבענס אנטלאָפען...

גלעד האָט זיך אומגעקעהרט צו רעומה'ן און האָט צו איהר געזאָגט:

— די שונאים וועלען אונז שוין מעהר ניט בעלעסטיגען. זיי זיינען זיך צולאָפען אין פערשידענע ריכטונגען. און יעצט, רעומה, קום צו מיר אהיים. געלויבט איז גאָט, וואָס ער האָט מיינע אויגען געעפענט און מיר דעם ריכטיגען וועג אָנגעצייגט...

זיי האָבען פערלאָזען דאָס דאָרף... הינטער זיך האָבען זיי איבערגעלאָזט דאָס פייער און דעם רויך פון דעם פערניכטעטען אָפּגאָט מולך מיט זיין טעמפעל.

(ענדע פון ערשטען טייל)

---

## צווייטעל טייל

## ערשטער קאפיטעל

## יפתח

ווידער האָט זיך דאָס גליק אומגעקעהרט צו גלעד'ן, רעומה איז צוריק אין זיין הויז... זי איז יעצט נאָך שעהנער און טייערער אין זיינע אויגען ווי פריהער. מיט יעדען טאָג וואָס איז פאַראיבער אלץ נעהנטער ווערט די צייט ווען א יורש וועט געבוירען ווערען צו גלעד'ן.

רעומה איז יעצט בעהאנדעלט געוואָרען מיט גרויס צערטליכקייט פון אלעמען אין גלעד'ס הויז, אפילו מרה, וועלכע איז איהר אלע מאָל געווען א פיינדין, האָט יעצט איהר אויך גענומען צערטליכער בעהאנדלען. טיילווייז צוליעב דעם וואָס זי האָט ניט געוואָלט דערצאָרענען איהר מאַן גלעד'ן, און טיילווייז טאַקע צוליעב דעם וואָס רעומה האָט אזוי פיעל געליטען פון דעם בלבול. פונדעסטוועגען האָט גאַנץ אָפט געברענט אין איהר די אייפערזוכט ווען זי האָט בעמערקט, אז גלעד שענקט מעהר אויפמערקזאַמקייט צו זיין פלגש (פילעגעש — קעבסווייב) ווי צו איהר, זיין ריכטיגע ווייב. זי האָט זיך אָבער געטרייסט דאמיט, אז אזוי שנעל ווי רעומה וועט איבערקומען, וועט גלעד זיך אויך ענדערען... און אפשר וועט נאָך גאָט איבער איהר זיך אויך דערבאַרימען, און איהר שענקען א קינד.

איניגע וואָכען נאָכדעם ווי גלעד האָט פערניכטעט דעם אָפּגאָט מולך, און וועקגענומען פון דאָרטען רעומה'ן, האָט זי איהם געבאָרען א זוהן.

גרויס איז גלעד'ס פרייד געווען, ווען מען האָט איהם אָנגעזאָגט, אז רעומה האָט איהם געבאָרען א זוהן. יעצט האָט איהם גאָט געבענשט מיט א יורש. אלע פון שטאָדט מצפה האָבען זיך מיט איהם מיטגעפרעהט. גלעד איז ביי אלעמען געווען חשוב. ווייל אחוץ דעם וואָס ער איז געווען דער הויפּט פון שטאָדט, האָט ער זיך באַליעבט געמאַכט ביי אלעמען, דורך זיין העלדישקייט וואָס ער האָט ארויסגעוויזען ווען ער האָט חרב געמאַכט דעם טעמפּעל און דעם שווידערליכען אָפּגאָט מולך...

אויף אלעמענס ליפּען איז געלעגען א לויב פאַר גלעד'ן, וועלכער האָט אזוי פיעל געוואַגטקייט געוויזען און געקעמפּט געגען די ווילדע געצענדינער.

יעצט וועלען שוין די דינער פון מולך ניט וואַגען צו בויען זייערע טעמפּלען און אָפּגעטער נאָהענט צו אונזערע גרעניצען!

— און דאָס וועט אויך וואַרפען א פּחד אויף די איינוואָהנער פון עמון. זיי וועלען מורא האָבען זיך מיט אונז אָנצופאַנגען... ווייל זיי זעהן אונזער מאַכט.

אזוי האָבען צווישען זיך גערעדט די געסט, וועלכע זיינען געווען איינגעלאַ־

דען צו דער שמחה פון ברית וואָס גלעד האָט געפייערט. אזא שמחה איז שוין לאנג אין מצפה ניט געפייערט געוואָרען... די חשוב׳סטע לייט פון שטאָדט זיינען געווען. די בעסטע מאכלים און געטראנקען זיינען אויסגעטיילט געוואָרען צו די געסט.

די אָרימע לייט פון מצפה און פון די אַרומיגע שטעדטלאך זיינען געווען ביים ברית. זיי האָבען געוואוסט, אז גלעד, דער רייכסטער מאן פון מצפה, וועט זיי מיט לײדיגען ניט אוועקשיקען.

אין איינעם פון די גרעסטע צימערען פון גלעד׳ס הויז זיינען לאנגע טישען געשטאנען געדעקט מכל טוב. דאָרט איז געזעסען גלעד, ביי זיין רעכטער האנט איז געזעסען רעומה, און ביי זיין לינקער זייט — מרה. ביי יענעם טיש זיינען אויך געזעסען די שופטים, די פאָרשטעהער פון שטאָדט און די חשוב׳ע זקנים.

די צערעמאָניע פון ברית האָט זיך אָנגעפאנגען; מען האָט דאָס קינד מל געווען, און גלעד האָט זיין ערשט-געבאָרענעם זוהן א נאָמען געגעבען יפתח.

— אזוי זאָל מען איהם רופען: יפתח! — האָט גלעד מיט א גליקליכען שמייכעל געזאָגט — ווייל גאָט האָט מיינע אויגען געעפענט און איך האָב דעם אמת דערזעהן.

פלוצלונג האָט רעומה ארויסגעלאָזען א געשריי און געפאלען אין חלשות. אייניגע פון די געסט זיינען אויך אויפגעשפרונגען פון זייערע פלעצער מיט גרוים שרעק.

— וואָס האָט פאסירט!! — האָט גלעד שנעל איבערגעגעבען דעם קינד צו דער הייבאם און אליין איז ער צוגעלאָפען אָפצומינטערען רעומה׳ן.

— אָט איז דאָס! — האָט איינער אויסגערופען — אָה, ווי גרויס מיין שרעק איז געווען ווען איך האָב דאָס געזעהן אריינפליהענדיג דורכ׳ן פענסטער.

— דאָס איז א פערוויקעלטער פארמעט!

— האָט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען — דאָס האָט אימיצער פון דרויסען אריינגעוואָרפען.

גלעד און אייניגע געסט האָבען באלד אָפּגעמינטערט רעומה׳ן.

—וואָס האָט פאסירט, רעומה?! האָט זיך גלעד צו איהר אָפּגערופען זי האָט איהרע אויגען געעפענט.

רעומה׳ס פנים איז געווען ט בלאס, זי האָט נאָך ניט געקענט ר פון שרעק... מען האָט איהר געג אביסעל וואסער זיך צו קרעפטיגען

— ניט נאָר האָט זיך רעומה דערשר קען, אבער מיר זיינען צושראָקען געוואָרען — האָט איינער פון די געסט זיך אָפּגערופען — ווען דאָס האָט א פאָל געטאָהן אין אונזער ריכטונג.

— וואָס האָט א פאָל געטאָהן? — האָט גלעד מיט ערשטוינונג געפרעגט.

— אָט דער פערוויקעלטער פארמעט!

— האָט איינער עס איהם דערלאנגט.

גלעד האָט בעטראכט דעם פארמעט און האָט זיך אָפּגערופען צו רעומה׳ן:

— האָסטו זיך דערשראָקען צוליעב דעם?

— יע, — האָט רעומה א שאָקעל געטאָהן מיט׳ן קאָפּ — איך בין געזעסען פערטראכט, פלוצלונג האָט זיך א האנט בעוויזען אין פענסטער און האָט עפּעס אריינגעשלײדערט. יע, דאָס איז דאָס.

גלעד האָט מיט גרויס פאָרזיכטיגקייט פאנאנדערגעוויקעלט דעם פארמעט.

— עס איז געשריבען אין דער שפּראך פון עמון — האָט ער זיך אָפּגערופען.

— וואָס שטעהט דאָרט געשריבען?

— האָט רעומה איהם געפרעגט.

— אָה, גאָר ניט קיין וויכטיגע זאך. געווים האָט עס מיינער א שונא אהער אריינגעשלײדערט.

— גיעב מיר, איך וויל דאָס דורכלייענען! — האָט רעומה געבעטען גלעד׳ן.

גלעד האָט געוואוסט, אז רעומה קען לעזען עמונית, און דעריבער האָט ער געמוזט פאָרלעזען אלעם ווי עס שטעהט דאָרט געשריבען:

”דיין זוהן, וואָס רעומה האָט געבוירען בעלאנגט צו דעם גאָט מולך... און אויב דו וועסט איהם ניט אָפּגעבען מולך׳ן מיט׳ן גוטען ווילען וועט ער

איהם פון דיר מיט געוואלד אוועקנעמען. פאר א קרבן וועט דיין ערשט־געבארענער זוהן מוזען געבראכט ווערען פאר מולד'ן... און דאמיט אליין וועט נאך דער צארן פון מולד'ן ניט געשטילט ווערען.. נקמה וועט ער נעהמען אן דיר, פאר דעם וואס דו האסט איהם צושמעטערט. געדענק, דער הייליגער פלאם איז נאך ניט אויסגעלאשען געווארען. ער וועט דיר אין גאנצען פארצערען".

— דאס האט געוויס דער "מולד־לאזער" הויפט־פריסטער דעם בריעף דורך וועמען געשיקט — האט גלעד געזאגט מיט א שמייכעל — דו דארפסט זיך ניט נעהמען צום הארצען, ווי נאר אימיצער פון די פריסטער וועט זיך בעווייזען אין אונזער שטאדט, וועט ער שוין קיין לעבעדיגער זיך נישט צוריקקעהרען.

— אבער ווער האט עס געקענט וואגען צו טאהן אזא זאך ? — האט איינער פון די געסט געפרעגט.

— זאלען די קנעכט שנעל ארויסגעהן און נאכיאגען דעם יעניגען וועלכער האט עס אריינגעשליידערט ! — האט גלעד געזאגט — דאס האט געדארפט באלד געטהאן ווערען, וואלט מען יענעם געוויס געכאפט... דאך זאלען זיי יעצט נאכיאגען פילייכט וועלען זיי איהם דערגרייכען.

די קנעכט זיינען שנעל ארויס פון הויז און גענומען לויפען דורך דעם וועג וואס האט געפיהרט צו די טויערען פון שטאדט, אבער זיי האבען זיך צוריקגעקעהרט מיט ליידיגען.

— פון וואנען האט דער פריסטער געוואוסט, אז רעומה האט א זוהן געבארען ? — האט מרה געפרעגט.

— איך קען ניט פערשטעהן ווי אזוי ער האט געקענט אזוי פינקטליך מכוון זיין די צייט — האט איינער פון די שופטים זיך אפגערופען — ווי עס ווייזט אויס האט ער געקראגען אויסקינפטע פון מצפה.

— מעגליך, אז ער אדער אימיצער פון זיינע נאכפאלגער געפינט זיך אין מצפה פערשטעלטערהייט — האט רעומה אויסגעדריקט איהר מורא — און דאן וועט שלעכטעס געטהאן ווערען צו מיין קינד !

— בערוהיג זיך, רעומה ! — האט גלעד געזאגט — דו האסט גארניט וואס צו זארגען. איך וועל שטעלען א וואך ארום מיין הויז, און ווער נאר עס וועט פערדעכטיגט ווערען וועט מען גלייך ארעסטירען... כ'וועל אויך פערגרעסערען די צאהל שומרים פון די טויערען פון שטאדט, און זיי אנזאגען צו פערהאלטען יעדען פערדעכטיגען פערזאן. זאל אזא ניט וויכטיגע געשעהענים פאראורזאכט פון מיינעם א שונא, ניט צושטערען אונזער שמחה.

די פערזאמעלטע געסט האבען אנגעפילט זייערע גלעזער מיט וויין און גענומען טרינקען. זיי זיינען ווידער פרעהליך געווארען און פערגעסען וועגען דער פאסירונג.

רעומה אבער איז פערבליבען אומעטיג און בעזארגט. דער איינפלוס וואס די דינער פון מולד האבען אויף איהר אויסגעאיבט, איז נאך אזוי שנעל ניט אפגעווישט געווארען. איהר הארץ האט איהר גענומען שרעקען פאר איהר קינד. זי איז צו איהם צוגעגאנגען און גענומען אין איהרע הענט, איהם געדריקט צו זיך. ווי זי וואלט פאר עפעס מורא האבען...

גלעד האט געשטעלט וועכטער צו היטען זיין הויז טאג און נאכט.

רעומה האט צוגענומען דעם פארמעט אויף וואס עס איז געווען געשריבען די דראהענדע ווערטער און זי האט עס בעהאלטען. זי האט ניט אויפגעהערט צו וואונדערען זיך ווער עס האט עס געשריבען און ווי אזוי מען האט אויסגעמאסירט דאס אריינצושליידערען אין פענסטער אין דער צייט ווען מען האט געפייערט דעם ברית פון איהר זוהן, יפתח.

גלעד האט ארויסגעוויזען אזוי פיעל ליעבע און צערטליכקייט צו רעומה'ן און יפתח'ן, אז זי האט זיך ווידער גענומען פיהלען גליקליך, און זי האט אנ־

געפאנגענע צו פערטרייבען פון איהרע געדאנקען אלע זארגען, און בּיסלאכווייז גענומען פערגעסען אַז די פארגאנגענ־הייט.

באלד אָבער האָט פּאסירט עפּעס וואס האָט ווידער צושטערט איהר פרייד. ווי יפתח איז איין יאָהר אלט געוואָרען און גלעד האָט געמאכט א מאָלצייט פאַר דעם ערשטען געבורטסטאָג פון זיין זוהן, האָט מרה, זיין ווייב, זיך אויפגעהויבען פון איהר פּלאַץ בעת דעם מאָלצייט און צוגעגאנגען צו איהם און עפּעס ארייג־גערוימט אין אויער.

גלעד איז אויפגעשפרונגען פון זיין פּלאַץ מיט גרויס פרייד און האָט איהר ארומגענומען אין [illegible].

עפּעס האָט א ריס געטאָהן רעומה'ן אין הארצן [illegible] פארשטאנען, אז קיין אנגענעהמע נייעס וועט זי ניט הער־רען... זי האָט בעמערקט ווי גלעד'ס אויגען האָבען אויפגעלויכטען. א ברייטער שמייכעל האָט זיך צוגאָסען איבער זיין פנים, און ער האָט אָנגענומען מרה'ן פאַר איהר האנט און מיט איהר ארויס פון צימער.

און פאַר וואס זי האָט זיך געשראָקען, איז געשעהן. דעם זעלבען טאָג האָט זי זיך טאקע דערוואוסט, אז מרה ערוואַרט צו ווערען א מוטער אין גיכען. עפּעס האָט איהר איהר הארץ געזאָגט, אז פון יעצט אָן וועלען זיך פאַר איהר ווידער אָנפאנגען אומעטיגע טעג.

גלעד האָט גענומען שענקען זיין גאנ־צע אויפמערקזאמקייט צו מרה.. ער איז געוועזען איבערגליקליך, אז מרה, זיין ריכ־טיגע ווייב, וועט איהם געבּוירען א קינד... כאָטש דאָס קינד וואס רעומה האָט איהם געבוירען האָט ער שטארק ליעב געהאט, דאָך האָט ער געפיהלט, אז זעהר שטאַרק מיט איהם וועט ער ניט קענען זיין.. אלע ווייסען דאָך ווער זיין מוטער איז, און כאָטש זי איז אין גאנ־צען ריין געוואשען פון דעם חשד, איז דאָך דער פלעק פון איהר פערגאנגענ־הייט פערבליבען. זי איז זיכער, אז ווען יפתח וועט אויפוואקסען וועלען די איינ־

וואהנער פון שטאָדט איהם שטענדיג אויפוואָרפען דאָמיט וואָס זיין מוטער איז געוועזען א זונה.. פילע וועלען איהם אויך דערמאָהנען, אז נאָך א האָר וואָלט איהם זיין מוטער מקריב געוועזען פאַר דעם אָפּגאָט "מולך".. יע, זי איז וויליג געוועזען צו דינען צו דיזען אָפּגאָט.. יע, ער ווייס, אז קיין סך נחת וועט ער ניט קענען ערוואַרטען פון רעומה'ס זוהן. און יעצט האָט איהם גאָט געבענשט און מרה וועט איהם אויך געבוירען א קינד... יעצט זעהט ער, אז אזוי איז געוועזען דער רצון פון גאָט, ער זאָל רעומה'ן נעהמען פאַר זיין פלגש. און ווי נאָר זי האָט איהם געבאָרען א זוהן, דאַן וועט זיין שמחה פארפולט ווערען.

רעומה האָט גענומען בעמערקען, אז גלעד איז שוין צו איהר ניט אזוי ווי פריהער.. זי האָט געמיינט, אז נאכדעם ווי ער האָט זיך ארומגעזעהן ווי שולדיג ער איז געגען איהר, וועט ער איהר שוין שטענדיג אזוי גוט און צערטליך בע־האנדלען. זי האָט אויך געמיינט, אז באלד נאכדעם ווי זי וועט איהם געבוי־רען א זוהן, וועט ער זי מאכען פאַר זיין ריכטיגע פרוי, גלייך מיט מרה'ן. אָבער יעצט זיינען אלע איהרע האָפנונגען צורונען געוואָרען... זי וועט שוין אזוי פערבלייבען זיין פלגש. און מרה וועט ווידער בעקומען די אויבערהאנט.

רעומה האָט גענומען איהר זוהן יפתח'ן און איהם געדריקט צו זיך נאָך שטאַרקער. זי האָט אזוי פיעל האָפנונ־גען געלעגט אויף איהם. און יעצט מאכט זיך גראדע, אז איהר פיינדין מרה וועט אויך האָבען א קינד, און אויב דאָס קינד וועט א זוהן זיין, וואָס פאַר א ליעבע קען זי שוין ערוואַרטען פון גלעד'ן..

אין דער זעלבער צייט האָט מרה אויפ־געהויבען איהר קאָפּ מיט שטאָלץ. איצט, אז זי איז געבענשט געוואָרען און וועט האָבען א קינד וועט זי איהר ווייזען ווער עס איז די ריכטיגע פרוי. זי האָט שוין לאנג געטראָגען א שנאה אויף איהר, בפרט נאָך דעם ווי זי האָט יפתח'ן געבוירען. גלעד האָט איהר גע־

געבען מעהר ציערונג און מיט איהר פאַר־ברענגט אָפּטער. זי האָט אַלץ צוגעזעהן און געמוזט שווייגען, ווייל זי איז ביי זיך געוועזן שטאַרק געפאַלען. זי האָט געמיינט אַז זי וועט בלייבען אַן עקרה איהר גאַנצען לעבען...

— דו וועסט שוין מעהר ניט אַרויס־ציִיגען אַזוי פיעל חוצפּה געגען מיר — האָט מרה זיך איינמאָל צו איהר אָפּגערו־פען — איך האָב ביז איצט געליטען און געשוויגען. איצט וועסטו וויסען דיין פּלאַץ...

— אָבער דו דאַרפסט ניט פאַרגעסען — האָט זיך רעומה מיט איהר אַ רייץ געטאָן — אַז יפתח איז פּאַרט גלעד'ס ערשט־געבוירענער זוהן און אפילו ווען דו וועסט געבוירען אַ זוהן, וועט יפתח זיין דער בכור און ער וועט קריגען צוויי חלקים ירושה.

— איך צווייפעל אויב אַ זוהן פון אַ פּלגש קאָן קריגען צוויי חלקים י. ושה, אפילו ווען ער איז אַ בכור — האָט מרה געענטפערט — בפרט ווען זיין מוטער איז געווען אַ...

—אויב דו וועסט אַזוי ריידען צו מיר וועל איך גלייך דערצעהלען גלעד'ן — האָט רעומה איהר געסטראַשעט.

— דו מיינסט געוויס אַז גלעד איז איצט צו דיר אַזוי ווי ער איז געווען מיט אַ קורצע צייט צוריק — האָט מרה איהר געענטפערט — דו ביזט איצט איצט אויס יחסנ'טע...

— אָבער דו זעהסט דאָך וואָס גלעד האָט פאַר מיר געטאָן — האָט רעומה מיט שטאָלץ געזאָגט — ער האָט דורכ־געריזט דאָס גאַנצע לאַנד, ער האָט זיין לעבען אין סכנה געשטעלט און גע־קעמפט מיט אַלע זיינע כחות פאַר מיר און פאַר מיין זוהן.

— דאָס האָט ער געטאָן דאָן, ווען ער האָט ניט געוואוסט אַז איך וועל איהם אויך געבוירען אַ קינד. ווען דאָס וואָלט פּאַסירט איצט וואָלט ער אַזוי ניט גע־האַנדעלט. ווייל דו דאַרפסט וויסען, אַז ניט דיר איז ער אויסען געווען, נאָר זיין קינד. ער האָט געמיינט אַז מעהר קיין קינדער וועט ער ניט האָבען. איצט אָבער וועט איהם ניט אַרען ווען דו קעהרסט זיך אום צו מולך'ן... איך ווייס ניט ווי אַזוי ער האָט דיר געקענט צוריק־ברענגען אהער, איז דען ביי דיר ניט גע־ווען רעכט צו דינען צו דעם אָפּגאָט וואָס איז אַזוי פאַר'מיאוסט אין די אויגען פון אונזער פאָלק.

— גלעד ווייס אַז דאָס האָב איך גע־טאָן פון גרויס פאַרצווייפלונג — האָט רעומה זיך פאַרענטפערט.

— יע, אַלץ טהוסטו פון גרויס פאַר־צווייפלונג — האָט מרה איהר פאַרגע־וואָרפען — ווען דו ביזט געוואָרען אַ זונה איז דער הויפּט שטאָדט פון עמון. איז עס אויך געווען פון פאַרצווייפלונג. ווען דו האָסט ערמוטיגט דיין געליבטען צו ווערען אַ גנב און גנב'ענען פון זיין האַר צעהן שעפּסען, איז עס אויך געווען פון פאַרצווייפלנוג.

— וואַרט נעהם זיך אַזוי ניט איבער! — האָט רעומה מיט צאָרן געזאָגט —דו ביזט נאָך ניט זיכער, אַז דו וועסט גע־בוירען אַ זוהן. און מעגליך אַז דאָס קינד וועט ניט...

מרה האָט איהר ניט געלאָזען ענדיגען.

— איך וועל דיר ווייזען ווי צו שיל־טען מיין קינד! — האָט זי מיט צאָרן אויסגערופען.

אַ גרויס קריעג האָט אויסגעבראָכען צווישען רעומה'ן און מרה'ן אַ. . ווען גלעד וואָלט ניט אָנגעקומען אין צייט, וואָלט זיכער געקומען צו אַ געשלעג.

גלעד האָט אויסגעהערט ביידענס טענות און האָט זיי באַרוהיגט. ער האָט געזוכט ווידער שלום צו מאַכען צווישען זיי אָבער איהם האָט שוין ניט געלונגען... ער האָט בלויז געהאָפּט, אַז ווען מרה וועט געבוירען איהר קינד, וועט זי זיך ענדערען, זי וועט דאַן בעסער קענען מיטפיהלען מיט רעומה'ן...

אַזוי זיינען פאַראיבער נאָך עטליכע מאָנאַטען און מרה האָט געבוירען אַ זוהן צו גלעד'ן.

נאָך גרעסער איז זיין איצטיגע שמחה געווען, ווייל איצט האָט איהם גאָט געשאָנקען א זוהן פון זיין ריכטיגער ווייב.

גלעד האָט א נאָמען געגעבען זיין זוהן וואָס מרה האָט איהם געבוירען, אלדד. די גאנצע שטאָדט האָט אנטייל גענומען אין זיין שמחה. און אין דער צייט פון ברית פון מרה׳ס ערשטען זוהן האָט זיך ווידערהאָלט די זעלבע פאסירונג וואָס האָט פאסירט אויף יפתח׳ס ברית, דורכ׳ן פענסטער איז אריינגעוואָרפען געוואָרען א צונויפגעוויקעלטער פּארמעט.

גלעד האָט גלייך ארויסגעשיקט זיינע קנעכט נאָכצויאָגען דעם מאן, אָבער יענער איז פארשוואונדען געוואָרען ניט איבערלאָזענדיג קיין שפּור.

ווען מען האָט דעם פּארמעט פאנאנדערגעוויקעלט האָט מען געפונען מיט דער זעלבער האנדשריפט אין עמונית:

״דער טאָג איז נאָהענט! מולך וועט זיין קרבן פאָדערען!“

— איך קען ניט פארשטעהן ווער עס האָט געקאָנט טאָן אזא זאך! — האָט גלעד אויסגערופען — ווי אזוי איז דאָס מעגליך אז דער פּריסטער זאָל אויסגעפינען וואָס עס פּאסירט אין מיין הויז?

— דאָס דאַרף דיר ניט באאומרוהיגען — האָט איינער פון די געסט זיך אָפּגערופען — לעצטענס זיינען די טויערען פון אונזער שטאָדט ווייטער אָפען און פילע פרעמדע קומען דאָ האנדלען... געוויס האָט מען געהערט ריידענדיג.

— איך וועל נאָך אויפזוכען דעם פּריסטער — האָט גלעד געזאָגט — און איך וועל איהם דערפאר באשטראָפען.

— דו ווייסט ווי אזוי דו קענסט איהם געפינען — האָט מרה זיך אָפּגערופען — דורך גרים׳ן. ער מוז געוויס וויסען וואו ער געפינט זיך.

— דו ביזט גערעכט, גרים האָט מיר געהאָלפען אויפזוכען רעומה׳ן און ער וועט מיר העלפען געפינען דעם פּריסטער.

— איך בעט דיר, גלעד — האָט רעומה זיך אָפּגערופען — האָב גאָרניט צו טאָן מיט גרים׳ן.

— פארוואָס ניט — האָט גלעד איהר געפרעגט — האָב איך דען איהם ניט צו פארדאנקען וואָס דו האָסט זיך אומגעקעהרט צו מיר? יע, זינט דאן האלט איך גרים׳ן פאר מיינעם א פריינט און איך בין זיכער, אז ער וועט מיר העלפען געפינען דעם פּריסטער וועלכער זוכט מיר אנצושרעקען

רעומה האָט מעהר ניט גערעדט. זי האָט ניט געוואָלט אז גלעד זאָל עפּעס פארדעכטיגען... בפרט איצט, אז אויך מרה האָט איהם א זוהן געבוירען... זי האָט געוואוסט, אז ווען גלעד וועט אויסגעפינען וואָס עס איז פאָרגעקומען צווישען איהר און גרים׳ן אין רבה, וועט ער איהר ווידער נעמען גרינגשעצען... און ווער וויים וואָס פאר א בלבול מרה וועט אויף איהר מאכען... זי קען נאָך דערצעהלען אז גרים קומט צו איהר... זי האָט דעריבער געזעהן אויסצומיידען גרים׳ן ווי ווייט מעגליך. ווען ער פלעגט קומען אין גלעד׳ס הויז פלעגט זי זיצען אין איהר צימער צוזאמען מיט יפתח׳ן איהר קינד און פון דאָרטען ניט ארויסגעהן ביז וואנען גרים פלעגט אוועקגעהן. ניט איינמאָל האָט זי פּרובירט אָנדייטען צו גלעד׳ן אז ער זאָל גרים׳ן ניט טרויען, אָבער גלעד האָט צו דעם קיין אויפמערקזאמקייט ניט געשאָנקען. ער איז געווען זעהר גליקליך און צופריעדען מיט זיינע צוויי זיהן וואָס גאָט האָט איהם געשאָנקען און ער האָט געזוכט זיך צו בארוהיגען אז דעם פּריסטער, וועלכער דראָהט איהם שלעכטעס צו טאָן, וועט ער געפינען און באשטראָפען.

אין א קורצע צייט ארום האָט גרים אָפּגעשטאטעט א באזוך אין גלעד׳ס הויז. גלעד האָט איהם געוויזען דעם פּארמעט וואָס מען האָט אין זיין הויז אריינגעוואָרפען בעת דער פייערונג פון אלדד׳ס ברית.

— איך וואלט וועלען זעהן דעם ערשטען פארמעט און דאס צוגלייכען — האט גרים געזאגט.

— איך וועל געהן פרעגען וואו דער ערשטער פארמעט געפינט זיך — האט גלעד געזאגט.

— מיר דוכט זיך, אז רעומה האט איהם! — האט מרה געזאגט.

גלעד איז אריין צו רעומה'ן און איהר געפרעגט.

— איך האב איהם ניט, און איך וויים ניט וואו ער איז — האט רעומה געענטפערט.

גרים האט נאך אמאל באטראכט דעם צווייטען פארמעט און ער האט אויסגערופען:

— עס איז זיכער, אז דער פריסטער האט אין דעם א האנט. אזוי שנעל ווי איך וועל אויסגעפינען וואו ער געפינט זיך, וועל איך דיר לאזען וויסען — האט ער זיך אפגערופען צו גלעד'ן.

## צווייטער קאפיטעל

נאכדעם ווי גלעד האט צושמעטערט דעם אפגאט מולך אין זיין טעמפעל, איז דער פריסטער אנטלאפען געווארען נאך רבה. גרויס איז זיין צארן געווען. ער האט געשווארען נקמה צו נעמען אן גלעד'ן און רעומה'ן. אבער ער איז געווען הילפלאז. אין עמון האט מען אויפגעהערט צו דינען צו מולך. זיי האבען געדינט צו די צוויי געטער: פעור און כמוש. דער פריסטער האט געוואנדערט איבער דער הויפט שטאדט פון עמון, ער האט געזוכט אזעלכע מענשען, וועלכע וועלען פיליכט ווידער אנפאנגען צו דינען צו מולך.

איינמאל האט ער אויף דער גאס געטראפען גרים'ן.

— וואס האט מיט דיר פאסירט, הייליגער פריסטער? — האט איהם גרים געפרעגט — געדענקסטו, אז דו האסט מיר געזאלט אריינגעמען אלס מיטגליד צו דיין גאט מולך. איך האב שוין געקראגען מיין פרוי'ס צושטימונג, און מיר זיינען אוועק צוזאמען צו דיין טעמפעל, ווי איבערראשט זיינען מיר געווארען ווען מיר האבען געפונען מולך א צושעמטערטען און זיין טעמפעל פארברענט. פוסט און וויסט איז געווען ארום... זאג מיר, הייליגער פריסטער, וואס האט פאסירט צו דיין גאט, און ווער האט עס איהם צושמעטערט.

דער פריסטער האט איהם אלעס דערצעהלט, און גרים האט זיך געמאכט ניט ווייסענדיג. ער האט ביי זיך געטראכט, אז דער פריסטער וועט איהם שטארק צו ניץ קומען דורכצופיהרען זיינע פלענער. ער האט איהם דעריבער מקרב געווען, און איהם פארשפראכען ארויסצוהעלפען.

— מיר פארדריסט זעהר וואס דו ביזט געבליבען אהן מולך'ן. ווי עס ווייזט אויס, איז מולך ניט געווען שטארק גענוג זיך צו באשיצען געגען גלעד'ן. און יעצט וועסטו דארפען זעהן פאראייניגען אלע דיינע מענשען, און ווען די צייט וועט קומען, און מיר וועלען מלחמה האלטען מיט די אידען, וועלען מיר פארוואנדלען זייער שטאדט מצפה אלס די שטאדט פאר דעם גאט מולך. דערווייל וואלט איך דיר געראטהען דו זאלסט ווערען א פריסטער אין דעם טעמפעל פון כמוש, דעם גאט פון מלחמה. דו וועסט צו איהם מתפלל זיין ער זאל העלפען עמון אין מלחמה מיט די אידען. און נאכדעם ווי מיר וועלען האבען א זיעג איבער ישראל, וואסטו ווידער קענען בויען א טעמפעל צו מולך, און אין דער גרויסער שטאדט מצפה.

גרים האט דעם פריסטער אריינגעבראכט אין דעם טעמפעל פון כמוש.

— איך פארשטעל זיך פאר א סוחר און איך קום גאנץ אפט אין מצפה! — האט גרים איהם געזאגט — און איך וויים אלעס וואס קומט פאר אין גלעד'ס הויז. אויב דו ווילסט, אז רעומה זאל זיך אומקעהרען צו דינען מולך'ן, וועסטו זי דארפען אנשרעקען. דו שרייב אן אויף א פארמעט דראהענדע ווערטער און איך וועל דאס שיקען מיט איינעם פון מיינע פלינקע דינער, ער זאל דאס אריינשליידערען אין גלעד'ס הויז. דאס

וועט זי זעהר שטארק אנשרעקען, און זי וועט געוויס מיינען, אז מולך וועט אן איהר נקמה נעמען, אויב זי וועט ניט גוט מאכען דעם שאדען וואס זי האט פאראורזאכט.

אזוי האט גרים געזעהן, אז צו דעם ברית פון יפתח'ן און צו דעם ברית פון אלדד'ן זאלען די בריעף פון דעם פריסטער אריינגעשליידערט ווערען אין גלעד'ס הויז.

---

רעומה איז טאקע געוועזן אין גרויס שרעק... דער איינפלום וואס דער אלטער און דער פריסטער האבען געהאט אויף איהר, איז נאך אין גאנצען ניט פאראיבער. זי איז געווארען אבערגלויביש און זיך געשראקען, אז מולך זאל פון איהר ניט אוועקנעהמען איהר זוהן יפתח'ן, וועלכער איז איהר געוועזן טייערער פון איהר אייגען לעבען. דאס וואס ער טרעפט צו פינקטליך אין דער צייט פון א שמחה, האט זי געהאלטען פאר א סימן, אז דער פריסטער ווערט גענפיהרט ביי מולך'ן. זי פלעגט דעריבער ניט אפטרעטען פון יפתח'ן, און אפילו ווען ער איז שוין אונטערגעוואקסען, האט זי איהם אפגעהיט און פון איהם ניט אפגעטראטען.

מרה האט געבוירען נאך זיהן צו גלעד'ן, און יעצט האט גלעד די גאנצע אויפמערקזאמקייט געשאנקען צו מרה'ן, וועלכע האט איהם געבוירען נאך פיער זיהן א חוץ אלדד'ן.

ווען יפתח איז אלט געווארען פופצעהן יאהר, האט ער איבערראשט אלע איינוואוינער פון מצפה מיט זיין אויסערגעוועהנליכער העלדישקייט: די פאסטוכער פון גלעד'ן האבען זיך באקלאגט, אז זיי האבען אויסצושטעהן פון א באנדע כנענים, וועלכע זיינען באהאלטען אין די בערג פון גלעד, און גאנץ אפט רויבען זיי פון זיי אוועק שעפסען. זיי נעמען צו ביי זיי זייער שפייז און וואסער. גלעד האט עטליכע מאל געשיקט א היבשע צאל געזונטע יונגען, אבער אין דעם טאג, ווען זיי פלעגען באמערקען א גרויסע צאהל, פלעגען זיי ניט ארויסקומען פון זייער באהעלטעניש. אבער אין דעם טאג, וואס די יונגעלייט פלעגען זיך ניט באווייזען, פלעגען זיי ארויסקומען און ווידער באפאלען די פאסטוכער.

— פאטער! — האט יפתח זיך איינמאל אפגערופען. איך וועל מיטגעהן מיט די פאסטוכער, און אויב די רויבער וועלען אנקומען, וועל איך זיי ווייזען מיין מעכטיגע האנט.

— ניין, מיין זוהן, דו ביזט נאך צו יונג, און די רויבער זיינען אלע געאיבטע יונגען. זיי וועלען דיר נאך שלעכטעס טאן. עס וועט לאנג ניט נעמען און מיר וועלען אויסגעפינען זייער באהעלטעניש און דאן וועלען זיי שוין באצאהלען פאר אלעם.

— ווייסטו וואס פאטער! — האט יפתח זיך אפגערופען. איך וועל אנטאן קליידער פון די פאסטוכער און איך וועל זיין ווי איינער פון זיי, און ווען איך וועל זעהן, אז די רויבער קומען אן אין א גרויסע צאהל, וועל איך זיי לאזען נעמען פון די שאף.

— איך וועל דיר לאזען טהאן דאס; אבער דו דארפסט מיר פארשפרעכען צו זיין פארזיכטיג. און אויסער דעם וועסטו מוזען האבען אויך די ערלויבניש פון דיין מוטער.

— איך פארשפרעך דיר, פאטער, אז איך וועל זיין זעהר פארזיכטיג.

יפתח איז צוגעקומען צו זיין מוטער און זיך אפגערופען:

— איך בין שוין אויסגעוואקסען, און איך טו נאך גאר ניט קיין נוצליכע ארבייט, איך האב א לוסט צו געהן אין פעלד מיט אונזערע פאסטוכער און העלפען זיי פיטערן די שאף.

— ניין, מיין זוהן! — האט רעומה געזאגט — דו ביזט נאך יונג, און דיין פלאץ איז אין הויז.

— אבער מוטער, איך בין שוין ניט מעהר יונג... און אויסער דעם, ווייסטו דאך, אז ווען איך בין דעם גאנצען טאג אין הויז, ברעכט גאנץ אפט אויס א

קריג צווישען מיר און מיינע ברידער. זיי רייצען זיך מיט מיר און דערצאָרענען מיר, און ווען איך וויז זיי די מאכט פון מיין פויסט, קומען זיי זיך באַקלאָגען פאר דעם פאָטער... איך בעט דיר מוטער, לאָז מיך מיטגעהן מיט די פּאַסטוכער.

— דו ווייסט דאָך אָבער, אַז עס איז פאַראַן אַ געפאַהר, טאָמער וועלען אָנקומען די רויבער? — האָט רעומה געזאָגט.

— אָבער דערווייל איז נאָך קיינער פון די פּאַסטוכער ניט געשעדיגט געוואָרען. ווען מען גיט זיי נאָך זייער פאַרלאַנג טוען זיי דאָך קיין שלעכטעס ניט.

יפתח האָט אויך גע׳פּועל׳ט ביי זיין מוטער, און אויף דעם צווייטען פריהמאָרגען, האָט יפתח אָנגעטהאָן קליידער פון אַ פּאַסטוך און מיטנעמענדיג מיט זיך אַ דיקען שטעקען, האָט ער זיך מיט די איבעריגע פּאַסטוכער אוועקגעלאָפען אין פּעלד.

— דו האָסט גאָרניט מורא, טאָמער וועלען די רויבער אָנקומען, — האָט איהם אַ פּאַסטוך געפרעגט.

— אויף דעם וואַרט איך! — האָט יפתח געענטפערט מיט אַ שמייכעל — זעהסטו דען ניט, אַז איך האָב מיטגענומען אַ גראָבען שטעקען, און אויך שטריק האָב איך ביי זיך.

— דו בעסער פאַנג זיך מיט זיי ניט אָן, אויב דו ווילסט לעבען בלייבען! — האָט איהם אַ צווייטער פּאַסטוך געוואָרענט — אויב זיי וועלען קומען ווידער, זאָלסטו ניט האָבען דאַגעגען, אויב זיי וועלען פאַרלאַנגען פון אונז אַ שעפּס. אַז ניט וועלען מיר ערגער מאַכען.

— איך וועל זיי ווייזען, ווי אַזוי צו פאַרלאַנגען זאַכען וואָס באַלאַנגט ניט צו זיי — האָט יפתח זיך אָפּגערופען מיט אַ שמייכעל.

— דו ביזט פיליכט אַ העלד געגען דיינע אינגערע ברידער, אָבער ניט געגען אַ באַנדע פון רויבער, וועלכע וואוינען אין די בערג — האָט אַ דריטער פּאַסטוך זיך אָפּגערופען.

יפתח האָט געהאָלפען די פּאַסטוכער צו טרייבען די שאָף אין פעלד און ווען די שאָף האָבען זיך רוהיג געפיטערט, האָט זיך יפתח אוועקגעזעצט מיט די איבעריגע פּאַסטוכער און געבעטען זיי זאָלען איהם דערצעהלען געשיכטעס פון אַמאָל.

— איך האָב אַמאָל אונטערגעהערט אַ געשפּרעך צווישען מיין פּאָטער׳ס קנעכט, און איך האָב געהערט ווי זיי ריידען וועגען אַ בלבול וואָס עס איז אויף מיין מוטער געמאַכט געוואָרען איידער איך בין געבוירען געוואָרען. איך בעט אייך דערצעהלט מיר. די פּאַסטוכער האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען און געשמייכעלט.

— איהר דאַרפט קיין מורא ניט האָבען, איך וועל קיינעם ניט דערצעהלען!

— האָט יפתח זיך ביי זיי געבעטען.

— ווען דיין פּאָטער וועט זיך דערוויסען, אַז מיר האָבען דיר דערצעהלט, וועט ער אונז באַשטראָפען.

— ניט איינמאָל האָט מיין ברודער אלדד גערעדט שלעכטעס וועגען מיין מוטער, און איך האָב דעם פּאָטער דערצעהלט, אָבער ער האָט איהם ניט באַשטראָפט.

— איהם וועט ער טאַקע ניט באַשטראָפען, אָבער אונז, יע! — האָט נאָך אַ פּאַסטוך געזאָגט.

— וואָס איהר האָט אויך עפּעס שלעכטעס צו דערצעהלען וועגען מיין מוטער? — האָט יפתח געפרעגט.

— ניין, דיין מוטער איז זעהר אַ גוטע און נאָבעלע פרוי און זי באַהאַנדעלט אונז אַ סך בעסער ווי מרה, אָבער ניט דיין פּאָטער און ניט דיין מוטער וועלען וועלען ליידען, אויב מיר זאָלען דיר דערצעהלען אַלעס וואָס האָט פּאַסירט מיט דיין מוטער איידער דו ביזט געבוירען געוואָרען.

— מיין מוטער האָט מיר אַליין אויך פיעלע זאַכען דערצעהלט, איך ווייס, אַז דורך אַ מיספאַרשטענדניס האָט מען מיין מוטער פאַרלאָזען מיין פּאָטער׳ס

הויז, און זי איז געווען צווישען די דינער פון מולך...

— ווייסטו דאָך, טו פאַרוואָס פרעגסטו אונז ?

— איך וויים ניט די אורזאַכע פאַרוואָס מיין מוטער איז דערצו געצוואונגען געוואָרען אוועקצוגעהן פון מיין פאָטער׳ס הויז. איך האָב עפּעס יע געהערט, אָבער ניט אין גאַנצען.

— אויב דו ווילסט אַלעס וויסען, זאָלסטו בעסער פרעגען דעם קנעכט, שפן. ער האָט עס אַלעס פאַראורזאַכט.

— וואָס ? ער האָט געמאַכט א בלבול אויף מיין מוטער — האָט יפתח אויסגערופען מיט צאָרן.

— יע, ער און זיין ווייב, די דינסט פון דיין מוטער, האָבען דאָס אַלעס פאַראורזאַכט, אָבער זיי זיינען ניט שולדיג.

— איך בעט אייך דערצעהלט מיר — האָט יפתח זיך נאָך אמאָל געווענדט צו די פאַסטוכער — ווער עס וועט מיר דערצעהלען, יענעם וועל איך געבען א טייל פון מיין שפּייז, וואָס מיין מוטער האָט מיר מיטגעגעבען.

— איך וועל דיר דערצעהלען!— החאַ אן עלטערער פאַסטוך זיך אָפּגערופען — אָבער דו וועסט מיר פריהער מוזען געבען א טייל פון דיין שפּייז, און צוזאָגען אז דו וועסט קיינעם ניט אויסזאָגען.

יפתח האָט איהם געגעבען עטוואָס פון זיין שפּייז און ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויפ׳ן גראָז און דער פאַסטוך האָט אָנגעפאַנגען :

— איידער דיין פאָטער האָט גענומען דיין מוטער פאַר זיין פלגש, האָט זיך אין איהר פאַרליעבט א פאַסטוך פון איהר שטאָדט מיט׳ן נאָמען עמרי, און וויל דיין מוטער האָט איהם פון זיך פאַרטריבען, איז ער אויף איהר אין כעס געוואָרען. עמרי איז געוואָרען א פיהרער פון א רויבער באַנדע און ווען די געלעגענהייט איז געקומען און ער האָט געפאַנגען איינינע פון גלעד׳ס קנעכט, האָט איהם שפן איבערגעגעבען א סוד, וואָס בלויז דיין מוטער און דיין פאָטער האָבען דערפון געוואוסט. דערמיט האָט זיך עמרי באַנוצט, און ער האָט דערצעהלט דיין פאָטער, דאָס ער פלעגט זיך זעהן גאַנץ אָפט מיט דיין מוטער נאָכדעם ווי זי איז שוין געוואָרען די פלגש פון דיין פאָטער.

— און מיין פאָטער האָט איהם געגלויבט ? — האָט יפתח געפרעגט.

— עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט געווען, ווייל וועמען האָט עס געקענט איינפאַלען, אז עמרי זאָל וויסען פון דעם, אין דער צייט ווען קיינער אויסער גלעד און רעומה האָבען ניט געוואוסט דערפון.

— און ווי אזוי האָט שפן זיך דערפון דערוואוסט ? — האָט יפתח איהם געפרעגט.

— דיין מוטער׳ס דינסט האָט זיך אונטערגעהערט, און דאָס דערצעהלט שפן, און אזוי האָט עס דערגרייכט עמרי׳ן.

דער קנעכט האָט דערצעהלט יפתח׳ן וועגען דעם משפט, ווי אזוי זיין מוטער איז מיט שאַנדע פאַרטריבען געוואָרען פון מצפה, און נאָכדעם ווי שפן האָט זיך מודה געווען און גלעד האָט איהר א לאַנגע צייט ארומגעזוכט, ביז וואַנען ער האָט זי, מיט דער הילף פון דעם עמון, גרים, געפונען צווישען די געצען דינער פון מולך.

— איך וועל עמרי׳ן ניט שענקען ! —האָט יפתח אויסגערופען—איך וועל זיך מיט איהם אָפּרעכענען.

— און דיין מוטער האָט דיר וועגען איהם ניט דערצעהלט—האָט איהם דער פאַסטוך געפרעגט.

— זי האָט דערמאָנט זיין נאָמען ווען זי האָט מיר דערצעהלט פון איהר לעבען אין איהר געבורטסשטאָדט.

אזוי זיינען זיי געזעסען א היבשע ווייל אויף דעם גראָז און גערעדט. פּלוצלונג איז א פאַסטוך צוגעלאָפען און מיט א צושראָקענע שטימע אויסגערופען :

— זיי קומען אָן פון בארג !

די איבעריגע פאַסטוכער זיינען זיך

צוזאמענגעלאפען איבערלאָזענדיג זייערע שאָף.

— שטעהט רוהיג, זאלען זיי צונעהמען זייער שעפּס, ווייל אויב מיר וועלען מאכען דעם קלענסטען פערזוך זיך געגענצושטעלען וועלען מיר ערגער מאכען.

— וואס ? — האט יפתח זיי אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג—איהר לאזט איבער די שאָף צו זיי, און צייגט גאר ניט קיין ווידערשטאנד ארוים ?

— ווען מיר האבען ניט לאנג צוריק געמאכט א פּערזוך ארויסצוצייגען א ווידערשטאנד, האבען מיר ערגער געמאכט. דאן זיינען זיי אין כעס געווארען און פיעל מעהר שאָף אוועקגערויבט... אָבער ווען מיר לאזען זיי טהאָן וואס זיי ווילען, נעהמען זיי פון אונז בלויז איין שעפּס.

— און ווען זיי וועלען אוועקנעהמען אלע שעפּסען פון אייך, וועט איהר שטעהן פון ווייטען און צוקוקען ?—איז יפתח אויפגערעגט געווארען.

— זיי נעהמען אָבער אזוי פיעל וויפיעל זיי דארפען אויף זייער געברויך פאר'ן טאג—האט א פּאסטוך איהם געענטפערט.

— און איך וועל זיי צייגען ווי אזוי צו רויבען די שאָף פון מיין פּאָטער ! — האט יפתח גענומען זיין גראָבען שטעקען—איך וועל זיי אָנלערנען און זיי וועלען שוין מעהר קיינמאָל אייך ניט קומען בעלעסטיגען.

— ניין, יפתח, געה ניט צו זיי ! זיי וועלען דיר געוויס טוידטען ! — האט איהם א פּאסטוך פערהאלטען.

— איך האב פאר זיי ניט מורא !—האט יפתח זיך ארויסגעריסען פון זיינע הענט.—איך וועל זיי פון דאנען אין גאנצען פערטרייבען.

א טויט שרעק איז אָנגעפאלען אויף גלעד'ס איבעריגע פּאסטוכער, ווען זיי האבען געזעהן ווי יפתח געהט די רויבער ענטגעגען. זיי האָבען זיך אלע צוזאמענגענורעט און געבליבען שטעהן ווי פערגליווערטע.

יפתח איז מיט פעסטע טריט צוגעגאנגען צו די רויבער, וועלכע זיינען געשטאנען און בעטראכט די שאָף. זיי האבען געזוכט אויסצוקלייבען א פעטען שעפּס פאר זייער מאָהלצייט.

— וואס פערלאנגט איהר ! — האט יפתח זיך צו זיי געווענדעט.

— און ווער ביזטו ?—האט דער אָנפיהרער פון די רויבער זיך אָפּגערופען.

— איך בין איינער פון די פּאסטוכער.

— און דאָס האבען די דיינע פריינד געשיקט אהער דו זאלסט קריגען אָנגעבראָכען די ביינער.

— איך בין אליין געגאנגען, געגען זייער ווילען !—האט יפתח געענטפערט.

— אזוי האָסטו גאר ניט מורא צוצוגעהן צו אונז ?—האט דער אנפיהרער א שמייכעל געטהאן—דו שיינסט צו זיין א בראווער יונג. אויב דו ווילסט זיך אָנשליסען אין אונזער באנדע, וועלען מיר דיר אָננעהמען. דו וועסט א סך בעסער אויסמאכען איידער צו זיין א פּאסטוך.

— און איהר וועט א סך בעסער אויסמאכען ווען איהר וועט פון דאנען וואס שנעלער זיך אָפּטראָגען !—האט יפתח מיט כעס א זאג געטהאן.

די רויבער האבען אויסגעבראָכען אין א שטארקען געלעכטער, וואס האט אָפּגעהילכט איבער'ן גאנצען פעלד.

גלעד'ס פּאסטוכער זיינען געשטאנען און געציטערט פון שרעק.

— אָט באלד מאכען זיי א סוף צו יפתח'ן !—האט איינער געזאגט.

— מיר זיינען פערלאָרען !! ווי אזוי וועלען מיר זיך קענען צוריקקעהרען צו אונזער האר.

— לאָמיר איהם געהן פערטהיידיגען!

— זיי זיינען שטארקער און מעהרער אין צאָהל ווי מיר זיינען !

— לאָמיר רופען צו הילף די אנדערע פּאסטוכער פון טהאל !

— איידער זיי וועלען קומען העלפען, וועלען די רויבער אונז טויטען ! ניין, מיר טאָרען זיך ניט ריהרען פון אָרט.

— אָבער ווי אזוי קענען מיר דערלאָזען אז זיי זאָלען יפתח'ן שלעכטעס טהאָן!

— האבען מיר איהם דען ניט געווארענט, ער זאָל צו זיי ניט געהן.

— יע, ער האט זיך דאך פון מיינע הענט ארויסגעריסען—האט נאָך א פאַסטוך געענטפערט,—וואס נאָך האבען מיר געקענט טהאָן?

— קיינער וועט אונז ניט קענען בעשולדיגען, אויב זיי וועלען יפתח'ן שלעכטעס טהאָן, וועט עס זיין זיין אייגענער שולד.

— מיר געפעהלט ניט זייער לאבען! עס איז א סימן אז יפתח האט צו זיי גערעדט מיט חוצפה און זיי ווילען איהם באלד שלאָגען.

— אָה, קוקט יפתח האט דעם הויפּט פון דער באנדע א זעץ געטהאָן מיט זיין פויסט אין פנים. אָה, מיר זיינען פערלאָרען! זיי בעפאלען איהם!.. ער ראנגעלט זיך מיט זיי! זיין שטעקען איז איהם ארויסגעפאלען פון האנט!!

— זיי זיינען אכט אין צאָהל! זיי וועלען איהם ערמאָרדען! לאָמיר געהן איהם העלפען.

— דו שרייסט לאָמיר געהן און דו ריהרסט זיך ניט פון אָרט!—האט איהם א צווייטער פאַרגעווארפען, — אז דו ביזט אזא העלד, טו געה פאַראויס און מיר וועלען דיר נאָכגעהן!

יענער איז געבליבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו זיין פלאַץ.

— לאָמיר געהן צוזאמען!

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. זיי זיינען געשטאַנען באוועגלאָז און מיט צושראָקענע אויגען צוגעקוקט צום קאמף וואס יפתח אליין פיהרט אָן מיט דער גאנצער באנדע.

ווי יפתח האָט א זעץ געטהאָן דעם אָנפיהרער מיט זיין פויסט אין פנים און צובלוטיגט, האבען זיך די איבעריגע א לאָז געטהאָן צו איהם. דער אָנפיהרער, א צובלוטיגטער, איז אזוי אויפגערעגט געווארען, אז ער האט זיך מיט זיין גאנצען כח א ווארף געטהאָן אויף יפתח'ן, אָבער יפתח האט זיך פלינק א נייג געטהאָן און יענער איז אומגעפאלען אויף דער ערד. ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען און איידער ער האט בעוויזען אויפצוהויבען זיין האנט, האט איהם יפתח מיט נאָך א שטאַרקערען זעץ אומגעשליידערט, אז ער איז געבליבען ליגען ניט קענענדיג זיך ריהרען פון אָרט.

די איבעריגע זיינען צוגעלאָפען צו יפתח'ן און האבען גענומען מיט איהם קעמפפען.

יפתח האט זיי גענומען שלאָגען מיט זיינע פויסטען. ער האט איינעם א בריק געטהאָן און יענער האט זיך עטליכע מאָל איבערגעקוליעט, און איז געבליבען ליגען. פון אייניגע האט ער ארויסגעזעצט עטליכע ציינער.

יפתח האט זיך פלינק א דרעה געטהאָן און האט אויפגעהויבען דעם גראָבען שטעקען וואס איז ארויסגעפאלען פון זיינע הענט, ווען די איבעריגע רויבער האבען דערזעהן, אז ער האט אין זיין האנט א שטעקען האבען זיי זיך צולאָפען אין פערשיעדענע ריכטונגען, איבערלאָזענדיג זייער הויפּט און נאָך אייניגע ליגענדיג צובלוטיגטע אויף דער ערד.

— ווען איהר וואגט נאָך אמאָל צוצוקומען און בעלעסטיגען די פאַסטוכער פון דיזען פעלד, וועל איך צו אייך טהאָן די זעלבע זאך ווי איך האב געטהאָן צו אָט די צוויי!—האט יפתח זיי נאָכגעשריען.

דער אָנפיהרער מיט'ן צווייטען רויבער זיינען געלעגען אויף דער ערד און געקרעכצט פון וועהטאָג. יפתח האט בעמערקט ווי זיי נעהמען זיך ריהרען פון אָרט. ער האט שנעל ארויסגענומען א דיקען שטריק וואס האט ער מיט זיך נעהאט פריהער איז ער צוגעגאנגען צו דעם הויפּט און זיך אָפּגערופען:

— אויב דו ווילסט ניט פערזוכען נאָך אמאָל דעם טעם פון מיינע פויסטען, טו קעהר זיך אום מיט דיין פנים ארונטער.

דער הויפּט האט איהם געפאלגט און האט זיך מיט גרויס שווערינקייט אומגעקעהרט מיט דעם פּנים צום גראָז.

יפתח האט זיך איבערגעבויגען און שנעל פערבונדען זיינע הענט אויף הינטען. דאס זעלבע האט ער געטהאן אויך צום צווייטען.

— יעצט וועט איהר מיט מיר געהן! —האט יפתח זיי בעפוילען—שטעלט זיך אויף און לאָמיר געהן אין שטאָדט.

זיי האבען זיך פּרובירט אויפשטעלען, אָבער זיי האבען ניט געקענט. יפתח האט זיי געהאָלפען און ווען זיי זיינען שוין געשטאנען אויף זייערע פיס האָט יפתח א ציה געטהאָן ביי די צוויי עקען פון די שטריק וואָס זיינען ארונטערגעהאנגען פון ביידענס הענט און האָט זיי געהייסען געהן.

די פּאסטוכער וועלכע זיינען פון ווייטען געשטאנען, און האבען צו זיך ניט געקענט קומען פון גרויס איבערראשונג, ווען זיי האבען געזעהן ווי יפתח האט אליין צושלאָגען די באנדע רויבער, האבען זיי נאָך אלץ זיך ניט געקענט ריהרען פון זייער פּלאץ. זייער ערשטוינונג איז גרעסער געווארען, ווען זיי האבען בעמערקט ווי די רויבער זיינען זיך צולאָפען איבערלאָזענדיג זייער פיהרער און נאָך איינעם א פערוואונדעטען.

— איך וואלט קיינמאָל דאס ניט געגלויבט ווען איך וואלט אליין מיט מיינע אויגען ניט צוגעזעהן! —האט א פּאסטוך אונטערבראָכען די שטילקייט.

— ווער וואלט זיך דאס געקענט פאָרשטעלען, אז יפתח איז אזוי שטארק און בראוו.

— פארוואס שטעהען מיר ,לאָמיר צוגעהן איהם העלפען זיי בינדען.—האט נאָך איינער געזאגט.

— יעצט איז ער געווארען א העלד! וואו ביזטו פריהער געוועזן?

— און דו?

— לאָמיר צוגעהן!

איידער די פּאסטוכער זיינען צוגעקומען האט שוין יפתח געפיהרט די צוויי רויבער צו דער ריכטונג פון שטאָדט.

— קענען מיר דיר העלפען? —האט זיך איינער פון די פּאסטוכער אָפּגערופען צו יפתח'ן. יפתח האט זיי בעטראכט און שמייכלענדיג געזאגט:

—איהר נעהט בעסער צוריק צו אייערע שאף און גיט אכטונג, אז עס זאל קיין איינציגער שעפּס ניט פעהלען פון דער סטאדע.

די פּאסטוכער האבען זיך אומגעקעהרט פערשעהמטערהייט.

יפתח האט געפיהרט ביידע געפאנגענע געבונדענערהייט ביז וואנען ער איז מיט זיי צוגעקומען ביז די טויערען פון שטאָדט.

— לאָז אונז אָפּ! איך בעט דיר — האט זיך דער הויפּט רויבער זיך גענומען בעטען—איך פערזיכער דיר, אז איך און מיינע ארויסהעלפער וועלען אוועקגעהן גאנץ ווייט פון דאנען און מיר וועלען שוין דיינע פּאסטוכער מעהר קיינמאָל ניט בעלעסטיגען.

— איהר וועט מיט מיר געהן און מיין פאָטער וועט בעשטימען אויב איהר זאלט געהן צוריק אדער ניט! —האט יפתח זיי אונטערגעטריבען.

עס האט לאנג ניט געדויערט און אלע איינוואוינער פון מצפה האבען זיך דערוואוסט, אז יפתח פיהרט צוויי געפאנגענע רויבער. פיעלע זיינען ארויסגעקומען זיי אָנצוקוקען און ווען יפתח איז צוגעקומען צו זיין פאָטער'ס הויז, איז די גאנצע גאס געוועזן געפּאקט פון מענער און פרויען וועלכע זיינען געוועזן נייגיעריג צו זעהען ווע מען דער יונגער יפתח האט עס געפאנגען. דערהערענדיג דעם טומעל איז גלעד ארויס פון הויז.

— וואס האט פּאסירט? —האט ער א צושראָקענער געפרעגט די קנעכט וועלכע זיינען דערביי געשטאנען.

—דאָרטען! —האבען זיי אָנגעצייגט אויף דער ריכטונג פון יפתח און זיינע קנעכט.

גלעד איז שנעל איהם ענטקעגען געגאנגען און ווען ער האט בעמערקט

יפתח'ן האלטענדיג די צוויי פרעמדע מענשען, האט ער איהם געפרעגט:

— ווער זיינען זיי?

— דאס זיינען צוויי פון די רויבער, וועלכע האבען די גאנצע צייט בעלעס־טיגט אונזערע פאסטוכער! — האט יפתח געענטפערט—איך בין מיט די פאסטוכער אין פעלד געווען און איך האב דערזעהן ווי די רויבער קומען ארונטער פון בארג און געהן גלייך צו אונזערע שאף. איך האב אויך בעמערקט ווי די פאסטוכער האבען זיך דערשראָ־קען און איבערלאָזענדיג די שאף, הא־בען זיי זיך צוריקגעצויגען.

— וויפיעל פון די רויבער זיינען דאס געווען?—האט גלעד איהם געפרעגט.

— איך גלויב, אז ארום אכט. איך האב זיי שוין גוט אנגעלערענט. אט דער איז, ווי עס ווייזט אויס, זייער אנפיה־רער... די איבעריגע זיינען ענטלאָפען געוואָרען.

גלעד האט בעטראכט די רויבער'ס צובלוטיגטע פנים'ער מיט די געשוואָלע־נע ליפען און נעזער און ער האט זיך צו איהם אפגערופען:

— און דו אליין האסט עס געטהאן?

— יע, פאטער!—האט יפתח מיט שטאָלץ געענטפערט.

— און די פאסטוכער האבען דיר גאר ניט געהאָלפען?

— ניין, אין דער צייט וואס איך האב מיט זיי געקעמפפט זיינען די פאסטוכער געשטאנען ווי צוגעשמידט צו זייערע פלעצער.

— דאס איז אומעגליך!—האט זיך גלעד ניט געקענט אפוואונדערען.

באלד איז ארויסגעלאָפען רעומה און ווען זי האט זיך דערוואוסט וואס איהר זוהן יפתח האט געטהאן צו די רויבער, איז זי איהם ארויפגעפאַלען אויפ'ן האלז און געקושט!

— מיין זוהן, דו האסט גרויסע העל־דישקייט ארויסגעוויזען. איך האף אז דו וועסט אמאל וויסען ווי זיך אפצורעכע־נען מיט מיינע שונאים.

מרה, אלדד און איהרע איבעריגע זיהן, האבען זיך אויך ניט געקענט אפ־וואונדערען ווי אזוי יפתח האט אליין צושלאָגען די רויבער.

— דו דארפסט זעהן, מיין זוהן, זיך מעהר ניט מיט איהם אנצופאנגען!—האט מרה שטילערהייט געזאגט אין אלדד'ס אויער.

— דו ווייסט דאך מוטער, אז איך פאנג זיך מיט איהם קיינמאל ניט אן—האט אלדד געענטפערט — און אויסער דעם, האב איך פאר איהם קיין מורא ניט! איך בין אזוי שטארק ווי ער.

— וואלסטו דען בעוויזען אזא העל־דישקייט?—האט מרה איהם אין דער שטיל געפרעגט.

— און ער האט דיזע העלדישקייט אויך ניט בעוויזען. יפתח איז א גרויסער בעריהמער, איך בין זיכער, מוטער, אז דאס האבען אלע פאסטוכער זיי צושלאָ־גען און גענומען געפאנגען, און אזוי ווי זיי האבען ניט געקענט איבערלאָזען די שאף און ברענגען זיי אין שטאָדט, הא־בען זיי די רויבער געבונדען און זיי אי־בערגעגעבען אין יפתח'ס הענט... און יעצט בעריהמט ער זיך דער ליגנער. ער וויל זיך ארויסצייגען פאר א העלד!

— מעגליך, אז דו האסט רעכט, מיין זוהן! אבער זעהסטו וויפיעל מענשען האבען זיך ארום איהם פערזאמעלט.

— יעצט פערשטעה איך פארוואס ער בעריהמט זיך, אז ער האט עס אויפגע־טהאן—האט אלדד זיך אפגערופען צו זיין מוטער.—זעהסטו דען ניט ווער עס שטעהט ניט ווייט פון איהם.

מרה האט א קוק געטהאן און געזאגט:

— עס שטעהען אזוי פיעל ארום איהם, אז איך ווייס ניט וועמען דו מיינסט.

— איך מיין נעמה, די חירטין, די טאָכטער פון חפר (חייפער).

— יע, איך זעה זי!—האט מרה זיך גוט צוגעקוקט.—זי איז זעהר א שעהנע מיידעל.

— און יפתח בעריהמט זיך דאס כדי צו געפינען חן אין איהרע אויגען. איך

ווייס אויף פארוואס איהם האָט געצויגען אין פעלד מיט די פאסטוכער, ער האט געמיינט, אז ער וועט דארטען טרעפען נעמה׳ן... אָבער ווי איך האב געהערט, איז זי שוין עטליכע טעג אין פעלד ניט געוועזן, ווייל זי האט מורא געהאט צו פיטערן איהרע שאָף צוליעב די רויבער.

— פון וואנען ווייסטו, עס אלעס, מיין זוהן? — האט זי זיך צו איהם אָפּגערופען מיט א שמייכעל.

— איך בין פארבייגעגאנגען איהר פאָטער׳ס הויז, האב איך זי דערזעהן שטעהענדיג ביי דער טיהר. איך האב איהר געפרעגט פארוואס זי געהט ניט אין פעלד, האט זי מיר אָנגעגעבען די אורזאכע און ווען איך האָב מיט איהר אביסעלע לענגער פערבראכט, האב איך פון איהרע רייד פערשטאנען, אז יפתח זוכט איהר פריינדשאפט.

— און וואס ארט דיר, אז ער וועט נעהמען חפר׳ס טאָכטער פאר א ווייב! — האָט מרה זיך אָפּגערופען — עס וועט א סך בעסער זיין, ווען ער וועט התונה האבען און בויען זיך א הויז ערגעץ אנדערש, דו ווייסט דאך ווי שטענדיג בין איך אין גרויס שרעק ער זאל דיר אָדער דיינע ברידער ניט צושעדיגען.

— און אויב דו מיינסט, מוטער, אז איך האב פאר איהם מורא? אָה, ניין, כאָטש ער איז מעהר ווי א יאָהר עלטער פון מיר, פונדעסטוועגען קען איך זיך פערמעסטען מיט איהם אין כוחות.

— און איך וואלט דיר געראטהען, מיין זוהן, צו זעהן אויסצומיידען איהם וואס ארט דיר אויב ער זוכט די פריינדשאפט פון יענער מיידעל. דו ווייסט דאך, אז זי שטאמט פון די ארימסטע שיכטען פון פאָלק און פאר איהם פאסט זי זיך.

— אָבער מוטער, זעהסטו דען ניט ווי בעצויבערענד שעהן זי איז, פיעלע יונגע לייט פון מצפה, שעצען זיך גליקליך, אז זי רעדט אויס צו זיי א ווארט... אויסער איהר שעהנקייט איז זי אויך קלוג.

— דו דארפסט איהם געוויס פערגינען ער זאל זי נעהמען פאר זיין ווייב. נאָך אלעמען ווער איז ער דאס אָט דער יפתח, דער זוהן פון א פלגש!... און דערצו איז נאָך זיין מוטער געוועזן א...

— ניין, איך וועל דאס ניט דערלאָזען! — האט אלדד אויסגערופען — איך וועל אלעמען איבערצייגען, אז ער איז א פאלשער בעריהמער.

— וואס דארפסטו זיך מישען, מיין זוהן, באלד וועלען אָנקומען דיין פאָטער׳ס פאסטוכער און זיי וועלען דערצעהלען דעם גאנצען אמת... וועט יפתח דאן בלייבען צו שאנד און צו שפּאָט.

אלדד, אבער האט זיין מוטער׳ס לעצטע ווערטער ניט געהערט. ער האט זיך גענומען דורכשפּארען דעם המון, און איז געבליבען שטעהן צווישען נעמה׳ן און יפתח׳ן.

גלעד האט גענומען אויספרעגען אלע איינצעלהייטען. און יפתח האט דערצעהלט אלעס. ער האט דערצעהלט ווי ער האט בעמערקט די רויבער ארונטערנידערען פון בארג, ווי זיי האבען זיך דערנעהענטערט צו די שאָף און די פאסטוכער, דערזעהענדיג זיי האבען זיך צו לאָפען, אָבער ער האט זיך גענומען מוטה און צו זיי צוגעלאפען און אליין מיט אלעמען געקעמפפט, ביז וואנען מיר איז געלונגען זיי צו פאַריאָגען און די צוויי האב איך גענומען געפאנגען און געבראכט אהער.

— פאָטער... ער איז א ליגנער און א פאלשער בעריהמער — האט אלדד אויסגעשריען גאנץ הויך, ווארפענדיג זיינע בליקען אויף נעמה׳ן — ער זוכט גרויס צו ווערען אויף דעם חשבון פון די אָריימע פאסטוכער. איך בין זיכער, אז זיי האבען געקעמפפט געגען די רויבער און זיי האבען זיי געבונדען און ניט וועלענדיג איבערלאָזען די שאָף האבען זיי איבערגעגעבען די רויבער געבונדענע אין זיינע הענט און איצט וויל ער זיך פאר אלעמען בעריהמען, אז ער האט מיט זיי אליין געקעמפפט און קיינער האט איהם ניט געהאָלפען.

**יפתח'ס צאָרן האט אין איהם געברענט.**

— דו מיינסט, אז איך בין אזא פייגלינג ווי דו! — האט יפתח פערשטייפט זיין פויסט. — איך וועל זיך ניט באַרימען מיט העלדישקייט וואס אנדערע זייַנען בעגאנגען.

— איך זעה ניט איין פאר וואס דו זאָלסט אָפּשפּאָטען פון יפתח'ן פאר אַלעמען אין די אויגען. — האט זיך שוין נעמה אריינגעמישט — דו ביזט דאָך דערביי ניט געוועזן, טו פון וואנען ווייסטו אז יפתח זאגט ליגען.

— ווען ער דערצעהלט וועגען אן אונמעגליכע זאך, קען יעדער פערשטעהן, אז דאס איז בלויז פוסטע בעריהמעריי — האט אלדד געזאגט רויט ווערענדיג.

— ווי עס זאָל ניט זיין, האָסטו זיך ניט וואס צו מישען, מיין זוהן! — האט גלעד זיך צו איהם אָפּגערופען — דערווייל שטעהן פאר אונז צוויי רויבער, וועלכע האבען מיר פעראורזאכט פיעל שאדען. און יעצט דאַרף איך בעשליסען וואס צו טהאָן מיט זיי. איך וועל שיקען נאָך די פאסטוכער און זיי וועלען זיי דערקענען.

די צוויי געבונדענע רויבער זיינען געשטאנען מיט זייערע קעפּ ארונטערגעלאָזען און געשוויגען.

— און וואס וועסטו מיט זיי דערווייל טהאָן, פאָטער? — האט יפתח איהם געפרעגט.

— דערווייל וועל איך זיי איינשפּאַרען אין געפענגניס און דערנאָך וועל איך בעשליסען צוזאמען מיט די שופטים וואס פאר א שטראָף זיי זאָלען בעקומען.

— אָה, מיין האר, לאָז אונז פריי, מיר שווערען ביי אַלע אונזערע געטער, אז מיר וועלען פון דאנען אוועקגעהן גאנץ ווייט. איך בין דער אָנפיהרער פון דער באנדע און ווען דו וועסט מיך פריי לאָזען וועל איך אָנזאָגען אַלע מיינע ארויסהעלפער מעהר ניט צו בעלעסטיגען דיינע פאסטוכער.

— ער איז דערזעלבער רויבער וועלכער האט פון מיר א יונגע ציגעלע אוועקגערויבט! — האט נעמה אויסגערופען אזוי שנעל ווי זי האט דערזעהן זיין פּנים... אָה, ער איז א געפעהרליכער רויבער, ער האט זיך אויך נאָך מיר נאָכגעיאָגט, אָבער איך בין אין צייט ענטלאָפען.

— און איצט וועט ער שוין מעהר קיין שלעכטעס ניט טהאָן! — האט יפתח געענטפערט, און אין איין וועג האב איך איהם שוין אויך בעצאָהלט פאר דעם וואס ער האָט דיך בעלעסטיגט — האָט יפתח אָנגעצייגט אויף דעם רויבער'ס געשוואָלענע ליפּען און נאָז.

— יע, דו האסט עס צו איהם געטהאָן אזוי ווי איך האב עס געטהאָן! — האט אלדד זיך פאנאנדערגעלאכט — מיט די פאסטוכער'ס הענט, האָסטו זיין פּנים צושלאָגען.

— אָה, נײן מיין האר! — האט זיך דער רויבער אָפּגערופען. — ער באזיצט איבערמענשליכע כוחות. ער האט אונז אליין צושלאָגען, קיינער האט איהם ניט געהאָלפען. ווען די פאסטוכער האבען אונז דערזעהן זיינען זיי זיך צולאָפען, אָבער ער איז צו אונז צוגעקומען און מיט אונז אַלעמען געקעמפּפט, ער האט פערטריבען אַלע מיינע ארויסהעלפער און אונז ביידען, האט ער מיט זיינע אייזערנע פויסטען אזוי שטארק צושלאָגען, אז מיר האבען זיך ניט געקענט ריהרען. אָה מיר האבען נאָך אזא העלד ניט געזעהן, און ער איז נאָך אזוי יונג.

אלדד איז געבליבען שטעהן א פערשעהמטער. נעמה האט מיט שטראהלענדע אויגען געקוקט אויף יפתח'ן, וועלכער איז געשטאנען מיט א צופריעדענעם שמייכעל.

— נו, יעצט זעהסטו מיין זוהן, אז דו ביזט געוועזן אומגערעכט געגען דיין ברודער! — האט גלעד זיך אָפּגערופען צו אלדד'ן — יע, מיר מעגען אַלע שטאָלץ זיין מיט יפתח'ן. ער איז בראוו און העלדיש.

רעומה איז די גאנצע צייט גע־

שטאנען נעבען יפתח'ן און זיך צוגעהערט צו די בעליידיגונג וואס אלדד, מרה'ס זוהן האט יפתח'ן בעליידיגט, אָבער זי האט געשוויגען. זי האט ניט געוואלט זיך ווידער אָנפאנגען מיט מרה'ן. זי ווייס, אז יעצט איז מרת ביי איהם מעהר געהויבען ווי זי... נאָך אלעמען איז זי מעהר ניט ווי זיין פלגש... און מרת האט איהם געבאָרען נאָך זיהן... און זי בלויז איינעם. זי האט געוואוסט, אז עס וועט לאנג ניט דויערען און אלע וועלען אויסגעפינען דעם אמת... זי ווייס אז יפתח וועט קיין ליגען ניט זאגען און ער איז ווייט פון צו זיין א בעריהמער... יעצט אָבער אז דער רויבער האָט פאר אלעמען בעשטעטיגט יפתח'ס רייד וועט שוין ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט זיין, אז איהר זוהן איז העלדיש און בראוו. יעצט וועלען אלע מורא האבען זיך אָנצופאנגען מיט איהם.

— מיין זוהן !!—האט רעומה איהם ווידער ארומגענומען קושען—דו האסט ווירקליך בעוויזען א גרויס העלדישקייט. און דיינע שונאים וועלען יעצט שטעהן מיט געבויגענע קעפ, פערשעהמטע, ווייל זיי האבען דיר געוואלט פערשעהמען פאר אלעמען און זיי מאכען גלויבען, אז דו ביסט א ליגנער און א בעריהמער. יעצט זאָלען אלע וויסען ווער עס איז דער ליגנער !

— און אלדד איז אין גאנצען ניט אומגערעכט !—האט זיך מרה א קרים געטהאן—ניט איינמאָל האט יפתח זיך בעריהמט וועגען זאכען וואס ער האט קיינמאָל ניט געטהאן, און וויפיעל ליגען האט ער געזאגט ?

— דו ביזט אזא ליגנערין ווי דיין זוהן !—האט זיך שוין רעומה מעהר ניט געקענט בעהערשען.

גלעד האט זיך אריינגעמישט און ניט דערלאָזען עס זאָל קומען צו א קריעג.

נעמה האט איהרע אויגען ניט ארונטערגענומען פון יפתח'ן. זי האט געזעהן ווי זיין ברודער, אלדד, זוכט איהם צו בעליידיגען. ער וויל איהם נידעריג מאכען אין איהרע אויגען. זי האט פערשטאנען זיינע כונות, און זי איז מעהר צוגעצויגען געווארען צו יפתח'ן... און ווען איהרע בליקען האבען זיך בעגעגענט מיט זיינע, האט א רויטקייט בעדעקט איהר פנים.

יפתח האט זיך געפיהלט גליקליך וואס נעמה איז געוועזען דאביי. ער האט שוין לאנג געווארט אויף אזא געלעגענהייט. ער האט זיך אויך דערוואוסט, אז אלדד האט מיט איהר גערעדט. און האט פערשטאנען אז קיין גוטעס וועט ער אויף איהם ניט ריידען... יפתח האט שוין לאנג געהערט אז אלדד רעדט שלעכטעס אויף זיין מוטער. ער האט בעשלאָסען, אז ווען ער וועט אליין הערען פון זיין מויל ווערטער וואס וועלען ווארפען א שאטען אויף זיין מוטער'ס פערגאנגענהייט וועט ער זיך מיט איהם אָפרעכענען. ער האט איהם טאקע געווארענט וועגען דעם און זינט דאן האט ער זיך זעהר געהיט ניט צו רעדען אין זיין געגנווארט וועגען זיין מוטער.

גלעד האט דערווײלע געהייסען אוועקפיהרען די צוויי רויבער אין געפענגנים און אליין האט ער זיך בעראטהען מיט די שופטים וואס צו טהאן.

— מיר וועלען מוזען ווארטען אויף דיינע פאסטוכער—האט איינער פון די שופטים זיך אָפגערופען—מיר וועלען פון זיי דארפען הערען וועגען די רויבער און דאן וועלען מיר ערשט בעשליסען וואס צו טהאן.

אין בעגלייטונג פון דעם פערזאמעלטען המון, האט יפתח אוועקגעפיהרט די צוויי רויבער אין געפענגנים. און דאן איז ער אוועק אהיים. ער איז געוועזען גאנץ מיעד און הונגעריג. און נאכדעם ווי ער האט געגעסען און זיך אביסעל אויסגערוהט, איז ער ארויס אין דרויסען צו ווארטען אויף דעם צוריקקעהר פון די פאסטוכער.

דעם גאנצען טאג האבען גלעד'ס פאסטוכער צו זיך ניט געקענט קומען פון ערשטוינונג. זיי האבען זיך קיינ־

מאָל ניט נעקענט פארשטעלען, אז דער יונגער יפתח זאל בעזיצען אזא גבורה און אזא געוואגטקייט. ניט נאָר האט ער בעזיעגט די רויבער, וועלכע זיינען געווען פיעל אין צאָהל, נאָר ער האט זייער הויפט און נאָך איינעם גענומען געפאנגען און אלעם אליין... אין דער צייט ווען זיי זיינען פון וויטען געשטאנען צו שראָקענע.

— אלע מוזען שוין וויסען וואס פאר א פייגלינגע גלעדים פאסטוכער זיינען! —האט זיך איינער אָפּגערופען צו די איבעריגע, ווען זיי האבען גענומען טרייבען די שאָף אין שטאָדט אריין.

— אָה, וועט מען דאס פון אונז לאַכען! — האט א צווייטער געזאגט— יפתח האט געוויס אלעמען דערצעהלט ווי אזוי מיר זיינען אנטלאָפען געווארען איבערלאָזענדיג די שאָף צו די רויבער.

— און ווי האבען אנדערע פאסטוכער געהאנדעלט! ווער וואלט דאס געוואגט זיך גענגענצושטעלען אזוי פיעל ריובער!

— געוויס, נאָך אלעמען איז יפתח אן אויסנאהם. ער בעזיצט אויסערגעוועהנליכע כוחות.

— און ווען מיר וואלטען מיט אונזערע אויגען ניט צוגעזעהן, וואלטען מיר דען געגלויבט, אז יפתח האָט אליין בעזיעגט אזוי פיעל רויבער, מיר האבען דאך שטארק מורא געהאט, אז זיי וועלען איהם טוידטען.

זעהר לאנגזאם האבען זיך די פאסטוכער צוריקגעקעהרט אין מצפּה. זיי האבען זיך דיזען מאָל ניט געאיילט. זיי האבען געוואלט אָנקומען אין שטאָדט, ווען עס איז שוין פינסטער, כדי מען זאל זיי ניט בעגעגענען מיט שפּאט. זיי האבען אָבער געמאכט א טעות. פיעלע פון שטאָדט האבען געווארט אויף זייער צוריקקהער, מען האט געוואלט אז זיי זאָלען בעטראכטען די רויבער און זאגען אויב זיי זיינען די זעלבע.

— וואס איז די אורזאכע, וואס איהר האָט זיך היינט פערזאמט שפּעטער ווי אלע טאג!—האט גלעד זיך אָפּגערופען מיט א בייזע שטימע.—האָט איר מורא געהאט צו געהן אין שטאָדט צוליעב די רויבער.

אָה, ניין, מיין האר!—האט איינער גענומען שטאמלען—מיר האבען... ע... מיר האבען פערשפּעטיגט, ווייל א שעפּעלע איז פערפאלען געגאנגען און אונז האט געדויערט א היבשע צייט ביז וואנען מיר האבען זי געפונען.

— האט איהר צוגעזעהן, ווי מיין זוהן האט צושלאָגען די רויבער? — האט גלעד זיי ווייטער געפרעגט.

—יע, מיר האבען אלעם געזעהן! און געלויבט איז גאט וואס ער האט אונזער האר געבענשט מיט אזא בראַווען און העלדישען זוהן ווי יפתח איז.

— די רויבער זיינען פערערכענט פאר זעהר שטארקע און קיינער פון די אדרומיגע פאסטוכער וואגט ניט גענגענצושטעלען זיך גענגען זיי... ווען זיי קומען אָן אין פעלד לאָזט מען זיי טהאן וואס זיי געפעהלט, ווארום אויב ניט מאכט מען ערגער. און ווען מיר האבען זיי דערזעהן, האבען מיר צוריקגעטראָטען און זיי געלאזט צוגעהן צו די שאָף.

— אזוי בעשיצט איהר מיינע שאָף! —האט גלעד זיך צו זיי אָפּגערופען.— איהר לאָזט איבער די שאָף און אליין ענטלויפט איהר.

— מיין האר יוען מיר צייגען זיי ארויס דעם מינדעסטען ווידערשטאנד, דאן וואלטען מיר אלע פערלאָרען געגאנגען. און זיי וואלטען אוועקגעטריבט די גאנצע שאָף פון אונזער האר.

— איהר זעהט דאָך אָבער, אז מיין זוהן האָט זיי אליין צושלאָגען!

— ניט אנדערש אז א מלאך פון הימעל איז איהם צו הילף געקומען, מיר האָבען נאָך אזא העלדישקייט קיינמאָל ניט געזעהן!

— איהר וועט יעצט מוזען צוגעהן צום געפענגנים און זעהן אויב דיעזע רויבער זיינען דיזעלבע וועלכע האָבען מיר פעראורזאכט פיעל שאדען דורך דעם פערגאנגענעם יאָהר.

די פאסטוכער זיינען אוועק צום געפענגנים און גלעד האָט בעפוילען ארויסצוברייגען די געפאנגענע געבונדען.

— יאָ, מיין האר, דאָס זייַנען דיזעלבע רויבער! — האָט א פאסטוך אויסגערופען — און אָט דער איז דער הויפּט אָנפיהרער — האָט ער אָנגעציינגט אויף איינעם פון די צוויי.

— מיט א קורצער צייט צוריק ווען איך האָב געמאכט א פערזוך זיך געגענצושטעלען, האָט מיר אָט דער רויבער שטארק צושלאָגען — האָט א צווייטער פאסטוך זיך אָפּגערופען — איך האָב פיעלע טעג געפיהלט דעם ווייטאָג, און יעצט גלויבט איז גאָט וואָס איך קען זעהן נקמה אָן איהם.

— איהר וועט שוין פערבלייבען אין געפענגנים פאר גאנץ לאנג! — האָט גלעד זיך צו זיי אָפּגערופען — און אויב מיר וועלען אויסגעפינען אז אייגער פון אונזער שטאָדט האָט דורך אייך זיין לעבען פערלוירען וועט איהר מיט אייערע לעבענס בעצאָהלען.

— אָ, גנעדיגער האר, מיר שווערען ביי אונזערע געטער אז מיר האָבען קיינעם ניט געטויטעט, און אויב דו וועסט אונז בעפרייען וועלען מיר דיר אומקעהרען דיין שאדען. און מיר וועלען פון דיזען געגענד אָפּטרעטען.

— איהר וועט אוועקגעהן פון דאנען צו א צווייטער אידישער שטאָדט און ווייטער רויבען די אידישע שאָף!

— מיר וועלען געהן אין אן אנדער לאנד! מיר וועלען אריבערגעהן דעם ירדן און דאָרטען וועלען מיר אונזער וואָהנונג אין די בערג מאכען.

— און אויף דער צווייטער זייט ירדן, געפינען זיך דען ניט אונזערע ברידער. ניין, ניט אזוי שנעל וועלען מיר אייך פריי לאָזען. מיר דארפען בעשיצען אונזער אייגענטהום.

גלעד האָט בעפוילען מען זאָל זיי צוריק אריינפיהרען אין געפענגנים, און ער איז אוועק מיט די פאסטוכער אהיים.

— איך וועל מוזען פריהער אויסגעפינען פון זיי וואו די איבעריגע רויבער געפינען זיך און ערשט דאן וועלען מיר זיי אין גאנצען פערטרייבען פון דיזען געגענד.

## דריטער קאפיטעל

## נעמה און יפתח

יפתח איז יעצט געוואָרען דער העלד פון שטאָדט, יעדער איינער האָט גערעדט פון זיין העלדישקייט, אלע האָבען איהם געלויבט אויסער זיינע ברידער און זייער מוטער, מרה. זיי האָבען געזוכט צו נישט צו מאכען און פערקלענערען יפתח׳ס העלדישקייט. איבערהויפּט האָט עס געטהאָן אלדד, מרה׳ס עלטסטער זוהן, ער האָט יפתח׳ן קיין מאָל ניט ליעב געהאט און בפרט יעצט, ווען ער האָט אויסגעפונען אז נעמה, די שעהנע טאָכטער פון חפר, האלט זעהר פיעל פון יפתח׳ן...

אלדד האָט אויף נעמה׳ן געוואָרפען אן אויג פון דעם ערשטען טאָג וואָס ער האָט זי דערזעהען, איהר שעהנקייט האָט איהם בעצויבערט... ער האָט לאנג געזוכט א געלעגענהייט מיט איהר צו ריידען, און ווען ער האָט איינמאָל מיט איהר גערעדט נעבען איהר הויז, האָט ער שוין פון איהר ניט אויפגעהערט צו טראכטען, איהם האָט אָבער איין זאך פערדראָסען וואָס נעמה האָט זעהר א גוטע מיינונג פון יפתח׳ן. זי האָט איהם גאנץ אָפט געלויבט.

— איך בין זיכער אז ער וועט אמאָל ברייינגען פיעל נוצען צו אונזער פאָלק!
— האָט נעמה איהם געזאָגט, דיין ברודער יפתח, געהט אין די פוסטריט פון דיין פאָטער, ער וועט קעמפּפען, ווען עס וועט זיין נויטיג, געגען אונזערע שונאים.

— קיינער לייגט קיין געוויכט ניט אויף זיינע רייד! — האָט אלדד זיך אָפּגערופען צו נעמה׳ן, — נאָך אלעמען ווייסען אלע ווער ער איז, און ווער זיין מוטער איז!... און ווי איך זעה איהם געהט ער גיכער אין די פוסטריט פון זיין מוטער... ער האָט זיך ליעב צו בעריהמען אזוי ווי זי און דאן האָסטו דאך געוויס געהערט וואָס מיין פאָטער׳ס

פלגש האָט געטהאָן איידער יפתח איז געבוירען געוואָרען...

— אלע ווייסען אז עס איז אויף איהר א בלבול געמאכט געוואָרען.

— ניט דאָס מיין איך! — האָט אלדד געזאָגט — איך מיין אָט דאָס וואָס זי האָט געהאט פערבינדונגען מיט דעם אָפּגאָט "מולך".

— ווען אימיצער איז פערביטערט און פערצווייפעלט, קען מען איהם ניט בעשולדיגען ווען ער מאכט אן איבעריגעאיילטען שריט — האָט נעמה געזאָגט אָבער יעצט ווייסען אלע אז רעומה איז אומשולדיג און קיינער האָט קיין רעכט ניט אויף איהר שלעכטעס צוריידען.

— אָבער ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי יפתח זוכט זיך צו דערהויבען אזוי ווי ער וואָלט ניט געוועזען א זוהן פון א פלגש!

נעמה האָט דאן אלדד'ן מעהר ניט געענטפערט. זי האָט געוואוסט אז די אייפערזוכט רעדט אין איהם.

ווען אָבער, זי האָט דערזעהען ווי אלדד זוכט צו פערשעהמען יפתח'ן פאר אלעמען אין די אויגען, אָנרופענדיג איהם ליגנער און פאלשער בעריהמער, האָט עס איהר שטארק פערדראָסען, און גרוים איז איהר פרייד געוועזען, ווען איינער פון די רויבער האָט אליין צוגעגעבען אז יפתח האָט אליין בעוויזען די זעלטענע גבורה. זי האָט דאן ניט אָפּגעטראָטען פון יפתח'ן, זי האָט איהם געבעטען ער זאָל איהר דערצעהלען אלע איינצעלהייטען ווי אזוי ער האָט זיי צושלאָגען, געבונדען און זיי אליין געפיהרט אין שטאָדט.

יפתח האָט זיך געפיהלט גליקליך, וואָס נעמה איז דערביי געוועזען, ער האָט שוין לאנג געזוכט צו געפינען חן אין איהרע אויגען. יעצט וועט ער שוין קענען מיט איהר זיך אָפטער זעהען.

אויף מאָרגען, איז ער אוועקגעגאנגען צו חפר'ן אין הויז און האָט זיך צו איהם אָפּגערופען:

— דיין טאָכטער נעמה האָט געזאָגט אז די רויבער האָבען פון איהר אוועקגערויבט א יונגע ציגעלע, אויב דו ווילסט וועל איך זיי צווינגען דיר אומצוקעהרען דיין שאָדען. איך בין נאָך ניט פארטיג מיט די איבעריגע רויבער, איך וועל צווינגען די צוויי געפאנגענע און זיי וועלען מיר זאָגען וואו די איבעריגע רויבער האלטען זיך אויף.

— איך וואָלט ניט געוואָלט, אז [צו] ליעב אזא קלייניגקייט זאָלסטו דיין [לע]בען אין סכנה שטעלען — האָט ח[פר] איהם געזאָגט — אָבער איך בין דיר זעהר דאנקבאר וואָס דו האָסט געמאכט זיכערער צו פיטערען די שאָף אין די פעלדער נעבען מצפה. יעצט וועל איך ניט מורא האָבען צו שיקען מיין טאָכטער מיט די שאָף, ווייל איך קען ניט בעהויפטען צו צאָהלען א פאסטוך, און אויסער דעם קען מען זיך אויף קיין פרעמדען ניט פערלאָזען...

א היבשע ווײלע האָט יפתח פערבראכט מיט חפר'ן און ווען ער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן האָט ער געטראָפען נעמה'ן נעבען איהר הויז.

— אָה, יפתח! — איז נעמה רויט געוואָרען — דו האָסט אונז פערשאפט פיעל כבוד מיט דיין בעזוך.

— איך בין גליקליך אז איך האָב דיך געטראָפען. איך האָב דיר געוואָלט בעדאנקען פאר דעם וואָס דו האָסט מיין ברודער אויסגערעדט ווען ער האָט געזוכט אָפּצושפּאָטען פון מיר.

— און איך בין געוועזען צופרידען, וואָס באלד האָבען אלע איינגעזעהן אז די קנאה רעדט אין איהם... מען האָט אפילו ניט בעדארפט וואַרטען אויף דעם צוריקקעהרען פון די פאסטוכער.

— דיין פאָטער האָט מיר געזאָגט, אז דו וועסט ווידער אָנפאנגען צו פיטערען די שאָף.

— נו, יעצט אז דו האָסט פערטריבען די רויבער דארף איך שוין מעהר ניט מורא האָבען! — האָט נעמה א שמייכעל געטהאָן.

— פונדעסטוועגען דארפסטו נאָך גאנץ פאָרזיכטיג זיין — האָט יפתח איהר געוואָרענט. — זעה ניט אוועקצו־

געהן צו ווייט פון שטאָדט, ווייל דו דארפסט ניט פערגעסען אז כאָטש דער הויפט פיהרער געפינט זיך אין אונזער געפענגניס, וועלען געוויס זיינע ארויסהעלפער נאָך לויערען איבער די פאַסטוכער און זיי וועלען זיכער פּרובירען מאכען נאָך איבערפאלען.

— איך וועל שוין ווייט פון שטאָדט ניט אוועקגעהן! — האָט נעמה געזאָגט — דאָס ביסעל שאָף וואָס מיין פאָטער פערמאָגט וועט געפינען גענוג פאשע נעבען די גרעניצען פון שטאָדט.

— און זאָג מיר, דו שעהנע בלום, וואו וועסטו פיטערען דיינע שאָף? איך וועל פון צייט צו צייט צוקומען צו זעהן אויב קיין געפאהר איז ניטאָ.

— איך דאנק דיר יפתח — האָט נעמה געענטפערט — איך וועל פיטערען די שאָף אויף דער לאנקע וואָס געהערט צו עובד'ן, ער איז מיין פאָטער'ס קרוב און ניט איין מאָהל האָט ער מיר געהייסען פיטערען די שאָף אין זיינע פעלדער.

— איך האָב ניט געוואוסט אז עובד איז דיין פאָטער'ס א קרוב האָט יפתח זיך אָפּגערופען.

— ער איז א ווייטער קרוב אונזערער. אָבער ער איז זעהר א פיינער מאן, זיינע פעלדער זיינען שטענדיג אָפען פאר אָרימע לייט, פאר יתומים און אלמנות.

— איך האָב טאקע בעמערקט פיעלע מאָל ווי די אָרעמע לייט קלייבען זיך דאָרטען צונויף און זיי זאמלען אזוי פיעל תבואה וויפיעל זיי ברויכען.

— און איך ווייס אז דיין פאטער איז אויך גנעדיג און גוטהערציג צו די אָרימע לייט פון מצפּה — האָט נעמה זיך אָפּגערופען צו יפתח'ן.

— מיין פאטער איז ווירקליך גוטהערציג צו אלע אָרימע לייט פון שטאָדט — אָבער ער איז דאָך א סך רייכער פון עובד'ן. — מיין מוטער האָט מיר דערצעהלט דאָס מיין פאטער האָט אויסגעגעבען זעהר פיעל גאָלד, אין דער צייט וואָס ער האָט ארומגעריזט צו פעראייניגען אלע שטעדט פון דיעזער זייט רדן.

— איך בין זיכער אז אלע זיינען איהם דאנקבאר פאר דיעזען וואונדערבארען אויפטהו — האָט נעמה געזאָגט — אלע פיהלען אז ער האָט פערמיטען א גרויס געפאהר וואָס האָט געלויערט אויף אונזער שטאָדט.

— איך גלויב אבער אז די געפאהר איז בלויז צייטווייליג פערמידען געוואָרען, די עמונים האבען ניט אויפגעגעבען זייער געדאנק אנצופאנגען א מלחמה מיט אונז — האט יפתח געזאגט — און עס וועט ניט שווער זיין פאר זיי זיך צו פעראייניגען מיט מואב. געוועהנליך וואַרטען זיי אויף א געלעגענהייט.

— יעצט אז מיר האבען אזעלכע העלדען ווי דו צווישען אונז, דארפען מיר קיין זאָרג ניט האבען. מיר מעגען זיכער זיין אז מיר וועלען בעזיעגען דעם שונא אויב ער וועט מאכען א פערזוך מלחמה צו האלטען מיט אונז.

— מיר טאָרען זיך קיינמאָל ניט פערלאָזען אויף די מאכט פון אונזערע אייגענע פויסטען — האָט יפתח געענטפערט — מיר דארפען האָפען אז גאָט וועט אונז העלפען פון די הענט פון אונזערע שונאים.

— און דעריבער וועט גאָט דיר טאָקע העלפען אין אלעם וואס דו וועסט טאָהן — האט נעמה א שמייכעל געטאָהן — איך זעה אז דו ביזט אויך גאָטספאָרכטיג ווי דיין פאטער.

— מיין פאטער האט מיר דערצעהלט פון אלע ניסים וואס גאט, דער גאָט פון אונזערע עלטערען, האָט געטהאָן מיט אונזער פאלק, ווי אזוי ער האט זיי ארויסגענומען פון מצרים, דורך משה'ן, אונזער גרויסער פיהרער, און ווי אזוי ער האָט זיי געשפייזט אין דער מדבר פאר פערציג יאהר, ביז וואנען ער האט זיי געבראכט צו דיזען לאנד, אויך וועגען דער העלדישקייט פון אונזער פאָלקסהעלד יהושע, האט מיר מיין פאטער פיעלעס דערצעהלט, יע, וועגען די אלע מלחמות מיט די פערשיעדענע פעלקער ביז וואנען דאס גאנצע לאנד איז איבערגעגעבען געוואָרען צו אונז. יעצט

אז מיר וועלן ווערטה זיין און געהן אין זיינע וועגן און אפהיטען זיין תורה וועט ער אונז אויף ווייטער ניט פערלאָזען און אין פאַל פון נויט וועט ער' אונז קומען צו הילף.

— ווי שעהן זיינען דיינע רייד, יפתח — האט נעמה געזאגט און איהר פנים איז מיט א רויטקייט בעדעקט געווארען. — איך וואלט געקענט שטעהן גאַנצע טעג און זיך צוהערען צו דיר.

— און איך וואָלט געקענט שטעהן גאנצע טעג און אריינקוקען אין דיינע וואונדער שעהנע אויגען — האט יפתח געזאָגט — דו ביזט דאך אזוי אנדערש פון די איבעריגע מיידלעך פון מצפה.

נעמה האט ארונטערגעלאָזען איהר קאָפּ, עטוואס פערשעהמט. א ווײַלע האבעןביידע געשוויגען. יפתח האט פון איהר זיינע אויגען ניט ארונטערגענומען. זי איז יעצט נאָך שעהנער ווי אלע מאָל — האט ער זיך געטראכט.

— זאָג מיר, נעמה — האט ער זיך אפגערופען נאָך א קליינער פויזע — איז עס ריכטיג, וואס מען האט מיר איבערגעגעבען אז מיין ברודער, אלדד, האט דיר שוין עטליכע מאָל בעזוכט.

נעמה האט א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ אויף יע.

— און איך בין זיכער אז ער האט אויף מיר זעהר פיעל אנגערעדט... איך קען איהם, ער נעהמט זיך שטארק איבער מיט דעם וואס ער איז א זוהן פון גלעד'ס ריכטיגער פרוי, און איך בין דער זוהן פון בלויז א פלגש.

— אָה, שענק ניט קיין אויפמערקזאמקייט צו זיינע רייד, יפתח! — האט נעמה איהם געזאָגט — אין אלעמענס אויגען שטעהסטו א סך העכער פון איהם. אלע ווייסען ווי אפּצושאצען דיין גבורה און בראווקייט, און ווען ער פאנגט אָן דיך צו בערײדען פאר מיר, חיים איך איהם גלייך שווייגען, ער ווייס אז איך האב דאס ניט ליעב צו הערען...

— ניט איין מאָל האט זיך שוין מיין פאטער אויף איהם אנגעבייזערט — האט יפתח זיך אפּגערופען — ער האט איהם געזאגט אז ביי איהם זיינען אלע זיהן גלייך. און אז ער דארף ניט פערגעסען אז איך בין דאָך דער בכור.

— דיין פאטער איז דאך אזוי נאָבעל — האט נעמה געזאגט — ער וועט ניט דערלאָזען אז אן אומרעכט זאל צו דיר געטאָהן ווערען. און ווי פערהאלטען זיך צו דיר די איבעריגע ברידער?

— זכרי, וועלכער איז בלויז איין יאהר אינגער פון אלדד'ן געהט אין זיין עלטערען ברודער'ס פוסטריט, אבער גד און אתם זיינען אין גאנצען אנדערש. די איינציגע זאך וואס זייער מוטער, מרה, זוכט זיי צו בעאיינפלוסען געגען מיר. איך ווייס אז אין איהרע אויגען בין איך ווי א דאָרן.

— דאס האב איך געזעהען נעכטען, ווען דו האסט די רויבער געבראכט געפאנגען. יע, איך האב בעמערקט ווי זי האט זיך בעמיהט צו רעכטפערטיגען אלדד'ן און צו פערמינדערן דעם איינדרוק וואס דיין בראווקייט האט געמאכט אויף אלע איינוואהנער פון שטאָדט.

— יע, נעמה, איך לייד זעהר פון דעם וואס מרה זוכט זיך תמיד צו טשעפען צו מיין מוטער, זי בעהאנדעלט איהר ווי א דינסט.

— און דיין פאטער? ווייס ער פון דעם? — האט נעמה איהם געפרעגט.

— זי טוט עס ווען מיין פאטער איז אין דער היים ניטאָ, און ווען ער דערווייסט זיך, רעדט ער איהר אויס, אבער דו ווייסט דאך אז מרה פיהלט זיך שטיפער, ווייל אויסער דעם וואס זי איז מיין פאטער'ס ריכטיגע פרוי, האט זי איהם געבוירען פיער זיהן.

— יעצט אבער, קען דיין מוטער גאַנץ שטאָלץ זיין! זי איז געבענשט געווארען מיט א העלדישען זוהן און איך בין זיכער אז מרה איז איהר מקנא.

— איך וואלט זעהר געוואלט מאכען מיין מוטער גליקליך, איך ווייס אז זי האט א סך זאָרגען, און איז גאנץ אָפט זעהר אומעטיג. זי האט מיך פערשפּראָכען אלעס צו דערצעהלען, אבער מיר

דוכט זיך אז שולדיג איז דעם איז מרת מיט איהרע זיהן, ווייל זיי זוכען איהר אימער צו דערצאָרענען.

— זאָרג ניט, יפתח, דו וועסט נאָך דיין מוטער פיעל פערגניגען ברייננגען. איך קען פאָראויס זעהן אז דו וועסט אמאָל א גרויסער מאן זיין און דו וועסט בריינגען פאר אונזער פאָלק פיעל רוהם און גליק. וועסט נאָך אמאָל ווערען א פיהרער פון גאנץ גלעד.

— ווער בין איך אז איך זאל זיין א פיהרער ביי אידען! — האט יפתח גע־זאגט.

— איך זעה ניט איין פאר וואס דו דארפסט זיין ביי זיך געפאלען! דו האסט זיך שוין אויסגעצייכענט מעהר ווי יעדער איינער פון מצפה.

---

א גליקליכער און צופרידענער איז יפתח אוועק פון געמה'ן. זי האט צו איהם גערעדט אזעלכע צערטליכע רייד. זי האט איהם געמאכט פיהלען אז ער איז ניט נידעריגער פון די איבעריגע. זי האט איהם געגעבען זעהר פיעל מוטה און זי האט איהם בעגייסטערט, ער וועט נאָך אלעמען ווייזען וואס ער קען אויפטאָהן. אָ, ווען איהרע רייד זאלען ווען עס איז מקויים ווערען, מען זאל איהם מאכען פאר א פיהרער... ער וואלט געוויזען דעם שונא ווי אזוי צו ערנידעריגען זיין פאָלק... ער וואלט אויף זיי א פחד ארויפגעווארפען.

מיט אזעלכע מחשבות איז יפתח אוועק אהיים. ער איז גלייך אריין אין זיין מוטער'ס צימער, און ווי ערשטוינט איז ער געווארען, ווען ער האט זי גע־טראפען ליגענדיג אין בעט און ווייר־נען.

— מוטער, אָה מיין ליעבע מוטער— איז יפתח צו איהר צוגעגאנגען און גע־קושט — וואס האט פאסירט, פארוואס ווייגסטו?

רעומה האט זיך אוועקגעזעצט און ארומגענומען איהר זוהן און איהם גע־דריקט צום הארצען.

— גאָרניט, מיין זוהן, גאָרניט האט פאסירט.

— און פארוואס האסטו געוויינט?

— זאָג מיר, יפתח,—האט רעומה זיך אפגערופען צו איהם, — ביזטו גליק־ליך?

— אָה, מוטער, פארוואס פרעגסטו מיר אזא פראגע? געוויס בין איך גליק־ליך. בלויז דאן פיהל איך שלעכט ווען איך זעה דיר טרויעריג און פער־ווינט... איך פערשטעה ניט, מוטער, פארוואס דו האסט אזוי פיעל צו טרוי־ערן. דו דארפסט זיך ניט נעהמען צום הארצען וואס מרה זוכט דיר צו בעליי־דיגען און דערצאָרענען. דער פאטער האט דיך אויך ליעב... און אויב דו זאָרגסט וואס דו האסט איהם מעהר קיין קינדער ניט געבאָרען, בין איך דען צו דיר ניט בעסער ווי פיער זיהן?

— יע, מיין ליבער זוהן! — האט רעומה איהם ווידער געקושט — איך בין אפטמאָל אזוי גליקליך מיט דיר אז איך האב מורא דאס מיין גליק זאל מיר ניט צושטערט ווערען... געכטען, ווען דו האסט פאר אלעמען בעוויזען דיין העלדישקייט, איז צו מיין גליק קיין גרעניץ ניט געווען. איך האב בעמערקט ווי מרה, מיין פיינדין, האט אויף מיר געקוקט מיט אויגען פול מיט קנאה... איך האב געזעהען ווי איהר זוהן האט זיך לעכערליך געמאכט פאר אלעמען אין די אויגען, ווען ער האט דיר גע־וואלט בעשולדיגען. און מיין פרייד איז געווען זעהר גרוים. יעדעם גליעד אין מיר האט געזונגען פון שמחה. איך האב געקוקט אויף דיר און אויף דיין פאטער און איך האב מיינע אויגען ניט געקאָנט גלויבען. איך האב געזעהען ווי שטאָלץ ער איז מיט דיר, איך האב געהערט ווי אלע לויבען און ריהמען דיך און מיר האט זיך געדוכט אז דאס אלעס איז בלויז א חלום... און אפילו יעצט קען איך זיך מיר ניט גלויבען, אז דאס איז ווירקליך אזוי... עפּעס גלויבט זיך מיר ניט אז איך זאל ווערטה זיין צו געניסען אזוי פיעל גליק!....

— אָה, מוטער, פארוואס זאלסטו אזוי ריידען... דו וועסט אימער־צו גליקליך זיין. דו האסט עס ווירקליך פערדינט. האסטו דען ניט גענוג געליטען אין דיינע יונגע יאהרען?

— אָה, ווען איך גיב נור א טראכט דערפון, געהט א שוידער דורך מיין לייב.

— א טראכט פון וואס? — האט יפתח געפרעגט.

— א טראכט פון דעם, אז וויפיעל האט געפעהלט און דו וואָלסט אויפגעאָפּפערט געווארען אלס קרבן צו "מולך" אָה! ווי שרעקליך!.... איך וואלט דיך, מיין אייגען פלייש און בלוט פערברענט.

— דו האסט שוין לאנג געדארפט פון דעם פארגעסען, מוטער! — האט יפתח איהר צערטליך ארומגענומען — דו האסט דאך אליין ניט געוואוסט וואס דו געהסט טאָהן... דו ביזט געווען אין אזא לאגע אז דו האסט אויף אלעם געקוקט מיט אזעלכע גלייכגילטיגע אויגען... יעצט דארפען מיר דאנקען גאָט וואס ער האט אין צייט פערמיטען דו זאלסט אזא שרעקליכען שריט בעגעהן!

— דאָך שרעקט מיך דאס הארץ... "מולך" זאל אָן מיר קיין נקמה ניט נעהמען... איך האב דאך דיך צו איהם פאר א קרבן פערשפּראכען.

אָה, מוטער, וואס רעדסטו! — האט זיך יפתח א שטעל געטאָהן — ווייסטו דען ניט אז "מולך" איז אן אָפּגאָט, און ער קען ניט טאָהן קיין שלעכטעס אדער גוטעס? און דו ווייסט דאָך אויך אז מיר אידען טאָרען אפילו ניט טראכטען פון אָט די אומווירדיגע געצען און זייערע דינער.

— איך ווייס אלעס, מיין זוהן... איך בעמיה זיך שטענדיג אזעלכע געדאנקען פון מיר צו פערטרייבען. אבער ניט אימער בין איך ערפאָלגרייך. די רייד פון דעם אלטען וועלכער האט מיך דאן אין וואלד געפונען, און פון זיין פרוי ענבערן שטענדיג אין מיין מוח... ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם... פאלט אויף מיר אָן אן אימה... די שרעקליכע בילדער וואס איך האב געזעהען ווען מען האט דורכגעפיהרט די פייערונגען ביי דעם טעמפעל פון "מולך", שוועבט שטענדיג פאר מיינע אויגען. דעם פריסטער'ס בליקען דרינגען נאָך יעצט דורך מיין הארץ... אָט זעהסטו... איך האב נאָך דעם פארמעט וואס מען האט אריינגעווארפען דורכ'ן פענסטער, בעת מען האט דיין ברית געפייערט.

— אבער האט מען דאך די זעלבע געטאָהן צו אלדד'ס ברית, און אויסער דעם, זיינען דאך פיעלע יאהרען פערלאָפען און קיין זאך איז ניט געשעהען — האט יפתח געזאגט — פארוואס זאלסטו גאָר וועגען דעם טראכטען?

— איך טראכט נאָר דאן, ווען איך פיהל זיך זעהר גליקליך. יע, דאן קומען מיר ארויף די טרויעריגע מחשבות. איך האב מורא אז מיין גליק וועט לאנג ניט אנהאלטען.

— דער אלטער און די אלטע זיינען שוין געווים לאנג טויט! און איך גלויב אז אפילו דער פריסטער לעבט שוין מעהר ניט.

— ניין, מיין זוהן, זיי לעבען נאָך. אלע לעבען נאָך!

— אבער פון וואנען ווייסטו עס, מוטער? עס זיינען דאָך פיעלע יאהרען פאָריבער און מיר האבען פון קיינעם פון זיי ניט געהערט.

— איך, אבער, הער פון זיי גאנץ אָפט, מיין זוהן! — האט רעומה טרויעריג געזאגט.

— מוטער! איך פערשטעה ניט, ווי אזוי קומסטו צו הערען פון זיי? דאס מוז בלויז זיין אן איינריידעניס.

— ניין, מיין זוהן, עס איז ניט קיין איינריידעניס, איך הער אין דער ווירקליכקייט וועגען זיי.

— פון וועמען? ווער דערצעהלט דאס דיר פון זיי?

— וועגען דעם האב איך זיך שוין לאנג געקליבען מיט דיר צו ריידען. אבער איך האב קיינמאָל ניט געהאט גענוג מוטה דערצו. איך האב מורא אז אויך דו וועסט מיר מיספערשטעהן.

— אָה, מוטער, ווי אַזוי קענסטו גאָר פון מיר אַזוי טראַכטען? איך בין זיכער אַז ווען דו וואָלסט מיר אַלעס דערצעהלט, יע, אַלעס וואָס דריקט דיר אויפ'ן הארצען, דאַן וואָלט איך פיליייכט דיר געקענט מיט עפּעס בעהילפיג זיין.

— איך האָב דיר פיעלע זאַכען דערצעהלט וועגען מיין פערגאַנגענהייט, אָבער איך צווייפעל אויב דו ווייסט אַלעס.

— אָה, מוטער, פאַרוואָס זאָלסטו יעצט ריידען וועגען אַזעלכע זאַכען. איך ווייס אַז עס איז קיינמאָל ניט געוועזען דיין שולד... די אומשטענדען זיינען אין דעם שולדיג געוועזען.

— דו ווייסט אויך ווי אַזוי מען רופט מיך אין מצפּה! יע, פון דעם ערשטען טאָג אָן האָט מען מיר גערופען רעומה די זונה.

— מעהר וועט דיר שוין קיינער ניט וואַגען אַזוי צו רופען! — האָט יפתח אַ דריק געטהאָן מיט זיין פויסט — איך וועל שוין פערמאַכען דאָס מויל פון דעם וועלכער וועט אַזוי ריידען. אָבער דו דאַרפסט זיך דאָס אויך צום הארצען ניט נעהמען. אין מיינע אויגען און אין די אויגען פון מיין פאָטער ביזטו אַזוי ריין ווי אַ מלאך.

— ריין ווי אַ מלאך! — האָט רעומה אַ ביטערען שמייכעל געטאָהן — איך האָב געוואָלט זיין ריין, איך האָב שטענדיג מתפּלל געווען צו גאָט, ער זאָל מיר מוחל זיין פאַר מיין פערגאַנגענהייט, און שטאַרקען אין דער צוקונפט אָבער איך האָב מורא אַז עפּעס אַ קללה ליגט אויף מיר און איך קען זיך פון איהר ניט בעפרייען.

— ווי אַ רעטענים זיינען מיר דיינע רייד, מוטער.

— רוק זיך צו נעהענטער צו מיר, — האָט רעומה אַנגענומען יפתח'ן פאַר זיין האַנד — איך קען ניט בעשליסען אויב איך זאָל פאַר דיר מיין גאַנצע הארץ ענטפּלעקען, אָבער עס דריקט מיר שוין אַ גאַנץ לאַנגע צייט און איך האָב בעשלאָסען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אויסצוגיסען מיין הארץ פאַר דיר.

רעומה האָט פאַרשטעלט איהר פּנים מיט איהרע הענט און זיך ווידער פאַרנאַנדערגעוויינט.

— אָה, מוטער, בערוהיג זיך! — האָט איהר יפתח געקושט — איך פיהל זיך יעצט אַזוי גליקליך, און איך וויל דיר אויך גליקליך זעהן. זאָרג ניט, מוטער, אַלעס וועט רעכט ווערען.

— ווילסטו דען ניט איך זאָל דיר אַלע מיינע סודות ענטדעקען? — האָט רעומה איהם אַנגעקוקט.

— וואַרט איך האָב דיר אויך אַ סוד צו ענטדעקען! — האָט יפתח געזוכט זי צו ערמונטערען — דו קענסט דאָך געוויס נעמה, די טאָכטער פון חפר?

— געוויס קען איך זי! — האָט רעומה געענטפערט — זי איז זעהר אַ ליעבעס קינד. זי איז דאָך נעכטען געשטאַנען נעבען דיר ווען דו האָסט די רויבער געבראַכט, און איך האָב אויך געהערט ווי זי האָט אלדד'ן פאָרגעוואָרפען, פאַר וואָס ער האָט געזוכט דיך צו בעליידיגען.

— נו, זאָג מיר מוטער איז זי ניט די שעהנסטע מיידעל אין גאַנץ מצפּה?

— רעומה האָט אַ שמייכעל געטאָהן.

— געוויס איז זי די שעהנסטע מיידעל פון אונזער שטאָדט.

— און איהר פאָטער חפר, איז אויך זעהר אַ גוטהערציגער מאַן, ער איז ניט רייך, אָבער ער פערמאָגט אַ רייכע הארץ און אַ נאָבעלע נשמה.

— אָבער זאָג מיר שוין וואָס דו ווילסט מיר פון איהר דערצעהלען—איז רעומה אומגעדולדיג געוואָרען.

— איך קום דאָס יעצט פון איהר הויז. איך האָב מיט איהר אַ היבשע ווײַלע פערבראַכט. אָה, מוטער, ווען דו וואָלסט וויסען ווי קלוג זי איז. יע, זי איז אַזוי קלוג, ווי שעהן און ווי אַ באַלזאַם זיינען איהרע ווערטער געווען צו מיר... זי האָט מיר געזאָגט אַז זי איז זיכער דאָס איך וועל אַמאָל זיין אַ

גרויסער מאן און א פיהרער אין ישראל.

— הלואי, מיין זוהן! גאָט ווייס אויב איך וועל דערלעבען דאס צו זעהן מיט מיינע אויגען.

— אַח, מוטער, פארוואס זאלסטו ריידען מיט אזוי פיעל יאוש. דו ביזט נאָך אליין אויך גאנץ יונג... און אויב דו ווייסט ניט וועל איך דיר זאגען, אז נאָך יעצט ביזטו די שעהנסטע פרוי פון מצפה. אלע ווערלען דאס דיר צוגעבען... און כאָטש דו האסט זיך אזוי פיעל אנגעליטען, ביזטו א סך שעהנער פון מרה'ן וועלכע האט קיינמאל פון קיין ליידען ניט געוואוסט.

— אין דיינע אויגען, מיין זוהן, בין איך נאָך פיליכט שעהן — האט רעומה א שמייכעל געטאָהן — אבער אין די אויגען פון די אנדערע בין איך שוין מעהר ניט שעהן.

— ניט איינמאל האב איך געהערט ווי פרעמדע בעוואונדערן דיין שעהנקייט — האט יפתח געזאגט — און דו אליין ווייסט דאָך אז יעדעס מאל וואס איך פלעג דאס הערען פלעג איך דיר קומען דערצעהלען.

— יע, דאס פלעגסטו מיר דערצעהלען, אבער די שלעכטע זאכען וואס מען רעדט אויף מיר דערצעהלסטו מיר קיין מאל ניט.

— אַה, מוטער, קיינער רעדט קיין שלעכטעס ניט אויף דיר, און אויב עס געפינען זיך איניגע וועלכע ריידען שלעכטעס אויף דיר, זיינען דאס די קרובים פון מרה'ס משפחה, און דו דארפסט זיך עס ניט נעהמען צום הארצען.

— אבער דו האסט דאָך מיר אנגעפאנגען צו דערצעהלען וועגען נעמה'ן

— האט רעומה איהם דערמאָנט.

— יע, איך האב מיט איהר גערעדט...

— וועגען וואס?

— איך ווייס אליין ניט וועגען וואס. וועגען אלעם! זי האט מיר דערצעהלט אז אלדד איז עטליכע מאל איהר געקומען בעזוכען, און יעדעס מאל האט ער פרובירט אויף מיר שלעכטעס ריידען, אָבער זי האָט איהם ניט געוואָלט אויסהערען, ניין, זי האט איהם ניט ליעב... ער איז א בעריהמער... אבער פונדעסטוועגען וועל איך איהר אנזאגען אז אויב ער וועט נאָך אמאל וואגען אויף מיר שלעכטעס צו ריידען, וועל איך איהם בעקאנט מאכען מיט מיינע פויסטען.

— ניין, מיין זוהן, דו זאלסט עס ניט טאָהן, דו ווייסט דאָך ווי מיר איז דערווידער אז דו זאלסט זיך שלאָגען מיט דיינע אייגענע ברידער.

— אבער דו האָסט דאָך אליין געזעהען ווי ער האט זיך מיט מיר אנגעפאנגען... נעכטען האט ער מיר פאר אלעמען געוואלט בעליידיגען, און ווען דער פאטער וואלט דאביי ניט געווען, וואלט ער שוין פערזוכט דעם זעלבען טעם, וואס די רויבער האבען פערזוכט.

— אָבער איז דען ניט נעווען בעסער אז דו האסט זיך נישט ווּיסענדיג געמאכט, און ער האט זיך געמאכט לעכערליך פאר אלעמען אין די אויגען. איך פערשטעה, אז ער האט עס געטאָהן ווייל ער האט געמערקט נעמה'ן, שטעהענדיג נעבען דיר, און ער האט געוואלט נושא חן זיין ביי איהר.

— און פאר דעם האט זי נאָך איהם מעהר פעראכטעט! — האט אויסגערופען יפתח.

— יעצט גלויב איך ווערט ער שוין מעהר צו איהר ניט קומען אנצוריידען אויף דיר — האט רעומה זיך אנגערופען.

— ער איז גלייך געכדעם צו איהר אוועק. דו ווייסט דאָך אז ער האלט זיך דאָך פאר א גרעסערען יחסן פון מיר — איז יפתח געווארען עטוואס אומעטיג.

— זאָרג ניט וועגען דעם, מיין זוהן! — האָט רעומה געזאָגט — ביי דיין פאָטער זייט איהר ביידע גלייכע יחסנים. און אויב דו וועסט אפילו ניט קריגען צוויי חלקים ירושה, צו וואָס דו ביסט

בארעכטיגט, לויט אונזער תורה, אלס בכור, וועט דיין חלק געווים ניט זיין קיין קלענערער פון זיינעם ...

— מוטער, איך האב נעמה'ן זעהר ליעב, און איך האב מורא, אז אלדד זאל זי פון מיר ניט אוועקנעהמען.

— ווי איך האב געקענט זעהן, האט נעמה דיך אויף ליעב. איך האב זי גוט באטראכט ווען זי איז געשטאנען נעבען דיר. איך האב געזעהן ווי זי האט אויף דיר געקוקט מיט ווארימע צערטליכע בליקען.

— א, מוטער, איז עס מעגליך? — האט יפתח אויסגערופען מיט שטראהלענדע אויגען.

—און פארוואס ניט, יפתח, ביזטו דען ניט שעהן און העלדיש? האסטו דען ניט ארויסגעוויזען דיין בראווקייט? יע, דו האסט אין אלעמענס אויגען זעהר פיעל געשטיגען.

— איך וויים, אבער, פארוואס איך פיהל זיך אזוי נידעריג — האט יפתח זיך אפגערופען — עס זיינען געוועזן צייטען, ווען איך בין געווען דאנקבאר יעדען איינעם, וועלכער האט צו מיר גערעדט... מעגליך, אז אין דעם זיינען שולדיג מיינע ברידער און זייער מוטער.

— איך בין אין דעם שולדיג, מיין זוהן! — האט רעומה זיך ווידער פארנאנדערגעוויינט — איך וויים, אז מיין פארגאנגענהייט איז א שטערונג צו דיין צוקונפט, מיין ליעבער זוהן.

— א, מוטער, בארוהיג זיך! איך בעט דיר, פארוואס זאלסטו אזוי רייד־דען. איך שעץ זיך שטענדיג גליקליך, ווען איך דערמאן זיך, אז איך בין דיין זוהן און ניט מרה'ס זוהן.

— יפתח, מיין קינד, ווען ניט דו, וואלט איך שוין לאנג קיין לוסט ניט געהאט צו לעבען, אבער איך וויים, אז איך בין דיר בלויז א שטערונג. ווען מען דערזעהט דיר זאגט מען: "אט קומט דער זוהן פון גלעד'ס פלגש"... און אנדערע וועלען אויך צולייגען: "די געוועזענע זונה".

— ניין, מוטער, דו טארסט אזוי ניט ריידען! — ווייסטו דען ניט, אז דאס וואס איז געוועזן אמאל, דארף יעצט פארגעסען ווערען. שלאג ארויס פון דיינע געדאנקען אט די אלע שווידערליכע פאסירונגען. לאמיר יעצט קוקען מיט העלע בליקען אויף דער צוקונפט.

— ווען איך וואלט עס נאר געקענט טהאן, מיין זוהן, ווי גליקליך איך וואלט זיך געפיהלט!

— ווען דו וועסט נאר אויפהערען צו טראכטען פון יענע צייטען, וואלט דיר געווען גאנץ גרינג צו פארגעסען, מוטער.

— ווען עס וואלט זיך אלעם געווענדעט אן מיר, וואלט איך שוין לאנג אפגעווישט מיין שרעקליכע פארגאנגענהייט פון מיין זכרון. אבער עס זיינען פאראן אנדערע, וועלכע דערלאזען ניט.

— א, מוטער, וואס ארט דיר אויב אימיצער רעדט אויף דיר אונטער די אויגען. קיינער וועט ניט וואגען צו זאגען א שלעכט ווארט פון דיר אין מיין געגענווארט, און אויך ניט אין דער געגענווארט פון מיין פאטער.

— ניט וועגען דעם בין איך באזארגט! — האט רעומה טרויעריג א שאקעל געטהאן מיט איהר קאפ — איך האב מורא פאר פרעמדע מענשען, וועלכע זוכען מיר שלעכטס צו טהאן.

— פרעמדע? — האט יפתח איהר אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

—יע, פרעמדע!

— ווער זיינען זיי? איך וועל זיך מיט זיי אפרעכנען.

— ניין, דו וועסט מיר גאר ניט קענען העלפען!

— איך בעט דיר, מוטער, זאג מיר, ווער די שלעכטע מענשען זיינען?

— איך וויים, מיין זוהן, אז ווען איך וועל דיר ענטדעקען דעם סוד, וועט עס דיר קיין פארגעניגען ניט פארשאפען. דו ביזט יעצט גליקליך, פארוואס זאל איך דיר דיין גליק צושטערען?

— מוטער, דו ווייסט דאך ווי שטארק ליעב איך האב דיך, איך וועל קיינמאל ניט קענען גליקליך זיין, ווען איך וועל וויסען אז דו ליידעסט. זאג מיר, מו־

טער, וואָס איז דאָס וואָס דריקט דיר אזוי שטארק.

— איך האָב דיר לאנג דערצעהלט וועגען עמרי׳ן, צוליעב וועמען איך בין פון מיין פאָטער׳ס הויז אנטלאָפען. דו ווייסט דאָך, אז ער איז געוועז מיין געליעבטער.

— יע, מוטער, און איך ווייס אויך, וויפיעל צרות ער האָט דיר פאראור־זאכט מיט זיין אומפארשעמטען בלבול וואָס ער האָט אויף דיר געמאכט. זאָג מיר, זוכט ער ווייטער דיר שלעכטס צו טהאָן? איך וועל זיך מיט איהם אפּ־רעכענען.

— ניין, מיין זוהן, ניט עמרי, נאָר אן אנדער מאן.

— אן אנדער מאן? — האָט יפתח אויסגערופען — ווער איז ער?!

— דו קענסט איהם אויך, ער האָט א סך מאָל באזוכט אונזער הויז.

יפתח האָט א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס.

— איך ווייס ניט וועמען דו מיינסט.

— גרים, דעם עמוני!

— יע, איך קען איהם, דער פאָטער האָט דאָך איהם שטארק באפריינדעט.

— אָ, ווען דיין פאָטער וואָלט אלעס געוואוסט, וואָלט ער צו איהם ניט אזוי פריינדליך געוועזן.

— וואָס, האָט ער דיר שלעכטס גע־טהאָן? ער איז דאָך בלויז א סוחר פון עמון, וועלכער קומט האנדלען.

— ניין, מיין זוהן, ער איז בלויז פארשטעלט אלס א סוחר. אין דער ווירקליכקייט איז ער א גענעראל פון אן ארמיי פון עמון!

— א גענעראל פון אן ארמיי? פון וואנען ווייסטו דאָס?

— ווען איך בין געוועזן אין רבה, איידער דיין פאָטער האָט מיר דאָרט געטראָפען, פלעגט גרים צו מיר גאנץ אָפט קומען... אונטער די אומשטענ־דען בין איך געוועזן געצוואונגען צו זיין "פריינדליך" צו איהם... ער האָט מיך ליעב באקומען און איז צו מיר צוגעשטאנען, איך זאָל זיין פרוי ווערען.

איך האָב איהם דאן געזאָגט, אז עס איז אונמעגליך. פונדעסטוועגען האָט ער מיר ניט אָפּגעלאָזען. אָבער ווען גלעד איז געקומען אין רבה און איך האָב צו־געשטימט צו ווערען זיין פּלגש, האָב איך פון איהם פארלאנגט, אז ער זאָל זיך אָן מיר אין גאנצען פארגעסען. ער האָט מיך פארשפּראָכען. איך האָב בא־שלאָסען קיינמאָל ניט צו ריידען צו דיין פאָטער וועגען איהם. איך האָב איהם בלויז דערצעהלט פון עמרי׳ן, אָבער פון גרים׳ן האָב איך ניט געהאל־טען פאר נויטיג איהם צו דערצעהלען, ווייל איך האָב איהם ווירקליך ניט ליעב געהאט. גרים אָבער האָט זיין פארשפּרעכען ניט געהאלטען. קורץ נאָך דעם, ווען איך בין געוואָרען גלעד׳ס פּלגש, איז ער געקומען באזוכען גלעד׳ס הויז, מיט דעם אויסרייד, אז ער וויל קויפען סחורה.

— און וואָס האָט ער דיר געזאָגט?— האָט יפתח איהר געפרעגט.

— ער האָט געוואוסט, אז גלעד ווייס ניט וועגען זיין באציהונג צו מיר, און דאריבער האָט ער מיר געצוואונגען איהם צו פארשפּרעכען, אז איך זאָל ניט אויסזאָגען גלעד׳ן, אז ער איז ניט קיין סוחר. דאן איז ער בלויז געוועזן אן אָפיציער פון ארמיי!

— אָבער ער האָט דיר קיין שלעכטעס ניט געטהאָן.

— ניין, ניט ביז וואנען ער איז גע־וואָרען זעהר פריינדליך מיט גלעד׳ן.

— אוי׳ ווען האָט דאָס פּאסירט?

— דאָס האָט פּאסירט גלייך נאָכדעם ווי גרים האָט מיר אויפגעזוכט, און גלעד האָט מיך אוועקגענומען פון דעם פריעסטער פון מולך. זינט דאן איז גלעד געוועזן זעהר דאנקבאר צו איהם און גרים האָט נאָך געהאט מעהר צו־טריט צו אונזער הויז.

— אָבער פארוואָס האָסטו דעם פאָ־טער גלייך ניט געקענט דערצעהלען, וואָס זיינע כונות זיינען — האָט יפתח איהר געפרעגט — דו האָסט דאָך גע־קענט פארשטעהן, אז ער פלעגט קומען

צו אונז מיט'ן צוועק אויסצוגעפינען וויכטיגע סודות וועגן אונזערע קרעפטען, כדי נאכהער צו קענען ארויסגעהן אויף מלחמה מיט אונז.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט — האָט רעומה געענטפערט— אז איך האָב ניט געוואָלט דאָס גלעד זאָל וויסען, אז אויסער עמרי'ן איז אויך גרים געווען באפריינדעט צו מיר.

— איך בין זיכער, אז דער פאָטער וואָלט אויף דיר קיין כעס ניט געהאט, ווען דו וואָלסט איהם אלץ דערצעהלט— האָט יפתח אויסגערופען.

— איך וויים, אז איך האָב זיך באנאַרישט, אָבער איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז עס וועט זיך אזוי אויסלאָזען.

— וואָס האָט ווייטער פאסירט ?

— נאָכדעם ווי איך האָב דיר געבאָרען, האָט ער ווידער גענומען באזוכען אונזער הויז. ער האָט זיך גאנץ פריי באוועגט, און ווי גרוים מיין איבערראַשונג איז געווען, ווען איינמאָל, ווען איך בין געווען אין מיין צימער און דיר געזויגען, דערזעה איך גרים'ן, שטעהענדיג ביי מיין טהיר.

איך האָב זיך שטארק דערשראָקען און אויפגעשטעלט פון מיין פלאץ.

— וואָס פארלאנגסטו ? — האָב איך מיט שרעק געפרעגט.

ער האָט אויף מיר געקוקט מיט א ציניש שמייכעל, אז א שוידער איז דורך מיין לייב.

— רעומה — האָט ער זיך אפגערופען—דו ווייסט, אז איצט ביסטו נאָך א סך שעהנער ווי פריהער... און דיין קינד, ווי שעהן ער קוקט אוים !... דו ווייסט, אז דו האָסט מיר אלעם צו דאנקען. ווען ניט איך וואָלסטו יעצט דיין קינד ניט געהאלטען אין דיינע אָרעמס. ווי איך זעה, באהאנדעלט דיר דיין מאן זעהר גוט.

— זאָג מיר—האָב איך זיך צו איהם אפגערופען—האָסטו עפעס געהאט צו טהאָן מיט דעם פארמעט וואָס עס איז אריינגעוואָרפען געוואָרען בעת דעם ברית פון מיין קינד ?

ער האָט אויף מיר אויסגעשטעלט א פאָר אויגען, ווי ער האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס עס האנדעלט זיך.

— וואָס פאר א פארמעט ? — האָט ער מיר גלייך געפרעגט.

איך האָב איהם דערצעהלט וועגען אלעם און וואָס אין פארמעט איז געווען געשריבען.

— ווען איך וואָלט דעם פארמעט געזעהן וואָלט איך דיר געקאָנט זאָגען ווער עס האָט איהם געשריבען—האָט ער זיך אפגערופען.

איך האָב געוואוסט, אז ער וויים וועגען דעם, ווייל דיין פאָטער האָט מיט איהם גערעדט דערפון.

— מעגליך, אז ער אליין האָט עס טאקע געשריבען ! — האָט יפתח געזאָגט.

— וועגען דעם בין איך ניט געווען זיכער — האָט רעומה געענטפערט. — איך האָב בלויז געמיינט, אז ער וויים דערפון דורך גלעד'ן. און דערריבער, ווען ער האָט מיך געפרעגט, אויב איך האָב דעם פארמעט ביי זיך, וואָלט ער געוואָלט א קוק טאָן און דאן וועט ער מיר זאָגען, ווער האָט עס געשריבען. איך האָב זיך ארויסגערעדט, אז איך האָב דעם פארמעט בעהאלטען, אָבער קיינער וויים ניט פון דעם, ווייל גלעד'ן האָב איך געזאָגט, אז איך האָב עס פארברענט.

— ער איז צו מיר צוגעשטאנען איך זאָל איהם דעם פארמעט ווייזען, און איך האָב עס ארויסגענומען פון א באַהאלטען פלאץ און איהם געצייגט.

— גרים האָט עס באטראכט און נאָכהער האָט ער געזאָגט מיט א שמייכעל : "איך וויים ווער דאָס האָט געשריבען. אָבער דו האָסט גאָרניט וואָס מורא צו האָבען... אזוי לאנג ווי דו ביזט פריינדליך צו מיר, וועט דיר קיין בייזעס ניט געשעהן.

— אָבער זאָג מיר ווער האָט דעם פארמעט געשריבען ? — האָב איך איהם

געפרעגט. — האָט עס ניט דער פּריסטער פון מולך געשריבען?

— ניין! דו מאכסט א טעות! — האָט גרים ווייטער א שמייכעל געטאָן. —דער פּריסטער געפינט זיך אין מיין הויז אין עמון, און ווען ער וואָלט עס געשריבען, וואָלט איך פון דעם גלייך געוואוסט.

— און ווער דען, אויב ניט ער, האָט עם געשריבען? — האָב איך איהם ווייטער געפרעגט.

— דאָס האָט געשריבען דיין ערשטער געליבטער, עמרי! — האָט ער אויסגערופען.

— עמרי!! — האָב איך מיט ערשטוינונג אויסגערופען. — ווי קומט ער צו שרייבען אזא בריעף? ווי קומט ער צו שרייבען וועגען דער נקמה פון מולך'ן?

— ער ווייס פון אלעם וואָס מיט דיר האָט פּאסירט! — האָט גרים געלאכט. — איך האָב איהם דערצעהלט און דאָס האָט ער געשריבען, כדי דיך אָנצושרעקען...

— און פארוואָס האָסטו איהם דערצעהלט וועגען מיר?

— ווייל ער האָט מיך געפרעגט. ער האָט מיך פארזיכערט, אז ער האָט דיך נאָך ליעב, און פריהער אָדער שפּעטער וועט ער דיך קריגען.

— אזוי לאנג ווי איך לעב, וועט ער צו מיר זיך ניט צוריהרען!

— ער האָט זיך געשוואָרען, אז דו וועסט באלאנגען צו איהם טויט אָדער לעבעדיג! אָבער איך האָב איהם געזאָגט, אז דו באלאנגסט צו מיר, ווייל דו האָסט מיךווירקליך ליעב!

מיין צאָרן האָט אין מיר געברענט אויף איהם, ווען איך האָב געהערט פון איהם אזעלכע רייד.

— ווי וואגסטו אזוי צו ריידען! — האָב איך זיך אָפּגערופען. — פארלאָז גלייך מיין צימער!

גרים אָבער האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. ער איז געשטאנען און געשמייכעלט.

— אויב דו וועסט באלד ניט אוועקגעהן, וועל איך שרייען און צוזאמענרופען אלעמען.

— דו וועסט אזא זאך ניט טהאָן!— האָט גרים צו מיר געזאָגט און אריינגעלעגט דעם פּארמעט צו זיך אין בוזים.

— גיב עס מיר צוריק! — האָב איך אויסגערופען, אויפשפּרינגענדיג פון מיין פּלאץ.

— בארוהיג זיך! — האָט ער געלאסען געזאָגט. — ווען אימיצער וועט אָנקומען, וועט מען זעהר פיעל פארדעכטיגען... בפרט ווען מען וועט זעהן, אז איך האָב דעם פּארמעט, וועגען וואָס דו האָסט דיין מאן געזאָגט. אז דו האָסט עס פארברענט...

איך בין געבליבען שטעהן און אויפגעציטערטע. איך האָב זיך ערשט ארומגעזעהן, אז איך האָב זיך זעהר באנארישט ווען איך האָב דאָס איהם געגעבען. דאמיט וועט ער קענען אלעמען איבערצייגען, אז אלעם וואָס ער וועט אויף מיר זאָגען איז אמת... איך האָב זיך ווידער גענומען שרעקען פאר דעם צאָרן פון גלעד'ן... איך האָב דיך צו זיך שטארק געדריקט. וואָס וועל איך טאָן — האָב איך זיך געטראכט, ווען ער וועט דערצעהלען גלעד'ן וועגען זיין באציהונג צו מיר אין רבה, אז ער פלעגט מיך נאָך דאָרטען באזוכען... ער וועט גאנץ לייכט קענען אלעמען איינריידען, אז דאָס וואָס ער פלעגט מיך קומען אָפּט באזוכען, איז דאָס געווען צוליעב דעם וואָס מיר האָבעןביידע געפיהרט א געהיימע ליעבע. און טאָמער וועט מען איהם ניט גלויבען, וועט ער זיי צייגען דעם פּארמעט. ער וועט נאָך קענען גלעד'ן איבערצייגען דורך דעם וואָס ער וועט ברייננען מיין דינסט פון רבה, וועלכע פלעגט איהם אויפנעהמען, ווען ער פלעגט מיך קומען באזוכען...

מיין הארץ האָט אין מיר געציטערט און איך האָב זיך ביי איהם גענומען בעטען ער זאָל מיר עס צוריקגעבען.

— ניין! — האָט ער געזאָגט. —

איך וועל דאָס דיר ניט צוריקגעבען יעצט, אבער ווען דו וועסט צושטימען מיך צו באַגעגענען גאַנץ פריה הינטער דער שטאָדט נעבען אריינגאַנג פון וואַלד, וואו די דריי הויכע בוימער שטעהען, דאַן וועל איך דאָס דיר צוריקגעמען.

— אָה, ניין, איך קען דאָס ניט טהאָן! איך קען אהין ניט געהן! וואָס וועט מען זאָגען, ווען מען וועט מיך דערזעהן?

— דו האָסט מיר אמאָל געזאָגט, אז דו שטעהסט יעדען פריהמאָרגען אויף גאַנץ פריה, אין דער צייט ווען אַלע שלאָפען. און דו האָסט ליעב צו טהאָן פארשיעדענע ארבייט. ווען דו וועסט וועלען, קענסטו מיך באַגעגענען גאַנץ פריה און קיינער וועט דערפון ניט וויסען.

— איך וועל עס ניט טהאָן! — האָב איך געזאָגט.

— איך שווער דיר ביי דעם גאָט פון עמון, אז איך וועל דיר דאָרט קיין שלעכטעס ניט טהאָן! — האָט ער אויפגעהויבען זיין רעכטע האַנט. — איך וויל מעהר ניט זעהן, אויב דו האָסט צוטרויען צו אַן אַלטען פריינד.

— און ווען איך וועל צו דיר צוקומען, וועסטו מיר דאַן גלייך צוריקקעהרען דעם פארמעט? — האָב איך איהם געפרעגט.

— אויב דו וועסט קומען, וועל איך דיר געוויס עס אומקעהרען.

— ניין! איך וועל ניט געהן! — האָב איך אויסגערופען. — מיר אַרט ניט וואָס דו וועסט טהאָן!

— און דיר אַרט ניט, אויב איך וועל דיזען פארמעט איבערגעבען צו גלעד'ן? —האָט ער מיך געפרעגט. — דו ווייסט דאָך, אז גלעד וועט זיך זיכער וואונדערען ווי קומט עס צו מיר, אין דער צייט ווען דו האָסט עס פארברענט. ער וועט וועלען וויסען מעהר איינצעלהייטען און איך וועל זיין געצוואונגען צו דערצעהלען פיעלע זאכען, וואָס דו וואָלסט זיכער ניט געוואָלט ער זאָל פון דעם וויסען.

זיינע רייד האָבען מיר גוט איבערגעשראָקען, און נאָכדעם ווי איך האָב פון איהם פארלאַנגט ער זאָל מיר נאָך אמאָל שווערען אז ער וועט מיר קיין בייז ניט טהאָן, האָב איך צוגעשטימט זיך מיט איהם צו באַגעגענען גאַנץ פריה, ווי נאָר די זון וועט אויפגעהן.

אין דעם באַשטימטען טאָג בין איך גאַנץ פריה אויפגעשטאַנען. איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפען פון זאָרג און שרעק. איך האָב זיך געפאַסט מוטה און אין דער צייט ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפען בין איך שוין געווען אין דרויסען. די גאַנצע שטאָדט איז געווען פארזונקען אין א טיפען שלאָף. און איך בין מיט שנעלע טריט געגאַנגען צו דעם פלאַץ.

— אָ. מוטער, ווי אזוי האָסטו עס געקענט טהאָן אזא זאַך? וואָס וואָלט געווען, ווען אימיצער וואָלט דיר דערזעהן? — האָט יפתח איהר געפרעגט.

— איך האָב אַלעס איינגעשטעלט צוליעב דיר, מיין זוהן. איך האָב ניט געוואָלט, אז דער אומווירדיגער גריט זאָל אויף דיר א פלעק וואַרפען. און דערצו בין איך געווען זעהר פארזיכטיג. ווען איך בין צוגעקומען צו דעם פלאַץ, האָב איך איהם גלייך דערזעהן. ער איז צו מיר צוגעקומען און זיך א נייג געטהאָן. ער האָט זיך אָפּגערופען מיט א שמייכעל:

— יעצט זעה איך, אז דו האָסט געהאַלטען דיין וואָרט! — האָט ער זיך צו מיר אָפּגערופען.

— און איך האָף, אז אויך דו וועסט האַלטען דיין שבועה.

— געוויס וועל איך מיין שבועה האַלטען. איך וועל דיר קיין שלעכטעס ניט טהאָן... דו ווייסט דאָך, אז איך האָב דיך שטענדיג ליעב געהאַט, ווי אזוי וועל איך דיר קענען שלעכטעס טהאָן.

— אויב אזוי, גיב מיר שנעל דעם פארמעט, ווייל איך אייל זיך צוריק צו מיין הויז צו געהן!

— פאַרוואָס זאָלסטו זיך איילען, דו האָסט גענוג צייט — האָט גרים צו מיר געזאָגט. — עס וועט נאָך געדויערען לאַנג ביז וואַנען די מענשען פון שטאָדט וועלען זיך פון זייער שלאָף ערוואַכען. קום אהער, זעץ זיך אוועק אויף דעם גראָז נעבען מיר. איך האָב זעהר וויכטיגעם מיט דיר צו ריידען.

איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקען. מיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּען.

— דער גראָז איז דאָך פייכט פון דער טוי! — האָב איך זיך אָפּגערופען. — קענסטו מיר ניט זאָגען שטעהענדיג.

— גוט, איך וועל דיר זאָגען — איז ער צוגעגאַנגען עטוואָס נעהענטער.

איך האָב אויף איהם געקוקט מיט פאַרדעכטיגע בליקען. איך האָב איהם צוגעאיילט ער זאָל מיר זאָגען וואָס ער פאַרלאַנגט, ווייל איך קען דאָ לאַנג מיט איהם ניט פאַרבלייבען. אין א ווייލע ארום וועלען דאָך די פאַסטוכער ארויסקומען.

— דו ווייסט דאָך, אז איך בין געוואָרען א גענעראַל איבער אַן ארמעע, און דער קעניג פון עמון האָט צו מיר זעהר פיעל צוטרויען. אָבער יעצט בין איך אין גרויס פאַרלעגענהייט. איך האָב געקראָגען פון דעם קעניג פופציג שקלים צו צוטיילען צו די העלדישע סאָלדאַטען. אָבער איך האָב דאָס געלד פאַרלאָרען אין א געוועט. און יעצט מוז איך דאָס געלד קריגען! און דו מוזט מיר העלפען.

— ווי אזוי קען איך דיר העלפען!— האָב איך אויסגערופען מיט ערשטוינונג. — דו ווייסט דאָך, אז איך האָב קיין געלד ניט.

— דו מוזט מיר דאָס געלד צושטעלען! — האָט ער א דונער געטהאָן און זיין שטימע האָט אָפּגעהילכט אין דער שטילקייט פון וואַלד.

— עס איז אוממעגליך, איך האָב אפילו קיין האָפענונג ניט צו קריגען אזא גרויסע סומע — האָב איך זיך ביי איהם געבעטען.

— אויב דו וועסט עס צו מיר ניט צושטעלען, וועל איך מאָרגען צייגען דעם פאַרמעט צו דיין מאַן און איהם אַלעם ערקלערען.

— אבער דו פערלאַנגסט פון מיר אַן אונמעגליכקייט — האאב איך זיך ביי איהם גענומען בעטען.

— עס איז ניט אונמעגליך — האט ער געזאגט — איך ווייס אז גלעד האט דיר געגעבען א קאָסטבארען האלזבאנד וואס איז ווערטה אַן ערד פון פופציג שקלים.

— מיין האלזבאנד? אָ ניין! ניין! איך קען ניט.

— גלעד וועט דיר קיינמאָל וועגען דעם ניט פרעגען און טאָמער וועט ער דיר יע פרעגען, וועסטו שוין געפינען אַן אויסרייד. אויב דו ווילסט איך זאל דיר צוריקקעהרען דעם פאַרמעט, מוזטו מיר געבען דיין האלזבאנד! — האט ער געזאגט.

— אבער איך האב דעם האלזבאנד ניט ביי זיך! — האאב איך זיך ביי איהם געבעטען.

— וועסטו מיר איהם ברייגגען מאָרגען, אין דערזעלבער צייט אויף דעם זעלבען פלאַץ! — האט ער געזאגט.

— אבער דערווייל גיעב מיר דעם פאַרמעט — האאב איך זיך געוואלט בעוואָרענען.

— אויב דו טרויסט מיך ניט, טו ווי אזוי וועל איך דיר קענען טרויען? — האט גרים געזאגט — ווייסטו גאַר וואס, דו גיעב מיר דעם רינג, וועל איך זיין זיכער אַז דו וועסט זיך אומקעהרען מאָרגען!

— איך האב ארונטערגענומען מיין רינג און איהם דערלאַנגט, און ביי איהם געבעטען דעם פאַרמעט. אבער ווי גרויס איז מיין ערשטוינונג געוואָרען, ווען ער האט דעם רינג גענומען און ער האט מיר דעם פאַרמעט ניט געגעבען.

— דו האסט מיר אָפּגענאַרט! — האב איך אויסגעשריען—אויב דו ווילסט מיר ניט צוריקגעבען דעם פאַרמעט, פערלאַנג איך מיין רינג.

ער האט ווידער געשמייכעלט און געזאגט: דעם רינג וועל איך בלויז האל־

טען פאַר אַ משכון אַז דו װעסט מאָרגען קומען מיט דיין האַלזבאַנד, און אַזוי שנעל װי דו װעסט איהם ברייננען צו מיר, װעל איך דיר צוריקקעהרען ביידע זאַכען, אי דעם פאַרמעט און אי דעם רינג!

— אָה, דער אומװירדיגער עמוני! — האָט יפתח אויסגערופען — איך װעל זיך מיט איהם אָפּרעכענען פאַר דעם! איך װעל איהם ניט שענקען פאַר די ליידען װאָס ער האָט דיר פערשאַפט!

— מיין זוהן, מיט דיין צאָרן װעסטו בלויז ערגער מאַכען און מיר װעסטו גאָר ניט העלפען! — האָט רעומה געזאָגט — גרים האַלט מיר יעצט פעסט אין זיין האַנט, ער קען טאָהן אַלעם װאָס ער װיל מיט מיר, און איך בין געצװאונגען איהם צו פאָלגען.

— האָט ער דיר דען ניט צוריקגעקעהרט דעם פאַרמעט? — האָט יפתח געפרעגט.

— ניין! אויף דעם צװייטען טאָג בין איך אַנגעקומען מיט מיין האַלזבאַנד אויף דעם זעלבען פּלאַץ און אין דערזעלבער פּלאַץ, און גרים האָט אויך מיין האַלזבאַנד פון מיר גענומען, און מיר גאָר ניט צוריקגעקעהרט, ניט דעם פאַרמעט און ניט מיין רינג.

דאָס װעט מיר אַלץ צוניץ קומען! — האָט גרים צו מיר געזאָגט — אויב דו װעסט זיך ניט װעלען צוהערען צו מיר, װעל איך שוין װיסען װאָס צו דערצעהלען דיין מאַן, װען ער װעט מיר ניט גלויבען מיט איין סמן װעל איך איהם װייזען דעם צװייטען.

— איך האָב פאַר דיר קיין מורא ניט! — האָב איך אויסגעשריען — איך װעל גלעד'ן דערצעהלען דעם גאַנצען אמת, און דאַן װעט ער דיר פערטרייבען פון אונזער הויז.

— אַ פרוי װאָס גיט אָפּ איהר אַמאָליגען געליעבטען איהר רינג װאָס איהר מאַן האָט איהר געגעבען, װעט קיינמאָל ניט באַגלויבט װערען! — האָט גרים זיך פאַנאַנדערגעלאַכט — אויסער דעם װעסטו דאַרפען מאַכען זעהר פיעל ערקלעהרונגען צו דיין מאַן, פאַרװאָס דו האָסט איהם אַזוי פיעל ליגען געזאָגט. פאַרװאָס דו האָסט איהם געזאָגט אַז דעם פאַרמעט האָסטו פערברענט און פיעל נאָך זאַכען. דענקסטו אַז גלעד איז אַזאַ נאַר און ער װעט די גלויבען? גוט, אויב דו דענקסט אַזוי, קענסטו איהם אַלעם דערצעהלען און איך װעל איהם אַן אַנדער געשיכטע דערצעהלען, אַז אַפילו...

רעומה האָט אַ קוק געטאָהן אויף יפתח'ן און ניט פאַרענדיגט איהרע רייד.

— אַז אַפילו װאָס? — האָט יפתח געפרעגט.

— דו װייסט דאָך אַז יעצט קען ער אויף מיר אויסטראַכטען װאָס נאָר ער װעט װעלען... ער װעט איהם קענען דערצעהלען אַז ער איז געװען מיין ליבהאָבער די גאַנצע צייט, אַפילו נאָכדעם װי איך בין געװאָרען דיין פאַטער'ס פּלגש, און װעט אַריינברייננען װידער אַ צװייפעל אין דיין פאַטער'ס האַרץ װעגען דיר!

— איך װעל איהם טויטען װי אַ הונט! — האָט יפתח אויסגערופען מיט צאָרן — איך װעל ניט דערלאָזען ער זאָל דיך אַזוי בעהאַנדלען.

— ניין, מיין זוהן, דאָמיט װעסטו ערגער מאַכען. ערשטענס דאַרפסטו װיסען אַז גרים איז אַ גענעראַל אין עמון, און װען מען װעט איהם געפינען אַ טױדטען װעט מען גלייך פערשטעהן אַז דאָס שטאַמט פון דיר, װייל ער האָט אַנפערטרויט פיעלע פון זיינע פריינד װעגען דעם, און דער פאַרמעט, רינג און האַלזבאַנד װעלען זיין שפּורען װאָס װעלען פיהרען צו מיר, און אויסערדעם װייס עמרי אויך פון אַלעם. און ער װעט אויך אין דעם נישט שװייגען, װייל גרים און עמרי האָבען צװישען זיך געשלאָסען אַ בונד פון פריינדשאַפט.... ניין יפתח, אַן איבערגעאיילטער שריט פון דיין זייט, קען ברייננען אַ צרה אויף אַלע אידען פון מצפה. דו װייסט דאָך אַז מיר זיינען נאָך אַלץ ניט געגרייט

מלחמה צו האלטען מיט עמון. און ווען דו וועסט טאָהן שלעכטעס צו גרים'ן, וועל איך דאמיט גאָר ווינציג געהאָלפען ווערען און דו וועסט בלויז ברייגנען א צרה אויף זיך און פיליכט אומגליק אויף אלע אידען.

— אבער ווי אזוי וועל איך קענען צוזעהען ווי דער עמוני טוט צו דיר אזוי פיעל שלעכטעס?

— מיר וועלען דארפען האבען גע־דולד! פיליכט וועל איך מיט דער צייט קענען פון איהם ארויסקריגען דאס וואס ער האט ביי מיר ארויסגענארט. איין זאך ווייס איך, אז מיט בייזען וועל איך זיך א סך ערגער מאכען. פיעלע יאהרען זיינען פאריבער זינט יענער צייט, און ער האט נאָך די אלע זאכען אין זיין רשות, און ניט איינמאָל האט ער פון מיר פערלאנגט אונמעגליכע זאכען, אבער איך האב ביי איהם גע'פועל'ט ער זאל זיין פערלאנג אויפגעבען... אבער מיט עטליכע טעג צוריק, ווען גרים איז געקומען אויף א עזוד אין אונזער הויז, האט ער אויסגעמארקירט מיר צו זאגען אז איך מוז איהם בעגעגענען אויף דעם בעשטימטען פלאץ אויף מארגען. פון זיינע רייד האב איך פערשטאנען אז ער מיינט ערנסט און איך האב געזעהען אז איך וועל זיך ניט קענען ארויסדרע־הען. איך בין דאן צוגעקומען, און איך האב איהם דערזעהען, זיינע אויגען האָ־בען געברענט מיט פייער, און איך האב גלייך מורא געהאט אז ער וועט פון מיר פערלאנגען עפעס שרעקליכעס. איך בין געווען זעהר צושראקען, און דאס ערגסטע איז ווירקליך געקומען.

— וואס האט ער פון דיר פערלאנגט?

— האט יפתח געדריקט מיט זיין פויסט.

— ער האט זיך צו מיר אפגערופען:

— ווי איך ווייס איז גלעד דער הויפט פון מצפה, אלע פלענער און סודות פון דער ארמעע געפינט זיך אין זיין הויז. איך וואלט וועלען וויסען אויב ער און די איבעריגע עלטסטע פון דיין שטאָדט פלאנעווען א מלחמה מיט מיין קעניג, און בלויז דו קענסט מיר דאמיט ארויס־העלפען!

— וואס מיינסטו? — האב איך איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— דו פארשטעהסט ניט וואס איך מיין? — האט ער זיך צו מיר אפגע־רופען — איך וויל אז דו זאלסט ארויס־קריגען אלע געהיימע דאָקומענטען וואס געפינען זיך אין דיין הויז און זיי מיר ברייגנען!

— דאס וועל איך קיין מאָל ניט טאָהן! — האב איך אויסגערופען מיט פעראכטונג, אפילו אויב איך זאל דאר־פען מיין לעבען פערלירען, וועל איך ניט פערראטען מיין פאָלק!

— גוט האָסטו געטאָהן מוטער! — האט יפתח אויסגערופען — עס וואלט געווען א סך בעסער אז אלעם זאל ארויס־קומען אויף דער עפענטליכקייט, איידער צו פערראטהען אונזער פאָלק.

— ער האט מיר געגעבען דרייסיג טעג צייט, און אויב איך וועל זיין פער־לאנג ניט ערפילען, וועט ער טאָהן דאס פאר וואס איך האב אזוי מורא. יעצט בין איך אין גרויס פערלעגנהייט, מיין זוהן, מיין הארץ שרעקט מיך. איך האב מורא אז אן אומגליק וועט קומען... איך ווייס ניט וואס, אבער דיזען מאָל בין איך איבערצייגט אז ער איז ערנסט און ער וועט זיך פאר קיין זאך ניט אפשטע־לען. עמרי העלפט איהם אויך אין דעם ארויס... ער האט אזוי פיעל זאכען פון מיר, און ער וועט קענען אלעמען גאנץ גרינג איבערצייגען אז איך פלעג זיך מיט איהם גאנץ אָפט בעגעגנען. ווייסטו דען ניט וואס עס מיינט פאר מיר? מיין נאָמען וועט נאָך מעהר פארשוועכט ווערען... איך וועל ביי אלעמען פער־האסט ווערען, און מען וועט אויף מיר גלויבען די שענדליכסטע זאכען... איין גאָט אבער ווייס אז איך האב זיך אויס־געהיט פון זינד! איך האב געטאָהן אלעס וואס מעגליך צו זיין ריין צו מיין מאַן. אבער ווער וועט מיר דען וועלען גלויבען? גרים'ס רייד און זיינע בע־ווייזע וועלען האבען מעהר געוויכט ווי

מיינע, און יעצט, מיין זוהן, דו האסט ליעב נעמה'ן און ווען מיין אויפפיהרונג מיט גרים'ען וועט בעקאנט ווערען, וועט ער זיך דאס ווענדען אויף דיר אומ־קוקען.

— אבער מוטער, דו ביזט דאך אומ־שולדיג!

— דו וועסט אבער זיין דער איינ־ציגער וועלכער וועט מיר גלויבען... דו ווייסט דאך ווי אזוי איך בין ביי פיעלע פון שטאדט פעראכטעט פאר מיין פער־גאנגענהייט, און ווען דאס וועט בעקאנט ווערען, וועט קיינער ניט וועלען האבען קיין מגע און משא מיט מיר, און אויך מיט דיר וועט קיינער ניט וועלען קו־מען אין בעריהרונג... און נעמה, ווען זי וועט זיך דערוויסען וועגען וואס מען רעדט אויף דיין מוטער, וועט זי זיך אויך דערווייטערען פון דיר.

— אָה, מוטער, נעמה האט מיך ליעב, און ווען איך וועל איהר דערצעה־לען אלע איינצעלהייטען, ווי אזוי דו ביזט דורך דיזען רשע אריינגעפּלאָנ־טערט געווארען אין דעם, וועט זי מיר גלויבען!

— אפילו ווען זי וועט דיר יע גלוי־בען, וועלען דען איהרע עלטערען אויך גלויבען? ניין, גלעד אליין וועט מעהר מיר שוין ניט גלויבען. ער וועט מיר ווידער פון זיין הויז פערטרייבען, און דיזען מאָל וועט נאך ערגער זיין. ער וועט פון דיר אוועקנעהמען דיין רעכט צו דער ירושה, ווייל ער האט דאך אנ־דערע זיהן מיט מרה'ן. יע, איך פיהל אז דו וועסט נאך מעהר דערפון ליידען ווי איך.... יעצט זאָג מיר מיין זוהן, וואס זאל איך טאָהן, אָה, הלואי וואלט איך בעסער געשטאָרבען. ווי עס ווייזט אויס, בין איך געבאָרען געווארען אין אן אומגליקליכער רגע; וואס איך טהו זיינען די פאָלגען שלעכטע. וואוהין איך זאל זיך ניט ווענדען און קעהרען, בלאָנדזשע איך אזוי אז עס איז שווער פאר מיר זיך צוריקקעהרען... אָה, גאָט, פאר וואס זאלסטו מיר אזוי שטראָפען.

רעומה האט איינגעגראָבען איהר קאָפּ אין יפתח'ס בוזים און ביטער גע־וויינט.

יפתח האט איהר ארומגענומען, גע־קושט און געהאלזט. ער האט געזוכט זי צו טרייסטען און בערוהיגען.

— ווייסטו וואָס מוטער, איך האָב א גוטען פּלאַן! — האט יפתח זיך פּלוצ־לונג אפּגערופען — דו וועסט טאָהן גרים'ס פערלאנג!

— וואס מיינסטו! — האט זי אויס־גערופען — איז ביי דיר רעכט איך זאל פערראטהען מיין פאָלק?

— דו וועסט עס ניט דארפען טאָהן!

— האט יפתח געענטפערט — בערוהיג זיך און הער זיך צו וואס איך וועל דיר זאגען.

רעומה האט זיך צוגערוקט עטוואס נעהנטער און יפתח האט זיך אפּגערו־פען:

— גרים ווייס אז די דאקומענטען זיינען געשריבען ביי מיין פאטער'ס האנט, און ער וועט זיכער זיין האנט־שריפט דערקענען, דורך די פיעלע גע־שעפטען וואס ער האט מיט איהם גע־פיהרט. ער ווייס אויך אז די אלע גע־היימע דאקומענטען געפינען זיך אין אונזער הויז. ער ווייס אבער ניט וואס אין די דאקומענטען זיינען געשריבען. דעריבער איז מיין עצה אז איך וועל נאָכמאכען מיין פאטער'ס האנדשריפט און איך וועל דארטען אריינשרייבען אז מיר גרייטען זיך אריבערצוגעהן דעם ירדן און מלחמה האלטען מיט דעם שבט אפרים, צוליעב אן אלטען סכסוך.

— איך ווייס ניט אויב גרים וועט וועלען גלויבען אז דאס זיינען די איינ־ציגע פּלענער—האט רעומה געזאגט.

— איהם איז גאנץ גוט בעוואוסט, אז מיר זיינען ניט איבעריגס פריינדליך מיט דעם שבט אפרים, און ווען ער וועט איבערלייענען די דאָקומענטען, וועט ער זיכער גלויבען, אז מיר קלייַ־בען זיך מלחמה צו האלטען מיט אונ־זערע ברידער, וועלכע געפינען זיך אויף דער צווייטער זייט ירדן. און דאס וועט איהם זיכער בערוהיגען. בערוהיג זיך

מוטער, איך בין זיכער, אז דאס וועט איהם צופריעדענשטעלען.

נאָכמאָכענדיג זיין פאַטער'ס האַנט־שריפט, האט יפתח אָנגעשריבען אויף א פּאַרמעט פאָלגענדעס:

"לויט מיינע אויספאָרשונגען, געפינט זיך אונזער שונא, ניט אין דרום מזרח פון אונזער לאַנד, נור אין מערב זייט, און דאס איז דער שבט אפרים. אונזערע אייגענע ברידער זיינען אונזערע שונאים. זיי קוקען אויף אונז מיט פעראַכטונג, און זיי נעהמען זיך שטארק איבער מיט דעם וואס פון זייער שבט האט געשטאמט דער העלד יהושע און די גרויסע פאָלקס העלדין, דבורה, די נביאה. עס איז אויך פעסטגעשטעלט געוואָרען אז דער שבט אפרים, גרייט זיך צו א מלחמה מיט אונז. און דעריבער דארפען מיר שטענדיג זיין געגרייט און ווען איינער פון אפרים קומט אהער, דארף מען איהם בעהאנדלען ווי א שפּיאָן".

אויף א צווייטען פּאַרמעט האט יפתח אָנגעשריבען:

"מיר האבען ניט צו ערוואַרטען קיין הילף פון די שבטים פון דער צווייטער זייט ירדן, און דעריבער וועט פאַר אונז זיין בעסער צו לעבען בשלום מיט עמון און די אנדערע פעלקער, אונזערע שכנים. אונזערע אייגענע ברידער זיינען אונז מקנא וואס אונזער לאַנד איז א בעסערע און מעהר פרוכטבאַר".

יפתח האט זיי איבערגעגעבען זיין מוטער און זיך אָפּגערופען:

—דו בעהאלט זיי ביז דעם טאָג וואס דו דארפסט זעהן גרים'ן. און דאן זאָלסטו זיי איהם בלויז צייגען און זאגען אז דו מוזט זיי האבען צוריק. און ווי געוועהנליך וועט ער זיי צונעהמען פאַר זיך, דאס וועט נאָך ברענגען א טובה פאַר אונזער לאַנד, ער וועט מיינען, אז מיר ריכטען זיך ניט אויף א מלחמה מיט עמון און אז מיר ווילען לעבען מיט זיי בשלום.

## פערטער קאַפּיטעל

רעומה האָט צו דעם באַשטימטען טאָג זיך געטראָפען מיט גרים'ן גאַנץ פריה אויף דעם זעלבען פּלאַץ. זי איז געקומען גאַנץ בלאַס און באַזאָרגט.

— נו, — האָט גרים איהר געפרעגט, — האָסטו געבראַכט די דאָקומענטען?

— יע! — האָט זי געענטפערט אין דער שטיל אַרומקוקענדיג זיך פון אַלע זייטען. זי האָט איהם דערלאַנגט די צוויי פּאַרמעטען.

גרים האָט זיי איבערגעקוקט און א ברייטער צופרידענער שמייכעל האָט זיך באַוויזען אויף זיין פּנים.

— גיב זיי מיר צוריק! — האָט רעומה זיך אָפּגערופען. — איך וועל זיי צוריקלייגען אויף דעם זעלבען פּלאַץ וואו איך האָב זיי געפונען, און גלעד וועט קיינמאָל ניט וויסען, אז זיי זיינען געריהרט געוואָרען פון פּלאַץ.

— אה, ניין! — האָט גרים געענטפערט. — זיי וועלען מיר שטארק צוניץ קומען. איך קען זיך מיט זיי ניט שיידען.

— אָבער וואָס וועל איך טאָן, אז גלעד וועט זיך כאַפּען, אז זיי פעהלען? — האָט רעומה געמאַכט א באַזאָרגטען פּנים.

— ביזטו דען די איינציגע אין גלעד'ס הויז? אויב דו וועסט וויסען ווי אזוי צו האַלטען דעם סוד, וועט גלעד קיינמאָל דיר ניט חושד זיין.

— אָבער!...

גרים האָט געוואָרפען א שטרענגען בליק אויף איהר און רעומה האָט מעהר ניט גערעדט. ער איז געוועזן צופרידען, וואָס רעומה האָט איהם געבראַכט די דאָקומענטען. איצט וועט זיין קעניג איינזעהען ווי קלוג ער איז... און מעגליך אז זיין שטרעבונג צו ווערען דער העכסטער פון אַלע גענעראַלען וועט פאַרווירקליכט ווערען... יע, האָט ער זיך געטראַכט, עס וועט ניט לאַנג נעהמען און רעומה וועט אין גאַנצען זיין אונטער זיין איינפלוס. ער וועט קענען

טאָן מיט איהר וואָס ער פארלאנגט. ער האָט געהערט, אז איהר זוהן, יפתח, איז זעהר העלדיש, און ער האָט גענומען טראכטען ווי אזוי ער וועט קענען אריינקריגען יפתח'ן. אזא העלדישער יונג א נעפאהר פאר זיין לאנד.

— איך האָב געהערט, אז דיין זוהן, יפתח, איז זעהר בראוו און העלדיש, — האָט זיך גרים אָפּגערופען צו רעומה'ן.

— דו ווייסט דאָך ווי פריינדליך איך בין צו דיר און צו גלעד'ן, און איך קען עפּעס פאר איהם טאָן. איך וועל איהם פאָרשטעלען פאר דעם קעניג, מעגליך ער וועט איהם מאכען פאר אן אָפיצער אין דער ארמיי.

— איך דאנק דיר, גרים! — האָט רעומה איהם געענטפערט, — אָבער מיין זוהן קען אויסנוצען זיין העלדישקייט אויך אין אונזער ארמיי.

גרים האָט זיך פאנאנדערגעלאכט:

— אייער ארמיי, וואָס פאר אן ארמייען האָט איהר?! און אויסער דעם, וואָס פאר א ווערדע קען האָבען אן ארמיי אין ישראל, אז איהר האָט אפילו ניט קיין קעניג!

— פונדעסטוועגען האָבען די ארמייען וואָס דבורה האָט געפיהרט געגען סיסרא'ן געהאט זעהר א גרויסע ווערדע. זיי האָבען פארניכטעט אלע ארמייען, וועלכע האָבען געהאט א קעניג און אזא שטארקען גענעראל ווי סיסרא.

— דאָך וואָלט איך וועלען דו זאָלסט איהם צו מיר אמאָל ארויסשיקען. איך וויל זיך מיט איהם דורכריידען וועגען פארשידענע זאכען.

— דאָס וועל איך קיינמאָל ניט טהאָן!

— האָט רעומה אויסגערופען מיט אויפרעגונג — דו וועסט קיינמאָל ניט קומען אין בעריהרונג מיט מיין זוהן... ניין! בלויז איבער מיין טויטען קערפּער, וועסטו צוקומען צו מיין העלדישען זוהן.

— אָבער דו זאָגסט דאָך אליין אז ער איז העלדיש, טו וואָס האָסטו וואָס מורא צו האָבען... איך וועל איהם קיין בייזעס ניט טהאָן!

— איך האָב אבער מורא אז ער זאָל דיר קיין בייזעס ניט טהאָן! — האָט רעומה געזאָגט.

— אויב אזוי האָסטו דאָך מיך ווירקליך נאָך ליעב!

— יאָ, איך וואָלט דיר ליעב געהאט ווען דו וואָלסט מיר צוריקגעקעהרט דעם פארמעט, מיין רינג און האלזבאנד, דו קענסט האלטען די דאָקומענטען!

— און פארוואָס האָסטו ניט מורא אז איך וועל ציינען גלעד'ן די דאָקומענטען וואָס דו האָסט ארויסגע'גנב'עט און מיר געגעבען?

— ווען איך וועל האָבען די איבעריגע זאכען, וועל איך מעהר ניט דארפען מורא האָבען אז דו וועסט ווייזען גלעד'ן די דאָקומענטען, איך וועל קענען אָפּלייקענען, און זאָגען אז דאָס האָסטו אליין זיי גע'גנב'עט, ווייל דו האָסט צוטריט אין אונזער הויז, א זאך וואָס איך וועל ניט קענען זאָגען וועגען פארמעט און וועגען רינג פון מיין האנד...

— און טאקע דערפאר וועסטו זיי פון מיר אזוי שנעל ניט קריגען, — האָט גרים געלאכט — איך וועל אזא נאר ניט זיין און פערלירען אזא געלעגענהייט אויף וואָס איך האָב אזוי פיעל יאָהרען געוואַרט. יעצט ביזטו אין מיינע הענד און דו וועסט דארפען טהאָן אלעס וואָס איך וועל פון דיר פערלאנגען...

— וואָס נאָך קענסטו פון מיר ערווארטען! — האָט רעומה זיך אָפּגערופען — האָב איך דען ניט ערפילט אלע דיינע פערלאנגען, דו האָסט אלעס ארויסגעקראָגען איך בין אפילו געוואָרען א פעררעטעריןן צו מיין פאָלק ווען איך האָב פאר דיר ארויסגע'גנב'עט אזעלכע געהיימע דאָקומענטען.

— אָבער דו פערגעסט רעומה, אז דו ביזט נאָך זעהר שעהן און צוציהענד... און מיין וואונש דיך צו בעזיצען, איז נאָך ניט ערפילט געוואָרען. רעומה האָט זיך גענומען ערווייטערען פון איהם. גרים האָט איהר אָנגעכאפּט פאר'ן האנד.

— וואָס אנטלויפסטו פון מיר? דו ווייסט דאָך אז דאָס וועט דיר ניט העלפען! — האָט ער איהר געזאָגט — דו

געהערסט אין גאנצען צו מיר, איך וועל קיינמאָל דיך ניט אויפגעבען.

— אָ לאָז מיך אָפּ! — האָט רעומה זיך גענומען ראנגלען. דו ווייסט דאָך אז באלד וועלען אָנקומען די פאסטוכער, איך וועל שרייען.

— ניין, דו וועסט עס ניט טהאָן! — האָט גרים ציניש א שמייכעל געטהאָן — וואָס פאר אן אויסרייד וועסטו קענען אָנגעבען, ווען מען וועט דיך פרעגען ווי קומסטו אהער אזוי פריה?

— אָבער איך בעט דיך לאָז מיך יעצט אָפּ... איך וועל זיך מיט דיר א צווייטען מאָל זעהן.

— זאָגסט מיר צו אז דו וועסט דעם צווייטען מאָהל טהאָן אלע מיינע פערלאנגען! — האָט גרים זי נאָך אלץ ניט אָפּגעלאָזען.

— דו ווייסט דאָך אז איך בין אין דיין רשות, — האָט זי זיך ביי איהם גענומען בעטען — לאָז מיך יעצט אָפּ...

— פון וואנען ווייס איך אז דו וועסט קומען נאָך אמאָל צו מיר?

— בין איך דען ניט געקומען יעדען מאָל וואָס דו האָסט עס פון מיר פערלאנגט — האָט רעומה געענטפערט — איך פערזיכער דיר, גרים, אז ווען איך וואָלט געווען זיכער אז מיין זוהן וועט דערפון ניט ליידען, וואָלט איך פאר דיר גאָר קיין מורא ניט געהאט, איך וואָלט דיר געלאָזט געהן צו גלעד׳ן און איהם איבערגעגעבען אלע סימנים, און ווען ער וואָלט מיינע ערקלערונגען ניט אָנגענומען, וואָלט מיר ניט געארט, וואָס ער וואָלט מיט מיר געטהאָן... יאָ, די איינציגע אורזאכע וואָס איך גיב דיר נאָך, איז, ווייל איך וויל ניט אז דורך דיינע שענדליכע טהאטען, זאָל מיין זוהן ווערען צושאנד און צו שפּאָט אין די אויגען פון אלע איינוואוינער פון שטאָדט... ער ליידעט נאָך יעצט צוליעב מיין פערגאנגענהייט, און יעצט אז דו ווייסט די אורזאכע דארפסטו דאָך געוויס קיין מורא ניט האָבען אז איך וועל צו דיר ניט קומען אין דער צייט ווען דו וועסט עס פון מיר פערלאנגען, איך בין אין דיינע הענד און איך וועל דארפען טהאָן אלעס וואָס דו פערלאנגסט פון מיר.

— אָט יעצט רעדסטו ביים וועג! — האָט גרים זי אָפּגעלאָזען — יעצט בין איך זיכער אז דו וועסט צו מיר קומען. אויב דו וועסט מיר פאָלגען און מיר נאָכזעהן, וועל איך פאר דיר אויך זעהר פיעל אויפטהאָן... איך וועל דיר אוועקנעמען פון גלעד׳ן און דיר ברייננגען נאָך רבה, דו וועסט ווערען מיין פרוי, און איז דען ניט פאר דיר בעסער צו זיין די פרוי פון אזא געהויבענעם גענעראל ווי די פלגש פון גלעד׳ן.

— געווים! — האָט רעומה א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ — איך האָב אלע מאָל געוואוסט אז דו ביזט א געהויבענער מאן, איך וועל טהאָן דיין פערלאנג.

— און דו דארפסט אויך ניט מורא האָבען אז דו וועסט זיין אָפּגעשיידט פון דיין זוהן, ער וועט אויך קענען מיטגעהן מיט דיר, ער איז דאָך בראוו, איך וועל איהם מאכען פאר א הויפּט אין מיינע ארמעען, און ער וועט מעהר ניט זיין צו שאנד און צו שפּאָט, קיינער פון עמון וועט פון איהם ניט לאכען, ווי דאָס טוען זיינע ברידער פון מצפּה.

— יאָ, יאָ, דו ביזט גערעכט, גרים.

— האָט זיך רעומה געמאכט ווי זי שטימט צו מיט אלעס וואָס ער זאָגט, און יעצט וועל איך געהן.

— גוט, דו קענסט יעצט געהן, — האָט גרים געזאָגט איך וועל זיך פערזאמען א שטיקעל צייט און נאָכהער וועל איך קומען בעזוכען גלעד׳ס הויז און דאָרטען וועל איך מיט דיר אָפּריידען ווען זיך מיט מיר צו טרעפען.

רעומה האָט מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט צוריק אין שטאָדט.

גרים האָט נאָך אמאָל בעטראכט די דאָקומענטען און איז צוריקגעגאנגען נאָך רבה. א פרעהליכער און צופרידענער איז גרים געווען ווען ער איז אָנגעקומען אין דער הויפּטשטאָדט, ער האָט בעשלאָסען גלייך אוועקצוגעהן צום קעניג און איהם ציינען די דאָקומענטען,

זאָל ער זעהן אז ער איז ניט אזוי ווי די איבעריגע גענעראלען, ער וועט ברייגנען א סך מעהר נוצען ווי אלע צוזאמען.

— מיין האר קעניג! — האָט ער אויסגערופען נאָכדעם ווי ער האָט זיך פאר איהם פערנייגט — איך האָב זעהר וויכטיגעס דיר צו מעלדען.

דער קעניג האָט ארויסגעשיקט די אלע וועלכע זיינען געווען נעבען זיין טראָהן און ער האָט זיך געווענדעט צו גרים:

— יעצט זאָג מיר וואָס דו האָסט אויפגעטהאָן אין דער לעצטער צייט.

— איך האָב אויסגעפונען זעהר פיעל סודות פון דעם לאַגער פון אונזער שונא ישראל... ביז יעצט האָבען מיר געמיינט אז אין פאל מיר זאָלען ארויסגעהן אויף א מלחמה מיט די איינוואָהנער פון גלעד וועלען די שבטים פון דער צווייטער זייט ירדן קומען זייערע ברידער צו הילף, יעצט אָבער האָב איך ארויסגעקראָגען דאָקומענטען פון דעם הויפט פון מצפה, וואָס ווייזען אז דער שבט אפרים איז זייער גרעסטער שונא. און ניט נאָר וועט דער שבט אפרים ניט קומען צוהילף די איינוואוינער פון גלעד, נאָר אין פאל אויב מיר וועלען מיט זיי מלחמה האלטען, וועלען זיי האלטען מיט אונז.

— דאָס איז אומגלויבליך! — האָט דער קעניג אויסגערופען.

— זאָל דער קעניג אליין זעהן! — האָט גרים אויסגערופען און איבערגעגעבען דעם קעניג די דאָקומענטען.

דער קעניג האָט זיי איבערגעלייענט און אויסגערופען מיט פרייד.

— דאָס איז זעהר וויכטיג, יעצט זעה איך אז איך דארף גאָר ניט מורא האָבען אָנצופאנגען א מלחמה מיט זיי, אויב זיי וועלען ענטזאגען מיין פאָדערונג אומצוקעהרען די לענדער וואָס זייערע עלטערען האָבען אוועקגענומען פון אונזערע עלטערען:

— עס איז מיר קיין צווייפעל ניט, מיין האר קעניג אז מיר וועלען קריגען די לענדער אָהן קיינע שוועריגקייטען — האָט גרים געזאָגט — די איינציגע זאך וואָס איך האָב מורא איז די צוויי און א האלב שבטים ווען זיי זאָלען זיין גוט פעראייניגט צווישען זיך, וועלען זיי ארויסצייגען א שטארקען ווידערשטאנד, דעריבער דארפען מיר זיך דערוויל ניט צו איילען, מיר וועלען מוזען אָנהאלטען אונזערע פריעדליכע בעציהונגען מיט ישראל, ביז וואנען מיר וועט געלינגען צוצוברעכען זייער פעראייניגונג.

— ווי אזוי וועסטו קענען בעווייזען אזא זאך? — האָט דער קעניג געפרעגט גרים'ן.

— איך האָב א פריינד פון ישראל איז ער אן אָנפיהרער פון רויבער, זיין נאָמען איז עמרי, ער וועט מיר דערצו העלפען, עס וועט איהם זעהר לייכט אָנקומען אויפצורייצען איין שבט געגען צווייטען, אזוי אז זיי זאָלען אין צייט פון א מלחמה ניט קומען צו הילף זייערע ברידער, מיין האר קעניג קען זיך אויף מיר פערלאָזען, איך האָב אלעס פאָראויס אויסגערעכענט, און אזוי האָב איך אויך דיעזע וויכטיגע דאָקומענטען אריינגעקראָגען.

— יעצט האָף איך אז דער חלום פון מיין מלוכה וועט פערווירקליכט ווערען, — האָט דער קעניג געזאָגט — דאָס לאנד פון ארנון ביז יבק און ביז דעם ירדן וועט נאָך ווידער אמאָל זיין אונטער מיין הערשאפט. און יעצט גרים, זעה איך אז דו דיענסט מיר מיט געטרייהייט און קלוגשאפט, איך וועל דיר פון היינט אָן מאכען פאר דעם הויפט גענעראל פון אלע ארמעען. מיין צווייטער הויפט גענעראל, האָט דורך דער צייט זעהר ווייניג אויפגעטהאָן, און איך וועל איהם ארונטערזעצען פון זיין אמט.

גרים'ס פנים האָט גענומען אויפלייכטען פון גליק.

— איך שווער ביי דיין קרוין, מיין גנעדיגער קעניג, אז איך וועל פערניכטען אלע אידען וועלכע געפינען זיך אין דעם לאנד פון ארנון ביז יבק — האָט ער אויסגערופען — איך וועל זעהן אָפּצושוואכען אונזער שונא, אז ער וועט שוין קיין כח ניט האָבען ארויסצוצייגען א ווידערשטאנד צו מיינע ארמעען.

— און וואָס דענקסטו צו טהאָן מיט די דאָקומענטען? — האָט איהם דער קעניג געפרעגט. גלויבסטו דען ניט אַז דו האָסט געדאַרפט זיך זעהן מיט די פֿאָרשטעהער פון אפרים און זיי צייגען, זאָל זייער שנאה צו די איינוואָהנער פון גלעד באלד איינגעפלאנצט ווערען.

— ניין, מיין האר קעניג, איך גלויב אַז דערוויל דאַרף עס פערבלייבען א סוד, און ווי נאָר מיר וועלען זיין צוגערייט צו א מלחמה, דאַן וועל איך שיקען רופען די פֿאָרשטעהער פון אפרים און זיי איבערגעבען די דאָקומענטען. אויב דאָס וועט באלד געטהאָן ווערען, וועלען זיי האָבען צייט זיך איבערצובעטען און שליסען שלום צווישען זיך.

— איך זעה גרים, אַז דו ביזט זעהר אויסגערעכענט און איך גלויב אַז דו ביזט גערעכט, איך לאָז דאָס אַלץ איבער אין דיינע הענד, דו וועסט ווערען דער הויפּט פון אַלע ארמעען, און די גענעראלען צו וועלכע דו ביזט פריהער געווען פעראנטוואָרטליך, וועלען פון יעצט אָן דאַרפען זיין אונטערטעניג צו דיר.

— איך דאנק דיר, מיין האר קעניג פאר דעם גרויסען כבוד, — האָט גרים זיך פערנייגט — איך וועל פריהער זעהן ארויסצוקריגען נאָך געלד פון גלעד'ן און עס אריינגעבען אין די אוצרות פון דער מלוכה, איך וועל מיט זיין פלגש קענען טהאָן וואָס איך וויל... זי וועט מוזען אויספאָלגען אלעס וואָס איך וויל פון איהר פערלאנגען, און איך האָב בעשלאָסען אַז איידער מיר פאנגען אָן די מלחמה מיט די אידען, וועט גלעד, דער רייכסטער מאן פון מצפה, מוזען פערארימט ווערען און זיין געלד וועט אריינגעבראכט ווערען אין דיינע אוצרות.

— ווי אזוי וועסטו עס קענען אויספיהרען? — האָט דער קעניג איהם געפרעגט.

— טאקע דורך זיין אייגענער פלגש. איך וועל פון איהר פערלאנגען זי זאָל מיר ברייגנען די שליסלען פון זיינע שראנקען, און איך וועל שוין זיי אויסליידיגען.

— און וואָס וועסטו טהאָן ווען זי וועט וועלען אויסזאָגען גלעד'ן פון אלעס.

— דעריבער האָב איך טאקע מיט גען נאָך רבה, זי גלויבט אז איך האָב איהר אָפּגעמאכט, אז איך וועל זי ברענגען צו ליעב און וועט טהאָן אלעס וואָס איך פערלאנג פון איהר. אָבער אין פאל, ווען איך וועל זיך דערוויסען אז זי וויל מיך פערראטען צו גלעד'ן, וועל איך שוין זעהן אז זי זאָל שוין דאָס מעהר קיינמאָל ניט קענען טהאָן.

דער קעניג פון עמון האָט א שמייכעל געטהאָן:

— איך פֿארשטעה וואָס דו מיינסט — האָט ער געזאָגט. — אזא סוף זאָלען האָבען אלע אידען וואָס פאר א סוף דיין געליעבטע רעומה וועט האָבען...

— קיין זאך וועט מיר ניט זיין צו שווער צו טהאָן פאר מיין קעניג! — האָט גרים געזאָגט און האָט פערלאָזען דעם פאלאץ א צופרידענער.

---

א קורצע צייט איז פֿאָראיבער און גרים, אָנגעטהאָן אין איינפאכע קליידער, האָט אָפּגעשטאטעט א באזוך אין גלעד'ס הויז. גלעד'ס פריינדשאפט צו איהם איז נאָך אַלץ געווען שטארק. ער האָט איהם געהאלטען פאר א גוטען פריינד און דעריבער האָט ער איהם אויפגענומען גאנץ ווארעם יעדעם מאָל וואָס ער פלעגט קומען.

גרים האָט אויסגעמארקירט בעת קיינער איז דערביי ניט געווען און ער האָט איבערגעגעבען רעומה'ן, אז זי מוז איהם קומען זעהן אויף דעם געוועהנליכען פלאץ אין עטליכע טעג ארום.

— עס איז זעהר וויכטיג, — האָט ער געזאָגט, — און דו מוזט קומען מיר זעהן. אויב דו וועסט אין דער באשטימטער צייט ניט קומען, וועסטו נאכהער חרטה האָבען.

רעומה האָט איהם ניט געענטפערט, זי איז שנעל ארויס פון צימער. איהר הארץ איז איהר געווען אָנגעביטערט. זי זעהט ניט קיין אויסוועג... וואָס וויי־

טער ווערט זי מעהר אריינגעפּלאָנטערט. זי ווייס, אז זי באַגעהט אן אומרעכט געגען זיך און געגען גלעד'ן מיט דעם וואָס זי געהט זיך מיט איהם זעהן, אָבער זי קען זיך ניט העלפען. זי מוז געהן צו פאַרמיידען, אז ער זאָל ניט ארויסלאָזען א בלבול אויף איהר, עס זאָל ניט שאַ־דען פאַר איהר זוהן. זי האָט אָבער גע־וואוסט, אז לאַנג וועט עס ניט קענען אָנהאַלטען. איינמאָל פאַר אַלעמאָל וועט זי דאַרפען מאַכען א סוף דערצו. זי איז געוואָרען אומעטיגער און טרויעריגער פון טאָג צו טאָג.

יפתח האָט עס באַמערקט און ער האָט גענומען צו איהר צושטעהן זי זאָל איהם דערצעהלען וואָס איהר דריקט אויפ'ן הארצען.

— מוטער, איך בעט דיר, פאַרלייקען ניט פון מיר; עס איז געוויס דער רשע גרים.

— יע, — האָט זי געענטפערט מיט טרעהרען אין די אויגען. — דאָס איז ער, אָבער איך זעה ניט קיין אויסוועג.

— מוטער, זאָג מיר, וואו וועט ער זיין? איך וועל איהם טויטען! איך וועל ניט דערלאָזען ער זאָל דיר אזוי פיל שלעכטעס טהאָן!

— ניין, מיין זוהן, דו דאַרפסט אין גאַנצען ניט זיין פאַרמישט אין דעם. פאַרגעס ניט, אז ער איז געוואָרען דער הויפּט־גענעראַל פון עמון'ס אַרמעען. דער חשד וועט גלייך פאַלען אויף דיר, און עס וועט לאַנג ניט געהמען און מען וועט אויסגעפינען, אז אין זיין רשות געפינען זיך מיין רינג, האַלזבאַנד און דער פאַרמעט. און דאָס וועט נאָך דעם חשד פאַרגרעסערען. אויסער דעם וועס־טו דורכדעם אריינפיהרען דיינע ברי־דער אין א מלחמה מיט עמון, אין דער צייט ווען זיי זיינען דערצו ניט גרייט.

— אָבער מיין האַרץ שרעקט מיך פאַר דיר! — האָט יפתח געזאָגט. — איך זעה ווי שטאַרק דו ליידסט פון דעם.

— איך וועל שוין געפינען אן אויס־וועג! — האָט רעומה איהם געענט־פערט.

— מוטער, איך פאַרדעכטיג, אז מרה און איהרע זיהן שטויסען זיך אָן, אז עפּעס קומט דאָ פאַר צווישען דיר און גרים'ען, ווייל איך האָב דאָ ניט לאַנג צוריק געהערט ווי מרה האָט זיך גע־סוד'עט מיט אלדד'ן און זי האָט דער־מאָנט דיין נאָמען אין צוזאַמענהאַנג מיט גרים, דעם עמוני.

— איך וועל מוזען מאַכען א סוף צו דעם! — האָט רעומה אויסגערופען.— איינמאָל פאַר אַלע מאָל... איך קען דאָס שוין מעהר ניט אריבערטראָגען.

— וואָס וועסטו טהאָן! — האָט יפתח איהר געפרעגט.

— איך ווייס נאָך ניט, אָבער איך וועל זיך מיט איהם אין גיכען טרעפען און איך וועל מאַכען א סוף צו אַלעם. איך קען דאָס שוין מעהר ניט דולדען.

— מוטער, ווען דו וועסט געהן צו איהם, זאָג מיר, וועל איך אויך צוקומען.

— אָה, ניין. דו זאָלסט זיך ניט וואָ־גען אריינצומישען, מיין זוהן! דו דאַרפסט טראַכטען פון דיין צוקונפט. דו ליעבסט נעמה'ן און זי ליעבט דיך. דיין נאָמען דאַרף געהאַלטען ווערען ריין. דו זאָלסט דיין גליק עררייכען אומגעשטערט. איך וועל שוין אַליין גע־פינען אן אויסוועג. איך וועל נאָך זעהן נקמה אָן איהם!

---

ווען רעומה האָט גרים'ען ווידער אַמאָל באַגעגענט, איז ער צו איהר גאַנץ פריינדליך געוועזען.

— דו ווייסט, רעומה, איך האָב מיט דעם קעניג גערעדט וועגען דיר, און ער האָט מיר פאַרשפּראָכען, אז אזוי שנעל ווי דו וועסט פאַרלאָזען גלעד'ן און געהן מיט מיר, וועט ער דיר אויפנעהמען אין זיין פּאַלאַץ.

— אָבער פון וואַנען ווייס איך, אז דו האָסט מיך באמת ליעב? — האָט רעומה געמאַכט אן אָנשטעל. — דער־ווייל, אַלעס וואָס דו האָסט געטהאָן צו

מיר, צייגט מיר אז דו האָסט מיך פיינט. דו האָסט מיין לעבען פארביטערט. איך בין אין טויט־שרעק יעדען מאָל, טאָמער וועט גלעד מיך א פרעג טהאָן וואו איז מיין רינג? אָדער מיין האלזבאנד?... אויב דו האָסט מיךווירקליך ליעב, האָסטו מיר באדארפט אומקעהרען דיזע זאכען.

— ווען איך וועל דיר ערקלעהרען, מיין ליעבע רעומה, וועסטו איינזעהן, אז איך בין גערעכט. זאָג אליין, וואָלט איך דען געקענט פון דיר ווען־עס־איז ערוואַרטען, דו זאָלסט פארלאָזען גלעד'ן און געהן צו מיר? איך קען דיך, איך ווייס אז דו ביזט זעהר געטריי צו גלעד'ן, האָב איך געמוזט געפינען אַן אנדער וועג. יעצט אז איך האָב דיך אין מיין האנד, בין איך זיכער אז דו וועסט פארבלייבען מיינע. און יעצט, איידער איך נעהם דיך אין גאנצען אוועק פון גלעד'ן, פארלאנג איך פון דיר א טובה.

— אָ, נאָך א "טובה"! — האָט רעומה קוים איינגעהאלטען איהר צאָרן.

— דאָס אָבער וועט זיין דאָס לעצטע מאָל! — האָט גרים זיך אָפגערופען.— איך וויל אז דו זאָלסט ארויסקריגען די שליסלען צו גלעד'ס אוצרות און זיי מיר איבערגעבען. ווייל ווען דו וועסט מיט מיר אוועקגעהן נאָך עמון, וויל איך זיין רייך, כדי איך זאָל פאר דיר קענען בויען א פרעכטיגען פאלאץ. און דו וועסט צוזאמען מיט מיר גליקליך זיין.

— און וואָס וועט זיין, אז איך וועל דיר דיזע געפעליגקייט ניט טהאָן! — האָט זיך רעומה באמיהט צו האלטען געלאסען.

— אָ ניין, דו וועסט מיר מיין לעצטע ביטע ניט ענטזאגען! — האָט גרים א שמייכעל געטהאָן. — צוליעב אזא קליינינקייט וועסטו ניט וועלען אלעס קאליע מאכען.

— געוויס ניט! געוויס ניט! — האָט רעומה אויסגערופען מיט א געצוואונגענעם שמייכעל. — דו מיינסט דאָך עס פאר מיין טובה... איך פערשטעה... גוט, ווען זאָל איך דאָס טהאָן פאר דיר.

— איך וואָלט עס וועלען האָבען וואָס שנעלער, דו וועסט מיר זאָגען וואו זיינע שראנקען געפינען זיך און אין וועלכער צייט איך וועל קענען אהין צוקומען אז מען זאָל מיך ניט באמערקען. און דאַן, ווען גלעד'ס רייכטום וועט זיין אין מיין רשות, וועל איך דיר אוועקנעהמען מיט מיר נאָך רבה.

— אין דריי טעג ארום! — האָט רעומה געזאָגט. — אָבער דו מוזט דאָ זיין פריהער ווי אלע מאָל. איך וועל אויפשטעהן זעהר פריה, אין דער צייט ווען אפילו די פאסטוכער שלאָפען. דאַן וועל איך דיר די שליסלען ברייגנען און אויך געבען אלע אויסקינפטע ווי אזוי ארויסצוקריגען גלעד'ס רייכטום!

— אָט יעצט רעדסטו ווי א פארנינפטיגע פרוי! — האָט גרים מיט פרייד אויסגערופען. איך ווייס אז מיר וועלען ביידע זיין גליקליך. איך וועל מיין פרוי אין גאנצען פאריאָגען פון מיין הויז, דו וועסט פארנעהמען איהר פלאץ און וועסט ווערען די פרוי פון דעם הויפט־גענעראל גרים!

— דאָס וועט מיך ווירקליך גליקליך מאכען! — האָט רעומה געזאָגט און דאָס בלוט האָט איהר אין פנים א זעץ געטהאָן. — אזוי וועל איך טהאָן.

— און יעצט וועל איך דיר א קוש טהאָן, מיין ליעבע רעומה, — האָט גרים זי געוואָלט ארומנעהמען.

רעומה האָט זיך ארויסגעדרעהט פון זיינע הענד און האָט געזאָגט מיט א שמייכעל:

— וואַרט צו! בלויז דריי טעג וועלען פאָראיבער און דאַן וועל איך געהערען צו דיר אויף אייביג. יעצט אָבער ווען דו וועסט עס טהאָן, וועסטו מעגליך קאליע מאכען. אויב אימיצער פון די פאסטוכער זאָל עס פון ווייטען דערזעהן און דערצעהלען גלעד'ן, גלויבסטו, וועל איך שוין דאַן האָבען א געלעגענהייט ארויסצוקריגען די שליסלען... ניין, מיר מוזען זיין פאָרזיכטיג און האָבען גערולד.

— דו ביזט גערעכט, רעומה! — האָט גרים געזאָגט. — איך וועל האָבען געדולד צו וואַרטען ביז דאַן. און דו זעה צוקומען זעהר, זעהר פריה מיט די שליסלען. מעגליך, אַז איך וועל נאָך קענען באַווייזען אויסצולויידיגען זיינע אוצרות דעם זעלבען פריה־מאָרגען, ווען אַלע וועלען נאָך שלאָפען.

— איך וועל שוין מיט די שליסלען זיין אין צייט — האָט רעומה געזאָגט און איז שנעל געגאַנגען צוריק אהיים.

ווען זי איז אָנגעקומען נעבען הויז, זיינען נאָך אַלע געווען פאַרזונקען אין א טיעפען שלאָף. רעומה'ס כעס האָט אין איהר געברענט... זי וועט מאַכען א סוף צו דעם... איינמאָל פאַר אַלעמאָל. זי האָט גענומען טראַכטען וועגען פאַרשידענע פּלענער. דערווייל האָט זי זיך גענומען באַשעפטיגען מיט די הויזווירטשאַפט, כדי אַרונטערצוואַרפען פון זיך יעדען חשד אַז זי איז נאַר־וואָס געווען הינטער דער שטאָדט. זי איז געווען זיכער אַז קיינער האָט איהר ניט באַמערקט...

---

די דריי טעג האָט רעומה ניט געקענט רוהען. איהרע געדאַנקען זיינען געווען פאַרנומען מיט איהרע נקמה־פּלענער. יפתח האָט באַמערקט זיין מוטער'ס אומרוהיגקייט און איז צו איהר צוגעשטאַנען זי זאָל איהם דערצעהלען.

— יעצט פאַרלאַנגט אַט דער רשע די שליסלען פון דיין פאָטער'ס אוצרות. — האָט רעומה אויסגעבראָכען אין א געוויין. — אָבער איך וועל איהם געבען די שליסלען צו דעם גיהנום.

— מוטער, איך בעט דיר, דו זאָלסט מעהר ניט וואָגען אַליין צו געהן צו איהם. איך וועל מיט דיר מיטגעהן.

— מיין זוהן! דו ביזט נאָך יונג, דיין צוקונפט דאַרף ניט געשעדיגט ווערען. איך וועל שוין אַליין זעהן דורכצופיהרען מיינע פּלענער.

— ניין, מוטער. איך וועל דיר ניט לאָזען געהן צו איהם אַליין! — האָט יפתח אויסגערופען. — זאָג מיר ווען דו ווילסט געהן. איך וועל מיט דיר מיטגעהן, איך וועל שטעהן פון ווייטען, און אין פאַל דו וועסט זיך נויטיגען אין מיין הילף, וועל איך זיין ניט ווייט פון דיר.

רעומה האָט געזעהן, אַז יפתח וועט זי אַליין ניט לאָזען געהן, דעריבער האָט זי באַשלאָסען איהם ניט צו זאָגען וועלכען טאָג זי וועט זיך באַגעגענען מיט גרים'ען. יפתח אָבער האָט זי שוין אָפּגעהיט יעדען פריה־מאָרגען. ווען ער האָט דערזעהן, אַז זיין מוטער איז אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה, פלעג ער זיך אויך שנעל אָנטהאָן צו זעהן וואָס זי טהוט.

רעומה האָט די נאַכט פאַר יענעם פריה־מאָרגען ניט געקענט שלאָפען. ביז שפּעט אין דער נאַכט איז זי געזעסען מיט איהר זוהן יפתח'ן און מיט איהם גערעדט. זי האָט איהם דערצעהלט פיעלע זאַכען פון איהר לעבען. יפתח האָט פאַרלאַנגט פון איהר זי זאָל איהם לאָזען מיטגעהן מיט איהר, ווען זי וועט געהן צו גרים'ען. רעומה אָבער חאָט איהם דערפון אָפּגעשלאָגען.

איידער יפתח איז געגאַנגען שלאָפען האָט ער בעשלאָסען אויפצושטעהן פריה יעדען פריה־מאָרגען און זעהן נאָכשפּירען זיין מוטער, און ווען זי וועט געהן צו גרים'ען, וועט ער איהר נאָכגעהן אומבאַמערקטערהייד און זיך באַהאַלטען ערגעץ־וואו, כדי איהר צו באַשיצען פון גרים'ען. מיט דיזען געדאַנק איז ער אַנטשלאָפען געוואָרען.

נאָך א גאַנצער נאַכט זיין וואַך און טראַכטען, האָט רעומה באַשלאָסען אַז זי וועט מאַכען א סוף צו אַלעם. זי האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן און איז פאַרזיכטיג אַריין אין צווייטען צימער. פון דאָרטען האָט זי אַרויסגענומען א שאַרפען מעסער. זי איז שטילערהייד צוגעגאַנגען צו יפתח'ס צימער און זיך איינגעהערט, און ווען זי האָט זיך איבערצייגט, אַז ער שלאָפט, האָט זי גלייך פאַרלאָזען דאָס הויז. זי האָט זיך איינ־

געהילט אין אויבער־בגד, אונטער וועל־כען זי האט געהאלטען דעם שארפען מעסער אנגעגרייט.

מיט א קלאפּעדיגער הארץ איז זי גע־גאנגען אין יענער ריכטונג, וואו זי האט זיך באדארפט באגעגענען מיט גרים'ען. עס האט נאר־וואס אנגעפאנגען צו טאָ־גען. די איינוואוינער פון שטאָדט זיי־נען נאך געשלאָפען. אפילו די פאסטו־כער, קנעכט און דינסטען זיינען נאך געלעגען אויף זייערע געלעגערס און נאך ניט גע'חלום'ט פון אויפשטעהן.

---

גרים איז שוין געשטאנען אויף דעם באשטימטען פּלאץ און געוואַרט מיט גרויס אומגעדולד אויף רעומה'ס אנקו־מען. ער איז אהער געקומען מיט זיין בעסטען פערד. ער האט געהאָפט אז עס וועט איהם מעגליך געלינגען ארויס־צוקריגען גלעד'ס גאלד דעם זעלבען פריה־מארגען. וועט ער קענען וואס שנעלער אוועקרייטען מיט זיין פערד נאך רבה. פון רעומה'ן וועט ער שוין ווי עס איז פטור ווערען, האט ער גע־טראכט...

פון וויטען האט ער באמערקט ווי אימיצער דערנעהענטערט זיך. ער האט זיך גוט צוגעקוקט און ער האט דער־קענט רעומה'ן.

א פרייד האט זיך צוגאסען דורך זיין קערפער. באלד וועט ער צייגען דעם קעניג, אז ער האט פארדינט ביי איהם דערהויבען צו ווערען. ער וועט ביי איהם ניט נאר זיין דער העכסטער פון זיינע גענעראלען. ער וועט נאך איהם מאכען אויך פאר זיין מיניסטער און הויפּט־ראטגעבער.

— פרידען צו דיר, רעומה! — איז גרים איהר אנטקעגען געקומען. — יעצט זעה איך, אז איך קען זיך אויף דיר פאר־לאזען.

— ניט אזוי הויך! — האט זיך רעומה אפגערופען. — מעגליך אז אי־מיצער וועט אונז נאך דערהערען.

— אזוי פריה איז נאך קיינער ניט אויפגעשטאנען — איז גרים אומגעדול־דיג געווארען. — שנעלער גיב מיר די שליסלען. און זאג מיר ווי אזוי איך וועל קענען צוקומען צו די שראנקען. מעגליך, אז איך וועל נאך באוויזען עס צו טהאן יעצט, איך האב דא מיין פערד, און מיר וואלטען ביידע גלייך געקענט אוועקרייטען נאך עמון. און קיינער וועט אפילו ניט וויסען וואוהין דו ביזט אהינ־געקומען.

— דו ווייסט דאך, גרים, איך וועל זיך ניט קענען אפשיידען פון מיין זוהן.

— וועגען דעם האסטו געוויס ניט וואס צו זארגען. גלעד וועט דאך מיר געוויס ניט חושד זיין, אז איך האב אין דעם א האנד, און איך וועל קענען בא־זוכען זיין הויז ווי פריהער. איך וועל זיך נאך כלומר'שט אונטערנעהמען דיך אויפצוזוכען, און דערווייל וועל איך אנ־פארטרויען דיין זוהן וואו דו ביזט און ער וועט געוויס איינשטימען צו פאר־לאזען זיין פאטער'ס הויז און קומען נאך רבה... גיב זיי מיר שנעלער!

— אבער פון וואנען ווייס איך, אז דו האסט מיך ווירקליך ליעב? — האט רעומה איהם דורכגעדרונגען מיט איה־רע בליקען. — מעגליך, אז דו ווילסט מיך בלויז אויסנוצען און נאכהער וועס־טו מיך אוועקווארפען!

— דו זאלסט אזוי טראכטען וועגען מיר! — האט גרים איהר פארגעוואר־פען. — ווייסטו דען ניט, אז איך האב דיך ליעב געהאט נאך איידער גלעד האט דיך צוגענומען פאר זיין קעבס־ווייב...

— איך בין קיינמאל ניט זיכער גע־ווען מיט דיין ליעבע צו מיר — האט רעומה געזאגט. — דו האסט מיר ניט איבעריגס גוט באהאנדעלט. איך האב ערווארטעט, אז דו וועסט מיר אומקעה־רען מיין האלזבאנד און מיין רינג. און ווער ווייס וואס דו האסט מיט זיי גע־טהאן. עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז דו האסט זיי פארקויפט.

— אט וועל איך דיר באלד צייגען, אז דו מאכסט א טעות! — האט גרים אויסגערופען. — איך האב מיט זיך גע־

נומען דעם רינג און האַלזבאַנד, און דאָס וועט טאָקע זיין מיין ערשטע מתנה צו דיר, אַזוי שנעל ווי איך וועל אַרויסקריגען גלעד׳ס גאָלד.

— און פאַרוואָס ווילסטו מיר זיי גלייך ניט געבען? — האָט רעומה איהם געפרעגט.

— פריהער וויל איך דו זאָלסט מיר געבען די שליסלען און מיר זאָגען ווי אַזוי איך וועל דאָרטען קענען צוקומען. ערשט דאַן וועסטו געהערען צו מיר אויף אייביג און איך וועל דיר די ציערונג אומקעהרען...

—ניין, פריהער גיב מיר די ציערונג— האָט רעומה אַ זאָג געטהאָן—ערשט דאַן וועל איך וויסען, אַז דו האָסט צוטרויען צו מיר און דו האָסט מיך ליעב.

— מאַך זיך ניט צום נאַרען! — האָט גרים אויסגערופען — לאָמיר ניט פאַרלירען צופיעל צייט, איך וויל נאָך היינט פאַרטיג ווערען מיט אַלעם. גיב מיר די שליסלען, און זאָג מיר וואו דאָס איז. דו וועסט זיך ניט דאַרפען אומקעהרען מיט מיר, דו וועסט קענען בלייבען דאָ נעבען מיין פערד, און איך וועל אַליין דורכפיהרען מיין אַרבייט, און דערנאָך זיך אומקעהרען צו דיר, און מיר וועלען ביידע שנעל פאַרשוואונדען ווערען. מיר וועלען אָנקומען אין רבה און אַ נייער לעבען וועט זיך אָנפאַנגען פאַר אונז ביידען...

— צייג מיר, אויב דו האָסט ווירקליך מיין רינג און האַלזבאַנד מיט זיך!— האָט רעומה זיך אָפּגערופען — איך האָב מורא, אַז דו האָסט מיין האַלזבאַנד שוין לאַנג פאַרקויפט. און דו זאָגסט מיר אַ ליגען, אַז דו האָסט איהם מיט זיך.

גרים האָט אַריינגעשטעקט זיין האַנט אין זיין בוזים און פון דאָרטען אַרויסגענומען רעומה׳ס האַלזבאַנד און רינג, און האָט זיי געצייגט צו רעומה׳ן.

— יעצט זעה איך, אַז דו ביזט אַן עהרליכער מאַן! — האָט רעומה געזאָגט — אָבער איך וויל זעהן אויב דו האָסט צוטרויען צו מיר. גיב זיי מיר פריהער, און איך וועל דיר איבערגעבען די שליסלען.

א וויילע האָט גרים געצעגערט און נאָכהער האָט ער זיך אָפּגערופען:

—איך האָב צו דיר צוטרויען! אָבער אַזוי שנעל ווי דו געהסט מיט מיר, וועט דאָך במילא די ציערונג באַלאַנגען צו דיר, טו פאַרוואָס ביזטו אַזוי אומגעדולדיג!

— ניין, איך וויל זיי יעצט האָבען אין מיין רשות, איך וויל דאָס האַלטען אין מיינע הענט.

— גוט, נעהם זיי! — האָט גרים איהר דערלאַנגט — אָבער גיב מיר וואָס שנעלער די שליסלען.

רעומה האָט שנעל אַ נעהם געטהאָן איהר רינג און האַלזבאַנד, וואָס גרים האָט ביי איהר געהאַט אַרויסגענאַרט, און האָט זיי שטייף געהאַלטען אין איהר לינקער האַנט.

— נו, פאַר וואָס גיסטו מיר ניט די שליסלען! — איז גרים אומגעדולדיג געוואָרען.

רעומה האָט לאַנגזאַם אַריינגעשטעקט איהר רעכטע האַנט אונטער איהר אויבער בגד, מיט וואָס זי איז געווען איינגעהילט, און אַרויסגענומען פון דאָרטען אַ שאַרפען מעסער — האָט זי מיט ברענענדען צאָרן אויסגערופען:

— דו נידעריגע באַשעפעניש, דו רשע, איך האָב פון דיר גענוג געליטען! דו האָסט די גאַנצע צייט געזוכט צו ברענגען אַן אומגליק אויף מיר... און יעצט איז מיין עצה, דו זאָלסט פון דאַנען וואָס שנעלער אַנטלויפען. און אויב דו וועסט וואַגען צוריקצוקומען נאָך אַמאָל אין מיין הויז, וועסטו שוין פון דאָרטען קיין לעבעדיגער ניט אַרויסקומען. מיין זוהן, יפתח, ווייס פון אַלעם וואָס דו האָסט צו מיר געטהאָן, ער האָט דאָ אַליין געוואָלט צוקומען, אָבער איך האָב איהם ניט דערלאָזען, איך האָב ניט געוואָלט, ער זאָל באַשמוצען זיינע הענט מיט דיינע אומריינע בלוט... יעצט איז מיין עצה, דו זאָלסט זיך פון דאַנען וואָס שנעלער אָפּטראָגען,

אויב דו ווילסט ניט האָבען דיין הארץ דורכגעלעכערט מיט דעם דאָזיגען שארפען מעסער.

— דו וועסט דאָך קיין אומשולדיג בלוט ניט פארגיסען! — האָט גרים מיט א שמייכעל געזאָגט — אָבער איך מוז צוגעבען, אז מיט דיין מוטה און דרייסטקייט האָסטו ביי מיר נאָך מעהר אויסגענומען. דו האָסט אָבער פארגעסען, אז ביי מיר אין דער היים געפינען זיך נאָך די דאָקומענטען וואָס דו האָסט ארויסגע׳גנב׳עט פון דיין מאַן׳ס רשות; און ווען דו וואָלסט מיר געטויט, מיינסטו אז מען וואָלט זיך מיט זיי ניט באנוצט? אלע ווייסען אז דו האָסט מיר די געהיימע דאָקומענטען איבערגעגעבען. און איך וועל שוין ניט דארפען קומען אליין צו צייגען די דאָזיגע דאָקומענטען. אלע פון דיין שטאָדט וועלען זיך דערוויסען ווער עס האָט זיי פארראטען... דאַן וועסטו געוויס חרטה האָבען.

— איך האָב פאר דיר קיין מורא ניט! איך וועל גלייך ארויסלאָזען א קלאנג, אז דו ביזט געווען אויף א באזוך אין גלעד׳ס הויז און דו האָסט פון דאָרטען אלעם ארויסגע׳גנב׳עט. מיין זוהן וויים שוין פון אלעם, און ער וועט אלע מיינע רייד באשטעטיגען. דאריבער איז מיין עצה צו דיר, אנטלויף וואָס שנעלער פון דאנען.

גרים האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. זיינע אויגען זיינען מיט בלוט פארלאָפען געוואָרען. ער האָט געקוקט אויף דעם שארפען מעסער, וואָס רעומה האָט געהאלטען פונקט קעגען זיין הארץ. ער האָט געוואָרפען זיינע בליקען אויף רעומה׳ס צווייטער האנט, וואו זי האָט שטייף געהאלטען דעם רינג און האלזבאנד.

— זי זאָל איהם אזוי ארייננארען! — האָט ער זיך געטראכט, ווי וועט ער יעצט קענען זיך אומקעהרען צום קעניג. ער וועט זיך דאָך געוויס פון אלעם דערוויסען... וואָס וועט ער אויף איהם זאָגען, אז א פרוי האָט איהם אפּגענארט. ער וועט נאָך מעגליך איהם ארונטערזעצען פון זיין אמט...

— רעומה, איך גלויב נאָך אלץ, אז דו טרייבסט שפּאַס מיט מיר! — האָט גרים געזאָגט.

— איך טרייב ניט קיין שפּאַס! איך האַס דיר און איך האָב דיר שטענדיג געהאסט, אָבער דו, מיט דיין פאלשקייט און כיטרעקייט האָסט געמיינט, אז דו האָסט מיך אין דיינע הענט... יעצט זאָג איך דיר, אז עס וועט זיין בעסער פאר דיר ווען דו זעצט זיך אויף דיין פערד און אנטלויפסט צוריק נאָך עמון. און אויב דו וועסט מיין עצה ניט אָננעהמען, וועט דיין פערד אָנקומען אהין אָהן דיר!

— אימיצער קומט אָן! — האָט גרים א געשריי געטהאָן. רעומה האָט א דרעה געטהאָן איהר קאָפּ צו זעהן און גרים האָט זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט און ער האָט א נעהם געטהאָן איהר האנט, וואו זי האָט געהאלטען דעם מעסער. ער האָט גענומען ארויסרייסען דעם מעסער פון איהר האנט.

רעומה האָט זיך מיט איהם געראנגעלט, אָבער ענדליך האָט גרים ארויסגעריסען דעם מעסער פון איהרע הענט.

— יעצט גיב מיר שנעלער אָפּ דעם רינג און האלזבאנד! — האָט גרים אויסגעשריען, און אָנגעשטעלט דעם מעסער קעגען איהר הארצען.

— דאָס וועסטו ביי מיר קיינמאָל ניט קריגען! — האָט רעומה נאָך שטייפער געמאכט איהר האנט, וואו זי האָט געהאלטען איהר צירונג.

— אויב דו וועסט מיר ניט אָפּגעבען מיט גוטען, וועסטו ערגער מאכען!

פּלוצלונג איז גרים׳ן איינגעפאלען א געדאנק, אז עס וועט זיין בעסער פאר איהם, ווען ער וועט זי צווינגען ארויפצוזעצען זיך אויף זיין פערד און צוזאמען מיט איהם אוועקרייטען נאָך רבה. זאָל זי זיין א געפאנגענע ביי איהם.

— דו קאָנסט האָבען דיינע צירונג! — האָט גרים א זאָג געטהאָן צו רעומה׳ן;

—אָבער דו וועסט מיט מיר מיטגעהן נאָך עמון.

— איך וועל זיך אומקעהרען צו גלעד'ן און צו מיין זוהן!—האָט רעומה מיט ביטערקייט געזאָגט.

— ניין, דו וועסט געהן מיט מיר!—האָט גרים איהר א נעהם געטהאָן. שנעלער, מיר טאָרען קיין צייט ניט פארלירען.

— איך וועל ניט געהן מיט דיר! — האָט רעומה אויסגערופען, און זיך ארויסרייסענדיג פון זיין האנט, האָט זי גענומען לויפען. גרים האָט זי אָנגעיאָגט, האָט זי פעסט א נעהם געטהאָן און גענומען שלעפען. רעומה האָט זיך געראנגעלט און גענומען שרייען...

פון גאנץ ווייט האָט גרים באמערקט אימיצען אָנקומענדיג. ער האָט שנעל גענומען רייסען פון איהר האנט די צירונג. רעומה האָט צוגעדריקט איהר פויסט שטייפער און איהם ניט געגעבען.

— אויב דו גיסט מיר שנעלער ניט אָפּ, וועל איך דיר טויטען! — האָט גרים א געשריי געטהאָן.

— ניין, דו וועסט עס ניט קריגען!

— האָט רעומה גענומען שרייען.

גרים האָט באמערקט, ווי דער פערזאָן וועמען ער האָט דערזעהן פון ווייטען, האָט גענומען האסטיג לויפען אין זיין ריכטונג. האָט ער גלייך ארייגעשטאָכען דעם מעסער אין רעומה'ס הארצען און ארויסציהענדיג דעם מעסער, האָט ער זיך געלאָזט צום פערד, ארויפגעזעצט און מיט גרויס אימפעט אוועקגעריטען.

— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

יפתח האָט זיך אויפגעכאַפּט יענעם פריהמאָרגען אויך גאנץ פריה. ער האָט ארויפגעכאַפּט אויף זיך זיינע קליידער און צוגעקומען צו זיין מוטער'ס צימער. ער האָט זיך איינגעהאָרכט, עס איז געווען שטיל. ער האָט פאָרזיכטיג אויפגעעפענט די טהיר און ער האָט דערזעהן אז זיין מוטער איז ניטאָ אין איהר בעט. זיין הארץ האָט איהם גענומען שרעקען... ער איז שנעל ארוים אין דרויסען, זיך ארומגעקוקט, און ווען ער האָט זיין מוטער ניט באמערקט, האָט ער פארשטאנען, אז זי איז אוועק צו גרים'ן...

איהם האָט שטארק באנג געטהאָן, וואָס ער האָט עטוואָס פארשלאָפען. ער האָט געוואָלט אויפשטעהן פאר איהר און אונבאמערקטערהייד איהר נאָכפאָלגען... יעצט ווייסט ער אפילו ניט, וואוהין זי איז אוועק. ער האָט געהאט א באגריף, אז זי האָט זיך פארנומען אויף דעם וועג לינקס, און האָט דאריבער זיך מיט שנעלע טריט געלאָזט געהן אהין. ארום איז געווען שטיל. ער האָט קיין לעבעדיגע באשעפעניש ניט באמערקט. ער איז ארויף אויף א שטיין, וואָס איז געלעגען אין מיטען וועג און האָט זיך גענומען ארומקוקען פון אלע זייטען. פלוצלונג האָט פון ערגיץ וואו אָפּגעהילכט א שטימע... יפתח האָט אָנגעשטעלט זיינע אויערען. ער האָט דערהערט א געשריי. ער האָט שנעל גענומען לויפען אין דער ריכטונג פון וואנען דער געשריי איז געקומען. וואָס נעהענטער ער איז צוגעקומען, אלץ דייטליכער האָט זיך צו איהם דערטראָגען זיין מוטער'ס שטימע... זי בעט הילף!

יפתח האָט מיט גרויס אימפעט גענומען לויפען. פון ווייטען האָט ער דערזעהן צוויי פיגורען ראנגלען זיך. זיין הארץ האָט גענומען קלאפּען... ער זאָל נאָר ניט זיין צו שפּעט... ער האָט פון זיך ארונטערגעוואָרפען זיין אויבער בגד, כדי עס זאָל איהם זיין גרינגער צו לויפען... די געשרייען האָבען זיך איינגעשטילט... וואָס קען דאָס זיין? פון ווייטען האָט ער באמערקט ווי אימיצער האָט זיך ארויפגעזעצט אויף א פערד, און מיט גרויס אימפעט גאלאָפּירט פון בארג.

יפתח איז צוגעלאָפען צו יענעם פלאץ, ער האָט זיך גענומען ארומקוקען... ער

האָט קיינעם ניט באַמערקט... ער האָט ניט געקענט פאַרשטעהן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען... באַלד אָבער זיינען זיינע בליקען געפאַלען אויף עפּעס וואָס איז געלעגען ביי דער זייט פון וועג. ער איז שנעל אהין צוגעלאָפען, און ווי גרויס איז זיין שרעק געווען, ווען ער האָט דערזעהן זיין מוטער ליגענדיג א טויטע...

א ווילע איז ער געבליבען שטעהן ווי געלעהמט... באַלד אָבער האָט ער זיך ארונטערגעלאָזען אויף דעם באָדען, איז ארויפגעפאַלען אויף זיין מוטער און האָט אָנגעהויבען וויינען:

— אָ, מיין ליעבע מוטער! הלואי וואָלט איך בעסער געשטאָרבען אנשטאט דיר.

ער איז א קליינע ווילע געווען איבערגעבויגען איבער זיין מוטער און געוויינט. באַלד האָט ער באַמערקט ווי איהר פויסט איז צוזאַמענגעדריקט... ער האָט אויפגעעפענט איהר פויסט און דערזעהן איחר האַלזבאַנד און איהר רינג. יעצט איז שוין ביי איהם קיין צווייפעל ניט געווען, אז גרים האָט ערמאָרדעט זיין מוטער... ער האָט זיך שנעל א הויב געטהאָן און מיט גרויס אימפּעט זיך געלאָזט לויפען צו דעם שפּיץ בארג פון וואַנען ער האָט געזעהן אימיצען שנעל ארונטערלייטענדיג... ער האָט זיך געוואָלט לאָזען לויפען אין יענער ריכטונג, אָבער ער האָט זיך באַלד ארומגעזעהן, אז עס איז נוצלאָז יעצט צו לויפען זוכען דעם מערדער. ער האָט דאָך געריטען אויף א פערד און ער וועט איהם קיינמאָל ניט דעריאָגען.

— וואָס זאָל ער יעצט טהאָן? — האָט יפתח א טראַכט געטהאָן, צוריקקעהרענדיג זיך צו זיין טויטער מוטער... ווי אזוי זאָל ער האַנדלען. זאָל ער לויפען אָנזאָגען זיין פאָטער, דאַן וועט איהר נאָמען זיכער באַשמוצט ווערען. מען וועט איהם נעהמען אויספרעגען ווי אזוי זיין מוטער איז געקומען אהער אזוי פריה. און פון וואַנען האָט ער געוואוסט, אז זיין מוטער איז אוועק אהין... ביסלאַכווייז וועט מען אויסגעפינען, אז זיין מוטער האָט געהאט צו טהאָן מיט גרים'ן דעם עמוני, און דאַן וועט שוין ניט שווער זיין אויף איהר אָנצורייעדען... ניין! ער וועט ניט דערלאָזען, אז זיין מוטער'ס נאָמען זאָל אזוי באַשמוצט ווערען... קיינער טאָר ניט אויסגעפינען, אז ער איז דאָ געווען... ער וועט זיך גלייך אומקעהרען אהיים און זיך צוריקלייגען אין בעט... זאָל אימיצער אַנדערש ענטדעקען איהר קערפּער און זאָל איהר טויט בלייבען א געהיימניס... איהר נאָמען וועט אם ווייניגסטען בלייבען ריין... ער האָט אָפּגעווישט די טרעהרען פון זיין פּנים און אויפגעזוכט זיין אויבער בגד, וואָס ער האָט פון זיך ארונטערגעוואָרפען אין מיטען וועג, און איז שנעל צוריקגעגאַנגען אהיים. אַלע האָבען נאָך געשלאָפען. קיינער האָט ניט באַמערקט ווי ער האָט זיך צוריקגעקעהרט. ער איז שטיל אריין אין זיין צימער און זיך געלייגט אין בעט און זיך געמאַכט שלאָפענדיג.

ניט לאַנג איז ער אזוי געלעגען. באַלד האָט ער געהערט א קלאַפּ אין פענסטער פון הויז. א געשפּרעך פון זיין פאָטער און א פּאַסטוך האָט זיך דערטראָגען צו זיינע אויערען... ער האָט זיך ארויסגעבויגען פון דעם פענסטער פון זיין צימער און ער דערהערט פאָלגענדען געשפּרעך:

— וואָס האָט פּאַסירט? — האָט זיין פאָטער אויסגערופען — פאַרוואָס האָסטו מיין שלאָף געשטערט?

— א מאָרד! מיין האר, א מאָרד!

— א מאָרד? וואו איז דאָס געשעהן און ווער איז עס ערמאָרדעט?

— איך האָב נאָר וואָס די שאָף אין פעלד געטריבען — הערט יפתח ווי דער פּאַסטוך זאָגט מיט א ציטערענדיגער שטימע — און אויף דעם שטעג וואָס פיהרט צו דעם פעלד, האָב איך פון ווייטען באַמערקט אימיצען ליגענדיג... איך בין צוגעקומען נאָהענט און דערזעהן א פרוי... זי איז געלעגען באַוואוסטלאָז...

איך האָב גלייך דערזעהן, אז זי איז געטויטעט געוואָרען און ווען איך האָב איהר גוט באטראכט, האָב איך זי דערקענט אלס מיין האר'ס פּלגש...

יפתח'ן האָט גענומען טרייסלען הענט און פּיס. עס האָט איהם געוואָרפען אין קעלט און היץ... איהם האָט זיך געגלוסט ארויסצולויפען אין דרויסען און אויסשרייען, אז גרים דער עמוני האָט זיין מוטער ערמאָרדעט, אָבער ער האָט זיך באהערשט... ער האָט באשלאָסען, אז ער וועט מוזען מיט אלע זיינע מעגליכקייטען פארבאָרגען פאר אלעמען, אז ער וויים עפּעס וועגען מאָרד, נאָך אלעמען וועט מען יעצט גאָרניט קענען טהאָן צו גרים'ן. ער איז דאָך דער הויפּט גענעראל פון עמון'ס ארמעען, און זיינען דען די אידען געגרייט צו א מלחמה מיט איהם... יע, דער מערדער וועט אליין איינס ניט קענען באשטראָפט ווערען, און דערווייל וועלען זיך אין שטאָדט פארשפּרייטען פארשידענע קלאנגען וועגען זיין מוטער. קיינער וועט ניט וועלען גלויבען, ווען ער וועט זיי דערצעהלען ווי אזוי גרים האָט מיט פארשידענע דראָהונגען ארויסגעקראָגען דעם פארמעט, דעם רינג און דעם האלזבאנד... וועגען די פאלשע דאָקומענטען, וואו ער האָט נאָכגעמאכט זיין פאָטער'ס האנדשריפט, ארט איהם ניט. נאָך אלעמען וועלען דאָך אלע וויסען אז זיי זיינען פאלש און קיינער וועט קיין אכט ניט לייגען אויף זיי... דערווייל אָבער וועט קיינער ניט וויסען ווי אזוי זי איז געקומען דאָרטען און ווער עס האָט זי ערמאָרדעט.

יפתח האָט ארויסגענומען זיין מוטער'ס האלזבאנד און רינג, וואָס ער האָט ארייגעלייגט אין זיין קעשענע, און מיט גרויס פּאָרזיכטיגקייט איז ער אריין אין זיין מוטער'ס צימער און ער האָט זיי דאָרט ערגעץ אוועקגעלייגט. ער האָט געוואוסט, אז מרה האָט ניט לאנג צוריק באמערקט, אז זי טראָגט ניט דעם רינג, און זי האָט איהר טאקע געפרעגט, אָבער זיין מוטער האָט זיך ארויסגעדרעהט פון אַן ענטפער. יעצט וועט זי געווים זוכען צו דערצעהלען אלעמען, אז זי האָט ניט געזעהן איהר רינג און איהר האלזבאנד, און ווען מען וועט זוכען, וועט מען עס גלייך געפינען, און דער פארדאכט וועט גלייך ארונטערגענומען ווערען, אז זי האָט אימיצען זיי אוועקגעגעבען...

ווען עס איז געוואָרען דער טומעל נאָך דעם ווי גלעד האָט מיט דעם שאלען פון זיין שופר אויפגעוועקט אלע איינוואוינער פון שטאָדט, איז יפתח מיט זיינע ברידער מיט זייער מוטער, מרה אוועק צו דעם פּלאַץ, וואו רעומה איז געלעגען.

יפתח איז געזעסען אויף זיינע קניע נעבען זיין טויטע מוטער און געוויינט, און זיינע ברידער, די זיהן פון מרה'ן, זיינען געשטאנען מיט זייער מוטער און זיך געשושקעט.

— מיין הארץ האָט מיר אָבער געזאָגט, אז זי וועט האָבען אזא ביטערען סוף — האָט מרה זיך אָפּגערופען צו איהרע זיהן — ווער וויים וועלכער פון איהרע ליעבהאָבער האָט זי ערמאָרדעט?

יפתח האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען מיט צאָרן צו מרה'ן:

— ווי וואגסטו אזוי צו ריידען וועגען מיין מוטער!

— און ווי וואגסטו אויפצוהויבען דיין שטימע אויף אונזער מוטער! — האָט איהר עלטערער זוהן, אלדר, זיך געשטעלט צווישען יפתח'ן און זיין מוטער.

— איך וועל ניט דערלאָזען, אז מען זאָל באשמוצען מיין מוטער'ס נאָמען! — האָט יפתח א געשריי געטהאָן.

און דאָ האָט אויסגעבראָכען א קריעג, און עס וואָלט זיכער געקומען צו א געשלעג, אָבער דאָ זיינען אָנגעקומען די זקנים און די שופטים פון שטאָדט.

אזוי איז מען נאָך א חקירה און דרישה וואָס האָט זיך געצויגען עטליכע וואָכען, געקומען צום באשלוס, אז יפתח איז געווען דער מערדער פון זיין מוטער. רצפּה, איינע פון די שכנות איז געקומען צו די שופטים און האָט עדות געזאָגט, אז זי האָט געזעהן יפתח'ן יענעם פריה־

מאָרגען גאַנץ פריה, נאָך איידער דער פאַסטוך און גלעד זיינען אהין געגאַנגען.

— איך בין יענעם טאָג אויפגעשטאַנען זעהר פריה — האָט זי געזאָגט — און האָב די גאַנצע צייט פון פענסטער ניט אָפּגעטראָטען. איך האָב באַמערקט ווי יפתח לויפט אהין, און א ווײַלע שפּעטער האָב איך געזעהן ווי ער לויפט צוריק נאָך מיט א גרעסערען אימפּעט. באַלד נאָכדעם האָב איך געזעהן גלעד'ן מיט זיין פאַסטוך לויפענדיג אין דער זעלבער ריכטונג, און אין א קורצע ווײַלע ארום האָב איך געזעהן ווי גלעד'ס גאַנצע משפּחה געהען אהין, און אויך יפתח איז מיט זיי געווען. און באַלד האָב איך געהערט דעם שאַלען פון שופר.

יפתח האָט זיך געמוזט מודה זיין, אז רצפה האָט רעכט, אז ער איז ווירקליך געגאַנגען אין יענער ריכטונג נאָך איידער זיין פאָטער איז אהין אוועק.

— דאַן ביזטו זיך מודה, אז דו האָסט דיין מוטער ערמאָרדעט! — האָבען די שופטים אויף איהם געדונערט.

אלדד און זיין מוטער האָבען אָנגעדייטעט, אז יפתח האָט מעגליך געזוכט פּטור צו ווערען פון זיין מוטער, ווייל ער האָט זיך שטאַרק געשעמט מיט איהר פאַרגאַנגענהייט.

— איך בין ריין פון דיזען שוידערליכען פאַרברעכען! — האָט יפתח אויסגערופען — מיין מוטער איז מיר געווען ליעב און טייער. אָ, ווען איהר זאָלט וויסען ווי גרויס מיין שמערץ איז געווען., ווען איך האָב מיין מוטער געפונען ערמאָרדעט?!

— מיר קענען דיר ניט גלויבען, אז דו ביזט אומשולדיג אַזוי לאַנג ווי דו וועסט אונז ניט געבען קיין ערקלעהרנג ווי אזוי עס קומט אז דו ביזט געגאַנגען אין דער ריכטונג, וואו דיין מוטער איז געפונען געוואָרען?!

— דאָס קען איך ניט טהאָן! — האָט יפתח דאַן געענטפערט — אָבער איך שווער ביי גאָט, דעם גאָט פון אונזערע אבות, אז איך האָב מיין מוטער'ס בלוט ניט פאַרגאָסען!

— וויבאַלד דו קענסט קיין ערקלעהרונג ניט געבען, פאַרוואָס דו האָסט אַלעמען אָפּגענאַרט און געמאַכט זיך שלאָפענדיג, כדי מען זאָל ניט אויסגעפינען, אז דו ביזט דאָרט פריהער געווען, קענען מיר דיר אויף דיין שבועה ניט גלויבען!

— דו מוזט פאַר אַלעמען ערקלעהרען!

— האָט זיך גלעד אויף איהם אָנגעבייזערט — אז ניט, וועט זיין זעהר שלעכט פאַר דיר!

— דאַן וועט ער מוזען גע'משפּט ווערען! — האָט דער ראש פון די שופטים אויסגערופען — אַלע אומשטענדען באַווייזען, אז יפתח האָט דיזען מאָרד באַגאַנגען.

יפתח האָט ארונטערגעלאָזען זיין קאָפּ און געשוויגען. אַלע אנוועזענדע האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— ווער וואָלט עס געקענט גלויבען, אז יפתח זאָל ערמאָרדען זיין מוטער! — האָט מען צווישען זיך געשמועסט.

— עס איז ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט, אז ער האָט עס געטהאָן, און ווי עס ווייזט אויס, האָט ער געהאַט אַן אורזאַכע דערצו.

— מיר האָט אלדד געזאָגט, אז יפתח האָט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצען, וואָס זיין מוטער איז אָנגערופען געוואָרען מיט דעם נאָמען זונה... ער ווייס, אז דורך דעם וואָס זי איז געווען זיין פאָטער'ס פּלגש און געהאַט אַזאַ פאַרגאַנגענהייט, וועט פאַר איהם זיין גאַנץ שווער דערהויבען צו ווערען, האָטש ער איז באַוואוסט אלס א העלדישער יונג.

— אלדד איז אייפערזיכטיג אויף יפתח'ן, דאַריבער רעדט ער אזוי וועגען איהם...

— פאַרוואָס זאָל אלדד זיין אייפערזיכטיג אויף זיין ברודער. אַלע ווייסען אז גלעד באַהאַנדעלט איהם א סך בעסער ווי יפתח'ן כאָטש יפתח איז דער בכור.

— ווייסטו דען ניט, אז נעמי, די

טאָכטער פון חפר, איז לעצטענס גאנץ אָפט געזעהן געוואָרען אין דער געזעלשאפט פון יפתח'ן. יע. זינט ער האָט זיין גבורה ארויסגעוויזען אין קאמף מיט די רויבער, האָט נעמה איהם געצייגט מעהר פריינדליכקייט ווי אלדד'ן. און ווי איך האָב געהערט, האָט אלדד זי זעהר ליעב און ער איז שוין אפילו געווען ביי חפר'ן און פון איהם פארלאנגט ער זאָל זי איהם געבען פאר זיין פרוי.

— און וואָס האָט איהם חפר געענטפערט?

— לויט ווי מען האָט מיר דערצעהלט האָט חפר געזאָגט, אז ער וועט לאָזען זיין טאָכטער אליין מאכען איהר אויסוואהל. און דאָס מיינט, אז אלדד וועט זי ניט באקומען, ווייל ער ווייס, אז זי איז מעהר גענויגט צו יפתח'ן ווי צו איהם...

אָבער יעצט, ווייזט אויס, וועט ער שוין מעהר ניט טראכטען פון יפתח'ן — האָט זיך נאָך איינער אריינגעמישט — אויב ער זאָל געפונען ווערען שולדיג אין האָבען ערמאָרדעט זיין מוטער, וועט קיינער זיך אויף איהם ניט וועלען אומקוקען.

— אפילו ווען די שופטים וועלען ניט קענען ארויסגעבען קיין אורטייל איבער איהם, וועט זיין נאָמען זיין צו שאנד און צו שפאָט ביי אלעמען. יעדער וועט איהם שילטען. און חפר וועט ניט דערלאָזען, אז זיין טאָכטער זאָל ווערען יפתח'ס פרוי.

— און דאריבער גלויב איך איז אלדד אזוי נייגעריג צו ווארפען די שולד אויף יפתח'ן.

אָבער עס איז דאָך אונגלויבליך, אז יפתח זאָל עס טהאָן... אלע ווייסען, אז יפתח האָט זיין מוטער זעהר ליעב געהאט און וויפיעל מאָל האָט עס פאסירט, אז יפתח האָט צושלאָגען דעם, וועלכער האָט געוואגט צו ריידען שלעכטעס אויף זיין מוטער.

— מעגליך, אז דערפאר טאקע האָט ער געוואָלט פטור ווערען פון איהר... זי איז איהם געשטאנען אין וועג....

— איך וועל שווערען, אז ער איז אומשולדיג! א שלעכטער זוהן וואָלט אזא זאך קיינמאָל ניט געוואגט צו טהאָן בפרט יפתח, וועמען אלע קענען פאר א גוטהערציגען און איבערגעגעבענעם זוהן.

— אויב אזוי, ווי אזוי וועסטו פאָרט ערקלעהרען דאָס, וואָס ער האָט זיך אליין מודה געווען, אז ער איז געגאנגען צו דעם פלאץ, וואו זיין מוטער איז געגאנגען, איידער דער פאסטוך און זיין פאָטער זיינען דאָרט געווען...

— דאָס איז טאקע א רעטעניש! — האָט יענער א ציה געטהאָן מיט די אקסלען. — אָבער זעה, אָט שטעהט דאָרטען נעמה און זי וויינט. לאָמיר צוגעהן הערען וואָס זי זאָגט וועגען דעם.

---

נעמה איז זעהר שטארק אויפגעשוידערט געוואָרען פון רעומה'ס מאָרד. זי האָט רעומה'ן גאנץ ליעב געהאט; זי האָט געוואוסט פון איהרע ליידען און איהר זעהר מיטגעפיהלט. נעמה האָט אויך געוואוסט, אז רעומה האלט זעהר פון איהר.

יעצט, אז זי האָט דערהערט, אז יפתח ווערט באשולדיגט אין דעם מאָרד פון זיין מוטער, האָט זי אויפגעציטערט.

זי האָט געהערט, אז אלע ריידען וועגען דעם ווי אזוי רצפה, די טאָכטער פון זבד, האָט ערקלעהרט פאר די שופטים, אז יפתח איז אוועק אין דער זעלבער ריכטונג, וואו זיין מוטער איז געווען נאָך איידער דער מאָרד איז ענטדעקט געוואָרען.

— געלויבט איז גאָט, מיין טאָכטער — האָט חפר זיך אָפגערופען צו נעמה'ן, — אז איך בין ניט געשטרויכעלט געוואָרען, און די פאר'קנס'ט צו יפתח'ן... קיינער וועט מיר ניט קענען אויפווארפען, אז מיין איידעם איז דער מערדער פון זיין מוטער.

— אָ, פאָטער! — האָט נעמה זיך פארנאנדערגעוויינט — גלויבסטו דען אויך, אז יפתח זאָל האָבען באגאנגען דיזען שוידערליכען פארברעכען.

— ווען אימיצער וואָלט געקומען מיט

עטליכע טעג פריהער און מיר געזאָגט, אז ער פאַרדעכטיגט יפתח׳ן אין מאָרד פון זיין מוטער, וואָלט איך זיכער געזאָגט, אז ער איז פון זיין זינען געריהרט. אָבער יעצט, נאָכדעם ווי ער האָט אליין צוגעגעבן, אז רצפה האָט געזאָגט דעם אמת, קען שוין קיין צווייפעל ניט זיין.

— אָבער ער האָט דאָך געשוואָרען, אז ער איז אומשולדיג! — האָט נעמה אויסגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען. — און אויב דו ווילסט, פאָטער, וועל איך פאַר איהם שווערען.

— וואָס רעדסטו, מיין טאָכטער! — האָט חפר זיך אויף איהר אָנגעבייזערט — ווי אזוי וועסטו קענען שווערען, אז אין דער צייט ווען יפתח אליין ווידערשפּרעכט זיך און אלע, וועלכע האָבען זיך דאָ פאַרזאַמעלט, גלויבען, אז ער איז שולדיג.

מיר אָרט אפילו ניט, ווען אלע איינוואוינער פון מצפה וועלען איינשטימיג זאָגען, אז יפתח איז שולדיג, אָבער איך בין געגרייט צו שווערען צו יעדער צייט, אז ער איז אומשולדיג. געדיינקסטו, פאָטער, וואָס דו האָסט מיר דערצעהלט וועגען זיין מוטער, רעומה׳ן, ווען אלע באַוויזען זיינען געווען געגען איהר, און קיינער האָט ניט געצווייפעלט, אז די באַשולדיגונג, וואָס עמרי האָט געמאכט געגען איהר איז ריכטיג. די שופטים האָבען זי געוואָלט פאַר׳משפּט׳ן צום טויט, אָבער מען האָט זי בלויז פאַר׳משפּט ארויסגעטריבען צו ווערען פון שטאָדט, און קורץ נאָכדעם האָט גלעד אויסגעפונען ווי אומשולדיג זי איז.

— אָבער ווען יפתח וואָלט ווירקליך געווען אומשולדיג וואָלט ער געקענט געבען די ערקלעהרונג פאַר וואָס ער איז יענעם פריהמאָרגען אויפגעשטאַנען אזוי פריה און איז אהין געגאַנגען און צוריקגעקומען, זיך שלאָפענדיג געמאכט... ניין, מיין טאָכטער, כל זמן ער וועט דאָס ניט דערקלערען, וועט ער פון זיך דעם שולד ניט ארונטערנעמען.

— איך בין זיכער, אז עפּעס האָט באַוואוינגען יפתח׳ן דאָס צו טאָן — האָט נעמה געזאָגט, און געוואָרפען איהרע בליקען אין דער ריכטונג וואו יפתח איז געשטאַנען.

ווען מען האָט יפתח׳ן אוועקגעפיהרט אין געפענגנים, איז נעמה נאָכגעגאַנגען און ביטער געוויינט.

— אָ, יפתח! — האָט זי אויסגערופען — ווי שטאַרק דו ליידסט! ניט גענוג וואָס דו האָסט פאַרלאָרען דיין מוטער, באַשולדיגט מען דיך נאָך אין דיזען שוידערליכען פאַרברעכען.

— זאָרג ניט, נעמה — האָט יפתח שטילערהייד זיך אָפּגערופען — גאָט ווייס, אז איך בין אומשולדיג און אלץ וועט קלאָר ווערען אין דער צייט פון משפּט.

— אָ, מיין טאָכטער, מיט דיין איצטיגער אויפפיהרונג האָסטו מיך צו שאַנד געמאכט און זיך זעלבסט ערנידערט. דו האָסט ניט געדאַרפט נאָכלויפען יפתח׳ן און ארויסצייגען, אז דו ביזט מעהר באַזאָרגט אפילו ווי זיין אייגענער פאָטער.

— ווי אזוי קען איך צוזעהן ווי מען באַגעהט אז אומרעכט געגען איהם! איך האָב איהם אזוי ליעב.

— נעמה! וואָס רעדסטו! — האָט חפר זיך א בייזער געטאָן אויף איהר און זיך ארומגעקוקט אויב אימיצער האָט געהערט וואָס זי האָט נאָר וואָס געזאָגט — דו זאָלסט מעהר ניט וואַגען אזוי צו ריידען! דו טאָרסט אפילו ניט זיין נאָמען דערמאָנען, ביז וואַנען דער פאַרדאַכט וועט אינגאַנצען פון איהם ארונטער.

— אין מיינע אויגען איז ער איצט אזוי ריין פון זינד ווי פריהער — האָט נעמה געווישט איהרע טרערען.

— אָט קומט אָן אלדד — האָט חפר זיך אָפּגערופען צו זיין טאָכטער, זעה אז ער זאָל ניט דערקענען אָן דיר אז דו האָסט זיך שטאַרק גענומען צום האַרצען וועגען יפתח׳ן. דו זעהסט דאָך אליין, אז אלדד שטעהט א סך העכער פון יפתח׳ן כאָטש יפתח האָט ארויסגע־

ווייזן א העלדישקייט. אפילו ווען מען זאָל יפתח'ן ניט קענען פאַר'משפּט'ן פאַר דעם פאַרברעכען, אָבער א פלעק וועט שטענדיג בלייבן אויף איהם.

אלדד איז צוגעקומען און זיך א נייג געטאָן.

— עס טהוט מיר ווירקליך וועה דאָס האַרץ פאַר רעומה'ן — האָט ער זיך אָפּגערופען צו חפר'ן און צו נעמה'ן — ווער וואָלט עס געקענט גלויבען, אז יפתח זאָל זיין פעהיג צו טאָן אזא זאַך.

— איך גלויב איצט אויך ניט — האָט נעמה טרוקען א זאָג געטאָן — יפתח האָט זיין מוטער ליעב געהאַט און ער וועט אזא זאַך ניט טאָן.

— יע, דאָס האָבען מיר אַלע אזוי גע־טראַכט — האָט אלדד זיך אָפּגערופען — אָבער לויט די אומשטענדען, ווי אזוי רצפה האָט איהם געמאַכט פאַר א ליגנער און געצוואונגען ער זאָל זיך מודה זיין, דאָס אַליין איז שוין גענוג באַווייזע, אז ער האָט דאָמיט געהאַט צו טאָן, און ווען דער משפּט וועט קו־מען בין איך זיכער, אז עס וועלען באַ־וויזען ווערען נאָך זאַכען, וואָס וועט אָהן צווייפעל צייגען יפתח'ס שולד.

— וואָס עס זאָל ניט באַוויזען ווע־רען בעת דעם משפּט, וועל איך מיין מיינונג וועגען זיין אומשולד ניט ענ־דערען — האָט נעמה זיך אָפּגערופען.

— איך ווייס אז דו האַלסט זעהר פיל פון יפתח'ן — האָט אלדד געזאָגט צו נעמה'ן — ער האָט געפונען חן אין דיינע אויגען ווייל ער האָט צושלאָגען די רויבער, און דו ווילסט ניט זעהן זיי־נע חסרונות... איך בין זיכער, אז כאָטש יפתח האָט זיין מוטער געליבט, האָט ער זיך אָבער מעהר ליעב געהאַט. ער האָט ניט געקענט פאַרלייידען די באַליי־דיגונגען וואָס ער איז אויסגעשטאַנען צוליעב זיין מוטער. ווען ער פלעגט הע־רען ווי אימיצער רופט איהם דער זוהן פון דער פלגש, פלעגט אין איהם ברענען זיין צאָרן, בפרט ווען מען פלעגט דער־מאָנען איהר פאַרגאַנגענהייט אין רבה, דאָס פלעגט איהם אזוי אויפרעגען, אז

ער וואָלט זיך ניט אָפּגעהאַלטען צו הרג'נען א מענשען...

חפר האָט געפונען אן אויסרייד און ער איז אוועקגעגאַנגען, איבערלאָזענדיג נעמה'ן און אלדד'ן.

—לאָמיר זיך א ווייַלע צוזעצען אויף'ן גראָז, אונטער א בוים — האָט אלדד איהר אָנגעוויזען אויף א פּלאַץ— איך בין זעהר מיעד.

— און איך איל זיך אהיים — האָט נעמה געזאָגט.

— איך האָב זעהר וויכטיגעס מיט דיר צו ריידען — האָט אלדד זיך אָפּגע־רופען און איך בעט דיר דו זאָלסט זיך צו מיר צוהערען.

— פיליַיכט א צווייטען מאָל. איצט בין איך ניט אויפגעלעגט — האָט נעמה איהם געענטפערט.

— גוט, וועל איך דיר באַגלייטען ביז דיין הויז.

— אָבער דו ביזט דאָך מיעד און דיר איז היים פאַרוואָס זאָלסטו זיך מטריח זיין.

— איך בין קיינמאָל ניט צו מיעד צו זיין מיט דיר — האָט אלדד געזאָגט— דו ווייסט דאָך, וויפיעל איך טראַכט פון דיר, דו שעהנסטע בלום פון גאַנץ מצפה. איך האָב געזעהן, אז יפתח האָט דיך באַצויבערט מיט זיין גבורה... אָבער איצט, אז דו זעהסט דאָס ער האָט זיין גבורה מיסברויכט, וועסטו שוין, האָף איך, פון איהם ניט האָבען אזא געהוי־בענע מיינונג... איך האָב געהערט ווי מיין פאָטער האָט געזאָגט צו מיין מוטער אז ווי עס זאָל זיך ניט אויסלאָזען, וועט ער דאָס רעכט פון דער בכורה אוועקנע־מען פון יפתח'ן און מיר עס איבערגע־בען. יע, איך וועל ירש'נען צוויי חלקים פון מיין פאָטער'ס רייכטום... און יפתח.. מעגליך, אז ער וועט קיין איין חלק ניט האָבען, ווייל לויט ווי איך האָב געהערט, ירש'נט ניט א זוהן פון א פלגש צוזאַמען מיט זיינע ברידער פון דער ריכטיגער פרוי, אזוי האָט טאַקע פּאַסירט מיט אונזער עלטער זיידע אברהם. ער האָט ניט געוואָלט, אז די זיהן פון די פלגשים זאָלען ירש'נען צו־

זאַמען מיט זיין זוהן יצחק, האָט ער זיי געגעבען מתנות ווען ער האָט נאָך געלעבט און זיי אַוועקגעשיקט פון זיך זיי זאָלען נאָכהער קיין תביעה ניט האָבען אויף דער ירושה וואָס וועט אַריינפאַלען אין יצחק'ס האַנט.

— איך גלויב ניט, אַז יפתח וועט זיך נעמען שטאַרק צום האַרצען דערפון — האָט נעמה זיך אָפּגערופען — ער זוכט ניט קיין רייכטום... ווי איך פאַרשטעה איהם, וועט ער זיך באַנוגענען מיט גאָר ווינציג. ער איז שטאַרק און קען שטענדיג פאַרדינען זיין ברויט.

— אָבער פאַרוואָס זאָלען מיר רײדען וועגען יפתח'ן — האָט אלדד אויסגערופען — ער וועט שוין זיין פּסק באַקומען. איך האָב צו רײדען מיט דיר וועגען אַ וויכטיגע זאַך... יע, איך האָב פאַרגעסען דיר צו זאָגען, אַז איך האָב זיך דורכגערעדט מיט מיין מוטער וועגען דיר, און זי האָט איינגעשטימט.

— איינגעשטימט צו וואָס?! — האָט איהם נעמה אָנגעקוקט.

— המ... דו ווייסט דאָך, אַז מיין פאָטער איז דער רייכסטער מאַן אין מצפּה, און אַ חוץ זיין רייכטום איז ער דערהויבען געוואָרען צו זיין דער הויפּט פון אונזער שטאָדט, און מיין מוטער איז פריהער געווען דאַגעגען... איך מיין זי האָט געוואָלט, אַז איך זאָל נעמען אַ פרוי פון אַ רייכער משפּחה, אָבער ווען איך האָב איהר געזאָגט, אַז איך האָב דיך ליעב, און מיר אַרט ניט וואָס דיין פאָטער איז איינער פון די אָרימסטע פון אונזער שטאָדט, האָט זי מיך פאַרשפּראָכען... איך ווייס אויך, אַז מיין פאָטער וועט זיין צופרידען מיט מיין אויסוואהל. איצט, אויב דו וועסט ניט זיין דאַגעגען, וועל איך פּאַו אַלעמען דערקלערען אַז דו ביזט צו מיר פאַר'קנסט.

— איך באַדויער זעהר, אלדד, אָבער דו ביזט געקומען עטוואָס צו שפּעט!

— וואָס מיינסטו? — איז אלדד רויט געוואָרען — דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב דיך שוין ליעב פון לאַנג! ביזטו שוין דען פאַר'קנסט צו אַ צווייטען...

— יע!...

— אָבער איך האָב דאָך דאָ ניט לאַנג גערעדט מיט דיין פאָטער און ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויב דו וועסט צושטימען וועט ער זיין זעהר צופרידען, און ער האָט מיר אפילו ניט אָנגעדייטעט, אַז דו ביזט צו אימיצען פאַר'קנסט.

— מיין פאָטער ווייסט נאָך ניט דערפון, איך האָב זיך איהם געקליבען צו דערצעהלען אָבער...

— און ווער איז ער דאָס? —האָט אלדד אויסגערופען מיט אַ שטימע פון איפּערזוכט.

— דאָס איז דיין ברודער, יפתח! — האָט נעמה געענטפערט מיט שטאָלץ.

— יע, איך בין צו איהם פאַר'קנסט.

— צו יפתח'ן?! — האָט אלדד אויסגערופען מיט ערשטוינונג.

— יע, צו דיין ברודער!

— איך וויל איהם ניט אָנרופען מיין ברודער, אפילו ווען זיין מוטער וואָלט ניט געווען דאָס, מיט וואָס זי איז געווען באַוואוסט... ווייל ער איז דער זוהן פון אַ פּלגש און איך וויל איהם ניט אַנערקענען אלס מיין ברודער.

— עס איז פאַר מיר קיין אונטערשייד אויב דו ווילסט איהם אַנערקענען אלס דיין ברודער אָדער ניט, אָבער איך בין צו איהם פאַר'קנסט.

— ניין! דאָס איז אוממעגליך! ווען דאָס וואָלט פּאַסירט, וואָלט איך פון דעם געוואוסט.

— קיינער ווייס ניט דערפון — האָט נעמה געזאָגט מיט אַ שמייכעל.

—און איצט, נאָכדעם ווי דאָס האָט פּאַסירט מיט יפתח'ן, וועסטו זיך נאָך אַלץ רעכענען פאַר זיין כלה? — האָט אלדד איהר געפרעגט.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז אין מיינע אויגען וועט יפתח שטענדיג זיין ריין און אומשולדיג.

— איך וועל זיך דורכריידען מיט דיין פאָטער וועגען דעם! — האָט אלדד אַ זאָג געטאָן מיט צאָרן — איך בין זיכער אַז נאָכדעם וואָס ער האָט היינט

בײַ דער אויספאָרשונג געהערט וועגן יפתח'ן, וועט ער ניט דערלאָזן אַז אַזאַ ווי יפתח זאָל ווערן זיין איידים.

— מיין פאָטער האָט מיר שוין לאַנג פאַרשפּראָכן זיך ניט צו מישן אין מיין אויסוואַהל פאַר אַ מאַן, און ער וועט זיין פאַרשפּרעכן האַלטן — האָט נעמה אַ שמייכל געטאָן, אויסער דעם ווייס איך אַז ער האָט פיל געהאַלטן פון יפתח'ן.

— דאָס איז געווען פריהער, איידער זיין מוטער איז ערמאָרדעט געוואָרן. אָבער איצט וועט ער ניט דערלאָזן אַז דו זאָלסט ווערן זיין פרוי! און דו אַליין, נעמה, דאַרפסט איינזעהן דיין טעות, און עס איז נאָך ניט צו שפּעט.

— יפתח נויטיגט זיך אין מיר איצט נאָך מעהר ווי אימער — האָט נעמה געענטפערט — איך וועל איהם ניט פאַרלאָזן, ווי עס האָבן געטאָן אַלע זיינע פריינד.

— ווער וויל עס זיין אַ פריינד צו איינעם וועלכער האָט ערמאָרדעט זיין אייגענע מוטער! — האָט אלדד געזאָגט.

— איך בין געגרייט צו שווערן פאַר זיין אומשולד! האָט נעמה געזאָגט.

— וואַרט ביז וואַנען דער משפט וועט פאָרקומען דאַן וועל איך אַרויסברייינגען זאַכען וואָס אַלע וועלען שטוינען, און אפילו דו אַליין וועסט שוין אויך ניט זיין אַזוי זיכער, אַז יפתח איז אומשולדיג.

נעמה האָט איהם מעהר ניט געענטפערט, זי האָט זיך אָפּגעקעהרט פון איהם און איז שנעל אוועק אַהיים.

פינפטער קאַפּיטעל

## ד ע ר  מ ש פ ט

אויף דעם ערשטען טאָג פון חדש איז באַשטימט געוואָרען דער משפט פון יפתח'ן.

די שופטים און די זקנים האָבען זיך פאַרזאַמעלט יענעם טאָג אין בית המשפט. דאָרטען זיינען אויך געווען גלעד, מרה און איהרע זיהן. פיעלע חשוב'ע לייט זיינען געקומען צו הערען און זעהן ווי אַזוי יפתח וועט געמשפּט פאַר דעם טויט פון זיין מוטער. צווישען זיי זיינען געווען פיעלע עדות, אַריינרעכענענדיג רצפה'ן די טאָכטער פון זבד.

מען האָט יפתח'ן געבראַכט פון געפענגניס און דער ראש פון די שופטים האָט ווידערהאָלט די באַשולדיגונג געגען יפתח'ן מיט די באַווייזע.

— ביזטו זיך מודה אין דעם פאַרברעכען! — האָט זיך דער ראש געווענדעט צו יפתח'ן, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט ריידען.

— איך בין אומשולדיג! — האָט יפתח געענטפערט.

— ביזטו זיך מודה, אַז דו ביזט אַרויס פון דיין הויז, נאָך איידער דיין פאָטער איז אַרויס.

— יע! — האָט יפתח אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

קענסטו אונז זאָגען וואוהין דו ביזט יענעם פריהמאָרגען געגאַנגען?

יפתח האָט געשוויגען.

— פאַרוואָס ענטפערסטו ניט? דו גיסט דאָך אַליין צו, אַז דו ביזט געגאַנגען!

— איך בין געגאַנגען נאָך מיין מוטער! — האָט יפתח געענטפערט.

אין בית המשפט איז געוואָרען אומגעדולדיג.

— דאַרף מען דען האָבען אַ בעסערען באַווייז, אַז ער איז דעם מאָרד באַגאַנגען — האָבען זיך די שופטים צווישען זיך דורכגערעדט — ער אַליין גיט צו, אַז ער איז געגאַנגען נאָך זיין מוטער.

— פאַרוואָס ביזטו געגאַנגען נאָך דיין מוטער? — האָט איהם דער ראש געפרעגט.

— ווייל איך האָב איהר געוואָלט העלפען — האָט זיך יפתח אַרויסגערעדט און זיך גלייך פאַרכאַפּט: איך מיין, איך האָב געוואָלט איהר עפּעס פרעגען.

— וואָס האָסטו איהר געוואָלט פרעגען?

— איך געדענקט ניט ! — האָט יפתח געענטפערט.

— און ווען דו האָסט זי געזעהן, האָט זי נאָך געלעבט ?

— ניין, זי איז געווען טויט ! — האָט יפתח טרויעריג געזאָגט.

— און דו האָסט זי געטויטעט ! — האָט א צווייטער שופט אויסגערופען.

— ניין, איך האָב זי געפונען טויט ?

— און פאַרוואָס האָסטו ניט אויפגעשטורעמט די שטאָדט ווען דו האָסט געפונען דיין מוטער ערמאָרדעט ? אַנשטאַט דעם ביזטו צוריק אהיים געלאָפען און זיך געלייגט אין בעט און געמאַכט שלאָפענדיג.. איז דאָס ריכטיג !

— יא, עס איז ריכטיג ! — האָט יפתח א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

— פאַרוואָס האָסטו עס געטהאָן ? איז עס דען ניט קיין סימן, אז דו האָסט מורא געהאַט מען זאָל ניט אויסגעפינען, אז דו האָסט דיין מוטער ערמאָרדעט, דערפאַר האָסטו געוואָלט, אז ווען מען וועט ענטדעקען איהר טויטען קערפער זאָל מען מיינען, אז דו ביזט גאָר ניט ארוים פון הויז יענעם פריהמאָרגען ?

— ניין ! — דאָס איז ניט געווען די אורזאכע ! — האָט יפתח געענטפערט.

— אויב ניט דאָס, ווי אזוי קענסטו ערקלערען אזא מאָדנע האנדלונג פון א זוהן, וועלכער האָט פלוצלונג [illegible] זיין מוטער אז ערמאָרדעטע ?

יפתח האָט אויף דעם ניט געענטפערט.

יעצט זאָל צוקומען אלדד און עדות זאָגען וואָס ער ווייס וועגען דעם, האָט א שופט אויסגערופען.

אלדד האָט מיט לאַנגזאַמע טריט און מיט שטאָלץ גענומען זיך דערנעהנטערען צו די שופטים. זיינע בליקען זיינען געפאַלען אויף נעמה'ן וועלכע איז געשטאַנען נעבען איהר פאָטער. ער האָט געזעהן איהר בלאַסען פּנים, איהרע אויגען וואָס דריקען אויס מורא. — יע, באַלד וועט ער עפענען איהרע אויגען האָט ער ביי זיך געטראַכט. זי אליין וועט זיך ארומזעהן ווער יפתח איז, און זי וועט זיך מעהר אויף איהם ניט וועלען אומקוקען. דאן וועט שוין פאַר איהם ניט שווער זיין זי אריינצוקריגען פאַר זיין פרוי.

— דערצעהל אונז, וואָס דו ווייסט וועגען יפתח'ן און זיין מוטער? — האָט זיך דער הויפּט פון די שופטים צו איהם געווענדעט.

אלדד האָט זיך אויסגעגלייכט, ער האָט א בליק געטהאָן אויף יפתח'ן און אויף די שופטים, נאָכהער האָט ער אָנגעפאַנגען.

— די נאַכט פאַר דעם מאָרד, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען רעומה'ס צימער, האָב איך דאָרט דערהערט א געשפּרעך. איך האָב אונטערגענויגט מיין אויער און איך האָב דייטליך געקענט הערען וואָס יפתח רעדט צו זיין מוטער.

— און וואָס האָבען זיי גערעדט ? דערצעהל אונז אלעם !

— זיי האָבען ניט גערעדט, זיי האָבען זיך געקריעגט ! — האָט אלדד געענטפערט.

— דאָס איז א ליגען ! — האָט יפתח אויסגערופען — איך האָב זיך מיט מיין מוטער קיינמאָל ניט געקריגט.

— ביזטו זיכער, אז זיי האָבען זיך געקריגט.

— איך האָב דעם אויסדרוק פון זיין פּנים ניט געזעהן, אָבער לויט דעם טאָן פון זיין שטימע, האָט מיר אויסגעקומען, אז ער קריגט זיך מיט זיין מוטער.

— און וועגען וואָס האָבען זיי גערעדט ?

— ווי ווייט איך האָב פערשטאַנען פון די אָפּגעהאַקטע געשפּרעכען, האָבען זיי זיך געקריגט צוליעב דעם וואָס זי האָט געזאָגט, אז זי וועט יע געהן, און ער האָט געזאָגט, ניין...

— איז דאָס ריכטיג, אז דו האָסט זיך מיט דיין מוטער געאַמפּערט וועגען דעם ? — האָט דער שופט זיך געווענדעט צו יפתח'ן.

— איך האָב שוין פריהער געזאָגט, אז איך האָב זיך מיט מיין מוטער קיינ־

מאָל ניט געקריגט, און ניט געאַמפּערט.

— זאָל זיין ווי דו זאָגסט, אַז דו האָסט מיט איהר גערעדט, אָבער גיסטו צו, אַז דו האָסט מיט איהר גערעדט, אַז זי זאָל ניט גהען אין א באַשטימטען פּלאַץ?

— איך געדענק ניט! — האָט יפתח געענטפערט — איך האָב מיט איהר זעהר לאַנג פאַרבראַכט יענעם אָוועגד, און איך קען ניט געדענקען וואָס איך האָב מיט איהר גערעדט, דאַן ווען אלדד האָט אונטערגענויגט זיין אויער נעבען. דער טיהר זיך איינצוהערען.

— וואַרט, איך האָב עפּעס צו זאָגען! — האָט מרה אויסגערופען, און איז צוגע־גאַנגען צו דעם פּלאַץ וואו איהר זוהן איז געשטאַנען.

די שופטים און אַלע אַנוועזענדע האָ־בען אָנגעשטעלט זייערע אויגען און אויערען צו הערען וואָס מרה, גלעד'ס פרוי האָט צו זאָגען, וועגען דעם מאָרד פון איהר מאַנ'ס פּלגש.

— איך וואָלט זיך זיכער ניט גע־מישט אין דעם — האָט מרה זיך אָפּ־גערופען — ווייל כאָטש איך און רעומה האָבען זיך גאַנץ אָפט איבערגע־רעדט, אָבער יעצט, אַז זי איז טויט, וואָלט איך ניט וועלען ריידען פון זאַכען, וואָס וועט זיין ניט קיין עהרע פאַר איהר, אָבער ווען איך האָב זיך דער־מאַנט, אַז אין דעם טאָג פון מאָרד, האָט יפתח געזוכט צו געבען אַנדייטונגען און אַנצוהערענישען, אַז איך אָדער מיין זוהן איז שולדיג, האָב איך באַשלאָסען צו זאָגען וואָס איך ווייס. זאָלען אַלע ווי־סען, אַז יפתח האָט געזוכט אויף אונז א בלבול צו מאַכען.

— איז דאָס ריכטיג, אַז דו האָסט גע־וואָלט ארויפוואַרפען דעם שולד אויף מרה'ן און איהר עלטסטען זוהן, אלדד.

— איך בין דאַן געווען אַזוי צוטר־מעלט און אויפגערעגט, אַז איך האָב ניט געוואוסט, וואָס איך רייד — האָט יפתח געענטפערט.

— יעצט ביזטו זיכער, אַז זי זיינען אומשולדיג? — האָט דער שופט זיך ווידער געווענדעט צו יפתח'ן.

— עס איז ביי מיר קיינמאָל קיין צווייפעל ניט געווען, אַז זיי האָבען גאָר־ניט צו טהאָן מיט'ן מאָרד.

— יעצט זאָג אונז וואָס דו ווייסט!

— האָט דער הויפּט פון די שופטים זיך אָפּגערופען צו מרה'ן.

— איך וויל דאָ ניט ריידען וועגען רעומה'ס פאַרגאַנגענהייט — האָט מרה זיך אָפּגערופען — דאָס איז כמעט צו יעדען איינעם באַוואוסט, אָבער איך האָב געהאַט שטענדיג א פאַרדאַכט, אַז רעומה טראָגט זיך ארום מיט א געהיימ־ניס.

איך האָב גענומען באַמערקען, אַז זי טראָגט ניט דעם רינג וואָס מען האָט איהר געגעבען און אויך דעם האַלזבאַנד האָב איך א לאַנגע צייט ניט גע־זעהן אויף איהר האַלז, און ווען איך האָב זי איינמאָל געפרעגט, האָט זי מיר אויסגעמיטען צו געבען אַן ענטפער. איך געדענק, אַז איך האָב אפילו אויפמערק־זאַם געמאַכט גלעד'ן וועגען דעם.

— געדענקסטו, אַז מרה האָט מיט דיר גערעדט וועגען דעם? — האָט זיך דער ראש פון די שופטים געווענדעט צו גלעד'ן.

— יע, איך האָב זיך יעצט דערמאַנט!

— האָט גלעד געענטפערט — איך האָב טאַקי זי אויך געפרעגט פאַרוואָס זי טראָגט ניט די ציערונג.

—און וואָס האָט זי דיר געענט־פערט?

— זי האָט מיר געענטפערט, אַז זי איז ניט אויפגעלעגט אָנצוטהאָן די ציע־רונג אין יענער צייט.

— יעצט בין איך זיכער, אַז זי האָט די ציערונג אָפּגעגעבען צו...

מרה האָט אומגעדרעהט די קאָפּ צו גלעד'ן, זי האָט געוואָלט זעהן אויב גלעד וועט אויף איהר ניט זיין אין כעס ווע־גען דעם וואָס זי וועט זאָגען.

— צו וועמען, דענקסטו, האָט זי דעם רינג און האַלזבאַנד אָפּגעגעבען? — האָט דער שופט איהר ווייטער געפרעגט.

— פון וואַנען זאָל איך וויסען צו

ווען זי האָט אָפּגעגעבן! — האָט מרה א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס. אָבער ווי איך האָב פאַרשטאַנען, איז דאָס געווען א פרעמדער מאַן.

— וואָס האָט דיר באַוויזן צו דענקען אזוי?

— ווייל איך האָב קירצליך פאַר דער ערמאָרדונג געהערט ווי זי רעדט מיט יפתח׳ן וועגן אימיצן, און דאַן האָט זי דערמאַנט איהר רינג און האַלזבאַנד. איך האָב זיך גענומען משער זיין, אז זי האָט איהרע ציערונג אָפּגעגעבן צו א פרעמדען מאַן, מעגליך צו איינעם, וועלכער איז געווען איהר...

— עס איז א ליגען! עס איז א ליגען! — האָט יפתח אויסגעשריען — זי האָט קיינעם איהרע ציערונג ניט אָפּגעגעבן.

— אויב אזוי, וואו דען האָט זי אהינגעטהאָן איהרע ציערונג? — האָט מרה איהם געפרעגט.

— איך גלויב אז די ציערונג מוז זיין אין איהר צימער! — האָט יפתח געענטפערט.

— אָ, עס איז אונמעגליך! — האָט מרה געזאָגט. — איך בין זיך מודה, אז קורץ נאָכדעם ווי איך האָב איהר געפרעגט פאַרוואָס זי טראָגט ניט די ציערונג און זי האָט אויסגעמיטען מיר צו געבען א דייטליכע תשובה, האָב איך אויסגענוצט די געלעגענהייט, ווען זי איז אין איהר צימער ניט געווען און האָב געזוכט דאָרטען, און ניט געפונען די ציערונג. דאַן האָב איך זיך איבערצייגט, אז זי האָט עס אימיצען אָפּגעגעבען.

— קענסטו אונז פּיעלייכט זאָגען צו וועמען דיין מוטער האָט די צירונג געגעבען?

— מיין מוטער האָט די ציערונג צו קיינעם ניט געגעבען. איך בין זיכער, אז דער רינג און האַלזבאַנד געפינען זיך אין איהר צימער.

— איך וויל בעטען גלעד׳ן, ער זאָל געהן צו זיך אהיים מיט איינעם פון די שופטים און גוט נאָכזוכען אין רעומה׳ס צימער, — האָט דער ראש געזאָגט. — און אויב די ציערונג וועט געפונען ווערען, זאָל מען דאָס גלייך ברייננען אהער און אויב ניט, זאָלט איהר גלייך קומען אונז זאָגען וועגען דעם, ווייל זעהר א סך ווענדעט זיך אָן דעם.

גלעד איז אוועק מיט איינעם פון די שופטים צו זיך אהיים, און ביידע האָבען געזוכט אין רעומה׳ס צימער א היבשע ווילע, ביז וואַנען גלעד האָט געפונען דעם רינג און דעם האַלזבאַנד.

— יעצט זעה איך, אז מען האָט זי ווידער אומזיסט חושד געווען! — האָט גלעד טרויעריג א שאָקעל געטהאָן מיט׳ן קאָפּ. — זי איז מיר געווען געטריי און איבערגעגעבען. אָבער קיינער האָט איהר ניט געטרויט.

— אָבער ווער האָט זי פאַרט ערמאָרדעט? — האָט זיין באַגלייטער איהם געפרעגט.

גלעד האָט א קוועטש געטהאָן מיט די פּלייצעס:

— אלץ איז אזוי אומפאַרשטענדליך. ביז וואַנען רצפה איז געקומען און עדות געזאָגט, אז זי האָט געזעהן יפתח׳ן און ער האָט צוגעגעבען, אז זי האָט געזאָגט דעם אמת... יע, זינט דאַן בין איך גאָר צעטומעלט און ווייס ניט וואָס צו טראַכטען.

ווען גלעד איז צוריק געקומען אין בית המשפּט און געוויזען די שופטים אז ער האָט געפונען די ציערונג, האָבען אלע אָנגעווענדעט זייערע בליקען אויף מרה׳ן וועלכע איז געשטאַנען א צוטומעלטע, און געגאַפט מיט איבערראַשונג.

— יעצט איז אין גאַנצען אַרונטער דער פערדאַכט אז א פרעמדער האָט געהאַט צו טהאָן מיט איהר ערמאָרדונג — האָט א שופט זיך אָפּגערופען.

— און אויב ניט קיין פרעמדער, דאַן ביזטו דער איינציגער וועלכער האָט דעם שליסעל צו דעם מאָרד! — האָט זיך דער ראש געווענדעט צו יפתח׳ן און אזוי לאַנג ווי דו וועסט אונז ניט געבען קיין צופריעדענשטעלענדען ענטפער וועגען דיינע האַנדלונגען, וועלען מיר

קיין אנדער ברירה ניט האָבען, ווי צו ווארפען דעם גאנצען שולד אויף דיר.

— אָבער וואס פאר אן אורזאכע קען יפתח האָבען צו טויטען זיין אייגענע מוטער, וועלכע אלע גיבען צו אז ער האָט ליעב געהאט ?— האָט א צווייטער שופט געפרעגט.

— אלדד האָט דאך אָנגעגעבען די אורזאכע ! — האָט אן אנדערער אויסגערופען.

— זאָל ער נאָך אמאָל ווידערהאָלען, וואס ער דענקט איז די אורזאכע, אז יפתח זאָל זוכען פטור צו ווערען פון זיין מוטער.

אלדד איז ווידער צוגעגאנגען צו דעם פלאץ וואו ער איז א ווייטע פריהער געשטאנען און זיך אָפּגערופען :

— ווי איך האָב ניט לאנג צוריק בעהויפטעט, האָט יפתח זיך געפיהלט זעהר דערשלאָגען, וואס זיין מוטער האָט געהאט אזא פארגאנגענהייט, און ווען ער פלעגט הערען אז אימיצער רעדט וועגען איהר ניט קיין גאנץ געהויבענע ווערטער, פלעגט ער פול ווערען מיט צאָרן... ער האָט געוואוסט אז אזוי לאנג ווי זי לעבט, וועט ער זיין דערניעדריגט, און מען וועט אויף איהם קוקען מיט פעראכטונג, דעריבער האָט ער בעשלאָסען פטור צו ווערען פון איהר, כדי ארונטערצונעהמען פון זיך דעם שאנד פלעק...

— און פאר וואס זאָל ער דאס וועלען טאָהן יעצט ? — האָט א שופט זיך געווענדעט צו אלדד'ן. דו וועסט דאך צוגעבען אז ניט גראדע אין דער לעצטער צייט איז יפתח בעליידיגט געווארען, אויף דעם סמך פון זיין מוטער.

— איך וועל פאר אלעמען ערקלעהרען פאר וואס יפתח איז געוועזן אזוי נייגעריג אָפּצוראמען זיין מוטער פון וועג, יעצט מעהר ווי פריהער ! — האָט אלדד אויסגערופען.

א שטילקייט האָט געהערשט ארום. אלע האָבען אָנגעשטרענגט זייערע אויערען צו הערען וואס אלדד וועט דא זאָגען.

— יפתח האָט זיך געליעבט אין נעמה'ן חפר'ס טאָכטער, יע, זיי זיינען אין געהיים געוועזן פאר'קנס'ט איינע צום צווייטען. אָבער ער האָט מורא געהאט אז צוליעב זיין מוטער'ס שלעכטען נאָמען וועט ער זי פארלירען, ווייל איהר פאָטער און איהר משפחה וועלען ניט ערלויבען אז זי זאָל נעהמען א מאן א זוהן פון א...

— עס איז א ליגען ! — האָט נעמה אויסגעשריען — מיר זיינען קיין מאָל ניט געוועזן פאר'קנס'ט ! אלדד זוכט בלויז צו שעדיגען יפתח'ן.

— איך זועל שווערען אז איך זאָג קיין ליגען ניט ! — האָט אלדד קאלטבלוטיג געענטפערט. זי האָט פאר מיר אליין זיך מודה געוועזן, ווען איך האָב איהר מיט עטליכע טעג צוריק בעגלייט אהיים.

— איך האָב איהם אָפּגענארט ! — האָט נעמה געענטפערט. ער איז צו מיר צוגעשטאנען מיט זיינע ליעבעס ערקלעהרונגען. ער האָט געוואָלט איך זאָל ווערען זיין פרוי און כדי ער זאָל מיר מעהר ניט בעלעסטיגען, האָב איך איהם געזאָגט אז איך בין שוין פאר'קנס'ט צו יפתח'ן...

אלדד'ס פנים האָט געפלאקערט.

— איך בין זיכער אז זי האָט איהם ליעב געהאט !

— יע, דאס איז אמת ! — האָט נעמה אויסגערופען — איך האָב איהם ליעב געהאט און איך האָב איהם אויך יעצט ליעב. און איך בין געגרייט צו שווערען ביי דעם אלמעכטיגען גאָט א זער איז אומשולדיג...

— אָבער וואָס וועסטו זאָגען דערצו, וואָס אלדד באשולדיגט יפתח'ן ער זאָל האָבען מורא געהאט, אז דיין משפחה וועלען זיך דאגעגענשטעלען ער זאָל דיין מאן ווערען און דעריבער זאָל ער איהר האָבען געטויטעט.

— דאס איז א שענדליכער ליגען, יפתח האָט געוואוסט ווי אלע אין מיין משפחה אכטען איהם און זיין מוטער. קיינער האָט גאָר ניט געטראכט וועגען

איהר פאַרגאַנגענהייט... רעומה איז ביי אונז אַלעמען געווען באַליעבט און יפתח האָט עס אויך גאַנץ גוט געוואוסט... און עס איז דאָך אונזין און לעכערליך איהם צו באַשולדיגען אין דיזען שוידערליכען מאָרד.

— און דו חפר, האָסטו דען ווען עס איז אַרויסגעוויזען אַ געגנערשאַפט צו יפתח'ן? — האָט דער שופט זיך אָפּגערופען צו חפר'ן.

— איידער זיין מוטער איז געשטאָרבען, האָב איך פון יפתח'ן זעהר פיעל געהאַלטען, בפרט נאָך דער צייט ווען ער האָט אַרויסגעוויזען זיין העלדישקייט געגען די רויבער, איך האָב קיין געגנערשאַפט צו איהם ניט אַרויסגעוויזען צוליעב זיין מוטער, ווייל איך האָב זי שטענדיג געהאַלטען פאַר אַן עהרליכע אידישע פרוי. אָבער יעצט איז עפּעס אַנדערש, יעצט אַז ער ווערט באַשולדיגט אין טויטען זיין אייגענע מוטער, וויל איך, אַז מיין טאָכטער זאָל גאָרניט האָבען צו טהאָן מיט איהם... איך וועל ניט דערלאָזען, אַז מיין טאָכטער זאָל חתונה האָבען מיט דעם מערדער פון זיין אייגענער מוטער, סיידען די שופטים וועלען איהם ריינוואַשען פון דיזער קלאַגע.

— ווי אַזוי קען אימיצער באַשולדיגען יפתח'ן אין אַזאַ אומגליקליכע זאַך? — האָט נעמה אויסגערופען — וועלכער זוהן וועט טויטען זיין אייגענע מוטער? בפרט יפתח, וועלכער האָט אַזוי ליעב געהאַט זיין מוטער! איך האָב יפתח'ן ליעב געהאַט פריהער און יעצט האָב איך איהם נאָך מעהר ליעב, און וואָס דער בעשלוס פון די שופטים זאָל ניט זיין, וועל איך איהם ליעב האָבען, און וועל זיין געגרייט צו שווערען וועגען זיין אומשולד.

חפר איז צוגעלאָפען צו נעמה'ן און מיט כעס איהר אַ ציה געטהאָן צו זיך.

— זעה, ווי דו האָסט מיך פאַרשעהמט און ערנידעריגט אין די אויגען פון די אַלע פאַרזאַמעלטע! — האָט ער מיט צאָרן אויסגערופען — דו ווייסט, אַז איך וועל ניט דערלאָזען, דו זאָלסט ווערען יפתח'ס פרוי, אויב די שופטים וועלען איהם ניט פולקאָם ריינוואַשען פון דיזער באַשולדיגונג.

— זאָל דיין טאָכטער צוקומען צו מיר! — האָט דער ראש פון די שופטים זיך אָפּגערופען צו חפר'ן, איך גלויב אַז זי וועט אונז קענען באַהילפיג זיין אין דער אויספאָרשונג. נעמה איז צו איהם צוגעגאַנגען און ער האָט זיך צו איהר אָפּגערופען אין דער שטיל:

— זאָג מיר, דו טאָכטער פון חפר, יעצט, אַז איך ווייס, אַז דו און יפתח האָבען זיך ליעב, פיליכט וועסטו ביי איהם קענען אַרויסבאַקומען דאָס וואָס איז אונז ניט געלונגען. עס איז דאָך יעצט ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט, אַז יפתח איז נאָכגעגאַנגען זיין מוטער אייידער אימיצער אַנדערש האָט עס געטהאָן פון זיין משפחה. זאָל ער דיר אָנגעבען די אורזאַכע פאַר וואָס ער איז אַהינגעגאַנגען, און ווען מיר וועלען אפילו צוגעבען, אַז ער האָט זי געפונען ערמאָרדעט. פאַרוואָס איז ער גלייך ניט געגאַנגען אָנזאָגען זיין פאָטער, און אַנשטאַט דעם, האָט ער זיך ניט וויסענדיג געמאַכט, און געזוכט אָפּצונאַרען. ער האָט זיך צוריקגעלייגט אין בעט כדי צו מאַכען אַלעמען גלויבען, אַז ער איז יענעם פריהמאָרגען גאָר ניט אַרויס פון הויז... איך בין זיכער נעמה, אַז ווען דו וועסט מיט איהם ריידען און פון איהם פאַרלאַנגען אַן ערקלעהרונג, וועט ער דיר זיכער געבען, און דאָס וועט מעגליך איהם ריינוואַשען פון דעם שולד.

— אויב ער וויל ניט אָנגעבען די ערקלערונג צו די שופטים, אין דער צייט ווען מען משפט איהם, ווי אַזוי וועט ער וועלען מיר זאָגען? — האָט נעמה געענטפערט.

— אויב ער האָט דיךווירקליך ליעב וועט ער דאָס געוויס טהאָן. דו וועסט איהם זאָגען, אַז אויב ער וועט דיר ניט דערצעהלען דעם גאַנצען אמת, וועסטו זיך אויך מוזען אָפּקעהרען פון איהם,

ווייל דו וועסט איהם שטענדיג חושד זיין אין דעם מאָרד פון זיין מוטער. איך בין זיכער, אז ווען דו וועסט צו איהם אזוי ריידען, וועט ער דיין פארלאנג ערפילען און אלעס קלאָר מאכען, דאמיט וועסטו איהם אויך פיעל העלפען. איך צווייפעל ניט, אז ווען דיין פאָטער וועט אויסגעפינען, אז יפתח איז אומשולדיג, וועט ער זיכער ניט זיין דאגעגען דיין הייראט צו איהם.

— אָה, ניין מיין האר, איך קען עס ניט טהאָן. איך האָב צו איהם גענוג צוטרויען, און איך פארשטעה, אז ווען עס וואָלט געווען פאר איהם מעגליך אָנצוגעבען די ערקלערונג וואָלט ער דאָס געוויס געטהאָן, אָבער יעצט, אז ער איז געגרייט צו ליידען ערנידערונג און פיליכט א שטראָף, און ער וויל ניט זאָגען, איז א סימן, אז ער קען דיזע ערקלערונג ניט אָנגעבען.

— און די שופטים וועלען עס אָננעמען פאר א סימן, אז ער איז אליין דיזען מאָרד באגאנגען, און ער וועט פאר׳משפט ווערען פאר דיזען פארברעכען... און דו ווייסט דאָך וואָס די שטראָף איז פאר איינעם, וועלכער איז במזיד באגאנגען א מאָרד... יע, ער וועט פארשטיינט ווערען פאר די אויגען פון אלע איינוואוינער פון דער שטאָדט, און דו וועסט אויף זיך טראָגען א טייל פון דער פעראנטווארטליכקייט...

נעמה האָט פארשטעלט איהר פנים מיט איהרע הענט און געוויינט.

— דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעהן!

דאָס וועט קיינמאָל ניט געשעהן — האָט זי געכליפעט — יפתח איז אומשולדיג און ער קען ניט באשטראָפט ווערען פאר א זינד וואָס ער איז ניט באגאנגען.

— דו ביזט די איינציגע, וועלכע וועט צוואונגען עס צו פארלייקענען פון דיר,

דו ביזט די איינציגע, וועלכע וועט איהם קענען ראטעווען! — האָט דער שופט נעמה׳ן א סטראשע געטהאָן. פאָלג מיר פרוביר א רעדט טהאָן מיט איהם, פיליכט וועסטו עפעס קענען ארויסקריגען פון איהם וואָס וועט ווארפען ליכט אויף דיזער גאנצער געהיימנים. איך וועל איהם הייסען אריינפיהרען אין א באזונדערען צימער און דו וועסט קענען אהין אריינקומען, קיינער וועט אייך ניט שטערען. דו וועסט איהם קענען איבערגעבען אלעס וואָס איך האָב דיר געזאָגט, וואָס עס ערווארטעט איהם, אין פאל ער וועט געפונען ווערען שולדיג, און ווען דו וועסט צו איהם צושטעהן וועט ער דיר זיכער געבען די ערקלערונג, אויב ער איז ווירקליך אומשולדיג.

נעמה האָט צוגעשטימט, און אין דער צייט וואָס די שופטים זיינען געווען פארנומען אין אויספרעגען די אנדערע עדות, איז יפתח אריינגעפיהרט געוואָרען אין א באזונדערען צימער. באלד איז אהין אריינגעקומען נעמה. דער שומר איז ארויס פון צימער, איבערלאָזענדיג יפתח׳ן און נעמה׳ן אליין.

— אָה, יפתח! — איז נעמה איהם געפאלען אויפ׳ן האלז — ווי גרויס זיינען דיינע ליידען.

— יע, מיין ליעבע נשמה, גרויס איז מיין אומגליק, מיין טייערע מוטער איז אזוי שוידערליך ערמאָרדעט געוואָרען. איך שווער ביי גאָט, אז איך וועל נעהמען נקמה אָן דעם מערדער פון מיין מוטער.

— ווייסטו דען ווער איהר מערדער איז? — האָט איהם נעמה געפרעגט.

— יע, איך ווייס! — האָט יפתח געענטפערט.

— אויב אזוי פארוואָס זאָגסטו עס ניט פאר די שופטים!

— איך בעט דיר, נעמה, פרעג מיך יעצט ניט. פארוואָס זאָל איך זיין געצוויאנגען עס צו פארלייקענען פון דיר, און איך זעה דאָך, אז דו ביזט די איינציגע, וועלכע איז מיר געבליבען אזוי געטריי. מיין אייגענער פאָטער צווייפעלט אין מיר, מיינע ברידער זוכען מיט אלע מעגליכקייטען די שולד ארויפצווארפען אויף מיר, אזוי ווי איך וואָלט נאָך ניט גענוג געליטען.

— אָבער פארוואָס ווילסטו פארבאָר־

דעם נאָמען פון דעם מערדער? — האָט איהם נעמה געפרעגט.

— איך האָב אן אורזאכע פאר דעם וואָס איך קען עס צו קיינעם ניט ערקלערען. דו וועסט זיין די איינציגע וואָס איך וועל ווען עס איז אלעס דערצעהלען, אָבער ניט יעצט.

— ווייסטו וועגען וואָס דער שופט האָט צו מיר גערעדט? — האָט נעמה געזאָגט.

— איך שטוים זיך אָן, אז ער האָט פון דיר פארלאנגט דו זאָלסט ארויסקריגען פון מיר אלעס וואָס איך ווייס וועגען דעם מאָרד פון דיין מוטער, אָבער, גלויב מיר, נעמה, אז ווען איך וואָלט עס געקענט טהאָן, וואָלט איך געווים ניט געצעגערט לאנג... איין זאך וועל איך דיר זאָגען, אז מיין מוטער איז געפאלען א קרבן צוליעב איהר עהרליכקייט, און צוליעב דעם, וואָס זי האָט געוואָלט איבערלאָזען א ריינעם נאָמען... אָבער ווען איך זאָל פאר די שופטים עפּעס אָנדייטען, דאן וועל איך זיין געצוואונגען אלעס צו דערצעהלען, און וועלען זיי דען וועלען פארשטעהן מיין מוטער'ס לאגע? וואָס עס האָט איהר דערצו געצוואונגען... ניין! יעדער וועט אויסטייטשען ווי ער וועט וועלען... דעריבער האָב איך באשלאָסען, וואָס עס זאָל ניט זיין, וועל איך קיין זאך ניט ארויסגעבען וואָס איך ווייס דערפון.

— אפילו ווען זיי וועלען דיך פאר'משפט'ען צום טויט?

— יע אפילו ווען זיי וועלען מיר פאר'משפט'ען צום טויט, איך וועל בעסער שטארבען, איידער צו דערלאָזען, אז מיין מוטער'ס נאָמען זאָל פארשמוצט ווערען.

— אָבער יפתח, דו וועסט דאָך ניט קענען טהאָן אזא זאך. ווי אזוי וועל איך דיר קענען פארלירען?... איך וועל עס ניט איבערטראָגען, אויב עפּעס זאָל מיט דיר פּאסירען.

— דיינע רייד מאכען מיר זעהר גליקליך, נעמה! און ווען ניט דו וואָלטען מיינע לײדען געווען אונערטרעגליך... יעצט ביזטו מיין טרייסט נאָך דעם פארלוסט פון מיין מוטער. איך האָף נאָר, אז דו וועסט ניט אָנווערען דעם צוטרויען אין מיר און גלויבען אז איך בין אומשולדיג.

— דארפסטו דען מיר זאָגען וועגען דעם! — האָט נעמה געזאָגט. — אפילו ווען דו אליין וואָלסט געקומען און זיך מודה געווען פאר די שופטים, אז דו האָסט דיעזען פארברעכען באגאנגען, וואָלט איך דיר אויך ניט געגלויבט. איך וואָלט פארשטאנען, אז דו האָסט א כונה דערביי... ניין, יפתח, מיין גלויבען אין דיר וועט בלייבען אויף עוויג... איך האָף, אז די שופטים וועלען קענען איינזעהן זייער טעות...

— מיין מוטער איז קיינמאָל ניט גליקליך געווען! — האָט יפתח מיט טרעהרען אין די אויגען געזאָגט — זינט זי איז נאָך א קינד געווען, איז זי מוטערלאָז געבליבען, און איז געצוואונגען געווען צו פארלאָזען איהר פאָטער'ס הויז... און וואנדערען, און אפילו ווען זי איז געוואָרען די פּלגש פון מיין פאָטער, איז איהר אויך ניט געווען וואָס צו מקנא זיין. מרה האָט שטענדיג געזוכט איהר צו שעדיגען, און ווען מיינע ברידער, מרה'ס זיהן זיינען אויפגעוואקסען, האָבען זיי אויך בייגעשטייערט זייער טייל צו פארביטערען דעם לעבען פון מיין מוטער. איך בין געווען איהר איינציגער טרייסט. זי האָט געוואָלט לעבען בלויז צוליעב מיר. א ווי שטאָלץ זי איז מיט מיר געווען... ווי גליקליך זי איז געווען, ווען זי האָט געזעהן, אז איך קריג אָנערקענונג פון די איינוואוינער פון מצפּה... און יעצט איז זי טויט, זי איז געפאלען א קרבן פון א גרויזאמען מערדער, וועלכער האָט שוין לאנג זיין נעץ פארשפּרייט... יע, טייערע נעמה, עס וועט קומען א צייט ווען דו וועסט אלעס וויסען... אָבער בלויז דו און מעהר קיינער ניט!

— איך שווער צו דיר, יפתח, אז וואָס עס זאָל ניט געשעהן, וועל איך בלייבען

געטריי צו דיר. איך האָב דיך ליעב און אָהן דיר איז מיין לעבען גאָרניט ווערטה.

— דו האָסט מיר געגעבען נאָך מעהר מוטה צו קעמפען! — האָט יפתח אויסגערופען — איך האָף, אַז די זון וועט נאָך פאַר אונז ביידען שיינען...

— וואָס זאָל איך זאָגען די שופטים, ווען זיי וועלען מיר פרעגען? — האָט נעמה זיך אָפּגערופען.

— זאָג זיי דעם אמת, אַז איך האָב דיר גאָרניט דערצעהלט.

— אָבער טאָמער וועלען זיי דיך פער'משפט'ען צום טויט? — האָט נעמה געווישט איהרע אויגען.

— וועט דאַן זיין גענוג צייט צו טראַכטען וועגען דעם, אָבער איך גלויב ניט, אַז זיי וועלען מיר קענען פאַר'משפט'ען צום טויט. לויט אונזער תורה קען מען ניט פאַר'משפט'ען איינעם צום טויט פאַר אַ מאָרד, סיידען עס געפינען זיך צוויי עדות, וועלכע קומען זאָגען עדות, אַז זיי האָבען אַליין צוגעזעהן ווי דער באַשולדיגטער האָט דעם מאָרד באַגאַנגען. און דאָס ווייסטו דאָך אַליין, אַז עס איז אונמעגליך... קיינער וועט ניט וואַגען צוקומען זאָגען פאַלשע עדות געגען מיר.

— אַ, יפתח, דו ווייסט ניט וואָס אַלדד קאָן נאָך אויפטהאָן? — האָט נעמה געוואָרענט. זיין צאָרן אויף דיר איז נאָך גרעסער געוואָרען, זינט איך האָב איהם אנטזאָגט, און זינט ער האָט אויסגעפונען, אַז איך האָב דיך ליעב און וועל ווערען דיין פרוי.

— איך האָב פאַר איהם קיין מורא ניט, זיינע רייד וועלען קיין געוויכט ניט האָבען. יעדער איינער וועט קענען איינזעהן, אַז די אייפערזוכט רעדט אין איהם.

אָבער איך גלויב, אַז ער איז פעהיג צו דינגען פאַלשע עדות? — האָט נעמה מיט שרעק געזאָגט.

— דאָס וועט ער געווים ניט טהאָן, ער ווייס, אַז ווען די שופטים געפינען אויס, אַז די עדות זיינען פאַלשע, דאַן דאַרף דער וואָס האָט די פאַלשע עדות געדונגען באַשטראָפט ווערען מיט דער זעלבער שטראָף מיט וואָס דער באַשולדיגטער האָט געזאָלט באַשטראָפט ווערען... און אַזוי וועט אלדד ניט ריזיקירען מיט זיין אייגענעם לעבען. יע, ער איז אַ צו גרויסער פייגלינג פאַר דאָס.

דער שומר איז אריינגעקומען אין צימער און געזאָגט, אַז די צייט איז פאַראיבער און זיי דאַרפען ביידע ערשיינען פאַר די שופטים.

נעמה איז ארויס פריהער דערנאָך איז יפתח ארויסגעקומען אין דער באַגלייטונג פון שומר. יפתח האָט זיך געזעצט אויף זיין פּלאַץ און נעמה איז ווידער אויפגעפאָדערט געוואָרען צו ערשיינען פאַר דעם הויפט פון די שופטים.

וואָס האָסטו אויסגעפונען? — האָט דער שופט איהר געפרעגט ווי נאָר זי האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם.

— איך האָב אויסגעפונען, אַז יפתח איז ריין פון דעם פאַרברעכען, יע ער איז אומשולדיג און ריין ווי אַ נאָך־וואָס געבוירען קינד.

— ווייזט אויס, אַז ער האָט דיר אַלעס דערצעהלט! — האָט דער שופט זיך אָפּגערופען מיט אַ צופרידענעם שמייכעל.

— ניין! ער האָט האָט מיר גאָרניט דערצעהלט! — האָט נעמה גלייך געענטפערט.

— אויב אַזוי פון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז אומשולדיג.

— איך האָב קיינמאָל ניט געצווייפעלט אין זיין אומשולד. איך האָב פריהער געוואוסט, אַז ער איז אומשולדיג און וויפיעל זיינע שונאים וועלען זוכען צו וואַרפען די שולד אויף איהם, וועט זיי ניט געלינגען.

—אָבער ער האָט דאָך דיר געווים ערקלערט דאָ וואָס רצפה האָט איהם געזעהן לויפענדיג יענעם פריהמאָרגען אין דער ריכטונג וואו דער מאָרד איז פאָרגעקומען.

— האָט דען יפתח ווען עס איז אָפּ־

געליקענט רצפה׳ס עדות זאָגען. אָבער דאָס מיינט נאָך ניט, אַז ער איז באַגאַנגען דעם מאָרד.

— אויב ער גיט ניט קיין צופרידענשטעלענדע אורזאַכע פאַר זיין האַנדלונג יענעם פריהמאָרגען, וועלען מיר קיין אַנדער ברירה ניט האָבען ווי צו וואַרפען די שולד אויף איהם. נעמה, ביזטו זיכער, אַז יפתח האָט דיר גאָרניט דערצעהלט.

— איך האָב איהם געפרעגט די אורזאַכע, אָבער ער האָט מיר געענטפערט אַז ער קען מיר יעצט ניט זאָגען און איך האָב איהם פאַרשטאַנען... איך קען שווערען ביי דעם גאָט פון אונזערע אבות, אַז ער איז אומשולדיג!

— דו ביזט נאָך יונג און דו פאַרשטעהסט ניט די ערנסטקייט פון דיינע רייד! — האָט דער שופט געזאָגט — קיינער טאָר ניט שווערען צו אַ זאַך וואָס מען איז ניט זיכער.

— אָבער איך בין זיכער אין דעם! — האָט נעמה אויסגערופען.

— אַ מענש קען זיין זיכער מיט דעם וואָס ער האָט אַליין געזעהן מיט זיינע אויגען אָדער געהערט מיט זיינע אויערען!

— און איך בין זיכער מיט דעם, ווייל איך פאַרשטעה יפתח׳ן, איך ווייס פון זיינע געפיהלען. איך ווייס ווי שטאַרק ליעב ער האָט געהאַט זיין מוטער, און איך קען פאַרשטעהן און מיטפיהלען זיין טרויער אויף דעם אומגליק וואָס עס האָט איהם געטראָפען.

— אָבער דו האָסט דאָך געוויס געהערט אַלדד׳ס באַשולדיגונג. עס איז דאָך מעגליך, אַז דאָס זאָל טאַקע זיין די אורזאַכע פון יפתח׳ס ווענלען פטור ווערען פון זיין מוטער!

— עס איז אַ שענדליכער ליגען! אַלדד אַליין ווייס, אַז דאָס רעדט אין איהם די אייפערזוכט! — האָט נעמה אויסגערופען — און זאָל ער צוקומען און שווערען ביי גאָט, אַז ער אַליין גלויבט אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט.

אַרום איז געוואָרען אַ באַוואַגונג... מרה איז אויפגעשפרונגען פון איהר פלאַץ און אויסגערופען מיט פאַרביטערונג:

— די חוצפה פון אַזאַ אומפאַרשעהמטע איז גרויס! — איך וועל איהר צייגען ווי צו רופען מיין זוהן אַ ליגנער.

— יע, זי האָט קיין רעכט ניט צו ריידען אַזוי וועגען מיין זוהן! — האָט זיך גלעד אריינגעמישט — איך וויל פאַר אַלעמען ערקלערען, אַז אַלדד וועט פון יעצט אָן פאַררעכענט ווערען פאַר מיין ערשט געבאָרענער זוהן.

— אָבער מיין טאָכטער איז גערעכט ווען זי זאָגט, אַז אַלדד איז אייפערזיכטיג! — האָט חפר זיך אריינגעמישט — ניט איין מאָל איז ער געקומען צו מיר בעטען איך זאָל איהם אָפּגעבען מיין טאָכטער פאַר אַ פרוי, און ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז נעמה׳ס האַרץ איז געניינגט נאָך יפתח׳ן, האָט אין איהם אַ צאָרן געברענט און דעריבער באַשולדיגט ער איצט יפתח׳ן.

— אָה, פאָטער! — איז נעמה אַרויפגעפאַלען אויף חפר׳ן און איהם באַדעקט מיט קושען — דו גלויבסט אויך, אַז יפתח איז אומשולדיג?

— יע, מיין טאָכטער, איך גלויב דיר און ווען דו זאָגסט, אַז ער איז אומשולדיג איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט. איך האָב פריהער געהאַלטען אַ סך מעהר פון אַלדד׳ן, אָבער יעצט האָט ער ביי מיר זיין גאַנצען חן פאַרלאָרען.

— ווער ביזטו עס, אַז מיין זוהן זאָל זוכען צו געפינען חן אין דיינע אויגען? — האָט מרה זיך אַ קרים געטהאָן. דו קומסט פון די נידעריגע שיכטען פון פאָלק, און איך בין שטענדיג געווען דאַגעגען, אַז מיין זוהן זאָל דיין טאָכטער נעמען פאַר זיין פרוי...

— דאַן מוז אַלדד געוויס זיין אַ ליגנער! — האָט חפר אַ זאָג געטהאָן, ווייל ניט לאַנג צוריק איז ער געקומען און האָט מיר דערצעהלט, אַז זיין מוטער שטימט איין ער זאָל נעמען מיין טאָכטער פאַר אַ פרוי.

— האָסטו עס אַזוי געזאָגט צו חפר׳ן,

מיין **זוהן**? האָט מרה זיך געווענדעט צו אלדד'ן.

— המ... יע, מוטער... איך האָב געמיינט... דו געדיינקסט ווען דו האָסט...

— נו, רייד ניט קיין נאַרישקייטען, מיין זוהן! דו ווייסט דאָך, אַז איך וואָלט קיינמאָל ניט צוגעשטימט צו אַזא שידוך.

— און איך געוויס ניט! — האָט חפר אויסגערופען מיט שטאָלץ.

**זעה נאָר וועך עס וואָלט ניט איינגעשטימט! — האָט מרה אויסגערופען.**

די שופטים האָבען איינגעשטילט די קריגענדע און זיי האָבען באַנייט די אויספאָרשונג.

מען האָט ווידער גענומען יפתח'ן אויף'ן קרייץ פאַרהער, אָבער מען האָט פון איהם גאָר ניט געקענט ארויסקריגען. עס האָבען ניט געהאָלפען אַלע דראָהונגען. יפתח האָט ניט גערעדט. דער געהיימניס פון רעומה'ס טויט, איז געבליבען פאַרזיגעלט אַזוי ווי אין דעם ערשטען טאָג, ווען דער מאָרד האָט פּאַסירט.

גלעד האָט מיט א שטרענגע שטימע גענומען בעפוילען יפתח'ן, ער זאָל דערצעהלען אַלעס וואָס ער ווייס וועגען זיין פּלגש'עס טויט, אָבער יפתח האָט גאָרניט גערעדט.

א היבשע ווײַלע האָבען זיך די שופטים בעראַטהען צווישען זיך אָבער זיי האָבען ניט געקענט קומען צו קיין בעשלוס. זיי האָבען אַלע מודה געווען אַז מען קען יפתח'ן ניט פערמשפּט'ן צום טויט אפילו ווען זיי זאָלען אַלע גלויבען אַז ער איז שולדיג, ווייל קיינע עדות וועלכע האָבען דעם מאָרד צוגעזעהן זיינען דאָך ניטאָ.

נאָך א בעראַטונג מיט די עלטסטע פון שטאָדט האָבען די שופטים ארויסגעגעבען זייער אורטייל:

"אַזוי ווי יפתח האָט אַליין מודה געווען, אַז ער איז יענעם פריהמאָרגען, ווען זיין מוטער איז ערמאָרדעט געוואָרען געווען אויף דעם פּלאַץ נאָך איידער אימיצער אַנדערש האָט פון דעם מאָרד געוואוסט, און אַזוי ווי ער קען ניט אָדער וויל ניט געבען קיין ערקלעהרונג וועגען זיין האַנדלונג, האָבען די שופטים קיין אַנדער ברירה ווי צו ערקלעהרען איהם שולדיג אין דעם מאָרד פון זיין מוטער, אָבער לויט דעם דין פון אונזער הייליגער תורה קען ער ניט בעשטראָפט ווערען מיט דעם טויט, ווייל עס זיינען ניטאָ קיין עדות וועלכע האָבען אַליין צוגעזעהן דעם מאָרד, דעריבער איז אונזער בעשלוס אַז יפתח האָט פערלאָרען אַלע רעכטע אַלס בירגער פון אונזער שטאָדט, און מיר ראַטהען גלעד'ן אַז יפתח זאָל ניט זיין בערעכטיגט צו קיין ירושה. יע, האָבען א רעכט איהם אין גאַנצען צו פערטרייבען פון שטאָדט".

יפתח איז געשטאַנען מיט א געבויגענעם קאָפּ און זיך צוגעהערט צו דעם אורטייל.

די פערזאַמעלטע האָבען זיך צוגאַנגען, יעדער צו זיין היים.

יפתח האָט זיך ניט גערירט פון פּלאַץ.

— דו קענסט געהן — האָט דער ראש פון די שופטים זיך אויפגעהויבען פון פּלאַץ. אויב דיין פאָטער און דיינע ברידער וועלען דיר וועלען האָבען **איז** זייער הויז, וועט מען זיי דאָך ניט צווינגען זיי זאָלען דיר ארויסטרייבען. כאָטש זיי האָבען פולען רעכט דערצו.

יפתח האָט מיט לאַנגזאַמע טריט זיך געלאָזט צום ארויסגאַנג. א טרויער האָט איהם בענומען. ער האָט זיך געפיהלט אַזוי איינזאַם און פערלאָזען. ער איז געבליבען שטעהן אין דרויסען, אומבעשלאָסען וואָס צו טהאָן און וואוהין צו געהן.

פלוצלונג האָט זיך צו זיינע אויערען דערטראָגען א שטימע: "יפתח"! ער האָט אומגעקעהרט זיין קאָפּ און האָט דערזעהן נעמה'ן שטעהענדיג נעבען איהם.

א שטראַהל פרייד האָט זיך צוגאָסען

איבער זיין קערפּער. ע[illegible]ריק־געקראָגען זיין מוטה און האָפנונג.

נעמה! — האָט ער א[illegible] — דו ביזט מיט מיר געבלי[illegible]..

— איך בין אזוי צופרידען וואָס דו ביזט פריי! — האָט נעמה זיך אָפּגערופען.

— פריי? אַ יע, איך בין פריי, איך דאַרף ניט געהן צוריק אין געפענגניס אָבער זיי האָבען דאָך מיר געשטעמפּעלט אַלס דער מערדער פון מיין מוטער, זיי האָבען פון מיר אוועקגענומען אַלע בירגערליכע רעכט און יעדער איינער וועט קענען מיט מיר טהאָן וואָס ער וויל.

— זאָרג ניט יפתח! — האָט נעמה געזאָגט — עס וועט לאַנג ניט נעהמען, און אַלע וועלען אויסגעפינען אז דו ביזט אומשולדיג... איך בין זיכער אַז די שופטים ווייסען אליין אז דו ביזט אומשולדיג אָבער זיי האָבען דורך זייער אורטייל דיך געוואָלט צווינגען דו זאָלסט אָנגעבען די ערקלערונג וואָס דיר האָט באוואויגען נאָכצוגעהן דיין מוטער. אָבער ווען אַ שטיקעל צייט וועט פאַריבער וועלען אַלע אָן דעם פאַרגעסען.

— איך וויים ניט וואוהין איך זאָל יעצט געהן, מיינע ברידער וועלען האָבען אַ רעכט מיך צו פערטרייבען פון פאָטער'ס הויז.

— דיין פאָטער וועט ניט דערלאָזען דערצו! — האָט איהם נעמה געטרייסט.

— האָסטו דען ניט געהערט ווי מיין פאָטער האָט איבערגעגעבען אלדד'ן דאָס רעכט אַלס בכור. יעצט וועט ער מיר שוין גאָרניט וועלען אנערקענען אַלס זיין זוהן.

— דאָס איז אוממעגליך! — האָט נעמה אויסגערופען. דיין פאָטער האָט דיך נאָך געוויס ליעב, און ער וועט ניט דערלאָזען אז דיינע ברידער זאָלען דיר שלעכט בעהאַנדלען.

— מיין מוטער איז טויט. מיין פאָטער איז אין גאַנצען אונטער דעם איינפלוס פון מרה'ן און איהרע זיהן, איך האָב פערלאָרען אַלע מיינע רעכט... קיינער וועט זיך פאַר מיר ניט אָנגעהמען. אַלע האָבען זיך פון מיר אָפּגעקערט. מיינע גוטע פריינד האָבען אפילו קיין פערזוך ניט געמאַכט אויף מיר אַ גוט וואָרט צו זאָגען... דו נעמה, דו ביזט די איינציגע...

— און מיין פאָטער איז אויך דיין פריינד! — האָט נעמה געזאָגט — ער האָט איינגעזעהן אז דיינע שונאים זוכען דיר בלויז צו שעדיגען. און ער גלויבט אז דו ביזט אומשולדיג.

— אָבער ער איז דאָך אויך אוועק!

— האָט יפתח זיך אָפּגערופען מיט פערדרוס. דו ביזט די איינציגע וועלכע איז מיט מיר פערבליבען...

— דו ווייסט דאָך, יפתח, אז מיין פאָטער איז איינער פון די אָרימסטע פון שטאָדט, און ער וועט ניט קענען געהן געגען דעם בעשלוס פון די שופטים. אָבער מיר אַרט ניט. אפילו ווען מיין פאָטער וועט ניט וועלען צושטימען, געהער איך דיר אויף אייביג.

— איך האָב מורא אז איך האָב קיין רעכט ניט אָנצונעמען דיין קרבן וואָס דו ברייגגסט פאַר מיר — האָט יפתח געזאָגט מיט אַ טרויעריגע שטימע — אויב מיינע ברידער וועלען מיר פערטרייבען, וועל איך זיין געצוואונגען צו וואַגלען פון פּלאַץ צו פּלאַץ, און מיט וואָס פאַר אַ רעכט קען איך פערלאַנגען פון דיר, דו זאָלסט מיט מיר מיטוואָגלען.

— יפתח, איך בין דיינע און דו געהערסט צו מיר! דיין גורל וועט אויך זיין מיין גורל סיי אין פרייד און סיי אין לייד. איך וויל זיך מיט דיר טיילען אין אַלעם. געה יעצט אהיים, און איך וועל קומען אָנזאָגען מיין פאָטער אז איך געהער צו דיר, איך וועל ווערען דיין פרוי און קיין זאַך אין דער וועלט וועט מיר ניט אָפּהאַלטען... געה יפתח, צו דיין פאָטער. די ערשטע עטליכע טעג וועט פאַר דיר פיליכט זיין זעהר ענג אין דיין פאָטער'ס הויז, ביסלעכווייז אָבער וועסטו זיך צוגעוואוינען. דיין פאָטער וועט זיך ארומזעהן אז אַן אומ־

רעכט איז בעגאַנגען געוואָרען געגען דיר.

— מיין מוטער איז טויט, און מיין פאָטער'ס הויז איז פאַר מיר ענג געוואָרען... דאָך וועל איך אהין געהן יעצט. ווייל עס איז דער איינציגער פּלאַץ פאַר מיר פערבליבען.

— איך וועל צוקומען אביסעל שפּעטער! — האָט נעמה געזאָגט.

— ניין, דו געה ניט אהין! — האָט יפתח זיך אָפּגערופען. דו ווייסט דאָך ווי מרה און אלדד וועלען דיך אויפנעהמען. איך וועל דיך בעסער טרעפען אין אן אנדער פּלאַץ.

— מרה וועט מיר קיין שלעכטעס ניט טהאָן — האָט זי געזאָגט — איך וועל דאָך קומען צו דיר און ניט צו איהר.

— פונדעסטוועגען בעט איך דיר אז דו זאָלסט אויף מיר וואַרטען ניט ווייט פון דאנען. איך וועל צו דיר קומען און איבערגעבען אלעס וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט.

יפתח איז אוועק אין דער ריכטונג פון זיין פאָטער'ס הויז. א ווײלע איז נעמה געבליבען שטעהן און איהם באַגלייט מיט איהרע בליקען, ביז וואַנען ער האָט זיך מעהר ניט געזעהן, און ווען זי האָט זיך אומגעקעהר צו געהן אהיים, האָט זי פּלוצלונג בעמערקט רצפה'ן די טאָכטער פון זבד, געהענדיג איהר ענטקעגען.

נעמה האָט זיך געוואָלט ניט זעהענדיג מאַכען, אָבער רצפה איז צו איהר צוגעקומען און מיט א וויינענדיגע שטימע זיך אָפּגערופען:

— אָ, נעמה, ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי שטאַרק איך לייד פון דעם, וואָס צוליעב מיר איז יפתח בעשולדיגט געוואָרען אין אזא שווידערליכען פערברעכען. אָבער גלויב מיר, איך האָב ניט געוואָלט געהן זאָגען, אָבער נאָך דעם ווי איך האָב געהערט וואָס די זקנים האָבען געזאָגט אז דער וועלכער וויים עפּעס וועגען דעם מאָרד, און וויל ניט זאָגען, בעגעהט א זינד. איך בין זיכער אז יפתח האָט דיזען פערברעכען ניט בעגאַנגען... אָבער צוליעב דעם וואָס ער האָט ניט געוואָלט ערקלערען פאַר וואָס ער איז געזעהן געוואָרען יענעם פריהמאָרגען, האָט מען איהם בעשולדיגט און דריבער פיהל איך זיך שולדיג... ווייל ווען ניט איך וואָלט גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלען איהם צו בעשולדיגען.

— יפתח טראָגט אויף דיר ניט קיין כעס צוליעב דעם, ער פערשטעהט אז דו האָסט געדאַרפט זאָגען אלעס וואָס דו ווייסט וועגען דעם. דו זעהסט דאָך אז ער האָט אפילו ניט געמאַכט קיין פערזוך צו פערלייקענען...

— אָ, איך ווייס ווי שטאַרק ער האָט ליעב געהאַט זיין מוטער. ווי אזוי קאָן מען איהם בעשולדיגען אין אזא זאך?

— האָט רצפה געזאָגט — איך בעט דיך, נעמה, בעט יפתח'ן ער זאָל מיר מוחל זיין... ווען איך וואָלט געוואוסט אז מיין עדות זאָגען וועט איהם אזוי פיעל צרות פערשאַפען, וואָלט איך עס געוויס ניט געטהאָן! איך מוז דיר זאָגען דעם אמת, אז ניט איינמאָל האָב איך געזעהן רעומה'ן געהענדיג גאַנץ פריה אין דערזעלבער ריכטונג... אָבער ווער וואָלט עס געטראַכט אז זי זאָל האָבען אזא שרעקליכען סוף. איך האָב געמיינט אז זי האָט ליעב אוועקצופאַהרען צו די פעלדער גאַנץ פריה. צו הערען ווי די פויגעל בעגריסען דעם אָנקומען פון טאָג... רעומה איז געווען אזא ליעבליכע און גוטהערציגע פרוי... ווען איך דערמאָן זיך ווי זי איז געלעגען א טויטע, — געהט א שוידער דורך מיין לייב... ווי עס ווייזט אויס וועט איהר מאָרד פערבלייבען א געהיימניס? אָבער איך ווייס אז איך טאָר זיך יעצט ניט מישען... דאָך מוז איך דיר זאָגען אז רעומה איז זעהר ניט גוט בעהאַנדעלט געוואָרען פון מרה'ן. ניט איינמאָל האָב איך געהערט ווי זי פלעגט איהר בעליידיגען און וואָס איז געווען דאָ, נאָך איידער יפתח איז געבאָרען געוואָרען? איך געדענק נאָך גאַנץ גוט ווי אזוי מרה

האָט געזוכט צו פערשטאַרקען דעם בלבול וואָס עמרי האָט אויף איהר געמאַכט, ווי צופרידען זי איז געווען ווען די שופטים האָבען איהר פערמשפט ארויסגעטריבען צו ווערען פון מצפה... אָ, זי האָט קיין איינציגען גוטען טאָג ניט געהאט זינט גלעד האָט איהר פאַר זיין פלגש גענומען.

— איך האָף אז יפתח וועט ניט דאַרפען אזוי פיעל ליידען פון מרה'ן און איהרע זיהן! — האָט נעמה זיך אָפּגערופען צו רצפה'ן. דערווייל, זעה איך אז אפילו זיין אייגענער פאָטער האָט זיך פון איהם אָפּגעקעהרט.

— איך געדענק נאָך ווי גליקליך גלעד האָט זיך געפיהלט ווען רעומה האָט איהם געבאָרען יפתח'ן. איך בין דאָך אויף זיין ברית געווען... אָ, דו ווייסט וואָס מיר איז נאָר וואָס איינגעפאַלען?

— האָט רצפה אויסגערופען — איך האָב זיך נאָר וואָס דערמאָנט אז בען האָט אריינגעוואָרפען א פאַרמעט דורך דעם פענסטער, וואו מען האָט רעומה'ן געסטראַשעט. פיליכט האָט עס צו טהאָן מיט איהר מאָרד... איך האָב גאָר פערגעסען דאָס פאָרצוברייינגען פאַר די שופטים.

— זינט דאַן איז שוין אריבער צוואַנציג יאָהר — האָט נעמה געענטפערט. און דער איינציגער וועלכער האָט לויט די מיינונג פון אַלעמען, געקענט סטראַשען רעומה'ן איז געווען דער פריסטער פון "מלך" אָבער ער איז שוין לאַנג טויט...

— אויב אזוי האב איך מורא אז מען וועט קיינמאָל ניט דערגעהן דעם אמת, און ווען יפתח וואָלט מיר געפאָלגט, וואָלט ער געדאַרפט דערצעהלען אַלעם וואָס ער ווייס. און דאַמיט אראָפּנעהמען דעם שאַנדפלעק וואָס מען האָט אויף איהם ארויפגעוואָרפען.

— יפתח ווייס וואס ער טהוט! — האָט נעמה געענטפערט און זי האָט זיך ענטשולדיגט פאַר רצפה'ן און איז גלייך אוועק אהיים, צו איהר פאָטער.

## זיעבעטער קאַפּיטעל.

נאָכדעם ווי גלעד, מרה און זייערע זיהן האבען זיך אומגעקעהרט אהיים פון בית המשפט, האבען זיי ניט אויפגעהערט צו ריידען פון יפתח'ן.

— געלויבט איז גאָט וואס ער האט מיר געבענשט מיט אנדערע זיהן! — האט גלעד זיך אָנגערופען צו מרה'ן — יפתח האט פערלאָרען אין גאנצען דעם חן אין מיינע אויגען, ער וועט פון יעצט אָן פעררעכענט ווערען ווי א פרעמדער אין מיין הויז.

— און איך זאג דיר, גלעד, אז נאָכדעם ווי יפתח איז ערקלעהרט געוואָרען שולדיג ביי די שופטים, טאָר ער זיך ניט געפינען אין אונזער הויז. זעהר א פיינעם ביישפיעל וועט ער ציינגען פאר מיינע זיהן.

— ווען איך נעהם זיך גוט אריינטראַכטען וועגען דעם, קען איך ביי זיך ניט בעשליסען צו גלויבען, אז יפתח זאל האבען ערמאָרדעט זיין אייגענע מוטער... גאנץ אָפט פערדריסט מיר וואס איך האב געגען איהם אזוי געהאנדעלט, און איינגעשטימט מיט די שופטים, אז ער איז שולדיג.

— אויב ביי דיר איז נאָך א צווייפעל איז ביי מיר און מיינע זיהן קיין צווייפעל ניטאָ, אז יפתח איז שולדיג... דו האָסט דאָך געהערט ווי אלדד האָט ערקלעהרט די אורזאכע און דו אליין ווייסט דאָך, אז יפתח האט דאָך יענעם פריהמאָרגען אָפּגענאָרט. ער האט זיך געמאכט שלאָפענדיג, ניין, גלעד, יפתח טאָר זיך ניט געפינען אין אונזער הויז.

— איך וועל זיך ניט מישען, אלדדן און זיינע ברידער וועל איך בעפאָלמעכטיגען צו טהאן וואס זיי ווילען מיט יפתח'ן.

מרה האט צוגערופען איהרע זיהן און זיך צו זיי אָפּגערופען:

— אייער פאָטער האט מיר נאָר וואס געזאגט, אז ער לאָזט איבער דאס רעכט צו אייך צו טהאן מיט יפתח'ן וואס איהר פערלאנגט. אויב איהר ווילט וועט

ער בלייבען אין אונזער הויז און זיך טהיילען מיט אייך אַלעס ווי עס וואלט מיט איהם גאָרניט פּאסירט, און ווען איהר ווילט קענט איהר איהם אין גאנצען פערטרייבען פון הויז, ווייל די שופטים האבען פון איהם אוועקגענומען די גאנצע רעכט. און ער האט קיין רעכט ניט צו ירשנ'ען צוזאמען מיט אייך.

— מיר ווילען איהם ניט האבען אין אונזער הויז !— האט אלדד אויסגערופען.—מיר ווילען ניט אז ער זאל ירשנ'ען צוזאמען מיט אונז !!

— מיר ווילען ניט אז ער זאל ירשנ'ען צוזאמען מיט אונז !—האבען די אנדערע ברידער ווידערהאָלט אלדדס רייד.

— אָט קומט אָן יפתח !—האט מרה אויסגערופען—טהוט ווָ,ס איהר ווילט מיט איהם.

---

אומעטיג, נידערשלאָגען מיט א געבראָכען געמיטה האט זיך יפתח אריינגעשלייכט אין הויז... ער האט געגומען געהן צו זיין צימער אבער איידער ער האט נאך זיין טיהר געעפענט, איז צו איהם צוגעגאנגען אלדד און זיך אָפּגערופען :

— יפתח, דו קענסט מעהר ניט וואהנען צוזאמען מיט אונז. און געוויס האָסטו ניט קיין רעכט זיך צו טיילען די ירושה מיט אונז. דעריבער האבען מיר בעשלאָסען דיך צו פערטרייבען פון אונזער פּאָטער'ס הויז.

יפתח איז געבליבען שטעהן אויף זיין פּלאַץ.

— און מיין פאָטער ?—האט ער געפרעגט.

— ניט נאר אונזער פּאָטער, אָבער די זקנים שופטים און אלע איינוואהנער פון אונזער שטאָדט, האבען אונז געגעבען דאס רעכט דיך פון אונזער הויז צו פערטרייבען. מיר ווילען ניט פערקעהרען מיט איינעם וועלכער איז דער מערדער פון זיין אייגענער מוטער, און אפילו ווען דו וואלסט דיין מוטער ניט ערמאָרדעט, וואָלסטו ניט געקענט ירש'ענען צוזאמען מיט אונז ,ווייל דו ביזט א זוהן פון א פלגש, און דערצו א...

יפתח האט פערשטייפט זיין פויסט און געוואלט געבען אלדד'ן פערזוכען דעם טעם פון זיין מעכטיגען פויסט, אָבער ער האט זיך בעהערשט, ער האט געוואוסט, אז ער וועט נאך ערגער מאַכען, ווען ער וועט זיך יעצט אָנפאנגען צו שלאָגען. ער האט אומגעדרעהט זיין קאָפּ און דערזעהן זיין פּאָטער שטעהענדיג אָן א זייט צוזאמען מיט מרה'ן.

יפתח האט געווארפען א בליק אויף זיין פאטער ווי ער וואלט געוואלט הערען וואס ער האט צו זאגען וועגען די חוצפה'דיגע רייד פון אלדד'ן. גלעד אָבער האט אָפּגעווענדעט די קאָפּ פון איהם.

— פּאָטער וועסטו עס דערלאָזען איך זאל פערטריבען ווערען פון דיין הויז ? —האט יפתח זיך צו איהם געווענדעט.

— דו ביזט שוין מעהר ניט מיין זוהן!

—האט גלעד איהם טרוקען געענטפערט.

—ווען דו האסט בעגאנגען אזא שוידערליכען פערברעכען וויל איך גאָר ניט וויסען פון דיר.

— און דו גלויבסט נאך אלץ, אז איך האב מיין מוטער געטויטעט ?—האט יפתח איהם געפרעגט און טרעהרען האָבען זיך איהם געשטעלט אין די אויגען.

— ביזטו דען ניט געפונען געווארען שולדיג ביי די זקנים און שופטים ? ביז וואנען דו וועסט מיר ניט אָנגעבען קיין ערקלעהרונג פון דיין האנדלונג אין דער טאָג פון מאָרד, און ביז וואנען דיין אומשולד וועט זיך ארויסציינען, וויל איך פון דיר ניט הערען און וויסען !— האט גלעד געזאגט מיט כעס.—דו וועסט דארפען טהאָן ווי מיינע זיהן פערלאנגען פון דיר. דו וועסט דארפען פערלאָזען מיין הויז...

— פּאָטער, עס וועט קומען א צייט און דו וועסט זיך ארומזעהען, אז איך בין אומשולדיג ?—האט יפתח געזאגט מיט א נידעריגע שטימע.—דו וועסט

איינזעהן, אז איך האב ניט פערדינט אזא בעהאנדלונג פון דיר.

— ווען די צייט וועט קומען און דיין אומשולד וועט ארויסגעבראכט ווערען, וועל איך דיר צוריק פעררעכענען פאר מיין זוהן. אָבער דערווייל האָסטו קיין חלק ניט און נחלה ניט אין מיין הויז...

— דאן וועל איך פיליכט זיך ניט וועלען אומקעהרען — האט יפתח מיט שטאָלץ געזאגט.

— די חוצפה פון דעם זוהן פון א פלגש! — האט מרה אויסגערופען מיט כעס. געה ארויס פון דאנען, אזוי שנעל ווי דו קענסט, און קעהר זיך קיינמאָל ניט אום, מיר ווילען דיר ניט קענען!

— איידער איך פערלאָז דיין הויז וויל איך דו זאָלסט מיר טהאן א געפעליגקייט! — האט זיך יפתח אָפגערופען צו זיין פאָטער.

— וואס איז דיין פערלאנג?

— איך פערלאנג אז דו זאלסט מיר אָפגעבען מיין מוטער'ס האלזבאנד און רינג... איך וויל דאס האבען אז אנדענקונג פון מיין ליעבער מוטער.

— אן אנדיינקונג פון זיין ליעבער מוטער! — האט מרה זיך א קרים געטהאָן. — דו ווילסט עם פערקויפען!

— איך שווער דיר, פאָטער, אז איך וועל עם קיינמאָל ניט פערקויפען. איך וועל דאס טייער האלטען ביז דעם לעצטען טאג פון מיין לעבען. איך וויל האבען עטוואס אן אנדענקונג פון מיין מוטער.

— גוט, איך וועל דיר דאס געבען! — האט גלעד געזאגט, — כאָטש דו האסט עס זיכער ניט פערדיענט.

גלעד איז אריין אין א צווייטען צימער און ער איז באלד צוריק ארויס פון דאָרטען.

— אָט האסטו דעם האלזבאנד און דעם רינג פון דיין מוטער — האט ער זיי דערלאנגט יפתח'ן.

יפתח האט עס גענומען און ניט ריידענדיג קיין ווארט האט ער פערלאָזען זיין פאָטערס הויז.

א ווייל איז יפתח געשטאנען אין דרויסען ניט וויסענדיג וואס צו טהאן, און וואוהין צו געהן. באלד האט ער פון וויטען בעמערקט ווי נעמה קומט אָן.

א גליקליכע פרייד האט דורכגענומען זיין קערפער. ער האט צוריקגעקראָגען זיין מוטה. זיינע אויגען האבען גענומען לייכטען פון גליק, און ער האט אויף א ווייל פערגעסען, אז מען האט איהם נאָר וואס פערטריבען פון זיין פאָטער'ס הויז.

— נעמה! — איז ער איהר ענטקעגען געלאפען — א ווי גליקליך איך בין דיך צו זעהן.

— נו, יפתח, ווי האָסטו אויסגעמאכט אין דיין פאָטער'ס הויז? — האט זי איהם געפרעגט.

ווידער האט אן אומעט בעדעקט זיין פנים.

— וואס האט פאסירט, יפתח?

— מיינע ברידער האבען מיך פון הויז פערטריבען!

— און דיין פאָטער? האט ער דאס דערלאָזען.

— ער האט זיי דאס רעכט געגעבען... יעצט בין איך א פרעמדער דאָ אין מצפה, יע, נאָך ערגער ווי א פרעמדער, קיינער וועט ניט וועלען קומען אין בעריהרונג מיט מיר...

— זארג ניט, יפתח! — האט נעמה זיך אָפגערופען — דו וועסט זיין ווילקאָמען אין מיין פאָטער'ס הויז. איך האב מיין פאָטער געזאגט, אז איך וועל ווערען דיין פרוי און ער האט ניט דאגעגען.

— אָבער איך ווייס ניט, אויב איך האב א רעכט צו פאלען צו לאסט צו דיין פאָטער! — האט יפתח געזאגט — דו ווייסט דאך, אז די זקנים און שופטים האבען פון מיר אוועקגענומען דאס רעכט פון א בירגער, און יעדער וועט האבען א רעכט צו טהאָן מיט מיר וואס ער וויל.

— געלויבט איז גאט וואס ער האט דיך געבענשט מיט כוח און דו וועסט זיך קענען בעשיצען געגען דיינע אָנגריי-

פער, קום מיט מיר צו מיין פאָטער'ס הויז.

— ניין, לאָמיר פריהער אוועקשפּאַצירען הינטערן שטאָדט. איך האב מיט דיר זעהר פיעל צו ריידען, און דאָרטען וועלען מיר אויך בעשליסען וואס צו טהאָן.

נעמה און יפתח זיינען אריין אין א זייטיגע געסעל. און פון דאָרטען זיינען זיי אומבעמערקט אוועק ביז הינטער דער שטאָדט.

— מיין ליעבע נעמה !—האט יפתח געזאגט צו איהר — יעצט אז איך בין ארויסגעטריבען געווארען פון מיין פאָטער'ס הויז, און איך בין פערהאסט ביי יעדען איינעם פון שטאָדט, קיינער וועט ניט וועלען קומען אין בעריהרונג מיט מיר, ווי אזוי קען איך פערלאנגען אז דו זאלסט ברענגען אזא קרבן פאר מיר. איך וועל שוין אין מצפה ניט קענען פערבלייבען, איך וועל זיין געצוואונגען אויסצואוואנדערען... וואס פאר א גליק קען דיר ערווארטען מיט אזא מאן ווי איך ? און דו ביזט נאך אזוי יונג, צארט און שעהן, פארוואס זאָלסטו דיין גורל פערבינדען מיט מיינעם ?

— אָה, יפתח, איך בעט דיר רייד ניט אזוי, דו ווייסט דאך, אז איך האב דיך ליעב מעהר פון אלעם אין דער וועלט. איך וועל דיך ניט פערלאָזען, איך וועל זיך אלעם טהיילען מיט דיר, דו וועסט זיין ביי מיין פאָטער אין הויז, ביז וואנען דו וועסט קאָנען זעלבסשטענדיג זיין. מיר וועלען צוזאמען פיטערען די שאָף פון מיין פאָטער. איך וועל דיר זינגען שעהנע ליעדער און פלעכטען קרוינען פון בלומען אויף דיין קאָפּ... מעגליך, אז גאט וועט אונז העלפען און מיר וועלען אליין אויך פערמאָגען אביסעל שאָף, דאן וועט אונזער גליק זיין פערפולט. מיר וועלען צונויפשטעלען אונזער געצעלט גאנץ ווייט פון דאנען, מיר וועלען לעבען אפּגעזונדערט און זיין גליקליך.

— און דו האסט צו מיר צוטרויען?

—האט יפתח געפרעגט נעמה'ן — דו גלויבסט, אז איך בין אומשולדיג אין דעם מאָרד פון מיין מוטער.

— ווען דו אליין וואלסט געקומען און מיר געזאגט וואלט איך דיר ניט געגלויבט, יפתח !—האט נעמה געזאגט מיט א שמייכעל.

— אָבער דו האסט דאך ביי מיר קיין ערקלעהרונג ניט געפרעגט ווי אלע אנדערע האבען עס געטהאן... ווילסטו דען ניט אויסגעפינען אלעם וואס האט פּאַסירט יענעם טרויעריגען פריהמאָרגען ?

— ווען דו וועסט געפינען פאר נויטיג מיר צו דערצעהלען וועל איך זיך צוהערען—האט נעמה געענטפערט—אָבער דו מעגסט זיכער זיין, אז זינט יענעם טאג איז ביי מיר דער מינדסטער צווייפעל ניט געווען, אז דו ביזט אומשולדיג... און וואס עס זאל ניט געשעהן, וועל איך מיין מיינונג ניט ענדערען.

— מיין צוטרויען אין דיר איז אויך זעהר גרויס !—האט יפתח געזאגט.— און איך האב בעשלאָסען דיר אלעס צו ענטדעקען. אָבער דו וועסט מיר מוזען געבען דיין ווארט, אז וואס עס זאל צווישען אונז ביידען געשעהן, זאל דיזער סוד זיין פארזיגעלט אין דיין הארצען... און אויב, נאכדעם ווי דו וועסט אלעס וויסען וועסטו זיך נאך אלץ וועלען פערבינדען מיט מיר, דאן וועלען מיר הייראטהען...

— איך פערשפּרעך דיר ! — האט נעמה געזאגט—און איך זאג דיר פאראויס, אז וואס דו זאלסט מיר ניט דערצעהלען וועט עס צו מיר קיין אונטערשייד ניט מאכען.

— לאָמיר זיך צוזעצען אויפ'ן גראָז און איך וועל דיר דערצעהלען ! — האָט יפתח געזאגט.

נעמה און יפתח האבען זיך געזעצט אויפ'ן גראָז ארומקוקענדיג אויב קיינער הערט זיי ניט, און יפתח האט אָנגעפאנגען :

— איידער איך געה דיר דערצעהלען אלעס וואס האָט פּאסירט, וויל איך דיר

פערזיכערען, אז כאָטש מיין מוטער האָט, איידער זי איז געוואָרען מיין פאָטער'ס פלגש, געהאט א פלעק אויף איהר פערגאנגענהייט, איז זי דאך געווען די גאנצע צייט ביז איהר טויט, עהרליך און געטריי מיין פאָטער. דיר איז דאָך געוויס בעקאנט דער בלבול וואס עמרי האט אויף איהר געמאכט, איידער איך בין געבאָרען געווארען. כאָטש אלע האָבען אויסגעפונען, אז עס איז געווען א בלבול אויף איהר, פונדעסטוועגען איז מיין מוטער שטענדיג געווען אין שרעק, מען זאל אויף איהר קיין צווייטען בלבול ניט מאכען—בפרט נאכדעם ווי איך בין געבאָרען געווארען, ווייל מיין מוטער האט מיך זעהר שטארק ליעב געהאט און זי האט ניט געוואלט, אז איך זאל ליידען דורך דעם וואס זי וועט קריגען א שלעכטען נאָמען. יעצט האף איך וועסטו בעסער פערשטעהן פארוואס מיין מוטער האט זיך, וועלענדיג אויסהיטען מעהר פערפלאָנטערט...

יפתח האט זיך א ווײלע אָפּגעשטעלט, ווי עס וואלט איהם געווען שווער צו ריידען, און נאָך א קליינער פויזע האָט ער פאָרטגעזעצט:

— ווען מיין מוטער איז געווען אין רבה, די הויפּט שטאָדט פון עמון, פלעגט איהר קומען בעזוכען אן עמוני, מיט'ן נאָמען גרים.

— איז ער דערזעלבער גרים, וועגען וועמען דו האסט מיר נאך לאנג צוריק דערצעהלט, אז ער פלעגט קומען האנדלען מיט דיין פאָטער?

— יע, דערזעלבער! אָבער דאן האב איך נאך אליין ניט געוואוסט, אז זיינע אָפטע בעזוכען האבען געהאט אן אנדער צוועק. ער איז דורך דעם וואס ער האט געהאָלפען מיין פאָטער צו געפינען מיין מוטער, געווארען ענגער בעפריינדעט מיט מיין פאָטער, און ער האט אויסגענוצט די געלעגענהייט צו פערפאָלגען מיין מוטער, ער האט איהר געמאכט אומווירדיגע פאָרשלאגען אָבער מיין מוטער האט זיך ניט אונטערגעבען. דאן האָט ער אריינגעקראָגען דעם פארמעט וואס מען האט אריינגעווארפען אין הויז בעת מיין ברית. און ער האט איהר אָנגעהויבען צו סטראשען, אז ער וועט דערצעהלען מיין פאָטער וועגען איהרע פערהעלטעניסען מיט איהם. מיין מוטער האט שטארק מורא געהאט פאר א בלבול, האט זי איהם געפרעגט וואס ער פערלאנגט. גרים האט איהר געזאגט, אז ער פערלאנגט זי זאל איהם אָפּגעבען איהר האלזבאנד און רינג. ווען מיין מוטער האט געזעהן, אז ער וועט דורכפיהרען זיין דראָהונג, אויב זי וועט איהם ניט אָפּגעבען איהר ציערונג, האט זי געצוואונגענערהייט איהם אָפּגעגעבען איהר האלזבאנד און רינג. גרים האט אָבער געקראָגען נאָך מעהר חוצפה. יעצט האט ער איהר נאָך מעהר געסטראשעט.

— וואס וועט גלעד זאגען ווען איך וועל דאס איהם ציינען?—פלעגט ער זאָגען מיין מוטער — וואס איך וועל איהם זאָגען אויף דיר וועט ער מיר גלויבען. דו וועסט דאך איהם ניט קענען געבען גענויע ערקלעהרונג פאר וואס דו האסט מיר אָפּגעגעבען די ציערונג.

— און וואס האט ער יעצט געוואלט פון דיין מוטער? — האט איהם נעמה געפרעגט מיט טרעהרען אין איהרע אויגען.

— ער האט פון איהר פערלאנגט גאָר א קלייניגקייט: אזוי ווי מיין פאטער איז דער הויפּט פון אונזער שטאָדט און אין זיין רשות געפינט זיך געהיימע דאָקומענטען און פלענער, די סודות פון דער ארמעע, זאל זי עס ארויס'גנב'ענען און זיי איהם איבערגעבען, ווייל דורך דעם וועט ער וויסען אויב די אידען ריכטען זיך אויף א מלחמה מיט עמון.

— די חוצפה פון אזא נידערטרעכטיגען מאן! — האט נעמה מיט צאָרן אויסגערופען.

ווען איך האב דאס דערהערט האט אין מיר מיין בלוט אויפגעזידט איך האב געזאגט מיין מוטער אז איך וועל איהם געהן טויטען, אבער מיין מוטער האט

מיר אפגעהאלטען, ווייל גרים איז שוין דאן געווען א הויפט גענעראל פון דער ארמעע פון עמון, און זי האט מורא געהאט אז דאס וועט בריינגען פיעלע צרות פאר אלעמען.

— איך בין דאן געפאלען אויף א פלאן. איך האב נאָכגעמאכט מיין פאטער'ס האנדשריפט און געשריבען אויף פארמעט אז מיר גרייטען זיך מלחמה צו האלטען מיט דעם שבט אפרים צוליב אן אלטען סכסוך, און אויף א צווייטען פארמעט האב איך אנגעשריבען אז מיר האבען ניט צו ערווארטען קיין הילף פון דער צווייטער זייט ירדן, דעריבער וועט פאר אונז בעסער זיין צו לעבען בשלום מיט עמון און די אנדערע פעלקער, אונזערע שכנים. מיין מוטער האט איהם איבערגעגעבען די דאָקומענטען, און גרים האט קיינמאָל ניט פערדעכטיגט אז זיי זיינען געפעלשט.

— און דאמיט האסטו נאָך א טובה געטאָהן פאר אונזערע ברידער — האט נעמה געזאגט — דו האסט איהם גאר צוטומעלט, און דער קעניג פון עמון וועט יעצט מיינען אז אונזערע ברידער פון דעם שבט אפרים זיינען אונזערע שונאים, און ער וועט קיינמאָל ניט וויסען אויב מיר גרייטען זיך אויף א מלחמה מיט עמון.

— יע, דאס איז געווען מיין כונה אין פעלשען אזעלכע דאָקומענטען — האט יפתח געזאגט — גרים איז טאקע פאר א קורצער צייט געווען צופרידען מיט זיי און מיין מוטער א ווייל צורוה געלאָזען, אבער שפעטער האט ער גענומען פערלאנגען פון מיין מוטער זי זאל איהם זאגען וואו מיין פאטער האלט זיינע אוצרות. יע, ער האט איהר געוואלט צווינגען, זי זאל איהם בריינגען די שליסלען פון דעם שראנק, כדי ער זאל קענען אויסליידיגען מיין פאטער'ס געלד. זי האט זיך ענטזאגט עס צו טאָן, און ער האט איהר געסטראשעט אז ער וועט צייגען מיין פאטער אלעס וואס זי האט איהם געגעבען און זי וועט זיכער ניט קענען אפלייקענען די בעשולדיגונג אז זי האט געפיהרט א ליעבע מיט איהם די גאנצע צייט. דו קענסט זיך פאָרשטעלען, נעמה, ווי שרעקליך מיין מוטער האט געפיהלט. איך האב פון איהר פנים פערשטאנען אז זי האט בעשלאָסען צו נעהמען א געפעהרליכען שריט, און איך האב איהר געזאגט אז ווען זי וועט דיזען מאָל זיך דארפען זעהן מיט גרים'ן, וועל איך מיט איהר מיטגעהן, זי האט אָבער, ווייזט אויס, ניט געוואלט מיך אריינמישען אין דעם, און זי האט מיר ניט געוואלט זאגען וועלכען טאָג זי וועט דארפען זיך מיט איהם זעהן. דאָך האב איך זי יעדען טאָג געהיט. איך האב בעשלאָסען אז ווען זי וועט אויפשטעהן אין דער פריה און געהן זיך זעהן מיט גרים'ן, וועל איך זי נאכפאָלגען. אבער צו מיין גרויסען אומגליק, ווייזט אויס, אז איך האב פערשלאָפען. זי איז אויפגעשטאנען זעהר פריה און איך האב ניט געהערט ווי זי איז ארויסגעגאנגען פון איהר צימער. ווען איך האב זיך אויפגעכאפט און אריין צו איהר אין צימער, האָב איך זי שוין דארטען ניט געטראפען. איך האב בעמערקט אז דער גרויסער מעסער וואס זי האט פאר די לעצטע טעג געהאלטען אין איהר צימער, איז אויך ניטאָ. איך האב פערשטאנען אז זי האט בעשלאָסען צו מאכען א סוף צו דיזער אונטערעגליכער לאגע, און טויטען דעם אומווירדיגען עמוני. איך האב קיין רגע ניט פערלאָרען און זיך געלאזט לויפען אין דער צייט ווען אלע זיינען נאָך געווען פערזונקען אין טיפען שלאָף.

— אָ, יעצט פארשטעה איך די אורזאכע פארוואס דו ביזט יענעם פריה־מאָרגען געזעהען געווארען איידער דיין פאטער איז געגאנגען אהין — האט נעמה זיך אפגערופען — און וואס האט ווייטער פאסירט?

— איך בין שנעל געלאָפען הינטער דער שטאָדט ניט וויסענדיג וואוהין. באלד האט זיך צו מיינע אויערען דערטראָגען געשרייען וואָס קומט פון א נעראנגעל. איך בין געלאָפען צו דעם

פלאַץ פון וואנען דער טומעל איז געקומען. אָבער באלד איז אלעם שטיל געוואָרען. איך האָב בעמערקט ווי אימיצער זעצט זיך אויף א פערד און פערשווינדט. א ווײלע שפעטער האָב איך געפונען מיין מוטער א טויטע... שטייף אין איהר האנד, האָט זי געהאלטען איהר האלז־באנד און רינג.

יפתח האָט זיי ארויסגענומען פון זיין קעשענע און געצייגט נעמה'ן.

יע, ווי עס ווייזט אויס האָט זי איהם פערשפּראָכען אז זי וועט איהם געבען די שליסלען פון מיין פאָטער'ס שראנק, אויב ער וועט איהר צוריקגעבען די ציערונג. און דיעזען מאָל האָט זי איהם געוואָלט אָפּנארען און אנשטאט די שליסעל האָט זי מיטגענומען דעם גרויסען שארפען מעסער, אָבער דער מערדער גרים האָט זי בעזיעגט. ער האָט וואהרשיינליך פון איהר דעם מעסער ארויסגעריסען און גענומען רייסען פון איהר די ציערונג. זי האָט ניט געוואָלט געבען, האָט ער זי געטויטעט. און ווי עס ווייזט אויס האָט ער ניט בעוויזען אוועקצונעהמען פון איהר די ציערונג, ווייל ער האָט מיך דערזעהן אָנקומענדיג און דעריבער איז ער אנטלאָפען געוואָרען. יעצט ווייסטו שוין, נעמה, ווי אזוי דאָס אלעם האָט פּאסירט.

— אָ, יפתח, און דערווייל בעשולדיגען דיך אלע אין דיעזען שוידערליכען מאָרד, וואָלט דען ניט געווען בעסער ווען דו וואָלסט פאר אלעמען דעו ־זהלט דעם גאנצען אמת, מיט אלע איינצעלהייטען ווי דו האָסט מיר נאָר וואָס דערצעהלט. וואָלט אלעם קלאָר געוואָרען און פון דיר וואָלט ארונטערגענומען געוואָרען די שרעקליכע בעשולדיגונג.

— אָ, ניין! — האָט יפתח אויסגערופען — יעצט אז מיין מוטער איז טויט, וואָלט איך זיכער ניט געוואָלט אז מען זאָל דאָס אלעם שלעכט אויסטייטשען. דו, מיין ליעבע נעמה, וועסט זיכער פארשטעהען, און ביי דיר וועט זיך ניט ערוועקען דער מינדעסטער חשד. אין דיינע אויגען וועט מיין מוטער אימער פערבלייבען ריין און אונשולדיג... אָבער וואָס וועלען אנדערע זאָגען? איבערהויפּט מרה און מיינע ברידער און אפילו מיין פאָטער וועט ניט אלעם גלויבען. א צווייפעל וואָלט שטענדיג געגבערט זיין מח, טאָמער האָט איהם מיין מוטער פערראטהען. מרה וואָלט געוויס זיין צווייפעל פערשטארקט, און מיין מוטער'ס נאָמען וואָלט דורך דעם נאָך מעהר פערשמוצט געוואָרען. יעצט אָבער, איז דאָס אלעם א געהיימניס און קיינער וועט ניט וואגען צו רעדען א שלעכט וואָרט וועגען איהר. זאָל מען ארויפוואַרפען די שולד אויף מיר, אבי מיין מוטער'ס נאָמען וועט זיין ריין... מיין מוטער איז מיר געווען טייערער פון אלעם אין דער וועלט און ביז דעם לעצטען טאָג פון מיין לעבען וועל איך עהרען איהר אנדענקען.

— אָה, יפתח, וואָס פאר א נאָבעלע און ריינע הארץ דו בעזיצסט? — האָט נעמה זיך אָבגערופען מיט טרעהרען אין די אויגען — דו ביזט מקריב דיין גליק און דיין נאָמען, דיין פאָטער'ס רייכטום, און דו פערלירסט אלע דיינע פריינד, בלויז אום דיין מוטער'ס נאָמען זאָל ניט בעשמוצט ווערען. דערמיט אליין האָסטו בעוויזען דיין גרויסקייט.

— יעדער זוהן וואָלט אזוי געהאנדעלט צו בעשיצען זיין מוטער'ס כבוד! — האָט יפתח זיך אָבגערופען — איך זעה גאָר ניט איין קיין גרויסקייט אין דעם.

— אָבער צו נעהמען אויף זיך אזא שוידערליכען פערברעכען, איז געוויס א גרויסער קרבן.

— האָב איך דען אויף זיך גענומען דיעזען פערברעכען? איך האָב דאָך געלייקענט, און אפילו געשוואָרען פאר די שופטים, אז איך האָב ניט פערגאָסען מיין מוטער'ס בלוט. די איינציגע זאַך וואָס עס מאכט זיי מיך צו פערדעכטיגען, איז דאָס וואָס איך בין ארויסגעקומען פריהער פון אלעמען, און דאָס האָב איך ניט געוואָלט ערקלעהרען. יע, נעמה, דאָס וועט בלייבען א סוד. איך

בין וויליג פערטריבען צו ווערען פון מיין פאַטער'ס הויז און פערוואַגעלט צו ווערען פון מיין געבורטס־שטאָדט, נאָר מיין מוטער'ס נאָמען זאָל בלייבען ריין.

— יפתח, אין מיינע אויגען ביזטו גרעסער און טייערער געוואָרען, און אויב דו ווע‍סט וועלען פערבלייבען צייטווייליג אין מיין פאַטער'ס הויז, וועסטו ניט דאַרפען פערוואַגעלט ווערען.

— איך וועל טהאָן אַלעס וואָס דו וועסט מיר ראַטהען — האָט יפתח געזאָגט — אָבער נעמה, איך וויים, אז דו וועסט דורך מיר זעהר פיעל דאַרפען ליידען.

— יפתח, דו ווייסט דאָך ווי שטאַרק ליעב איך האָב דיך, און קיין זאַך אין דער וועלט וועט מיך ניט אָפּטיילען פון דיר. דו וואַרט דאָ אביסעל און איך וועל אַוועקגעהן זיך דורכרעדען מיט מיין פאַטער, און איך וועל דיר גלייך ברענגען א תשובה.

נעמה איז אַוועקגעגאַנגען צו איהר פאַטער און האָט איהם דערצעהלט ווי אזוי יפתח'ס פאַטער און זיינע ברידער האָבען איהם בעהאַנדעלט.

— פאַטער, — האָט זי געזאָגט, — יפתח האָט צוגעשטימט מיך צו נעהמען פאַר זיין פרוי.

— ער האָט צוגעשטימט? — האָט חפר א שמייכעל געטהאָן. — אָבער איך שטים ניט צו.

— וואָס מיינסטו, פאַטער? — האָט זי זיך אָבגערופען מיט ערשטוינונג.

— ניין, מיין טאָכטער, איך וועל ניט דערלאָזען, אז דו זאָלסט ווערען די פרוי פון יפתח'ן, וועלכער איז ארויסגעקומען שולדיג פון זיין משפּט.

— אָבער, פאַטער, דו האָסט דאָך אליין צוגעגעבען פאַר די שופטים אין די אויגען אז דו גלויבסט אין יפתח'ן, אז ער איז אונשולדיג.

— יע, ווען איך בין אויפגערעגט געווען אויף דער בעהאַנדלונג פון מרה'ן און איהר זוהן אלדד, האָב איך אזוי געזאָגט, אָבער נאָך אַלעמען דאַרפסטו פאַרשטעהען, אז איך קען ניט געהן געגען דער גאַנצער שטאָדט. עס איז דאָך אוממעגליך אז אַלע זאָלען זיין אומגערעכט, און קיינער וועט מיט זיכערהייט ניט קענען שווערען אז ער איז זיכער אונשולדיג.

— פאַטער, איך שווער ביי גאָט פון אונזערע אבות, אז יפתח איז אמת אונשולדיג!

— כל זמן ער וועט ניט אָנגעבען א קלאָרע ערקלעהרונג וועגען זיין האַנדלונג, וועט דער חשד אויף איהם אימער בלייבען.

— איך האָב קיין מאָל קיין חשד אויף איהם ניט געהאַט, און איך האָב צוגעשטימט צו ווערען זיין פרוי.

— דאָס וועט קיין מאָל ניט געשעהען!

— האָט חפר שטרענג א זאָג געטהאָן— איך וועל ניט דערלאָזען אז מיין טאָכטער זאָל ווערען דער פלוך־וואָרט פון מצפּה.

—אָ, פאַטער, איך האָב יפתח'ן ליעב מעהר פון אַלעס אין דער וועלט, און אויב דו וועסט מיך ניט לאָזען הייראַטען מיט איהם, קענסטו מיך בעסער טויטען.

— מיין טאָכטער! — איז חפר **עס** וואָס וויכער געוואָרען — קענסטו ניט פאַרשטעהען, אז מיר קענען ניט געהן געגען די עלטסטע און שופטים פון דער שטאָדט. יפתח איז דאָך פערטריבען געוואָרען פון זיין פאַטער'ס הויז, און די זקנים האָבען גלייכצייטיג בעשלאָסען איהם צו פערטרייבען פון שטאָדט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?—האָט נעמה א צושראָקענע אויסגערופען.

— ניט לאַנג צוריק זיינען דאָ געווען אייניגע פון די זקנים און האָבען מיר דערצעהלט ווי אזוי גלעד האָט יפתח'ן פערטריבען פון זיין הויז. זיי האָבען מיר אויך איבערגעגעבען דעם בעשלוס פון די עלטסטע פון שטאָדט. און זיי האָבען פון מיר געפאָדערט, איך זאָל זעהן אז דו זאָלסט זיך אויך דערווייטערען פון יפתח'ן... און איך זאָל ניט וואַגען צו לאָזען יפתח'ן נעכטיגען אין מיין הויז אפילו איין נאַכט.

נעמה'ס קאָפּ האָט זיך גענומען דרעהען, איהרע אויגען האָבען געשווינדעלט. נאָך א האָר און זי וואָלט אומגעפאַלען.

— נעמה, וואָס איז מיט דיר געשעהען?—האָט חפר זי צוגעהאַלטען זי זאָל ניט פאַלען.

— פאָטער! — האָט נעמה זיך אויסגעגלייכט — דו ווייסט דאָך אז איך האָב דיין מויל קיין מאָל ניט ווידערשפּעניגט — אָבער יעצט וועל איך זיין געצוואונגען צו טהאָן א זאַך געגען דיין ווילען. איך וועל הייראַטען מיט יפתח'ן!

— ניין! דאָס וועסטו ניט קענען טהאָן! — האָט חפר געזאָגט — ווייל אויב דו וועסט עס טהאָן, וועסטו אין מיין הויז ניט קענען פערבלייבען.

— מיך אַרט ניט, וואָס עס וועט זיין. איך וועל וואנדערען און וואַגלען צוזאַמען מיט יפתח'ן.

— אפילו ווען איך וואָלט צוגעשטימט קען איך ניט געהן געגען דעם בעשלוס פון די זקנים פון שטאָדט. דו ווייסט דאָך, אז איך בין ניט רייך, און ווי וועל איך וואגען צו טהאָן א זאַך געגען זייער ווילען?

— אויב מיר וועלען ניט קענען בלייבען אין שטאָדט, וועל איך נאָך היינט צוזאַמען מיט יפתח'ן פערלאָזען מצפּה — האָט נעמה געזאָגט — אין מיינע אויגען שטעהט יפתח העכער ווי אלע גוטהערציגע, נאָבעלע לייט פון מצפּה. איך קען זיך שעצען גליקליך צו זיין זיין פרוי.

— דו וועסט זיך שעצען גליקליך צו זיין די פרוי פון א מערדער? — האָט חפר איהר געפרעגט.

— דו ווייסט אויך פאָטער, אז עס איז א ליגען! — האָט נעמה אויסגערופען — איך געה יעצט צו איהם.

— אויב דו וועסט פערלאָזען די שוועל פון מיין הויז, קענסטו שוין מעהר ניט צוריקקומען! — האָט חפר געזאָגט.

— איך וועל טאַקע זיך מעהר ניט צוריקקעהרען אין מצפּה. איך וועל בעסער וואנדערן מיט יפתח'ן אין דער פרעמד, וואו מען וועט קענען בעסער אָבשאצען זיין גרויסקייט און גוטסקייט. יפתח איז שטענדיג שלעכט בעהאנדעלט געוואָרען פון אלע איינוואָהנער פון דער שטאָדט.

נעמה איז שנעל אַרויס פון איהר פאָטער'ס הויז. חפר איז איהר נאָכגעגאַנגען און גערופען:

— נעמה, מיין טאָכטער, קום צוריק, באַזין זיך איידער דו געהסט טאָן דיזען געפעהרליכען שריט.

נעמה אָבער האָט איהם שוין ניט געהערט, זי האָט פארשנעלערט איהרע טריט און איז געגאַנגען וואו יפתח האָט אויף איהר געוואַרט.

פון ווייטען האָט יפתח זי דערזעהן און ער איז איהר ענטקעגען געלאָפען.

אַה, יפתח! — האָט זי זיך אריינגעוואָרפען אין זיינע אָרעמס און זיך פאַנאנדערגעוויינט.

— וואָס האָט פּאסירט! — האָט יפתח איהר אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך קום עס יעצט פון מיין פאָטער'ס הויז — האָט זי ארויסגעבליפּעט.

— און ער איז אויך געגען מיר?

— יע, אָבער דו דאַרפסט איהם ניט באשולדיגען. מען האָט איהם שוין געזאָגט וואָס דיינע ברידער האָבען צו דיר געטהאָן, און אויך די זקנים פון מצפּה האָבען באַשלאָסען דיך פון שטאָדט צו פארטרייבען. זיי זיינען אוועק צו מיין פאָטער און איהם אָנגעזאָגט, אז ער זאָל ניט וואגען דיך לאָזען איבערנעכטיגען אין זיין הויז. און אז איך זאָל זיך אויך דערווייטערען פון דיר...

— איך האָב געוואוסט, אז איך וועל שוין מעהר קיין רוה פּלאַץ ניט געפינען אין מיין געבורטסשטאָדט — האָט יפתח אומעטיג געזאָגט — אלע מיינע פריינד וועלען מיך פארלאָזען.

— אָבער דו קענסט ניט באשולדיגען מיין פאָטער, ער איז אָרים און ער וועט ניט וואגען צו טהאָן א זאַך געגען דעם ווילען פון די עלטערע פון שטאָדט.

— יע, און ווען זיי פארלאַנגען, אז דו זאָלסט זיך פון מיר דערווייטערען, וועט ער זיי מוזען פאָלגען — האָט יפתח טרויעריג ארונטערגעבויגען זיין קאָפּ.

— אָ, נייַן, מיין ליבער יפתח — האָט איהם נעמה באַדעקט מיט קושען — איך געהער צו דיר אויף עוויג!

— אָבער ווי אַזוי וועסטו קענען געהן געגען דיין פאָטער'ס ווילען?

— איך האָב איהם פאַרלאָזען. איך וועל געהן צוזאַמען מיט דיר...

— אָ, נעמה, ווי אַזוי וועסטו קענען טהאָן אַזאַ זאַך? ווער ווייס וואוהין איך וועל פאַרוואָגעלט ווערען, און וואָס מיט מיר וועט פאַסירען? איך בין אָרים, דאָס איז מיין גאַנץ רייכטום, מיין מוטער'ס האַלזבאַנד און רינג. איך ווייס ניט וואו איך וועל איבערנעכטיגען די קומענדע נאַכט, און פאַרוואָס זאָלסטו ליידען גלייך מיט מיר?

— ווייל אָהן דיר איז מיין לעבען גאָר ניט ווערטה, יפתח, דו דאַרפסט ניט זיין פאַרצווייפעלט, גאָט וועלכער האָט דיך באַשאָנקען מיט אַן אומגעהויער שטאַרקען כוח, וועט דיך אויך אויף ווייטער ניט פאַרלאָזען... גאָט ווייס דאָך, אַז דיין האַרץ איז ריין און נאָבעל, ער ווייס דאָך אַלעס און ער וועט דיר העלפען... און איך וועל פון דיר ניט אָפּטרעטען, דיין גורל וועט אויך זיין מיינער! איך בין זיכער, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען אַלע וועלען מיט דיר שטאָלצירען. דיין אומשולד וועט באַוואוסט ווערען און דאַן וועלען מיר ביידע גליקליך זיין.

— דו גיסט מיר מוטה און האָפענונג, מיין ליעבע נעמה! — האָט יפתח זי אַרומגענומען. — איך פיהל יעצט, אַז איך האָב פאַר וואָס צו לעבען, אָבער זאָג מיר, טייערע ווי וועסטו געהן געגען דיין פאָטער?

— מיין פאָטער האָט מיך געוואָרענט, אַז ווען איך וועל פאַרלאָזען זיין שוועל, קען איך שוין מעהר צו איהם ניט צוריקקומען. און דו זעהסט דאָך, איך האָב זיין שוועל פאַרלאָזען. קום, יפתח, לאָמיר געהן, מצפה איז פאַר אונז ביידען יעצט קיין פּלאַץ ניט. מיר וועלען אוועקגעהן אין די נאָהענטסטע שטאָדט, וואו מיר וועלען חתונה האָבען, און דאַן וועלען מיר ווייטער וואַנדערען.

ביז וואַנען גאָט וועט אונז העלפען און מיר וועלען זיך באַזעצען אין אַ פּלאַץ און לעבען רוהיג.

יפתח האָט גענומען נעמה'ס האַנט און ביידע האָבען פאַרלאָזען די שטאָדט מצפה.

## אכטער קאַפּיטעל

נאָכדעם ווי גרים, דער הויפּט גענעראַל פון עמון האָט געטויטעט רעומה'ן, און איז אַנטלאָפען געוואָרען אויף זיין פערד, האָט ער זיך דערמאַנט, אַז פון גרויס איילעניש און שרעק, האָט ער פון איהרע הענט ניט אוועקגענומען דעם קאָסטבאַרען האַלזבאַנד און רינג. דאָס האָט איהם שטאַרק פאַרדראָסען. ער האָט זיי שוין לאַנג געהאַט אָפּגעגעבען צו זיין געליבטער אין רבה, און דאָס האָט ער ביי איהר אויסגעבאָרגט אויף אַ קליינער ווייל. ערקלערענדיג, אַז דערמיט וואָס ער וועט האָבען די ציערונג ביי זיך, וועט איהם ניט שווער זיין צו באַקומען זעהר פיעל אוצרות מיט גאָלד, און דאַן וועט ער איהר רייך מאַכען.

זיין געליעבטע האָט איהם געגלויבט און צוריקגעגעבען די ציערונג וואָס עס איז איהר אַזוי טייער געווען... און יעצט וואָס האָט ער דאָ געטהאָן? די ציערונג האָט ער איבערגעלאָזען אין דער האַנט פון דער טויטער רעומה, די שליסלען פאַר די שראַנקען האָט ער ניט באַקומען. און יעצט, אַז אימיצער האָט איהם פון ווייטען באַמערקט, וועט דער חשד מעגליך פאַלען אויף איהם, אַז ער האָט רעומה'ן ערמאָרדעט, און ער וועט שוין מעהר ניט קענען קומען באַזוכען גלעד'ס הויז, און אויב אַזוי קען ער שוין מעהר קיין האָפענונג ניט האָבען צו באַקומען גלעד'ס רייכטום, און ווי אַזוי וועט ער זיך אומקעהרען צו זיין געליעבטער אין רבה?

גרים האָט אָפּגעשטעלט זיין פערד... ער וועט אַמווייניגסטען מוזען צוריקקריגען דעם האַלזבאַנד און רינג פון איהרע הענט.

ער איז אַרויפגעגאַנגען אויף אַ בער־

גנעל פון וואנען ער האָט געקענט זעהן דעם פּלאַץ וואו רעומה איז געלעגען און ער האָט געזעהן, אז קיינער געפינט זיך דאָרטען ניט. — איז עס מעגליך, אז איהם האָט זיך בלויז אויסגעדוכט, אז אימיצער קומט אָן... ער האָט דאָך אָבער יע געזעהן א באוועגענדע פיגור פון ווייטען. מעגליך, אז דאָס איז געווען א דורכגעהער.

גרים האָט באשלאָסען, אז ער מוז זיך צוריקקעהרען, איידער עס וועט זיין צו שפּעט און ארויסנעהמען פון רעומה'ס האנט דעם האלזבאנד און רינג. אז ניט וועט ער זיין פּנים ניט קענען באווייזען פאר זיין געליעבטע...

ער האָט צוריק צוגעריטען מיט זיין פערד צו דעם פּלאַץ, ער האָט זיך פריהער גוט ארומגעקוקט אויב אימיצער געפינט זיך ארום, און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אז קיינער איז ניטאָ, איז ער שנעל צוגעלאָפען צו דער טויטער רעומה און זיך אריבערגעבויגען און גענומען זוכען דעם האלזבאנד. ער האָט געזוכט איןביידע הענט און ניט געפונען. ער האָט געמיינט פיליכט אין ראנגלען זיך מיט איהם זיינען זיי פון איהרע הענט ארויסגעפאלען. ער האָט גענומען זוכען אויפ'ן גרוב. ער האָט אוועקגערוקט דעם טויטען קערפּער און גענומען זוכען אויף יענעם פּלאַץ, אָבער אומזיסט: די ציערונג איז ניטאָ.

גרים איז געבליבען שטעהן ווי צוטומעלט ער האָט ניט געקענט פארשטעהן ווי אזוי די ציערונג איז פארשוואונדען געוואָרען... ער געדענקט אזוי קלאָר, אז זי האָט געהאלטען די ציערונג שטייף אין איהר האנט, ווען ער האָט זי געטויטעט. לאנג אָבער האָט ער ניט געקענט ווארטען. ער האָט שנעל דורכגעטאפּט איהרע קליידער, און די גראָז ארום איהר. און ווען ער האָט די ציערונג ניט געפונען, איז ער צוריק אוועק צו זיין פערד און איז אוועקגעריטען נאָך רבה.

דעם גאנצען וועג זיינען זיינע געדאנקען געווען פארנומען מיט די פארלוירענע ציערונג. אַנשטאַט צו געווינען מיט זיין יעצטיגען באזוך אין מצפּה, האָט ער פארלוירען... יעצט האָט ער שוין מעהר קיין האָפענונג צו קריגען גלעד'ס גאָלד, און ווען איהר זוהן יפתח זאָל זיך דערוויסען וואָס ער האָט געטהאָן צו זיין מוטער, וואָלט ער געוויס געזוכט נקמה צו נעמען פון איהם, און ער האָט דאָך געהערט, אז יפתח איז זעהר א העלדישער יונג.

ווען ער איז אָנגעקומען נאָך רבה, האָט ער באשלאָסען, אז ער זאָל זיין געליעבטע די ערשטע פּאָר טעג גאָרניט באזוכען, ער וועט שוין געפינען אן אויסרייד, ער איז געווען פארנומען ביי דעם קעניג, ער האָט געדארפט דורכקוקען די ארמעע. ער איז טאקע באלד אוועק צו דעם קעניג און זיך אָפּגערופען:

— מיין האר, קעניג, איך האָב זעהר וויכטיגע נייעס צו דערצעהלען.

— זעץ זיך און דערצעהל! — האָט דער קעניג אויסגערופען — דו ווייסט דאָך גרים, ווי גערן איך הער דיינע נייעס.

— איך האָב נאָר וואָס געלייסטעט א נוצבארע זאך פאר דעם קעניגרייך!

— האָט גרים געזאָגט.

— און וואָס איז דאָס?

— מיין האר קעניג ווייס דאָך וועגען די דאָקומענטען וואָס איך האָב ארויסגעקראָגען פון רעומה'ן, גלעד'ס פּלגש, ווען איך האָב זיך מיט איהר דאָ היינט אין דער פריה געטראָפען, און פארלאנגט זי זאָל מיר איבערגעבען די שליסלען צו גלעד'ס אוצרות, מיט וואָס איך האָב געוואָלט פולער מאכען דעם קעניג'ס שאַץ־קאמער, האָט זי פון מיר פארלאנגט די דאָקומענטען. געוויינליך, איך האָב איהר פארשפּראָכען, אז אזוי שנעל ווי זי וועט מיר איבערגעבען די שליסלען און זאָגען דעם פּלאַץ, וועל איך איהר אומקעהרען די דאָקומענטען, זי האָט זיך אָבער פאר'עקשנ'ט, אז זי וויל פריהער די דאָקומענטען, אז ניט וועט זי עפענטליך ערקלערען, אז דער גענעראל

פון עמון האט זי געצוואונגען ארויסצוגנב'ענען די דאקומענטען. מיינע רייד צו איהר האבען ניט געהאלפען. איך האב געוואוסט, אז אזוי שנעל ווי מען וועט זיך אין מצפה דערוויסען, אז די דאקומענטען זיינען אין מיין רשות, וועלען זיך די שבטים נעמען גרייטען אויף א מלחמה.

אבער מיר מוזער זיין בעסער צוגעגרייט, און עס וועט געוויס נאך געדויערען עטליכע יאהר ביז וואנען מיר וועלען האבען די מעגליכקייט ארויסצוגעהן מלחמה האלטען מיט די אידען. דעריבער בין איך געווען זעהר אומרוהיג ווען זי האט עס מיר געזאגט. איך האב מורא געהאט אז דורכדעם וועט פון אלע מיינע פלענער גארניט ווערען. איך האב געוואוסט, אז זי איז די איינציגע וועלכע ווייס פון דעם סוד. און ווען איהרע ליפען וועלען פארזיגעלט ווערען, דאן וועט קיינער דערפון ניט וויסען.

— און וואס האסטו געטהאן צו איהר? — האט דער קעניג געפרעגט.

— איך האב איהרע ליפען אויף עוויג פארזיגעלט! — האט גרים מיט שטאלץ געזאגט.

— און קיינער וועט ניט וויסען, אז דו האסט עס געטהאן?

—ניין, איך האב קיין שפור ניט איבערגעלאזען... עס וועט זיין א געהיימניס אין גאנץ מצפה. און באלד וועל איך טאקע זיך קענען אויסנוצען מיט די דאקומענטען, אויפצורייצען איין שבט געגען צווייטען.

— ווי אזוי וועסטו עס טהאן? — האט דער קעניג איהם געפרעגט.

—איך האב שוין אויף דעם אויסגעארבייט א גוטען פלאן! האט גרים געזאגט— איך וועל שיקען צו דעם שבט אפרים איינינע סוחרים פון עמון, זיי זאלען פארבינדען א מסחר מיט זיי, און ווען זיי וועלען די פארבינדונג מאכען, וועל איך אליין מיטנעמען סחורה און דארט אנקומען, איך וועל זיך באקענען מיט די הויפטען פון דעם שבט אפרים. און דאן וועל איך שוין געפינען א וועג ווי אזוי די דאקומענטען זאלען אריינפאלען אין זייערע הענט, און דאן איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט, אז א מלחמה וועט אויסברעכען צווישען די שבטים פון דיזער זייט ירדן און אפרים.

— ווען דאס זאל געשעהן, וואלט שוין פאר אונז ניט שווער געווען אוועקצונעמען די אלע שטעדט פון גלעד — האט דער קעניג אויסגערופען מיט צופרידענהייט.

— אין א קריעג צווישען די שבטים האבען מיר זעהר פיעל צו געווינען! — האט גרים געזאגט — און מיין האר קעניג מעג זיך פארלאזען אויף זיין קנעכט גרים'ען. איך וועל וויסען די ריכטיגע צייט ווען אנצופאנגען די מלחמה מיט אידען.

— און איך וועל וויסען ווי אפצושאצען דיין קלוגשאפט און העלדישקייט — האט דער קעניג געזאגט — ווען דו וועסט אפהאלטען אן ענדגילטיגען נצחון איבער ישראל און דו וועסט פון זיי אוועקנעמען די שטעט וואס האבען אמאל באלאנגט צו אונז און צו אונזער שכן מואב, דאן וועל איך דיר אוועקשענקען א שטאדט, דו וועסט קענען אויסקלייבען וועלכע שטאדט דו וועסט וועלען.

— איך דאנק דיר מיין האר קעניג, איך וועל זעהן, אז דו זאלסט אין מיר ניט זיין ענטוישט. איך וויים ווי צו זיין פארזיכטיג, איך וועל אלעם צוגרייטען. די דאקומענטען וואס וועלען אריינפאלען אין די הענט פון די עלטסטע פון אפרים, וועלען זיכער ברייגגען פרוכט, דורך דעם וועט זייער שנאה פארשטארקט ווערען צו די איינוואוינער פון גלעד און ניט נאר וועלען זיי קומען צו הילף זייערע ברידער, נאר זיי וועלען נאך אונז באהילפיג זיין.

ווען גרים האט פארלאזען דעם פאלאץ, איז ער געבליבען אין א פארלעגענהייט. ער האט ניט געוואוסט וואוהין ער זאל געהן. איהם האט זיך זעהר שטארק געוואלט זעהן זיין געליעבטע, אבער ער האט מורא געהאט

צו קומען צו איהר מיט ליידיגען. זי וועט געווים ביי איהם מאָנען דעם האלזבאנד און רינג וואָס ער האָט איהר געגעבען, וואָס פאר א תירוץ וועט ער איהר געבען? וועט ער דען קענען איהר דערצעהלען דעם גאנצען אמת? באלד איז איהם אָבער איינגעפאלען א געדאנק, אז דורך זיין געליבטער וועט ער קענען דורכפיהרען דעם פלאן וועגען די דאָקומענטען, דורך איהר וועט ער קענען באקאנט מאכען אין אפרים, וואָס פאר א מיינונג זייערע ברידער פון דעם לאנד גלעד האָבען וועגען זיי. ווי אזוי וועט ער קענען ביי איהר פועל'ן? וועגען דעם האָט ער געטראכט די גאנצע וועג. און ווען ער איז שוין געווען גאנץ נאָהענט פון זיין געליעבטער'ס וואוינונג, האָט ער זיך פארנומען רעכטס און איז גאָר אוועק צו זיין פרוי.

— יאָ, גרים, דו ביזט געקומען? — האָט זיך זיין פרוי שטארק מיט איהם דערפרעהט — עס איז שוין זעהר לאנג אז דו ביזט ניט אין דער היים געווען.

— דו ווייסט דאָך, מיין ליעבע פרוי, אז איך בין לעצטענס געווען זעהר שטארק פארנומען. דער קעניג וויל, אז איך זאָל אויסאיבען זעהר א שטארקע ארמעע, אָבער איך בין צופרידען, אז דו ביזט געזונט, דו ביזט דאָך אָבער ניט געווען אומעטיג אָהן מיר?

— זעהר, זעהר אומעטיג! — האָט זי געענטפערט — אזוי לאנג ווי איך האָב נאָך געהאט די קינדער, פלעגט מיר ניט אויסמאכען ווי לאנג דיין אפּוועזענהייט געדויערט, אָבער יעצט, אז מיינע קינדער זיינען טויט, וועמען האָב איך דען, אויב ניט דיך?

— כמוש, אונזער גאָט וועט דיר העלפען און דו וועסט נאָך האָבען אנדערע קינדער! — האט גרים געזוכט זי א חנפה צו טהאָן — דאן וועסטו ווידער פרעהליך זיין.

— אָ, גרים, איך בין שוין צו אלט איך זאָל דיר געבוירען נאָך קינדער — האָט זי זיך אָפּגערופען מיט אומעט — קען איך דען צוריקגעווינען מיין יוגענד?

גרים האָט אויף איהר א קוק געטהאָן און געטראכט: ווען זי וואָלט געוואוסט, אז זי שטעהט מיר אין וועג צו מיין גליק, וואָלט זי זיכער געגאנגען צו איהרע קינדער. ווען ער וואָלט צו איהר געקענט טהאָן אזוי ווי ער האָט געטהאָן צו רעומה'ן, יע, דאס איז דער איינציגער וועג. ער וועט דארפען זיך גוט באטראכטען וואָס צו טהאָן מיט איהר, ווען ער זאָל קענען קומען צו זיין געליעבטער און איהר פארזיכערען, אז זי וועט ווערען זיין פרוי, וועט זי שוין ביי איהם ניט מאָנען דעם האלזבאנד, דאָס וועט ביי איהר טייערער זיין ווי צעהן האלזבאנדען.

— איך האב בעשלאָסען, אז פון יעצט אָן וועל איך ניט זיין צו לאנג אָפּגעזונדערט פון דיר! — האָט גרים איהר ווידער געזאָגט — איך וועל דארפען געהן ערגיץ אויסער'ן שטאָדט, וועל איך דיך אויך מיטנעמען עס איז מיר זעהר שווער צו זיין אָן דיר א לענגערע צייט.

— געבענשט זאָלען זיין אונזערע געטער, וואָס זיי האָבען דיין הארץ מיר צוריק געגעבען. יעצט בין איך ווידער גליקליך.

— איך וועל נאָך יעצט דארפען ערגעץ וואו געהן אויף א קורצע צייט און דאן וועל איך זיך צו דיר אומקעהרען און פארברייננגען מיט דיר א פּאָר טעג — האט גרים געזאגט און זיך געלאזען צום טיר.

— דו ביזט דאָך זיכער הונגעריג אָדער דורשטיג! — איז איהם זיין פרוי נאָכגעגאנגען — פיליייכט וועסטו דאָ פארבלייבען אויף א וויילע און איך וועל צוגרייטען פאר דיר עטוואָס שפּייז.

— ניין, די זאך איז דרינגענד, איך מוז באלד זיין ביי דעם קעניג! — האָט גרים געזאָגט און איז גליך ארויס. מיט שנעלע טריט איז ער געגאנגען צו זיין געליעבטער'ס הויז. ווען ער איז דארט אריינגעקומען האָט זי איהם גליך געפרעגט:

— נו, גרים, האָסטו מיר געבראכט די גאָלד, וואָס דו האָסט מיר פארשפּראָכען,

ווען דו האָסט ביי מיר אויסגעבאָרגט דעם האַלזבאַנד און דעם רינג ?

— איך האָב דיר געבראַכט עפּעס אַנ־דערש דערוויילע, וואָס וועט דיין האַרץ ערפרעהען נאָך מעהר ווי די גאָלד און אַלע ציערונג.

— נו, זאָג שוין וואָס דאָס איז ? — איז זי אומגעדולדיג געוואָרען.

— איך האָב דיר געבראַכט די גוטע בשורה, אַז איך וועל דיך נאָך גאָר אין גיכען נעהמען פאַר מיין פרוי.

— דו מיינסט פאַר דיין קעבס ווייב, איך זאָל נאַכהער קענען זיין אַ דינסט צו דיין ריכטיגער פרוי ?—האַט זי זיך אַ קרים געטהאָן — ניין, איך בין דיר מוחל, און וויל ניט זיין קיין דינסט צו דיין אַלטער העסליכער נבלה !

— און דו מיינסט, אַז איך האָב שוין וועגען דעם ניט געטראַכט. איך האָב דאָס אויך באַזאָרגט ! דו וועסט ווע־רען מיין ריכטיגע פרוי, יע, מיין איינצי־גע פרוי !

— און וואָס וועסטו טהאָן מיט דער נבלה ? — האָט זי מיט אַ שמייכעל גע־פרעגט.

— גרים וועט שוין געפינען אַן עצה. זי וועט לאַנג קיין שטערונג צו דיר ניט זיין... איך וועל דיר ווייזען, אַז אפילו דער קעניג אַליין וועט מיר געבען ערלוי־בענים פון איהר פּטור צו ווערען.

— דו מיינסט, אַז דו וועסט זי טוי־טען ? — האָט זי איהם געפּרעגט.

— יע, איך וועל פּטור ווערען פון איהר פון דיינטוועגען. ווי איך האָב עס געטהאָן צו רעומה'ן.

— וואָס מיינסטו ?

— דו ווייסט דאָך, אַז כ'האָב געזאָלט אַרויסקריגען פון רעומה'ן אוצרות מיט גאָלד פאַר דיר, ווי איך האָב דיר פאַר־שפּראָכען. זי האָט פון מיר פאַרלאַנגט איך זאָל איהר געבען דעם האַלזבאַנד רינג, און פאַר דעם וועט זי מיר איבער־געבען דאָס גאַנצע גאָלד פון גלעד'ן. אָבער זי האָט מיך גענאַרט, זי האָט פון מיר אוועקגענומען די ציערונג, און ווען איך האָב זיך מיט איהר אַ צווייטען מאָל געטראָפען, ווי מיר האָבען אָפּגעמאַכט, איז זי געקומען אָהן די שליסלען. איך האָב פון איהר גענומען פאָדערען די ציע־רונג און ווען זי האָט ניט געוואָלט צו־ריקגעבען האָב איך זי געטויטעט.

— און דו האָסט מיר ניט צוריקגע־בראַכט די ציערונג ? — האָט זי אויס־גערופען מיט טרעהרען אין די אויגען.

— זאָרג ניט וועגען די ציערונג. ווען איך וועל מיט דיר חתונה האָבען וועסטו אַריינקריגען אַ גרעסערע זאַך ווי די ציערונג. איך האָב געגעבען דעם קעניג אַ פּלאַן ווי אַזוי מלחמה צו האַלטען מיט ישראל און ביי זיי אוועקנעמען די שטעדט. דער פּלאַן איז זעהר גוט אויס־געאַרבייט. און ער איז שוין כמעט דורכגעפירט געוואָרען. בלויז נאָך אַ קליינינקייט דאַרף געטהאָן ווערען. און דאַן וועלען מיינע אַרמעען באַזיעגען די מחנות פון ישראל. דער קעניג האָט מיר געזאָגט, אַז אַזוי שנעל ווי מיר וועט לען אוועקנעמען די אַלע שטעדט פון ישראל און זיי פאַרטרייבען פון דיעזען לאַנד, דאַן וועל איך קענען אויסקלייבען וואָס פאַר אַ שטאָדט איך וועל וועלען און זי וועט געהערען צו מיר אויף עוויג... זאָג מיר, מיין ליעבע, איז דען דאָס ניט אַ וואונדערבאַרע מתנה ?

— געוויס, אַ גאַנצע שטאָדט מיט אַלעם וואָס דאָרטען געפינט זיך איז אַ גרויסאַרטיגע מתנה.

— און ווייסטו וואָס איך וועל טהאָן מיט דער שטאָדט, וואָס דער קעניג וועט מיר אוועקשענקען ?

— וואָס ?

— איך וועל זי דיר אוועקשענקען אַלס אַ מתנה ! !

— דו מיינסט, אַז דו וועסט מיר אוועקשענקען די גאַנצע שטאָדט אַלס אַ מתנה ?

— יע, דיר ! דו וועסט דאָך שוין דאַן זיין מיין ריכטיגע פרוי.

— און איך וועל הערשען איבער דער שטאָדט ?

—יע, דער איינציגער פאַר וועמען

דו וועסט דאַרפֿען זיין פֿאַראַנטוואָרטליך איז אונזער קעניג.

— עפּעס גלויבט זיך מיר ניט, אַז אַזאַ זאַך קען מעגליך זיין! — האָט זי אויסגערופֿען און איהרע אויגען האָבען געגלאַנצט פֿון גליק — דו וועסט מיר אָפּגעבען די גאַנצע שטאָדט?

— אויב דו גלויבסט מיר ניט וועל איך עס פֿאַר דיר אָנשרייבען אויף אַ פּאַרמעט, און איך וועל זעהן, אַז דער קעניג זאָל זיין זיעגעל רינג אויף דעם אַרויפֿלייגען. ער וועט עס זיכער טהאָן פֿאַר מיר.

— און דו וועסט מיר שענקען אַזאַ וואונדערבאַרע מתנה?

— יע, בלויז דיר וועל איך זי שענקען, ווייל איך האָב דיך ליעב.

— און דיין פֿרוי?

— האָב איך דיר געזאָגט, אַז איך וועל קענען זעהר גרינג פֿון איהר פּטור ווערען.

— ווי אַזוי?

— איך וועל זאָגען דעם קעניג, אַז זי ווייס פֿון מיין פּלאַן, און זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל מיר שטערען. זי האָט מיר געסטראַשעט, אַז זי וועט מיינע סודות אַרויסגעבען צו אונזער שונא, ישראל, און דאַן וועל איך דאָך געוויס זיין באַרעכטיגט צו טהאָן מיט איהר ווי איך פֿאַרשטעה. יע, זי וועט שוין מעהר קיין שטערונג צו אונזער גליק ניט זיין.

— דו האָסט מיר נאָר־וואָס געזאָגט, אַז בלויז אַ קלייניגקייט דאַרף געטהאָן ווערען, און דאַן וועלען דיינע אַרמעען זיכער באַזיעגען דעם שונא. וואָס איז דאָס?

— וועגען דעם ביז איך טאַקע יעצט געקומען ריידען מיט דיר. — האָט גרים געענטפֿערט — דו ביזט די איינציגע, וועלכע וועט קענען מיר העלפֿען דורכפֿיהרען מיין גאַנצען פּלאַן.

— איך בין גרייט צו טהאָן אַלעם וואָס דו וועסט מיר זאָגען, מיין ליעבער גרים! — האָט זי אויסגערופֿען מיט פֿרייד.

— איך וועל דיר מוזען אָנפֿאַרטרויען מיין סוד. דו דאַרפֿסט וויסען זיין, אַז בלויז דער קעניג און איך ווייסען דערפֿון.

— דו האָסט דאָך נאָר־וואָס געזאָגט, אַז אויך דיין פֿרוי ווייס דערפֿון.

— דאָס האָב איך דיר געזאָגט, אַז אַזוי וועל איך זאָגען דעם קעניג, אַז אויך זי ווייס, כדי ער זאָל רעכטפֿערטיגען מיינע טהאַטען. עס זאָל מיר זיין גרינגער פּטור צו ווערען פֿון איהר, אָבער וואָס מיינסטו איך וועל זיין אַזאַ נאַר און איהר דערצעהלען מיינע סודות?

— נו, שנעלער דערצעהל מיר דעם סוד! — האָט זי זיך אָפּגערופֿען.

— דו מוזט מיר פֿריהער צושווערען ביי כמוש, אונזער גאָט פֿון מלחמה, אַז דו וועסט עס צו קיינעם ניט ענטדעקען.

— איך שווער! — האָט זי אויסגערופֿען — זאָל כמוש מיר אַזוי געבען זיין ברכה, ווי איך וועל דיזען סוד האַלטען ביי זיך פֿאַרבאָרגען.

גרים האָט איהר דערצעהלט וועגען די דאָקומענטען. ווי אַזוי רעומה האָט עס פֿאַר איהם אַרויסגעקראָגען פֿון גלעד'ן, און דורך זיי האָפּט ער. דאָס אויפּצוהעצען דעם שבט אפרים געגען אַלע איינוואוינער פֿון גלעד, דאַן וועט שוין ניט זיין צו שווער מלחמה צו האַלטען מיט די אידען און ביי זיי אַוועקנעמען אַלע זייערע שטעדט.

— און איך האָף, מיין ליעבע, אַז עס וועט ניט זיין צו שווער צו העלפֿען מיר אויסצוקלייבען אַ שטאָדט פֿאַר דיין אייגענטום, ווייל ניט נאָר די שטאָדט אַליין, נאָר אויך אַלעם וואָס געפֿינט זיך דאָרטען, וועט געהערען צו דיר.

— אָבער מיט וואָס וועל איך דאָס אַלעם פֿאַרדינען? — האָט זי איהם געפֿרעגט.

— מיט דעם וואָס דו וועסט מיר אַרויסהעלפֿען דורכצופֿיהרען מיין פּלאַן — האָט גרים געזאָגט — יעצט ווייסטו דאָך, געפֿינען זיך די דאָקומענטען אין מיין רשות. מיר דאַרפֿען אָבער געפֿינען

א וועג ווי אזוי די דאָקומענטען זאָלען אריינפאלען אין די הענט פון די הויפּט־פיהרער פון דעם שבט אפרים, און דו וועסט עס קענען באווייזען.

— ווי אזוי ?

— איך וועל זיך פארשטעלען פאר א סוחר און איך וויל מיטנעמען איי־ניגע פון מיינע קנעכט. דו וועסט זיך פאָרשטעלען פאר מיין דינסט. און ווען מיר וועלען דאָרטען זיין, וועסטו זיך זעהן צושארען צו איינעם פון די הויפּ־טען און ווען ער וועט ווערען מיט דיר פריינדליך, וועסטו איהם זאָגען, אז דו ראָסט איהם צו פארטרויען א סוד.

— אָבער וואס וועל איך טהאן, אז קיינער וועט זיך ניט וועלען אומקוקען אויף מיר ?—האט זי געזאגט מיט א שמייכעל.

— דו ביזט דאָך זעהר א שעהנע, און דיר וועט ניט זיין צו שווער צו קריגען איינעם פון זיי וועלכער וועט זיך וועלען צוהערען צו דיינע סודות, בפרט ווען דו וועסט איהם זאָגען, אז דו האָסט פון מיר ארויסגע'גנב'עט דאקומענטען וואָס וועלען זיין פאר זיי א גרויסע וויכטיג־קייט, ווייל דו האסט געהערט ריידענדיג וועגען דעם, אין דער צייט וואס דיין האר האט די דאָקומענטען אָפּגעקויפט ביי א ישראל פון דער שטאָדט מצפה, און ווען דו וועסט איהם נאָך דערצו ווייזען, וועט ער זיכער זיך פאראינטע־רעסירען און ער וועט דיר פיליכט נאָך באצאָהלען געלט דערפאר.

— גוט, איך בין צופרידען אונ־טערצונעמען דאָס צו טהאָן ! — האָט זי אויסגערופען — ווען וועלען מיר מאכען אונזער רייזע נאָך שבט אפרים ?

— אזוי שנעל ווי איך וועל באפרייט ווערען פון מיין פרוי — האָט גרים גע־זאָגט—איך גלויב אז דאָס וועט שוין לאנג ניט געדויערען. איך וועל איין טאָג פארברייינגען אין גאנצען מיט איהר און דאן וועל איך מיט איהר ער־גיץ געהן, און איך וועל זיך אומקעהרען אליין אהן איהר...

— אָבער גרים — האָט זי זיך אָפּ־גערופען מיט שרעק — וואָס וועל איך טהאָן אז איך וועל דיר אויך גמאָס ווערען און דאן וועסטו אויך פון מיר פטור ווערען אויף דעם זעלבען שטייגער.

— אָבער דו ווייסט דאָך, אז דאָס טהו איך בלויז צוליעב דיר, ווייל איך האָב דיך ליעב, און ווי אזוי קען דיר איינפאלען אזא זאך.

— איך מיין, אז דו האָסט דאָך מיר דערצעהלט דיין סוד. וואָס וועל איך טהאָן ווען דו וועסט אוועקגעהן צום קעניג און איהם זאָגען, אז איך וויל אנטדעקען דעם סוד צו די איינוואוינער פון מצפה און ער וועט דיר ערלויבען צו טהאָן מיט מיר אזוי ווי דו ווילסט טהאָן צו דיין פרוי.

— וועגען דעם מעגסטו זיכער רוהיג זיין — האָט גרים געלאַכט — איך בין גליקליך אז דו געהערסט צו מיר, טו ווי אזוי וועל איך טהאָן אזא זאך ?

— איך בין שוין ניט אזא נאר ווי דיין פרוי — האָט זי געזאָגט — איך וועל שוין וויסען ווען דו האָסט אויפגע־הערט ליעב צו האָבען אָבער פון מיר וועסטו אזוי שנעל ניט פטור ווערען.

— געוויס ניט — האָט גרים געלאכט — דו וועסט פארבלייבען מיט מיר אויף אייביג.

---

א פּאָר יאָהר זיינען פּאָראיבער איי־דער עס האָט געלונגען גרים'ן זיך צו באפרייען פון זיין פרוי. און דערווייל האָט ער געמוזט אָפּלייגען זיין רייזע נאָך דעם שבט אפרים.

עס איז געווען אין א הייסען זומער אָוועגד, ווען גרים האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין געליעבטער און האָט איהר אָנגע־זאָגט די בשורה, אז ער איז שוין פריי.

— ווי אזוי האָסטו עס געטהאָן ? — האָט זי איהם געפרעגט.

— פרעג מיר ניט קיין פראגעס ,יעצט וועסטו מיט מיר מיטרייזען נאָך דעם שבט אפרים און מיר וועלען דורכפיהרען אונזער פּלאן. איך בין שוין זעהר אומ־געדולדיג. איך האָב לאנג אויף דעם גע־

וואָרט! איך וואָלט שוין וועלן, אַז אפרים זאָל אַרויס אויף מלחמה געגען די איינוואוינער פון גלעד, און דאַן וועט שוין אַלץ רעכט ווערן.

גרים האָט זיך פאַרשטעלט אַלס סוחר און מיטנעהמענדיג קעמלען מיט סחורה איז ער מיט זיין געליעבטער אַריבער דעם ירדן.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען אין אפרים האָט גרים צושטעלט זיינע סחורה אויף דעם מאַרק פּלאַץ. פיעלע זיינען געקומען אָנקוקען די סחורה.

גרים'ס געליעבטע האָט געוואָרפען איהרע אויגען אויף יעדען קונה און ווען זי האָט באַמערקט איינעם, וועלכער האָט אויסגעקוקט, לויט זיינע קליידער, צו זיין אַ חשוב'ער מאַן, האָט זי אָפּגעוואַרט ביז וואַנען ער האָט זיך עטוואָס דערווייטערט פון גרים'ן, און זי איז איהם אַנטקעגען געלאָפען און זיך אָפּגערופען:

— מיין האַר, איך האָב אַ וויכטיגע זאַך דיר צו ענטדעקען.

— ווער ביזטו? — האָט איהר דער אפרתי געפרעגט.

— איך בין אַ דיענסט צו יענעם סוחר, ביי וועמען דו האָסט נאָר וואָס געקויפט דיין סחורה. אויפ'ן וועג, ווען מיר זיי־נען פאַרבייגעפאָהרען די שטאָדט מצפה האָב איך באַמערקט ווי מיין האַר האָט אָפּגעקויפט ביי איינעם פון די איינוואוי־נער פון מצפה דאָקומענטען, וואָס האָ־בען צו טהאָן מיט דיין שבט. איך האָב ביי איהם די דאָזיגע דאָקומענטען אַוועקגעגנב'עט און מיין האַר גלויבט אַז ער האָט זיי פאַרלאָרען. יעצט אויב דו ווילסט וועל איך זיי דיר פאַרקויפען.

— איך ווייס דאָך ניט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך — האָט ער איהר גע־ענטפערט.

— אויב דו ווילסט לאָמיר צוגעהן צו יענעם פּלאַץ, וואו קיינער וועט אונז ניט באַמערקען, און איך וועל דיר זיי ציינגען.

דער אפרתי איז מיט איהר צוגעגאַנ־גען און זי האָט איהם געצייגט די דאָ־קומענטען.

ער האָט זיי דורכגעלעזען און איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט.

— וויפיעל ווילסטו פאַר זיי? — האָט ער איהר געפרעגט.

— פינף שקלים!

— צוויי שקלים!

— גוט!

דער אפרתי האָט א'הר געגעבען צוויי שקלים און האָט ביי איהר צוגענומען די דאָקומענטען.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט און אי־בער גאַנץ אפרים האָט מען זיך דער־וואוסט וועגען דעם אינהאַלט פון די דאָ־זיגע דאָקומענטען.

די עלטסטע פון פיעלע שטעדט זיי־נען זיך צוזאַמענגעקומען און מען האָט דערפון גערעדט.

— מיר ווייסען גאָר ניט, אַז אונזערע ברידער פון מזרח זיינען גאָר אונזערע שונאים, און זיי גרייטען זיך מלחמה צו האַלטען מיט אונז.

— די חוצפה צו ריידען אַזוי פון אונזער שבט! — האָט אַן עלטסטער אויסגערופען — זיי באַשולדיגען אונז, אַז מיר קוקען אויף זיי מיט פאַראַכטונג, און אַז מיר נעהמען זיך שטאַרק איבער וואָס פון אונזער שבט האָבען געשטאַמט דער העלד יהושע און דבורה די נביאה.

— זיי האָבען אויף אונז אַ בלבול געמאַכט, אַז מיר גרייטען זיך צו אַ מלחמה.

— יעצט אַז זיי טראַכטען שוין יע אַזוי וועגען אונז, וועלען מיר אין דער אמת'ן דאַרפען זיך גרייטען צו אַ מלחמה מיט זיי.

— און וואָס זאָגט איהר אויף דעם— האָט נאָך אַן עלטסטער אַריינגעקוקט אין די דאָקומענטען — דאָרט שטעהט געשריבען, אַז ווען איינער פון אונזער שבט וועט קומען צו זיי וועט מען איהם באַהאַנדלען ווי אַ שפּיאָן.

— מיר טאָרען זיי פאַר דעם ניט שווייגען! — האָט נאָך איינער אויס־געשריען. נאָך ניט גענוג וואָס די איינ־וואוינער פון גלעד זיינען ניט געקומען צו הילף ווען אונזער דבורה האָט מלחמה

געהאלטען מיט סיסרא'ן, האלטען זיי נאך אונז פאר שונאים.

—יע, מיר וועלען זיי אנלערנען, די איינוואוינער פון גלעד, מיר וועלען זיי ניט שווייגען פאר דער דאזיגער באליידיגונג.

— מיר וועלען פארזאמלען אונזערע מחנות און ארויסגעהן אויף מלחמה מיט זיי!

— איידער מיר טהוען אזא שריט, וועלען מיר זיך מוזען בעראטהען מיט די עלטסטע פון אנדערע שטעדט.

— און איך גלויב, אז מיר זאלען שיקען שלוחים נאך מצפה און פארלאנגען אן ערקלערונג וועגען די דאזיגע דאקומענטען.

—ריידען דען די דאקומענטען ניט אליין, פאר זיך? וואס פאר אן ערקלערונג וועלען זיי אונז קענען געבען, נאכדעם ווי מיר באזיצען אין אונזערע הענט אזעלכע וויכטיגע דאקומענטען, וואס איז געשריבען געווארען פון גלעד'ן דער הויפט פון דער שטאדט מצפה?!

— אבער מיר קענען דאך ניט באפאלען אונזערע אייגענע ברידער פלוצלונג, אהן א ווארנונג.

— מיר דארפען זיי מעהר ניט אנרופען ברידער, נאר שונאים!

—לאמיר פרובירען אוועקשיקען צוויי איינוואוינער פון אונזער שטאדט און זעהן ווי זיי וועלען באהאנדעלט ווערען.

— ווער וועט עס וועלען איינשטעלען זיין לעבען אין סכנה, אויב זיי וועלען אונזערע מענשען באהאנדלען ווי שפיאנען, ווי עס שטעהט געשריבען אין די דאקומענטען, דאן וועלען זיי געוויס טויטען, ווען אימיצער פון אונז וועט קומען באזוכען זייער לאנד.

—פונדעסטוועגען וואלט געווען בעסער ווען מיר מאכען א גוטע אויספארשונג וועגען דעם ווי אזוי די דאקומענטען זיינען געשריבען געווארען און ווי אזוי זיי זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון דעם סוחר פון עמון.

— לאמיר שיקען שלוחים צו די איינוואוינער פון מצפה, זיי זאלען אונז געבען אן ערקלערונג וועגען דעם.

דעם זעלבען טאג האבען די עלטסטע פון אפרים געשיקט שלוחים קיין מצפה.

די שלוחים זיינען גלייך אוועק צו גלעד'ן אין הויז. זיי האבען איהם דערצעהלט וועגען די דאקומענטען און פון איהם פארלאנגט ער זאל זיי געבען אן ערקלערונג.

—מיר זיינען ריין פון אזעלכע געדאנקען! — האט גלעד אויסגערופען. מיר האלטען אז אונזערע אייגענע ברידער פון וועלכע שבט זיי זאלען ניט זיין, זיינען אונזערע פריינד. דאס איז א שרעקליכער ליגען.

— די דאקומענטען קומען מיט דער חתימה פון דיעזער שטאדט.

— אט וועל איך אייך באווייזען אנדערע דאקומענטען וואס מיר באזיצען! — האט גלעד זיי געצייגט.

— יע, די דאקומענטען וואס געפינען זיך אין דעם באזיץ פון אונזערע ברידער זיינען געשריבען מיט דער זעלביגער האנטשריפט — האט א שליח געזאגט.

— דאס איז מיין האנטשריפט, און איך קען שווערען, אז איך האב אזעלכעס קיינמאל ניט געשריבען. און אויב איהר ווילט, וועל איך שיקען אנזאגען די זקנים און שופטים פון אונזער שטאדט, זיי וועלען אויך קענען עדות זאגען, אז מיר האבען אזעלכע בייזע מחשבות וועגען אונזער ברודער פון שבט אפרים קיינמאל ניט געהאט.

גלעד איז מיט די שלוחים אוועק צו דעם פארזאמלונגס פלאץ און מען האט זיך נאכאמאל דורכגערעדט וועגען דעם.

— איך וואלט אייך געראטהען, איהר זאלט מיטברייגנען די דאקומענטען, דאן וועלען מיר קענען בעסער אורטהיילען, און מיר וועלען אויסגעפינען, אויב זיי זיינען ניט קיין געפעלשטע.

די שלוחים האבען זיך אומגעקעהרט און איבערגעגעבען די פיהרער פון דעם שבט אפרים דעם ענטפער פון גלעד.

מען האט באשלאסען צו ברייגנען די דאקומענטען אין מצפה.

— וואָס עס זאָל ניט זיין, זאָלט איהר זיי ניט איבערלאָזען ביי די איינוואוינער פון מצפּה — האָבען די עלטסטע אָנגעזאָגט די שלוחים. איהר וועט זיי מוזען צוריקברייגנען צו אונז.

ווען די שלוחים זיינען אָנגעקומען אין מצפּה, האָבען זיך ווידער אלע פאַרזאמעלט און גלעד האָט גענומען באַטראַכטען די דאָקומענטען.

— דער זיעגעל איז ריכטיג! — האָט גלעד אויסגערופען — יע, דער זיעגעל איז פון אונזער שטאָדט.

— און דאָס שרייבען? איז עס דען דיין האַנטשריפסט?

— עס איז עטוואָס עהנליך צו מיין האַנטשריפט, אָבער איך האָב עס ניט געשריבען! — האָט גלעד געענטפערט.

— אויב אזוי, ווי קומט עס אז אויף זיי זאָל ארויפגעלייגט ווערען די חתימה פון אייער שטאָדט? — האָט א שליח זיי געפרעגט.

אלע האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס און גלעד איז געבליבען שטעהן פאַרוואונדערט.

— עס דאַרף ביי קיינעם קיין צווייפעל ניט זיין, אז די דאָזיגע דאָקומענטען זיינען פאַלשע, אָבער וואָס מיר וואונדערט איז, ווי אזוי עס איז געקומען דער זיעגעל פון אונזער שטאָדט אין די הענ ט פון ·די פעלשער... דער זיעגעל איז די גאנצע צייט געלעגען אין מיין הויז, און קיינער פון מיין הויז וועט דאָך זיכער ניט באַשולדיגט ווערען צו טהאָן אזא זאַך. ווער פון אונז וואָלט געוועזען פאַראינטערעסירט אויפצורייצען דעם שבט אפרים אויף אונז.

—וואָס איז אייער ענטפער צו די פיהרער פון אונזער שבט? — האָט א שליח זיך געווענדעט צו גלעד'ן און די איבעריגע.

— אונזער ענטפער איז, אז מיר האַלטען אלע איבעריגע שבטים פאַר אונזערע פריינד ·ין אז די דאָקומענטען זיינען געפעלשטע, כאָטש מיר קענען קיין ערקלערונג ניט געבען ווי אזוי דער זיעגעל פון אונזער שטאָדט זאָל באַנוצט ווערען צו אזא פאַרשווערונג. מיר וועלען אין דעם זיכער ניט שווייגען. מיר וועלען מאַכען אַן אויספאָרשונג און אזוי שנעל ווי מיר וועלען עפּעס אויסגעפינען, וועלען מיר לאָזען וויסען אייער שבט.

— איהר וועט מוזען איבערלאָזען די דאָקומענטען מיט אונז, דאַן וועט זיין גרינגער פאַר אונז אויסצוגעפינען.

— דאָס איז אונמעגליך! — מיר האָבען אַן אָנזאָג פון אינזערע עלטסטע צו ברייגנען די דאָקומענטען צוריק.

— אָבער ווי אזוי וועלען מיר קענען דערגעהן ווער די פעלשער זיינען, אויב מיר וועלען די דאָקומענטען ניט האָבען?

— מיר קענען אָבער גאָר ניט טהאָן, מיר מוזען ערפילען דעם באַפעהל פון אונזערע עלטסטע.

די שלוחים האָבען פאַרלאָזען מצפּה מיט די דאָקומענטען.

עטליכע יאָהר האָט זיך געטומעלט אין גלעד און אין אפרים וועגען דער ענטדעקונג פון די דאָקומענטען. און כאָטש די איינוואוינער פון גלעד האָבען פאַרזיכערט, אז קיינער פון זיי האָט ניט אונטערהאַלטען אזעלכע געדאַנקען ווי פיינדשאַפט צו דעם שבט אפרים אָדער צו אַן אנדער שבט, פונדעסטוועגען האָבען זיך די איינוואוינער פון דעם שבט אפרים מיט דעם ניט צופרידענגעשטעלט. זיי האָבען זינט דאַן גענומען קוקען מיט פאַרדאַכט אויף די אייטוואוינער פון דער צווייטער זייט ירדן...

גרים איז אָבער געוואָרען אַנטטוישט, זיין האָפענונג אז א קריעג וועט אויסברעכען צווישען דעם שבט אפרים און די איינוואוינער פון גלעד, איז ניט ערפילט געוואָרען. ער האָט דורך דער צייט פיעל מאָל פאַרבראַכט אין אפרים און האָט מיט א כיון אָנגצויגען א געשפּרעך וועגען דעם מיט א סך איינוואוינער, א.ז ער איז צו זיין גרויס באַדויערען געקומען צום באַשלוס, אז שלום הערשט צווישען די שבטים. און דאריבער האָט ער אויפגעגעבען זיין פלאַן פון א מלחמה מיט גלעד'ן.

## 9-טער קאַפּיטעל

נאָך פיעל וואַנדערען פון שטאָדט צו שטאָדט האט זיך יפתח בעזעצט מיט זיין פרוי נעמה אין דער שטאָדט טוב וואס איז געווען אין צפון־מזרח זייט פון ארץ ישראל.

צום יאהר האט זיין פרוי נעמה איהם געבאָרען א טאָכטער און יפתח האט איהר א נאָמען געגעבען שאילה.

זעהר גליקליך זיינען זיי, יפתח און נעמה געווען מיט זייער טאָכטער.

— גאָט האט אונזער פערלאַנג ערפילט און ער האט אונז געגעבען א קינד! —האט יפתח מיט פרייד געזאגט—יעצט דארפען מיר שוין מעהר ניט זארגען וואס מיינע ברידער האבען מיר פון מיין געבורטס־שטאָדט פערטריבען. מיר וועלען צופרידען זיין אפילו אין דער פרעמד מיט אונזער טאָכטער.

— געלויבט איז גאָט ער האט אונז ניט פערלאָזען! — האט נעמה געזאגט —דיין נאָמען איז דאָ גרויס געווארען, אלע ווייסען אז דו ביזט א גרויסער העלד און זיי גיבען דיר אפּ כבוד.

— מיט יעדען טאָג קומען צו נייע מענשען צו מיר זיך אנשליסען צוזאמען מיט מיינע העלדען. זיי זיינען אלע מענשען מיט פערביטערטע הערצער אבער העלדיש און בראַוו.

— ווען איך בעמערק ווי דיינע מענשען טוען אלעס וואס דו בעפעהלסט זיי, יפתח, טראַכט איך מיר אז דו ביזט געבוירען געווארען צו זיין א הערשער. אלע דיינע מענשען האבען דיך זעהר ליעב, זיי שעצען און אכטען דיר—האט נעמה מיט פרייד געזאגט.

— זיי זיינען מיר געטריי און איבערגעבען — ערשט ניט לאנג צוריק האבען מיר געקעמפט געגען א ווילדען שבט וואס פלעגט קומען בעלעסטיגען די איינוואוינער פון דער נאָהנטסטער שטאָדט, ווען מיר האבען זיי בעזיגט און האבען פון זיי אלעס אוועקגענומען, האבען מיר פיעלע פון די רויב אומגעקערט צו זייערע אייגענטימער און עס איז נאָך גענוג פערבליבען פאַר מיר און מיינע מענשען.

— אָה, יפתח, ווען דו וואלסט געוואוסט ווי שטאָלץ איך בין מיט דיר, אלע מענשען פון שטאָדט בעוואונדערען דיין גבורה. ווען אונזער טאָכטער וועט אויפוואקסען וועט זי אויך שטאָלצירען מיט איהר פאָטער.

— און אויך מיט איהר מוטער — האט יפתח איהר א קוש געטאָהן — דו מעגסט אויך וויסען אז אלע בעוואונדערן דיין שעהנקייט און שאילה איז דאָך געראטען אין דיר.

— ווען איך וואלט דיר א זוהן געבוירען, וואלט ער געווען אזוי העלדיש און בראוו ווי דו — האט נעמה געזאגט.

— אבער איך בין גליקליך אויך מיט מיין טאָכטער! — האָט יפתח געזאָגט — אלעס וואס איך האב געליטען איז כדאי געווען צוליעב מיין טאָכטער שאיליה וואס גאָט האט מיר געשאָנקען. איך וועל מיין גאנצען לעבען אפּגעבען פאַר איהר.

— יפתח, א רייטער אויף א פערד קומט אָן! — האט נעמה אויסגערופען עטוואס דערשראָקען — אנצייגענדיג מיט איהר פינגער אין דער ריכטונג פון וואלד.

יפתח האט זיך שנעל אויפגעשטעלט פון זיין פּלאַץ און ארויסגעצויגען זיין שווערד.

באלד איז דער רייטער אנגעקומען און ארונטער פון זיין פערד.

— ביזטו דאס יפתח דער גלעדי? — האט דער רייטער איהם געפרעגט.

— דאס בין איך! — האט יפתח געענטפערט — וואס איז דיין וואונש?

— איך בין געשיקט געווארען צו דיר פון דעם קעניג פון ארם — האט זיך דער רייטער פערנייגט—דער קעניג האט געהערט פון דיין גרויסע העלדישקייט, וואס דו און דיינע מענשען בעוויזען אין קאמף מיט פיעלע רויבער שבטים. יעצט פיהרט אונזער קעניג א מלחמה מיט א שטארקען שבט און ער האט מיך

געשיקט בעטען דו און דיינע מענשען זאָלען איהם קומען צו הילף. דו ווייסט דאָך—האט ער מיר דיר געהייסען איבערגעבען — אז איך האב דיר פיין בעהאנדעלט אין מיין לאַנד, קיינער האט דיר און דיינע מענשען ניט בעלעסטיגט. דו האסט זיך געקענט בעוועגען וואוהין דו האסט געוואָלט, און דעריבער וועל איך דיין גנאָדע קיינמאָל ניט פערגעסען ווען דו וועסט מיר קומען צו הילף.

— געה זאָג דעם קעניג אז איך וועל זיין פערלאַנג ערפילען. איך וועל נאָך היינט צוזאמענקלייבען מיינע מענשען און קומען איהם צו הילף.

— איך דאנק דיר, מיין האר,—האט זיך דער רייטער פערנייגט און זיך צוריקגעזעצט אויף זיין פערד — איך וועל גלייך איבערגעבען דעם קעניג דיין ענטפער.

יפתח האט געקושט זיין פרוי און טאָכטער און ארויפזעצענדיג זיך אויף זיין פערד האט ער זיך דערווייטערט פון זיין געצעלט.

— זאָל דיר גאָט בעגליקען! — האט נעמה איהם נאָכגערופען האלטענדיג איהר טאָכטער אין איהר האנט.

יפתח האט אויפגעהויבען זיין האנט און נאכהער איז ער פערשוואונדען געווארען.

דער לאַגער וואו יפתח'ס מענשען זיינען געווען איז געווען ניט ווייט פון זיינע געצעלטען, בלויז א קליינער וועלדעל האט אפּגעטיילט צווישען זיי.

נעבען זייערע געצעלטען זיינען יפתח'ס מענשען געזעסען און האבען צווישען זיך פערבראכט. אייניגע האבען דערצעהלט געשיכטעס, אנדערע האבען געזונגען לידער, און פיעלע זיינען געלעגען אויף דעם גראָז און געדרעמעלט. ווען יפתח איז אנגעקומען, האבען זיך אלע מיט א מאָל אויפגעשטעלט און איהם ארומגערינגעלט.

— גורט אָן אייערע שווערדען און נעהמט מיט זיך שפּייז און וואסער, מיר וועלען געהן העלפען דעם קעניג פון ארם אין מלחמה. ער איז געווען גנעדיג צו אונז און אונגעשטערט האט ער אונז אין זיין לאַנד געלאָזט זיין.

— מיר זיינען געגרייט! — האבען זיך געהערט שטימען. באַלד זיינען יפתח'ס דריי הונדערט העלדען געווען גרייט. זיי זיינען אלע געווען בעוואפענט און האבען נאָכגעפאָלגט זייער שטארקען פיהרער יפתח'ן.

ווען יפתח איז אנגעקומען אין דער הויפט־שטאָדט האט איהם דער קעניג אויפגענומען מיט בעגייסטערונג.

— איך בין זעהר צופרידען וואס דו ביזט געקומען מיר צו העלפען אין דער צייט פון מיין נויט! — האט דער קעניג איהם געזאגט — מיין לאַנד איז פריי פאַר דיר, דו קענסט זיך אויסקלייבען דעם בעסטען פּלאַץ און זיך בעזעצען מיט דיינע מענשען.

— איך דאנק דיר מיין האר קעניג! — האט יפתח זיך פערנייגט — אבער מיר זיינען צופרידען צו וואָהנען אין דעם פּלאַץ וואו מיר געפינען זיך יעצט. איך האָף אז מיין גאָט, דער גאָט פון מיינע עלטערען וועט קומען מיר צו הילף און איך וועל צושלאָגען די ארמעען פון דעם קעניג'ס שונאים.

— זיי געבענשט צו דיין גאָט! — האט דער קעניג געזאגט, — ווען דו וועסט מיינע שונאים בעזיעגען, וועסטו קענען פערלאַנגען פון מיר וואס נאָר דו וועסט וועלען.

דריי טעג האט געדויערט דער שלאכט צווישען יפתח'ן און זיינע מענשען מיט די שונאים פון ארם, ביז וואנען פון דעם ווילדען שבט איז ניט איבערגעבליבען קיין איינציגער מאן. א גרויס פּאַראַד האט דער קעניג פון ארם געמאכט פאַר יפתח'ן און זיינע מענשען. דער קעניג און זיינע גענעראַלען זיינען ארויסגעקומען בעגריסען איהם.

— איך האב געהערט אז דו ביזט א העלד! — האט דער קעניג געזאגט — אבער יעצט זעה איך אז דו בעזיצסט א גבורה נאָך מעהר ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט. אויב דו ווילסט וועל איך דיר

מאכען פאר דעם הויפט־גענעראל פון אלע מיינע ארמעען.

— איך דאנק דיר, מיין האר קעניג!

— האט יפתח בעשיידען געענטפערט— די גענעראלען וואס דו האסט יעצט זיינען אויך שטארק און בראוו און דו מעגסט זיכער מיט זיי שטאָלצירען. איך וועל בעסער פערבלייבען מיט מיינע ברידער ווי פריהער, און ווען דו וועסט מיר דארפען בין איך שטענדיג געגרייט דיר צו דינען.

א גאנצען טאָג האט מען אין דער הויפט־שטאָדט פון ארם געפייערט יפתח'ס זיעג איבער ארם'ס שונאים און פארנאכט האט זיך יפתח און זיינע מענשען צוריקגעקעהרט צו זייערע פלעצער.

פון נאָהענט און ווייט איז יפתח'ס נאָמען פערשפרייט געווארען. אלע האָבען געהערט וועגען זיי' גרויסע העלדישקייט, ער איז מיט זיין גבורה בעריהמט געווארען צווישען אלע פעלקער וועלכע האבען זיך געפונען אין יענע געגענדען.

די נייעס פון יפתח'ס זיעגען האט אויך דערגרייכט די אויערען פון די איינוואוינער פון דעם לאנד גלעד און ווען די מענשען פון מצפה, יפתח'ס געבורטשטאָדט, האבען דערהערט אז יפתח, וועמען זיי האבען מיט שאנדע און שפאָט פערטריבען פון זייער שטאָדט, איז ערפאָלגרייך וואוהין ער קעהרט זיך, האבען זיי גענומען חרטה האבען אויף דעם, וואס זיי האבען צו איהם געטאָהן. בפרט יעצט אז זיי האבען אנגעהויבען פיהלען דעם דרוק פון עמון.

כאָטש דער קעניג פון עמון איז דערווילע נאָך ניט ארויסגעקומען אין אן אָפענע מלחמה מיט די איינוואָהנער פון גלעד, האבען אבער אלע געפיהלט אז א מלחמה מיט עמון איז אונפערמיידליך. פיעלע איבערפאלען זיינען געמאכט געווארען פון עמון איבער די שטעדט און דערנער פון ישראל וואס האבען זיך געפונען ניט ווייט פון דעם גרעניץ פון עמון.

ניט איינמאָל האט גרים געשיקט שלוחים אין מצפה און פערלאנגט מען זאל פאר זיין קעניג אפגעבען א גרויסע סומע געָלד אין צינזען.

די איינוואָהנער פון מצפה האבען ניט געוואוסט וואס צו טאָהן. זיי זיינען ניט געווען געגרייט אויף א מלחמה מיט עמון, זיי האבען ניט געקענט ערווארטען קיין הילף פון די אנדערע שבטים אויף דער צווייטער זייט ירדן, בפרט נאכדעם ווי דער מיספערשטענדנים וועגען די פאלשע דאקומענטען איז נאָך אלץ ניט געשליכטעט געווארען מיט דעם שבט אפרים.

— אויב מיר זאלען נאכגעבען דעם פערלאנג פון עמון און יעדען מאָל בעצאָהלען איהם די געפאדערטע סומע געלט וועלען מיר אלע פעראָרימט ווערען! — האבען די איינוואָהנער פון מצפה גע'טענה'ט.

— און איך בין שוין אויך מיעד פון צו געבען אזוי פיעל געָלד פון מיינע אוצרות. ווי לאנג וועל איך דאס אזוי קענען טאָהן? — האט גלעד אויסגערופען.

— אונזער איינציגער ענטפער צו עמון דארף זיין דאָס שווערד! — האָט איינער פון די עלטסטע געזאגט.

— די פראגע איז צו קענען מיר בעהויפטען אנצופאנגען א מלחמה מיט עמון אין דער יעצטיגער צייט. מיר האבען נישט קיין העלדישען פיהרער וועלכער זאל זיך קענען אונטערנעהמען צו בעזיגען אונזער שטארקען שונא, אונזערע ארמעען זיינען ניט געאיבט אין מלחמה.

— מיט יאהרען צוריק האבען מיר צווישען אונז געהאט א גרויסען העלד, האבען מיר איהם מיט שאנדע פון אונזער שטאָדט פערטריבען. יעצט הערען מיר אז ער איז נאָך שטארקער און בעזיגט מעכטיגע שבטים.

— ווען מיר וואלטען געקענט פועל'ן ביי איהם ער זאל זיך אומקעהרען צו אונז און ווערען אונזער פיהרער וואלטען מיר דאן געמעגט טראכטען פון א מלחמה מיט עמון.

— מיר דארפֿען פֿערגעסען וועגען יפֿתח'ן, מיר האבען קיין רעכט ניט אפֿילו צו טראכטען וועגען איהם. ווי אזוי קענען מיר ערווארטען אז ער זאָל אונז קומען צו הילף נאכדעם ווי מיר האבען איהם אזוי שענדליך בעהאנדעלט.

— מיר קענען ניט ערווארטען קיין הילף פֿון קיין אנדערע שבטים און בפֿרט פֿון דעם שבט אפֿרים — האט איינער פֿון די זקנים געזאגט — איז דעריבער מיין עצה אז כל זמן די עמונים לאזען אונז צו רוה און פֿערלאנגען נאָר צינזען, זאָלען מיר זיי צאָהלען און לעבען בשלום.

— עס איז גוט צו זאגען צאָהלען— האט גלעד זיך ארײנגעמישט — אויף דיין חלק קומט קיין סך ניט אויס צו צאָהלען, דער גאנצער לאסט פֿאלט דאָך אויף מיר און די אנדערע רייכע איינוואָהנער פֿון שטאָדט.

— וויפֿיעל דו זאָלסט ניט צאָהלען, ווערסטו נאָך אלץ האבען גענוג. רייכטום בעלאנגט צו גאָט!

— ניין, איך וועל ניט דערלאָזען אז מיין פֿאטער'ס אוצרות זאָלען אפּגעגעבען ווערען פֿאר צינזען! — האט אלדד גלעד'ס עלטערער זוהן זיך אפּגערופֿען— אלע דארפֿען זיך טיילען גלייך דעם יאָך פֿון צינזען.

— און וואס זאָלען מיר טאָהן אז מיר פֿערמאָגען ניט אזוי פֿיעל גאָלד?

— זאָלען מיר דאן ארויסווייזען א ווידערשטאנד געגען אונזערע אונטערדריקער — האט אלדד אויסגערופֿען.

— פֿילייכט ווערסטו זיך אונטערנעהמען צו פֿיהרען אן ארמעע געגען עמון? —האט זיך איינער אפּגערופֿען צו איהם.

— איך? — האט אלדד אויסגערופֿען — ווי קום איך צו פֿיהרען אן ארמעע?

— טאָמער האט זיך צווישען אונז געפֿונען א העלדישער יונג וועלכער וואלט געקענט ברײנגען נוצען פֿאר אונז אלעמען האָסטו איהם פֿערטריבען.

— איך בין דען געוועזן דער איינציגער? — האט אלדד זיך פֿרובירט פֿערענטפֿערען — אלע שופֿטים און די עלטסטע פֿון שטאָדט האבען אזוי בעשלאָסען אז דאָס זאָל זיין שטראָף זיין.

— נו, דאן האבען אלע נאָך געהאט א צווייפֿעל אין דעם אז יפֿתח איז שולדיג אין דעם טויט פֿון זיין מוטער.

— און יעצט? — האט גלעד אנגעקוקט די עלטסטע.

— המ... יעצט — האבען זיך די עלטסטע איבערגעווארפֿען מיט בליקען.

— עפּעס פֿערבאָרגט איהר פֿון מיר!

— האט גלעד זיך צו זיי געווענדעט.

— וואס האבען מיר זיך וואס צו שעהמען? — האט אן עלטסטער אויסגערופֿען — מיר מעגען איהם אלעם דערצעהלען.

— וואס איהר פֿערבאָרגט עפּעס פֿון מיר? — האט גלעד זיך אפּגערופֿען.

— יע, מיר האבען זיך אלע בענאַרישט וואס מיר האבען ארויפֿגעווארפֿען אזא שווידערליכען בלבול אויף יפֿתח'ן. ער איז אומשולדיג געוועזן.

— פֿון וואנען זייט איהר דאס אזוי זיכער? — האט זיך אלדד ארײנגעמישט — האט איהר דען אויסגעפֿונען?

— חפֿר האט זיך נאָר וואס אומגעקעהרט פֿון א בעזוך צו זיין טאכטער אין ארם, און ער האט אונז אלעם קלאָר געמאכט.

— זאגט מיר שנעלער וואס האט ער אייך דערצעהלט? — האט זיך גלעד אפּגערופֿען.

די עלטסטע האבען געשוויגען.

— פֿארוואס דערצעהלט איהר מיר ניט? — איז גלעד אומגעדולדיג געווארען.

— זאָל חפֿר בעסער דיר דערצעהלען!

— האט איינער איהם געזאגט.

— זאָלען מיר איהם שיקען רופֿען?

— ניין, איך וועל אליין אריבערגעהן צו איהם — האט גלעד געזאגט.

— און איך וועל מיט דיר מיטגעהן, פֿאטער! — האט זיך אלדד אפּגערופֿען.

גלעד און אלדד זיינען גלייך אוועקגעגאנגען צו חפר'ן.

— דו ביזט נאָר וואָס געקומען פון א בעזוך צו מיין זוהן און דו ביזט מיר ניט געקומען אפּגעבען א גערוס פון איהם? — האט איהם גלעד פאָרגעוואָרפען.

— המ... איך האב געמיינט אז דו וועסט ניט וועלען הערען פון איהם! — האט זיך חפר פערענטפערט.

— אָ, ווי אזוי קענסטו טראכטען אזוי פון מיר? אפילו ווען איך האב איהם דאן פון מיין הויז פערטריבען, איז ער דאך פארט מיין זוהן, מיין פלייש און בלוט, און אזוי פיעל יאהרען זיינען פאראיבער זינט איך האב איהם ניט געזעהען און יעצט אז דו ביזט פון איהם געקומען האסטו אפילו ניט געפונען פאר נויטיג צו קומען מיר זאגען וואס ער מאכט.

— דעם אמת זאָגענדיג האב איך יפתח'ן ניט געזעהען! — האט חפר געזאגט — ווען איך בין געקומען איהם בעזוכען איז ער ניט געווען אין דער היים. מיין טאָכטער האט מיר געזאגט אז ער איז אוועק מיט זיינע מענשען שוין א לענגערע צייט, און ער פיהרט א מלחמה מיט איינעם פון די שטארקסטע שבטים.

— אבער וואס האט זי דיר דערצעהלט? שנעלער זאג מיר.

— זי האט מיר געזאגט אז פרידען איז צו איהם און אז ער איז זעהר שטארק בעליעבט ביי דעם קעניג פון ארם. איך האב אויך געזעהען זייער טאָכטער.

— יפתח האט א טאָכטער?! — האט גלעד אויסגערופען מיט פרייד — איך האב גאר ניט געוואוסט פון דעם!

— און וואס פאר א טאכטער! — האט חפר מיט שטאָלץ געזאגט — זי איז אזוי שעהן ווי די ליכטיגע זון און איז אויך זעהר קלוג.

— און אזוי ווי אלט איז זי?

— זי איז שוין באלד פופצעהן יאהר.

— און וואס האסטו דארטען אויסגעפונען?

— מיין טאָכטער האט מיר אלעם דערצעהלט — האט חפר געזאגט און יעצט מוז איך דיר זאגען אז יפתח איז ניט נאָר געווען אומשולדיג, אבער ער איז געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאר זיין מוטער'ס גוטען נאָמען.

— איך בעט דיר דערצעהל מיר אלעם וואס דו ווייסט.

— נעמה האט מיר געזאגט אז זי איז געווען אונטער א שבועה פאר קיינעם ניט צו ענטדעקען וועגען דעם מאָרד פון רעומה'ן ביז וואנען זייער טאָכטער וועט אויסוואקסען, און יעצט אז זייער טאָכטער איז עלטער געווארען, האט זי גע'פועל'ט ביי יפתח'ן ער זאל איהר בעפרייען פון דער שבועה, ווייל זי האט ניט געוואלט אז איהר טאָכטער וועט אמאָל הערען וועגען דעם מאָרד פון איהר באָבען, וועט זי פיליכט מיינען אז איהר פאטער איז געווען דער מערדער פון זיין מוטער. דעריבער האט זי מיר אלעם דערצעהלט.

— איז עס דען אמת, ווי מיין פרוי מרה האט זיך געהאט אמאָל אויסגעדריקט אז רעומה איז מיר געווען אומגעטריי און איינער פון איהרע געליעבטע האט איהר ערמאָרדעט?

— ניין! רעומה, דיין פלגש, איז דיר געווען געטריי אבער דורך אומשטענדען איז זי אזוי פערפלאָנטערט געווארען, אז זי האט זיך ניט געקענט העלפען, און זי איז געפאלען א קרבן צוליעב איהר טרייהייט צו דיר און צו איהר זוהן.

— דערצעהל מיר אלעם, חפר! — האט גלעד זיך אפּגערופען און דו אלדד קום אויך צו נעהענטער, דו מעגסט עס אויך הערען!

אלדד איז צוגעגאנגען און זיך געזעצט נעבען זיין פאטער און חפר האט דערצעהלט אלעם. ער האט זיי דערצעהלט ווי אזוי גרים, וועלכער האט זיך פערשטעלט פאר א סוחר און זיך געמאכט פאר גלעד'ס גוטער פריינד, האט דורך פערשידענע מיטלען ארויסגעקראגען איהר

האַלזבאַנד און רינג. יפתח וועלכער האָט שטענדיג געסטראַשעט צו מאַכען אַ בלבול אויף איהר און ער האָט איהר געצוואונגען צו טאָהן נאָך זאַכען אָבער רעומה האָט זיך ניט אונטערגעגעבען און ווען זי איז געגאַנגען זיך מיט איהם בעגעגענען יענעם פריהמאָרגען, ווען ער האָט ערוואַרט זי זאָל איהם ברייגגען די שליסלען פון דיינע שראַנקען, האָט זי אַנשטאַט מיטגענומען אַ מעסער און געוואָלט איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכען אַ סוף צו דעם וועלכער האָט איהר ניט אויפגעהערט צו פערביטערען דעם לעבען און דאַן האָט זי ביי איהם אַרויסגעקראַגען צוריק דעם האַלזבאַנד און רינג, אָבער גרים האָט איהר געטויטעט און פון גרוים איילעניש האָט ער פערגעסען אוועקצונעהמען פון איהר דעם האַלזבאַנד אָן זרינג. יפתח וועלכער האָט געוואוסט אַז זיין מוטער קלייבט זיך צו מאַכען אַ סוף צו אַלעס, איז יענעם פריהמאָרגען אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה און ניט געפינענדיג זיין מוטער אין איהר צימער איז ער אַרויסגעגאַנגען זי זוכען. דאַן האָט ער זי געפונען אַ טויטע און וויסענדיג ווי ער זאָל די זאַך ניט אויפקלערען וועט זיין מוטער'ס נאָמען בעשמוצט ווערען, איז ער געווען גרייט צו ליידען פאַר דעם אָבער צו האַלטען זיין מוטער'ס נאָמען ריין, דעריבער איז ער צוריקגעגאַנגען יענעם פריהמאָרגען און זיך געלעגט אין זיין בעט, זיך ניט וויסענדיג מאַכען.

— אָה, מיין טייערער זוהן! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען — נאָבעל און ריין איז דיין האַרץ און מיר האָבען דיר פערורזאַכט אַזוי פיעל ליידען.

אלדד איז די גאַנצע צייט געזעסען מיט קאָפּ אַרונטערגעלאָזען און געשוויגען.

— וואָס זאָל איך יעצט טאָהן? — האָט גלעד זיך געווענדעט צו חפר'ן — גיעב מיר אַן עצה.

— איך האָב מורא אַז איך האָב פאַר דיר קיין עצה ניט — האָט חפר געזאָגט — איך האָב מיין טאָכטער געפרעגט אויב מען וואָלט זיי געבעטען זיך צוריקצוקעהרען קיין מצפה וואָלטען זיי צוריקגעקומען?

— און וואָס האָט זי דיר געענטפערט?

— זי האָט מיר געזאָגט אַז זיי וועלען זיך קיינמאָל ניט צוריקקעהרען נאָ[illegible] מצפה, נאָכדעם ווי זיי זיינען מיט ש[illegible]דע פערטריבען געוואָרען פון דאָרטען.

— ווען איך זאָל וויסען אַז מיין [illegible]מען וועט העלפען וואָלט איך אַליין ג[illegible]גאַנגען אַהין. כאָטש איך בין שוין אַל[illegible] און שוואַך און די רייזע וועט אויף מיר צו לאַסט פאַלען.

— אָה, ניין, פאָטער, דו וועסט ניט קענען געהן יעצט נאָך אָרם, אויב דו ווילסט וועל איך צו איהם געהן. איך וועל ביי איהם בעטען מחילה פאַר אונזער גאַנצער משפחה.

— אומזיסט וועט זיין דיין רייזע!

— האָט חפר געזאָגט — יפתח וועט קיינמאָל ניט פערגעסען ווי שלעכט דו האָסט איהם בעהאַנדעלט.

— אָבער איך בין דאָך ניט געוועזען דער איינציגער! — האָט אלדד זיך אָבגערופען — אַלע האָבען דאָך איהם אַזוי בעהאַנדעלט.

— און דעריבער וועט ער זיך ניט אומקעהרען אַהער. אויסער דעם איז יפתח יעצט זעהר רייך און ער איז צופרידען מיט דעם לאַנד וואו ער געפינט זיך.

— איך וועל זיך בעראַטהען מיט אַלע שופטים און עלטסטע וואָס וויטער צו טאָהן — האָט גלעד געזאָגט — יע, איך וועל זיי אַלעמען איינלאַדען צו זיך אין הויז און איך וויל אַז דו, חפר, זאָלסט אויך קומען און צוזאַמען וועלען מיר זעהן וואָס צו טאָהן און ווי אַזוי צו האַנדלען.

— איך וועל זיכער קומען! — האָט חפר געזאָגט — ווייל איך וועל זיך זעהר גליקליך שעצען ווען איך וועל וויסען אַז עס איז פאַראַן אַ מעגליכקייט דאָס מיין טאָכטער און מיין איייניקעל וועלען זיין נאָהענט צו מיר.

---

יענעם טאָג האָבען זיך אין גלעד'ס

הויז צוזאמענגעקליבען די עלטסטע פון שטאָדט מיט די שופטים, אויך חפר איז געקומען.

מען האט ווידער זיך דורכגערעדט וועגען יפתח׳ן און גענומען קלערען ווי אזוי מען זאל אויף איהם קענען ווירקען ער זאל זיך צוריקקעהרען נאָך מצפה.

— איך בין געגרייט צו געהן מיט מיין זוהן! — האט גלעד זיך אבגערופען—און איהם בעטען ער זאל אונז מוחל זיין.

— דאס איז ניט ראטהזאם פאר דיר צו טאָהן! — האט איינער פון די שופטים זיך אפגערופען — מיר צווייפלען אויב ער וועט וועלען זיך צוריקקעהרען צו דיר. זיין שטאָלץ וועט איהם ניט ערלויבען. מיין עצה איז אז מיר זאָלען אויסקלייבען עטליכע פון די זקנים פון דעם גאנצען לאנד גלעד, און זיי זאלען זיין אונזערע פאָרשטעהער, זיי וועלען קומען צו יפתח׳ן און איהם בעטען ער זאל זיך אומקעהרען צו אונז. דאן בין איך זיכער אז יפתח וועט זיך צוהערען צו זיי, און ער וועט זיך צוריקקעהרען צו אונז.

— איך צווייפעל נאָך אלץ אין דעם!

— האט א זקן אויסגערופען — מיר האבען דאך אלע געהערט ווי שטארק בעריהמט ער איז געווארען אין דעם לאנד טוב, פארוואס זאל ער וועלען איינשטימען זיך צוריק צו בעזעצען אין אונזער שטאָדט. דעריבער איז מיין עצה מיר זאלען זיך ווענדען צו יפתח׳ן מיט דער בקשה צו ווערען אונזער פיהרער און קומען אונז העלפען פון די הענט פון עמון.

— דאס איז א גוטער פּלאן! — האט א צווייטער געזאגט — יפתח וועט זיכער וועלען נקמה נעהמען אָן דעם מערדער פון זיין מוטער און ער וועט קעמפפען מיט פערביטערונג געגען איהם און זיינע מחנות.

— איך גלויב אויך אז דאס איז דער איינציגער וועג ווי אזוי מיר וועלען קענען צוריק קריגען יפתח׳ן. ער וועט מוזען ווערען אונזער פיהרער או׳ אז גאָט וועט העלפען און ער וועט בעזיעגען די עמונים דאן וועלען די איבעריגע שבטים פון דיזער זייט ירדן איהם אויך אנערקענען.

אין עטליכע טעג ארום האבען זיך די עלטסטע פון גלעד צונויפגעזאמעלט און האבען אויסגעקליבען עטליכע פאָרשטעהער און זיי אוועקגעשיקט צו יפתח׳ן אין דער שטאָדט טוב וואס געפינט זיך אין דעם לאנד פון ארם.

עטליכע טעג האבען זיי געוואנדערט ביז וואנען זיי זיינען צוגעקומען צו דער שטאָדט טוב.

## 10-טער קאפּיטעל

שאיליה, יפתח׳ס טאָכטער, האט זיך עטוואס ערוויטערט פון איהר פאטער׳ס געצעלט און איז אוועק אין פעלד אנצוקלייבען בלומען. זי האט ליעב געהאט אנצוקלייבען פערשיעדענע בלומען און צוזאמענפלעכטען א קרוי׳ פון זיי. און יעדעס מאָל ווען איהר פאטער פלעגט זיך צוריקקעהרען אהיים פלעגט זי איהם ארומנעהמען, האלזען און קושען און אויף זיין קאָפּ אנטאָהן די פרישע בלומען.

זעהר ליעב געהאט האט שאיליה איהרע עלטערען, זי איז געווען שטאָלץ אויף איהר פאטער, זי האט געוואוסט ווי אלע עהרען איהם פאר זיין בראווקייט און העלדישקייט. אבער צייטענווייז פלעגט אן אומעט בעדעקען איהר שעהנעם פנים. זי האט זיך אין דער שטאָדט געפיהלט אזוי פרעמד און עלענד. זי האט ניט געהאט קיין פריינדינס מיט וועמען צו פארברי נגען, ווייל די טעכטער פון יענער שטאָדט זיינען צו איהר אין גאנצען פרעמד געווען. זי האט זיי ניט פארשטאנען און זיי האבען זיי ניט פארשטאנען.

ניט איינמאָל ווען איהר מוטער פלעגט איהר דערצעהלען מעשיות פון איהר יוגענט אין דער שטאָדט מצפה, פלעגען שאיליה׳ס אויגען אנגעפילט ווערען מיט טרעהרען.

— מוטער, פארוואס זאלען מיר צור־

ריק ניט געהן אהין אין דעם לאַנד פון ישראל, ווי גליקליך איך וואלט זיך געשעצט, ווען איך וואלט געקענט פערברייננגען אין געזעלשאפט פון די טעכטער פון ישראל, און זיך בעטייליגען אין די פייערונגען פון אונזערע ימים טובים.

— ניין, מיין טאָכטער, מיר דארפען דאנקען גאָט וואס ער האט אונז געגעבען א רוהע פלאַץ אין דיזען לאַנד. אין דער שטאָדט פון וואנען איך און דיין פאטער קומען געפינען זיך אויך שלעכטע מענשען, וועלכע האבען דיין פאטער בעליידיגט.

— אבער מוטער, פארוואס ווילסטו מיר ניט דערצעהלען וועגען דעם, דו האסט דאָך מיר פערשפּראָכען אז ווען איך וועל אויסוואקסען, וועסטו מיר אלעם דערצעהלען.

— דו ביזט נאָך צו יונג, מיין טאָכטער — עס וועט שוין לאַנג ניט נעהמען און דו וועסט אלעם וויסען.

איינמאל, נאכמיטאג, ווען שאיליה איז אוועק צום טייכעל צו בעטראכטען דעם קלאָרען וואסער וואס פליסט אזוי שטיל און רוהיג, האט זי דערזעהען ווי א מאן זיצט ביים ברעג טייך אונטער א בוים און דרעמעלט. ווען זי האט זיך דערנעהענטערט האט זי בעמערקט אז דער מאן איז שוין גאנץ אלט, זיינע קליידער זיינען אויסגעטראָגען אויף זיין פּנים האט זי דערקענט אז ער איז ניט פון די איינוואָהנער פון דיזער שטאָדט. זי איז געווען זיכער אז ער שטאמט פון ישראל.

א היבשע ווײַלע איז זי געשטאנען און איהם בעטראכט. זי האט איהם ניט געוואלט שטערען. אבער ווען ער האט ערוואכט פון זיין דרעמעל איז זי צו איהם נעהענטער צוגעקומען.

— ווי איך זעה ביזטו א פרעמדער— האט שאיליה זיך צו איהם געווענדעט— דו מוזט זיכער זיין מיעד און הונגעריג.

— דו רעדסט דאָך מיין שפּראַך! — האט זיך דער אלטער אויפגעשטעלט און איהר אנגעקוקט מיט פערוואונדערונג— ביזטו דען ניט א טאכטער פון ישראל?

— יע, איך בין א טאָכטער פון ישראל —האט זי מיט שטאָלץ געענטפערט — און ווער ביזטו מיין האר?

— איך שטאם אויך פון דעם פאָלק ישראל.

— אויב אזוי קום מיט מיר צו דעם הויז פון מיינע עלטערען, מיין מוטער וועט זיך דערפרעהען, ווען זי וועט זעהען אימיצען פון איהר געבורטס־לאַנד.

— און דו געפינסט זיך שוין לאנג אין דיזען לאַנד? — האט דער פרעמדער איהר געפרעגט.

— איך בין דאָ געבאָרען געווארען!

— פארוואס האבען דיינע עלטערען פערלאָזען זייער לאַנד?

— דאס וויים איך ניט, מיין מוטער זאגט מיר אז איך בין נאָך צו יונג, ווען איך וועל עלטער ווערען וועל איך אלעם קענען וויסען. אבער קום דאָך מיט מיר און איך וועל דיר געבען גוטע שפּייז. איך קען גוט קאָכען.

— איך דאנק דיר, טאָכטער, אבער איך וועל בעסער בלייבען אין דרויסען.

— באלד וועט דאָך צופאלען דער אוונט, און עס וועט קאלט ווערען. דיינע קליידער וועלען דיר קוים קענען האלטען ווארעם. אין אונזער הויז וועסטו געפינען א פּלאַץ צו שלאָפען. דו וועסט אויך זיך קענען אנזעטיגען מיט אונזער שפּייז.

— ניין, מיין טאָכטער, איך בין ניט ווערט זיך צו געפינען אין א אידיש הויז, איך האב פיעל געזינדיגט געגען מיין גאָט און מיין פאָלק.

— אבער ווער ביזטו?

— וואס איז דער אונטערשיעד ווער איך בין. יעצט וואנדער איך ארום פון שטאָדט צו שטאָדט. מיט דעם וואס איך לייד גאנץ אָפט הונגער און קעלט, האָף איך אז גאָט וועט מיר מיין זינד מוחל זיין.

— אויב דו וועסט ווארטען דאָ א קליינע ווײַלע, וועל איך דיר ארויסברייננגען עטוואס שפּייז, ווייל די געצעלטען פון מיין פאטער זיינען ניט ווייט פון דאנען.

— איך דאנק דיר, מיין קינד, דו ביזט גוטהערציג און גנעדיג צו מיר, זאג מיר ווי איז דיין נאָמען.

— מיין נאָמען איז שאיליה! — און ווי איז דיין נאָמען?

— פארוואס זאָלסטו פרעגען מיין נאָמען... איך האב שוין לאנג ניט צו לעבען און איך וועל שטארבען מיט מעהר רוהיגקייט, ווען די מענשען ארום מיר וועלען ניט וויסען מיין נאָמען.

— אבער דו וועסט דאָך מיר דיזע געפעליגקייט טאָהן, מיין האר, און צווארטען ביז וואנען איך וועל דיר צובריינגען א ביסעל שפּייז און א כלי אנצושעפּען פון דעם ריינעם וואסער פון דעם טייך.

דער אלטער האט א שמייכעל געטאָהן.

— גוט, איך וועל צוווארטען, אבער ברייננ מיר ניט צופיעל שפּייז, און איידער דו געהסט מיר בריינגען די שפּייז בעט ערלויבנים ביי דיין מוטער.

— מיין מוטער איז זעהר גליקליך צו העלפען יעדען איינעם—האט שאיליה געזאגט מיט א שמייכעל.

— זיי געבענשט צו גאָט, שאיליה—האט דער אלטער געזאגט — איך וועל דיין חסד קיינמאָל ניט פארגעסען. איך וועל דאָ ווארטען א ווייל.

שאיליה איז שנעל אוועק אהיים, זי האט געוואלט וואס גיכער קריגען די שפּייז צו דעם ארימען אלטען מאן, דעריבער האט זי איהר מוטער ניט געזאגט אז דער ארימער פרעמדער איז א ישראל. זי האט געוואוסט אז איהר מוטער וועט איהר מיט איהרע פראגען צו לאנג פערהאלטען, דערווייל וועט דער אלטער הונגערן.

— מוטער, ביי דעם טייך האב איך געזעהען אן אלטען ארימען מאן און ער איז הונגעריג, האב איך איהם פערשפּראָכען צו בריינגען שפּייז.

—און פארוואָס האָסטו אים ניט איינגעלאדען צו אונז אין הויז. ער וואלט זיך דאָ אויסגערוהט און געגעסען, און אויב ער איז ווירקליך אזוי ארים וואלטען מיר איהם נאָך מיטגעגעבען שפּייז אויפ'ן וועג.

—ער איז געווען צו שוואך צו געהן, מוטער! יע, ער איז געווען זעהר הונגעריג און אויך דורשטיג, האָב איך פארשפּראָכען צו בריינגען א כלי וואסער און שפּייז.

די מוטער האָט איהר געגעבען שפּייז אין א כלי און שאיליה איז דערמיט שנעל געלאָפען צו דעם אלטען.

זי האָט איהם געגעבען די שפּייז און אליין האָט זי זיך איבערגעבויגען אין טייכעל און אָנגעשעפּט וואסער.

דער אלטער האָט געגעסען און געטרונקען און האָט איהר באדאנקט.

— איצט וועסטו זיכער מיט מיר מיטגעהן צו מיין פאָטער'ס הויז. דו וועסט דאָרט געפינען א רוה־פּלאץ און דו וועסט ניט דארפען זיין געצוואונגען ארומצוואנדערען פון פּלאץ צו פּלאץ אין דיינע עלטערע יאָהרען.

— ווי אזוי וועל איך דאָס קענען פארלאנגען פון דיינע עלטערען. ביז איך דען זייערער א קרוב אָדער אפילו א פריינד? איך בין דאָך א ווילדפרעמדער צו דיר און צו דיינע עלטערען.

— אָבער דו ביזט דאָך פון אונזער פאָלק, און זעהר זעלטען, ווען מיר זעהען דאָ א מאן פון ישראל. איך האָב מיין מוטער נאָך ניט געזאָגט, אז דו ביזט אן אונזעריגער.

— פארוואָס?

- ווייל איך האָב זיך געאיילט דיר צו בריינגען שפּייז, און ווען איך וואָלט איהר דערצעהלט, אז דו ביזט פון ארץ ישראל, וואָלט זי זיכער מיר גענומען פרעגען זעהר פיל פראגען און דערווייל וואָלט איך געדארפט זיך מעהר פארזאמען. און דו דארפסט וויסען, אז מיין מוטער און פאָטער וועלען זיין זעהר צופרידען ,ווען זיי וואָלטען זיך דערוויסען, אז דו ביזט איינער פון זייער פאָלק.

— ניין! — האָט דער אלטער אויסגערופען. — איך וועל ניט געהן. איך

האָב זעהר פיל געזינדיגט אין מיין לעבען און איך וויל אָפּקומען פאַר מיינע זינד. איך וועל ארומוואנדערען ביז וואנען גאָט וועט מיר מוחל זיין.

— האָסטו דען זיך שוין ניט אָנגעליטען זעהר פיל — האָט שאיליה איהם געפרעגט. — איצט וועל איך דיר ניט אַפּלאָזען ביז וואנען דו וועסט זיך אויסרוהען אין מיין פאָטער׳ס הויז.

—איך בין ניט זיכער אויב דיין מוטער וועט וועלען איך זאָל זיך געפינען אונטער איהר דאך, ווייל איך האָב פילע צרות פאראורזאכט די מענשען וועמען איך האָב אזוי פיל ליב געהאט.

— איך בעט דיר, דערצעהל מיר די פאסירונגען פון דיין לעבען! — האָט שאיליה איהם געפרעגט.

—עס איז שוין לאנג, אז איך האָב ניט גערעדט וועגען מיין פארגאנגענהייט, — האָט דער אלטער געזאָגט, — אָבער דו ביזט צו מיר געשיקט געוואָרען ווי א מלאך פון הימעל און דעריבער וועל איך דיין פארלאנג דערפילען. זעץ זיך עטוואָס נעהענטער און איך וועל דיר דערצעהלען.

שאיליה האָט זיך אוועקגעזעצט גאנץ נאָהענט צו איהם און דער פרעמדער האָט אָנגעפאנגען:

— שוין באלד נאָהענט צו פערציג יאָהר זינט דאָס האָט פאסירט. איך בין דאן נאָך גאנץ יונג געווען, עטליכע און צוואנציג יאָהר. און זינט איך געדענק האָב איך קיין גוטעס קיינעם ניט געטאָן. צו וואָס איך האָב זיך צוגעריהרט, האָב איך פאראורזאכט צרות... איך האָב ליב געהאט א מיידעל. זי איז געווען אזוי שעהן און צוציהענד ווי דו ביזט... נאָך מעהר. ווען איך האָב דיר צום ערשטען מאָל דערזעהן, האָט זיך מיר געדוכט, אז דאָס איז זי צו מיר געקומען פון יענער וועלט.

— איז זי געשטאָרבען? — האָט שאיליה איהם געפרעגט.

—יע, זי איז געשטאָרבען. אָבער זי האָט קיין איין גליקליכע רגע ניט געהאַט, זינט איך האָב זי פאַר מיין פרוי געוואָלט נעהמען... און איך בין שולדיג אין אלע איהרע צרות!

—מיין מוטער האָט מיר געלערענט, אז אלעס וואָס פאסירט מיט א מענשען איז באשטימט פאר איהם פון גאָט. אויב אזוי קענסטו זיך ניט אליין באשולדיגען פאר דעם, וואָס האָט פאסירט מיט דיין פרוי!

— פרוי? —האָט דער אלטער ביטער א שמייכעל געטאָן. — זי איז קיינמאָל מיין פרוי ניט געווען. איידער מיר האָבען חתונה געהאט איז זי געצוואונגען געוואָרען צו אנטלויפען פון איהר פאָטער׳ס הויז. און זינט דאן האָט זי בלויז געליטען.

—אָבער פארוואָס זאָגסטו מיר, אז עס איז דיין שולד? ווי איך זעה, האָסטו דאָך זי ליב געהאט און דו האָסט דאָך ניט געמיינט איהר שלעכטס צו טאָן.

—איך האָב געמיינט צו טאָן איהר גוטעס, אָבער איך האָב זיך שפעטער דערוואוסט, אז זי איז געוואָרען די פלגש פון א רייכען מאַן אין מצפה.

— אין מצפה? — האָט שאיליה אויסגערופען פארוואונדעט.

— יע, אין מצפה! וואָס ווייסטו דען וועגען דער דאָזיגער שטאָדט.

—יע, מיינע עלטערען קומען פון יענער שטאָדט.

— דיינע עלטערען? ווער זיינען זיי? און ווי איז דיין פאָטער׳ס נאָמען?

— מיין פאָטער׳ס נאָמען איז יפתח, דער זוהן פון גלעד, און מיין מוטער׳ס נאָמען איז נעמה, די טאָכטער פון גישון. זיי געפינען זיך דאָ אין דיזען לאנד נאָך איידער איך בין געבוירען געוואָרען.

— דיין פאָטער׳ס נאָמען איז אפתח!!

— האָט ער אויסגערופען און זיין פנים איז בלאס געוואָרען.

— יע ,זיין נאָמען איז יפתח! האָסטו דען געהערט פון איהם

— המ... יע, איך האָב געהערט —

איך מיין איך וויים ווער ער איז... איך קען דיין פאָטער.

— אָבער פארוואָס דערצעהלסטו מיר ניט, וואָס האָט ווייטער פאסירט? — האָט שאיליה געפרעגט.

—איך קען ניט! איך קען דיר מעהר ניט דערצעהלען! — האָט ער זיך אויפגעהויבען. — איך מוז געהן!

— אָבער פארוואָס ציטערסטו אזוי? דו האָסט זיך אין גאנצען געענדערט... דו קוקסט אוים צו זיין קראנק איך קען דיר איצט ניט לאָזען געהן.

— אָה, איך מוז געהן! איך קען ניט קומען צו דיינע עלטערען... איך... המ... איך האָב זיי שלעכטס געטאָן.

— דו האָסט שלעכטס געטאָן מיינע עלטערען? ווי אזוי קומסטו צו זיי?

—איך האָב זעהר גוט געקענט דיין פאָטער׳ס מוטער! — האָט ער אויסגערופען. — און איך...

דער אלטער האָט זיך אוועקגעזעצט און ניט פארענדיגט זיינע רייד. א קאלטער שוויים האָט זיין קערפער באגאָסען...

שאיליה האָט איהם געגעבען נאָך וואַסער צו טרינקען.

ווען ער איז צו זיך געקומען, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— געה, מיין קינד, געה אהיים! און דאנק גאָט, וואָס איך בין ניט געגאנגען צו דיר!

— איך וועל דיך ניט אָפּלאָזען, דו מוזט מיט מיר צוגעהן צו מיינע עלטערען. מיין פאָטער איז איצט ניטאָ, אָבער מיין מוטער וועט זיין זעהר צופרידען, וואָס דו ביזט געקומען. מיין מוטער האָט זעהר ליב ווען אורחים קומען אין איהר הויז, און נאָך גרעסער וועט איהר פרייד זיין, ווען זי וועט זיך דערוויסען, אז דו שטאמסט פון אונזער פאָלק.

— אָבער איך קען ניט געהן, איך בין ניט ווערט אריבערצוטרעטען די שוועל פון דיין פאָטער׳ס הויז.

— דו דארפסט אזוי ניט ריידען וועגען זיך! — האָט זיך שאיליה ביי איהם געבעטען. — אויב דו האָסט יע געזינדיגט געגען יענער פרוי, האָט דיר שוין גאָט לאנג מוחל געווען. איך בעט דיר, אנטזאג ניט מיין פארלאנג.

— איך וועל פיליייכט דאָ זיין א צווייטען מאָל און דאן וועל איך מעגליך קומען באזוכען דיין פאָטער׳ס הויז! — האָט דער אלטער א זאָג געטאָן.

— אָט קומט אָן מיין פאָטער! — האָט שאיליה פלוצלונג אויסגעשריען און איז איהם אנטקעגען געגאנגען.

דער פרעמדער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין פלאץ און געוואָלט שנעל אוועקגעהן פון יענעם פלאץ, אָבער ער האָט זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט... זיינע פים זיינען איהם ווי געלעהמט געוואָרען. אָט זעהט ער ווי שאיליה דערנעהענטערט זיך מיט איהר פאָטער צו איהם... א שוידער געהט דורך זיינע גלידער... ווי אזוי וועט ער איהם קענען קוקען גלייך אין די אויגען... ער איז דאָך שולדיג אין דעם אומגליק פון זיין מוטער.

— פרידען צו דיר, דו אלטער — האָט יפתח זיך אָפּגערופען ווען ער איז נאָהענט צוגעקומען צו איהם — מיין טאָכטער זאָגט מיר, אז דו ביזט א ישראל, און דו ווילסט ניט באזוכען מיין הויז... קום, מיין פריינד, די טירען פון מיין הויז זיינען פאר דיר ברייט אָפען.

דער פרעמדער האָט איהם אָנגעקוקט צוטומעלט. ער האָט ניט געקענט ריידען, ווייל די טרערען האָבען איהם געשטיקט אין האלז.

— דו שיינסט צו זיין קראנק, מיין פריינט, — האָט יפתח איהם אָנגענומען פאר דער האנט.— ניין, דו קענסט ניט בלייבען אין דרויסען. דו וועסט מיט מיר מיטגעהן און פארברענגען אין מיין הויז עטליכע טעג, ביז וואנען דו וועסט זיך פיהלען קרעפטיגער. דאן, אויב דיר וועט ניט געפעלען ווערען מיין הויז, וועסטו עס קענען פארלאָזען.

— און אויב איהם וועט געפעלען ווע־

רען אונזער הויז וועט ער קענען מיט אונז אויף שטענדיג פאַרבלייבען, ניט ריכטיג, פאָטער? — האָט שאיליה זיך אָפּגערופען.

— געוויס מיין טאָכטער — האָט יפתח געענטפערט — איך און דיין מוטער וועלען זיין צופרידען אויב ער וועט וועלען בלייבען ביי אונז, קום.

יפתח האָט איהם גענומען אונטער'ן אָרעם און גענומען מיט איהם געהן.

— המ... איך בעט דיר, מיין האר, — האָט דער אַלטער פּרובירט ארויסנעמען זיין האנט פון יפתח'ס — איך קען ניט געהן צו דיר, איך וויל דיר ניט פאַלען צו לאַסט.

— עס וועט פאר אונז זיין א פאַרגעניגען, ניט קיין לאַסט, צו האָבען דיך אין אונזער הויז — האָט יפתח געזאָגט.

— און מיין מוטער וועט זיך אַזוי פרעהען, ווען זי וועט זיך דערוויסען, אז דו ביזט פון אונזער פאָלק — האָט שאיליה זיך צו איהם געווענדעט.

ניט ווילענדיג איז דער אַלטער מיטגעגאנגען, און ווען זיי זיינען צוגעקומען גאַנץ נאָהענט צו די געצעלטען פון יפתח'ן, איז שאיליה פריהער געלאָפען אָנזאָגען איהר מוטער.

באַלד איז נעמה זיי אנטקעגען געקומען און מיט פרייד איהם איינגעלאַדען אריינצוגעהן אין געצעלט.

ווען זיי זיינען אריין אינווייניג האָט נעמה געבראַכט וואַסער און ער האָט זיינע הענט געוואַשען. שאיליה האָט אַלץ צוגעגרייט.

דער "זיש איז שוין געווען געגרייט און נעמה האָט גערופען דעם אַלטען צו עסען מיט זיי ברויט.

— איך קען ניט עסען ביי אייך — האָט ער זיך אָפּגערופען.

— פאַרוואָס? — האָט יפתח איהם אָנגעקוקט — אונזערע מאכלים זיינען ריין און מיר עסען נאָר דאָס וואָס עס איז אונז ערלויבט פון אונזער הייליגער תורה.

— אָבער איך בין א זינדיגער מענש. איך בין ניט ווערטה זיך צו געפינען אין א אידישע הויז, בפרט אין דיין הויז.

— זאָג מיר, מיין פריינד, ווער ביזטו ווי איז דיין נאָמען? — האָט יפתח זיך צו איהם אָפּגערופען.

— איך בין זיכער אז דו האָסט מיין נאָמען געהערט — האָט דער אַלטער געזאָגט — און יעדעס מאָל ווען דו האָסט מיין נאָמען דערמאָנט, האָסטו איהם געווים מיט א קללה באַגלייט... יע, מיין נאָמען איז עמרי!

— עמרי!! — האָט יפתח אויסגערופען — אין זיין פּנים האָט זיך קאַליִרען געביטען — דאָס ביזטו עמרי?!

— יע, איך בין עמרי! איצט קענסטו טאָן מיט מיר וואָס דו ווילסט. איך בין אין דיינע הענט...

— דו ביזט עס עמרי! — האָט יפתח אומעטיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. דו הערסט נעמה! — האָט ער זיך צו איהר געווענדעט.

נעמה איז נעהענטער צוגעגאנגען.

— דו ווייסט ווער דער מאַן איז?

זי האָט א שאָקעל געטאָן מיט איהר קאָפּ אויף ניין.

— ער איז עמרי, מיין מוטער'ס...

— עמרי?! — האָט זי אויסגערופען!

— איך בעט דיר, מיין האר, טויט מיר. איך לייד זעהר פיעל יסורים... איך ווייס וויפיעל שמערצען איך האָב דיין מוטער פאַראורזאַכט... איך בין דאָס דער יעניגער וועלכער האָט אויף איהר א בלבול געמאַכט. און צוליעב מיר האָט זי אַזוי אומשולדיג געליטען. איך האָב אויך געוואוסט גרים'ס אַלע מחשבות און איך וואָלט געקענט פיליכט ראטעווען איהר לעבען, ווען איך זאָל קומען אין מצפּה און איהר וואָרענען... אָבער איך האָב עס ניט געטאָן, ווייל איך בין געווען א פייגלינג, איך האָב געמיינט אז ווען גלעד וועט מיך דערזעהן אין זיין שטאָדט וועט ער מיך באַשטראָפען...

— באַרוהיג זיך — איז יפתח צו איהם צוגעגאנגען — איך טראָג אויף דיר ניט קיין כעס און שנאה... איך ווייס

אז אויך דו האָסט פיעל געליטען, און דו האָסט זי ניט געוואָלט שלעכטעס טאָן.

—אָבער ניט נאָר האָב איך געזינדיגט געגען דיר און דיין מוטער — האָט עמרי געזאָגט — איך האָב אויך געזינדיגט געגען מיין פאָלק, מיט דעם וואָס איך האָב זיך בעפריינדעט מיט דעם רשע גרים, וועלכער איז געוואָרען דער הויפּט גענעראל פון דער עמון׳ישער ארמעע. ער האָט פון מיר וויכטיגע סודות ארויסגעקראָגען.

— אָ, גרים! — האָט יפתח א קריץ געטאָן מיט זיינע צייהן — איך האָף צו גאָט אז איך וועל נאָך ווען עס איז קענען נקמה נעמען אָן דעם מערדער פון מיין מוטער... מיט דערנער וועל איך זיין פליייש דרעשען... זאָג מיר, עמרי, ווען איז עס געווען זינט דו האָסט איהם געזעהן דעם לעצטען מאָל.

— עס איז געווען קירצליך, נאָך דיין מוטער׳ס טויט, איז ער צו מיר געקומען און מיר דערצעהלט אז ער האָט דורך רעומה׳ן ארויסגעקראָגען וויכטיגע דאָקומענטען, און ער האָט מיר געבעטען איך זאָל איהם העלפען מיט די דאָקומענטען כדי דאמיט ארויסצורופען א מלחמה צווישען גלעד און דעם שבט אפרים.. איך האָב נאָך דאן ניט געוואוסט אז ער האָט געטויטעט דיין מוטער, אָבער ווען איך האָב זיך אנטזאגט איהם צו העלפען, האָט ער מיר געסטראָשעט אז ער וועט טאָן צו מיר ווי ער האָט געטאָן צו רעומה׳ן... ערשט דאן האָב איך זיך דערוואוסט, אז ער האָט זי געטויטעט. איך האָב ביטער געוויינט ווען איך האָב דאָס דערהערט, ווייל איך האָב זיך געפיהלט א סך שולדיג אין דעם...

גרים האָט פון מיר געלאכט, און ווען איך האָב איהם געזאָגט, אז אונזער פריינדשאפט איז פון איצט אָן אָפּגעבראָכען, האָט ער מיר געזאָגט, אז עס וועט קומען א צייט ווען ער וועט זיך מיט מיר באָגעגנען...

— און זינט דאן האָסטו איהם מעהר ניט געזעהן? —האָט יפתח איהם געפרעגט.

— ניין, איך בין זייט דאן טרויעריג געוואָרען. איך האָב ניט געהאט מעהר קיין מוטה צו זיין א פיהרער ביי מיינע מענשען. איך האָב זיי צוגערופען צו זיך און איך האָב זיי געזאָגט, אז מיר זיינען אלע זעהר זינדיג געווען. און איך ציה זיך צוריק. איך וויל מעהר ניט זיין א הויפּט פון א רויבער באנדע, און איך האָב זיי אלעמען געראטען זיך אומצוקערען, יעדער צו זיין געבורטסשטאָדט. זיי האָבען אלע צוגעשטימט, און אזוי זיינען מיינע פופציג איבערגעגעבענע מענשען פארנאנדערגעלאָזען געוואָרען, און זינט דאן וואנדער איך ארום פון פּלאַץ צו פּלאַץ.. איצט בין איך שוין אלט און צובראָכען. מיינע טעג זיינען שוין נאָהענט... איך האָף נאָר אז גאָט וועט מיר אלץ מוחל זיין.

טרערען האָבען זיך באוויזען אין יפתח׳ס און אין נעמה׳ס אויגען, ווען עמרי האָט צו זיי גערעדט דיזע רייד.

— יפתח, דו ביזט דאָך איהם געוויס מוחל — האָט נעמה זיך צו איהם געווענדעט.

— יע. איך בין דיר מוחל מיט מיין גאנצען הארצען! — האָט יפתח איהם אָנגענומען פאר זיין האנט. איך ווייס ווי טייער מיין מוטער איז געווען ביי דיר, און אפילו ווען דו ביזט אויף איהר אין כעס געווען, האָסטו אויך ניט געמיינט איהר קיין שלעכטעס צו טאָן. קום אריין אין געצעלט, מיר וועלען צוזאמען טרינקען וויין, און עסען. דו וועסט שוין ביי מיר בלייבען די גאנצע צייט. איך וועל דיר מעהר ניט לאָזען וואנדערען.

שאילה איז ארויסגעקומען פון געצעלט און דערזעהענדיג איהרע עלטערען מיט דעם אלטען שטעהענדיג נאָך אלץ אין דרויסען, האָט זי זיך אָפּגערופען:

— פארוואָס געהט איהר ניט אריין אינוויינינג. איך האָב שוין אלעס צוגעגרייט.

—גאָט האָט אייך געבענשט מיט א

שעהנע און קלוגע טאָכטער—האָט עמרי געזאָגט — ווען איך האָב איהר פּנים צום ערשטען מאָל דערזעהן, איז עס מיר אויסגעקומען באקאנט... איצט זעה איך אז זי איז שטארק עהנליך צו רעומה'ן און איז אזוי גוטהערציג ווי זי איז געווען.

— זאָל גאָט געבען, אז זי זאָל האָבען א בעסערען מזל ווי איהר באָבע — האָט יפתח געזאָגט מיט א שטילען זיפץ — זי איז דאָך אונזער גאנצער גליק אין לעבען. זי איז אונזער איינציגער טרייסט פון אלע אונזערע צרות יואָס מיר האָבען זיך אָנגעליטען.

— געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט זיין חסד מיט אונז געגרויסט און אונז געשאָנקען אזא ליבעס ווירדיגע טאָכטער — האָט נעמה געזאָגט — איך בין בלויז אביסעל באזאָרגט... שאיליה וואקסט שוין אונטער. זי איז אזוי שעהן און רייצענד און מיר וואָהנען צווישען א פרעמד פארגרעבט פאָלק.

— איך האָף, אז אין גיכען וועלען מיר זיך אומקערען צו איינעם פון די שבטים אויף דער צווייטער זייט ירדן — האָט יפתח געזאָגט.

— און פארוואָס זאָלסטו זיך ניט אומקערען צו דיין געבורטס־שטאָדט מצפּה? — האָט איהם עמרי געפרעגט.

— אָ, ניין! איך האָב באשלאָסען זיך מעהר ניט צוריקקעהרען דאָרטען, ווייל מיינע ברידער האָבען מיר פון מיין פאָטער'ס הויז פארטריבען. מען האָט אויף מיר געמאכט א בלבול, אז איך האָב מיין מוטער געטויטעט... איך האָב ניט געוואָלט אויסזאָגען וואָס איך וויים, ווייל די מענשען וואָלטען זיכער מיספארשטאנען און מיין מוטער'ס נאָמען וואָלט דורך דעם באשמוצט געוואָרען.

— יע, איך האָב פון אלץ געהערט — האָט עמרי געזאָגט — איך וואָלט דיר געראטען זיך צו באזעצען צווישען דעם שבט נפתלי. איך בין דאָרטען א קורצע צייט געווען, און איך האָב אויסגעפונען אז זיי זיינען אלע גוטהארציגע און עהרליכע מענשען, און זיי שטאָלצירען ניט געגען די פרעמדע, ווי דאָס איז דער פאָל מיט דעם שבט אפרים...

— איך גלויב, אז מיר וועלען נאָך גאָר אין גיכען אריבערגעהן.

זיי זיינען אלע אריין אינוויינינג און זיך געזעצט עסען.

נאָכ'ן עסען האָט שאיליה צורעכט געמאכט א בעט פאר דעם פרעמדען און זיי האָבען איהם געבעטען ער זאָל זיך לייגען אָפּרוהען.

יפתח, נעמה און שאיליה זיינען אריין אין גאָרטען זיך אָפּקיהלען אונטער דעם שאָטען פון א בוים.

— פאָטער! — האָט שאיליה אויסגערופען — ווי איך האָב דערקענט נאָך דיין געשפּרעך מיט אונזער גאסט, האָסטו איהם געקענט פון פריהער, זאָג מיר ווער איז ער?

— ניין, מיין טאָכטער. איך זעה איהם היינט צום ערשטען מאָל, אבער איך האָב פון איהם געהערט פריהער.

— וועסטו מיר דערצעהלען פון איהם?

יפתח און נעמה האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט בליקען און געשוויגען. דערנאָך האָט זיך יפתח אָפּגערופען:

— דו ווערסט באלד זעכצעהן יאָהר אלט, און איך גלויב אז עס איז שוין געקומען די צייט דו זאָלסט אלץ וויסען. מיר וועלען דיר דערצעהלען אלץ וואָס עס האָט פּאסירט מיט מיין מוטער און מיט אונז ביז איצט.

שאיליה האָט זיך מיט גרוים נייגעריגקייט צוגעהערט צו איהר פאָטער'ס דערצעהלונג. און ווען זי האָט געהערט דעם טרויעריגען סוף פון איהר באָבען, האָט זי זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט.

— וויין ניט, מיין טאָכטער! — האָט יפתח געזאָגט גלעטענדיג איהרע לאָקען — גאָט וועט מיר העלפען און איך וועל נאָך אמאָל זעהן א נקמה אָן גרים'ן, דעם עמוני. מיט זיין בלוט וועט ער באצאָלען פאר דעם בלוט פון מיין מוטער.

אין דער צייט ווען יפתח, נעמה און

שאיליה זיינען געזעסען און געוועזן פאַרזיפט אין געשפּרעך, האָט זיך דער אַלטער עמרי, שטילערהייד ארויסגערוקט פון געצעלט און זיך פאַרנומען לינקס צו דעם ארויסגאַנג פון שטאָט. פון ווייטען זיך מיט שנעלע טריט דערנענטערט צו דעם ארויסגאַנג פון שטאָדט פון ווייטען האָט ער באַמערקט עטליכע מענשען קומען אַן רייטענדיג אויף אייזלען.

ער האָט זיך שוין געוואָלט אָפּווענדען אַן א זייט, ווען ער האָט דערהערט א שטימע. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און די עטליכע מענשען האָבען זיך צו איהם דערנענטערט.

— וויסטו פיליכט וואו עס געפינט זיך דאָס הויז פון יפתח? — האָט איהם איינער געפרעגט.

עמרי האָט זיי באַטראַכט מיט בליקען פון ערשטוינונג...

— און ווער זייט איהר? — האָט ער זיי געפרעגט.

— דו ביזט איינער פון ישראל — האָט א צווייטער זיך אָפּגערופען —קענסטו פיליכט יפתח'ן דעם גלעדי?

— איך קען איהם — האָט ער געענטפערט.

— וועסטו אונז פיליכט זאָגען וואו זיין הויז געפינט זיך.

עמרי האָט זיי אָנגעצייגט וואוהין צו געהן און ווען זיי האָבען גענומען געהן ווייטער, האָט ער זיך אָפּגערופען:

— ווען איהר וועט זעהן יפתח'ן זאָלט איהר איהם זאָגען אז ער זאָל זיך ניט באַמיהען מיך צו זוכען.

— אָבער ווער ביזטו?

—ער וועט שוין וויסען ווער איך ביז.

די רייזענדע האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס און זיי האָבען פאָרטגעזעצט זייער רייזע.

ווען זיי האָבען זיך דערנענטערט צו יפתח'ס וואָהנונג זיינען זיי ארונטער פון זייערע אייזלען, און האָבען זיי צוגעבונדען צו די בוימער. זיי האָבען געפרעגט איינעם פון די קנעכט אויב יפתח איז אין דער היים.

— יע, מיינע הארען — האָט זיך דער קנעכט פאַרנייגט — יפתח און זיין פרוי און טאָכטער געפינען זיך איצט אין גאָרטען, זאָל איך איהם אָנזאָגען וועגען אייער קומען?

— יע. טהו אונז די געפעליגקייט — האָט איהם איינער געזאָגט.

דער קנעכט האָט זיך פאַרנייגט און איז אריין אין גאָרטען. באַלד איז יפתח ארויסגעקומען.

— פרידען צו דיר יפתח! — האָבען אַלע מיט אַמאָל אויסגערופען.

יפתח איז געבליבען שטעהן פאַרגאַפט... ווער זענען זעהען דאָס זיינע אויגען? די עלטסטע פון גלעד, אויך איניגע פון זיין געבורטסשטאָדט מצפה.

— יפתח, דו דערקענסט אונז ניט? — האָט איינער פון זיי זיך צו איהם אָפּגערופען.

— פרידען צו אייך — האָט יפתח א זאָג געטאָן.— איהר זייט ווילקאָמען אלס מיינע געסט... נעמה! שאיליה! קומט ארויס פון גאָרטען — האָט ער א זאָג געטאָן.

נעמה און איהר טאָכטער האָבען זיך אויפגעהויבען פון זייער פּלאַץ און ארויסגעגאַנגען צו יפתח'ן. זיי זיינען אויך איבערראַשט געוואָרען צו זעהן די פרעמדע מענשען. ווען נעמה איז אָבער צוגעגאַנגען נעהענטער האָט זי איניגע פון זיי דערקענט.

— פרידען צו דיר נעמה, די טאָכטער פון חפר! — האָט דער עלטסטער איהר באַגריסט.

— פרידען אויך צו אייך — האָט נעמה א נייג געטאָן מיט איהר קאָפּ.

— און זי איז אייער טאָכטער —האָבען זיי אָנגעוויזען אויף שאיליה'ן?

— יע! — האָט נעמה מיט שטאָלץ געענטפערט — זי איז אונזער טאָכטער שאיליה!

— מיר האָבען זעהר פיל געהערט פון דיר, שאיליה — האָבען זיי זיך געווענדעט צו איהר.

— איהר האט געהערט פון מיר? — האט שאיליה זיך געוואונדערט.

— יע, פון דיר, די טאכטער פון יפתח!

— זיי זיינען דאך די עלטסטע פון אונזער לאנד — האט נעמה איהר ער־קלערט ווער די מענשען זיינען — און שאיליה האט זיי געפרעגט.

— און ווי אזוי האט איהר געהערט פון מיר?

— דיין זיידע האט אונז דערצעהלט מיט וואס פאר א שעהנע גראטענע טאכטער יפתח און זיין פרוי זיינען גע־בענשט. איצט זעהען מיר, אז ער האט ווירקליך ניט איבערטריבען.

— אבער וואס שטעהט איהר דא אין דרויסען? — האט נעמה זיך אפגערו־פען, — פארוואס נעהמסטו זיי ניט אריין אין הויז, יפתח?

—איך בין אזוי איבערראשט געווא־רען זיך פלוצלונג צו זעהן מיט די עלט־סטע פון מיין שטאדט, אז איך בין גע־בליבען א ווילע צוטומעלט, קומט דאך אריין, מיינע הארען. איהר וועט זיך ארומוואשען פון דעם שטויב און דער־קוויקען אייערע הערצער מיט שפייז. נאכהער וועט איהר מיר זאגען דעם צוועק פון אייער קומען.

זיי זיינען אלע אריין אין הויז. נעמה האט געהייסען איהרע דינסטען זיך צו־איילען און צוגרייטען שפייז. זי און איהר טאכטער האבען זיי אליין גע־בראכט וואסער, און דערנאך דערלאנגט די שפייז.

יפתח האט דערלאנגט היי פאר זייע־רע אייזלען און דערנאך האט ער די אייזלען אוועקגעפיהרט צום ברונעם און זיי אנגעטרונקען.

ווען ער איז פארטיג געווארען, איז ער אריין צוריק אין הויז און גענומען אויס־פרעגען די מענשען וועגען זיין משפחה.

— און וואס מאכט מיין פאטער און מיינע ברידער? — האט יפתח זיי גע־פרעגט.

— שלום איז צו זיי אלעמען — האט דער עלטסטער געענטפערט.

— זיינען זיי נאך אלץ אין כעס אויף מיר — האט יפתח מיט א שמייכעל זיך אפגערופען.

— א, ניין, יפתח! — מיר האבען שוין אלע אויסגעמעקט פון אונזער זכרון דאס וואס האט אמאל פאר אונז אלעמען אזוי פיעל אומאנגענעהמס פאר־שאפען. מיר האבען זיך דערוואוסט ווער עס האט דיין מוטער ערמארדעט.

— איהר ווייסט ווער איז דער שולדי־גער? — האט יפתח אויסגערופען מיט ערשטוינונג.

— יע, מיר ווייסען אלץ!

— ווי אזוי?

— חפר האט אונז דערצעהלט אלץ — האט דער עלטסטער געזאגט — יע, יפתח, אויסער דעם וואס דו ביזט בראוו און העלדיש ביזטו אויך נאבעל. דו ביזט געווען געגרייט צו נעמען אויף זיך די שולד אום ריינצוואשען דיין מוטער'ס נאמען.

יפתח האט געווארפען זיינע בליקען אויף זיין פרוי און נעמה האט איהם מיט א שמייכעל געזאגט:

— יע, יפתח. עס איז שוין צייט גע־ווען אז אלע זאלען וויסען דעם אמת. דו ווייסט דאך, אז דיין מוטער'ס נא־מען וועט שוין מעהר ניט שאדען נאכ־דעם ווי אזוי פיעל יאהרען זיינען פאר־איבער, און ווען מיין פאטער איז דא געווען, האב איך באשלאסען איהם אלץ צו דערצעהלען. דו וועסט דאך מיר געווים מוחל זיין, אויב דו דענקסט אז איך האב זיך עטוואס צוגעאיילט.

—דו ווייסט דאך נעמה, אז איך האב אלץ דיר צו פארדאנקען — האט יפתח געזאגט — דו האסט מיר געגע־בען אזוי פיעל מוטה און האפנונג... דו ביזט געווען גערעכט וואס דו האסט דיין פאטער דעם אמת דערצעהלט. אונ־זער טאכטער איז אויסגעוואקסען, און מעגליך אז צו איהרע אויערען וואלט דערגרייכט דאס אין וואס מיינע ברי־

דער און די איינוואוינער פון שטאָדט באשולדיגען מיר, און דאן וואָלט זי זיך אומגליקליך געפיהלט אפילו צו טראַכטען וועגען אַט דער שוידערליכער באַשולידגונג.

— קום אהער טאָכטער — האָט יפתח אַנגענומען שאיליה ביי איהר האַנט — דו מעגסט איצט וויסען, אז עס איז געווען א צייט ווען די איינוואוינער פון מיין שטאָדט האָבען מיר חושד געווען אין א שוידערליכען פארברעכען און דעריבער בין איך און דיין מוטער געווען געצוואונגען צו פארלאָזען אונזער געבורטס־שטאָדט און אויסוואַנדערען אין א פרעמדער לאַנד... אָבער דו זעהסט דאָך אז איצט זיינען די עלטסטע פון מיין לאַנד געקומען צו מיר, מיך ריין צו וואַשען... יע, דו האָסט זיך ניט וואָס צו שעהמען מיט דיין פאָטער, אפילו ווען דו וואָלסט אלץ געוואוסט.

— אָה, פאָטער! — האָט שאיליה איהם ארומגענומען און געקושט —איך וואָלט קיינמאָל אויף דיר קיין שלעכטעס ניט געגלויבט, אפילו ווען אלע עלטסטע פון דיין שטאָדט וואָלטען געקומען און ווידערהאָלט זייער באשולדיגונג, וואָלט איך אויף זיי מיט פאראכטונג געקוקט... איך וויים, אז מיין פאָטער איז בלויז נאָבעל און גוט.

—און מיר זיינען דאָס געקומען באַשטעטיגען דיינע רייד, שאיליה, זיי געבענשט צו גאָט. דו מעגסט ווירקליך שטאָלץ זיין מיט דיין פאָטער און מוטער.

—אָבער וואָס האָט פאַסירט? — האָט שאיליה א פרעג געטאָן, רויט ווערענדיג — מוטער, דו האָסט דאָך מיר פאַרשפּראָכען, אז ווען איך וועל דיזען עלטער דערגרייכען וועסטו מיר אלעם דערצעהלען.

— שפּעטער. מיין טאָכטער, אין אָווענט, איידער דו וועסט געהן שלאָפען וועל איך דיר אלץ דערצעהלען, און איצט דאַרפען מיר פארברייגען מיט אונזערע געסט.

— מיר האָבען געהאט א פארזאמלונג אין דיין פאָטער'ס הויז — האָט דער עלטסטער אָנגעפאנגען — און מיר קענען דיר איבערגעבען, אז אלע אין דיין משפחה פיהלען זיך שטארק געקרענקט פון דעם וואָס האָט פאסירט מיט יאָהרען צוריק. אלע האָבען אויסגעדריקט די האָפענונג אז דו וועסט זיי מוחל זיין. און מיר זיינען אויסגעקליבען געוואָרען צו געהן צו דיר. און דערצעהלען וועגען אונזער שלעכטער לאַגע. דער קעניג פון עמון דריקט אונז זעהר שווער. ער לייגט אויף אונז ארויף גרויסע צינזען און טהוט אָן אונזערע ברידער זעהר פיעל צרות. מיר וויסען, אז עמון קלייבט זיך מלחמה צו האַ[illegible] מיט א[illegible] און מיר זיינען ניט געגרייט. מיר האָבען צווישען אונז ניט א מאַן וועלכער זאָל זיין גענוג העלדיש און בראַוו און קענען קעמפען געגען עמון. איצט, אז מיר וויסען, אז דו ביזט געבענשט מיט גבורה און מיר האָבען אויך געהערט וואָס דו האָסט געטאָן פאר דעם קעניג פון ארם, ווי דו האָסט באזיגט זיינע שונאים, זייגען מיר געקומען דיר בעטען צו קומען צוריק צו אונז און מלחמה האַלטען מיט עמון פאר אונז.

—אָה, איך פארשטעה וואָס איהר זייט געקומען צו מיר. אז האָט איהר מיך פיינט געהאט, איהר האָט מיך פארטריבען פון מיין פאָטער'ס הויז, און איצט, אז אייך איז ענג, ווען איהר זייט אין א צרה, זיינט איהר געקומען צו מיר. אָבער עס איז ניט וויל איהר האָט זיך ארומגעזעהן, אז איהר זייט געגען מיר אַן עולה באַגאַנגען, און אז איך בין ריין פון זינד!

— ניין. יפתח, דו מאַכסט א טעות —האָט א צווייטער זיך צו איהם אָפּגערופען — ווען מיר וואָלטען אין אונזער הארצען געטראַכט אז דו ביזט א זינדי־דעריבער זיינען מיר צו דיר געקומען בעטען אז דו זאָלסט ווערען אונזער פיר־

רער און געהן מלחמה האלטען מיט עמון פאר אונז, ווייל ווי וואָלטען מיר געקענט ערווארטען אז גאָט זאָל אונז העלפען און מיר זאָלען באזיגען עמון דורך א זינדיגען מאַן. דאָס אליין באווייזט דאָך אז מיר האלטען זעהר פון דיר, און דעריבער זיינען מי רצו דיר געקובען און פארלאַנגען דו זאָלסט ווערען אונזער הויפּט און פיהרער.

—ווען איך וועל זיך צו אייך אומקערען — האָט יפתח זיך אָפּגערופען צו די עלטסטע פון גלעד און איך וועל ארויס מלחמה האלטען מיט עמון, און גאָט וועט מיך העלפען און זיי איבערגעבען אין מיינע הענט וועל איך אויך נאָך דער מלחמה פאַרבלייבען אייער הויפּט און פיהרער?

— גאָט איז אן עדות צווישען אונז. ער הערט דאָך אונזער אָפּמאַך, אויב מיר וועלען ניט טאָן ווי דו זאָגסט. יע, ניט נאָר וועסטו זיין אונזער הויפּט אין דער צייט פון דער מלחמה, נאָר אויך נאָכדעם, ווען דו וועסט האָבען באזיגט עמון, וועסטו פארבלייבען אונזער הויפּט און פיהרער.

—אויב אזוי וועל איך מיט אייך מיטגעהן! — האָט יפתח אויסגערופען.

— פאָטער! מיר געהען צוריק נאָך מצפּה! — האָט שאילה מיט פרייד אויסגערופען.

—יע, מיין טאָכטער — האָט יפתח איהר געקושט — דו וועסט מעהר ניט דארפען זיין איינזאַם. דאָרט, אין דער געבורטסשטאָדט פון דיינע עלטערען וועסטו האָבען פילע פריינדינעס. דו וועסט זיין צווישען אייגענע וועלכע ריידען דיין שפּראַך און דינען צו דעם זעלבען גאָט.

— געלויבט איז גאָט! — האָט נעמה אויסגערופען מיט טרערען אין די אויגען —ער האָט זיך אָן אונז ניט פארגעסען. מיר וועלען שוין מעהר ניט דארפען פארוואַגעלט ווערען אין א פרעמדעם לאַנד.

—און די עלטסטע פון אונזער שטאָט האָבען מיך אויסדערוויילט צו זיין זייער פיהרער!

—און ניט נאָר א פיהרער פון מצפּה נאָר אויך א פיהרער פון אלע איינוואוינער פון גלעד — האָט אן עלטסטער צוגעגעבען. יע, אלע איינוואוינער פון גלעד ווארטען מיט גרויס אומגעדולד אויף יפתח׳ס צוריקקעהר, ווען ער וועט ווערען זייער פיהרער און זיי באשיצען געגען דעם בייזען קעניג פון עמון און זיין הויפּט גענעראל גרים...

— די קנעכט וועלען צוגרייטען אייערע געצעלטען און מיר וועלען דאָ פארברענגען צוויי טעג, ביז וואנען מיר וועלען האָבען אלץ צוגעגרייט צו דער רייזע — האָט יפתח געזאָגט — איך וועל אויך אָנזאָגען מיינע געטרייע העלדען, אז מיר רייזען אָפּ נאָך גלעד, און דאן וועלען מיר צוזאמען אָפּרייזען פון דאַנען.

יפתח איז אריבער צו דעם לאַגער וואו זיינע מענשען האָבען גערוהט און ער האָט זיי אָנגעזאָגט די גוטע בשורה.

גרויס פרייד האָבען זיינע רייד ארויסגערופען ביי אלעבען. יעדער איז געווען צופרידען וואָס זייער פיהרער איז אנערקענט געוואָרען אלס העלד אויך ביי זיינע אייגענע ברידער. באַלד אָבער זיינען זיי אומעטיג געוואָרען. זיי זיינען געשטאנען מיט געבויגענע קעפּ און געשוויגען.

—וואָס איז מיט אייך? — האָט יפתח זיי געפרעגט מיט פארוואונדערינג — פארוואָס האָט איהר זיך אזוי שנעל געענדערט? זייט איהר דען ניט צופרידען מיט דעם וואָס איך וועל ווערען דער הויפּט פיהרער פון די אידען פון גלעד.

— מיר זיינען זעהר צופרידען — האָט איינער פון זיי געענטפערט — אָבער מיר זיינען אומעטיג געוואָרען ווען מיר האָבען גענומען א טראכט טהאָן וואָס עס וועט ווערען פון אונז... מיר וועלען מוזען בלייבען דאָ, אהן א פיהרער, אין א פרעמד לאַנד.

—איהר וועט מיטרייזען מיט מיר—

האָט יפתח זיך אָפּגערופֿען צו זיי — איהר וועט פאַרבלייבען מיינע העלדען און איהר וועט מלחמה האַלטען מיט עמון אַזוי ווי איהר האָט געטאָן פריהער. ווען איהר האָט מלחמה געהאַלטען מיט די ווילדע שבטים.

— מיר וועלען מיט דיר מיטגעהן! דו וועסט פאַרבלייבען אונזער פיהרער! — האָבען אַלע מיט פרייד אויסגערופֿען. מיר זיינען געגרייט מיט דיר צו געהן.

— נעהמט צונויף אייערע געצעלטען און אַלץ וואָס באַלאַנגט צו אייך ווייל מאָרגען וועלען מיר אָנפאַנגען אונזער רייזע — האָט יפתח צו זיי געזאָגט. און ווען גאָט וועט געבען או' מיר וועלען אָפּהאַלטען א נצחון איבער ישראל'ס שונאים, וועט יעדער פון אייך קריגען א באַלוינונג.

די קנעכט און די דינסטען פון יפתח האָבען צונויפגעזאַמעלט די גאַנצע שאָף, נעמה און שאיליה האָבען געהאָלפען איינפּאַקען די אַלע נויטיגע זאַכען און זיי האָבען דאָס אוועקגעלעגט אויף די וועגענער. פילע זאַכען האָבען זיי אָנגעלאָדען אויף די קעמלען און אייזלען, און צוזאַמען מיט די עלטסטע פון גלעד, האָבען זיי אָפּגערייזט נאָך מצפה.

## 12טער קאַפּיטעל

גרים האָט זיך שוין לאַנג געגרייט צו א מלחמה מיט די איינוואָהנער פון גלעד צוליב דעם האָט איהם דער קעניג פון עמון דערהויבען צו זיין דער הויפּט גענעראל פון אַלע זיינע אַרמעען. ווען ער האָט געמאַכט דעם פאַרזוך אויפצורייצען דעם שבט אפרים, און איהם איז ניט געלונגען איז דער קעניג געוואָרען שטאַרק ענטוישט מיט איהם. גרים האָט איהם דעריבער פאַרשפּראָכען אַריינצוברענגען אין זיינע אוצרות דאָס גאַנצע גאָלד פון גלעד.

גרים האָט געוואוסט, אַז די אַנדערע גענעראַלען זיינען איהם שטאַרק מקנא און זיי זוכען איהם גרינגצושעצען אין דעם קעניג'ס אויגען, דעריבער האָט ער געוואָלט איינמאָל פאַר אַלע מאָל ווייזען דעם קעניג, אַז ער איז דער איינציגער וועלכער וועט קענען באַזיגען ישראל, ווייל אויסער זיין העלדישקייט, האָט ער לאַנג פאַרבראַכט צווישען די אידען און ער ווייס אַלע זייערע שוואַכקייטען.

גרים האָט איינגעזאַמעלט זיינע אַרמעען, און זיי געפיהרט צו די גרעניצען פון גלעד.

זיינען פון פילע שטעדט און שטעטלאַך געשיקט געוואָרען פאַרשטעהער צו גרים'ן מיט קאָסטבאַרע מתנות אין זייערע הענט און זיי האָבען זיך צו איהם געוועדנעט.

— מיר זיינען געגרייט צו צאָהלען צינזען צו דעם קעניג פון עמון. מיר זיינען דיינע קנעכט, אָבער לאָז אונז צורוה, און געה ניט מלחמה האַלטען מיט אונז, ווייל דו ווייסט דאָך אַז מיר ווילען לעבען בשלום מיט אַלע אונזערע שכנים.

גרים האָט צוגענומען די מתנות און ער האָט זיך צו זיי אָפּגערופען:

— עס איז נאָך ניט גענוג וואָס איהר, די וועלכע געפינען זיך אויף אונזערע גרעניצען, זיינען געגרייט צו צאָהלען מיין קעניג צינזען. איך וויל, אַז אַלע איינוואָהנער פון גלעד זאָלען צושיקען צוויי מאָל אַזוי פיעל צינזען ווי פריהער, און דערצו פאַרלאַנגט דער קעניג אַז דאָס גאַנצע גאָלד וואָס געפינט זיך אין מצפה זאָל איבערגעגעבען ווערען אין מיינע הענט און איך וועל דאָס אַריינברענגען אין דעם קעניג'ס אוצרות. אַז ניט וועל איך מיט מיינע אַרמעען פאַרוויסטען אַלע אייערע שטעדט. איך וועל אויסהרג'נען אַלע אייערע איינוואוינער: די פרויען, קליינע קינדער. איך וועל קיין לעבעדיגען נפש ניט איבערלאָזען פון אייך. אויסער דעם, פאַרלאַנגט דער קעניג, אַז איהר זאָלט איהם אָפּגעבען צוריק אַלע שטעדט און שטעדטלאַך פון ארנון ביז יבוק, ווייל דאָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו אונז.

— מיר וועלען אַריבערגעהן צו די עלטסטע פון מצפה און פאָרלעגען פאַר זיי די פערלאַנגען פון דעם קעניג, און דאַן וועלען מיר וויסען וואָס דיר צו

ענטפערען — האָבען די פּאָרשטעהער פון די שטעדטלעך געענטפערט גרים׳ען.

— איך האָב שוין מעהר קיין געדולד נישט צו וואַרטען! — האָט גרים געזאָגט — איך וועל אייך געבען צעהן טעג צייט, און ווען איך וועל ביז דאַן ניט בעקומען דאָס גאָלד, וועל איך ארויס אויף מלחמה אויף אייך.

גלייך האָבען די גרעניץ איינוואוינער געשיקט שלוחים נאָך מצפּה און זיי איבערגעגעבען גרים׳ס פערלאַנג.

— מיר האָבען דאָך געשיקט נאָך יפתח׳ן, אויב ער וועט וועלען אָננעהמען די פיהרערשאַפט, וועלען מיר זיך קענען געגענשטעלען, און גאָט וועט אונז העלפען און מיר וועלען מעגליך בעזיגען דעם שונא.

—מיר קענען אָבער לאַנג ניט וואַרטען, די געפאהר איז זעהר גרויס. ווען גרים זאָל ארויסקומען אויף מלחמה זיינען מיר די ערשטע צו ליידען, ווייל אונזערע שטעדט און דערפער געפינען זיך הארט ביי דעם שונא׳ס גרעניץ. אייער שטאָדט איז גאַנץ ווייטליך, דעריבער ווילט איהר וואַרטען. גרים האָט אונז בלויז געגעבען צעהן טעג צייט, און דאַן וועלען מיר איהם דאַרפען געבען די תשובה — האָבען די שלוחים גע׳טענה׳ט צו די איינוואוינער פון מצפּה.

— און וואָס וועלען מיר טאָן, אז נאָכדעם ווי גרים וועט ארויסקריגען אונזער גאָלד וועט ער אויך פערלאַנגען אונזערע פרויען און טעכטער? — האָט א שופט פון מצפּה זיי געענטפערט—ניין! מיר קענען גאָר ניט טאָן ביז וואַנען אונזערע עלטסטע וועלען זיך צוריקקעהרען פון יפתח׳ן, דאַן וועלען מיר זעהן אויב מיר קענען זיך העלפען!

ווען די רייד פון די שלוחים האָט דערגרייכט דעם אַלטען גלעד׳ן איז ער אויסער זיך געוואָרען פון אויפרעגונג.

— דער פערפלוכטער גרים! ער האָט ערמאָרדעט מיין פלגש... ער האָט זיך געמאַכט פאַר מיין פריינד און בעזוכט מיין הויז, און אין דערזעלבער צייט האָט ער געזוכט אויסצוגעפינען אַלעס וואָס עס טוט זיך צווישען אונז... א,

ווען איך וואָלט דאַן געוואוסט זיינע פּלענער. און יעצט איז איהם דאָס נאָך ווינציג, וויל ער ארויסקריגען אונזער רייכטום. ניין! מיר טאָרען ניט דערלאָזען אזא זאך!

— און וואָס וועלען מיר טאָהן אז דער קעניג פון עמון וועט קומען מלחמה האַלטען מיט אונז, דאַן וועלען מיר דאָך אַלעס פערלירען. ער וועט אונז אויסשלאַכטען, אונזערע קינדער פאַר קנעכט און דינסטען אוועקנעהמען, און אונזער האָב און גוטס צוראַבירען.

— מיר טאָרען ניט פערלירען אונזער בטחון אין גאָט. ער וועט אונז ניט פערלאָזען. האָט ער דען ניט געהאָלפען ישראל פון די הענט פון יבין דעם קעניג פון חצור?

— דאַן האָבען זיך עטליכע שבטים צוזאַמען פעראייניגט, אָבער מיר! האָבען מיר דען האָפנונגען, אז די שבטים וועלען אונז קומען צו הילף? בפרט נאָך יעצט, ווען דער שבט אפרים איז אויפגערעגט צוליב דעם בלבול. די איבעריגע שבטים וועלען אויך בלייבען גלייכגילטיג. זיי האָבען דאָך אן אַלטע קריוודע געגען אונז, ווייל מיר האָבען ניט געהאָלפען אין דער מלחמה געגען סיסרא׳ן.

— אָבער דו האָסט דאָך ארומגערייזט איבער דער לענג פון לאַנד און האָסט געמאַכט א פערזוך צו פעראייניגען די צוויי און א האַלב שבטים וועלכע געפינען זיך אויף דיזער זייט ירדן.

— דאָס איז געווע זמיט פיעלע יאָהרען צוריק. דאַן האָט אונז קיין געפאהר געדראָהט, זינט דאַן איז דער בונד וואָס מיר האָבען געשלאָסען אָפּגעשוואַכט געוואָרען, און מיר קענען זיך ניט פערלאָזען אויף זייער הילף, סיידען מיר זאָלען קריגען א העלדישען פיהרער וועלכער זאָל האָבען די מאַכט צו פעראייניגען אונזערע שבטים און זיי בעגייסטערען צום קאַמף — האָט גלעד געזאָגט.

— און דיין זוהן איז דער איינציגער וועלכער איז פּאַסיג צו אזא אמט! — האָט אימיצער א זאָג געטאָן צו גלעד׳ן.

— מיין זוהן! ווער ווייס אויב איך

האָב עס ביי איהם פערדינט. איך האָב איהם שרעקליך בעהאנדעלט, איך האָב איהם בעליידיגט און פון מיין הויז פערטריבען, און ניט נאָר איך, אָבער אלע איינוואוינער פון אונזער שטאָדט האָבען איהם און זיין פרוי מיט שאנדע פערטריבען פון שטאָדט. יעצט, ווי קענען מיר ערווארטען ער זאָל אונז קומען צו הילף!

— מיר האָבען געשיקט איינינע פון אונז אויף די בערג צו זעהן אויב עמון האָט ווירקליך פערזאמעלט גרויסע מחנות — האָט איינער פון די זקנים געזאָגט — מיר וועלען דארפען ווארטען אויף א תשובה פון זיי, און דאן וועלען מיר וויסען וואָס צו טאָהן און וואוהין זיך צו ווענדען.

— וואָס עס זאָל ניט זיין, טאָרען מיר ניט זיצען מיט צוזאמענגעלייגטע הענט — האָט א צווייטער געזאָגט—מיר דארפען ארויסשיקען א רוף צו אלע יונגע לייט פון אונזער שטאָדט און ארום, און זיי זאָלען זיין געגרייט אין פאל פון א מלחמה.

— אומזיסט וועט זיין אונזער רוף, קיינער וועט זיך ניט ריהרען פון אָרט, אזוי לאנג ווי מיר האָבען ניט קיין העלדישען פיהרער אויף וועמען זיי וועלען זיך קענען פערלאָזען, וועלען זיי ניט געהן...

— דיין זוהן אלדד קומט אָן! — האָט איינער פון די פערזאמעלטע זיך אָפּגערופען צו גלעד'ן — ער לויפט גאנץ שנעל, ווי ער וואָלט האָבען א בשורה אנצוזאָגען.

— גאָט ווייס וואָס פאר א בשורה ער האָט אין זיין מויל! — האָט גלעד מיט שרעק זיך אָפּגערופען.

— אָט איז ער! מיר וועלען שוין באלד הערען!

— פאָטער! פאָטער! — האָט אלדד אויסגערופען — יפתח קומט אָן פון צפון!

— יפתח! — האָבען אלע מיט אמאָל אויסגעשריען.

— יע, יפתח. איך בין ארויף אויף דעם בארג וואָס געפינט זיך אין צפון זייט פון שטאָדט, האָב איך בעמערקט פיעלע מענשען קומען אָן מיט קעמלען און אייזלען, שאָף און רינדער. איך האָב זיך גוט צוגעקוקט, האָב איך דערקענט איינינע עלטסטע פון אונזער שטאָדט. דערנאָך האָב איך אויך דערזעהן יפתח'ן. אָ, ער קומט אָן.

— געלויבט איז גאָט! געלויבט איז גאָט! — האָט גלעד אויסגערופען — און איך האָב שוין געמיינט, אז ער וועט זיך צו זיי ניט וועלען צו־הערען. יעצט, אז ער קומט אָן, איז דאָ א האָפנונג אז גאָט וועט דורך איהם אונז העלפען. לאָמיר שנעלער איהם אנטגעגען געהן.

גלעד און די אלע וועלכע זיינען געוועזען מיט איהם האָבען זיך אוועקגעלאָזען אויף דעם וועג פון וואנען יפתח קומט אָן. פון ווייטען האָבען זיי איהם בעגעגענט.

— מיין זוהן! — איז גלעד איהם געפאלען אויף זיין האלז און געקושט— יעצט וועל איך קענען רוהיג שטארבען. איך האָב דיך געזעהן און איך בעט דיר דו זאָלסט מיר מוחל זיין.

— א פאָטער! — האָט יפתח איהם געקושט — פאָטער, איך בעט דיר, רייד ניט אזוי... איך ווייס דאָך אז עס איז ניט געוועזען דיין שולד... יעדער איינער וואָלט אזוי געדארפט האנדלען ווי דו, ווען זיין זוהן ווערט אין אזא שווידערליכען פערברעכען בעשולדיגט. פון וואנען האָסטו געקענט וויסען אז איך בין אומשולדיג, ווען אלע בעווייזע זיינען געוועזען געגען מיר! אָבער לאָמיר פון דעם פערגעסען. איך האָב געהערט, אז גרים, וועלכער איז שולדיג אין אלץ, איז דער הויפּט פיהרער פון עמון'ס ארמעען, לאָמיר האָפען, אז גאָט וועט אונז העלפען און איך וועל זיך קענען נוקם זיין אָן דעם רשע פאר מיין מוטער'ס בלוט און דאמיט אויך העלפען מיין פאָלק.

— דו ביזט ווילקאָמען אין אונזער שטאָדט, מיין זוהן! — האָט גלעד אויסגערופען — און אויב דו וועסט ניט זיין צאָרנדיג אויף מיר וועל איך דיר בעטען

דו זאָלסט קומען צו מיין הויז. אַלעס וואָס איך האָב באַלאַנגט צו דיר.

— אָ פּאָטער, איך ברויך קיין זאַך ניט. גאָט האָט מיך געבענשט מיט פיעל רייכטום. איך בין גליקליך מיט מיין פרוי און מיין טאָכטער.

— וואו איז דיין טאָכטער? — האָט גלעד געפרעגט.

— אָט קומען זיי אָן פון הינטען! — האָט יפתח אָנגעוויזען אויף נעמה'ן און שאילה'ן.

גלעד האָט אַ קעהר געטאָן זיין קאָפּ און דערזעהן נעמה'ן און איהר טאָכטער.

— געבענשט זיי צו גאָט מיין טאָכטער! — האָט ער געזאָגט צו נעמה'ן, און דאָס איז שאילה, מיי'ן אייניקעל!

שאילה איז געשטאַנען עטוואָס פערשעהמט און געשוויגען.

— פאַר וואָס בעגריסט דו ניט דיין זיידען, מיין טאָכטער — האָט נעמה צו איהר געזאָגט.

ערשט דאַן האָט שאילה ארומגענומען גלעד'ן און געקושט.

— ווי שעהן דיין טאָכטער איז! — האָט גלעד זיך אָפּגערופען צו יפתח'ן. קום דאָך צו מיין הויז, יפתח, מיין פרוי מרה האָט זיך שוין אין גאַנצען געענדערט. זי האָט חרטה אויף אַלעס וואָס זי האָט צו דיר געטאָן. און אויך דיינע ברידער ווארטען אז דו זאָלסט זיי מוחל זיין.

— איך טראָג אין מיין הארצען אויף קיינעם קיין שנאה ניט! — האָט יפתח געענטפערט — אָבער איך וויל דיר ניט פאַלען צו לאַסט.

— וואָס רעדסטו, מיין זוהן? עס וועט פאַר מיר זיין אַ גרויסער פערגעניגען ווען דו און דיין משפחה וועלען פערבלייבען אין מיין הויז. איך האָב גאָר אַנדערש ניט געטראַכט.

— פאָטער, עס וועט זיין פאַר מיר אוממעגליך דאָס צו טאָן. איך האָב זעהר אַ גרויסען פערמעגען, פיעלע שאָף און רינדער און עס וועט אוממעגליך זיין צו וואָהנען צו זאַמען.

— אמווייניגסטען וועסטו מיט מיר פאַרבלייבען די ערשטע צייט, ביז וואַנען דו וועסט קענען בויען דיין אייגען הויז.

— יפתח באַלאַנגט צו אונז אַלעמען!

— האָט איינער פון די עלטסטע, וועלכע זיינען אָנגעקומען צוזאַמען מיט איהם, געזאָגט. — ער וועט רעגירען איבער אונז און זיין אונזער פיהרער. און ווען ער וועט זיך אומקעהרען פון דער מלחמה מיט עמון, וועט ער זיין אונזער הויפּט און פיהרער. מיר וועלען פאַר איהם אַ פּאַלאַץ בויען אין מיטען שטאָדט!

— איהר זייט גערעכט, מיינע פריינד! — האָט גלעד געענטפערט. — יפתח באַלאַנגט צו אונז אַלעמען. ער וועט פיהרען אונזערע מלחמות און וועט אונז העלפען פון די הענד פון אונזערע שונאים.

באַלד איז אין דער שטאָדט מצפּה געוואָרען אַ פרייד. די איינוואוינער זיינען ארויס אָנקוקען דעם העלדישען יפתח'ן. די יונגע לייט פון דער שטאָדט האָבען זיך ארום איהם פערזאַמעלט. יפתח האָט זיי אַלעמען מיט אַ פריינדליכען שמייכעל בעגריסט.

— זייט געגרייט, איהר העלדען פון מצפּה. מיר וועלען מיט גאָט'ס הילף בעוויזען אונזער שונא, אז מיר שרעקען זיך פאַר איהם ניט אָפּ. יעדער איינער פון אייך זאָל מאָרגען קומען מיט זיינע וואַפען און דאַן וועלען מיר בעשליסען וואָס צו טהאָן. זייט איהר וויליג צו קומען און קעמפען געגען שונא?

— מיר זיינען וויליג! — האָבען זיך געהערט שטימען. — מיר וועלען טהאָן אַלעס וואָס דו וועסט אונז זאָגען.

— יפתח, מיין זוהן, טו מיר אָן דיזען כבוד און קום צו מיין הויז ביז וואַנען דו וועסט בעשטימען וואו דו זאָלסט דיין וואוינונג מאַכען. דאָס וועט זיין אַ סימן ביי מיר, אז דו האָסט אונז אַלעמען מוחל געווען.

— איך דאַנק דיר זעהר, מיין פאָטער. איך וועל טהאָן דיין ווילען. מיר וועלען

זיך אָפּשטעלן אין דיין הויז ביז וואנען מיר וועלן זיך איינאָרדענען.

יפתח, זיין פרוי און טאָכטער האָבן נאָכגעפאָלגט גלעד'ן צו זיין הויז.

דאָרטן האָט מרה פאַר אַלעמען א גרויסן מאָלצייט געמאכט און אַלע זיינען געווען צופרידן און גליקליך.

אַלע האָבן באוואונדערט יפתח'ס טאָכטער. זי איז געווען אזוי רייצנד שעהן, און אויך זעהר קלוג, אז זי האָט אַלעמען בעצויבערט.

נאָך דעם מאָלצייט האָט גלעד בעמערקט ווי זיין פרוי מרה שטעהט אין א ווינקעל פון הויז און וויינט.

— וואָס וויינסטו, מרה! — האָט איהר גלעד געפרעגט מיט ערשטוינונג.

— איך דערמאָן זיך ווי שלעכט איך האָב אמאָל בעהאנדעלט יפתח'ן און זיין מוטער, און איך בין זיכער אז אין זיין הארצען האָט ער מיר נאָך ניט מוחל געווען, ניט מיר און ניט מיינע זיהן.

— בערוהיג זיך, מרה. יפתח בעזיצט א נאָבעלע, ריינע הארץ, און איך פעוּזיכער דיך אז ער טראָגט קיין שנאה ניט אויף קיינעם ניט. אַלעס וואָס איז פאָרגעקומען מיט יאָהרען צוריק איז פערגעסען. אויב דו ווילסט, וועט עס דיר יפתח אַליין זאָגען.

גלעד האָט צוגערופען יפתח'ן און איהם דערצעהלט פארוואָס מרה וויינט.

— איך בעט דיך, מרה, דו זאָלסט מעהר אזוי פון מיר ניט טראַכטען! — האָט יפתח זיך אָפּגערופען. — מיר טאָרען ניט דערמאָנען יענע טרויעריגע צייטען. איך בין גליקליך וואָס גאָט האָט מיך געבענשט מיט אזא ליעבליכער געטרייער פרוי און מיר ביידע זיינען העכסט גליקליך וואָס גאָט האָט אונז געשאָנקען אזא וואונדער־שעהנע ליעבע טאָכטער. זינט שאיליה איז געבוירען געוואָרען, האָט פאַר מיר די זון אזוי העל געלויכטען. דאָס גליק איז מיט איהר געקומען, און וואָס איך האָב געטהאָן און וואוהין איך האָב זיך געווענדעט, האָב איך בעגליקט... איך וויים אז צוליעב איהר זכות האָט מיר גאָט געהאָלפען אין אַלע מלחמות. און יעצט האָב איך מיטגעבראַכט מיינע בראווע געטרייע מענשען. זיי האָבן זייערע געצעלטען געמאכט נעבען שטאָדט. איך וויל, פאָטער, אז דו זאָלסט ארויסשיקען פאָרשטעהער פון שטאָדט מען זאָל זיי געהן מקבל פנים זיין און זיי זאָגען אז זיי זיינען ווילקאָמען אין מצפה.

— מיט פרייד וועלען מיר זיי אויפנעהמען. מיר וועלען זיי דאנקבאר זיין פארוואָס זיי זיינען געקומען אונז העלפען. אָט וועל איך מיטנעהמען איניגע פון די עלטסטע פון שטאָדט און איך וועל זיי געהן בעגריסען.

— מיינע מענשען האָבען זעהר פיעל געוועהר וואָס מיר האָבען גענומען אין די מלחמות, וואָס איך האָב געפיהרט פאַר ארם! — האָט יפתח געזאגט. — דיזע געוועהר וועל איך אויסטיילען צו די אַלע, וועלכע וועלען זיך אָנשליסען אין מיין ארמעע. זעה, פאָטער, אז מען זאָל זיי ברענגען שפּייז, ווייל די שפּייז וואָס זיי האָבען געהאט איז שוין געווים אויסגעגאנגען.

גלעד האָט געהייסען אָנלאָדען עטליכע פוהרען מיט שפּייז און צוזאמען מיט איניגע פאָרשטעהער איז ער ארויסגעקומען בעגריסען יפתח'ס פופציג מענשען.

— איך בין דער פאָטער פון יפתח'ן — האָט גלעד זיך אָפּגערופען. — איך בין געקומען אייך בעגריסען און ווילקאָמען אין אונזער שטאָדט.

די מענשען האָבען זיך אויפגעשטעלט פון זייערע פלעצער און זיך פערנייגט:

— זאָל לעבען יפתח, אונזער פיהרער! — האָבען זיך געהערט שטימען.

— מיר וועלען טהאָן אַלעס וואָס ער וועט אונז זאָגען.

גלעד האָט זיי איבערגעגעבען די שפּייז און זיי איינגעלאדען צו קומען אין שטאָדט.

אויף מאָרגען האָט יפתח ארויסגעשיקט שלוחים איבער דעם גאנצען לאנד גלעד, אז אַלע יונגע שטארקע לייט זאָלען זיך צונויפזאמלען אין מצפה.

הונדערטע יונגע לייט האָבען זיך אָפּ־

גערופען אויף יפתח'ס פארלאנג און גענומען שטראָמען נאָך מצפה.

יפתח האָט זיי גענומען איינאיבען אין מלחמה. ער האָט יעדען געגעבען געווהער און זיי געלערנט ווי צו שיסען מיט'ן פייל און בויגען אין ציעל.

---

ווען דער קעניג פון עמון האָט דערהערט, אז יפתח איז געקומען נאָך מצפה, האָט ער גלייך געשיקט רופען גרים'ען, זיין הויפט־גענעראל, און צו איהם געזאָגט:

— מיינע מיניסטאָרען און אנדערע גענעראלען האָבען מיר געזאָגט, אז מיר זאָלען גלייך אָנפאנגען די מלחמה געגען ישראל. דו ביזט געווען דער איינציגער, וועלכער איז געווען געגען דיזען פלאן. דו האָסט מיר געראטען צו ווארטען אויף א גינסטיגער צייט. איך האָב זיך צו דיר צוגעהערט, און יעצט ווען דו ביזט גרייט אָנצופאנגען די מלחמה, האָב איך זיך דערוואוסט, אז יפתח איז אָנגעקומען פון ארם און ער וועט איבערנעהמען די פיהרערשאפט פון דער אידישער ארמעע.

— מיין האר קעניג! — האָט גרים א שמייכעל געטהאָן, — אין ישראל עקזיסטירט ניט קיין ארמעע... זיי זיינען אלע פייגלינגע, און איך שווער דיר ביי אונזער גאָט כמוש, אז איך וועל ברענגען יפתח'ס קאָפּ צו דיר... ווייל ווי שטארק יפתח זאָל ניט זיין, וועט ער ניט קריגען גענוג סאָלדאטען, וועלכע זאָלען איהם נאָכפאָלגען.

— אָבער ווען דו וואָלסט ארויסגעגאנגען אויף מלחמה פריהער, איידער יפתח איז געקומען, וואָלטען מיר שוין לאנג אָפּגענומען זייער גאנצען לאנד.

— מיין האר קעניג האָט דאָך געוואוסט, אז איך האָב געזעהן פריהער אָנצורייצען די שבטים איינער אויף דעם צווייטען, און דאמיט גרינגער צו מאכען אונזער אָנפאל.

— אָבער דו זעהסט דאָך, אז אויך מיט דעם ביזטו דורכגעפאלען. דיין פלאן האָט זיך דיר ניט איינגעגעבען.

קיין מלחמ ההאָט ניט אויסגעבראָכען צווישען אפרים און גלעד.

— אויב מיר איז ניט געלונגען אויפצורייצען דעם שבט אפרים ארויסצוגעהן אויף מלחמה מיט גלעד, האָב איך דאָך דורך דעם געזיכערט, אז אפרים זאָל זיי ניט קומען צו הילף אין פאל פון א מלחמה צווישען אונז און גלעד. און דאָס וואָס איך האָב צוגעזאָגט, האָב איך אין זינען פריהער ארויסצוקריגען זייער גאָלד און דאָס אריינצוברענגען אין די קעניגליכע אוצרות. ווייל איך ווייס, אז אויב איך זאָל גלייך ארויסגעהן אויף מלחמה, וואָלטען די רייכע איינוואוינער פון גלעד צונויפגעזאמעלט זייער גאָלד און זילבער און אריבערגעגאנגען דעם ירדן און זיך בעזעצט צווישען די שבטים, און בלויז די אָרימע וואָלטען פערבליבען, און דורך דעם וואָלטען מיר פערלאָרען אזוי פיעל גאָלד.

— און יעצט ביזטו זיכער, אז זיי וועלען דיר ברענגען זייער גאָלד? — האָט דער קעניג געפרעגט.

— געוויס! איך האָב זיי געגעבען צעהן טעג צייט. בלויז איניגע טעג זיינען פערבליבען. מיינע ארמעען זיינען געגרייט און אויב איך וועל ניט אריינקריגען זייער גאָלד ביז דער בעשטימטער צייט, וועלען מיר זיי בעפאלען.

— איך גלויב ניט, אויב זיי וועלען יעצט וועלען אָפּגעבען זייער גאָלד, נאָך דעם ווי צו זיי איז געקומען זייער העלד יפתח.

— דעם קאָפּ פון זייער העלד וועל איך דיר ברייננגען א מתנה, מיין האר קעניג, איך וועל טאָן צו יפתח'ן אזוי ווי איך האָב געטאָן צו רעומה'ן, זיין מוטער. איך בין זיכער, אז איך וועל איהם באזיגען ווען די עטליכע טעג וועלען פארבייגעהן, דאן וועל איך פארנעמען די שטעדטלאך וואָס גרעניצען זיך מיט אונזער לאנד און אין א קורצע צייט וועל איך פארניכטען אלע איינוואוינער פון גלעד, און מיר וועלען פארנעמען זייער לאנד.

— און ווען גלויבסטו דארפען מיר אָנפאנגען די מלחמה? — האָט דער קעניג געפרעגט גרים'ן.

— איך בין געגרייט צו יעדער צייט!

— האָט גרים געענטפערט — מיינע ארמייען ווארטען אויף מיין באפעהל. אָבער איך וועל בלויז צוואווארטען די עטליכע טעג וואָס זיינען פארבליבען ווען די איינוואוינער פון גלעד וועלען מיר דארפען געבען דעם ענטפער, אויב זיי וועלען מיר צושטעלען דאָס פארלאנגטע גאָלד אָדער ניט.

—איך האָב דיר דערהויבען צו זיין מיין הויפט גענעראל, איך האָב דיר אָנפארטרויט די גאנצע ארמיי און איך האָף, אז דו וועסט באזיגען אונזער שונא און דאן וועל איך אויך מיין פארשפרעכען האלטען און דיר אָפגעבען די שטאָדט מצפה אלס א מתנה.

— מיין האר קעניג איז זעהר גנעדיג צו מיר, האָט זיך גרים פארנייגט — איך וועל זעהן, אז דאָס גאנצע לאנד פון גלעד זאָל געהערען צו עמון.

---

די עטליכע טאָג פון דער באשטימטער צייט וואָס גרים האָט געגעבען צו די איינוואוינער פון די גרעניץ שטעדט, זיינען פאַריבער, גרים האָט צוזאמענגענומען זיין גרויסע ארמיי און פארלאָזען רבה, צוקומענדיג צו די גרעניצען פון גלעד. ווען ער האָט דערזעהן, אז די איינוואוינער זיינען זיך צולאָפען איבערלאָזענדיג זייער האָב און גוטס אויף הפקר.

גלייך האָבען זיי גענומען צוראבירען אלעס וואָס זיי האָבען געפונען. און אריינמארשירענדיג טיפער אין גלעד האָט גרים דאָרטען געמאכט זיין לאגער, צוגרייטענדיג זיך צו באפאלען די איבעריגע שטעדט פון גלעד.

---

אין טויט שרעק זיינען די איינוואוינער פון די ארומיגע שטעדט געלאָפען נאָך מצפה, וואו יפתח האָט זיך געפונען. אלע האָבען אויסגעקוקט אויף איהם ער זאָל זיי מיט גאָטעס הילף ראטעווען פון דעם אנקומענדען שונא.

יפתח האָט גלייך פארזאמעלט אין מצפה די עלטסטע און חשוב'ע לייט פון שטאָדט און האָט גענומען פלאנעווען וואָס צו טהאָן.

— אונזער הייליגע תורה זאָגט אונז אָן, אז איידער מיר געהען ארויס אויף מלחמה אויף א פיינד דארפען מיר איהם פריהער מאכען אן אָנבאָט פון שלום, און אויב דער שונא וועט דעם אָנבאָט צוריקווייזען, דאן וועלען מיר מיט איהם מלחמה האלטען.

— וואָס איז דיין פאָרשלאג? — האָט איינער פון די זקנים געפרעגט יפתח'ן.

—מיין פארשלאג איז, אז מיר זאָלען טאָן ווי אונזער תורה פאָדערט. איך בין זיכער, אז די עמונים וועלען צוריקווייזען אונזער שלום פאָרשלאג און דאן וועט אונז גאָט העלפען און איבערגעבען דעם שונא אין אונזערע הענט. דעריבער וועל איך אויסקלייבען אייניגע שלוחים און זיי שיקען מיט א בריעף צו דעם קעניג פון עמון, און ווארטען ביז וואנען איך וועל קריגען זיין תשובה און דערווייל וועלען מיר זיך צוגרייטען פאר אלעס.

יפתח האָט באשטימט אייניגע שלוחים, און ער האָט זיי איבערגעגעבען א בריעף צום קעניג פון עמון וואו ער האָט געשריבען פאָלגענדעס:

"צו דעם קעניג פון עמון, פרידען.

עס איז שוין פיעלע יאָהרען, אז מיין פאָלק לעבט בשלום מיט דיין פאָלק. מיר האָבען קיינעם פון עמון קיין שלעכטעס ניט געטאָן, און יעצט קומסטו און ווילסט אָנפאנגען א מלחמה מיט אונז. וואָס האָב איך דיר געטאָן, וואָס דו קומסט פלוצלונג מלחמה האלטען מיט מיר. איך בין געגרייט צו יעדער צייט צו רעדען שלום מיט דיינע פאָרשטעהער.

יפתח, דער הויפט און פיהרער
פון גלעד און ארום".

די שלוחים זיינען אוועק מיט דעם

בריעף נאָך רבה וואו זיי האָבען איהם איבערגעגעבען דעם קעניג.

דער קעניג פון עמון האָט אָנגעשריבען פאָלגענדען ענטפער צו יפתח'ן:

"ווען דיינע עלטערען זיינען ארויס פון מצרים און צוגעקומען צו אונזער לאַנד, האָבען זיי פון אונז אוועקגענומען דאָס גאַנצע לאַנד פון ארנון ביז דעם טייך יבוק, און יעצט אויב דו ווילסט האָבען פרידען מיט מיר, פאַרלאַנג איך, אז דו זאָלסט מיר צוריקקעהרען אָט די אלע שטעדט וואָס דיינע עלטערען האָבען פון מיר און פון מיין שכן מואב אוועקגענומען".

די שלוחים האָבען געבראַכט די תשובה פון דעם קעניג פון עמון צו יפתח'ן.

יפתח האָט זיך בעראַטהען מיט די עלטסטע פון שטאָדט און באַלד האָט ער אָנגעשריבען אַ ענטפער צום קעניג פון עמון און זיי אוועקגעשיקט מיט די זעלבע שלוחים, און אזוי האָט ער געשריבען:

"צו דעם קעניג פון עמון:

אזוי זאָגט יפתח דער פיהרער און הויפט פון גלעד. ישראל האָט ניט אוועקגענומען דאָס לאַנד פון מואב און דאָס לאַנד פון עמון. ווען אונזערע עלטערען זיינען ארויס פון מצרים, און זיי האָבען געוואַנדערט פערציג יאָהר אין דער מדבר, ביז וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צו קדש, דאַן האָט ישראל געשיקט שלוחים צו דעם קעניג פון אדום און פאַרלאַנגט פון איהם, ער זאָל זיי ערלויבען דורכצוגעהן זיין לאַנד, און דער קעניג פון אדום האָט ניט געוואָלט זיך צוהערען צו זייער פאַרלאַנג. און אויך האָבען אונזערע עלטערען געשיקט צו דעם קעניג פון מואב און ער האָט ניט געוואָלט, און ישראל האָט געמוזט זיצען אין קדש. דאַן זיינען זיי ווידער געגאַנגען אין דער מדבר און אויסגעמיטען דאָס לאַנד מואב און אדום, און זיי זיינען צוגעקומען צו דער מזרח זייט פון דעם לאַנד מואב, און זיינען אפילו ניט צוגעגאַנגען צו דעם גרעניץ פון מואב, ווייל ארנון איז דאַן געווען דער גרעניץ פון מואב. און שפּעטער זיינען אונזערע עלטערען צוגעקומען צו דעם לאַנד פון סיחון, דעם קעניג פון אמורי, וועמענס הויפּטשטאָדט איז געווען חשבון און ישראל האָט געשיקט שלוחים אויך צו סיחון'ען און פון איהם פאַרלאַנגט ער זאָל זיי ערלויבען דורכצוגעהן זיין לאַנד. אָבער סיחון האָט זיי ניט געוואָלט גלויבען, ווען זיי האָבען איהם פאַרזיכערט, אז זיי וועלען איהם קיין שאָדען ניט אָנטאָן, ער האָט צוזאַמענגעקליבען זיין גאַנצעס פאָלק, און איז ארויס מלחמה האַלטען מיט ישראל אין דער שטאָדט יהץ. אונזער גאָט האָט געזעהן אונזער גערעכטיגקייט און ער האָט איבערגעבען סיחון'ען און זיין גאַנצע ארמייע אין די הענט פון ישראל. זיי האָבען איהם צושלאָגען און פאַרניכטעט, און אונזערע עלטערען האָבען גע'ירשנט זיין לאַנד, פון ארנון ביז יבוק, און ביז דעם ירדן. און יעצט, ווען גאָט, אונזער גאָט האָט אונז איבערגעגעבען דעם אמורי און מיר האָבען איהם פאַרניכטעט און אוועקגענומען זיין לאַנד, קומסטו יעצט און פאַרלאַנגסט, אז מיר זאָלען דיר אומקערען דאָס לאַנד, ווייל ס'איז אַמאָל אוועקגענומען געוואָרען פון דיר און פון דיין שכן מואב... ניין, דאָס וואָס אונזער גאָט האָט אונז איבערגעגעבען אַ ירושה, וועלען מיר עס ירשנ'ען און דו האָסט אויף דעם קיין תביעה ניט, און דאָס וואָס דיין גאָט כמוש וועט דיר אָפּגעבען אַ ירושה, וועט עס באַלאַנגען צו דיר!

און יעצט זאָג מיר, ביזטו דען בעסער פון בלק דעם זוהן פון צפּור, דעם קעניג פון מואב אין יענער צייט. האָט ער דען מלחמה געהאַלטען מיט ישראל צוליעב דעם, אָדער האָט ער זיך געקריגט מיט אונז. ער האָט דאָך איינגעזעהן, אז מיר זיינען גערעכט. סיחון

דער קעניג פון אמורי, האָט דאָס לאַנד אוועקגענומען מיט זיין שווערד פון מואב'ן און ישראל האָט אוועקגע-

נומען דאָס לאַנד מיט זיין שווערד פון סיחון, און יעצט זיינען שוין פאַריבער מעהר ווי דריי הונדערט יאָהר זינט ישראל זיצט אין חשבון און אין די ארומיגע שטעדט האָסטו זיך ערשט ארומגעזועהן, אז די דאָזיגע שטעדט האָבען אמאָל באלאנגט צו דיר. ניט איך און ניט מיין פאָלק זיינען באגאנגען א פארברעכען געגען דיר און דו ווילסט טאָן מיט מיר שלעכטעס און ארויסגעהן מלחמה צו האלטען מיט מיר. זאָל גאָט, דער שופט, משפטן צווישען די קינדער פון ישראל און די קינדער פון עמון".

די שלוחים האָבען אויך דיזען בריעף איבערגעגעבען צו דעם קעניג פון עמון, און ווען ער האָט עס דורכגעלייענט האָט אין איהם געברענט זיין צאָרן.

— איך וועל יפתח'ן ציינגען די מאכט פון מיין שווערד — האָט ער געשטורעמט — ארויס פון מיין פאלאץ. איך וועל ניט ערלויבען אז ער זאָל צו מיר אזוי ריידען.

יפתח'ס שלוחים האָבן זיך אומגעקערט און געבראכט צו איהם דעם לעצטען באַריכט.

— איצט וועט גאָט אונז געווים העלפען! — האָט יפתח אויסגערופען — מיר האָבען געטאָן דעם פארזאָג פון אונזער תורה און מיר האָבען צום ערשטען פרובירט ריידען וועגען שלום, און זאָל גאָט געבען דעם זיעג אין אונזער האנט.

אויף מאָרגען האָט יפתח איינגעטיילט זיין ארמעע אין דריי טיילען און ער האָט געריטען פאָראוים אויף זיין פערד מיט א בלויזען שווערד אין האנט.

די זקנים און די חשוב'ע פון שטאָדט האָבען זיך פארזאמעלט ארום יפתח'ן און זיי האָבען מתפלל געווען א תפילה צו גאָט.

נאָך דער תפילה האָט יפתח אויסגערופען:

— איך טהו א נדר צו דיר, אָ גאָט! אויב דו וועסט איבערגעבען די קינדער פון עמון אין מיינע הענט און איך וועל זיין זיגרייך אין דיזער מלחמה איז וואָס עס וועט צום ערשטען ארויסקומען פון די טיהרען פון מיין הויז מיך צו באגעגענען, ווען איך וועל זיך צוריקקערען בשלום פון עמון, וועט עס געהערען צו גאָט, און איך וועל עס מקריב זיין פאר א קרבן צו גאָט.

ווען ער האָט געענדיגט דיזען נדר, האָט ער א מאך געטאָן מיט'ן שווערד אלס סיגנאל צו זיין ארמעע, און גענומען שנעל ארויסרייטען פון שטאָדט.

די ארמעע האָט איהם נאָכגעפאָלגט און מיט געזאנג צו גאָט האָבען זיי ארויסגעמארשירט פון שטאָדט, מיט די ברכות פון די זקנים און די איבעריגע איינוואוינער פון שטאָדט.

שאיליה און איהר מוטער זיינען געשטאנען פון ווייטען און באגלייט יפתח'ן מיט זייערע בליקען.

— אָ, מוטער,— האָט שאיליה געוויינט איהרע טרערען — איך האָב איצט געהאט אזא גרויסען פארלאנג צוצולויפען צום פאָטער און איהם ארויפפאלען אויפ'ן האלז און איהם קושען, קושען אָהן אויפהער...

— און ווער האָט דיר דען אָפּגעהאלטען עס צו טאָן? — האָט נעמה זי געדריקט צו זיך.

— ווען דער פאָטער האָט זיך מיט מיר געזעגענט אין הויז, האָט מיר אָנגעזאָגט אז ווען איך וועל ארויסקומען איהם באגלייטען, זאָל איך שטעהן פון דער ווייטען... איך פארשטעה ניט, מוטער, פארוואָס ער האָט פון מיר פארלאנגט אזוי? עס איז מיר אזוי שווער געווען נאָכצוקומען זיין פארלאנג...

— פון מיר האָט ער אויך אזוי פארלאנגט, טאָכטער מיינע — האָט נעמה זיך אָפּגערופען — און איך וועל דיר ערקלערען פארוואָס ער האָט אזוי פארלאנגט. דיין פאָטער געהט ארויס אויף מלחמה און אלע זיינע סאָלדאטען זויינען מיט איהם. ער דארף אלעמען ווײ־

זען זיין ענטשלאָסענהייט זיין מוטה און בראַווקייט. איצט ווען מיר וואָלטען צו איהם נאָהענט צוגעגאַנגען און ער וואָלט אונז דערזעהן און זיך נאָך אמאָל גענומען געזעגענען, דו וואָלסט ארויפגעפאַלען אויף זיין האַלז און גענומען וויינען און יפתח וואָלט מעגליך אויך געטאָן דאָס זעלבע, דאָס וואָלט ארויסגעציינט פאַר די סאָלדאַטען אזוי ווי א שוואַכקייט. זיי וואָלטען עס אָנגענומען פאַר א צייכען, אז זייער פיהרער און קעמפער איז אליין ניט זיכער מיט זיין זיעג און אז ער שרעקט זיך זעהר וועגען דער מלחמה מיט עמון. דאָס וואָלט זיכער ענטמוטיגט זיינע סאָלדאַטען.

— איצט פאַרשטעה איך, מוטער! — האָט שאיליה געזאָגט — זאָל גאָט געבען אז ער זאָל זיך אומקערען א היים געקרוינט מיט דעם גרויסען זיעג איבער עמון. דאַן וועט ער ווערען דער רעגירער פון דעם לאַנד. אלע וועלען איהם אָפּגעבען כבוד, און דאָס וועט זיין א פאַרגיטיגונג פאַר דאָס וואָס ער האָט אזוי פיל זיך אנגעליטען די גאַנצע צייט פון זיין יוגענד.

— אָ, מיין טאָכטער, דיין פאָטער האָט זיכער פאַרדינט צו ווערען דער פיהרער פון ישראל. ווען ער איז נאָך גאָר יונג געווען, האָט ער ארויסגעוויזען אן אויסערגעוויינליכע גבורה. ער האָט אליין באַזיגט א שטאַרקע באַנדע רויבער וועלכע פלעגען רויבען שאָף פון די פּאַסטוכער.

— איך ווייס, מוטער, דו האָסט מיר דערצעהלט. עס איז געווען דאַן, ווען דו האָסט זיך אין איהם פאַרליבט — האָט שאיליה מיט א גליקליכען שמייכעל געזאָגט — איך האָב אויך ליעב א העלד, וועלכער זאָל קעמפען געגען די שונאים פון אונזער פאָלק און באַפרייען זיי פון דעם יאָך פון זייערע אונטערדריקער.

— מיר האָבען געהאַט פילע העלדען וועלכע האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס און געהאָלפען ישראל פון די הענט פון זייערע שונאים — האָט נעמה געזאָגט — אהוד, דער זוהן פון גרא פון דעם שבט בנימין, האָט אליין דערשטאָכען עגלון, דעם קעניג פון מואב און באַפרייט ישראל, וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפען זיין יאָך פאַר אכצעהן יאָהר.

— און דער פאָטער האָט מיר דערצעהלט פון דער העלדישקייט פון גדעון דער זוהן פון יואש, פון דעם שבט מנשה ווי ער האָט מיט א קליינע צאָהל מענשען באַזיגט דעם פאָלק מדין.

— און די גרעסטע אידישע העלדען וועלכע זיינען ארויסגעקומען פון מיין שבט אפרים, דערמאָנט איהר גאָרניט — האָבען נעמה און איהר טאָכטער דערהערט א שטימע וואָס קומט פון הינטען.

זיי האָבען אומגעקערט זייערע קעפּ און דערזעהן א יונגען מאַן שטעהענדיג נעבען זיי.

— ווער ביזטו? — האָט נעמה איהם א פרעג געטאָן.

— איך בין פון דעם שבט אפרים, און מיין נאָמען איז שמיר. איך בין געשיקט געוואָרען אהער פון מיין שבט צו זעהן אויב די מענשען פון גלעד זיינען ניט אומפריינדליך צו מיינע ברידער.

— און פאַרוואָס זאָלען מיר זיין אומפריינדליך צו דעם שבט אפרים? — האָט שאיליה איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— ווי איך פאַרשטעה ביזטו יפתח'ס טאָכטער און עס איז ניט לאַנג זינט דו ביזט געקומען אין מצפה, דעריבער ווייסטו ניט, אז מען האָט אין מיין שבט געבראַכט דאָקומענטען וועלכע ציינען, אז די איינוואוינער פון מצפה טראָגען א שנאה אויף די איינוואוינער פון דעם שבט אפרים.

— אָבער די דאָקומענטען זיינען פאַלשע! — האָט נעמה אויסגערופען.

— דאָס איז נאָך ניט באַוויזען געוואָרען — האָט שמיר א שמייכעל געטאָן

— און דעריבער בין איך טאַקע דאָ געקומען אויסצוגעפינען... איך וויל זעהן

ווי אַזוי די איינוואוינער פון מצפה באַ־ציהען זיך צו די קינדער פון שבט אפרים.

— מיינט עס אַז דו ביזט דאָ אויסצו־שפּיאָנירען — האָט נעמה אויף איהם געוואָרפען אַ בייזען בליק... נו, איצט ווייסטו אַז די דאָקומענטען זיינען פאַל־שע, און מיר זיינען אַזוי פריינדליך צו די מענשען פון אפרים אַזוי ווי צו די מענשען פון אַנדערע שבטים.

— דאָס איז נאָך ניט קיין באַוויז — האָט שמיר געזאָגט — קיינער האָט נאָך ניט באַוויזען, אַז די דאָקומענטען זיינען פאַלשע, און גלעד, יפתח'ס פאָטער, האָט זיך צו מיר ניט איבעריגס פריינדליך באַצויגען.

— מיין זיידע איז גנעדיג צו יעדען איינעם — האָט שאיליה זיך אָפּגערופען — און איך בין זיכער, אַז דו אור־טיילסט איהם ניט ריכטיג.

— מעגליך, אַז איך מאַך אַ טעות — האָט שמיר ווידער געשמייכעלט —אויב נאָר האָט איהם געבענשט מיט אַזא וואונדערשעהנע אייניקעל ווי דו ביזט, מוז ער זיין ווערטה.

— מיר וואָס האָט גלעד ביי דיר אָנ־געוואָרען זיין חן? האָט איהם נעמה געפרעגט.

— מיט דעם וואָס ער גלויבט אַז מיין שבט האָט מיך ניט געדאַרפט שיקען אַהער...

— איך גלויב אַז מיין שוועך איז גע־רעכט. דו ביזט זיכער ווילקאָמען צו וואוינען אין אונזער שטאָדט אַלס אונ־זער גאַסט. דו האָסט אויך אַ רעכט זיך דאָ אויף שטענדיג צו באַזעצען, אָבער ווען דו קומסט אַהער נאָכצוקוקען אונ־זערע וועגען און אויסשפּיאָנירען וואָס מיר טוען, האָבען מיר אַ רעכט ניט צו זיין צופרידען מיט דיין זיין דאָ. בפרט איז דער צייט ווען עס איז באַוואוסט, אַז די דאָקומענטען זיינען פאַלש.

— אָבער איך האָב דאָך געזאָגט אַז דאָס איז נאָך ניט באַוויזען געוואָרען.

— ווי אַזוי קענסטו גלויבען אַזא זאַך. גרים האָט געוואָלט...

— וואָס גרים? — האָט ער אָנגע־קוקט מיט ערשטוינונג.

נעמה האָט זיך פאַרכאַפּט... איך מיין אַז גרים וואָלט געוואונשען עס זאָל פּאַ־סירען אַ קריג צווישען אונז און דעם שבט אפרים.

— דו מיינסט גרים דער הויפּט גענע־ראַל פון עמון — האָט שמיר געפרעגט.

— יע, גרים דער הויפּט גענעראַל פון עמון — האָט נעמה געענטפערט — ער איז דאָך אונזער ביטערסטער שונא.

— איך ווייס אַלץ — האָט שמיר גע־זאָגט. איך ווייס וואָס ער האָט געטאָן צו יפתח'ס מוטער, און מיר אַלע ווייסען אַז די דאָקומענטען זיינען געווען ביי איהם און זיין דינסט האָט עס פון איהם ארויס־גע'גנב'עט און זיי איבערגעגעבען צו אונז.

— אויב דו ווייסט אַלץ—האָט נעמה געזאָגט— מעגסטו איצט וויסען אַז די דאָקומענטען זיינען געפעלשט געוואָרען כדי אָפּצונאַרען גרים'ן וועלכער האָט פאַרלאַנגט פון רעומה'ן זי זאָל איהם ארויסגעבען די סודות פון אונזער שטאָט. יפתח האָט דערפון געוואוסט און כדי אָפּצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון עמון, זיי זאָלען מיינען, אַז מיר גרייטען זיך ניט צו אַ מלחמה געגען זיי, האָט יפתח בכיוון נאָכגעמאַכט זיין פאָ־טער'ס האַנטשריפט און גענעבען זיין מוטער זי זאָל דאָס איבערגעבען צו גרים'ן, און מיר וואונדערט זיך ווי אַזוי דיינע ברידער האָבען גאָר געקאָנט צו־לאָזען דעם געדאַנק, אַז דאָס זענען ריכ־טיגע דאָקומענטען.

— זעהסטו איצט האָב איך זיך דער־וואוסט זאַכען וואָס זיינען ווירקליך אַ נייעס צו מיר... אָבער דאָך האָט יפתח ניט קלוג געהאַנדעלט, וואָס ער האָט זיך אָנגעהויבען מיט דעם שבט אפרים... אַלע מיינע ברידער זיינען איצט איבער־צייגט, אַז די איינוואוינער פון גלעד

זיינען אומפריינדליך צו זיי — האָט שמיר געזאָגט.

— אָבער איצט, אז דו ווייסט אַלץ וועסטו שוין געגען זיי ערקלערען, און די מיספארשטענדנים וועט ארונטערגענומען ווערען — האָט שאיליה צוגעגעבען.

— דו ביסט גערעכט, דו שעהנסטע צווישען די טעכטער פון ישראל. אין מיין מאכט ליגט איצט דאָס געוויכט פון קריג און פרידען צווישען אונז און אייך — האָט שמיר געזאָגט.

— און דו וועסט געווים טאָן דאָס וואָס איז גוט פאר אונז אַלעמען. דו ווייסט דאָך, אז מיין מאַן איז איצט געגאנגען קעמפען געגען א מעכטיגען שונא און אונזערע ברידער אין אפרים וועלען זיין צופרידען אויסצוגעפינען אז מיר האָבען דיזען געפעהרליכען שונא באזיעגט.

— פון דעם וועג ווי יפתח האָט געהאנדעלט, שיינט ניט אז ער איז פריינדליך צו אונז און האָט צוטרוי צו מיינע ברידער — האָט שמיר געזאָגט.

— איך פארשטעה ניט וואָס דו מיינסט — האָט נעמה איהם אָנגעקוקט.

— ווען יפתח וואָלט זיך באצויגען מיט צוטרוי צו די ברידער פון מיין שבט וואָלט ער אויך געשיקט אן איינלאַדונג צו זיי, אז זיי זאָלען זיך באטייליגען אין מלחמה געגען עמון. ער ווייס אז אין אפרים זיינען פאראן פילע העלדען או מיר וואָלטען געבראכט נוצען צו זיין ארמעע.

—אָבער לויט ווי יפתח האָט מיר געזאָגט האָט ער יע געשיקט איינעם צו דעם שבט אפרים און געפרעגט אויב זיי ווילען איהם קומען העלפען מלחמה האַלטען געגען עמון — האָט נעמה אויסגערופען — ער האָט זיך נאָך פאר מיר באקלאָגט אז אפרים האָט איהם גאָרניט געהאָלפען.

— איך בין זיך מודה, אז יפתח האָט מיך געשיקט צו די ברידער פון מיין שבט, אָבער איך האָב פארשטאַנען אז ער מיינט עס ניט מיט זיין גאנצען הארצען, דעריבער בין איך ניט געגאנגען.

— און האָט דען יפתח געוואוסט אז דו האָסט ניט איבערגעגעבען זיין שליחות צו דעם שבט אפרים? — האָט נעמה איהם געפרעגט.

— ניין! ער מיינט, אז איך בין געגאנגען אהין. איך האָב זיך עטליכע טעג אין גאס ניט געוויזען... אָבער דאָך דארפסטו זיך ניט שרעקען. איך וועל ניט איבערגעבען מיינע ברידער, אז יפתח האָט ניט קיין צוטרוי צו זיי— האָט שמיר געזאָגט, און איך האָף, אז אויך דו וועסט וויסען ווי אָבצושאַצען מיין פריינדליכקייט.

— ווי אזוי אָבער קענסטו גאָר קלערען וועגען אומפריינדליכקייט ווען דו אַליין ווייסט, אז מיין מאַן האָט דיר אנפערטרויט אזא וויכטיגע שליחות און דו האָסט זי ניט דורכגעפיהרט — האָט נעמה מיט אויפרעגונג געזאָגט.

— מען קען אויסטייטשען ווי מען וויל! — האָט שמיר געזאָגט. אָבער איך וועל טאָן אַלעס וואָס איך קען צו בערוהיגען די געמיטהער פון מיין פאָלק.

— דו ביזט דאָך יונג און שטארק און פארוואָס האָסטו זיך ניט אָנגעשלאָסען אין די רייהען פון מיין פאָטער'ס ארמעען — האָט איהם שאיליה נאאיוו א פרעג געטאָן.

— המ... ווײַלע איך האָב ניט געוואָלט פערלאָזען מצפה — האָט שמיר געענטפערט — ווייל דאָ געפינט זיך אן אוצר וואָס האָט מיין הארץ צוגעצויגען.

שאיליה האָט א בליק געטאָן אויף איהר מוטער און א קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— איך פערשטעה ניט וואָס דו מיינסט — האָט זי זיך צו איהם אָפּגערופען.

— איך מיין... המ... האָט שמיר גענומען שטאַמלען.

— קום, מיין טאָכטער, לאָמיר זיך אומקעהרען א היים! — האָט נעמה

זיך אָפּגערופּען. דיין פּאָטער און די ארמעע האָט זיך שוין דערוויטערט פון שטאָדט און מען קען זיי שוין מעהר ניט זעהן.

— ענטשולדיגט מיר, מיין האַרינטע, איך וויל בלויז ריידען מיט דיר א קליינע ווײַלע — האָט שמיר זיך אָפּגערופען צו נעמה'ן.

— וואָס איז דיין וואונש — האָט נעמה איהם געפרעגט.

— אויב עס וועט ניט זיין שווער פאר דיין טאָכטער, וואָלט איך געוואָלט ריידען מיט דיר אליין.

— שאיליה! געה פּאַראויס און וואַרט צו אויף מיר דאָרט — האָט נעמה איהר געצייגט אויף א פּלאַץ.

שאיליה האָט זיך עטוואָס דערווייטערט און שמיר איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהענט צו נעמה'ן און זיך אָפּגערופען:

— גאָט האָט דיר געבענשט מיט א וואונדערבארע שעהנע טאָכטער. זינט זי איז אָנגעקומען אין מצפּה קען איך איהר פון מיינע געדאנקען ניט ארויסשלאָגען. דו ווייסט דאָך, אז אין דעם שבט אפרים זיינען אויך פאראן שעהנע מיידלעך, אָבער קיינע קען זיך ניט פערגלייכען מיט שאיליה'ן אין שעהנקייט... איך בין רייך. איך פערמאָג אין מיין שטאָדט פיעלע וויינגערטנער, פעלדער און א סך בהמות.

— אָבער וואָס איז דיין פערלאנג!

— איז שוין נעמה אומגעדולדיג געווארען.

— מיין פערלאנג איז אז דו זאָלסט צושטימען אָפּצוגעבען שאיליה'ן צו מיר פאר א פרוי! — האָט שמיר אויסגערופען און זיין פּנים איז רויט געוואָרען.

נעמה האָט אָנגעשטעלט אויף איהם א פּאָר אויגען און מיט כעס געזאָגט:

— איך זעה דיין פּנים בלויז צום ערשטען מאָל, און איידער דו האָסט אָנגעפאנגען צו ריידען צו מיר און צו מיין טאָכטער, וואָלט איך פיליכט געקענט מאכען א טעות און מיינען, אז דו ביזט אן עהרליכער, גאָטספאָרכטיגער מאן, אָבער עס זיינען באלד געקומען דיינע רייד און מיר מיינע אויגען געעפענט; איך זעה, אז דו ביזט נאָך נידעריגער פון די נידעריגסטע. מיין מאן האָט דיר אָנפערטרויט מיט אזא וויכטיגע שליחות און דו האָסט איהם אָפּגענארט, מיט דער כונה נאכהער איהם צו סטראשען און ארויסקריגען פון איהם אלעם וואָס דו פערלאנגסט. און אויסער דעם וואָס יפתח האָט פערלאָרען די מעגליכקייט צו קריגען הילף פון דעם שבט אפרים, איז ביי דיר רעכט ארויסצורופען א גרעסערע שנאה צווישען אונז דורך דעם.

— האָב איך דען דיר ניט געזאָגט, אז איך וועל זעהן אז אלעם זאָל רעכט ווערען! — האָט שמיר געזאָגט — בפרט אז ווען איך וועל זיין פערבונדען מיט יפתח'ס משפּחה, וועל איך שוין זעהן, אז מיין באריכט צו די קינדער פון מיין שבט זאָל זיין זעהר גינסטיג פאר יפתח'ן און פאר אלע איינוואוינער פון גלעד.

— איך האָב פריהער זעהר פיעל געהאַלטען פון דיין שבט, אָבער יעצט...

— וואָס רעדסטו מיין האַרינטע — האָט שמיר איהר ניט געלאָזען ענדיגען —די גרעסטע העלדען שטאַמען פון דעם שבט אפרים... יהושע דער זוהן פון נון, שטאַמט פון מיין שבט. און ווער ווייס דאָס ניט וואָס פאר א מאן ער איז געוועזן? אויב משה האָט בעפרייט די אידען פון שקלאפעריי און זיי געפיהרט פערציג יאָהר אין דער מדבר, האָט דאָך יהושע אריינגעפיהרט די אידען אין דיזען לאנד, ער האָט מלחמה געהאַלטען מיט די אלע פעלקער. זאָג מיר, קען זיך דען נאָך א שבט פערגלייכען מיט דעם שבט אפרים? און דבורה די נביאה האָט דען ניט געשטאַמט פון דעם שבט אפרים? און ניט נאָר איז זי געוועזן א הייליגע פרוי, א נביאה, נאָר אויך א גרויסע העלדין. זי האָט אליין ארמעען געפיהרט געגען יבין דעם קעניג פון חצור און געגען זיין גענעראל

סיסרא. יע, דער גרעסטער מאַן פון אונזער פאָלק זינגט מיר האָבען זיך בעזעצט אויף אונזער לאַנד, שטאַמט פון אונזער שבט, און די גרעסטע פרוי פון אַלע שבטים שטאַמט פון דעם שבט אפרים.

— און צוליב דעם איז מיין וואונדער נאָך גרעסער — האָט נעמה געזאָגט.

— וואָס מיינסטו?

— איך מיין, אז דער שבט אפרים גיט אַרוים לויטער גרויסע מענשען און דו שטאַמסט דאָך אויך פון דיזען שבט.

— בין איך טאַקע זעהר א וויכטיגער מאַן! — האָט שמיר מיט שטאָלץ געזאָגט. זעהסטו דען ניט, אז איך בין אויסגעקליבען געוואָרען צו קומען אין מצפה אויסצוגעפינען אויב די דאָקומענטען זיינען ריכטיגע.

— יע, דו ביזט אויסגעקליבען געוואָרען צו שפּיאָנירען אין אונזער שטאָדט, און דאַמיט האָסטו זיך נאָך ניט בענוגענט, דו ווילסט אויפרייצען דעם שבט אויף אונז.

— איך גיב צו, אז איך האָב די מעגליכקייט צו טאָן אַזאַ זיך, אָבער איך וועל עס ניט טאָן!

— עס וועט דיר קומען א גרויסער דאַנק דערפאַר! — האָט נעמה געזאָגט.

— איך וועל דאָס ניט טאָן צוליב דיין טאָכטער, ווייל איך האָב זי ליעב, און איך האָף, אז דו וועסט צוגעבען דאָס אויב איך וועל חתונה האָבען מיט שאילה'ן וועט עס בריינגען א סך נוצען פאַר די איינוואוינער פון גלעד...

— איך וואָלט דיר געראַטען, אז דו זאָלסט זיך אַרויסשלאָגען פון דיין קאָפּ אַזעלכע געדאַנקען — האָט נעמה בייז א זאָג געטאָן — ווען דו וואָלסט געווען דער קעניג פון דיין שבט, וואָלט איך מיין טאָכטער צו דיר ניט אָפּגעגעבען. און בפרט יעצט ווען דו ביזט אַזוי געמיין.. מיר וואונדערט זיך אויף די מענשען פון אפרים, אז זיי זאָלען דיר אָנפערטרויען אַזאַ זאַך... דאָס אַליין צייגט אז די מענשען פון דיין שבט בעזיצען א פוסטען שטאָלץ... אויב דו ביזט פעררעכענט פאַר איינעם פון די געהויבענע פון דיין שבט, קען איך זיך שוין פאָרשטעלען, ווער עס זיינען די אנדערע, וועלכע זיינען נאָך נידעריגער פון דיר?... איך פערזאָג דיר אז דו זאָלסט מעהר ניט וואַגען צו בעלעסטיגען מיין טאָכטער. איך וועל קיינמאָל ניט צושטימען זי זאָל מיט דיר חתונה האָבען. און אויב דו בעזיצט אביסעל שכל, וואָלסטו געוואוסט, אז עס וועט זיין א סך גלייכער פאַר דיר, ווען דו וועסט זיך אין גאַנצען אָפּטראָגען פון מצפה.

— יעצט, אז איך ווייס אז יפתח האָט געשריבען דיזע דאָקומענטען — האָט שמיר געזאָגט מיט א צינישען געלעכטער.

— אָבער איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז דאָס האָט יתפח געטאָן כדי אָפּצונאַרען גרים'ן.

— דאַרף מען דאָך דאָס פריהער גלויבען. דו ווייסט וואָס עס וואָלט פּאַסירט, ווען איך געה יעצט צו מיין שבט און ערקלעהר פאַר אַלעמען, אז דו, יפתח'ס פרוי, האָט זיך פאַר מיר מודה געווען דאָס יפתח האָט דיזע דאָקומענטען געשריבען, און א סימן האָבען זיי, אז ער האָט געמיינט יעדע זאַך וואָס דאָרטען איז געשריבען, איז אין דער צייט ווען ער איז געגאַנגען מלחמה האַלטען מיט עמון, האָט ער אפילו ניט געפונען פאַר נויטיג איינצולאַדען די מענשען פון אפרים... יע, מיין גאַנצער שבט וואָלט אַרויסגעקומען מלחמה האַלטען מיט יפתח'ן פאַר דיזע בעליידיגונג.

— אָבער דו ווייסט דאָך, אז עס איז א שרעקליכער ליגען! — האָט נעמה אויסגערופען מיט ענטריסטונג — אויב דו וועסט וועלען מאַכען א בלבול קענסטו עס טאָן, יעדער איינער אומווירדיגער מאַן וועט עס קענען טאָן.

— אָבער איך האָב בעוויזע מיט וואָס מיינע ווערטער וועלען קענען אונטערשטיצט ווערען... דיין מאַן יפתח

איז א העלד און אויב ער וועט זיך אומקעהרען א זיגרייכער פון דער מלחמה, וועט ער דאָך געוויס ווארטען צו ווערען דער הויפט פון גלעד, אָבער אויב איך וועל נאָר וועלען וועט פון זיינע ערווארטונגען גאָר ניט ווערען... און די מענשען פון מיין שבט וועלען פערוואנדלען זיין זיעג אין א גרויסע נידערלאגע. און ווען ער וועט זיך אומקעהרען בעזיגט פון עמון, דאָן ווייסטו דאָך וואָס עס קאָן איהם ערווארטען, און עס וועט דאן זיין א גרויסער כבוד פאר אייך ביידען, ווען איך וועל נעהמען אייער טאָכטער פאר מיין פרוי.

— איך האָף, אז גאָט וועט העלפען מיין מאן און איהם געבען זיין ברכה, ווייל ער וויל ברייגנען שלום און רוה פאר ישראל, אָבער אויב מיר זיינען ניט ווערטה ביי גאָט און מיין מאן וועט חלילה ניט זיעגען אין מלחמה, מעגסטו דאן אויך זיכער זיין, אז דו וועסט זיין אזוי ווייט פון מיין טאָכטער ווי דער הימעל פון דער ערד.

— אויב אין דיינע אויגען האָב איך ניט געפונען קיין חן, בין איך זיכער, אז ווען יפתח וועט זיך דערוויסען וועגען די מאכט וואָס איך בעזיץ און וועגען אלעס וואָס איך קען טאָן, וועט ער איינשטימען טראָץ דעם וואָס דו ביזט דאגעגען. ווען שמיר פערלאנגט עפּעס קען ער דאָס קריגען.

— מיין מאן יפתח האָט נאָך קיינמאָל ניט געטאָן א זאך געגען מיין ווילען, און דו קענסט זיכער זיין, אז ווען איך וועל איהם זאָגען אז איך וויל דיך ניט האָבען פאר אן איידעם, וועט יפתח ניט געהן געגען מיין ווילען.

— דאָס וועלען מיר שוין זעהן! — האָט שמיר אויסגערופען — איך האָב נאָך מיין האָפנונג ניט אויפגעגעבען... איך וועל קריגען שאיליה׳ן פאר מיין פרוי.

— איך וויל מעהר דיין פּנים ניט אָנקוקען! — האָט נעמה אויסגעשריגען און זיך אָפּגעקעהרט פון איהם. זי איז צוגעגאנגען צו איהר טאָכטער און ביידע האָבען גענומען געהן א היים.

— מוטער, וואָס האָט דיזער פרעמדער מאן פערלאנגט פון דיר? — האָט שאיליה געפרעגט.

— גאָר ניט, מיין קינד. עס איז פון קליינער וויכטיגקייט.

— איך ווייס, אז איך זינדיג געגען גאָט מיט מיינע ליפּען, אָבער איך קען זיך ניט העלפען, ליעבע מוטער. איך האָב איהם אָנגעהויבען צו האסען אזוי שנעל ווי ער האָט אָנגעפאנגען צו רייידען... עפּעס ליגט אין איהם אזעלכעס וואָס איז אָפּשטויסענד. אָה, איך בין צופרידען וואָס ער איז ניט א מאן פון אונזער שבט... יע, אונזערע ברידער זיינען אין גאנצען אנדערש.

— דו האסט רעכט מיין טאָכטער, — האָט נעמה געזאָגט — איך האָב אויך די זעלבע געפיהלען צו איהם, ער שיינט צו זיין ניט ווירדיג, און ווען ער וועט נאָך אמאָל זוכען אונז צו בעלעסטיגען, וועלען מיר איהם דארפען אויסמיידען.

---

## 19טער קאפּיטעל
## די מלחמה

ווען יפתח האָט פערלאָזען מצפּה מיט זיין ארמעע האָט ער דורכגעמארשירט דאָס גאנצע לאנד גלעד, דורך די שבטים פון ראובן און גד, און אויך דאָרטען האָט ער צונויפגעזאמעלט יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך אָנגעשלאָסען אָן זיינע ארמעע. די וועלכע האָבען זיך ניט געקענט אָנשליסען אין דער רייהע פון זיינע סאָלדאטען, האָבען איהם געהאָלפען מיט שפּייז און קליידער. זיי האָבען געפיהרט פוהרען מיט ברויט, פרוכט און גרינסען און עס איבערגעגעבען יפתח׳ן.

ווען דער אָווענט איז אָנגעקומען, האָט יפתח און זיינע סאָלדאטען בעשלאָסען צו בלייבען נעכטיגען אין אָפענעם פעלד ניט ווייט פון די גרעניצען פון עמון.

— איין העלפט פון מיין ארמעע וועט זיין וואך און לאָזען די אנדערע העלפט

זיך אויסרוהען, און נאכהער וועט איהר זיך בייטען! — האט יפתח געזאגט — אָבער געדענקט אז איהר דארפט זיך האלטען זעהר רוהיג. דער שונא זאל ניט פערדעכטיגען אז מיר געפינען זיך נאָהענט צו זיין לאגער. און מאָרגען גאנץ פריה וועלען מיר איבערראשען גרים'ן מיט אונזער פּלוצלונגען אנגריף.

---

גרים איז געוועזן גליקליך וואס דער קעניג פון עמון האט איהם אָנפערטרויט זיין גאנצע ארמעע. ער האט געוואוסט, אז די אנדערע גענעראלען זיינען שטארק אייפערזיכטיג אויף איהם און זיי האבען געזוכט צו בעאיינפלוסען דעם קעניג געגען איהם. אָבער עס איז זיי ניט געלונגען. דער קעניג האט איהם איבערגעגעבען די פולע מאכט און ער האט די פריהערדיגע גענעראלען אין גאנצען דערווייטערט פון דער ארמעע. ער האט בעשלאָסען אז נאכדעם ווי ער וועט אָפּהאלטען אן ענדגילטיגען זיעג איבער ישראל וועט ער זיך ערשט נעהמען מיט זיי אָפּרעכענען.

גרים האט מיט זיך גענומען זיין געליעבטע. ער האט געוואלט, אז זי זאל צוזאמען מיט איהם אריינמארשירען אין מצפה, די שטאָדט וואס ער האט אויסגעקליבען איהר אָפּצוגעבען א מתנה.

א גרויסען געצעלט האבען די סאָלדאטען אויפגעשטעלט פאר גרים'ן און זיין געליעבטער. דאָרטען האט גרים מיט איהר פערבראכט, אין דער צייט וואס זיין ארמעע האט גערוהט, און דארטען האט ער מיט איהר געפּלאנעוועט וואס ער וועט טהאָן.

— אויב מיר וועט געלינגען צו פאנגען יפתח'ן א לעבעדיגען וועל איך איהם איבערגעבען אין דיינע הענט דו וועסט מיט איהם קענען טהאן וואס דו פערלאנגסט. דו וועסט קענען טהאָן צו איהם אזוי ווי איך האב געטהאן צו זיין מוטער.

— ניט אזוי שנעל וועל איך איהם טויטען! — האט זי געזאגט לאכענדיג — איך וועל פריהער אָפּהאקען די פינגער פון זיינע הענט און פיס און איהם האלטען צוגעבונדען אונטער מיין טיש ווי א הונט און נאָך מיין מאָהלצייט וועל איך איהם צואווארפען א ביין...

— דו ביזט זעהר קלוג, מיין ליעבע! — האט גרים איהר א קוש געטהאן — געלויבט איז אונזער גאָט כמוש, וואס ער האט מיר ארייננגעגעבען א געדאנק פּטור צו ווערען פון מיין פרוי און נעהמען דיר אויף איהר פּלאץ.

— דו געדענקסט ווען דו האסט פון מיר גענומען דעם האלזבאנד און רינג אויף א קליינע ווילע און נאכהער ניט צוריקגעבראכט?

— יע, איך געדענק! — האט גרים געזאגט.

— און דו האסט געוויס ניט פערגעסען, אז דו האסט געשווארען מיר די ציערונג צוריקצוברענגען! — האט זי ווייטער געזאגט.

— עס איז ביי מיר קיין צווייפעל ניט אז דיעזע ציערונג געפינט זיך אין יפתח'ס רשות, און ווען איך וועל איהם פאנגען וועל איך איהם צווינגען אויסצוזאָגען וואו די ציערונג געפינט זיך. אָבער אפילו ווען מיר וועט ניט געלינגען עס ארויסצוקריגען פון איהם, דארפסטו אויך זיין צופריעדען וואס איך וועל איבערגעבען אין דיינע הענט די גרעסטע שטאָדט פון גאנץ גלעד... יע, אלעס וואס דארטען וועט זיך געפינען וועט בעלאנגען צו דיר.

— א, ווי שטארק איך שטאָלציר מיט דיר, מיין ליעבער גרים, ניט נאר ביזטו העלדיש און בראוו, אָבער אין גאנץ עמון געפינט זיך ניט איינער וועלכער זאָל זיך קענען פארגלייכען מיט דיר אין חכמה. דו ביזט קליגער אפילו פון דעם קעניג. און ווען דו וועסט וויסען ווי אויסצונוצען דיין קלוגשאפט וואָלסטו זיכער געקענט פערנעהמען דעם טראָהן אנשטאט איהם.

— וועגען דעם האב איך שוין לאנג געטראכט! — האט גרים געזאגט — איך

האב אבער בעשלאָסען דערוויילע פאר קיינעם ניט ארויסצוברענגען מיינע גע־דאנקען, אָבער אז דו טראַגסט זיך אויף ארום מיט אזעלכע געדאנקען מעגסטו שוין אלעס וויסען.

— דערצעהל מיר, גרים, איך בעט דיר, דערצעהל מיר פון אלע דיינע פלע־נער, דו ווייסט דאך אז איך האב דיך ליעב מעהר פון אלעם אין דער וועלט.

— דו דארפסט אָבער זעהר פאָרזיכ־טיג זיין. עס ניט ארויפצוברענגען אויף דיינע ליפען איידער מיין פלאן וועט דורכגעפיהרט ווערען.

— ווען דו וועסט ווערען קעניג, וועל איך דאך דיין קעניגען ווערען !—האט זי א שמייכעל געטהאן—דו מעגסט שוין זיכער זיין, אז איך וועל וויסען ווי צו האלטען אזא וויכטיגען סוד. דערצעהל מיר, שנעלער.

— איך האב בעשלאָסען אז ווי נאר איך וועל בעזיגען די אידען און איינגע־מען אלע זייערע שטעדט, וועל איך פער־לאנגען פון קעניג ער זאל קומען פייע־רען אונזער זיעג אין מצפה, און דאר־טען זאל ער עפענטליך מאכען דיר פאר די הערשערין פון דער שטאָדט, און אין דער צייט ווען ער וועט טרינקען וויין, וועל איך איהם מיט מיין שווערד טוי־טען, און דו זאלסט אויסרופען : ״לאנג לעבען זאל גרים, דער קעניג פון עמון!״ די ארמעע וועט דאך געוויס זיין אויף מיין זייט. דאן וועלען מיר ארייננמארשי־רען אין רבה און זיך בעזעצען אין דעם פאלאץ...

— דיין פלאן געפעהלט מיר זעהר, גרים ! דאן וועל איך זיין די הערשערין איבער גאנץ עמון, און ניט נאר איבער איין שטאָדט... אָבער וואס וועסטו טהאָן, ווען דער קעניג וועט ניט וועלען קומען נאך מצפה פייערען דעם זיעג ?

— דאן וועל איך איהם טוידטען אין זיין אייגענעם פאלאץ ! און דו וועסט דאַרטען אויסרופען : ״דער קעניג איז איז טויט ! לאנג לעבען זאל דער נייער קעניג גרים !

— דער קעניג אָבער האט דאך א זוהן, און וואס וועלען מיר טהאן אז דאס פאלק וועט וועלען קרוינען זיין זוהן אנ־שטאָדט דיר ?

— וועגען דעם דארפסטו אויך ניט זיין בעזארגט.—דעם קעניג׳ס יורש איז נאָך צו יונג... אָבער כדי צו זיין אין גאנצען זיכער, וועל איך דיר מיטגעבען א קורצען שווערד וואס דו וועסט בא־האלטען אונטער דיין מאנטעל, און אין דער צייט ווען איך וועל פערברענגען מיט דעם קעניג, וועסטו אונטערהאלטען די קעניגין מיט איהר זוהן, און ווען דו וועסט הערען דעם טומעל און גערויש, זאלסטו ארויסנעהמען דעם שווערד און דערשטעכען דעם קעניגס זוהן. וועסטו האבען גענוג מוטה דאס צו טהאן ?

— געוויס !—האט זי געענטפערט—איך וועל דיר העלפען דערגרייכען דיין ציעל. איך ווייס, אז די ארמעע וועט דיר בלייבען געטריי, בפרט נאכדעם ווי דו וועסט אָפּהאלטען אזא גרויסען זיעג אי־בער אונזערע שונאים...

— ערשט דאן ווען איך וועל ווערען קעניג, וועל איך זעהן אויסצובנרייטען אונזער לאנד. איך וועל זיך ניט בענו־גענען מיט דעם וואס איך וועל צונעה־מען דאס גאנצע לאנד פון גלעד, ניין, איך וועל געהן ווייטער נאָך צפון, און איך וועל אויך מלחמה האלטען מיט די אנדערע שבטים, און אויסברייטען אונ־זער לאנד ביז בשן. איך וועל מאכען עמון פאר די גרעסטע און מעכטיגסטע לאנד, און ווען עס וועט נויטיג זיין ווע־לען מיר אויך מלחמה האלטען מיט די שבטים פון דער צווייטער זייט ירדן.

— איך שטעל זיך פאר ווי אלע פרויען פון עמון וועלען אונז ענטקעגען קומען און מיט געזאנג און טענץ בע־גריסען דעם גרעסטען העלד פון עמון מיט זיין געליעבטער... און דאן וועסטו מיר עפענטליך ערקלעהרען אלס דיין ווייב.

— מיר וועלען פייערען אונזער חתונה אין פאלאץ... יע, א דאָפּעלטע

שמחה וועט עס זיין : אונזער קרוינונג און חתונה צוזאמען.

— און אַ וועלען דאס אלע האריגטעם פון עמון מיר מקנא זיין !—האט זי מיט פרייד געזאגט—זיי וועלען קומען און זיך פערנייגען פאר מיר און אויסרופען :

— לאנג לעבען זאל די נייע קעניגען פון עמון !—און דאן וועלען מיר ביידע, מיט די קרוינען אויף אונזערע קעפּ זיך אויפשטעלען און בעדאנקען מיין בראווע ארמעע וואס האט ערמעגליכט דיזען זיעג און איז צו מיר געבליבען געטריי.

— אָבער זאג מיר, גרים !—האט זי זיך פּלוצלונג אָפּגערופען — מיט וואס בין איך עס זיכער, אז דו וועסט ניט געפינען א שעהנערע מיידעל אין עמון ווען מען דו וועסט וועלען מאכען פאר דיין קעניגין ?

—דו טאָרסט אזוי ניט טראכטען וועגען מיר.—האט גרים געזאגט מיט א שמייכעל,—האב איך דיר שוין דען ניט געזאגט, אז קיין שעהנערע פון דיר איז אין עמון ניטאָ, און דערצו האסטו אויך אנדערע מעלות ,וואס קיין אנדער מיידעל דיר איז געלונגען דורכצופיהרען מיין בעזיצט ניט. דו ביזט קלוג און בראוו. מיינסטו אז איך האב פערגעסען ווי גוט פלאן מיט די דאָקומענטען אין דעם שבט אפרים. איך בין זיכער, אז קיין אנדערע וואלט אזוי גוט ווי דו ניט געטהאן !

— איך בין זעהר צופריעדען וואס מיר האט זיך איינגעגעבען דיר ארויסצוהעלפען !—האט זי ווייטער געזאגט.

—ווען דו וועסט זיך טהיילען מיט מיר די מלוכה, וועל איך ווייזען, אז איך האב עס ביי דיר פארדינט. פון דעסטוועגען וויל איך דיר עפּעס בעטען און איך האף אז דו וועסט אויף מיר צוליעב דעם ניט זיין אין כעס... איז וויל אז דו זאלסט מיר צושווערען ביי אונזער גאָט פון מלחמה כמוש, אז ווי נאר דו וועסט געקרוינט ווערען פאר קעניג, וועסטו מיר מאכען פאר דיין קעניגין !

—גוט איך וועל טהאָן דיין פערלאנג !—האט זיך גרים אויפגעשטעלט פון זיין פּלאץ און אויפגעהויבען זיין רעכטע האנט.—איך שווער ביי דעם גאָט כמוש, אז אזוי שנעל ווי איך וועל געקרוינט ווערען פאר קעניג אנשטאדט דעם יעצטיגען קעניג, וועל איך דיך מאַמאכען פאר מיין קעניגין. דו וועסט זיך טהיילען די מלוכה מיט מיר.

— און דו וועסט קיין אנדערע פרויען ניט נעהמען צו מיר ?—האט זי איהם געפרעגט.

— ניין ! דו וועסט זיין מיין קעניגין און קיין צווייטע צו דיר וועל איך ניט נעהמען. יע, ווען מיין פּלאן וועט דורכגעפיהרט ווערען וועל איך ווערען דער קעניג פון עמון און דו די קעניגין פון עמון.

— מיין האר !—האט גרים און זיין געליעבטע דערהערט א שטימע וואס איז געקומען פון דעם ארייגאנג פון געצעלט.

— ווער איז דאָרטען !—האט גרים אויסגערופען מיט שרעק.

באלד איז צו איהם צוגעקומען אן אָפיציער און זיך פארנייגט...

— וואָס פארלאנגסטו און ווי אזוי האָסטו געוואגט אריינצוקומען אין מיין געצעלט און זיך אונטערהערען צו אונזער געשפּרעך—האט גרים געצויגען זיין שווערד.

— אָבער מיין האר איך בין געקומען דיר אָנזאָגען, אז אונז דוכט זיך דאס אן ארמעע קומט אָן פון צפון זייט !

—- אן ארמעע !—האט גרים אויסגערופען—עס איז אונמעגליך. ביזטו זיכער אין דעם ?

— איך האָב דאָך מיין האר געזאָגט אז אונז דוכט זיך, מיר האָבען פון וויטען בעמערקט ווי שאָטענס בעוועגען זיך !

— עס מוז געווים זיין די שאָטענס פון די בוימער וואָס ווערען געוויגט ביי דעםווינט ! — האָט גרים זיך צו איהם אָפּגערופען — מיר מעגען זיין זיכער אז יפתח׳ן וועט ניט געלונגען צונויפצוקלייבען אן ארמעע, און אפילו ווען

איהם וועט זיך איינגעבען צונויפצושטעלען א קליינע מחנה, וועט ער ניט וואגען מיר ענטגעגען צו קומען... און דו געה יעצט און קום מעהר ניט אריין אין מיין געצעלט אזוי פלוצלונג.

דער אָפיציער האָט זיך א נייג געטהאָן און גענומען ארויסגעהן.

— דו ווייסט גרים, איך בין זיכער אז דיין אָפיציער האָט געהערט אונזערע לעצטע ווערטער וועגען ווערען דער קעניג און קעניגין פון עמון. יעצט וועט ער אונזערע פלענער צושטערען. ער וועט געוויס מעלדען דעם קעניג און מיר וועלען נאָך דערצו בעשטראָפט ווערען.

— איך גלויב אז איך וועל איהם גלייך לאָזען טויטען איידער ער וועט האָבען א געלעגענהייט צו דערצעהלען א צווייטען וואָס ער האָט געהערט.

— ניין, ווען דו וועסט איהם לאָזען טויטען, וועסטו דאָך מוזען אָנגעבען א גוטע אורזאכע פאר דעם, און ערשט דאן, איידער מען וועט איהם טויטען, קען ער נאָך אויסשרייען פאר אלעמען אז דו ווילסט איהם אָפראמען פון וועג, ווייל ער האָט געהערט אז מיר ווילען מאכען א פערשווערונג געגען דעם קעניג פון עמון, און דאן וועט עס שנעל פערשפרייט ווערען צווישען זיינע סאָלדאטען. אויסער דעם וועסטו דורך דעם וואָס דו וועסט איהם טויטען ניט געווינען די הערצער פון זיינע סאָלדאטען. דעריבער איז מיין עצה אז דו זאָלסט איהם צוריקרופען און ארויסצייגען איהם פריינדליכקייט, און דו זאָלסט איהם אויך פערזיכערען, אז אויב ער וועט וויסען צו האלטען בסוד, וועסטו איהם מאכען פאר א גענעראל.

— יע, דו ביזט גערעכט, אזוי וועל איך טהאָן! — האָט גרים אויסגערופען און זיך א לאָז געטהאָן צום ארויסגאנג פון זיין געצעלט און צוריקגערופען דעם אָפיציער.

— קום אריין, איך וויל מיט דיר ריידען וועגען זעהר א וויכטיגע זאך...

— אָבער מיין הער, די שאָטענס דוכט זיך זיינען פון מענשען — האָט דער אָפיציער ווייטער געזאָגט מיט שרעק.

גרים איז מיט איהם ארויס אין דרויסען און דער אָפיציער האָט איהם אָנגעצייגט אין יענע ריכטונג וואו די שאָטענס האָבען זיך בעוועגט.

— דאָס וואָס איך האָב דיר געזאָגט!

— האָט גרים געלאכט. די שאָטענס זיינען פון די בערג און דאָס בעוועגען זיך די בוימער וואָס זיינען אויף די בערג, דער ווינט וויגט עם זיי. שענק ניט קיין אויפמערקזאמקייט און בערוהיג זיך. קום בעסער אריין אין מיין געצעלט, איך וויל מיט דיר ריידען וועגען זעהר א וויכטיגע זאך.

אָהן חשק האָט דער אָפיציער זיך גענומען אומקעהרען צו גרים׳ס געצעלט, אומקערענדיג עטליכע מאָל זיין קאָפ און געקוקט אין יענער ריכטונג פון וואַנען די שאָטענס האָבען זיך בעוועגט.

— זעץ זיך! — האָט גרים איהם געזאָגט — דו האָסט געפונען חן אין מיינע אויגען און איך וויל דיר אנפערטרויען זעהר א וויכטיגע זאך... איך ווייס אז ווען דו ביזט אריינגעקומען צום ערשטען מאָל האָסטו געהערט אונזער געשפרעך...

— הא... אָ ניין, מיין הער... האָט דער אָפיציער גענומען שטאמלען.

— דו דארפסט זיך ניט פערענטפערען, דו האָסט בלויז דיין פליכט געטהאָן... אויב דו האָסט עפעס פערדעכטיגט האָסטו דאן געמוזט מיר קומען זאָגען, און דאן האָסטו דאָך ניט געקענט פערשטאָפען דיינע אויערען, ווען צו זיי האָבען זיך אונזערע רייד דערטראָגען.

— אָבער...

— אָ נעהם זיך ניט צום הארצען! — האָט גרים צו איהם געזאָגט מיט א פריינדליכען שמייכעל — איך בין גאנץ צופרידען וואָס דו ווייסט פון אונזער סוד, איך האָב אלץ איינם אין זינען געהאט דיר אנצופערטרויען אונזער פלאן. יעצט אָבער אז דו האָסט שוין אליין געהערט פון דעם, וויל איך אז דו זאָלסט האָבען אין דעם א גרויסען חלק... יע.

אזוי שנעל ווי איך וועל ווערען קעניג פון עמון, וועל איך דיר מאכען פאר דעם הויפט־גענעראל פון מיין ארמעע.

— אבער מיין האר! — האט דער אפיציער איהם אנגעקוקט מיט פערוואונדערונג — ווי אזוי קענסטו עס גאר טראכטען פון אזא זאך, נאכדעם ווי אונזער האר קעניג האט דיר אנפערטרויט זיין גאנצע ארמעע... א ניין, דו מוזט זיכער מיט מיר שפאס טרייבען.

— דען האסטו גארניט געהערט וואס איך און מיין געליעבטע האבען צווישען זיך גערעדט? — האט גרים איהם געפרעגט.

— ניין, מיין האר, איך בין געוועזן אזוי צושראקען ווען איך בין אריינגעקומען, אז איך האב גארניט געהערט, זאל אזוי אונזער גאט מלכם מיר העלפען.

גרים האט געווארפען א בייזען בליק אויף זיין געליעבטער. זי האט פערשטאנען וואס עס בעדייט און דעריבער האט זי זיך געווענדעט צום אפיצער מיט א שמייכעל:

— וואס איז דער אונטערשייד אויב דו האסט עס פריהער געהערט אדער יעצט, מיר ווילען אז דו זאלסט זיך מיט אונז טיילען דיעזע געהיימנים און מיר פערזיכערען דיר אז דו וועסט דערפון קיין חרטה ניט האבען.

— א ניין, איך וועל ניט פאראטען מיין האר קעניג — האט דער אפיציער אויסגעשריען — איך וועל דערצו קיינמאל ניט צושטימען!

— שריי ניט אזוי הויך האט גרים זיך אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ און ארויסגעצויגען זיין שווערד — דו וועסט מיר מוזען שווערען געטרייהייט!

יע, שווער ביי כמוש, אונזער גאט, אז דו וועסט אונזער סוד האלטען פערזיגעלט ביי זיך אין הארצען, ביז וואנען מיר וועלען אונזער גאנצען פלאן דורכפיהרען! — האט זי צו איהם געזאגט.

— דאס וועל איך קיינמאל ניט טהאן! איך וועל ניט שווערען צו אזא זאך... מיין קעניג איז ביי מיר הייליג און טייער און אזוי לאנג ווי איך קען וועל איך ניט דערלאזען צו א פערשווערונג! — האט דער אפיציער אויסגערופען.

— מאך צו דיין מויל! — האט גרים א געשריי געטהאן פערמעסטענדיג זיך געגען איהם מיט זיין שווערד.

— ווארט גרים! — איז זיין געליבטע צוגעלאפען און זיך געשטעלט צווישען גרים'ען און דעם אפיציער — ער וועט דיך בעדיענען, איך שאץ זעהר אפ זיין געטריישאפט צו דעם קעניג. דאס איז א סימן אז ער בעזיצט א שטארקען קאראקטער. און ווען דו וועסט ווערען קעניג וועט ער דיר אויך געטריי דיענען. קום אהער, לאמיר זיך אנידערזעצען און דורכריידען... איך וויל דיר פערזיכערען אז וועסט זיכער קיין חרטה ניט האבען, ניט נאר וועסטו ווערען דער גענעראל און פערנעהמען דעם פלאץ פון גרים'ן, אבער דו וועסט זיין דער מיניסטער אין אונזער פאלאץ. איך און גרים וועלען זיך בעראטען מיט דיר אין אלעם און די שעהנסטע מיידלאך פון עמון, וועלען זיך שעצען גליקליך ווען דו וועסט זיי ווייזען א שמייכעל... איך האב א אינגערע שוועסטער איז צו איהר שעהנקייט קיין גלייכען ניטא. און אזוי שנעל ווי דו וועסט אונז צושווערען ביי אונזער גאט, כמוש, אז דו וועסט האלטען אונזער סוד, וועל איך זי איבערגעבען אין דיינע הענט און דו וועסט קאנען טהאן צו איהר וואס דיין הארץ געלוסט... שווער מיר, איך בעט דיר און לאמיר אלע דריי א בונד שליסען, אבער געדענק — האט זי צוגעגעבען מיט א שמייכעל, דו זאלסט אפילו מיין אייגענער שוועסטער גאר פון דעם ניט זאגען, ווייל זי האט א געוואוינהייט צו ריידען צו פיעל און זי קען זיך נאך ארויסריידען... דו וועסט איהר קענען דערצעהלען ערשט דאן, ווען איך און גרים וועלען שוין זיצען אויפ'ן טראהן... אזוי שנעל ווי דו הויבסט אויף דיין רעכטע האנט און שווערסט צו, ווערסטו גלייך אונזער

פריינד און מיר טיילען זיך מיט דיר אלע סודות.

— ניין! — האָט דער אָפיציער אויסגערופען מיט א פעסטע שטימע — איך וועל מיין קעניג ניט פערראטען — קיין זאך אין דער וועלט וועט מיר ניט בעוועגען צו בעגעהן אזא געמיינעם פערברעכען געגען מיין האר קעניג!

— און וואָס וועסטו טהאָן! — איז גרים ווידער צו איהם צוגעגאנגען — וועסטו מיר דען פערראטען?

דער אָפיציער האָט איהם ניט געענטפערט. ער איז געשטאנען שטאָלץ מיט א געהויבענעם קאָפּ און געוואָרפען אויף איהם בליקען פון פעראכטונג.

— איך פרעג דאָך דיר, וואָס וועסטו טהאָן? וועסטו דעם קעניג איבערגעבען אלעס וואָס דו ווייסט?!

— איך וועל טהאָן מיין פליכט, מיין האר!

— יעצט ביזטו אונטער מיין הערשאפט און דו וועסט טהאָן אלעס וואָס איך וועל דיר בעפוילען! — האָט גרים געזאגט מיט א דונערדע שטימע.

— אזוי שנעל ווי דו ווילסט פערראטען דעם קעניג, ביזטו ניט מעהר זיין פערטרעטער, און איך בין ניט געצוואונגען דורכצופיהרען דעם בעפעהל.

— אויב אזוי וועסטו מיין געצעלט ניט פערלאָזען קיין לעבעדיגער — האָט גרים ווידער אויפגעהויבען זיין שווערד.

דער אָפיציער האָט געמאכט א פערזוך ארויסצוציהען זיין אייגען שווערד פון דער שייד, אָבער גרים האָט שנעל אָנגעשטעלט זיין שארפען שווערד געגען דעם אָפיציער'ס הארץ און אויסגערופען:

— ווען דו גיסט זיך בלויז איין ריהר פון דיין פלאץ, וועל איך דיין הארץ דורכלעכערען.

גרים האָט מיט זיין צווייטער האנט ארויסגעצויגען דעם אָפיציער'ס שווערד און עס דערלאנגענדיג צו זיין געליבטער האָט ער געזאגט:

— האַלט דעם שווערד, דו וועסט מיר העלפען מאכען א סוף צו איהם און אויף אייביג זיינע ליפען צו פערמאכען.

זי האָט א נעהם געטהאָן דעם שווערד אין איהר האנט...

דער אָפיציער איז געשטאנען און זיך געטרייסעלט פון שרעק.

— יעצט האָסטו קיין אנדער וועג ניט, אויב דו ווילסט בלייבען לעבען. וועסטו מוזען טהאָן ווי איך היים דיר. און אויב דו וועסט מיר באלד ניט פאָלגען, וועל איך דיר טויטען ווי מען טויטעט א הונט.

— דו קענסט טהאָן מיט מיר וואָס דו ווילסט! — האָט דער אָפיציער געזאָגט — איך בין אין דיינע הענט אָבער איך וועל ניט זיין קיין שותף צו אזא שרעקליכען פערברעכען געגען מיין קעניג אין מיין לאנד!

גרים האָט א הויב געטהאָן זיין שווערד און זיך א צילעווע געטהאָן עם אריינצושטעכען אין דעם אָפיציער'ס הארצען, אָבער דאָ איז זיין געליעבטע ווידער צוגעשפרונגען און אויפהויבענדיג דעם אָפיציער'ס שווערד וואָס איז געווען אין איהר האנט געגען גרים'ן!— האָט זי אויסגערופען מיט צאָרן:

— דו זאָלסט ניט וואגען איהם אָנצוריהרען! דו הערסט! אויב דו וועסט איהם טויטען, וועל איך אליין פאר אלעמען דערצעהלען וועגען דיין פּלאן! דו אלטער נאר, דו מיינסט אז איך בין געווען ערנסט מיט דיר! איך האָב בלויז געוואָלט אויספרובירען אויב דו ביזט געטריי צו דעם קעניג... יעצט זעה איך אז מען טאָר דיר ניט געטרויען, ווייל דו בעזיצט א פאלשע, פעררעטערישע הארץ.

גרים איז געבליבען שטעהן א צוטומעלטער... ער האָט א ווייליע ניט געקענט בעשליסען, אויב זי איז ערנסט מיט איהרע רייד אָדער זי זוכט ווי אזוי אריינצוקריגען דעם אָפיציער ער זאָל פאָלגען, אָבער ווען ער האָט גוט אריינגעקוקט אין איהרע אויגען, און דערזעהן איהרע בייזע בליקען וואָס זיינען געווען פול מיט פעראכטונג און צאָרן, האָט ער פערשטאנען אז זי איז ערנסט.

— יעצט זעה איך אז דו ביזט א בייזע שלאנג! — האָט גרים א געשריי

געטהאָן. ביידע וועט איהר ביי מיר באלד ליגען טויט ווי הינט!

— נעהם דיין שווערד! — האָט זי זיך שנעל געווענדעט צום אָפיציער און איהם אומגעקעהרט זיין שווערד... יעצט צייג איהם, דעם אלטען הונט, ווי אזוי צו פערראטען זיין קעניג!

— אָ דו גיפטיגע שלאנג! — האָט גרים געקריצט מיט די צייהן. איך וועל באלד מאכען א סוף צו אייך ביידען. איך וועל מיינע דינער און אנדערע אָפיצערען אריינרופען און ביידע וועט איהר נאָך היינט הינגעריכטעט ווערען!

— מיר וועלען פאר אלעמען דיינע אומריינע מחשבות ענטדעקען — האָט דער אָפיציער געזאָגט האלטענדיג שטייף זיין שווערד... ווען דו וועסט זוכען צו פערשמוציגען איהר נאָמען וועל איך זיך אָן דיר נוקם זיין. גרים'ס געליעבטע האָט זיך גענומען טוליענען צום אָפיציער און גרים'ס צאָרן האָט איז איהם געברענט.

— אָ, דו פאלשע בעטריגערין! — האָט גרים גענומען שטורמען און זיך געוואָרפען מיט'ן שווערד זי צו דערשטעכען. דער אָפיציער האָט מיט זיין שווערד א שטויס געטהאָן דעם שווערד פון גרים'ס האנט... א געפעכט האָט זיך אָנגעפאנגען.

— טויט איהם, דעם אלטען הונט!

— האָט זי געשטשירעט מיט איהרע צייהן — טויט איהם!

פון דרויסען האָט זיך פּלוצלינג דערטראָגען א געשריי און א טומעל.

— מיר זיינען פארלאָרען! מיר זיינען פארלאָרען! — האָבען זיך דערהערט שטימען.

גרים און דער אָפיצער האָבען אויטאָמאטיש ארונטערגעלאָזען זייערע שווערדען און א קליינע ווייל געבליבען שטעהן ווי פארגליווערטע.

— איך האָב דיר געזאָגט, אז די שאָטענס זיינען ניט געוועזען פון קיין בוימער! — האָט דער אָפיצער אויסגערופען. — דער שונא איז אָנגעקומען.

— שנעל, לאָמיר ארויס פון דאנען!

— האָט גרים אויסגערופען און, אויפהויבענדיג דעם שווערד, איז ער בליץ־שנעל ארויס פון געצעלט.

דער אָפיצער און גרים'ס געליעבטע האָבען איהם נאָכגעפאָלגט. דער טומעל איז געוואָרען שטארקער. גרים'ס גאנצע ארמעע, וואָס האָט ביז אהער אזוי רוהיג געלאַגערט אין פעלד, וואַרטענדיג אויף א האַפעהל פון זייער הויפּט־גענעראל, האָט זיך געלאָזט לויפען אין גרויס שרעק און פאניקע.

גרים האָט מיט אלע זיינע כוחות געשריען און גערופען זיינע מחנות צום קאמף. אָבער קיינער האָט זיך צו איהם ניט צוגעהערט, אלע האָבען איבערגעלאָזען די געווער אויפ'ן פעלד און זיך גענומען לויפען.

גרים האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן יפתח'ן אָנקומענדיג מיט זיינע מחנות פון דריי זייטען. רייטענדיג אויף פערד, אייזלען און קעמלען, זיינען זיי אָנגעקומען; הינטער זיי זיינען אָנגעקומען א מחנה סאָלדאטען.

— א מלחמה פאר אונזער גאָט און אונזער פאָלק! — האָט יפתח אויסגעשריען, רייטענדיג אויף זיין פערד און אויפהויבענדיג זיין שווערד.

מיט געשרייען פון שאלען און פרייד האָבען יפתח'ס סאָלדאטען נאָכגעפאָלגט זייער פיהרער און זיך א לאָג געטהאָן אויף די צושראָקענע עמונים, שניידענדיג אויף רעכטס און אויף לינקס.

— זאָל מען גרים'ען ברייננגען צו מיר א לעבעדיגען! — האָט יפתח באפוילען זיינע אָפיצערען און די פופציג אויסדערוועהלטע העלדען, וועלכע זיינען געוועזען גאנץ נאָהענט צו איהם.

ווי פייל אויס'ן בויגען האָבען זיי זיך א לאָז געטהאָן צוזאמען מיט יפתח'ן.

— דאָרט איז זיין געצעלט! — האָט יפתח אָנגעצייגט מיט זיין שווערד. פאָלגט מיר נאָך!...

---

גרים איז געשטאנען א צוטומעלטער מיט זיין שווערד אין האנט... ער האָט געזעהן ווי זיין ארמעע צולויפט זיך אין גרויס שרעק. ער איז הייזעריג געוואָרען שרייענדיג, און קיינער האָט זיך אויף

איהם ניט אומגעקוקט. פּלוצלינג באַמערקט ער, ווי דער אָפיצער האָט א הויב געטהאָן זיין געליעבטע און זי ארויפגעזעצט אויף א פערד. נאָכהער איז ער אליין אויך ארויף אויף דעם זעלבען פערד און גענומען לויפען.

— אָ, דו פאררעטער! — האָט גרים זיי נאָכגעשריען. — וואוהין אנטלויפסטו?

— דו האָסט אויף אונז דיזען אומגליק געבראכט! — האָט דער אָפיצער אויסגערופען. — פארשאָלטען זאָלסטו ווערען צו אונזער גאָט, כמוש!

גרים האָט דערזעהן איינעם פון זיינע פערד צוגעבונדען צום בוים. ער איז שנעל צוגעלאָפען און מיט זיין שווערד אָפּגעשניטען די שטריק און זיך געלאָזט לויפען אין דער זעלבער ריכטונג. פּלוצלינג האָט ער דערשפּירט, אז מען יאָגט איהם נאָך. ער האָט גענומען קלאַפּען דאָס פערד מיט זיינע פיס, כדי עס זאָל לויפען וואָס שנעלער. אָבער זיינע נאָכיאָגער האָבען איהם דעריאָגט.

יפתח איז צו איהם פריהער צוגעריטען און נאָכהער האָבען איהם די איבעריגע ארומגערינגעלט.

— געלויבט איז דער גאָט פון ישראל! — האָט יפתח אויסגערופען נאָכהער ווי ער האָט ארויסגעריסען פון זיין האַנט דעם שווערד. — ער האָט דיך אין מיינע הענט איבערגעגעבען, כדי איך זאָל קענען אָן דיר נקמה נעהמען פאר דעם טויט פון מיין מוטער! בינדט איהם און האלט איהם מיט זיך ביז וואנען איך וועל פארניכטען זיין גאנצע ארמעע. און דאן וועל איך באשליסען וואָס צו טהאָן מיט דיזען רשע! — האָט יפתח אָנגעזאָגט צוויי פון זיינע אָפיצערען.

די אָפיצערען האָבען גרים'ען ארונטערגעשלעפּט פון פערד און איהם געבונדען הענט און פיס.

— יעצט פיהרט איהם אריין אין זיין אייגענעם געצעלט און היט איהם ביז וואנען איך וועל זיך צוריקקעהרען! — האָט יפתח זיי באפוילען.

— ווען דו וועסט מיר צושווערען, אז דו וועסט מיך ניט טויטען, — האָט גרים זיך געווענדעט צו יפתח'ן, — וועל איך דיך אליין פיהרען צו די טויערען פון אונזער הויפּטשטאָדט און איך וועל איבערגעבען גאנץ עמון אין דיינע הענט.

— גאָט וועט זיין מיין פיהרער! — האָט יפתח אויסגערופען. — דו וועסט זיך שוין פון מיינע הענט ניט ארויסדרעהען. צוואַנציג יאָהר האָב איך אויף דיזער געלעגענהייט געוואַרט און יעצט האָט מיר גאָט געהאָלפען און דו ביזט אריינגעפאלען אין מיינע הענט... ניין! דו וועסט באצאָהלען מיט דיין לעבען פאר מיין מוטער'ס טויט! און איך וועל מיט דער הילף פון אונזער גאָט טהאָן צו דעם קעניג פון עמון און צו זיין פאָלק וואָס ער האָט געוואָלט טהאָן צו מיין פאָלק.

יפתח האָט א קאָמאנדע געטהאָן זיין ארמעע און זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזען נאָכצויאָגען נאָך די אנטלאָפענע און צושראָקענע ארמעען פון גרים'ען.

פון אלע זייטען האָבען די אידען ארומגערינגעלט די איבערגעבליבענע עמונים און זיי פארניכטעט מיט'ן שווערד. קיינער איז ניט איבערגעבליבען.

---

דער אָפיצער און גרים'ס געליעבטע האָט שנעל געטריבען זיין פערד ביז וואנען איהם איז געלונגען צו פארשווינדען ביז צום טאָהל. דאָרט האָט ער זיך שנעל ארונטערגעלאָזען מיט'ן פערד ביז וואנען ער איז אָנגעקומען מיט איהר צו די טויערען פון רבה, די הויפּטשטאָדט פון עמון.

— וואָס האָט פּאסירט? — האָבען די וועכטער פון די טויערען איהם געפרעגט.

— א גרויסער אומגליק האָט פּאסירט! — האָט דער אָפיצער אויסגערופען. — איך מוז שנעל לויפען צום קעניג, פארהאלט מיך ניט!

ער האָט מיט דעם זעלבען אימפּעט זיך געלאָזט לויפען צום קעניג'ס פּאַלאַץ. מען האָט איהם גלייך צוגעלאָזען

און דער אָפּיציער מיט גרים'ס געליעבטע זיינען צוגעגאַנגען צום קעניג און זיך פארנייגט:

— אַ מיין האר קעניג, פערראַטה! פערראַטה! — האָט דער אָפּיציער אויסגערופען זיך פארנייגענדיג זיך דריי מאָל.

— וואָס האָט פּאַסירט? שנעלער דערצעהל מיר! — האָט זיך דער קעניג אויפגעהויבען פון זיין טראָהן.

— גרים האָט געפּלאַנעוועט צו פער־כאַפּען די מלוכה! — האָט דער אָפּי־ציער אויסגערופען.

— וואָס?! — האָט דער קעניג אַ ביטער געטאָהן — מיין געטרייער גע־נעראַל גרים! און זי! — האָט ער אָנ־געצייגט אויף גרים'ס געליעבטע.

— ניין, מיין האר קעניג! זי האָט ניט דערלאָזען גרים'ן ער זאָל זיין שוי־דערליכען פּלאַן דורכפיהרען! — האָט דער אָפּיציער געזאָגט — אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס פּלאַנעוועדיג ווי אַזוי צו פערכאַפּען די רעגיערונג האָט ער פערנאַכלעסיגט די אַרמעען. ער איז געווען אין זיין געצעלט און ווען איך האָב בעמערקט פון וויטען בעוועגענדע שאַטענס, האָב איך גלייך פערדעכטיגט אַז די אַרמעע פון ישראל קומט אָן, איך בין גלייך אַריין אָנזאָגען גרים'ן. אָבער ער האָט זיך פון מיר אויסגעלאַכט. ער האָט מיר געזאָגט אַז דאָס מוזען זיין די שאַטענס פון די בוימער, וואָס ווערען געשאָקעלט פון ווינט... און אַנשטאַט אַרויסצוקומען און צוגרייטען די אַרמעע צום שלאַכט, האָט ער מיר געוואָלט צווינגען איך זאָל איהם שווערען טריי־הייט אַז איך וועל קיינעם ניט ענדעקען דאָס וואָס איך האָב איהם געהערט ריי־דענדיג וועגען פערכאַפּען די מלוכה... ער האָט מיר געוואָלט צווינגען מיט זיין שווערד, אָבער איך האָב איהר צו פערדאַנקען, ווייל זי האָט מיר גע־האָלפען. זי האָט מיר מיין שווערד צו־ריקגעגעבען צו פערטיידיגען, און דער־וויל האָבען מיר דערהערט אַ טומעל און געוויש, און ווען מיר זיינען אַרויס פון זיין געצעלט איז שוין אַלעס געווען צו שפּעט... מיר האָבען בעמערקט, ווי יפתח'ס אַרמעען קומען אָן פון דריי זייטען.. גרים'ס אַרמעע זיינען זיך צו־לאָפען אין גרויס שרעק... און איך בין קוים מיט דעם לעבען אַנטלאָפען אָנצו־זאָגען דעם קעניג וועגען דעם גרויסען אומגליק. אונזער גאַנצעס פאָלק דראָהט פערניכטונג, אויב מיר וועלען ניט קע־נען אָפּהאַלטען יפתח'ס אָנגריף.

— אָה, פערפלוכט זאָל ווערען גרים!

— האָט דער קעניג אויסגערופען — ער האָט מיינע בעסטע סאָלדאַטען מיט־גענומען. אַלע מיינע העלדען האָב איך מיט איהם מיטגעשיקט, און יעצט האָט ער אויף מיין מלוכה אַ חורבן געבראַכט.

—מיין האר קעניג מיין עצה וואָלט געווען אַז דו זאָלסט בעשטימען אַ צווייטען גענעראַל און איהם אַרויסשיקען אַנטקעגען יפתח'ן.. איך בין זיכער אַז פון גרים'ס אַרמעע וועט קיין שריד און פּליט ניט איבערבלייבען. און יפתח וועט זיין מאַרטש פאָרטזעצען אויף אונ־זער הויפּט שטאָדט.

— אפשר וואָלט געווען גלייכער צו שליסען שלום מיט יפתח'ן האָט דער קעניג געזאָגט.

— דאָס וויים איך ניט! — האָט דער אָפּיציער געענטפערט. דער קעניג וועט זיך דאַרפען בעראַטהען מיט זיינע מי־ניסטאָרען וועגען דעם.

דער קעניג האָט גלייך געשיקט רופען זיינע מיניסטאָרען און די גענעראַלען וועלכע זיינען פערבליבען אין רבה, און ער האָט זיי איבערגעגעבען אַלעס וואָס גרים האָט געטאָהן.

— ער דאַרף געטויטעט ווערען דער פעררעטהער! — האָט אַ גענעראַל אויס־געדופען מיט כעס — איך האָב אַלע מאָל געוואוסט אַז ער איז פאַלש און פעררעטעריש.

— אָבער וואָס זאָל איך איצט טאָהן?

— האָט דער קעניג געפרעגט — זאָל איך אַרויסשיקען אַ צווייטע אַרמעע, אָדער איך זאָל שיקען שלוחים צו שלי־סען שלום מיט יפתח'ן.

— שלום?! ניין! מיר מוזען פאָרט־

זעצען אונזער קאמפף — האָט דער גע־נעראַל געזאָגט — ווען גרים וואָלט אונז ניט פערראַטהען, וואָלטען מיר יעצט געהאט פערנומען דאָס גאנצע לאנד פון גלעד.

— אָבער אונזער בעסטע ארמעע איז פערניכטעט! האָט דער קעניג געזאָגט מיט זאָרג. די געווער, פערד, אייזלען און קעמלען זיינען אריינגעפאלען אין דעם שונאָם'ס הענט.

— ווען מיר דען דערלאָזען אז אונזער הויפּט שטאָדט זאָל אויך אריינ־פּאלען אין די הענט פון אונזער שונא?

—האָט א מיניסטער אויסגערופען — יע, מיר מוזען זיך שנעל צוגרייטען מיט א צווייטער ארמעע!

— איך בעשטים דיר פאר דעם הויפּט גענעראל אנשטאדט גרים'ן — האָט דער קעניג זיך אָפּגערופען צו דעם געוועזענעם גענעראל, און ווען דו וועסט בעגליקען אין פערטרייבען יפתח'ן פון אונזערע גרענעצען, וועל איך דיר גרויס מאכען.

— ניט נאָר וועל איך פערטרייבען די אידען פון אונזערע גרעניצען, נאָר איך וועל נאָך צייגען דעם קעניג, אז איך וועל איינעמען פּיעלע שטעדט פון ישראל.

— מיר דארפען ניט פערלירען קיין צייט! — האָט א מיניסטער געראַטען. זאָל דער קעניג ארויסשיקען מענשען מיט טרומייטען און זאָלען זיי רופען די פערבליבענע יונגע לייט פון עמון.

אין גאָר א קורצער צייט איז א נייער ארמעע פערזאמעלט געוואָרען אין רבה און אונטער די פיהרערשאפט פון דעם בעשטימטען גענעראל זיינען זיי ארויס־געקומען צו בעגעגענען יפתח'ן אין אן אָפענעם קאמפף.

ווען יפתח האָט פערניכטעט גרים'ס גאנצע ארמעע איז ער מיט זיינע מחנות אריין אין די פערשידענע אידישע שטעדטלעך און דערפער וואָס זיינען ביז יעצט געווען אונטער עמון'ס הערשאפט און האָט פערטריבען דאָרטען די עמונים, וועלכע זיינען בעשטימט גע־וואָרען ביי דעם קעניג אויפצופּאַהנען די צינזען ביי די אידישע איינוואוינער.

— מיר זיינען נאָך מיט דעם שונא ניט פארטיג! — האָט יפתח געזאָגט צו זיינע סאָלדאטען. פאר פיעלע יאָהרען האָט ער ישראל גערריקט, ער האָט גענומען צינזען און פערביטערט דאָס לעבען פון די ארימע אידישע איינוואוי־נער, וועלכע האָבען זיך געפונען נעבען זיינע גרעניצען.

איין טאָג האָט יפתח מיט זיינע גבורים גערוהט און מענשען האָט ער ארויסגעשיקט איבער די בערג נאָך צו־זעהן אויב דער שונא שיקט א צווייטע ארמעע.

עס איז געווען א שעהנע נאכט. די לבנה און די שטערען האָבען געפינקעלט אין לויטערען הימעל. א העלפט פון יפתח'ס ארמעע האָבען זיך געלעגט אויסרוהען, און א צווייטע העלפט זיי־נען געווען גרייט אין פאל דער שונא וועט מאכען א פּלוצליגען אָנפאל.

יפתח אליין האָט ניט גערוהט. ער איז געווען וואך.

— מייז האר — האָט איהם איינער פון זיינע נאָהענטע מענשען געזאָגט — פאר פיעלע טעג און נעכט האָסטו זיך ניט אויסגערוהט. יעצט, נאך דעם גרוי־סען זיעג וואָס דו האָסט געהאט איבער גרים'ן, וואָלט געווען ראטהזאם פאר דיר צו לעגען שלאָפען און אויסרוהען.

— און איך זאָל מאכען דעם זעלבען פעהלער וואָס גרים האָט געמאכט! — האָט יפתח א שמייכעל געטאָהן — דער שונא איז נאָך אין גאנצען ניט פער־ניכטעט, און מיר דארפען ערווארטען אז דער קעניג פון עמון וועט נאָך ארויס־צייגען א גרויסען ווידערשאנד און איך מוז שטענדיג זיין געגרייט.

אין מיטען דער נאכט האָבען די מענ־שען, וועלכע זיינען געשטאנען אויף דער וואך אויף די בערג, גענומען שאלען מיט זייערע שופרות און געגעבען יפתח'ן דעם סיגנאל אז דער שונא קומט אָן. באלד איז שוין יפתח'ס גאנצע ארמעע געווען אויף די פיס. יעדער האָט געהאט

זיין פייל און בויגען געגרייט. זיי זיינען געגאַנגען דעם שונא ענטקעגען. א פאַרצווייפעלטער קאמפף האָט זיך אָנגעפאַנגען צווישען עמונ'ס נייע ארמעע און יפתח'ס ארמעע ביי דער ליכט פון דער לבנה.

ווען עס האָט געגומען טאָגען, האָט נאָך די מלחמה געפלאַקערט. הונדערטע טויטע עמונים האָבען בעדעקט די פעלדער.

יפתח האָט מיט מעהר מוטה זיך אריינגעוואָרפען אין קאמפף. רייטענדיג אויף זיין פערד מיט זיין שווערד אין האַנט האָט ער זיך א לאָז געטאָהן צו דעם שונא און נאָך איהם זיינען אָנגעקומען די העלדען און האָבען ארומגערינגעלט די צווייטע ארמעע פון עמון. דעם גענעראַל האָט יפתח אויף טויטט דערשלאָגען און בלויז א קליינע טייל פון די עמונים, איז געלונגען צו ענטלויפען.

יפתח האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך דעם שונא און אזוי האָט ער פערכאַפּט צוואַנציג שטעדט פון די עמונים, וואָס זיינען געווען ניט ווייט פון רבה, זייער הויפט שטאָדט.

די עטליכע וועמען עס איז געלונגען צו ענטלויפען, האָבען געבראַכט די טרויעריגע נייעס צו דעם קעניג פון עמון.

— מיר זיינען פאַרלאָרען! — האָט דער קעניג אויסגערופען מיט א טרויעריגע שטימע — זיי וועלען באַלד קומען און פאַרניכטען אונזער הויפט שטאָדט און אונזער גאַנצע לאַנד.

— יעצט וועלען מיר זיין געצוואונגען זיך אונטערצוגעבען! — האָט דעם קעניג'ס ראטהגעבער געזאָגט — מיין עצה וואָלט געווען אז דער קעניג זאָל שיקען שלוחים צו יפתח'ן, זיי זאָלען מיט איהם פערהאַנדלען וועגען שלום.

— מיר וועלען איהם דארפען אלעס נאָכגעבען! — האָט דער קעניג געזאָגט.

— מיר האָבען דאָך אָבער קיין אנדער ברירה ניט... קענען מיר דען בעהויפּטען פאָרטצוזעצען די מלחמה מיט יפתח'ן?

איך ווייס אז ישראל איז ניט בלוטדורשטיג, און ווען מיר וועלען פאַרשלאָגען שלום, וועט יפתח צושטימען.

— דאָס האָב איך געזאָלט טאָהן פריהער, איידער די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען — האָט דער קעניג געזאָגט — אין דער צייט ווען יפתח האָט צו מיר געשיקט שלוחים צו פערהאַנדלען וועגען שלום... דאַן אָבער האָט דער אומווירדיגער גרים ניט דערלאָזען איך זאָל אָננעמען יפתח'ס שלום אָנבאָט... א ווען איך וואָלט זיך צו איהם ניט צוגעהערט, וואָלט איך אויף שטענדיג געהאַט די אויבערהאַנט איבער ישראל. אָבער יעצט וועלען מיר מוזען זיין אונטערטעניג צו ישראל.

— עס וועט אָבער בעסער זיין פאַר אונז צו זיין אונטערטעניג איידער אין גאַנצען פאַרניכטעט צו ווערען. — האָט דער מיניסטער געזאָגט. זאָל דער קעניג בעשטימען דריי מענשען און זאָלען זיי מיט יפתח'ן פערהאַנדלען איידער זיי געהן אריין אין רבה.

— איך בעשטים דיר! האָט דער קעניג געזאָגט צו זיין מיניסטער, און דו נעהם נאָך צוויי צו דיר און געה אריבער צו יפתח'ן, מעגליך אז דיר וועט זיך איינגעבען צו ראַטעווען מיין קרוין און די הויפּשטאָדט.

יפתח'ס ארמעע זיינען שוין צוגעקומען צו אבל כרמים, וואָס איז געווען ניט ווייט פון רבה. זיי האָבען אויף זייער גאַנצען וועג מעהר קיין ווידערשטאַנד ניט באַגעגענט און יפתח איז שוין געווען גרייט צו שטורמען רבה. ווען מען האָט איהם געלאָזט וויסען אז דריי פאַ[illegible]ער פון דעם קעניג קומען אָז צו פע[illegible]נדלען מיט איהם וועגען שלום. יפתח האָט די שלוחים פון שונא גאַנץ פריינדליך אויפגענומען.

— אונזער קעניג גיט צו אז דו און דיין ארמעע האָבען אונז בעזיגט און יעצט וואָלט ער וועלען שליסען א בונד פון שלום מיט דיר.

— מיט פיעלע יאָהרען צוריק — האָט יפתח זיי געענטפערט — האָט מואב,

דער נאָהענטסטער שכן פון עמון געדריקט אונזערע ברידער אכצעהן יאָהר, ער האָט זיך פעראייניגט מיט עמון און עמלק און בעפאַלען אונזערע שבטים, ער האָט אפילו געוואגט אריבערצוגעהן דעם ירדן און אָנצוגרייפען די שבטים וועלכע זיינען געווען אויף דער צווייטער זייט פון ירדן. ביז וואנען עס איז אויפגעשטאַנען א העלד אין ישראל, אהוד דער זוהן פון גרא און ער האָט געטויטעט עגלון דעם קעניג פון מואב און בעפרייט ישראל פון מואב'ס יאָך. יעצט לעבען מיר בשלום מיט מואב. אין דעם בונד פון שלום וואָס מיינע עלטערען האָבען געשלאָסען מיט מואב איז געווען א בעדינג אז מואב זאָל ניט העלפען עמון אין דער צייט פון א מלחמה געגען ישראל. די קעניגען פון מואב האָבען פאר פיעלע יאָהרען אָפּגעהיט דעם אָפּמאַך און יעצט אין דער צייט ווען דיין פאָלק עמון האָט אונז אונטערדריקט, האָט מואב אויך ניט געהאָלפען. דעריבער איז אונזער פריינדשאַפט פערשטאַרקט געוואָרען. אָבער עמון איז שטענדיג געווען ישראל'ס שונא און ווען אפילו איך זאָל יעצט שליסען א בונד פון שלום מיט דיין קעניג, מיט וואָס וועל איך זיין זיכער אז מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, וועט עמון ווידער ניט זוכען צו אונטערדריקען אונזערע קינדער?

— מיר שווערען ביי אונזער גאָט כמוש, אז מיר וועלען זעהן אָפּהיטען דעם בונד פון שלום וואָס דו וועסט מיט אונז שליסען — האָט דער מיניסטער געזאָגט — שטעל אונז דיינע בעדינגונגען און מיר וועלען אָננעמען.

— אריבער צוואנציג יאָהר האָט עמון געדריקט די אידען און פון זיי פיעלע צינזען גענומען. איצט איז מיין פערלאַנג אז עמון זאָל צוריקצאָהלען די גאַנצע צינזען וואָס זיי האָבען געקראָגען פון ישראל, און אויך אלע שטעדט און דערפער וואָס זיינען אוועקגענומען געוואָרען פון אונז דורך דיעזער צייט.

— מיר שטימען איין דערצו! — האָט דער מיניסטער אויסגערופען — מיר וועלען טאָהן אלעס וואָס דו וועסט פערלאַנגען. נאָר שליס פרידען מיט אונז.

יפתח האָט געשלאָסען א בונד פון שלום מיט די קינדער פון עמון, און זיי געמאַכט אונטערטעניג צו ישראל. עטליכע טעג האָבען געדויערט דאָס שליכטען אלע גרעניץ פראַגען און די צאָהלינזען, וואָס עמון האָט געדאַרפט צאָהלען גלייך צו יפתח'ן און וואָס ער האָט זיך פאַרפליכטעט צו צאָהלען יעהרליך צו די אידען.

מיט גרויס פרייד און באַגייסטערונג פון דעם גרויסען זיג, וואָס גאָט האָט איהם געגעבען איבער עמון, האָט זיך יפתח גענומען צוריקקעהרען מיט זיינע בראַווע סאָלדאטען אהיים. דאָ האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט איבערגעלאָזען גרים'ן אין די הענט פון עטליכע אָפיצערען.

— מיר וועלען זיך פריהער צוריקקעהרען צום פעלד, וואו מיר האָבען איבערגעלאָזען אונזער גרעסטען שונא. מיין נצחון וועט ניט זיין פאַרפולט ביז וואנען איך וועל אָן איהם נקמה נעהמען פאר מיין מוטער'ס בלוט.

רייטענדיג אויף זיין פערד איז יפתח צוגעקומען צו דעם פלאַץ, וואו עס איז פריהער געווען גרים'ס לאַגער.

די אָפיצערען, אין וועמענס הענט יפתח האָט איבערגעלאָזען גרים'ן, זיינען איהם אנטקעגען געגאַנגען און איהם מיט גרויס פרייד באַגריסט.

— וואו איז גרים? — איז געווען יפתח'ס ערשטע פראַגע.

— ער איז אין געצעלט! — האָט איהם אן אָפיצער געענטפערט. — מיר האָבען פון ווייטען דערזעהן דיין אָנקומען, האָבען מיר זיך ניט געקענט באַהערשען און דיר אנטקעגען געקומען.

— און איהר האָט איהם אליין איבערגעלאָזען? — האָט יפתח אויסגערופען. — וואָס וועט זיין ווען ער אנטלויפט.

— אָה, ניין, מיר האָבען שוין וועגען דעם געזאָרגט. מיר האָבען איהם די

גאַנצע צייט שטאַרק געבונדען די הענט און די פיס... ער נעהמט אפילו שפיין און וואסער פון אונזערע הענט.

— פיהרט איהם ארויס צו מיר! — האָט יפתח זיי באַפוילען. — איך וועל זיך מיט איהם אָפּרעכענען פאַר אַלעם וואָס ער האָט געטאָן צו מיין מוטער און צו מיינע ברידער.

די אָפיצערען האָבען ארויסגעפיהרט דעם געבונדענעם גרים׳ן און איהם איבערגעגעבען יפתח׳ן.

— נו, דו גרויסער העלד, וועלכער האָט געפּלאַנעוועט צו פאַרכאַפּען אונזער לאַנד? — האָט יפתח זיך צו איהם אָפּגערופען. — צוואַנציג יאָהר האָסטו געזוכט שלעכטעס צו טאָן צו מיין פאָלק. דו האָסט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעהאַלטען. דו האָסט מיין מוטער געצוואונגען דיר אָפּצוגעבען איהרע צירונג און דאָס איז דיר נאָך ניט גענוג געווען, האָסטו געוואָלט ארויסקריגען די סודות פון אונזער שטאָדט... מיין מוטער איז געווען עהרליך און געטריי צו מיין פאָטער און דו האָסט מיט איהר גאָרניט געקענט טהאָן, האָסטו איהר געסטראַשעט צו מאַכען א בלבול אויף איהר, אויב זי וועט דיר די דאָקומענטען ניט ארויסגעבען. אָבער איך האָב זיך געקליגט און אָנגעשריבען פאַלשע דאָקומענטען, כדי דיר אָפּצונאַרען. איך וויים אז דו האָסט זיך מיט זיי באַנוצט, כדי ארויסצורופען א קריג צווישען אפרים און אונז..

— איך פאַרשפּרעך דיר, יפתח, אז איך וועל דיר בלייבען א געטרייער קנעכט מיין גאַנצען לעבען, בלויז טויט מיך ניט. איך וויים, אז איך האָב געזינדיגט געגען דיר, איך האָב דיין מוטער געטויטעט, אָבער אזוי פיעל יאָהרען זיינען זינט דאַן פאַריבער, און עס איז שוין צייט, אז דו זאָלסט אָן דיין נקמה פאַרגעסען.

— פאַר טויטען און אומשולדיגען מענשען מוז דער מערדער אליין מיט דעם טויט באַצאָהלען, אזוי שטעהט געשריבען אין אונזער תורה. און איך וועל צו דיר טהאָן אזוי. איך וועל דיך אוועקפיהרען צו דעם זעלבען פּלאַץ וואו דו האָסט מיין מוטער געטויטעט, דאָרטען וועסטו דיין שטראָף באַקומען. זאָלען אַלע וויסען, אז אונזער גאָט וועט דעם פאַרברעכער ניט שענקען, פריהער אָדער שפּעטער וועט ער איהם ברייננגען צום משפט. — פיהרט איהם פאַראויס — האָט ער באַפוילען זיינע אָפיצערען.

זיי האָבען גרים׳ען א נעהם געטהאָן און איהם ארויפגעזעצט אויף אַן אייזעל און האָבען פאָרטגעזעצט זייער מאַרש נאָך מצפּה.

## 15-טער קאַפּיטעל

נאָכדעם ווי נעמה האָט שמיר׳ן ערקלערט דייטליך, אז ער זאָל שאילי׳הן ארויסשלאָגען פון זיינע געדאַנקען, און אז ער איז אזוי וועיט פון איהר טאָכטער ווי דער הימעל פון דער ערד, האָט איהם גאַנץ ווייניג געקימערט. פאַרקעהרט, יעצט האָט ער באַשלאָסען אָנצואווענדען אַלע זיינע מעגליכקייטען אום אריינצוקריגען שאיליה׳ן. ער איז ביי זיך זיכער געווען, אז ער וועט האָבען די מעגליכקייט צו צווינגען יפתח׳ן און זיין פרוי זיי זאָלען אָפּגעבען זייער טאָכטער צו איהם פאַר א פרוי.

שמיר האָט באַשלאָסען זיך אליין דורכצורייידען מיט שאיליה׳ן, ער וועט איהר אָפּהיטען און ווען זי וועט זיין אליין, וועט ער צו איהר צוגעהן ריידען. ער וועט שוין וויסען ווי אזוי צו געווינען איהר האַרץ, און דאַן וועט פאַר איהם גרינגער זיין צו געווינען די צושטימונג פון איהרע עלטערען.

א פּאָר טעג האָט שמיר זיך ארומגעדרעהט ארום יפתח׳ס וואוינונג און אָפּגעהיט, אז שאיליה זאָל ארויס אליין. צו זיין פאַרדרוס אָבער, האָט ער זי שטענדיג באַמערקט צוזאַמען מיט איהר מוטער...

און דאָ איז אָנגעקומען דער ערשטער באַריכט אין מצפּה, אז יפתח האָט פאַרניכטעט גרים׳ס גאַנצע ארמיי און געהט יעצט אויף עמונ׳ס הויפּטשטאָדט, רבה. א גרויס פרייד האָט אַלעמען ארומגע־

נומען. יעצט, אז יפתח האָט צושלאָגען גרים'ס שטארקע ארמיי, איז יעדער געווען זיכער, אז דער פולקאָמענער נצחון איז אויף יפתח'ס זייט. יע, עס וועט שוין לאנג ניט דויערען און ישראל וועט איינגאנצען ארונטערווארפען עמון'ס יאָך פון זיך.

דער איינציגער, וועלכער איז ניט געווען זעהר שטארק צופרידען פון יפתח'ס זיעג, איז געווען שמיר. ער האָט געוואוסט, אז ווען יפתח וועט זיעגען, וועט ער פארלירען אלע האָפענונגען, ווען עס איז צו קריגען די צושטימונג פון שאיליה'ס עלטערען. יעצט אָבער, ווען ער זעהט, אז יפתח האָט געזיעגט, האָט ער באשלאָסען אָנצואווענדען אלע זיינע כוחות ארייינצוקריגען שאיליה'ן... ער וועט מוזען זיך באנוצען מיט זיין דראָהונג צו איהר. ער ווייס ווי געטריי זי איז איהר שבט און וועט געווים זוכען צו פארמיידען אן אומגליק. און איינמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט זיך ארומגעדרעהט ארום יפתח'ס וואוינונג פאר א היבשע צייט, האָט ער באמערקט ווי שאיליה געהט אליין ארויס פון איהר וואוינונג. ער האָט זי נאָכגעפאָלגט מיט זיינע בליקען, און באמערקט ווי זי געהט אריין אין דעם גאָרטען וואָס איז געווען הינטער איהר הויז, געהענדיג אָן א זייט צווישען די בוימער, אזוי, אז זי זאָל איהם ניט באמערקען, האָט ער געזעהן ווי שאיליה רייסט אָן בלומען. א ווײַלע איז ער געשטאנען אומבאוועגליך און באטראכט די וואונדערשעהנע בליהענדע שאיליה... אָ, ווען זי זאָל געהערען צו איהם, ווען ער זאָל נאָר קענען איהר ארומנעמען און צודריקען צו זיך... ניין! ער וועט איהר קיינמאָל ניט אויפגעבען, זי מוז געהערען צו איהם! ער האָט זיך גענומען דערנעהנטערען און אויסגערופען:

— ענטשולדיג מיר, דו צארטע, געטליכע בלום!

שאיליה האָט זיך שטארק דערשראָקען און אָפּגעטראָטען עטליכע טריט צוריק.

— שרעק זיך ניט, איך וועל דיר קיין בייזעס ניט טהאָן. איך בין פארבייגעגאנגען דעם גאָרטען און מיר האָט זיך געדובט, אז איך האָב געהערט ווי אימיצער רופט מיך, און ווען איך האָב זיך ארומגעקוקט האָב איך דיך באַמערקט, בין איך צוגעגאנגען צו דיר, און אויב דו האָסט מיך גערופען, בין איך געגרייט דיר צו דינען.

— אָה, ניין, מיין האר — איז שאיליה נאָך אלץ געווען דערשראָקען — איך האָב דיך ניט גערופען... איך האָב דיך גאָרניט געזעהן.

— נו, האָב איך געמאכט א טעות. אָבער איך בין זיך מודה, אז איך בין צופרידען צו האָבען געמאכט אזא טעות, דערווייל האָב איך געקראָגען א געלעגענהייט ווידער אמאָל אָנצוקוקען דיין וואונדער שעהנעם פנים...

שאיליה איז געבליבען שטעהן אין א פארלעגענהייט. זי האָט שוין געוואָלט צוריק אריין אין הויז, אָבער שמיר האָט זיך צו איהר געווענדעט:

—יעצט אז איך בין שוין דאָ, וואָלט איך פון דיר פארלאנגט א געפעליגקייט, און איך האָף, אז דו וועסט עס מיר ניט ענטזאגען.

— וואָס איז דאָס? — האָט זי איהם געפרעגט און איהרע אויגען האָט זי ארונטערגעלאָזען.

— איך וויל דו זאָלסט מיר אויסהערען א קליינע ווײַלע, איך האָב זעהר וויכטיגעס מיט דיר צו רעדען.

— ווער בין איך, אז דו זאָלסט מיט מיר רעדען וועגען וויכטיגע זאכען... אויב דו האָסט עפּעס וויכטיגעס צו רעדען, וואָלט איך דיר געראטהען צו רעדען מיט מיין מוטער, אָדער מיט מיין פאָטער ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען פון דער מלחמה.

— ניין, איך מוז דאָס בלויז מיט דיר רעדען!

— דו וועסט מיר ענטשולדיגען, מיין האר, אָבער איך מוז געהן... מיין מוטער ווארט אויף מיר.

— דו מוזט מיר אויסהערען! —

האָט שמיר געזאָגט — עס איז זעהר וויכטיג פאַר אונז ביידען.

— צו מיין באַדויערען קען איך ניט! איך מוז געהן! שאיליה האָט זיך אומגעקעהרט און גענומען שטעלען שנעלע טריט צו דעם אַרויסגאַנג פון גאָרטען.

שמיר האָט איהר אַריבערגעיאָגט און זיך אָפּגערופען: — זאָג מיר, שאיליה, האָסטו ליעב דיין פאָטער?

שאיליה האָט אויף איהם אָנגעשטעלט איהרע אויגען. שמיר האָט ווידערהאָלט זיין פראַגע.

— געוויס האָב איך מיין פאָטער ליעב. איך האָב איהם ליעב מעהר ווי זיך... יע, מיין פאָטער און מוטער זיינען מיר טייערער פון אַלעם אין דער וועלט.

— אויב אַזוי ווילסטו דאָך זיכער ניט, אַז שלעכטעס זאָל באַפאַלען דיין פאָטער.

— שלעכטעס?! — האָט שאיליה אויסגערופען מיט שרעק. — שלעכטעס צו מיין פאָטער?

— נו, יע, דאָס וואָס איך וויל מיט דיר ריידען, וועט מעגליך פאַרמיידען אַ גרויסען אומגליק וואָס לויערט אויף דיין פאָטער, ווען ער וועט צוריקקומען פון מלחמה.

— איך פאַרשטעה ניט וואָס דו מיינסט? — האָט איהם שאיליה אָנגעקוקט מיט שטוינענדע בליקען. — פאַרוואָס זאָל אויף מיין פאָטער לויערען אַן אומגליק?

— דו ביזט נאָך גאַנץ יונג און צאַרט, דעריבער איז דיר שווער צו באַגרייפען אַזאַ זאַך... אָבער ווען דו וועסט האָבען בלויז אַביסעל געדולד וואָלט איך דיר אַלעם ערקלערען... דו דאַרפסט פאַר מיר קיין מורא ניט האָבען. איך בין דיר ניט אויסען צו פאַרשאַפען שמערצען. איך וויל נאָר, דו זאָלסט מיר אויסהערען מיט קאָפּ און דאַן וועסטו אַליין זעהן וואָס עס דראָהט דיין פאָטער, און בלויז דו וועסט האָבען די מעגליכקייט איהם צו העלפען...

שאיליה'ס שרעק און נייגעריגקייט צו ווּיסען וואָס ער וויל איהר זאָגען, האָט איהר באַוואויגען צוצושטימען.

— קום עטוואָס טיפער אין גאָרטען, דאָס וואָס איך וועל מיט דיר ריידען מוז פאַרבלייבען אַ סוד...

— איך האַלט ניט קיינע סודות פאַרבאָרגען פון מיין פאָטער און מוטער — האָט שאיליה איהם טרוקען געענטפערט.

— דיין מוטער וועסטו קענען אַלעס דערצעהלען, איך האָב שוין מיט איהר פריהער גערעדט וועגען דעם, געוועהנליך, איך האָב איהר ניט אַלעם געזאָגט. אָבער דו וועסט איהר קענען אַלעם שפּעטער דערצעהלען אויב דו וועסט געפינען פאַר נויטיג.

— אויב מיין מוטער ווייס, וויל איך עס בעסער הערען פון איהר — האָט שאיליה איהם געזאָגט, און געוואָלט ווידער אוועקגעהן.

— דעם עיקר אָבער ווייס ניט דיין מוטער, און דעריבער וועט זי ניט קענען פאַרמיידען דעם אומגליק... אויב דו האָסט ווירקליך ליעב דיין פאָטער, דאַן מוזטו מיך אויסהערען...

— גוט, דערצעהל מיר, האָט שאיליה צוגעשטימט.

— זאָג מיר, האָט דיר דיין מוטער דערצעהלט וועגען מיר? — האָט שמיר איהר געפרעגט.

— וואָס איז דער אונטערשייד?

— אויב יע, וועל איך פאַרשפּאָרען צו ריידען מיט דיר וועגען זיך.

— ניין, מיין מוטער האָט מיר גאָרניט דערצעהלט! איך האָב איהר געפרעגט וואָס דו האָסט דאַן פון איהר פאַרלאַנגט און זי האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס איז פון קליינער וויכטיגקייט, און זי האָט מיט מיר מעהר דערפון ניט גערעדט.

— אויב אַזוי איז גוט, וועל איך דיר קענען איבערגעבען אַלע איינצעלהייטען.

— ווי דיר איז באַוואוסט, שטאַם איך פון דעם שבט אפרים. די עלטסטע פון מיין שטאָדט האָבען מיר אויסגעקליבען איך זאָל פאַרווייל ען אין מצפה כדי איך זאָל קענען קלאָר מאַכען אַ מיס־

פאַרשטענדניס וואָס עס איז פאַראורזאכט געוואָרען איידער דיין פאָטער'ס מוטער איז געטויטעט געוואָרען.

— דו מיינסט אודאי וועגען די דאָקומענטען? — האָט שאיליה געזאָגט — איך ווייס פון אַלעס.

— אָבער דאָס איז נאָך גאָרניט... איך האָב דיר עטוואָס מעהר צו זאָגען, דיין מוטער האָט אַליין צוגעגעבען, אַז דיין פאָטער האָט דיזע דאָקומענטען געשריבען.

— מיין פאָטער? עס איז אונמעגליך!

— ווילסטו דען מאכען דיין מוטער פאַר א ליגנערין?

— אָ ניין, איך מיין, אַז זי האָט קיינמאָל אזא זאַך ניט צוגעגעבען.

— מיינסטו, אַז איך וועל אויסקלערען פון קאָפּ אזא זאַך? — האָט שמיר א שמייכעל געטהאָן, ווען עס וועט קומען דערצו וועל איך זעהן, אַז דיין מוטער זאָל עס ווידערהאָלען אין דיין אנוועזנהייט...

— אָבער פאַרוואָס זאָל מיין פאָטער טהאָן אזא זאַך. ער האָט דאָך גאָרניט צו דעם שבט אפרים. איך ווייס, אַז מיין פאָטער ציעלט צו לעבען בשלום מיט אַלע אונזערע ברידער פון די פאַרשידענע שבטים.

— דאָס וואָס איך האָב דיר געזאָגט, דו ביזט נאָך גאַנץ יונג און דו קענסט ניט באגרייפען... עס איז געווען א צייט ווען דבורה די נביאה, וועלכע שטאמט פון מיין שבט, האָט ארויסגעשיקט א רוף צו אַלע שבטים זיי זאָלען קומען איהר העלפען קעמפען געגען יבין דעם קעניג פון חצור. ניט אַלע שבטים האָבען זיך אָפּגערופען. די איינוואוינער פון גלעד האָבען אויך ניט געענטפערט אויף דבורה'ס רוף. און אין דער צייט ווען פיעלע שבטים פון ישראל האָבען מיט פאַרצווייפלונג געקעמפט געגען יבין און זיין גענעראַל סיסרא'ן, זיינען די מענשען פון דיין שבט געזעסען רוהיג... און זינט דאַן הערשט א שטילע שנאה צווישען אונזער שבט אפרים און צווישען די איינוואוינער פון גלעד. דיין פאָטער ווייס וועגען דעם און דעריבער האָט ער געוואָלט, אַז דיינע ברידער זאָלען זיין געגרייט געגען אפרים...

— אָבער איך האָב געהערט, אַז די דאָקומענטען זיינען געווען געפעלשט.

— נו, געוויס! אין יענע צייטען האָט דאָך דיין פאָטער קיין רעכט ניט געהאט אונטערצושרייבען אזעלכע דאָקומענטען. דאָס האָט באַדאַרפט טהאָן דיין זיידע, גלעד. און יפתח האָט געפעלשט זיין פאָטער'ס האַנטשריפט.

— אָ, ניין! עס איז אונמעגליך! עס איז אונמעגליך! — האָט שאיליה אויסגערופען מיט צאָרן — מיין פאָטער וועט אזא זיך ניט טהאָן.

— ווען דיין מוטער וואָלט עס אַליין ניט צוגעגעבען, וואָלסטו געקענט צווייפלען אין מיינע רייד, אָבער איך שווער דיר ביי גאָט, אַז דיין מוטער האָט אַליין פאַר מיר מודה געווען, אַז יפתח זאָל האָבען דיזע דאָקומענטען געשריבען. און נאָך מעהר. איידער יפתח האָט באַשטימט ארויסצוגעהן אויף מלחמה, האָט ער מיר געבעטען איבערצוגעבען צו די מענשען פון מיין שבט אַז ער לאַדעט זיי איין צו קומען איהם העלפען.

— און דו האָסט זיי איבערגעגעבען מיין פאָטער'ס איינלאַדונג?

— ניין! ווייל איך האָב געוואוסט אַז עס איז אומזיסט. די מענשען פון מיין שבט וואָלטען אַלץ איינס ניט צוגעשטימט צו קומען צו הילף.

— אָבער דו האָסט געדאַרפט טאָהן מיין פאָטער'ס פערלאַנג, כדי די מענשען פון דיין שבט זאָלען נאכהער ניט קומען מיט קיין טענות אַז מיין פאָטער האָט זיי ניט גערופען צו קומען איהם צו הילף, ווי זיי האָבען עס געטאָן צו גדעון דעם זוהן פון יואש, נאָכדעם ווי ער האָט בעזיגט די מדינים.

— וועגען דעם דאַרפסטו ניט זיין בעזאָרגט. איך וועל וויסען ווי אזוי צו האַנדלען. יע, עס ווענדט זיך אָן מיר. וואָס פאַר א בעריכט איך וועל איבער־

געבען מיינע ברידער. איך האָב שוין אויך מיט דיין מוטער גערעדט וועגען דעם. געוויינליך ווי אַזוי איך זאָל האַנדלען ווענדט זיך טאַקע אָן דיר, שאַיליה.

שאַיליה האָט איהם אַנגעקוקט מיט ערשטוינונג.

— איך פערשטעה ניט וואָס דו מיינסט?

— דאָס וואָס איך האָב דיר פריהער געזאָגט, אויב דו האָסט ווירקליך ליעב דיין פאָטער דאַרפסטו זעהן, אַז ער זאָל זיין גליקליך... איך זעה אָבער אַז דו פערשטעהסט מיר נאָך אַלץ ניט, וועל איך דיר דייטליכער ערקלעהרען: דו ווייסט שוין יעצט אַז דער שבט אפרים האָט אַ געניגענדע אורזאַכע ארויסצוגעהן אויף מלחמה מיט דיין פאָטער צוליב די דאָקומענטען, ווען זיי וועלען אויסגעפינען אַז יפתח האָט זיי אַנגעשריבען... און בלויז איך וועל קענען פערמיידען אַ קריג... דיין פאָטער וועט זיך אין גיכען אומקעהרען אַ זיגרייכער פון מלחמה, דאַן וועט ער ווערען אַ הערשער איבער גאַנץ גלעד, ווייל אַזוי האָט מען דאָך איהם פערשפּראָכען... אָבער ווען איך זאָל וועלען קען ער ווערען אויס הערשער... דו ווייסט דאָך אַז אונזער שבט אפרים, איז דער שטאַרקסטער פון אַלע שבטים, און ווען עס זאָל אויסברעכען אַ מלחמה צווישען אונז און דיין פאָטער וועלען מיר ארויסקומען די זיגער, דאַן וועט דיין פאָטער'ס זיג איבער עמון צו נישט ווערען... און דאָס ווענדט זיך בלויז אָן מיר, און יעצט וואָלט איך וועלען זיין מעהר צוגעבונדען צו דיין פאָטער'ס משפחה... איך וויל ווערען אַן אמת'ער פריינד פון דיין פאָטער און מוטער, און פון דעם וועט ארויסקומען אַ גרויסע טובה צו זיי און פאַר אַלע דיינע ברידער...

— מסתמא וועט מיין פאָטער וויסען ווי אָפּצושאַצען אַזאַ פריינדשאַפט! — האָט שאַיליה איהם געענטפערט. און איך בין דיר אויך דאַנקבאַר פאַר דעם. און יעצט מוז איך געהן.

— אָבער איך האָב נאָך ניט געענדיגט — האָט שמיר אויסגערופען — איך האָב דיר דאָך געזאָגט, אַז מיין פריינדשאַפט צו דיין פאָטער הענגט אָפּ פון דיר!

— פון מיר?

— יע, פון דיר. ווי איך האָב דיר דערזעהן, טייערע שאַיליה, האָט מיין הארץ גענומען ציהען צו דיר... איך האָב אַזאַ שעהנע מיידעל קיינמאָל ניט געזעהן אפילו צווישען די טעכטער פון אפרים... דו זעהסט דאָך אַליין אַז איך בין זעהר חשוב ביי מיין שבט און מיינע רייד האָבען אַ ווירקונג אויף אַלעמען. איך בין אויך גאַנץ רייך. איך האָב פיעל שאָף און רינדער, און איך וויל דיר נעהמען פאַר מיין פרוי, דאַמיט וועסטו ברייגנען גליק פאַר דיין פאָטער. און פאַר אַלע מענשען פון גלעד.

שאַיליה'ס פּנים איז בעדעקט געוואָרען מיט רויטקייט... אין איהרע אויגען האָט זיך אַ פייערעל אַנגעצונדען, און זי האָט אויסגערופען מיט גרויס צאָרן:

— איך בעט דיר שמיר, דו זאָלסט מעהר אַזוי צו מיר ניט ריידען... גאָט, וועלכער וועט העלפען מיין פאָטער בעזיגען עמון, וועט איהם אויך העלפען געגען די רשעים פון אונזערע אייגענע ברידער, וועלכע זוכען אויפצורייצען איין שבט געגען דעם צווייטען. איך האָב פיל שלעכטעס געהערט פון גרים'ן, דער גענעראַל פון עמון, אָבער דו מיט דיינע רייד, ביזט אַזוי שלעכט ווי ער.. אָבער דיין פאַרברעכען איז נאָך גרעסער ווי זיינער, ווייל ער איז דאָך אַ פרעמדער, פון אַ פיינדליכען פאָלק, אָבער דו ביזט דאָך פון זעלבען פאָלק, און ביי דיר איז רעכט ארויסצורופען אַ מלחמה צווישען אונזער שבט און דיין שבט, אויב דיין פערלאַנג וועט ניט ערפילט ווערען... איך האַס דיר! ווען איך האָב דיר צום ערשטען מאָל דערזעהן, האָב איך ניט געקענט פערשטעהן פאַרוואָס דו ביזט געווען אַזוי אָפּשטויסענד, יעצט פערשטעה איך די אורזאַכע... איך זאָג דיר אָן אַז דו זאָלסט צו מיר מעהר ניט וואַגען צוצוגעהן. דו קענסט טאָן וואָס דו ווילסט.

ווען מיין פֿאָטער וועט קומען א זיגרייכער צוריק פון מלחמה, וועט ער פאר קיינעם ניט דארפען מורא האָבען, אויסער פאר אונזער גאָט. צו איהם וועלען מיר דאנקען פאר דעם חסד וואָס ער האָט מיט אונז אלעמען געטאָן... און פאר דיר וואָלט געווען א סך בעסער ווען דו פערלאָזט אונזער לאנד... איך האָב געהערט אזוי פיעל פון דעם שבט אפרים, איך האָב אלע מאָל געמיינט, אז די מענשען פון אפרים זיינען נאָבעל און עהרליך, זיינען בראוו און העלדיש, און יעצט ווען איך זעה דיר, וואונדער איך זיך, ווי אזוי איך האָב געהאט אזא גוטען מיינונג וועגען אפרים, סיידען דו ביזט אן אויסנאהמע און די איבעריגע מענשען פון דיין שבט זיינען ניט אזוי נידעריג און פערדאָרבען ווי דו...

— ווען דו וואָלסט ניט געווען אזוי שעהן און צארט וואָלט איך דיר ניט פערשוויגען פאר דיינע בעלידיגענדע רייד — האָט שמיר געזאָגט — אָבער איך זעה אז דאָס רעדט אין דיר דיין כעס און דו האָסט מיר מיספארשטאנען.

— איך האָב באלד געזעהן דיין כונה! האָט שאיליה אויסגערופען. דו בעטראכטעסט זיך אלס א פאָרשטעהער פון שבט אפרים. זיי האָבען דאָך דיר אהער געשיקט, האָסטו געזאָגט, כדי אויסצופאָרשען וועגען די דאָקומענטען... און יעצט דערצעהלסטו מיר, אז ווען דו זאָלסט נאָר וועלען קענסטו פערשאפען צרות... טו ווי דו ווילסט. מיין פאָטער וועט זיך ניט שרעקען פאר אזעלכע פערדאָרבענע מענשען ווי דו...

— יעצט זעה איך, אז דו האָסט דיין פאָטער ניט שטארק ליעב, ווארים אויב דו וואָלסט איהם ליעב געהאט, וואָלסטו אזוי צו מיר ניט גערעדט... איך האָב די מאכט צו טאָן פיעל זאכען, וואָס וואָלטען געקענט ברענגען גרויסע נוצען פאר דיין פאָטער, אָבער איך קען טאָן אזעלכע זאכען, וועלכע וועלען דיין פאָטער אומגליקליך מאכען... און יעצט זאָג איך דיר נאָך א מאָל, אז אלעס ווענדעט זיך אן דיר. אויב דו וועסט זיך צו מיר צוהערען און איינוויליגען צו ווערען מיין פרוי, וועלען אלע גליקליך זיין, און ווען דו וועסט מיר ענטזאגען, וועסטו נאכהער חרטה האָבען... דו דארפסט ניט פערגעסען, אז איך בין א וויכטיגער מאן אין מיין שבט, און יעדעם מיידעל אפילו פון מיין אייגענעם שבט, וואָלט זיך געשעצט גליקליך ווען איך וואָלט איהר אזא פאָרשלאג געמאכט. און דו קומסט נאָך ארויס מיט אזוי פיעל בעלידיגונג... בעטראכט זיך און בעזין זיך...

עס איז נאָך נישט צו שפּעט פאר דיר צו פערריכטען דאָס וואָס דו האָסט מיט דיין צונג קאליע געמאכט... איך בין וויליג צו ווארטען א פּאָר טעג ביז וואנען דו וועסט מיר דיין ענטפער געבען, און דאן האָף איך אז דו וועסט זיך ארומזעהן אז איך בין גערעכט און דיין ענטפער צו מיר וועט זיין צופרידענשטעלענד.

— איך וויל דיר פערשפּאָרען צו ווארטען א פּאָר טעג. דו בעקומסט גלייך מיין ענדגילטיגען ענטפער: איך וויל מעהר דיין פנים ניט אָנקוקען...און איך וואָלט בעסער געשטאָרבען איידער צו געהערען צו דיר.

— אזוי? — האָט שמיר זיך א קרים געטאָן — מעגליך אז דו האָסט ליעב א צווייטען... הא? אָבער עס וועט לאנג ניט נעהמען און דו וועסט קומען צום שכל... שמיר'ס מח איז נאָך ניט אויסגעדארט געוואָרען. איך האָב נאָך די מאכט צו צווינגען דיין פאָטער ער זאָל דיר צו מיר אָפּגעבען אלס מיין פרוי און איך וועל מיין מאכט אויסנוצען...

שאיליה האָט זיך אָפּגעקעהרט פון איהם מיט פעראכטונג און האם און גענומען ארויסגעהן פון גאָרטען. שמיר האָט איהר א ווײלע נאָכגעפאָלגט מיט זיינע בליקען און ווען ער האָט געזעהן, אז זי איז אריין אין הויז, האָט ער פערלאָזען דעם גאָרטען. ער איז געוועזן זעהר אויפגערעגט. די טאָכטער איז אזוי ווי איהר מוטער. ביידע זיינען איינגעשפּארט, שטאָלץ, אָבער ער וועט זייער שטאָלץ ברעכען. ער וועט זיי צייגען וואָס

ער קען טאָן... יפתח וועט זיך נאָך קומען צו איהם בעטען... ער וועט זיך פריהער זעהן מיט פורה׳ן און זיך מיט איהר בעראטהען וואָס צו טאָן.

פורה האָט שוין פון לאנג געטראָגען א שנאה אויף גלעד׳ס משפחה. נאָך מיט יאָהרען צוריק, ווען ער האָט געהאָפט צו ווערען איינער פון די עלטסטע פון מצפה האָט איהם יפתח׳ס פאָטער ניט דערלאָזען... ער האָט פאר אלעמען ערקלערט, אז פורה איז ניט ווירדיג צו זיין איינער פון די עלטסטע פון שטאָדט... און דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג, האָט גלעד פון איהם אוועקגענומען זיין צווייטען אמט, וואָס ער האָט געהאט, אכטונג צו געבען אויף די פעלדער פון די יתומים און אלמנות. דעריבער האָט פורה געטראָגען די שנאה אין זיין הארצען און געווארט אויף א געלעגענהייט ווען ער וועט קענען זיך אָפרעכענען מיט גלעד׳ן און מיט זיין משפחה. צו זיין גרויס באַדויערען אָבער זעהט ער אז גלעד׳ס משפחה איז נאָך געוואָרען מעהר חשוב און געשעצט זינט יפתח האָט זיך צוריקגעקעהרט... יפתח איז געוואָרען דער העלד אויף וועמען די אויגען פון אלע איינוואוינער פון גלעד האָבען ארויסגעקוקט פאר הילף... נאָך מעהר איז פורה׳ס הארץ פערביטערט געוואָרען ווען ער האָט דערהערט פון יפתח׳ס נצחונות... ווען ער וועט זיך צוריקקעהרען זיגרייך פון דער מלחמה פון עמון, וועט ער ווערען דער הערשער איבער גאנץ גלעד און דאן, וועט ער שוין קיינמאָל קיין געלעגענהייט ניט האָבען זיך אָפצורעכענען מיט דער משפחה פון גלעד.

ווען פורה האָט זיך בעקענט מיט שמיר׳ן האָט ער גלייך אין איהם דערזעהן א פריינד פאר וועמען ער וועט קענען אָנפערטרויען זיינע מחשבות... ער האָט איהם מקרב געווען, און ביידע פלעגען גאנץ אָפט פערברייננגען צוזאַמען.

שמיר האט ענטדעקט אויף זיין הארץ פאר פורה׳ן. ער האט איהם געזאגט אז זינט ער האט דערזעהען שאיליה׳ן איז זיין שלאָף גערויבט געווארען פון זיינע אויגען.

פורה האט געוואוסט אז יפתח וועט קיינמאָל ניט וועלען אפגעבען זיין איינציגע טאָכטער צו שמיר׳ן. פון דעסטוועגען האט ער איהם ערמוטיגט. ער האט געוואלט דורכדעם אויספיהרען זיין נקמה פלאן. ווען יפתח וועט איהם ענטזאגען דאן וועט שמיר האבען א גוטע געלעגענהייט אויפצורייצען די מענשען פון זיין שבט אויף יפתח׳ן.

שמיר איז אריינגעקומען צו פורה׳ן אין הויז.

— איך האב נאָר וואס געטראכט וועגען דיר, מיין פריינד, איך האב דיר שוין א לאנגע צייט ניט געזעהען — איז איהם פורה ענטקעגען געגאנגען. זעץ זיך שמיר און דערצעהל מיר וואס עס הערט זיך.

שמיר האט זיך אוועקגעזעצט און פורה האט גלייך בעמערקט אן אומעט אויף זיין פנים.

— דו שיינסט צו זיין טרויעריג, שמיר, זאג דאך מיר וואס עס האט פאַסירט?

— איך קום דאָס יעצט פון שאיליה׳ן.

— ביזטו געווען אין איהר פאטער׳ס הויז?

— ניין, איך האב אפגעווארט נעבען יפתח׳ס הויז און ווען איך האב געזעהן אז שאיליה איז ארויסגעקומען און איז אריין אין גארטען, בין איך צו איהר צוגעגאנגען און אנגעפאנגען צו ריידען. איך האב ביסלעכווייז איהר איבערגעגעבען וועגען דער מאכט וואס איך בעזיץ, און איך האב איהר געזאגט אז איהר פאטער׳ס גליק איז אין מיינע הענט.

— און וואס האט זי דיר אויף דעם געענטפערט?

— זי האט מיר ענטזאגט.

— ענטזאגט?

— יע, ניט נאָר האט זי מיר ענטזאגט אבער זי האט מיך בעליידיגט און מיר אנגעזאגט מיט׳ן הארבען ווארט מעהר צו איהר ניט קומען און בעלעס־

טיגען... פערשטעהסטו מיר, מיין פריינד, עס איז אזוי גוט ווי זי וואלט מיר פון זיך פערטריבען. זי איז אזוי איינגעשפּארט ווי איהר מוטער... דו זעהסט דאך אז איך האב אנגענומען דיין עצה און געגאנגען צו שאיליה'ן, אבער פון איהר האב איך געהאט דעם זעלבען אפּשניט ווי פון נעמה'ן....

— זיי ניט ביי זיך געפאלען, און פערליר ניט דיין מוטה — האט איהם פּורה געטרייסט — איך פערזיכער דיר אז שאיליה וועט געהערען צו דיר, די איינציגע זאך וואס דו דארפסט אויסגעפינען אויב זי איז ניט פער'קנס'ט צו א צווייטען.

— אין דעם בין איך זיכער! — האט שמיר געענטפערט.

— אויב אזוי מעגסטו אויך זיין זיכער אז שאיליה וועט דיין פרוי זיין, אויב יפתח וועט ניט וועלען זי דיר אפּגעבען מיט'ן גוטען ווילען, וועט ער עס טאָהן געצוואונגענערהייט.

— ווי אזוי וועסטו איהם קענען צווינגען? — האט שמיר איהם געפרעגט.

— דו ווייסט גאנץ גוט אז יפתח וועט ניט וועלען זיך איינרייסען מיט דעם שבט אפרים, ער וועט זיך ארומזעהן אז אום אנצוהאלטען זיין הערשאפט אין גלעד וועט ער דארפען לעבען בשלום מיט אפרים, און ווען ער וועט וויסען אז דו האסט די מאכט פון מלחמה אדער שלום, וועט ער זוכען זיך צו פערבינדען מיט דיר, און וועט איינוויליגען צו געבען דיר זיין טאָכטער.

— אויב אזוי, ווייסטו ניט, ווי פארביטערט די מוטער און די טאָכטער זיינען געגען מיר, און איך האב מורא אז עס איז פאר מיר קיין האָפנונג ניטאָ צו קריגען שאיליה'ן.

— ווארט, איך האב פאר דיר א גוטע עצה! — האט פּורה אויסגערופען, — אבער דו מוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג, קיינער זאל ניט אויסגעפינען וועגען דעם.

— דו ווייסט דאך ווי איך קען האלטען א סוד! — איך וועל דיר קיינמאל ניט פארראטהען!

— דו ביזט דאָך געשטאנען נעבען יפתח'ן ווען ער האט גענומען ארויסמארשירען מיט זיין ארמעע פון מצפּה צו געהן אויף מלחמה געגען עמון.

— יע, איך בין געשטאנען נעבען איהם.

— האסטו דען ניט געהערט דעם נדר וואס ער האט געטאָהן צו גאָט?

— דעם נדר?! וואס פאר א נדר?

— ער האט א נדר געטאָהן אז ווען גאָט וועט איבערגעבען עמון אין זיינע הענט, און ער וועט זיך אומקערען זיעגרייך אהיים, איז וואס וועט ארויסקומען געגען איהם וועט ער מקריב זיין פאר א קרבן צו גאָט.

— יע, איך געדענק דיזען נדר! — האט שמיר אויסגערופען — אבער וואס האָט עס צו טאָן מיט מיר און שאיליה?

פּורה האט א שמייכעל געטהאָן:

—דו וועסט שוין באלד זעהן אז עס האָט א סך צו טהאָן מיט שאיליה'ן.

שמיר האָט איהם אָנגעקוקט מיט ערשטוינענדע בליקען.

— ווי אזוי?

— פערגעס ניט אז יפתח האט א נדר געטהאָן אז וואס עס וועט ארויסקומען געגען איהם פון זיין הויז, וואס דיינקסטו האט ער דאמיט געמיינט?

— המ... ער האט געמיינט אז די ערשטע בהמה אדער שעפּעלע וואס וועט איהם ענטקעגען קומען וועט ער מקריב זיין פאר א קרבן

— אבער ער האט עס אין זיין נדר גאָר ניט דערמאָהנט. ער האט געזאגט וואס עס זאל איהם ארויסקומען אנטקעגען פון זיין הויז וועט ער ברייגגען א קרבן צו גאָט. און אפילו ווען זיין טאָכטער אדער זיין פרוי זאל איהם ענטקעגען קומען וועט ער מוזען מקים זיין נדר....

— אבער דאס איז דאך אונמעגליך!

— ווייסטו דען ניט אז עס שטעהט געשריבען אין דער תורה: „אלעס וואס קומט ארויס פון זיין מויל זאל ער

טאָהן". און אויב זיין טאָכטער זאָל ארויסקומען איהם ענטקעגען...

— און ווען זיין טאָכטער וועט איהם ארויסקומען ענטקעגען וועט ער זי מוזען מקריב זיין פאר א קרבן צו גאָט?

— האט שמיר געפרעגט.

— געוויס! דו ווייסט דאָך אז יפתח איז זעהר פרום, און ער וועט ניט פערשוועכען דעם נדר וואס ער האט געטאָהן פאר גאָט.

— אויב אזוי וואס וועל איך האָבען דערפון, ווען שאיליה וועט אויפגעאָפפערט ווערען פאר א קרבן?

— דו וועסט עס קענען פערמיידען, און דאן וועט זי געהערען צו דיר און קיינער וועט ניט קענען זיין דאגעגען, פערקעהרט, איהרע עלטערען וועלען זיין צופרידען וויל דו וועסט איהר ראטעווען פון א זיכערען טויט.

— איך פערשטעה נאָך אלץ ניט, וואס דו ציעלסט מיט דיינע ווערטער?

— האט שמיר געזאגט.

— הער זיך איין, שמיר, יפתח וועט זיך אין איינינגע טעג אומקעהרען א זיגרייכער פון דער מלחמה מיט עמון. דו דארפסט איהם אפוואַרטען אויף דעם וועג וואס פיהרט צו מצפה, און ווען דו וועסט איהם פון וויטען דערזעהען, זאָלסטו לויפען אנזאגען שאיליה'ן אז איהר פאטער קומט אָן, דאן וועט זי דאָך איהם ארויסקומען ענטקעגען... און דאן....

— וואָלט ניט געווען בעסער פאר מיר, אז איך זאָל אָנזאָגען נעמה'ן און זאָל זי איהם ענטקעגען ארויסקומען... איך וועל א סך מעהר געווינען ווען איך וועל קענען פטור ווערען פון שאיליה'ס מוטער — האט שמיר איהם ניט געלאָזען ענדיגען.

— האָב א ביסעל געדולד וועסטו שוין אליין צוגעבען אז דאס איז פאר דיר גלייכער — האט פורה איהם געענטפערט — ווען שאליה'ן וועט איהם ענטקעגען קומען, דאן וועט זיך יפתח ארומזעהען וואס פאר אן אומגליק ער האט אויף זיך געבראכט מיט זיינע אונפאָרזיכטיגע רייד, ער וועט דאך מוזען מקים זיין די שבועה און נדר וואס ער האט געגעבען, און ער וועט דארפען מקריב זיין שאיליה'ן צו גאָט, דאן וועסטו איהם קענען קומען צו הילף, דו וועסט פאר צוויי עדות איהר מקדש זיין פאר דיין פרוי, און אזוי שנעל ווי שאיליה ווערט דיין פרוי, געהט זי דאך ארויס פון איהר פאטער'ס רשות, און ער האט שוין מעהר קיין רעכט ניט צו טאָהן צו איהר ווי ער האט א נדר געטאָהן..

שמיר'ס אויגען האבען אויפגעלויכטען.

— דו ביזט ווירקליך קלוג, מיין פריינד! — האט ער מיט פרייד געזאגט — ווען דאס זאָל זיך מיר איינגעבען וועלען איהרע עלטערען זיין זעהר צופרידען מיט מיר, זיי וועלען וויסען אז איך האב זייער טאכטער געראטעוועט פון א זיכערען טויט. אָה, מיט וואס וועל איך דיר קענען בעדאנקען פאר דיין קלוגע עצה!

— מיט דעם וואס אונזער פריינדשאפט וועט פערשטארקט ווערען! — האט פורה געענטפערט — אבער איידער דו געהסט דורכפיהרען מיין פּלאן, וויל איך אז דו זאָלסט מיר צושווערען, דאס דו וועסט טהאָן אלעס וואס איך וועל פון דיר פערלאנגען.

— ווי אזוי קען איך צושווערען צו א זאך וואס איך ווייס ניט אויב איך וועל האבען די מעגליכקייט צו טאָהן.

— עס פערשטעקט זיך, שמיר, אז איך וועל פון דיר ניט פערלאנגען אן אונמעגליכקייט, ווען דו וועסט מיר צושווערען צו דעם וועל איך דיר העלפען דורכפיהרען מיין פּלאן, און דאן וועסטו זיין גליקליך דיין גאנצען לעבען.

— איך שווער! האָט שמיר אויסגערופען — איך וועל טהאָן אלעס וואס דו וועסט פון מיר פארלאנגען.

— אויב אזוי, וועל איך דיר באהילפיג זיין דורכצופיהרען דעם פּלאן מיט וואָס נאָר איך וועל קענען — האָט פורה געזאָגט — איך וועל זיין אן עדות, ווען

דו וועסט מקדש זיין שאיליה׳ן, איך וועל צושטעלען א צווייטען עדות.

— יעצט זאָג מיר וואָס וועל איך דארפען טהאָן פאר דיר? — האָט איהם שמיר געפרעגט.

— דו ווייסט דאָך ווי גרויס מיין שנאה איז צו דער משפחה פון גלעד. איך האָב זיך געשוואָרען אָז זיי אלעמען נוקם צו זיין, און איך האָף, אז עס וועט שוין לאנג ניט נעמען און איך יועל קענען דורכפיהרען מיין שבועה... און ווען דו וועסט מיר נאָך באהילפיג זיין, וועל איך עם שנעלער קענען דרכפיהרען.

— איך וועל אלעס טהאָן פאר דיר! האָט שמיר איהם געענטפערט. איך ווייס, אז דו ביזט מיין איינציגער פריינד וואָס איך האָב אין מצפה, אָבער זאָג מיר וואָס דו פלאנעוועסט צו טהאָן?

— אזוי לאנג ווי יפתח וועט זיין דער הערשער וועט זיין אונמעגליך עפּעס צו טהאָן... נאָר פון דעם ווען מיר קענען רעדען שפּעטער, נאָכדעם יוי דער פלאָן וואָס איך האָב דיר יעצט געגעבען, וועט זיין איינגעגעבען... יעצט דארפסטו זעהן צו זיין אויף דער וואָך. דו וועסט מוזען זיין דער ערשטער אויסצוגעפינען ווען יפתח קעהרט זיך אום אין שטאָדט, און אזוי שנעל ווי א בליץ זאָלסטו לויפען אָנזאָגען שאיליה׳ן וועגען דעם.

---

טריאומפירענדיג פון דעם גרויסען נצחון וואָס יפתח האָט נאָר וואָס אָפּגעהאלטען איבער דעם ביטערסטען שונא פון זיין פאָלק, האָט זיך יפתח מיט זיין ארמעע גענומען אומקעהרען צוריק נאָך מצפה. גרים׳ען האָט מען געפיהרט געבונדען הענט און פיס.

— ניט ווייט פון דאנען איז דער פלאץ וואו דער פארפלוכטער גרים האָט ערמאָרדעט מיין מוטער — האָט יפתח זיך אָפּגערופען צו זיינע אָפיצערען, וועלכע האָבען געריטען ביי זיין זייט. איך וועל זיך יעצט מיט איהם אָפּרעכענען. אויף דעם זעלבען פלאץ וועט ער געטויטעט ווערען, אזוי ווי ער האָט געטויטעט מיין מוטער.

— נעהמט איהם ארונטער פון אייזעל! — האָט יפתח באפוילען — גרים וועט מוזען זיין שטראָף באקומען איידער מיר מארשירען אריין אין שטאָדט.

מען האָט גרים אראָפּגענומען פון אייזעל און איהם צוגעבראכט צו יפתח׳ן.

— דערקענסטו דיזען פלאץ? — האָט איהם יפתח געפרעגט.

— איך דערקען איהם. דאָ פלעג איך זיך גאנץ אָפט טרעפען מיט דיין מוטער! — האָט גרים געזאָגט.

— יע, דו האָסט זי געקענט צווינגען אהער צו קומען. אָבער מיט קיין מאכט אין דער וועלט האָסטו ניט געקענט צווינגען מיין מוטער צו זיין אומטריי צו מיין פאָטער.

— דאָס איז ריכטיג! — האָט גרים געזאָגט — ווען זי וואָלט געוואָלט פאַראטהען דיין פאָטער וואָלט זי זיכער איהר לעבען ניט פארלוירען... איך ווייס, אז דו ווילסט זיך אָן מיר נוקם זיין, דערפאר האָסטו מיך געבראכט אויף דיזען פלאץ... איך האָב אלץ איינס ניט וואָס צו פארלירען. דער קעניג פון עמון, ווייס וואָס איך האָב געוואָלט טהאָן צו איהם, און ווען איך זאָל זיך אומקעהרען קיין עמון, וועט ער מיט מיר טהאָן דאָס זעלבע וואָס דו וועסט טהאָן צו מיר.

— פארשאָלטען זאָלסטו ווערען צו גאָט פאר דיינע פיעלע פארברעכענס!

— האָט יפתח אויסגערופען — געלויבט איז גאָט וואָס ער האָט מיר געלאָזט לעבען ביז דער צייט ווען איך וועל קענען אויספיהרען מיין נקמה פלאָן אָן דיר.

— אריבער צוואנציג יאָהר האָב איך געלעבט נאָך דעם ווי איך האָב דיין מוטער ערמאָרדעט, איך האָב געהאט גליקליכע יאָהרען. דער קעניג האָט מיר

דורך דיזער צייט דערהויבען צו דעם העכסטען אמט...

— און יעצט וועסטו פארשטיינט ווערען און דיין קערפּער וועט איבערגעלאָזען ווערען פאר שפּייז פאר די פויגלען פון הימעל און פאר די חיות פון פעלד! — האָט יפתח געזאָגט.

— עס פּאסט ניט פאר א העלד ווי דו, צו טויטען א מענשען, וועלכער איז געבונדען הענט און פים! — האָט גרים געזאָגט. דו האָסט דאָך ניט וואָס מורא צו האָבען אז איך וועל ענטלויפען, דיינע מענשען זיינען דאָך ארום מיר.

— נעהמט ארונטער פון איהם די שטריק! — האָט יפתח באַפוילען.

מען האָט גרים'ן אָפּגעבונדען און ער איז געבליבען שטעהן אויף זיין פּלאַץ. פּלוצלונג האָט ער זיך א לאָז געטהאָן מיט גרויס אימפּעט, און איידער די מענשען האָבען באַוויזען זיך א יאָג צו טהאָן נאָך איהם, האָט זיך גרים ארויפגעכאַפּט אויף אן אייזעל וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון איהם, און גענומען לויפען.

— יאָ, דו אומווירדיגער רשע! — האָט יפתח א געשריי געטהאָן און זיך גענומען יאָגען נאָך איהם. די איבעריגע אָפּיצערען האָבען אויך געטהאָן דאָס זעלבע און א וויילע ארום איז שוין גרים געווען ארומגערינגעלט פון יפתח'ן און זיינע אָפּיצערען.

זיי האָבען איהם א נעהם געטהאָן און יפתח האָט זיך צו איהם פּאָנגערופען מיט א שמייכעל:

— דאָס איז דיין לעצטער פּארזוך זיך ארויסצודרעהען פון מיינע הענט... דו וועסט דארפען באַצאָהלען מיט דיין לעבען.

— זאָלען מיר איהם בינדען? — האָט אן אָפּיצער א פרעג געטהאָן יפתח'ן.

— עס איז ניט נויטיג! — ער וועט שוין מעהר ניט אנטלויפען.

מען האָט גרים'ען ווידער צוגעפיהרט צו דעם פּלאַץ און יפתח האָט א זאָג געטהאָן זאָל יעדער פון אייך אויפהויבען א שטיין.

די אָפּיצערען און סאָלדאטען, וועלכע זיינען געשטאַנען ארום האָבען אויפגעהויבען שטיינער.

— וואַרפט איהם די שטיינער! — האָט יפתח באַפוילען, און זאָל ער מיט זיין לעבען באַצאָהלען פאר די אומשולדיגע בלוט פון מיין מוטער וואָס ער האָט פארגאָסען.

זיי האָבען געטהאָן ווי יפתח האָט געזאָגט און באלד האָט זיך א שאָט געטהאָן שטיינער איבער גרים'ען. ער איז גלייך אומגעפאלען טויט...

פון ווייטען האָט זיך באַוויזען א רייטער אויף א פערד און איז באלד פארשוואונדען געוואָרען.

— דאָס איז געוויס א רייטער פון מצפּה — האָבען די אָפּיצירען גערעדט — ווען ער האָט אונז דערזעהן אז מיר קומען אָן, איז ער צוריקגעלאָפען אָנזאָגען די איינוואוינער פון שטאָדט.

— איצט קענען מיר מארשירען אין שטאָדט! — האָט יפתח זיך אָפּגערופען — מיר וועלען דאָרטען פייערען אונזער גרויסען זיעג וואָס גאָט האָט אונז געגעבען.

---

גאַנץ פריה איז שמיר אויפגעשטאַנען די לעצטע עטליכע טעג. מען האָט ערוואַרטעט יפתח'ן אין שטאָדט יעדען טאָג און שמיר האָט געוואָלט זיין דער ערשטער וואָס וועט דערזעהן יפתח'ן כדי ער זאָל קענען גלייך צוריקלויפען און אָנזאָגען שאילה'ן, פיליכט וועט זיך איהם איינגעבען דורכצופיהרען פּורה'ס פּלאַן...

יענעם פריהמאָרגען האָט שמיר באַמערקט ווי א מחנה האלט ביים ארונטערקומען פון די בערג פון גלעד. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אָן א זייט מיט זיין פערד פון וואַנען ער האָט געקענט גוט באַאָבאַכטען די אָנקומענדע ארמעע. ער האָט באַמערקט ווי יפתח רייט פאָראויס און ווי ער שטעלט זיך

אָפּ. באלד וועלען זיי אריינמארשירען אין שטאָדט מיט נצחון. שמיר האָט געפיהלט אז ער טאָר מעהר קיין צייט ניט פארלירען. ער מוז גלייך לויפען אַנזאָגען שאיליה'ן אז איהר פאָטער קומט אָן א זיעגרייכער פון דער מלחמה, און זאָל זי זיין די ערשטע איהם אנטקעגען צו קומען.

מיט גרויס אימפעט האָט ער זיין פערד געטריבען ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו יפתח'ס הויז. ווי ער האָט דערזעהן שאיליה'ן איז ער האסטיג צוגעלאָפען צו איהר און אויסגערופען מיט א פרעהליכע שטימע:

— איך האָב דיר געבראכט א גוטע בשורה! דיין פאָטער קומט אין אין שטאָדט מיט זיינע זיעגרייכע ארמעען

— מיין פאָטער! — האָט שאיליה אויסגערופען — ער קומט אָן אין שטאָדט! מיין פאָטער! דורך וואנען קומט ער אָן?

— איך בין געוועזן הינטער דער שטאָדט, האָב איך דיין פאָטער באמערקט ארונטערנידערענדיג פון גלעד'ס בערג און זיך פארנעמענדיג צו דעם וועג פון רעכטס.

— אָ, מיין פאָטער קומט אָן! —האָט שאיליה אויסגערופען מיט באגייסטערונג —איך וועל איהם אנטקעגען לויפען. גאָט האָט איהם באגליקט. ער האָט באזיעגט עמון. מיין פאָטער קומט אָן!

זי האָט גענומען א פּויק אין איהר האנט און איז געלאָפען געגען איהר פאָטער מיט געזאנג, צוטאנצענדיג און צוקלאפּענדיג מיט דעם פּויק.

— מיין פאָטער האָט באזיעגט עמון! ער קומט אָן א זיעגער! — האָט שאיליה מיט גרויס פרייד געזונגען. פילע פון די מיידלעך פון שטאָדט האָבען איהר דערהערט זיינען זיי ארויסגעקומען נאָך איהר מיט צימבלען, מיט הארפען און טרומייטען און האָבען איהר נאָכגעפאָלגט מיטזינגענדיג און מיטטאנצענדיג מיט שאיליה'ן.

פון ווייטען האָט מען שוין געקענט זעהן יפתח'ן רייטענדיג פאָראויס אויף זיין פערד און נאָך איהם די גאנצע ארמעע פון ישראל.

שאיליה האָט זיך א לאָז געטאָן פאָראויס. מיט אלע איהרע כוחות איז זי געלאָפען די ערשטע צו באגעגענען איהר פאָטער און צו באגריסען איהם צו זיין גרויסען זיעג.

יפתח און זיין ארמעע האָבען שוין אריינגעמארשירט אין מצפּה. פון ווייטען זעהט ער ווי די פרויען פון מצפּה קומען איהם אנטקעגען מיט געזאנג און טענץ. א גרויס פרייד צוגיסט זיך איבער זיין קערפּער. זיין הארץ קלאפּט פון גליק... וואָס פאר א כבוד מען וועט איהם באלד אין שטאָדט צוטיילען. גאָט האָט איהם געהאָלפען און ער האָט באזיעגט דעם געפעהרליכסטען שונא פון ישראל.. .איצט וועט ער ווערען דער הערשער פון גאנץ גלעד. און ווי לאנג צוריק איז עס וועז מען האָט איהם פון זיין שטאָדט פארטריבען... אָבער ער טראָגט איצט אין זיין הארצען צו קיינעם קיין שנאה ניט פאר דעם. גאָט איז מיט איהם. ער האָט איהם געהאָלפען באזיגען עמון. ער האָט דורכגעפיהרט זיין נקמה אָן גרים'ן... ווי גרויס וועט זיין די שמחה ביי אלע איינוואוינער פון מצפּה... צו זיינע אויערען דערגרייכען שוין די קלאנגען פון די צימבאלען און פּויקען. די יונגע מיידלאך און פרויען קומען איהם אנטקעגען באגריסען. זיי טאנצען און זינגען. אָבער ווער לויפט איהם דאָס אנטקעגען, אָפּגעטיילט פון די איבעריגע מיט א פּויק אין איהרע הענט? זאָל עס זיין שאיליה?

יפתח האָט אָנגעשטרענגט זיינע אויגען און זיך גוט צוגעקוקט. יע, זיין טאָכטער שאיליה לויפט איהם אנטקעגען...

אָ, גאָט! זיין בלוט איז אין איהם פארגליווערט געוואָרען. ער האָט באלד אָפּגעשטעלט זיין פערד. אָ בארימהארציגער גאָט! זיין איינציגע טאָכטער קומט ארויס די ערשטע אנטקעגען. ער האָט זיך געוואָלט אומקערען, אָבער הינ־

טער איהם זיינען די געדיכטע מאסע פון זיינע סאָלדאטען... און אָט איז זי שוין נאָהענט צו איהם...

— פּאָטער! פּאָטער! — האָט שאיליה מיט גרויס פרייד גענומען שרייען —פּאָטער, דאָס בין איך! דיין טאָכטער שאיליה! זיי באגריסט פּאָטער צו דיין גרויסען זיעג!... זי איז צוגעלאָפען צו איהם און אַרויפגעפאלען אויף זיין האלז און גענומען קושען. יפתח איז געבליבען שטעהן באוועגלאָז... זיין פּנים איז בלאס געוואָרען... אלץ ארום האָט זיך איהם גענומען דרעהען און שווינדלען פאר די אויגען...

— פּאָטער, וואָס איז מיט דיר! דערקענסטו מיר דען ניט?! פארוואָס קוקסטו אויס אזוי בלאס און צושראָקען?... אָ פּאָטער, ביסטו דען ניט גליקליך?...

יפתח האָט זיך באפרייט פון איהר אומארמונג און א טראָט געטאָן אויף צוריק:

— אָ, מיין טאָכטער, וואָס האָסטו געטאָן?! דו האָסט אויף מיר אַן אומגליק געבראכט. דו, מיין איינציגער טרייסט און גליק פון מיין לעבען האָסט מיין גליק צושטערט... אָ, וואָס האָסטו געטאָן.

יפתח האָט צוריסען זיינע קליידער פון זיך און ער האָט זיך פאנאנדערגעוויינט אויפ'ן קול: אָ, גרויס איז מיין בראָך... מיין טאָכטער, וואָס האָסטו צו מיר געטאָן!

— אָבער פּאָטער! האָט שאיליה אויסגערופען א צושראָקענע — וואָס האָב איך געטאָן? וואָס פאר אַן אומגליק האָב איך אויף דיר געבראכט... אָה, פּאָטער, זאָג מיר וואָס האָט פּאסירט, האָב איך דיר שלעכטעס געטאָן?... מיינע שונאים האָבען אויף מיר א בלבול געמאכט, איך בין ריין פון זינד... פּאָטער, איך בעט דיר צושטער ניט מיין שמחה... די מוטער וועט אויך באלד אָנקומען. דו ביזט דער העלד פון אונזער לאנד פארוואָס זאָלסטו פּלוצלונג זיך פיהלען אומגליקליך?...

— אָה, וואָס האָסטו צו מיר געטאָן!

—האָט יפתח ניט אויפגעהערט צו יאָמערען — דו ביזט מיין איינאיינציגע טאָכטער, און איך האָב אויפגעעפענט מיין מויל און א נדר געטאָן צו גאָט און איצט וועל איך מיינע רייד ניט קענען צוריקציהען... איך וועל מוזען מיין נדר מקיים זיין.

באלד זיינען אָנגעקומען די איבעריגע פרויען מיט זייערע צימבאלען און פּויקען. און ווי גרויס איז זייער איבעראשונג געווען ווען זיי האָבען באמערקט ווי יפתח, אנשטאָט צו זיין פרעהליך און גליקליך, יאָמערט און קלאָגט. זיינע קליידער זיינען צוריסען... זיי האָבען גלייך אויפגעהערט צו זינגען און שפּילען... זיי זיינען געבליבען שטעהן און צוגעקוקט מיט ווילדער ערשטוינונג צו אלץ וואָס קומט פאָר.

— פּאָטער, אָ פּאָטער! וואָס רעדסטו?! וואָס פאר א נדר האָסטו געטאָן צו גאָט...

— אָ, מיין קינד, מיין קינד! — האָט יפתח ארומגענומען זיין טאָכטער און זי צוגעדריקט צו זיך — מיין ליבעס קינד, ווי אומגליקליך איך בין. איך האָב א נדר געטאָן צו גאָט און איצט וואָס זאָל איך טאָן...

שאיליה האָט איינגעגראָבען איהר קאָפּ אין איהר פּאָטער'ס בוזים און זיך פארנאנדערגעכליפּעט. זי האָט געפיהלט ווי איהר פּאָטער'ס גאנצער קערפּער ווארפט זיך ווי אין קאָנוואולסען. זי האָט נאָך אלץ ניט פארשטאנען וואָס איהר פּאָטער מיינט מיט זיינע רייד... אָבער זי האָט געזעהן אז עפּעס שוידערליכעס קומט דאָ פאָר...

די גאנצע ארמעע איז געבליבען שטעהן הינטער יפתח'ן, און דאָ האָבען גענומען צוקומען נאָך מעהר מענער און פרויען פון שטאָדט צו באגעגענען זייער העלד. זיי זיינען אָבער געבליבען שטעהן פארוואונדערט ווען זיי האָבען געזעהן ווי די וועלכע זיינען געווען פאראוים זיינען געבליבען שטעהן ווי צוגעשמידט צו זייערע פּלעצער... א פירכטליכע

שטילקייט האָט געהערשט ארום... דאָס
כליפּען פון שאילה'ן און דאָס יאָמערען
פון יפתח'ן האָבען אָנגעפּיהלט די לופט.

— מיין טאָכטער, איך בין דער אומ־
גליקליכסטער מענש. אָ, פאר וואָס האָס־
טו אזוי געטאָן צו מיר... פארשאָלטען
זאָל ווערען דער טאָג פון מיין געבורטה...
איך בין געבאָרען געוואָרען צו זיין אומ־
גליקליך מיין גאַנצען לעבען...

באלד איז פון וויטען אָנגעקומען
נעמה. זי האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס
דאָ האָט פּאסירט. זי האָט באמערקט דעם
געלאָף אין שטאָדט און נאכהער האָט זי
געהערט אז איהר מאַן קומט אַן מיט
זיין ארמעע, איז זי פריהער געלאָפען אין
הויז אָנזאָגען די גליקליכע בשורה צו
איהר טאָכטער, ווען זי איז אריין אין
הויז און איהר ניט געפונען, האָט זי
פארשטאַנען, אז שאילה האָט זיך שוין
דערוואוסט וועגען דעם. זי איז דעריבער
שנעל געלאָפען צו באגעגענען איהר העל־
דישען מאַן...

ווען זי איז צוגעקומען עטוואָס נע־
הענטער צו דעם פארזאמעלטען המון
און באמערקענדיג די שטילקייט, האָט
איהר הארץ א צאַפּעל געטאָן... באלד
אָבער האָט זיך א גליקליכער שמייכעל
באוויזען אויף איהרע ליפּען. זי האָט
באמערקט פון וויטען ווי איהר מאַן און
איהר טאָכטער האַלטען זיך ארומגענומען.
איצט פארשטעהט זי פארוואָס עס
הערשט אזא שטילקייט ארום. יעדער איז
גערוהרט צו זעהן די ליעבשאַפט צווישען
פאָטער און טאָכטער.

נעמה האָט פארשנעלערט איהרע
טריט, אָבער וואָס הערען איהרע אויע־
רען א יאָמער און געוויין... איהר מאַן,
יפתח וויינט... און שאילה, זי כליפּעט
אין זיין בוזים, איהר קאָפּ האָט זיך איהר
גענומען דרעהען... וואָס באדייט עס...
אהן אז אָטעם איז זי צוגעלאָפען צו זיי
און מיט א היסטערישע שטימע אויסגע־
שריען:

יפתח, מיין מאַן, מיין טאָכטער?!
וואָס האָט פּאסירט, א גאָט, דו האָסט
דיינע קליידער צוריסען! האָסטו דען
ניט באזיגט דעם שונא?... וואָס באַ־
דייט עס, מיין גאָט!

נעמה האָט ארומגענומען איהר מאַן
און טאָכטער און מיט א ציטערענדע
שטימע אויסגערופען:

יפתח, מיין ליעבער מאַן, זאָג מיר,
וואָס האָט פּאסירט?...

— מיר זיינען אומגליקליך... זי איז
דאָך אונזער איינציג קינד. אָ גאָט, פאר־
וואָס קומט מיר אזוי באשטראָפט צו ווע־
רען! איך האָב א נדר געטהאָן צו גאָט
און יעצט איז שוין פארפאַלען...

— וואָס פאר א נדר האָסטו געטהאָן?
— האָט נעמה איהם מיט שרעק גע־
פרעגט.

— איידער איך האָב פארלאָזען אונ־
זער שטאָדט מיט מיין ארמעע, האָב איך
א נדר געטהאָן צו גאָט, אז ווען גאָט וועט
מיר צו הילף קומען און איך וועל
זיך אומקעהרען א זיעגרייכער פון
עמון, איז דאָס וואָס וועט ארויס־
קומען פון מיין הויז צום ערשטען
מיר ענטקעגען, וועל איך אָפּגעבען
פאר א קרבן צו גאָט... און יעצט
קומט שאילה די ערשטע פון מיין
הויז ארויס... אָ, פארוואָס ביזטו מיר
ענטקעגען געקומען?... מיין שמחה איז
יעצט אין טרויער פארוואנדעלט געוואָ־
רען... איך וועל מוזען מיין נדר מקיים
זיין! אָה, ווי שרעקליך!...

ווען נעמה האָט עס דערהערט, איז זי
געפאַלען איהר טאָכטער אויפ'ן האלז און
זיך ביטער פאנאנדערגעוויינט...

— איז דען קיין עצה ניטאָ, יפתח?
— האָט נעמה יאָמערענדיג געזאָגט...

— א שוידער נעמט מיך אָן צו טראַכ־
טען וועגען דעם, אָבער איך האָב א נדר
געטהאָן צו גאָט. און ער האָט מיר מיין
וועג באגליקט. איך האָב זיך צוריקגע־
קעהרט א זיעגרייכער פון דער מלחמה
מיט עמון, און איך וועל מיין נדר מוזען
ערפילען. אָה, מיין ליעבע טייערע טאָכ־
טער! — איז יפתח ווידער ארויפגעפאַ־
לען אויף איהר מיט א געוויין...

שאיליה האָט גלייך אָפּגעווישט איהרע טרעהרען און זיך אויסגעגלייכט.

— פאָטער! — האָט זי זיך אָפּגערופען — איך בין וויליג אָפּצוגעבען מיין לעבען פאר מיין פאָלק און לאנד. און נאָכדעם ווי דו האָסט א נדר געטהאָן, און גאָט האָט דיר געהאָלפען, און דו האָסט נקמה גענומען פון דיינע פיינט, די עמונים, דאן טו צו מיר ווי דו האָסט גערעדט...

— אָ, מיין טאָכטער, דו ביזט אזוי בראוו... אָבער ווי אזוי וועל איך דאָס קענען טהאָן... איך בין אומגליקליך... איך בין אומגליקליך...

— ניין, מיין טאָכטער! — האָט איהר נעמה צו זיך גערדיקט, איך וועל דיך ניט קענען אָפּגעבען, דו ביזט אלעס וואָס איך האָב... דו ביזט מיין איינציגע טרייסט...

דערווייל האָבען זיך די מענשען ביסלעכווייז דערנעהנטערט... פון מויל צו מויל האָט מען איבערגעגעבען דעם גרויסען אומגליק וואָס האָט פּאסירט צו זייער העלדישען פיהרען יפתח׳ן אין דעם טאָג פון זיין גרעסטען טריאומף...

פורה און שמיר זיינען געשטאנען אָן א זייט און ביידע האָבען אָנגעקוואָלען פון זייער פּלאן וואָס האָט זיך זיי איינגעגעבען.

— ענדליך דערזעה איך א נקמה אין דער משפּחה פון גלעד — האָט פורה אויסגערופען — באלד וועט זיך גלעד דערוויסען, וואָס יפתח וועט דארפען טהאָן צו שאיליה׳ן, און וועט עס איהם וועה טהאָן! איך האָב געהערט, אז ער האָט זיין איניקעל זעהר ליעב.

— מיר וואונדערט זיך וואָס גלעד און זיינע זיהן זיינען נאָך ניטאָ! — האָט שמיר זיך ארומגעקוקט.

— אָט קומען זיי אָן! — האָט פורה אָנגעציינט מיט זיין פינגער — לאָמיר צוגעהן עטוואָס נעהנטער, איך וויל גוט זעהן ווי אזוי גלעד וועט נעהמען דיזע נייעס... איך וויל הערען ווי ער וועט יאָמערען און קלאָגען אויף זיין אומגליק,

אָבער דאָס איז נאָך ניט אלעס, מיין האנט איז נאָך אויסגעשטרעקט... מיין דורשט נאָך נקמה איז נאָך ניט געשטילט געוואָרען...

באלד איז אָנגעקומען גלעד אין באַגלייטונג פון זיינע דריי זיהן... ער האָט דערזעהן ווי אלע רינגלען איהם ארום, און ער האָט געמיינט, אז דאָס איז צוליעב זיין נצחון, מען גיט איהם אָפּ כבוד. ווען אָבער ער איז נאָהענט צוגעקומען, און די מענשען וועלכע האָבען יפתח׳ן ארומגערינגעלט, האָבען מיט טרויער אָפּגעטראָטען, מאַכענדיג א וועג פאר גלעד׳ן, האָט ער זיך באלד דערוואוסט וואָס עס האָט פּאסירט.

גלעד האָט צוריסען זיינע קליידער פון צער און ער האָט וויינענדיג זיך אָנגערופען:

— מיין זוהן, ווי אזוי האָסטו געקענט טהאָן אזא נדר צו גאָט?!... עס איז אומגלויבליך!

— טייערער פאָטער, העלף מיר... איך האָב זיך ארויסגערעדט! איך האָב אויפגעעפענט מיין מויל צו גאָט און יעצט קען איך שוין ניט צוריקציהען מיינע רייד...

— ווי אזוי טוסטו עס אזא נדר צו גאָט? — האָט גלעד ניט אויפגעהערט צו שאָקלען מיט זיין קאָפּ...

— איך ווייס דאָך, אז מיינע שאָף פיטערן זיך ניט ווייט פון מיין הויז, האָב איך געמיינט, אז דאָס ערשטע וואָס איך וועל דערזעהן, ווען איך וועל זיך צוריקקעהרען א זיעגרייכער פון דער מלחמה מיט עמון, וועט זיין א שעפּעלע אָדער אַן אנדערע בהמה.

— ווי אזוי האָסטו עס געקענט טהאָן און ניט פאָראויסטראכטען טאָמער וועט דיר אנטקעגען קומען א בהמה טמאה?

— איך האָב דאן פון קיין זאך ניט געטראכט, בלויז, אז גאָט זאָל געבען און איך זאָל מיינע שונאים באזיעגען... און יעצט קען איך מיינע רייד ניט פארשוועכען...

— קום, לאָמיר אוועקגעהן צו מיר

אין הויז, מיר וועלן זיך באַטראַכטן פּילייכט וועלן מיר קענען געפינען אַן אויסוועג פון דיזער שווידערליכער לאַגע...

מיט אַ געבויגענעם קאָפּ פון צער און שמערץ איז יפתח געגאַנגען, אונטערהאַלטענדיג זיין פרוי און טאָכטער.

די אַרמיע הינטער יפתח'ן איז נאָכגעגאַנגען מיט אַ טרויעריגע שטילקייט. די פייערונג און שמחה וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען אין מצפּה צוליעב יפתח'ס גרויסען נצחון, איז אין טרויער פארוואַנדעלט געוואָרען. יעדער האָט מיטגעפיהלט יפתח'ס אומגליק. דורך דער קורצער צייט וואָט שאַליה איז געווען אין מצפּה, איז זי ביי אַלעמען באַליעבט געוואָרען... אַלע האָבען באַוואונדערט איהר שעהנקייט און גוטסקייט, זי איז געווען אַזוי צערטליך, אַזוי אומשולדיג, אַז זי האָט יעדען באַצויבערט.

שמיר און פּורה זיינען געווען די איינציגע, וועלכע זיינען געווען צופרידען פון אַלעם וואָס עס האָט דאָ נאָר־וואָס פּאַסירט; שמיר ווילע ער האָט גמיינט, אַז אָט באַלד, באַלד וועט זיין גאַנצער פּלאַן דורכגעפיהרט ווערען... שאַליה וועט ווערען זיין פרוי און דאָס וועט אַלעמען צופרידענשטעלען. ער וועט פאַררעכענט ווערען פאַר אַ העלד, ווייל ער וועט דורכדעם האָבען געראַטעוועט שאַליה'ן פון אַ זיכערען טויט...

— איך וויים ניט מיט וואָס איך וועל דיר קענען דאַנקבאַר זיין פּורה — האָט שמיר זיך אָפּגערופען — צו דיין קלוגשאַפט איז קיין גרעניץ ניטאָ. איך האָב שוין אויפגעגעבען מיין האָפענונג צו קריגען שאַליה'ן פאַר מיין פרוי. און יעצט האָסטו מיר ווידער געגעבען האָפּענונג... איך גלויב, אַז איך זאָל נאָך היינט צוגעהן אַהין... קום מיט מיר, דו וועסט זיין מיין עדות. און ביי דער ערשטער געלעגענהייט וועל איך זי מקדש זיין פאַר מיין פרוי.

— ניין, ניט היינט, וואַרט נאָך צו ביז מאָרגען... היינט וועט גאָר זיין שווער צוצוקומען אַהין... דו ווייסט דאָך, אַז זיי געפינען זיך יעצט אין גלעד'ס הויז און איך האָב דאָרטען קיין צוטריט ניט... מאָרגען ווען יפתח מיט זיין טאָכטער און פרוי וועלען זיין אין זייער וואוינונג, וועלען מיר ביידע צוגעהן אַהין, איך וועל זיך באַהאַלטען הינטער אַ בוים מיט נאָך אַן עדות, דו וועסט אַריינקומען אין יפתח'ס הויז און זאָגען, אַז דו האָסט זעהר וויכטיגעס צו ריידען מיט שאַליה'ן. און ווען זי וועט אַרויסקומען אין גאָרטען מיט דיר, וועסטו מיט איהר צוגעהן צו יענעם פּלאַץ וואו איך און דער צווייטער עדות וועלען שטעהן און פאַר אונז אין די אויגען וועסטו איהר מקדש זיין...

— איך וועל טהאָן ווי דו זאָגסט! — האָט שמיר אויסגערופען מיט באַגייסטערונג. מאָרגען וועלען מיר אַהין געהן.

דער טרויער און יאָמער אין יפתח'ס הויז איז נאָך גרעסער געווען, נאָכדעם ווי קיינער האָט ניט געפונען קיין מיטעל ווי אַזוי צו באַפרייען יפתח'ן פון זיין שרעקליכען נדר. נעמה האָט געקלאָגט און געוויינט, יפתח איז אַרומגעגאַנגען איבער'ן הויז און ניט אויפגעהערט צו יאָמערן...

שאַליה איז געווען די איינציגע, וועלכע האָט זיך באַרוהיגט, זי האָט געזעהן, אַז עס איז אומפאַרמיידליך, איהר פאָטער האָט זיך אַ נדר געטהאָן און גאָט האָט איהם געהאָלפען, יעצט וועט ער מוזען ערפילען זיין נדר צו גאָט... זי איז געווען געגרייט דערצו. יעצט האָט זי געזוכט צו באַרוהיגען איהרע עלטערן.

— מיר באַלאַנגען דאָך אַלע צו גאָט!

— האָט שאַליה זיי געגומען טרייסטען

— גאָט האָט אונז דאָס לעבען געגעבען, און ווען די צייט קומט פאָדערט ער עס צוריק פון אונז.

— אָבער דו, מיין טאָכטער, דו ביזט דאָך נאָך אַזוי יונג, דו האָסט נאָך גאָר ניט גענאָסען פון לעבען... אָ הלואי וואָלט איך דער קרבן געווען אנשטאַט

דיר מיין טאָכטער... אזא יונגע, צאַרטע בלום, זאָל דאַרפען אָפּגעהאַקט ווערען אין איהר רעכטען בליהען. האָט נעמה זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעוויינט

— און איך פיהל זיך גליקליך. אז איך וועל קענען מיין לעבען אָפּגעבען פאַר מיין גאָט און מיין פאָלק. יע, גאָט האָט ערפילט דיין וואונש, ליעבער פאָטער, דו האָסט באַזיעגט ישראל'ס שונא, יעצט דאַרפסטו מיט צופריעדענהייט ערפילען דיין צוזאָגט צו גאָט... דו דאַרפסט זיין מוטיג און בראַוו ווי דו ביזט עס געוועזן אין דער מלחמה מיט עמון און אין די פריהערדיגע מלחמות וואָס דו האָסט געפיהרט.

— א, פאַרוואָס האָט מען מיר פריהער ניט אָנגעזאָגט — האָט נעמה זיך אָפּגערופען מיט טרויער. צו מיין אומגליק בין איך גראָדע אין הויז ניט געוועזן אין יענער צייט. זאָג מיר, טאָכטער, ווער איז עס געוועזן דער יעניגער וועלכער איז דיר געקומען אָנזאָגען?

— ווער עס איז מיר געקומען אָנזאָגען אז דער פאָטער קומט אָן א זיעגרייכער? אָ. יע, דאָס איז געוועזן שמיר!

— שמיר?! — האָט נעמה אויסגערופען מיט צאָרן — אָ פאַרפלוכט זאָל ער ווערען.

— וואָס האָסטו צו איהם — האָט יפתח זיך געווענדעט צו זיין פרוי. ער האָט דאָך דערביי ניט געמיינט קיין שלעכטעס...

— ער האָט ניט געמיינט קיין שלעכטעס? — האָט נעמה געשאָקעלט מיט איהר קאָפּ, דאָס איז דאָך געוועזן זיין כונה... ער האָט געוואוסט פון דיין נדר און ער איז מיט א כיון געלאָפען איהר אָנזאָגען... אָ דער רשע!

— ווי איז עס מעגליך, פאַרוואָס זאָל ער וועלען טהאָן שלעכטעס צו אונזער טאָכטער.

נעמה האָט יפתח'ן דערצעהלט אלעס וואָס האָט פּאַסירט זינט ער איז אוועק אויף מלחמה, ווי אזוי שמיר איז צו איהר צוגעקומען און פאַרלאַנגט אז זי זאָל צושטימען איהם אָפּצוגעבען שאיליה'ן פאַר זיין פרוי. און ווי ער האָט איהר געסטראַשעט מיט די דאָקומענטען, אלעס האָט זי איהם דערצעהלט. אויך שאיליה האָט איהר פאָטער דערצעהלט ווי אזוי שמיר איז מיט עטליכע טעג צוריק צוגעקומען צו איהר אין גאָרטען און וואָס ער האָט מיט איהר גערעדט.

— אָ, דו אומווירדיגער שמיר! — האָט יפתח אויסגעשריען. ער האָט מיך פאַראומגליקט... ער האָט מיר פאַראורזאַכט דעם גרעסטען אומגליק... י ווען איך האָב איהם יעצט אין מיינע הענט, איך וואָלט איהם צום טויט דערשלאָגען.

— דו וועסט זיך מוזען באַהערשען, יפתח! — האָט איהם נעמה געזאָגט — דו דאַרפסט ניט פאַרגעסען. אז ער איז אהער געשיקט געוואָרען פון דעם שבט אפרים און דו וועסט איהם קיין שלעכטס ניט טהאָן.

— ווען ער האָט אזא זאַך געטהאָן צו מיר, האָט ער דעם טויט פאַרדינט! — האָט יפתח מיט פאַרביטערונג אויסגערופען. אָבער וואָס זאָלען מיר יעצט טהאָן?

— זאָלען די עלטסטע פון שטאָדט צוזאַמענגערופען ווערען אין אונזער הויז, און מיר וועלען זיך מיט זיי באַראַטהען, מיר וועלען הערען וואָס זיי האָבען צו זאָגען וועגען דעם.

— איך האָב שוין מעהר קיין האָפענונג. מיר דוכט זיך, אז קיינער וועט מיר ניט קענען העלפען... האָט ער מיט יאוש געזאָגט...

— זאָלען אלע שופטים און זקנים מיטקומען. מיר וועלען פיליייכט געפינען אן עצה.

— גוט, איך וועל אליין געהן רופען די עלטסטע פון שטאָדט, מעגליך אז זיי וועלען אונז קענען העלפען מיט אן עצה! — האָט יפתח געזאָגט.

— אָבער פאָטער, דו מוזט פריהער עפּעס עסען. דו האָסט דאָך גאָר ניט

געהאט אין מויל זינט דו האָסט זיך אומגעקעהרט פון דער מלחמה.

— אָה, ווי קען איך עסען, ווען מיין טרויער איז אזוי גרויס!

— ניין, פאָטער, דו דארפסט ניט טרויערען. איך בין גליקליך וואָס איך בין אויסדערוועהלט געוואָרען צו זיין דער קרבן פאר גאָט; איך וועל געהן מיט צופרידענהייט, אזוי ווי אונזער עלטער זיידע, יצחק, איז געגאנגען צו דער עקידה...

נעמה און יפתח האָבען ארונטערגעבויגען זייערע קעפּ און געוויינט. יפתח האָט זיך ארויסגעשאַרט פון הויז און איז אוועק צו די זקנים און שופטים פון שטאָדט.

— איהר ווייסט פון מיין גרויסען אומגליק, קומט צו מאָרגען אין מיין הויז און מיר וועלען זיך אלע באראטהען, פיליכט וועלען מיר געפינען א וועג וועגען מיין שרעקליכען נדר.

די חכמים האָבען איהם פארשפּראָכען און יפתח איז צוריק אוועק אהיים.

די גאנצע נאכט האָט מען אין יפתח'ס הויז פארבראכט אין טרויער און אין געוויין. יפתח'ס פאָטער מיט זיינע אנדערע זיהן זיינען ביז שפּעט אין דער נאכט געוועזן, און האָבען געזוכט צו בארוהיגען די אומגליקליכע פאָטער און מוטער.

— מיין גרויסער אומגליק איז צו מיר געקומען אין דער צייט ווען איך האָב דערגרייכט מיין גרעסטען גליק... מיט אזוי פיעל האָפנונגען און ערווארטונגען בין איך אָנגעקומען אין שטאָדט. נאָך אזא גלענצענדען זיעג, ווען דער קעניג פון עמון איז מיר צו די פיס געפאלען און געבעטען איך זאָל מיט איהם שלום שליסען. אלע מיינע פאָדערונגען האָט ער נאָכגעגעבען. אנשטאָט וואָס ישראל איז געווען אונטערטעניג צו איהם און געצאָהלט עמון צינזען, וועט ער יעצט זיין אונטערטעניג צו אונז און צאָהלען אונז שווערע צינזען. גאָט האָט געגעבען און מיין גרעסטער שונא, גרים, דער מערדער פון מיין מוטער, איז ארייננעפאלען אין מיינע הענט און איך האָב זיך מיט איהם אָפּגערעכענט פאר אלעם וואָס ער האָט געטהאָן צו מיין מוטער און צו מיין פאָלק... און איך קעהר זיך אום מיט אזוי פיעל פרייד, איך ווייס אז איך וועל ווערען דער הערשער פון גלעד, און דאָ קומט מיר אנטקעגען דער גרעסטער אומגליק. מיין איינציגע טאָכטער קומט מיר אנטקעגען און איך האָב זיך ארויסגערעדט אזא נדר צו גאָט... אָה, גאָט, איך בין געבאָרען געוואָרען צו ליידען... מיט וואָס האָב איך אזוי געגען דיר געזינדיגט?

יפתח'ס פאָטער און זיינע ברידער האָבען איהם מעהר ניט געקענט טרייסטען. זיי האָבען אומגעדרעהט זייערע קעפּ און אליין אויך געוויינט.

---

אויף מאָרגען אין דער פריה איז שמיר אוועק צו פורה'ן און ביידע האָבען אָפּגעמאכט, אז היינט וועט עס געשעהן: שמיר וועט ארייננקומען צו יפתח'ן אין הויז און ער וועט איהם זאָגען, אז ער האָט זעהר וויכטיגעס פאר זיין טאָכטער, און ווען זי וועט ארויס אין דרויסען וועט ער איהר מקדש זיין פאר פורה'ן און א צווייטען עדות אין די אויגען, און דאן וועט זי געהערען צו איהם... יפתח און נעמה וועלען זיך יעצט געווים שעצען גליקליך, ווייל דורך דעם וואָס ער וועט זי מיט גוואלד מקדש זיין וועט שוין יפתח מעהר קיין דעה ניט האָבען איבער איהר און ער וועט ניט קענען דורכפיהרען זיין נדר.

— איך וועל זיך מוזען באהאלטען עטוואָס ווייטער פון יפתח'ס הויז — האָט פורה געזאָגט צו שמיר'ן — ווייל יפתח ווייס, אז איך בין א שונא פון זיין משפּחה און דאריבער וועט זיין גלייכער, אז ער וועט מיר ניט זעהן ביז וואנען דו וועסט פארטיג ווערען.

זיי האָבען געקראָגען נאָך איינעם פאר אן עדות און זיי האָבען זיך דערנעהענטערט צו יפתח'ס וואוינונג. פורה און דער צווייטער עדות האָבען זיך באהאל-

טען הינטער די בוימער, ביים וועג וואָס האָט געפיהרט צו דעם אריינגאנג פון דעם גאָרטען. שמיר איז צוגעגאנגען צו יפתח׳ס טיהר און איז א ווײַלע געבליבען שטעהן. נאכהער האָט ער אָן עפען געטהאָן די טיהר און איז אריין אינווייניג.

— אָט איז ער, אָט דער רשע! — האָט נעמה אויסגעשריען מיט פארביטערונג — ער האָט אונז אלעמען פאראומגליקט. יפתח׳ס צאָרן האָט אין איהם געברענט... ער האָט זיך אָבער באהערשט און איז צוגעגאנגען צו שמיר׳ן און איהם געפרעגט:

— וואָס פארלאנגסטו?

— המ... איך וויל ריידען מיט דיין טאָכטער אין דרויסען... יע, מיט שאיליה׳ן וויל איך ריידען!

— וואָס?! — האָט יפתח איהם א נעהם געטהאָן מיט זיינע ביידע הענט און איהם א הויב געטהאָן — דו האָסט נאָך אונז ניט גענוג צרות פארשאפט, דו אומווירדיגער יונג! ווי וואגסטו גאָר מיין טאָכטערס נאָמען צו דערמאָהנען אויף דיינע אומריינע ליפען.

— פורה... ער האָט מיר געהייסען דאָס טהאָן! — האָט שמיר זיך געטרייסעלט אין יפתח׳ס הענט.

יפתח האָט איהם ארויסגעשליידערט דורכ׳ן טיהר און שמיר האָט זיך צוויי מאָל איבערגעקוליעט און איז געבליבען ליגען א ווײַלע אויף דער ערד. נאכהער האָט ער זיך אויפגעהויבען, אפגעטרייסעלט די שטויב פון זיך און פון זיין מויל האָבען זיך גענומען שיטען קללות אויף יפתח׳ן און אויף זיין משפחה. פורה און דער צווייטער האָבען דאָס אלעס צוגעזעהן און א טויט שרעק איז זיי ביידען באפאלען. זיי האָבען זיך גענומען דערווייטערען פון יפתח׳ס הויז. און ווען שמיר האָט גענומען געהן האָבען זיי איהם צוגערופען און פארשנעלערט זייערע טריט.

— דאָס וועט איהם ניט געשאָנקען ווערען! — האָט שמיר געקריצט מיט זיינע צייהן, — איך וועל איהם ציינען וואָס איך קען טהאָן...

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אז דו וועסט מיט יפתח׳ן גאָר ניט קענען טהאָן.

— איך האָב איהם געזאָגט, אז דאָס איז געוועזן דיין עצה! — האָט שמיר זיך אָפּגערופען — אָבער ער האָט זיך צו מיר ניט צוגעהערט. איך וועל שוין וויסען וואָס צו טהאָן.

— און דו האָסט מיין נאָמען דערמאָהנט? — האָט פורה מיט שרעק געזאָגט — פארוואָס האָסטו עס געטהאָן?

—ווען יפתח האָט מיר אויפגעהויבען און שטייף געהאַלטען אין זיינע הענט האָב איך געמיינט, אז ער וועט מיר שוין קיין לעבעדיגער פון זיינע הענט ניט ארויסלאָזען... האָב איך איהם געזאָגט...

— יעצט וועלען מיר ביידע מעהר ניט קענען פארבלייבען אין מצפה — האָט פורה געזאָגט — מיין עצה איז, אז דו זאָלסט גלייך אוועקגעהן צו דיין שבט און זיי דערצעהלען, אז יפתח האָט אליין געשריבען די דאָקומענטען און א סימן האָבען זיי, אז אלעס איז ריכטיג, אז ווען ער איז ארויסגעקומען מלחמה האַלטען מיט עמון, האָט ער דעם שבט אפרים אפילו גאָר ניט איינגעלאַדען... דאָס וועט זיכער אויפרייצען דיינע ברידער און זיי וועלען קומען זיך מיט איהם אָפּרעכענען. און דאַן וועט שוין ווערען א סוף צו יפתח׳ס הערשאפט אין גלעד.

— אזוי וועל איך טאקע טהאָן! — האָט שמיר געדריקט מיט זיין פויסט— איך געה נאָך היינט אוועק צוריק צו מיינע ברידער.

—איך וועל מיט דיר מיטגעהן! — האָט פורה געזאָגט — איך וועל דיינע רייד באשטעטיגען און דערצו וועל איך נאָך צוגעבען מיין אייגענע מיינונג וועגען יפתח׳ן און איך פארזיכער דיר, אז דאָס וועט זיי נאָך מעהר אויפרייצען. זיי וועלען דאַן זעהן, אז דו ביזט גערעכט.

— און יעצט, ווען יפתח ניט נאָר פאַרלירען זיין איינציגע טאָכטער, ער וועט אויך פאַרלירען זיין גדולה... די העלדען פון אפרים וועלען איהם באַוויי־זען ווי אזוי זיי צו באַליידיגען.

דעם זעלבען טאָג האָבען שמיר און פורה פאַרלאָזען מצפה און אריבערגע־גאַנגען דעם ירדן, צו געהן אין דעם לאַנד פון אפרים.

---

אין יפתח'ס הויז זיינען זיך צוזאַמענ־געקומען די זקנים און חשוב'ע לייט פון מצפה, זיך צו באַראַטהען וואָס צו טהאָן מיט יפתח'ס נדר.

צווישען זיי איז אויך געווען גלעד, יפתח'ס פאָטער.

— זאָג אונז, יפתח — האָט איינער פון די זקנים זיך אָפּגערופען — ווען האָסטו דעם נדר געטהאָן?

— איידער איך האָב פאַרלאָזען מצפה מיט מיין אַרמיי. איך האָב מתפלל געווען צו גאָט און דערנאָך האָב איך דעם נדר געטהאָן... מיר איז גאָר ניט איינגעפאַלען, אז עס וועט פּאַסירען אזוי... איך ווייס יעדען מאָל ווען איך קעהר זיך אום אהיים, טרעף איך מיינע שעפּעלאַך, וועלכע פיטערען זיך גאַנץ אָפט ביי די זייטען פון וועג... און זיי דערקענען מיך. ווייל עס פלעגט טרעפען, אז זיי פלעגען מיר אנטקעגען קו־מען, ווי זיי וואָלטען פאַרשטאַנען, אז איך בין זייער האר... און ווען איך האָב דעם נדר געטהאָן, האָב איך אין זינען געהאַט, אז די ערשטע שעפּעלע אָדער בהמה וואָס וועט מיר אנטקעגען קומען...

איינער פון די זקנים האָט זיך אויפ־געשטעלט פון זיין פּלאַץ און אָפּגערו־פען:

— אין אונזער הייליגער תורה שטעהט געשריבען: "ווען א מאַן טהוט א נדר צו גאָט, אָדער ער שווערט א שבועה, זאָל ער ניט פאַרשוועכען זיינע רייד, אלעס וואָס ער האָט ארויסגערעדט פון זיין מויל זאָל ער טהאָן". דאָס מיינט, אז ווען א מאַן זאָגט איין זאַך און טראַכט א צווייטע זאַך, דאַרף ער טהאָן וואָס ער האָט געזאָגט און ניט וואָס ער האָט געטראַכט... און איצט, ווען דו האָסט ארויסגערעדט אזא נדר, און ניט געזאָגט בפירוש, אז ווען איינע פון דיינע בהמות וועלען דיר אנטקעגען קו־מען, נאָר דו האָסט געזאָגט: "דאָס וואָס וועט מיר דאָס ערשטע אנטקעגען קומען פון מיין הויז וועל איך ברענגען פאַר א קרבן, און אזוי ווי דיין טאָכטער איז געווען די ערשטע, וועלכע איז דיר אנטקעגען געקומען, איז צום גרויס בא־דויערען קיין עצה ניטאָ. דו וועסט מו־זען טהאָן אזוי ווי דו האָסט זיך ארויס־גערעדט.

ווען יפתח און נעמה האָבען דערהערט די דאָזיגע רייד האָבען זיי אויפסניי אויסגעבראָכען אין א יאָמער.

— אָה, אונזער איינציגע טאָכטער, זי איז דאָך אזוי יונג און צאַרט!

— דו האָסט מיט גאָט א תנאי גע־מאַכט — האָט א צווייטער זקן זיך אָפּ־גערופען — דו האָסט געזאָגט, אז אויב גאָט וועט איבערגעבען דיינע שונאים אין דיינע הענט, וועסטו מקריב זיין פאַר א קרבן וואָס וועט דיר צום ערשטען אנטקעגען קומען. יעצט, גאָט האָט ער־פילט זיין טייל פון דעם תנאי, ער האָט איבערגעבען עמון אין דיינע הענט און דאַריבער וועסטו מוזען דערפילען דיין טייל פון דעם תנאי.

— אָבער אונזער גאָט וויל דאָך ניט קיין קרבנות פון מענשען... אונזער תורה פאַרבאָט דאָך צו דיענען גאָט מיט מענשליכע קרבנות — האָט גלעד אויס־גערופען — ווי אזוי וועט מען דען קענען טהאָן אזא זאַך; וועט יפתח דערמיט וואָס ער וועט מקריב זיין שאילה'ן ניט באַגעהן א גרעסערע זינד געגען גאָט, ווי די זינד פון ניט מקיים זיין זיין נדר?

— מעגליך אז די זינד איז גרעסער, אָבער מיר דאַרפען ניט פאַרגעסען, אז ווען יפתח וועט זיין נדר ניט קיים זיין וועט אונזער גאַנצער פאָלק זיין גע־דראָהט פון אונזערע שונאים. גאָט וועט

זיין צאָרנדיג אויף אונז אַלעמען און ער וועט אונז א צווייטען מאָל ניט וועלען העלפען געגען אונזערע שונאים... און אויסער דעם וועט עס זיין א ביישפּיעל פאַר אנדערע צו מאַכען נדרים צו גאָט און זיי ניט דערפילען.

—אויב אזוי איז קיין אנדער אויסוועג ניטאָ פאַר מיר ווי מקריב צו זיין מיין איינציגע ליעבע טאָכטער פאַר א קרבן צו גאָט! — האָט יפתח מיט יאוש געזאָגט.

— איך האָב מורא, אז דאָס איז דער איינציגער וועג. דו ווייסט דאָך ווי שטארק עס טהוט אונז וועה ד״ר אזא ראטה צו געבען, אָבער דאָס שיינט צו זיין די איינציגע זאך צו טהאָן.

— אָה, ניין, ניין! — האָט נעמה אויסגערופען מיט טרעהרען — מיין טאָכטער, מיין איין איינציגע קינד!

— וואו איז שאיליה? — האָט גלעד א פרעג געטהאָן.

— אין איהר צימער — האָט יפתח געענטפערט.

יפתח איז אריין צו שאיליה׳ן און איז באלד מיט איהר ארויסגעקומען.

— שיק איהר אריין! — האָט גלעד געזאָגט — זאָלען די זקנים זעהן ווי יונג און אומשולדיג זי איז, פיליכט וועט מען פאָרט עפּעס קענען טהאָן.

ווען די זקנים האָבען זי דערזעהן, האָבען זיי ניט נאָר באוואונדערט איהר אויסערגעוועהנליכע שעהנקייט, נאָר אויך די רוהיגקייט און געלאסענקייט, וואָס איז געווען אויסגעגאָסען אויף איהר פּנים.

— האָסטו געהערט ווי דער פאָטער האָט דעם נדר געטהאָן? — האָט אן עלטערער איד איהר געפרעגט.

— ניין! — האָט שאיליה געענטפערט.

— און פון וואנען האָסטו זיך דערוואוסט אז דיין פאָטער קומט אָן, איידער די איבעריגע פון שטאָדט האָבען זיך דערוואוסט?

— שמיר, פון דעם שבט אפרים איז געקומען מיר אָנזאָגען.

— איך האָב אלע מאָל געוואוסט, אז דער אפרתי וועט ברענגען צרות אויף אונז — האָט נאָך איינער א זאָג געטהאָן.

— היינט אין דער פריה איז ער אין מיין הויז געקומען און איך האָב איהם דורך דער טיהר ארויסגעשליידערט — האָט יפתח געזאָגט — איך ווייס אז ער האָט עס געטהאָן אויס נקמה. ער האָט מיר געזאָגט אז אויף פורה האָט אין דעם א האנר.

— ביידע זיינען פערדאָרבענע מענשען און זיי וועלען מוזען פאַר דעם בעשטראָפט ווערען — האָט א זקן געזאָגט. לאָמיר שיקען זיי רופען און מיר וועלען אויספאָרשען וואָס זיי האָבען צו דיר געהאט, זיי זאָלען דיר אזא אונגליק פעראורזאכען.

יפתח האָט זיי דערצעהלט וואָס ער האָט זיך דערוואוסט וועגען שמיר׳ן.

— ער וועט פאַר דעם מוזען בעשטראָפט ווערען! — האָבען די זקנים בעשלאָסען.

— מיר וועלען דארפען זיין פאָרזיכטיג. אונזערע בעציהונגען מיט דעם שבט אפרים זיינען אזוי אויך אָנגעצויגען, און ווען מיר וועלען איהם בעשטראָפען וועט עס ארויסרופען בייז בלוט צווישען זיי און אונז.

— ער טאָר זיך אָבער מעהר אין אונזער שטאָדט ניט געפינען.

— לאָמיר שיקען איהם רופען און הערען וואָס ער האָט וועגען דעם צו זאָגען, און נאכהער וועלען מיר שוין קענען בעשליסען וואָס צו טהאָן מיט איהם.

די זקנים האָבען דורך אימיצען געשיקט רופען שמיר׳ן, אָבער יענער האָט זיך אומגעקעהרט מיט לעדיגען.

— איך האָב געהערט אז שמיר האָט נאָך היינט פערלאָזען מצפּה. ער האָט געזאָגט אז ער קעהרט זיך אום צו זיין שבט.

— קיין גרעסערען פערלוסט זאָלען מיר ניט האָבען! — האָט גלעד געזאָגט — אָבער וואָס זאָלען מיר טהאָן וועגען

מיין זוהן׳ס נדר? מיר טאָרען דאָך ניט דערלאָזען אז אזא זאך זאָל פּאסירען.

— איך האָב מורא אז עס איז גאָר קיין עצה ניטאָ! — האָט דער עלטסטער פון זיי אויסגערופען — יפתח וועט מוזען טהאָן ווי ער האָט זיך ארויסגערעדט.

— און מיין טאָכטער וועט אומגעבראכט ווערען אלס א קרבן! — האָט נעמה זיך ווידער צויאָמערט.

— אָ, מוטער! — האָט שאיליה איהר געגומען האלזען און קושען. — איז עס דען ניט דאָס גרעסטע גליק צו זיין א קרבן צו אונזער הייליגען גאָט? איך בין געגרייט, מוטער, איך בעט דיך, בערוהיג זיך. זאָל מיין פאָטער טהאָן צו מיר ווי ער האָט ארויסגערעדט פון זיין מויל, און גאָט וועט דערפאר ברענגען גליק אויף אלע אונזערע ברידער. אונזערע שונאים וועלען אונז שוין מעהר קיינמאָל ניט אונטערדריקען.

— אָבער אונזער גאָט פערלאנגט ניט קיין מענשליכע קרבנות, און איך בין זיכער אז די זינד מקריב צו זיין א מענשליכען קרבן וועט זיין גרעסער ווי די זינד ניט מקיים צו זיין א נדר! — האָט גלעד געזאָגט.

— האָבען מיר דאָך שוין ערקלעהרט, אז יפתח׳ס נדר ריהרט אָן דאָס גליק פון אונזער גאנצען פאָלק. און ער וועט דארפען זעהר פאָרזיכטיג זיין, — האָט א זקן געזאָגט — איך האָב מורא אז יפתח וועט מוזען ערפילען זיין נדר.

— מיין זוהן׳ס נדר איז געווען אז וואָס עס וועט איהם צום ערשטען אנטקעגען קומען, וועט ער אָפּגעבען צו גאָט — האָט גלעד ווייטער געזאָגט — דאָס קען דאָך מיינען, אז זיין טאָכטער שאיליה דארף געהערען צו גאָט... זי וועט דארפען זיין אָפּגעזונדערט פון אלעמען, זי וועט ניט טאָרען הייראטען. זי וועט זיין הייליג, און בעלאנגען נאָר צו גאָט. דערמיט, גלויב איך, וועט שוין יפתח האָבען מקיים געווען זיין נדר און שאיליה וועט ניט דארפען שטארבען.

א קליינע ווילע האָט געהערשט א שטילקייט צווישען די זקנים. יעדער פון זיי האָט געקנייטשט מיט׳ן שטערען און בעטראכט גלעד׳ס פאָרשלאָג.

— איך גלויב אז דו ביזט גערעכט, גלעד! — האָט זיך איין זקן אויפגעשטעלט פון זיין פלאץ — דאָס איז א גליקליכער איינפאל. זי זאָל געהייליגט ווערען און געהערען איהר גאנץ לעבען צו גאָט!

— און מיין טאָכטער וועט בלייבען לעבען! — האָט נעמה מיט פרייד אויסגערופען.

— איך וועל ניט זיין געצוואונגען איהר מקריב צו זיין פאר א קרבן?! — האָט יפתח אויסגעשטארטשעט זיינע אויגען.

— דאָס וועלען מיר נאָך דארפען בעשליסען — האָט דער עלטסטער א זאָג געטהאָן.

מיט בעטענדע בליקען האָבען יפתח און נעמה געקוקט אויף די זקנים, וועלכע האָבען צווישען זיך גערעדט און בעטראכט גלעד׳ס פאָרשלאָג. זייערע הערצער האָבען שטארק געקלאפט.

נאָך דעם ווי זיי זיינען געקומען צום בעשלוס, האָט זיך דער עלטסטער פון די זקנים אָבגערופען:

— מיר גלויבען אז דאָס וועט זיין אויך גאָט׳ס וואונש, אום יפתח זאָל זיין נדר מקיים זיין, וועט זיין געגוג, ווען ער וועט אָפּגעבען זיין טאָכטער אין גאנצען צו גאָט. שאיליה וועט איהר גאנץ לעבען ניט טאָרען הייראטען. זי וועט מוזען זיין אָפּגעזונדערט פון מענשען. דו וועסט בויען א הויז פאר איהר אויף איינעם פון די הויכע בערג ארום דער שטאָדט, און דאָרטען וועט זי זיין אליין. בלויז איהר שפייז וועט צו איהר געבראכט ווערען. זי וועט בעטראכט ווערען אלס א הייליגע צו גאָט, און נאָר דורך דעם וועסטו זי ראטעווען פון טויט.

יפתח איז ארויפגעפאלען אויף זיין פאָטער און איהם גענומען האלזען און קושען.

— אָ, פאָטער, דו האָסט מיך ערפרעהט, שאיליה וועט ניט דארפען שטארבען!

— אָבער איך וועל זי אלץ איינס מעהר ניט טאָרען זעהן! — האָט נעמה טרויעריג געזאָגט.

— אָבער זי וועט דאָך בלייבען לעבען! זי וועט ניט דארפען געבראַכט ווערען פאר א קרבן. נעמה, דו דארפסט זיך שעצען גליקליך. אונזער טאָכטער איז נעראטעוועט געוואָרען.

יפתח און נעמה האָבען ארומגענומען שאיליה'ן און זי געהאלזט און געקושט.

— אונזער טאָכטער, אונזער איין איינציג קינד, מיר וועלען קומען יעדען טאָג בלויז א קוק צו טהאָן פון וויטען אויף דיר. איך האָף אז דאָס וועט אונז ערלויבט ווערען — האָט נעמה געווישט איהרע טרעהרען.

— דאָס וועט אויך מוזען בעשטימט ווערען דורך די עלטסטע און שופטים פון אונזער שטאָדט! — האט גלעד געזאגט — אויב ניט יעדען טאָג, וועט איך וויינינגסטענס ערלויבט ווערען איין מאָל א וואך. אבי זי זאָל נאָר לעבען. זי וועט ווערען א הייליגע, און גאָט וועט עס איינוויליגען אזוי ווי דו וואָלסט זי מקריב געווען פאר א קרבן.

— יעצט וועסטו דארפען בויען א הויז אויף דעם העכסטען בארג! — האט גלעד געזאגט — און דערווייל וועט זי געהן אהין יעדען טאָג מיט איהרע פריינדינס ביז וואנען עס וועט פארטיג ווערען.

---

שמיר און פורה זיינען אנגעקומען אין דעם שבט פון אפרים. דעם גאנצען וועג האבען זיי ביידע געפלאנעוועט ווי אזוי אויפצורייצען די איינוואָהנער פון אפרים. ווען זיי זיינען אנגעקומען אהין האט שמיר צונויפגערופען די פאָרשטעהער פון שבט און זיך צו זיי אפגערופען:

— דורך דער צייט וואס איך האב זיך געפונען אין מצפה, האב איך פיעלע זאכען אויסגעפונען. איך האב אויסגעפונען אז די דאקומענטען זיינען ניט קיין געפעלשטע. אמת, גלעד האָט זיי ניט געשריבען, אבער זיי זיינען געשריבען געווארען פון יפתח'ן, זיין זוהן. ע־

האט פון שטענדיג אָן געטראגען א שנאה אויף אונזער שבט און יעצט אז ער איז געווארען דער הערשער פון גאנץ גלעד, איז נאָך זיין שנאה צו אונז פערשטארקט געווארען, און ווען ער איז געגאנגען מלחמה האלטען מיט עמון, האט ער אפילו ניט געפונען פאר נויטיג אונז איינצולאדען.

דער צאָרן פון די פאָרשטעהער האט געברענט.

— מיר טאָרען איהם ניט שענקען פאר דיזער בעליידיגונג, ער האט אפילו ניט געפונען פאר נויטיג אונז אנצוזאגען אז ער געהט מלחמה האלטען — האט איינער פון די פאָרשטעהער אויסגערופען.

— איידער יפתח איז ארויס מלחמה האלטען מיט עמון, האב איך איהם געראטהען ער זאל שיקען אן איינלאדונג צו מיינע ברידער פון דעם שבט אפרים, אבער ער האט זיך אויסגעלאכט פון מיר. "ווער זיינען זיי אָט די מענשען פון אפרים? זיי האבען פוסטע שטאָלצע קעפ! — האט ער מיר געזאגט—זיי האלטען זיך פאר גבורים אבער זיי ציטערען פאר זייערע אייגענע שאטענס. ניין, איך דארף ניט זיי זאלען מיר קומען צו הילף.

— אזוי האט יפתח גערעדט?—האָבען די פאָרשטעהער אויסגערופען מיט צאָרן.

— אָט דער מאן, פורה, איז דערביי געווען, ער האט אויך געהערט וואס איך האב גערעדט מיט יפתח'ן און וואס ער האט מיר געענטפערט, ווען ער האט דערהערט אזעלכע רייד פון יפתח'ן, איז ער אליין אויפגעבראכט געווארען, און ער האט מיר געזאגט אז ער וויל ניט פערבלייבען אין דיזען לאנד וואו אזא שלעכטער הערשער ווי יפתח וועט רעגיערען.

פורה איז צוגעגאנגען נעהענטער און האט זיך פארנייגט:

— איך בין א פרעמדער יעצט צווישען אייך, אבער איך האָף אז איהר וועט מיר פון היינט אָן פערעכענען פאר איי־

נעם פון אייך. יע, ווען איך האב געהערט אזעלכע רייד פון יפתח'ן האב איך בעשלאָסען צו פערלאָזען מצפה און געהן מיט שמיר'ן, און בפרט נאכדעם ווי איך האב אויסגעפונען אז יפתח האט די דאקומענטען געשריבען.

— פון וואנען האסטו דאס אויסגעפונען? — האט איינער פון די פאַרשטעהער געפרעגט שמיר'ן.

— דאס האט מיר נעמה, יפתח'ס פרוי געזאגט. זי האט געהאָפט אז איך וועל נעהמען איהר טאָכטער פאר א פרוי, האט זי מיר אלעס אנפערטרויט. און כאָטש איהר טאָכטער איז ווירקליך זעהר שעהן, האב איך דאָך זיך ענטזאגט צו פערבינדען מיט א משפחה וואס איז אזוי פיינדליך געשטימט געגען מיינע ברידער.

די פאַרשטעהער האבען זיך געהיצט און געשטורעמט.

— דאס וועט יפתח'ן ניט טאָרען געשענקט ווערען. מיר וועלען איהם צייגען וואס פאר א פוסטע שטאָלצע קעפ מיר האבען.

— מיר וועלען די איינוואוינער פון גלעד וויזען ווי אזוי מיר ציטערען פאר אונזערע אייגענע שאָטענס.

גרויס אויפרעגונג האט געהערשט צווישען די פאַרשטעהער פון די שטעט פון דעם שבט אפרים, און אין עטליכע טעג ארום האבען זיי צוזאמענגעקליבען א גרויס ארמעע און בטשלאָסען ארויסצוגעהן מלחמה האלטען מיט יפתח'ן.

ניט אלע האבען איינגעשטימט אז מען זאל ארויסגעהען אויף מלחמה אויף אלע איינוואָהנער פון גלעד.

— נאָך אלעמען האבען זיי דאָך ניט געזינדיגט געגען אונז בלויז יפתח האט אונז בעליידיגט און מיט איהם דארפען מיר זיך אפרעכענען — האבען אייניגע אויסגעדריקט זייער מיינונג.

— יע, יפתח אליין דארף בעשטראָפט ווערען — האט שמיר געזאגט — אבער מיר דארפען ניט פערגעסען אז יעצט איז יפתח געווארען דער ליעבלינג פון פאָלק און זיי וועלען איהם זיכער ניט וועלען איבערגעבען אין אונזערע הענט — האט שמיר געזאגט.

— אויסער דעם האט יפתח א גרויסע ארמעע און וועט זיכער ארויסגעהען מלחמה האלטען מיט דעם שבט אפרים!
— האט פורה צוגעגעבען.

מיר וועלען שיקען אייניגע העלדען פון אונז און מיר וועלען פערלאנגען פון די מענשען פון גלעד זיי זאלען צווינגען יפתח'ן זיך צו ענטשולדיגען פאר אונז, און אויב ער וועט עס ניט וועלען טאָהן זאלען זיי איהם איבערגעבען אין אונזערע הענט און מיר וועלען איהם באשטראָפען—האָט א פאַרשטעהער זיך אפגערופען.

— איך צווייפעל אויב די איינוואוינער פון גלעד וועלען אונזער פאָדערונג נאָכגעבען.

— דאן וועלען מיר ארויס מלחמה האלטען מיט זיי. יע, מיר וועלען אונזער שווערד ניט צוריקלעגען אין דעם שייד ביז וואנען זיי וועלען טאָהן אלעס וואס מיר פערלאנגען. זיי מיינען אז ווען זיי האט זיך איינגעגעבען און זיי האבען געוואונען די מלחמה מיט עמון, וועלען מיר זיך בויגען פאר זיי. ניין! מיר וועלען זיי נאָך צייגען אז דער שבט אפרים איז דער שטארקסטער שבט פון אלע שבטים.

א גרויסע ארמעע האט דער שבט פון אפרים צונויפגעזאמעלט אונטער דער פיהרערשאפט פון שמיר, און זיי זיינען אריבערגעגאנגען דעם ירדן און געלאָגערט ניט ווייט פון מצפה.

פריהער האָבען זיי געשיקט צעהן פון זייערע שלוחים צו יפתח'ן וועלכע האָבען פון איהם פערלאנגט ער זאל זיך ענטשולדיגען פאר זיי.

— וואס האט איהר זיך צוזאמענגעקליבען מלחמה האלטען מיט מיר! — האט יפתח זיי געפרעגט — וואס האב איך געגען אייך געזינדיגט.

— דו האסט גענוג געזינדיגט געגען אונז! — האבען זיי איהם געענטפערט — און דו וועסט מוזען קומען צו אונז און זיך עפענטליך ענטשולדיגען.

— ענטשולדיגען פארוואס ?—האט יפתח מיט צאָרן אויסגערופען — איך האב מיין פליכט געטאָהן און געגען אייך ניט געזינדיגט.

— פארוואס האסטו אונז ניט איינגעלאדען, ווען דו ביזט געגאנגען מלחמה האלטען מיט עמון ? יע, דו האסט דאמיט אליין חוזק געמאכט פון אונז און מיר ווען דעריבער פערברענען דיין הויז אלס א שטראָף.

— וואס ? — האט יפתח אויסגערופען — איך האב געבעטען שמיר'ן ער זאל אייך איבערגעבען אין מיין נאָמען איהר זאָלט מיר קובען צו הילף, אָבער איהר זייט ניט געקומען, דאן האב איך מיין לעבען אין געפאהר געשטעלט און געגאנגען אליין מיט מיינע העלדען צום שלאכט, און גאָט האט מיר דעם שונא איבערגעגעבען אין מיינע הענט, און יעצט וואס פערלאנגט איהר, פארוואס זייט איהר געקומען צו מיר ?

— דו ביזט א ליגנער ! ניט נאָר האסטו אונז ניט איינגעלאדען, נאָר דו האסט נאָך אונז בעליידיגט — האט איינער פון די שלוחים אויסגערופען — אויב דיין פאָלק וועט דיר ניט איבערגעבען אין אונזערע הענט, וועלען מיר זיך מיט אלע איינוואָהנער פון גלעד אפרעכענען.

— אויב איהר ווילט מלחמה האלטען מיט אייערע אייגענע ברידער, בין איך געגרייט. גאָט וויים ווער עס איז דער גערעכטער און ווער ניט.

די צעהן שלוחים האבען געבראכט יפתח'ס תשובה צו די מענשען פון אפרים.

— מיר וועלען איהם ציינען אונזער מאכט ! — האט שמיר אויסגערופען— מיר וועלען זיי אלעמען פערניכטען, און זאלען זיי וויסען ווי צו בעליידיגען אונזער שבט.

שמיר האט געמאכט פורה'ן פאר זיין טרעגער פון די געווער און האט גלייך בעפוילען זיין ארמעע צו מארשירען אויף מצפה.

— מיר מוזען איינמאָל פאר אלע מאָל ציינען אלע שבטים אז אונזער שבט איז דער גרעסטער און מעכטיגסטער פון אלע איבעריגע שבטים. פון אונזער שבט האט געשטאמט יהושע און דבורה די נביאה. קומט ברידער, לאָמיר קעמפען פאר אונזער כבוד !

יפתח איז שנעל ארוים אין שטאָדט און האט געבלאָזען מיט'ן שופר. באלד האבען זיך גענומען פערזאמלען נאָך איהם זיין גאנצע ארמעע, וואס האבען זיך נאָך אויפגעהאלטען אין מצפה.

יפתח האט פאר זיי דערצעהלט וועגען דער אומגערעכטיגקייט פון דעם שבט אפרים און ער האט זיי געפרעגט אויב זיי זיינען וויליג צו געהן א צווייטען מאָל אין קאמפף :

— מיר וועלען טהאן אלעס וואס דו וועסט אונז הייסען,—האבען זיי איהם געענטפערט.

---

מיט א פערביטערט הארץ איז יפתח ארוים אויף מלחמה געגען זיינע אייגענע ברידער. זיין טרויער איז נאָך גרוים געווען וועגען זיין טאָכטער, וואס זי וועט באלד אויף אייביג דארפען זיין אָפּגעזונדערט פון איהם און פון אלעמען, דעריבער איז זיין צאָרן אויף דעם שבט אפרים געווען יעצט נאָך גרעסער. האט ער דען נאָך ניט גענוג צרות ?... פארוואס זאָלען זיי, די מענשען פון אפרים, איהם צוגעבען שמערצען ?...

איידער יפתח איז ארוים מלחמה האלטען מיט אפרים, האט ער בעשטעלט בויער וועלכע זאלען אויפבויען דאס הויז פאר זיין טאָכטער אויף דעם בארג הינטער דער שטאָדט, כדי צו ווייזען גאָט אז ער וועט זיין נדר מקים זיין, און ער זאל איהם אויך קומען צו הילף אין דיזער מלחמה...

ווען ער איז ארוים פון מצפה, האט ער זיך שוין דערוואוסט, אז די מענשען פון אפרים דערנעהענטערען זיך צו איהם.

מיט גרוים פערביטערונג האט זיך דער העלדישער יפתח ארייגעווארפען אין מלחמה... פון ווייטען האט ער בע-

מערקט, אז שמיר איז דער פיהרער פון אפרים'ס מחנות. עס איז איהם אלעס קלאָהר געווארען. ער האט פערשטאנען אז שמיר האט אויף איהם א בלבול געמאכט און אויפגערייצט זיין שבט געגען איהם.

ער האט געגעבען א בעפעהל צו זיינע העלדען, אז זיי זאלען זיך צילעווען אויף שמיר'ן און זעהן איהם צו ברענגען א לעבעדיגען צו איהם.

דער שלאכט האט זיך אָנגעפאנגען. יפתח און זיינע גיבורים האבען צושלאָגען די מחנה פון אפרים. שמיר אליין איז שטערבליך פערוואונדעט געווארען, און איז גענומען געווארען געפאנגען און געבראכט געווארען פאר יפתח'ן.

— דו ביזט שולדיג אין דעם פערגאָסענעם בלוט פון דיינע ברידער!—האט יפתח אויסגערופען, פארוואס האסטו פעראורזאכט דיזע מלחמה פון ברידער געגען ברידער.

— איך... בין... שולדיג... אָבער פורה איז מעהר שולדיג פון מיר! — האט שמיר קוים ארויסגערעדט—פורה האט מיר אָנגערעדט אלעס צו טהאָן... ער האט מיר געראטהען איך זאל דיין טאָכטער קומען אָנזאָגען צום ערשטען, און ער האט מיר אויך געראטהען צו מאכען דעם בלבול אויף דיר פאר מיינע ברידער... אָה! זאָל מיר גאָט מוחל זיין.

שמיר איז אומגעפאלען... ווען יפתח איז צו איהם צוגעקומען איז ער שוין געווען טויט.

— אָט האבען מיר געבראכט אויך פורה'ן—האבען אייניגע פון יפתח'ס מענשען איהם געבראכט פאר איהם.

— דו פערדאָרבענער מענש, וואס האב איך דיר געטהאן, וואס דו האסט מיר אזוי פיעל צרות פעראורזאכט!—האט יפתח זיך צו איהם אָפּגערופען מיט כעס...

— איך בין צופריעדען, אז איך האב מיין נקמה געהאט אויף דער משפחה פון גלעד!—האט פורה א טשירע געטהאן מיט זיינע צייהן,—דיין אייגענע טאָכטער וועסטו מיט דיינע הענט טויד־טען.

— ניט מיין טאָכטער נאָר דיר וועל איך טויטען!—האט יפתח איהם דורכגעלעכערט מיט זיין שווערד.

— די מענשען פון אפרים גיעבען נאָך ניט צו, אז זיי זיינען בעזיעגט—האט מען געזאגט יפתח'ן. זיי בעפעסטיגען זיך ניט ווייט פון ירדן און ווילען ווייטער מאכען אן איבערפאל איבער אונז.

יפתח האט זיך מיט זיין ארמעע ווידער א לאז געטהאן אויף די מחנות פון אפרים און זיי צושלאָגען, ביז וואנען די מענשען פון אפרים האבען זיך גענומען צולויפען.

— זאל מען בעוואכען דעם אריבערגאנג פון ירדן—האט יפתח בעפוילען.—איך וועל זיי וויזען די מאכט פון מיינע הענט. קיינער וועט פון מיר ניט ענטלויפען, איינמאָל פאר אלע מאל וועל איך ברעכען זייער פוסטע שטאָלצקייט.

יפתח'ס העלדען האבען בעוואכט דעם אריבערגאנג. די מחנות פון אפרים האבען באלד צוריקגעטראָטען און זיי זיינען זיך צולאָפען. פיעלע פון זיי זיינען צוגעקומען צום ירדן און פערלאנגט פון די מענשען פון גלעד, וועלכע האבען געהיט דעם אריבערגאנג פון ירדן, מען זאל זיי לאָזען אריבערגעהן דעם ירדן.

— ביזטו אן אפרתי?—האבען זיי איהם געפרעגט.

— ניין!—האט יענער געענטפערט—איך בין פון אן אנדער שבט.

— אויב אזוי זאג דעם ווארט "שבלת".

— "סבלת!"—האט יענער געענטפערט.

דאָ האבען די שומרים גלייך געזעהן, אז יענער נארט זיי אָפּ, ווייל די מענשען פון דעם שבט אפרים פלעגען ניט קענען אויסשפרעכען קיין "שין" און אנשטאט "שין" פלעגען זיי שטענדיג זאגען "סין".

דאן האָבען איהם די שומרים ניט געלאזט אריבערגעהן דעם ירדן. און ווען

ווען יענער האָט זיך איינגעשפּארט האָ־בען זיי איהם געטויטעט. אזוי האָט יפתח געבראָכען דעם שטאָלץ פון דעם שבט אפרים, טויטענדיג זעהר פיעל פון זיי.

---

ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט קיין מצפּה, איז שוין דאָס הויז פאר זיין טאָכטער געווען פארטיג.

מיט פולע אויגען טרעהרען האָבען יפתח און נעמה באטראכט דאָס הויז.

— דאָ אין דיזען הויז, וועט שאיליה דארפען פארברענגען איהר גאנצען לע־בען—האָט נעמה זיך קוים באהערשט אויסצוברעכען אין א געוויין.

—מיר דארפען אָבער זיין דאנקבאר, וואָס זי וועט בלייבען לעבען. זי וועט געהערען צו גאָט... ער וועט אויף איהר אכטונג געבען. און מיר וועלען גאנץ אָפט איהר קענען זעהען פון ווייטען.

— מיר וועלען דאָך איהר דארפען ברענגען שפּייז און וואסער, וועל איך דאָך איהר אמווייניגסטען קענען זעהן איינמאָל א וואָך...—האָט נעמה זיך אָפּגערופען :

— איך ווייס נאָך ניט אויב איינער פון אונז וועט זיין ערלויבט צו ברענגען די שפּייז. די חכמים וועלען ווארשיי־ליך וועלען, אז דאָס זאָל געטהאָן ווע־רען דורך פרעמדע, כדי שאיליה'ס אָפּ־געזונדערטקייט זאָל זיין פאָלקאָם.

— פאָטער !—האָט שאיליה זיך אָפּ־גערופען—איידער איך וועל אין דיזען הויז אריינגנטרעטען, פערלאנג איך דו זאָלסט מיר אָפּלאָזען צוויי מאָנאטען, און איך וועל געהן מיט מיינע פריינ־דינעס אויף די בערג זיך געזעגענען מיט אלע און צו בעווייגען מיין יוגענד.

— געה, מיין טאָכטער! — האָט יפתח איהר געקושט. — גאָט וועט דיר ערלויבען די צוויי מאָנאטען.

יעדען טאָג פאר צוויי מאָנאטען, פלעגט שאיליה מיט איהרע חבר'טער קלעטערען אויף די בערג... מיט איהרע טרעהרען פלעגט זי בענעצען די בלו־מען, וואָס איהרע חבר'טעס פלעגען פאר איהר אָנרייסן און איהר איבער־געבען. אור ווען דער אווענט פלעגט צופאלען האָט דער יאָמערליכער גע־וויין פון שאיליה'ן און איהרע בעגליי־טערינס אָפּגעהילכט אין די שטילקייט פון ארום.

---

יעדען יאָהר פלעגען די טעכטער פון ישראל אוועקגעהן צו דעם בארג וואו שאיליה איז געווען אָפּגעזונדרט און דאָרטען וויינען און יאָמערען אויף די יונגע צארטע בלום, וואָס דארף אזוי פערוועלקט ווערען איינע אליין ביז די לעצטע טעג פון איהר לעבען.